דר. יצחק פאָלישוק

# די אנטוויקלונג פונם אייראפייאישן דענקען און דער אידישער בייטראג

•

ערשטער באַנד

•

אַרויסגעגעבן פונם שיקאַגער שטאָט קאָמיטעט פון
אידיש־נאַציאָנאלן אַרבעטער פאַרבאַנד

•

פאַרלאַג ל. מ. שטיין שיקאַגע

איך דריק אויס מיין האַרציקע אַנער־
קענונג דעם שיקאַגער שטאַט קאָמיטעט
פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד
און ספּעציעל מיין חבר און פריינט, די־
רעקטאָר פון פאַרבאַנד, דר. בערל פרימער
פאַר דער איניציאַטיווע צו ארויסגעבן מיין
ארבעט ווי אויך מיין הארציקן דאַנק דעם
פאָרזיצער פון שטאַט קאָמיטעט רפאל
וועקסלער, ל. מ. שטיין, יהודה גערטלער,
יחיאל ראיטער (מיין איידעם), דר. ה. גאמ־
בערג, משה יוסעם, ש. וויטץ, י. שטראָוס,
די ברידער מאיר און חיים סאבאלאוו, און
פ. פייערסטאָן.

**יצחק פאַלישוק.**

# אנערקענונג

איך וויל אויסדריקן אנערקענונג צו מיין פריינט דעם העברעאישן פּאָעט און עסייאיסט, פּראָפעסאָר פון העברעאיש און העברעאישער ליטעראטור אין דר. וויזעס „דזשואיש אינסטיטוט אָוו רעלידזשן", **ש מ ע ו ן  ה אַ ל ק י ן**, פאַרן אינטערעס וואָס ער האָט ארויסגעוויזן צו מיין ארבעט. ער האָט געלייענט העכער האַלב פון ווערק אין מאַנוסקריפּט: דעם אידישן טייל, דער קריסטנטום, די מיטלאַלטער (די אידיש־אַראַבישע עפּאָכע און דער סכאלאסטיציזם), דער רענעסאַנס און דאָס קאַפּיטל וועגן שפּינאָזען.

נאָך יעדן קאַפּיטל, וואָס ער האָט געלייענט, האָבן מיר עס דיסקוטירט און א סך אויסבעסערונגען זיינען פון מיר געמאכט געוואָרן א דאנק די דיסקוסיעס.

דאָס קאַפּיטל וועגן דער תּלמודישער עפּאָכע האָב איך צו־געגעבן ניט געגרן לויט זיין דרינגענדער עצה. כ׳האָב איינגע־שטימט מיט אים אז דאָס קאַפּיטל איז וויכטיק אום צו אָנווייזן, אז אויך אין יענער עפּאָכע איז דער אידישער דענקען געווען דער זעלבער ווי פריער. די פאָרמע איז נאָר געענדערט גע־וואָרן. מיין אומוויליקייט האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס אין דעם קאַפּיטל האָב איך געדארפט נוצן געבאָרגטע וואפן.

פארשטייט זיך, אַז פאַר די געדאנקען און מיינונגען בין איך אליין פאראנטוואָרטלעך.

איך וויל אויך אויסדריקן אַ דאַנק צו מיין פריינט, דעם שריפטשטעלער נ. קראַוויץ פאַר העלפן לייענען די קאָרעקטורן.

**יצחק פאלישוק**

# אינהאַלט

## ערשטער באַנד ערשטער טייל.



## ערשטער באַנד צווייטער טייל

# די אַנטוויקלונג פונם אידנטום ווי אַ שטייגער לעבן

# אריינפיר

דער נאָמען פון דער אַרבעט „די אַנט־וויקלונג פונם אייראָפּייִשן דענקען און דער אידישער בייטראַג" צייגט אָן, אַז דער אינהאַלט איז אַ קולטור געשיכטלעכער, און דער אָנהויב באַשטייט טאַקע אין קולטור געשיכטע. ווייטער אָבער ווערט דער אינהאַלט באַשריינקט אויף דער אינטעלעקטועלער עוואָלוציע פון אייראָפּע. אין די גרענעצן ווערט די אַרבעט באַשריינקט, און דאָס מיינט, אַז זי באַשטייט ניט פון קיין קול־טור געשיכטע און ניט פון קיין געשיכטע אינם אָנגענומענעם זין פון וואָרט. זי באַשטייט פון אַן אָפּהאַנדלונג וועגן אַ טייל פון דער אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג פונם אייראָפּייִשן דענקען און די ראָלע וואָס די אידן האָבן גע־שפּילט אינעם דענקען.

דער הויפּט אינטערעס פון דער אַרבעט איז אַ פילאָזאָפישער אין ברייטן זין פון וואָרט און טיילווייז אויך אַ וויסנשאַפטלעכער. ווען ס'ווערן אין איר פון צייט צו צייט בארירט אַנדערע פאַזן פון קולטור, ווערט עס נאָר געטאָן אויף אַזויפיל ווי ס'איז נויטיק אין דער באַשטימטער פאַרבינדונג און ניט ווי אַן ענין פאַר זיך.

דער אויסגאַנגס פּונקט איז אַ סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער, די געזעל־שאַפטלעכע שטרעמונג פון אַ פּעריאָד, אָדער די סאָציאַלע טענדענץ פון אַ פאָלק, ווערט אָנגענומען פאַרן פונדאַמענט אין דער אַרבעט. געוויס קען מען ניט דענקען, אַז געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען קומען פון זיך אַליין און אַז סאָציאַלע טענדענצן פאַלן אַראָפּ פון הימל. זיי זיינען אַ רעזולטאַט פון פאַר־שיידענע באַדינגונגען. געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען אָבער, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער לעצטער צייט, האָבן ממש געצוואונגען געזעלשאַפטלעכע פאָרשער צו צוגעבן, אַז זיי האָבן ניט געקענט פאָראויסזעזן און פאָראויסגע־זאָגט ווערן און דאָס האָט אפילו געפירט צום געדאַנק, אַז צווישן די סאָציאַ־לע כוחות, וואָס רופן ארויס געזעלשאַפטלעכע ענדערונגען, געפינט זיך שטענ־דיק אַן אומבאַקאַנטער פאַקטאָר און ער איז אָפט דער באַשטימער פון דער באַטרעפענדער געזעלשאַפטלעכער ענדערונג.

געוויס האָלט דאָס ניט אָפּ קיין קולטור היסטאָרישע פאָרשער פון צו אָננעמען אַ באַשטימטן אויסגאַנגס פּונקט, ווי אַ געאָגראַפישן, אַן עקאָ־נאָמישן, אַ מאַגיש־רעליגיעזן און אַז. וו. און אין זייערע גרענעצן זיינען זיי גערעכט. עס איז אָבער באַקוועמער און מעגלעך, אַז ס'איז אויך ריכטיקער, אַז ווען מען באַטראַכט עוואָלוציע אין אַלגעמיין און דערהויפּט ווען מען באַ־שעפטיגט זיך מיט אינטעלעקטועלער עוואָלוציע, זאָל מען אָננעמען דעם ריין עמערגענטן שטאַנדפּונקט און נעמען דעם סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישן פאַקט

גופא פארן אויסגאַנגס פּונקט. פאַרשטייט זיך, אַז מען דאַרף זיך ניט אָפּנאַרן און גלויבן, אַז ווען מען זאָגט עמערגענטע עוואָלוציע דערקלערט מען דער־מיט דעם באַשטימטן פּראָצעס. געוויס ניט. עמערגענטע עוואָלוציע באַשטייט ניט פון קיין דערקלערונג פון אַ פּראָצעס, נאָר זי באַשטייט פון אַ באַהויפּטונג, אַז ס'איז שווער, אויב ניט אוממעגלעך, צו דערקלערן דעם באַטרעפנדן עוואָ־לוציע פּראָצעס מיט דעם וויסן וואָס מען באַזיצט.

ווען מען נעמט אָן אַזאַ פרייעם אויסגאַנגס פּונקט אין אַן אַרבעט אין וועלכער מען באַטראַכט פאַרשיידענע מאָמענטן פונם היסטאָרישן פּראָצעס פון פעלקער, קען מען ניט זיין אינגאַנצן אויסגעהאַלטן. מען קען ניט באַטראַכטן די אַנטוויקלונג פונם אידישן דענקען פונם זעלבן קוק־ווינקל, פון וועלכן מען באַטראַכט די אַנטוויקלונג פונם גריכישן דענקען און געוויס קען מען ניט באַטראַכטן פונם זעלבן שטאַנדפּונקט דעם אויפקום פונם קריסטנטום מיט זיין געענדערטער וועלט. ווען ער איז פאַקטיש באַשטאַנען פון אַן אַנטי־סאָ־ציאַלער דערשיינונג, וואָס האָט געקוקט אויף דער וועלט פון שטאַנדפּונקט פון יענער וועלט.

פונדעסטוועגן איז אין אַלגעמיין די אַרבעט אַן אייַנהייטלעכע; איר אייַנהייטלעכקייט באַשטייט ערשטנס אינם רעאַליסטישן בליק אויף דער וועלט: פּאַסירונגען ווערן גענומען לויט ווי זיי זייַנען פאַרגעקומען, די באַלויכטונג איז אָבער אַ רעאַליסטישע. צווייטנס ווערט די אייַנהייטלעכקייט אויסגע־דריקט דורך דעם באַגריף פון פּראָגרעס, צו זיין מער פּינקטלעך: דורך דעם עוואָלוציע באַגריף אינם אינטעלעקטועלן לעבן, וואָס איז ענלעך אויפן עוואָ־לוציע פּראָצעס אין דער אָרגאַנישער וועלט. אמת, דער פּראָצעס איז ניט קיין דירעקט פּאָראויס־גייענדער, ניט קיין גלייך פליסנדער. ער האָט סטאַג־נאַציע פּונקטן און אפילו רעטראָגרעסיווע מאָמענטן ווען אַ רעאַקציע טרעט אריין און די מענטשהייט ווערט צוריק אַראָפּגעשליידערט עטלעכע שטאַפּלען פונם לייטער. אין אַלגעמיין אָבער גייט דער פּראָצעס אין דער ריכטונג פון קולטורעלער עוואָלוציע. דריטענס ווערט די אייַנהייטלעכקייט אויסגעדריקט דורך דעם געדאַנק, אַז דער מאָדערנער דענקען איז אַ רעזולטאַט פון דער באַגעגעניש פון די גריכן מיט די אידן. די גריכן האָבן דער וועלט געגעבן ראַציאָנאַלן דענקען אין דער פאָרמע פון פילאָזאָפיע, ליטעראַטור און קונסט און די אידן האָבן איר געגעבן דעם עטישן מאָנאָטעאיזם מיטן אוניווערסאַלן יושר באַגריף און גייסטיקן אינהאַלט אין לעבן.

אין דער אַרבעט ווערט אַרויסגעבראַכט ווי דער גריכישער אינטע־לעקטואַליזם און דער אידישער עטישער מאָנאָטעאיזם, האָבן זיך אַנטוויקלט און ווי דער אידישער שטייגער לעבן איז פאָרמירט געוואָרן. עס ווערט ביידן, די גריכן און די אידן, אָפּגעגעבן אַסך פּלאַץ און כאָטש די אָפּהאַנדלונגען קענען גענומען ווערן פאַר זיך ווי זעלבסטשטענדיקע אָפּשאַצונגען, זייַנען זיי טיילן פון דער אַלגעמיינער אַרבעט, פאַר וועלכער זיי פאָרמירן בלויז דעם הינטערגרונט.

דער סינטעז פונם גריכישן און דעם אידישן דענקען פאָרמירט דעם פונדאַמענט פון אייראָפּייעשן דענקען ביזן הייַנטיקן טאָג און טאַקע ווי אַ פונדאַמענט פון אַ געביידע איז ער באַהאַלטן פון אויג. די הויפּט סיבה פאַר־וואָס מען באַמערקט ניט דעם סינטעז איז, וואָס אויך איצט ווערן דער גרי־

כישער בייטראָג און דער אידישער בייטראָג באטראכט באזונדער. דער גריכישער בייטראָג צום דענקען ווערט באטראכט אין פילאָזאָפיע, ליטעראַטור און אין קונסט און דער אידישער בייטראָג ווערט באטראכט אין טעאָלאָגיע און אין עטיק. דער סינטעז איז אָבער וויכטיקער פון די באזונדערע בייטראָגן, הגם אויך זיי קענען ניט אוועקגעמאכט ווערן מיט דער האַנט.

ס'ווערט אָנגענומען, אז דער קריסטנטום, מיט זיין געענדערטער וועלט, איז א רעזולטאט פון דער באגעגעניש פון די אידן מיט די גריכן. גענומען אין ברייטן און אין אלגעמיין היסטאָרישן זין, איז דאָס ריכטיק: — ווערט דאָך פילאָן, דער ערשטער סינטעזירער פוןביידע געדאנקען, פארערעכנט פאַרן ערשטן טעאָלאָג פונם קריסטנטום; פונדעסטוועגן זיינען גערעכט די היסטאָריקער, צעלער, עבערוועג און אז. וו., וועלכע באהויפּטן, אז די ענדערונג אין יענער צייט איז מער געווען א רעזולטאט פון די מיסטישע רעליגיעס פון נאָענטן מזרח, ווי פון דער גריכישער און אידישער ווירקונג. צו די ווירקונגען דארף מען נאָך צוגעבן די ווירקונג פון רוים, ווי זי איז אַריינגעפירט געוואָרן אין קריסטנטום דורך אויגוסטינען.

דער קריסטנטום, מיט זיינע פארשיידענע מעטאמאָרפאָזעס און מיט זיינע צופאסונגס פייעקייטן, איז אויסער די גרענעצן פון דער ארבעט. אין דער ארבעט איז ער נאָר באטראכט געוואָרן אויף אזויפיל, ווי ער האָט געווירקט אין די פאַרשיידענע פעריאָדן, וואָס ווערן אין איר באטראכט און ניט מער. פון דעם שטאנדפונקט ווערט באטראכט זיין אנטי־סאָציאלער כאַראקטער אין דער ערשטער פאזע פון זיין אנטוויקלונג. אז ער איז געקומען ווי אן אנטי־סאָציאלע דערשיינונג, זיינען ניט נויטיק קיין ספעציעלע באווייזן. זיינע גייסטיקע פירער, ווי טערטוליאַן, אַמבראָז און אויגוסטין, מיט זייער קעגנערשער שטעלונג צו דער וועלט און צו וועלטלעכע אינטערעסן און זייער באטראכטן דאָס לעבן פון שטאנדפונקט פון יענער וועלט, איז דער וויכטיקסטער באוויז. דאָס באַטראַכטן די וועלט "פון גאָטס שטאַנדפּונקט" האָט באשטימט דעם כאראַקטער פונם קריסטנטום און דערפאר איז ניט שייך צו זוכן אין דעם פעריאָד פון קריסטנטום א גריכישע, אָדער אידישע ווירקונג: — זיי זיינען באשטאַנען פון א שטייגער פון לעבן אויף דער וועלט און דער קריסטנטום האָט זיך אנטוויקלט אויפן שטאנדפונקט פון „יענער וועלט."

וואָס אָנבאלאנגט דעם אידנטום איז געוויס דר. קלויזנער גערעכט ווען ער זאָגט, אז וואָלט דער קריסטנטום אין זיך ניט געווען ענטהאלטן קיין עלעמענט, מיט וועלכן דער אידנטום האָט ניט געקענט שליסן קיין שלום, וואָלט זיך פון אים ניט געוועזן אנטוויקלט אזא רעליגיע, מיט וועלכער דער אידנטום קען אויך איצט ניט שליסן קיין שלום.

דער ספעציעלער עלעמענט פונם קריסטנטום ווערט באטראַכט אינם ערשטן טייל פון צווייטן באַנד, וואו ס'ווערט אָנגעוויזן אויף די סיבות, וועלכע האָבן געפירט צום פינצטערן פעריאָד פון דער מיטלאַלטער. ערשט אין צוועלפטן און אין דרייצנטן יאָרהונדערט, אונטער דער ווירקונג פון אידישע און אראבישע דענקער, האָט די קריסטלעכע וועלט זיך אָנגעהויבן צו באַפרייען פונם קאָשמער פון יענער וועלטס שטאנדפונקט. אין דער ארבעט ווערן געבראכט קריסטלעכע היסטאָריקער, ווי איינער נאָכן צווייטן שטרייכן

אונטער, אז מער פון אלע האָבן די אידן אַרויסגעשלעפּט די קריסטלעכע וועלט פון דער פינצטערניש וואוהין די געטלעכע הערשאפט האָט אים פאר־פירט...

עס איז מערקווירדיק. — אידן האָבן געשאפן דעם אָנהויב פון קריס־טענטום און ווען דער פאגאניסטישער איינפלוס האָט אים פארשלעפּט אין די הרי חושך אריין, זיינען ווידער געקומען אידן און האָבן אים געהאָלפן ארויסשלעפן פון דער פינצטערניש. דער רמב"ם האָט מאָדיפיצירט אריס־טאָטלען פארן קריסטנטום און די טעאָלאָגיע פונם קריסטנטום באשטייט פון א גריכיש אידישן סינטעז מיט א צוגוב פון אָריענטאלן מיסטיציזם.

דער רמב"ם און דער „הייליקער" אקווינוס, רעפּרעזענטירן די מיטל־אַלטער און אין דער ליכט ווערן זיי באַטראַכט. דורך זייער דענקען ווערט אַרויסגעבראַכט דער דענקען פון דער מיטלאַלטער. זיי ענטהאַלטן די ירושה, וואָס די מיטלאַלטער האָט איבערגעלאָזט פאַר דער וועלט.

אויף וויפיל דער דענקען פון דעם מיטלאַלטער איז ניט פאַרשטענד־לעך, אויף אזויפיל איז דער רענעסאנס פארשטענדלעך און נאטירלעך. ער איז געווען א רעזולטאט פון די באדינגונגען פון דער וועלט אין יענער צייט. ער איז יעדנפאלס געווען נאטירלעך אין זיין אנטוויקלונג, אויב מען קען ניט זיין צופיל זיכער וועגן די סיבות, וואָס האָבן אים ארויסגערופן.

די געבורט־ווייען פון יענער צייט, וואָס האָבן געבראַכט אויף דער וועלט די מאָדערנע פילאָזאָפיע און וויסנשאפט, זיינען געווען נאַטירלעכע; ס'איז פאַרגעקומען א געראנגל צווישן צוויי וועלטן, וואָס האָבן ניט פאר־שטאנען איינע די אנדערע. — ברונאָ און גאליליי האָבן גערעדט אין א פילאָזאָפישער און וויסנשאפטלעכער שפראך, וואָס האָט באַלאַנגט צו דער צוקונפט און דער פּאפּסט מיט די קארדינאַלן האָבן גערעדט אין דער שפראך פון דער רעליגיע לויט דער פארגאנגענער צייט. עס איז פאַרגעקומען א גע־ראַנגל צווישן אַ וועלט וואָס האָט ניט געוואָלט שטאַרבן, און אַ וועלט וואָס האָט געהאלטן אין געבורן ווערן. גאליליי האָט ניט פארשטאַנען ווי מען קען צווינגען אן אסטראָנאָם, אז ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון דעם, וואָס ער זעט מיט זיינע אויגן און די אינקוויזיציע האָט אים „באוויזן" וויאזוי מען קען עס טאָן...

גאליליי'ס רעוואָלוציע קעגן אריסטאָטלען, וועלכער איז אין יענער צייט שוין ממש קאנאָניזירט געוואָרן פונם קלויסטער, איז געווען א ראדי־קאלע. ניט נאָר האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון זיין אויטאָריטעטער מיינונג וועגן דער נאטור און אירע דערשיינונגען, נאָר ער האָט זיך אפילו אָפּגעזאָגט פון זיין אויסגאנגס־פונקט. ווען מען האָט גאליליי'ען געזאָגט, אז אריסטאָטל האָט דערקלערט פארוואָס פראַצעסן קומען פאָר אין דער נאטור, ווי מען האָט אָנגענומען, אז זיי קומען פאָר, האָט ער געענטפערט, אז אים אינטערעסירט ניט דער פאַרוואָס זיי קומען פאָר, ער וויל בלויז ווען ווי אַזוי זיי קומען פאָר. מיט דעם זיך נעמען זען ווי זיי קומען פאָר, האָט ער ניט נאָר אויסגעפונען אריסטאָטלס טעותן, נאָר מיט דער ענדערונג פונם פארוואָס שטאנדפונקט אויפן וויאזוי, האָט ער געשאפן די מאָדערנע עמפּירישע און עקספּערימענ־טאָלע וויסנשאָפט, ווייל אויף דער פראַגע ווי אַזוי פראַצעסן קומען פאָר קען מען נאָר ענטפערן מיט באָאָבאַכטן און זען וויאזוי זיי קומען פאָר. דאָס איז

געווען דער אָנהויב פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט.

וואָס גאַליליי האָט געטאָן אין דער וויסנשאַפט, האָט דעקאַרט געטאָן אין דער פילאָזאָפיע. דער רמב״ם און אקווינוס האָבן געהאַלטן אין איין צופּאַסן אריסטאָטעלן צום תנ״ך און זיי ביידע אזוי אויסטייטשן, אז זיי זאָלן שטימען צווישן זיך. ביידן האָבן זיי אָנגענומען פאַר אבסאָלוטע אויטאָריטעטן. ווען דער רמב״ם האָט געוואגט זיך שטעלן קעגן „דעם גרעסטן פון אַלע פילאָזאָפן", איז עס פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ העלדנטאַט, אויף אַזויפיל האָט די מיטלאַלטער געהאַלטן פון אויטאָריטעטן. דעקאַרט האָט אָנגעהויבן די מאָדערנע פילאָזאָפיע דערמיט, וואָס ער האָט אָנגעהויבן פונם צווייפל... ער האָט אָנגעהויבן פון דעם, אז ער קען צווייפלען אין אַלץ אין דער וועלט, ער קען אָבער ניט צווייפלען אינם פאַקט, אז ער צווייפלט... ניט נאָר האָט זיך דעקאַרט אָפּגעזאָגט פון אָננעמען אַן אויטאָריטעטע מיינונג, נאָר אפילו אין זיין אייגענעם דענקען האָט ער געזוכט אַ שטיץ־פּונקט אין וועלכן ער זאָל ניט קענען צווייפלען. אין דעם איז באַשטאַנען די רעוואָלוציע פון דער נייער צייט קעגן דער אויטאָריטעט פון דער פאַרגאַנגענהייט. דאָס איז געווען אַ גאַנץ נייער אָנהויב אין דעם דענקען. — ער איז באַשטאַנען אין אָנהויבן פון צווייפל, וואָס ס'מיינט מיט פאָרשן.

דעקאַרט איז דער אנערקענטער פאָטער פון דער מאָדערנער פילאָזאָפיע און שפּינאָזע איז דער אנערקענטער דענקער פונם זיבעצנטן יאָרהונדערט. ער האָט גערעדט אין דער שפּראַך פון דער פאַרגאַנגענהייט און האָט ארויסגעזאָגט געדאַנקען פאַר דער צוקונפט, דערפאַר האָט אַזוי לאַנג גענומען ביז מען האָט אים פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט. זיין פּאַנטעאיזם איז ניט קיין אידישער, זיין עטישער מאָטיוו, ווערט אַלגעמיין אָנגענומען, איז אַ אידישער. געוויס איז עס ניט קיין צופאַל, וואָס ער רופט אָן זיין הויפּט־ווערק עטיק. — ער האָט דערפילט, אז די מאָדערנע וויסנשאַפט און די פילאָזאָפיע בעמען צו די חשיבות פונם מענטשן און שניידן אונטער דעם פונדאַמענט אונטער איר, האָט ער זיך גענומען צו אונטערשטעלן אַ נייעם פונדאַמענט אונטער איר. דאָס, איז מען בכל הדעות באַרעכטיקט צו זאָגן, איז דאָס ריין אידישע אין שפּינאָזען.

לייבניץ איז געווען אַ גענ‍יאַלער דענקער. ער האָט ארויסגעזאָגט אַזוינע טיפע און בליצנדע געדאַנקען, אז זייער ווידערקול קלינגט נאָך אָפּ אין דער מאָדערנער צייט. אויך איצט באַגעגנט מען זיך מיט דענקער, וואָס האַלטן פון זיין מאָנאַדן לערע. מען האַלט אָבער נאָר פון זיינע איינצל־געדאַנקען, זיין סיסטעם, אויף וויפיל ער האָט געהאַט אַ סיסטעם, גיבן אפילו זיינע פאַרערער צו, איז טויט. דער אַלגעמיינער געשריי איז צוריק צו שפּינאָזען, אָבער ניט צוריק צו לייבניצן. פאַרקערט, מען האַלט לייבניצן פאַרן שאַפער פון דייטשישן אידיאַליזם, וואָס האָט געפירט צום צוזאַמענבראָך פון דעם אינטעלעקטואַליסטישן דענקען אין אַלגעמיין.

גאַליליי האָט אָנגעהויבן די מאָדערנע וויסנשאַפט אויפן קאָנטינענט. די קאַטוילישע לענדער זיינען אָבער ניט געווען קיין בעקוועמע היים פאַר איר. האָט זי זיך אַריבערגעקליבן קיין ענגלאַנד, וואו זי האָט געקראָגן אַזאַ וואַרעמע אַטמאָספּערע, אז זי האָט זיך אַזוי צעבליט, אז אירע רעזולטאַטן האָבן איבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען: — ווהייטהעד זאָגט, אז אינם

פופצנטן יאָרהונדערט האָט די וועלט געהאט ווייניקער וויסן ווי זי האָט געהאט אין דער צייט ווען ארכימעד איז געשטאָרבן (212 פ. קר.) און אינם זיבצנטן יאָרהונדערט איז שוין ניוטאָנס פּרינציפּיע געווען אַן אָנגעשריבענע און מען האָט זיך שוין געפונען אין מיטן פון דער מאָדערנער צייט. דאָס איז דער מהלך וואָס די וויסנשאַפט האָט דורכגעמאכט אין די צוויי הונדערט יאָר.

גלייכצייטיק מיט דער וויסנשאַפט איז אין ענגלאַנד אַנטשטאַנען די עמפּירישע פילאָזאָפיע. דאָס איז געווען אַ ריין ענגלישע און אַן אייגנ־ארטיקע פילאָזאָפיע, וואָס איז געווען פאַלשטענדיק פארשיידן פון דער פריערדיקער פילאָזאָפיע. זי איז געווען אַן עמפּירישע פילאָזאָפיע, וואָס האָט גענומען דעם פּראָצעס פון וויסן גופא פארן אויסגאַנגס־פּונקט. די סיבות פארן אונטערשייד זיינען געווען: 1) די אַנטוויקלענדע וויסנשאַפט און 2) די נאַציאָנאַלע ענגלישע שפּראַך, וואָס האָט פאַרביטן לעטיין, וואָס איז פריער געווען די אַלגעמיינע קולטור שפּראַך.

ווען נאציאָנאלע שפּראַכן זיינען געוואָרן די קולטור שפּראַכן פון פעלקער, האָבן נאציאָנאלע אייגנשאַפטן באַהערשט דעם דענקען פון די פאַר־שיידענע פעלקער. אין ענגלאַנד איז אַנטשטאַנען דער עמפּירישער דענקען, אין דייטשלאַנד איז אנטשטאנען דער ראָמאנטיזם און אין פראנקרייך זיינען אנטשטאנען דער מאטעריאַליזם און דער פּאָזיטיוויזם. פארשטייט זיך, אַז די שפּראַך איז ניט געווען די איינציקע סיבה פאַר די אונטערשיידן. עס זיינען אויך געווען אנדערע סיבות. די שפּראַך האָט אָבער איזאָלירט די פעלקער און האָט אַזוי ארום געווירקט, אַז נאַציאָנאַלע אייגנשאפטן זאָלן באַהערשן זייער דענקען.

עס איז פריער באמערקט געוואָרן, אַז שפּינאָזע איז געווען דער דענ־קער פונם זיבצטן יאָרהונדערט; ער האָט אָבער ניט געהאט קיין ווירקונג אויפן דענקען פאַר אַ לאַנגער צייט. דער דענקער, וואָס האָט געהאט די גרעסטע ווירקונג אין דער מאָדערנער צייט איז געווען עמאנועל קאַנט. ער האָט זיך אונטערגענומען צו פאַראייניקן אין איין פילאָזאָפישן סיסטעם דעם ענגלישן עמפּירישן דענקען מיטן קאָנטינענטאַלן ריין אינטעלעקטועלן דענ־קען. די אונטערנעמונג איז געווען אַ ריכטיקע און דער פאַרזוך אַ גרויסאַר־טיקער. ער איז אָבער באַהערשט געווען פון אַ פאַלשן סוביעקטיוון אויסגאַנגס פּונקט, וואָס האָט אים געפירט צו אָננעמען, אַז דער פאַרשטאַנד מאָדעלירט די פאָרמען פון זאַכן און דעם אינהאַלט פון באַגריפן וועגן דער וועלט. עס מיינט, אַז מ'ווערט אינפאָרמירט פון דעם, וואָס דער פאַרשטאַנד גופא פאַר־מירט און שאַפט. זיינע דייטשישע נאָכפאָלגער, די ראָמאַנטיקער, האָבן אויפ־גענומען דעם לעצטן געדאַנק און יעדער איינער פון זיי האָט אויסגעפּאַנטאַ־זירט זיין אייגענע וועלט. פילאָזאָפיש איז די ראָמאַנטישע באַוועגונג געווען דעקאַדענטיש. זי האָט קיין ממשותדיקעס ניט געשאַפן. פאַר דער ארבעט איז זי אָבער וויכטיק דערמיט, וואָס מענדעלסאָן איז געווען איינער פון אירע פאָרלויפער, אויב ניט שאַפער, און זי ווערט באַטראַכט פאַר דער שאַפערין פונם דייטשישן עגויאיזם פון „אויבערמענטש." איר הויפט וויכטיקייט אָבער באַשטייט אין דעם, וואָס העגעל איז געווען איר גייסטיקער יורש און ער האָט דערפירט דעם פילאָזאָפישן געדאַנק צו אַ צוזאַמענבראָך.

דער באַנקראָט פון דעם ספּעקולאַטיוון געדאַנק איז באַשטאַנען אין

דעם, וואָס אין דער צייט ווען די וויסנשאַפט האָט געמאַכט איר גרעסטן פאָר־שריט, האָט העגעל באַשטימט, אַז ער נויטיקט זיך אינגאַנצן ניט אינם עמ־פּירישן וויסן, ווייל דיווירקלעכע רעאַליטעט געפינט זיך אין דער אינער־לעכקייט פון דעם באַוואוסטזיין גופא און "ווען מיר דענקען, דענקט די רע־אַליטעט אין אונדז." פון דעם האָט ער געצויגן דעם אַבסורדישן שלוס, אַז ניוטאָן און די וויסנשאַפט מיט אים, האָבן פאַרפירט די מענטשהייט. די מיי־נונג פון די דייטשישע דיאַלעקטיקער וועגן דעם עמפּירישן דענקען און וועגן דער וויסנשאַפט, איז ניט פאַרשטענדלעך. דער דייטשישער געלערנ־טער, העלמהאָלץ, האָט געזאָגט, אַז אין די אויגן פון אַ וויסנשאַפטלער איז העגעלס נאַטור לערע ריינע משוגעת...

דער פראַנצויזישער מאַטעריאַליזם פונם אכצנטן יאָרהונדערט, די אַזוי־אָנגערופענע אויפקלערונג עפּאָכע, איז באַשטאַנען מער פון אַ סאָציאַלער לערע, ווי פון פילאָזאָפיע. דער פילאָזאָפיש פּרוכטלאָזער מאַטעריאַליזם פון איין זייט און דער דעקאַדענטישער ראָמאַנטיזם פון דער צווייטער זייט, האָבן געגעבן אַ טויט קלאַפּ דער פילאָזאָפישער ספּעקולאַציע. דער פּאָזיטיוויזם און אוטיליטאַריזם זיינען באַשטאַנען פון דער מצבה, וואָס איז אַרויפגעשטעלט געוואָרן אויף איר קבר.

אין דער צייט וואָס די דייטשישע ראָמאַנטיקער האָבן דיאַלעקטעוועט אויף רעכטס און אויף לינקס, און האָבן זיך ניט גערירט פונם אָרט, האָט די וויסנשאַפט ממש אויפגעטאָן וואונדער. אירע דערגרייכונגען האָבן אי־בערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען. זי האָט געמאַכט אַ ווירקלעכע רעוואָלוציע אין דעם באַגריף וועגן דער וועלט; ספּעציעל האָט זי אריינגעפירט אַ רעוואָ־לוציע אין דער ביאָלאָגישער וויסנשאַפט דורך דעם עוואָלוציע באַגריף. דאָס האָט געפירט צו אַ נייעם אָנהויב אין דער פילאָזאָפיע.

ווען די ביאָלאָגישע וויסנשאַפט מיטן עוואָלוציע באַגריף האָבן באַ־הערשט דעם דענקען, האָט די ביאָלאָגישע אָריענטאַציע פאַרנומען דעם פּלאַץ פון דער פיזיש־מאַטעמאַטישער אָריענטאַציע, וואָס האָט געהערשט אינם דענקען ביז יענער צייט. די פיזיש־מאַטעמאַטישע וויסנשאַפט לאָזט זיך לייכט אַבסטראַאירן און לאָזט פון זיך סכעמירן סינאַפּטישע בילדער, ווי קאַנט, צום ביישפּיל, האָט געטאָן. די ביאָלאָגישע וויסענשאַפט איז אַ קאָנקרעטע, לאָזט זי זיך ניט אַזוי לייכט צו סכעמירן און אינטעלעקטואַליסטיש אַבסטראַאירן. ס'איז ניט לייכט צו פאָרמירן פון איר סינאָפּטישע מאָדעלן און זי לאָזט זיך אויך ניט דערקלערן דורך קיין אַבסטראַקטע מאַטעמאַטישע פאָרמולעס.

דאָס איז איין אונטערשייד צווישן דעם פיזיש־מאַטעמאַטישן דענ־קען און דעם ביאָלאָגישן דענקען. אַ צווייטער אונטערשייד איז וואָס דער ביאָלאָגישער פּראָצעס באַשטייט פון געבורט, וואַקסונג און ענדערונג, פון אַ שטענדיקן ווערן און פאַרגיין. — עוואָלוציע איז איר נשמה. דאָס מיינט, אַז ווען מען דענקט אין ביאָלאָגישע טערמינען, מוז מען זיך אָנהאַלטן אינם קאָנקרעטן פּראָצעס, מען קען אים ניט אַבסטראַאירן און אויסלאָזן פונם גע־דאַנק, ווי מען טוט עס דורך מאַטעמאַטישע פאָרמולעס.

דאָס, צוזאַמען מיט די ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער פיזיקאַלישער וויסנשאַפט, האָבן געפירט דערצו, אַז רעאַליזם זאָל פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון אידיאַליזם אין דער פילאָזאָפיע.

די וויכטיקסטע פילאָזאָפישע שיטות, וואָס זיינען באַזירט אויף בי־אָלאָגיע דירעקט אָדער אומדירעקט, ווערן באַטראַכט אין דער אַרבעט.

ווי פריער געזאָגט, באַשטייט די אַרבעט פון אַן אָנווייז אויף דער אַנטוויקלונג פון אַ פאַזע פון מענטשלעכן דענקען. דאָס איז געווען די הויפּט אויפגאַבע, וואָס דער מחבר האָט זיך געשטעלט. אַזוי דאַרף מען קוקן אויף דער אַרבעט, ווען מען נעמט זי אין איר גאַנצקייט לויט איר טענדענץ. אַזוי ווי אָבער יעדער טייל, אַפילו יעדער קאַפּיטל, באַשטייט פון אַ באַזונדער אָפּהאַנדלונג, קען יעדער טייל, אָדער יעדער קאַפּיטל, געלייענט ווערן באַ־זונדער ווי אַן אָפּהאַנדלונג פאַר זיך. מען קען נעמען די ערשטע עטלעכע קאַפּיטלעך ריין אַנטראָפּאָלאָגיש און קולטור געשיכטלעך פאַר זיך. מען קען לייענען דעם טייל וועגן גריכנלאַנד, אָדער וועגן די אידן, ווי באַזונדערע אָפּהאַנדלונגען פאַר זיך, אומאָפּהייניגיג פון זייער שייכות מיט די אַנדערע טיילן פון דער אַרבעט. אויף דעם זעלבן אופן קען מען לייענען די מיטל־אַלטער, דעם רענעסאַנס און די מאָדערנע צייט פאַר זיך. מען קען זיך באַ־גרענעצן מיט דער פילאָזאָפיע פון עוואָלוציע און אַפילו מיטן שלוס פאַר זיך אָן וועלכע ס'איז אַנדערע פאַרבינדונגען. יעדער איין טייל איז גאַנץ און איז אָפּגעשלאָסן פאַר זיך. יעדער איין טייל האָט זיין צענטראַלן געדאַנק, וואָס מאַכט אים זעלבסטשטענדיק פון די אַנדערע טיילן. הינטער אַלע טיילן אָבער געפינט זיך אַ צענטראַלער געדאַנק, לויט וועלכן די אַרבעט איז געשריבן געוואָרן. צי דעם מחבר איז אַלעמאָל געלונגען צו אונטערשטרייכן דעם צענטראַלן געדאַנק פון דער אַרבעט בלייבט פאַרן לייענער צו באַשטימען.

צו דעם דאַרף נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז וואָס אָנבאַלאַנגט דעם אידישן טייל האָט זיך דער מחבר געפלייסט צו אַרויסברייגנגען דעם אידישן דענקען מער ווי די פאַרבידונג האָט געפאָדערט. אויב אים איז ניט געלונגען צו זיין אַזוי אָביעקטיוו, ווי ס'וואָלט זיך אים געוואָלט זיין, קען ער זיך נאָר פאַרטיידיקן מיט דעם, אַז פאָלשטענדיק אָביעקטיוו זיינען נאָר די שטערן אין הימל . . .

מיטן אידישן בייטראָג צום דענקען פון דער וועלט געפינט מען זיך אין אַ זייער מאָדנער לאַגע: אין אַלגעמיינע אַרבעטן וועגן דער אַנט־וויקלונג פונם דענקען פאַרנעמען די גריכן אַ גאָר גרויסן פּלאַץ און די אידן דערמאָנט מען אָפט אַפילו ניט. אין טעאָלאָגישע אַרבעטן פאַרנעמען, פאַר־קערט, די אידן אַ באַשטימענדן פּלאַץ און די גריכן ווערן אָפט ניט דערמאָנט. אין דער זעלבער צייט גיבן אַלע צו, אַז דער מאָדערנער דענקען באַשטייט פון אַ סינטעז פונם גריכישן און אידישן דענקען. אָט דעם מאָדנעם פּאַראַ־דאָקס האָט דער מחבר געפרואווט אויסמיידן דורך דעם אידישן טייל, וועלכן ער באַטראַכט פאַר אַן אינטעגראַלן טייל פונם אַלגעמיינעם דענקען.

אין אַן אַרבעט פון אַזאַ ברייטן פאַרנעם אין וועלכער עס ווערן באַ־טראַכט פאַרשיידענע פאַזן פון דענקען, קען מען אַ ניט זיין אויסגעהאַלטן, אַ מען קען ניט איבעראַל אונטערשטרייכן דעם אויסגאַנגס פונקט און די פאַרשיידענע פאַקטאָרן, וואָס האָבן דירעקט, אָדער אומדירעקט, געווירקט. אויב דער קריטיש־געשטימטער לייענער וועט זיך באַגעגענען מיט געדאַנקען, וואָס ער וועט זיין זיכער, אַז זיי זיינען געבליבן הייגגען אין דער לופטן, זאָל די נאָר וואָס געמאַכטע באַמערקונג דינען פאַר אַן ענטשולדיגונג.

# קאפיטל 1

## דער אויפקום פונם מענטשן

אין ניינצן הונדערט און זיבן האָט די קולטורעלע וועלט געפייערט דעם צווייהונדערט יאָריקן געבורטס טאָג פון ק. ליניייוס דעם שוועדישן נאַטוראַליססט און סיסטעמאַטיזירער פון דער אָרגאנישער וועלט. אין אַלע אוניווערזיטעטן האָט מען געהאלטן לעקציעס וועגן זיין אויפטו פאר דער וויסענשאפט און אין וויסענשאפטלעכע און פילאָזאָפישע זשורנאלן האָט מען דערקלערט זיין באדייטונג פאר דער קולטור פון דער וועלט אין אלגעמיין. און מערקווירדיק: וואָלט ער געוועזן אויפגעשטאַנען פון קבר און וואָלט געזען וואָס פאר א כבוד די וועלט גיט אים אָפּ, איז ווען ער וואָלט זיך באקענט מיט דער אינטערפרעטאציע, וואָס מען גיט צו זיין אָרגאנישן סיסטעם, וואָלט ער זיך מיט ווייטיק און מיט פארדרוס געמוזט אָפּזאָגן פון זיין אייגענעם יום טוב: ער וואָלט ניט געקענט בלייבן מיט זיינע באגריפן און אידיאַלן אין דער זעלבער צייט איינטייל נעמען אין א פייערונג, וואָס האָט ניט געהאט קיין פלאַץ פאַר זיינע באגריפן און אידיאַלן.

ווי קאפערניקוס, קעפלער און אסך אנדערע גאונים, האָט ער ניט געהאט דעם קלענסטן באגריף פון די אימפליקאציעס, וואָס זיינען געווען איינגעשלאָסן אין זיין לעבנס ארבעט. ווען ער האָט געשאפן זיין סיסטעם פון דער אָרגאנישער וועלט און האָט אָנגעוויזן אויף דער אָרדענונג, וואָס עס געפינט זיך אין איר, האָט ער אָנגעוויזן אויף גאָטס וואונדער. דאָס איז געווען זיין אויסגאַנגס פונקט. אמת, ער האָט אין זיין אָרגאנישן סיסטעם געהאט א פרימאט בוים, וואָס האָט צוזאַמען מיטן מענטשן אין זיך איינגעשלאָסן מאלפעס און אפילו קליינע חיהלעך, וואָס זיינען ענלעך אויף ראצן (לעמורס), ווייל זיי אלע זיינען ענלעך צווישן זיך לויט זייערע פונדאמענטאלע אברים. ער האָט אָבער אויסדריקלעך געזאָגט, אַז זיי האָבן אזוי עקזיסטירט משֵשת ימי בראשית ווי גאָט האָט זיי באַשאַפן און גאָט האָט אַלץ באַשאַפן צוליב דעם מענטשן, וואָס איז די קרוין פון זיין באשאף...

אין דעם האָט ער געגלויבט באמונה שלמה. און איצט קומען וויסנשאפטלער, וואָס נעמען אָן זיין סיסטעם און ציען פון אים שלוסן, פון וועלכע ער וואָלט פארציטערט געוואָרן... זיי באהויפטן, אַז ביאָלאָגיש איז דער מענטש א קליינער מיוחס, אַז אויך ער, ווי אלע אנדערע מינים, איז א רעזולטאט פון א עוואָלוציע פראָצעס, וואָס דערקלערט מעשה בראשית אויף א נאטירלעכן אופן...

וואָלט ליננייוס (אין זיין צייט) געקענט געווען נאָכפאָלגן זיין וויסנ־שאַפטלעכן טעמפּעראַמענט, וואָס האָט אים געשטויסן צו קלאַסיפיצירן חיות און פאָרמירן דעם אָרגאַנישן סיסטעם, וואָלט ער געקענט געווען זען דאָס, וואָס וויסנשאַפטלער זעען איצט אינם סיסטעם; ער וואָלט געקענט געווען זען, אַז א פאָרשער דאַרף נאָכפאָלגן די פאַקטן און ציען שלוסן פון זיי און ניט צוגיין צו פאַקטן מיט פון פאָראויס אָנגענומענע באַגריפן און צופּאַסן די פאַקטן צו די דאָזיקע באַגריפן. אָבער אַזוי־ווי אַזא וויסנשאַפטלעכער צוגאַנג איז אים געווען פרעמד, האָט ער נאָר נאָכגעפאָלגט די פאַקטן אויף אַזוי־פיל, אַז ער זאָל פאָרמירן א פרימאַט בוים און דער מענטש זאָל אויף אים פאַר־נעמען זיין ריכטיקן ביאָלאָגישן פּלאַץ און ניט קיין שריט מער. אינם איבעריקן איז ער געווען באַהערשט פון א בליק אויף דער וועלט, פון א פילאָזאָפיע, פון וועלכער ער האָט זיך ניט געקענט באַפרייען. ניט ער און ניט די וועלט פון זיין צייט, האָבן, ווי ס׳זעט אויס, געקענט ענדערן דעם בליק אויף דער וועלט, דערפאַר האָבן זיי ניט געקענט זען וואוהין די פאַקטן פירן.

איצט נעמט מען אָן די פאַקטן, מען נעמט אָן די קלאַסיפיקאַציע פון דער אָרגאַנישער וועלט און מען זאָגט זיך אָפּ פונם באַגריף, אַז דאָס אַלץ האָט גאָט באַשאַפן, און אַזוי האָט עס עקזיסטירט משׁשת ימי בראשית און אַז דאָס אַלץ זאָל האָבן געווען באַשאַפן געוואָרן אום דער מענטש זאָל האָבן מכל טוב. איצט פאָרשט מען די פאַקטן גופא און מען פּרובירט זען צי מיט זייער הילף קען מען צוקומען צו דעם היסטאָרישן פּראָצעס, ווי ער איז פאָר־געקומען אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט. מען נעמט דעם פרימאַט בוים מיט אַלע זיינע צווייגן און מען פּרובירט אויסגעפינען זייער שייכות; מען פּרובירט צו אויסגעפינען, וואָס ס׳איז, מעגליך, פאָרגעקומען אינם משך פון דער כמעט אומענדלעכער צייט פון אָרגאַנישער עוואָלוציע.

די אָפּהאַנדלונג וועט באַשטיין פון א קורצער אָנווייזונג ווי די דאָזיקע פאָרשונג ווערט געמאַכט.

אין דער קלאַסיפיקאַציע פון דעם פרימאַט בוים, פון וועלכן, מען נעמט אָן, אַז דער מענטש איז דער לעצטער צווייג, רעכנט וואוד דזשאָנס אויס צוועלף אָרגאַנען (אָדער זייערע פונקציעס), וועלכע א חיה דאַרף באַזיצן, אַז זי זאָל פאַרעכנט ווערן פאַר א מיטגליד פון דעם דאָזיקן בוים. ער באַ־טאָנט אָבער, אַז וויכטיק איז די צאָל פון די באַטרעפענדע אָרגאַנען און ניט זייער א ספּעציעלע אייגנשאַפט. ער זאָגט „עס איז ניטאָ קיין שום ספּעציעלע אייגנשאַפט, וואָס זאָל זיין בלויז אייגנטימלעך פאַר פרימאַטן: פאַר א פרימאַט קען נאָר פאַרעכנט ווערן אַזא חיה, וואָס האָט די גאַנצע צאָל פון די באַ־טרעפנדע אָרגאַנען״ (זע ״מענס פּלייס איימאַנג מעמעלס״ ז. 75).

ווען אפילו די אָרגאַנען, דורך וועלכע די אַזוי אָנגערופענע ״בוימער״ ווערן קלאַסיפיצירט, זיינען ניט קיין ספּעציעלע, נאָר זיי באַשטייען פון א צאָל ענלעכע אָרגאַנען, וואָס אויך אַנדערע חיות האָבן, נאָר ניט אויף אַזא ענלעכן אופן, איז דאָס א באַווייז, אַז מינים זיינען ניט אָפּגעגרענעצט פעסט און באַשטימט איינער פון דעם צווייטן, נאָר אַז די טיילונג אויף באַשטימטע „בוימער״ איז א מער אָדער ווייניקער אַרבעטראַרע, וואָס ווערט געמאַכט פון מענטשן פאַר וויסנשאַפטלעכע צוועקן. די נאַטור גופא פאַר זיך אַליין האָט ניט קיין פעסטע גרענעצן צווישן מינים: די גרענעצן ווערן געמאַכט פון

מענטשן און ניט פון דער נאטור...

לויט דער אָנגענומענער קלאַסיפיקאַציע באַלאַנגען צום פּרימאַט בוים לעמורס (האַלבע אַפן), קליינע אַפן (מאַנקיעס), מאַלפּעס און מענטשן. זיי אַלע האָבן א געווענדע צאָל ענלעכע אָרגאַנען מען זאָל פון זיי קענען פאַר־מירן אן „אָרדער."

איידער דער עוואָלוציע באַגריף איז אָנגענומען געוואָרן, איז די קלאַסיפיקאַציע אין סיסטעמען נאָר באַשטאַנען פון א מעטאָד ווי צו אריינ־פירן אָרדענונג אינם שטודיום פון דער אָרגאַנישער וועלט; אז די קלאַסי־פיקאַציע קען ענטהאַלטן א טיפערן מיין האָט מען ניט געוואוסט און מען האָט אויך ניט געקענט וויסן.

ווען מען האָט אָנגענומען, אז די אָרגאַנישע וועלט איז שטענדיק געווען די זעלבע אָט ווי גאָט האָט זי באַשאַפן און קיין שום ענדערונג איז אין איר ניט פאָרגעקומען, איז די קלאַסיפיקאַציע און סיסטעמאַטיזאַציע פון חיות און פלאַנצן באַשטאַנען פון אַ בעקוועמער סאָרטירונג פון מינים לויט ענלעכע אייגנשאַפטן און ניט מער. מיט דער צייט אָבער האָט דער פאַקט גופא, וואָס אזעלכע גרופּירונגען זיינען פאַראַן, געוועקט אפיקורסישע גע־דאַנקען; עס האָבן זיך ווי פון זיך זעלבסט גענומען שטעלן פראַגן: ווי קומט עס וואָס חיות קענען גרופּירט ווערן אין סיסטעמען אָדער אָרדערס? פאַר־וואָס זאָל זיין אזא ענלעכקייט צווישן באַשטימטע מינים? נאָך א מער שווע־רערער פּראָבלעם איז אנטשטאַנען, ווען מען האָט געפונען אין דער ערד פאַרהאַרטעוועטע ביינער און גאַנצע סקעלעטן פון חיות, וואָס זיינען געווען אנדערש פון די ביינער און פון די חיות, וואָס געפינען זיך איצט אויף דער ערד. דאָס האָט באַוויזן, אז אמאָל האָבן אויף דער ערד געלעבט אנדערע חיות, ווי איצט. מען האָט געפונען אזויפיל ביינער און סקעלעטן, וואָס זיינען געווען אנדערש פון די איצטיקע חיות, אז ס'האָט זיך פאָרמירט א ספּעציעלע וויסנשאַפט (פּאַלעאָנטאָלאָגיע), וואָס האָט געפאָרשט די ביינער פון די פאַר־שטאָרבענע מינים. דאָס האָט געפאָדערט א דערקלערונג און קאָוויע, דער שאַפער פון דער פּאַלעאָנטאָלאָגישער לערע, האָט זיך דערטראַכט צו א טע־אָריע, אז אויף דער ערד איז פאָרגעקומען איין קאַטאַסטראָפע, אָדער עטלעכע קאַטאַסטראָפעס, אָט ווי דער מבול, צום ביישפּיל, וואָס האָט פאַרניכטעט אַלע חיות און פלאַנצן און מיט דער צייט האָט גאָט געשאַפן אנדערע מינים. דאָס איז פאַר א צייט געווען אן אָנגענומענע טעאָריע.

אפיקורסים זיינען אָבער פאַראַן אין אַלע צייטן: — נאָך פאַר קאָוויען און זיין קאַטאַסטראָפן טעאָריע, נאָך אינם אכצנטן יאָרהונדערט האָט א פראַנ־צויזישער געלערנטער, בופען, געמאַכט א באַמערקונג אין א בוך, אז ענדע־רונגען קומען, וואַרשיינלעך, פאָר אין מינים (עוואָלוציע); דער וואַכזאַמער קלויסטער האָט אָבער גלייך דערזען די אפיקורסות און האָט פאַרמאַכט בו־פענען דאָס מויל...

מיט דעם האָט זיך דער ענין ניט געענדיקט; די פאַקטן זיינען געווען צו בולט, אז מען זאָל זיי ניט זען און ווען דער קלויסטער האָט פאַרלוירן זיין מאַכט דורך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָט דער פראַנצויזישער גע־לערנטער, לאַמאַרק, פריי פאַרטיידיגט דעם עוואָלוציע געדאַנק. ער האָט זיך אָבער אָנגעשטויסן אויף קאָוויעס אויטאָריטעט און דער לעצטער האָט גע־

זיגט: — לאמארקינס עוואָלוציע טעאָריע איז ניט אָנגענומען געוואָרן.

אין אַ קורצער צייט שפּעטער איז דער ענגלישער געלערנטער, טש. דוואַל, ארויסגעקומען מיט א געאָלאָגישער פאָרשונג און האָט באַוויזן, אַז קיין קאַטאַסטראָפעס, וואָס זאָלן קענען געוועזן פאַרניכטן מינים, זיינען אויף דער ערד ניט פאָרגעקומען. דאָס, צוזאַמען מיט אנדערע וויסנשאַפטלעכע פאַקטן, האָט געעפנט דעם וועג פאַר דאַרווינען און דער עוואָלוציע טעאָריע, אַז מינים האָבן זיך אַנטוויקלט און צעצווייגט. אייניקע פון זיי זיינען פאַר־שוואונדן, ווי ס׳זאָגן עדות זייערע ביינער. ליניייוסעס קלאַסיפיקאַציע האָט גע־קראָגן אַן אינערלעכן מיין: — די אָרדערס באַשטייען פון משפחות פון חיות און פלאַנצן און זייער פאַרוואַנדשאַפט איז ניט קיין צופעליקע.

אין דער אַרבעט וועט נאָר באַטראַכט ווערן דער פרימאַט בוים, ווי עס ווערט אָנגענומען, אַז אזוי האָט ער זיך היסטאָריש אַנטוויקלט. מען נעמט אָן, אַז אין אָנהויב פון דריטן געאָלאָגישן פעריאָד (אין דער איניציייער עפּאָכע) האָט אַן ערדישע חיה זיך ארויפגעקליבן אויף בוימער צו לעבן אויף זיי. פאַרוואָס א חיה מין (אָדער עטלעכע מינים) האָט פאַרלאָזט די ערד און איז ארויף אויף בוימער צו לעבן אויף זיי, קען מען איצט ניט וויסן; מען נעמט אָן, אַז ס׳איז געווען א רעזולטאַט פון באַדינגונגען אויף דער ערד, וואָס האָבן זי געטריבן דערצו. וואָס די סיבות זאָלן ניט געווען זיין, נעמט מען אָן, אַז היסטאָריש איז אזא פּראָצעס פאָרגעקומען — מען האָט כמעט דירעקטע באַ־וויזן, אַז אזא פּראָצעס איז פאָרגעקומען: — די מאַלפּעס, וואָס לעבן איצט אויף בוימער, זיינען ערדישע חיות איגם זינען וואָס זיי קענען ניט פליען. דאָס מיינט, אַז אורשפּרונגלעך האָבן זיי געלעבט אויף דער ערד און שפּעטער האָבן זיי געמאַכט א היים פאַר זיך אויף בוימער.

דאָס ווערט אָנגענומען כמעט ווי א דירעקטער באַוויז, אַז די דאָזיקע חיות האָבן פריער געלעבט אויף דער ערד און שפּעטער זיינען זיי ארויפ־געקראָכן אויף בוימער. וואָלט מען אָבער אפילו ניט געהאַט אַזאַ דירעקטן באַוויז, גלויבן וויסנשאַפטלעך, אַז די אומדירעקטע באַווייזן אַליין זיינען גענוג מען זאָל האָבן א רעכט צו גלויבן, אַז אין דעם עוואָלוציע פּראָצעס פון די פרימאַטן האָבן ערד און בוים געהאַט א שותפות. לויט דעם כאַראַקטער פון זייערע אברים און ספּעציעל לויט דער אַנטוויקלונג פון זייערע הענט און פיס, איז מען כמעט געצוואונגען אָנצונעמען, אַז די ערד און דער בוים זיינען געווען שותפים אין זייער אַנטוויקלונג.

וואוד דזשאָנס האָט אָנגעשריבן אַן אינטערעסאַנטן בוך אונטערן נאָמען „ארבאָריעל מען" (מענטשן, וואָס געפינען זיך אויף בוימער). דער נאָמען איז ניט קיין פּינקטלעכער: — עס זיינען ניטאָ און עס זיינען קיינמאָל ניט געווען קיין מענטשן, וואָס זאָלן לעבן אויף בוימער; ער האָט אין זינען די פּרי־מאַטן, די פאָרלויפער פון מענטשן, וואָס האָבן געלעבט אויף בוימער און די מאַלפּעס, וועלכע לעבן נאָך איצט אויף בוימער.

דעם בוך הויבט ער אָן מיטן לעמור, וואָס, מען נעמט אָן, איז געווען דער פאַרלויפער פונם מענטשען און פון דער מאַלפּע. מיט אַן ערך פופציק מיליאָן יאָרן צוריק, נעמט מען אָן, האָט זיך א לעמור מין ארויפגעקליבן אויף בוימער צו לעבן. די צייט ווערט אויסגערעכנט ערשטנס פון דעם, וואָס מען געפינט פאָסילס (פאַרשטיינערטע ביינער) אין יענעם פעריאָד, וואָס זיינען

ענלעך צו ביינער פון לעמורן און צווייטנס נעמט מען אָן, אז זויג־חיות האָבן זיך אָנגעהויבן אנטוויקלען אַרום יענער צייט, זיינען זייערע גלידער (געלענקען) נאָך ניט געווען שטייף און פיקסירט; זיי האָבן זיך נאָך לייכט געקענט ענדערן. פארשטייט זיך, אז דאָס דאַרף באטראכט ווערן פאר אן השערה און ניט מער.

דער מאָמענט, ווען דער לעמור האָט געענדערט זיין אַרט לעבן, ווערט פארעכנט פאר איינם פון די וויכטיקסטע מאָמענטן אין דער וועלט, אויב ניט פארן וויכטיקסטן מאָמענט. אין יענעם מאָמענט איז פאָרגעקומען די גרעסטע רעוואָלוציע אין דער וועלט; די רעוואָלוציע איז באשטאנען אין דעם, וואָס א דאנק דער ענדערונג פון לעבן אויף דער ערד אויף א לעבן אויף בוימער, האָט זיך די חיה (דער לעמור) פאָלשטענדיק געענדערט. די הויפט ענדערונג איז פאָרגעקומען אין אירע פיס, וואָס האָבן געענדערט זייער פאָרמע אום צו קענען באוועגן דעם קערפּער אין דער געענדערטער סביבה. אויף דער ערד באוועגט זיך א זויג־חיה אויף אַלע פיר פיס. אירע פיס נעמען אָן א פאָרמע, וואָס איז באקוועם פאר אזא באַוועגונג (די טעאָרעטישע פראגע וועגן דער ירושה פון דערוואָרבענע אייגנשאפטן, ווערט דאָ געלאָזט אן אָפּענע. די אָפּהאנדלונג ווערט געגעבן לויט וואוד דזשאנסן). זיי ווערן שטייף און באגרעניצט אין באוועגונגס מעגלעכקייטן. זייערע שלייפן ווערן פעסט און דער טראָט ווערט הארט און קאַלסיפיצירט אום צו קענען טרעטן מיט אים. דערפאר ווערן די פיס ניט פּאַסיג פאר קיין אנדער אקטיוויטעט (די קאַץ פאַמיליע איז אן אויסנאם. קעץ קענען אטאקירן דעם שונא מיט זייערע פאָדערשטע פיס).

די ענדערונג אין דער חיה איז ניט נאָר פאָרגעקומען אין אירע פיס, נאָר אינם גאַנצן אָרגאניזם. אויף א בוים איז דער ארט לעבן פון דער חיה אינגאנצן אן אנדערער, אַנשטאָט וואָס אויף דער ערד באוועגט זי זיך אויף א פלאכן שטח, דאַרף זי אויף א בוים קלעטערן און שפרינגען פון פלאַץ צו פלאַץ און דערפאר ווערן אירע פיס פאקטיש פארוואנדלט אין הענט אום זיך צו אָנהאלטן באם קלעטערן און זיך אָנכאפּן אין צווייגן באם שפרינגען פון פלאַץ צו פלאַץ. — די פיס ווערן דורך דעם פארוואנדלט אין הענט מיט לאנגע און בויגזאמע פינגער; די שלעסער ווערן פריי און לויז און קענען אזוי געדרייט ווערן, אז די הענט קענען זיך באוועגן לייכט און שנעל.

די ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער חיה׳ס פיס, ווען זיי זיינען פארוואנדלט געוואָרן אין הענט, האָט געהאט אזא קאָלאָסאלע ווירקונג אויפן אָרגאניזם, אז זי קען ניט איבערגעשאצט ווערן. די חיה איז פאָלשטענדיק געענדערט געוואָרן אדאנק איר געענדערטן אַרט לעבן אויף די בוימער. ווען א חיה באוועגט זיך אויף דער ערד אויף אַלע פיר פיס, איז איר קערפּער אויסגעצויגן האָריזאָנטאל. די קאָפּ און דער האלז ווערן געהאלטן אין א מער אָדער ווייניקער האָריזאָנטאלער פּאָזיציע. דער פנים ווערט אויסגעצויגן אין דער לײנג און דאָס מויל געפינט זיך באם נידעריקן ענד פון פנים און איז אזוי פאָרמירט, אז ס׳זאָל לייכט קענען קומען אין בארירונג מיט דער ערד אום צו קענען מיט דעם לייכט קלייבן שפייז.

די אויגן פון אן אויף דער ערד באוועגנדער חיה געפינען זיך ביי די זייטן פון פנים און זיי זעען נאָר דאָס, וואָס געפינט זיך אויף זייער זייט, זיי זיינען ניט סינטעגרירט. ס׳איז א מאָנאָקאלער און פּאנאָראמישער און ניט קיין

סטערעאָסקאָפּישער בליק (זיי זעען ניט קיין טיפקייט). ביי דער חיה, וואָס באוועגט זיך אויף דער ערד אויף אַלע פיר פיס, איז דאָס מויל דער הויפּט אגרעסיווער אָרגאַן פאר אסך צוועקן. מיט דעם מויל זוכט זי און נישטערט פאר שפייז און מיטן מויל פירט זי איר קאמף. די נאָז איז איר וועגווייזער; זי גיט איר אינפאָרמאציע וואו ס'געפינט זיך שפייז און וואו ס'לויערט אויף איר א געפאר. די אויגן און אויערן זיינען, נאטירלעך, ארויסהעלפער, זייער פונקציע איז אָבער א מער אָדער ווייניקער באגרענעצטע.

ווען די פאַרהיסטאָרישע חיה, דער לעמור, האָט אָנגעהויבן לעבן אויף בוימער, האָט זיך געענדערט זיין לעבנס שטייגער און די פאָרמע און פונקציעס פון פארשידענע אָרגאנען פונם אָרגאניזם האָבן זיך פּראָפּאָרציאָנעל געענ־דערט. אויף דער ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין די פיס, ווען זיי זיינען פארוואנדלט געוואָרן אויף הענט, איז שוין פריער אָנגעוויזן געוואָרן. דאָס איז א ראדיקאַלע ענדערונג. אָבער דער גאנצער קערפּער נעמט אָן אן אנ־דער פאָרמע אויף א בוים; ער נעמט אָן א מער אָדער ווייניקער ווערטיקאַלע פאָזיציע אי ביים קלעטערן, אי ביים זיצן. ווען א חיה זיצט אויף א בוים, קען זי באפרייען די פאָדערשטע פיס און זיי נוצן פאר הענט צו אָנכאפּן שפייז מיט זיי און עס טראָגן אין מויל אריין און ניט נוצן דאָס מויל דירעקט. דאָס פירט דערצו, אז די אויגן זאָלן מער גענוצט ווערן פאר זוכן שפייז און עס דערזען פאר א שטח. אזוי, נעמט מען אָן, זיינען די אויגן געוואָרן דער וועג־ווייזער פון דער חיה און האָבן פארנומען דאָס פּלאַץ פון דער נאָז.

אָט די דאָזיקע ענדערונג: די ענדערונג צו נוצן די אויגן אויפן פּלאַץ פון דער נאָז און נוצן די הענט ווי ארויסהעלפער אין לעבנס גאנג פון דער חיה, ווען זי האָט ארויפגעקלעטערט אויף בוימער צו לעבן, רופט עליאָט סמיט אָן די גרעסטע רעוואָלוציע, וואָס איז ווען עס איז געמאכט געוואָרן. די רע־וואָלוציע, וועגן וועלכער ער רעדט, איז געמאכט געוואָרן אינם מארך פון דער חיה, זי איז פאקטיש באשטאנען פון אן ענדערונג פון גאנצן מארך אדאנק דער נויטיקער אקטיוויטעט פון די הענט, אויגן און אויערן און ספּעציעל אדאנק זייער קאָאָרדענירטער אקטיוויטעט. וואָלט אָט די דאָזיקע ענדערונג ניט גע־ווען פאָרגעקומען אין מאַרך, וואָלט ער זיך ניט געווען געקענט אַנטוויקלען און דערגרייכן צו אַזאַ הויכער שטופע אין דעם מענטשן, אַז דער מענטש זאָל קריגן באגריפן און ווערן א דענקענדער מענטש.

צו דערקלערן דידאָזיקע ענדערונג איז אויסער די גרענעצן פון דער ארבעט (טיילווייז איז עס געטאָן געוואָרן אין דער ערשטער ארבעט); עס וועלן בלויז געמאכט ווערן עטלעכע באמערקונגען וועגן דעם:—אַ חיה, וואָס אָריענ־טירט זיך לויטן שמעקן, ווערט פאָלשטענדיק קאָנטראָלירט פון פארדייאונגס אפּאראט, וואָס האָט ניט קיין עוואָלוציע פּאטענציאַליטעט. וואָלטן אַלע חיות געבליבן אונטער דעם פאָלשטענדיקן קאָנטראָל פון דער נאָז, קען מען זיכער זיין, אז קיין עוואָלוציע וואָלט ניט פאָרגעקומען: — דער טייל מאַרך, וואָס רעאגירט לויט גערוכן, קען זיך נאָר אנטוויקלען אין דער ריכטונג פון נארונג און געשלעכט און ניט אין וועלכער עס איז אנדער ריכטונג.

אנאטאָמיש געפינט זיך דער טייל מאַרך, אין וועלכן שמעקן ווערט רעגיסטרירט, אין א פּלאַץ, וואָס האָט ניט קיין דירעקטע פארבינדונגען מיט אנדערע טיילן מארך און ווען דער אויבערשטער מאַרך־מאנטל אנטוויקלט

זיך, טוט ער עס אויף זיין חשבון. . . מעגלעך, ווען דער חוש פאר שמעקן וואָלט אין זיך געהאט פּאָטענציאַליטעט פאר עוואָלוציע, וואָלט ער געווען בייגעקומען זיין גינסטיקע אנאטאָמישע פּאָזיציע און וואָלט זיך געווען אנטוויקלט. דער חוש הריח איז אָבער א דירעקטער און אוממיטלבארער; ער ווערט נאָר אינפאָרמירט וועגן דעם, וואָס געפינט זיך אין זיין נאָענטער סביבה. דערצו איז ער פונקציאָנעל באגרענעצט: — ער רעאגירט נאָר אויף נארונג און געשלעכט פונקציעס. עס מיינט, אז ער באזיצט ניט קיין עוואָלוציע מעגלעכקייט; — אַזוי צי אַזוי, ער האָט זיך ניט אַנטוויקלט.

אנדערש זיינען די ראיה און הערן חושים; זיי רופט שערינגטאָן אָן די דיסטאַנץ פערצעפּטער: — די חושים, וואָס נעמען אויף איינדרוקן פון זאכן, וואָס געפינען זיך וויט פון זיי. אדאנק דעם, וואָס זיי באזיצן די אייגנשאפט, וואָס זיי קענען רעגיסטרירן איינדרוקן פון זאכן, וועלכע געפינען זיך וויט פון זיי, קענען זיי זיך אנטוויקלען. די דערקלערונג איז אַ גאַנץ איינפאכע: — ווען א חיה רעאגירט נאָר אויף דעם, וואָס געפינט זיך נאָענט אין איר סביבה, איז איר האנדלונג א דירעקטע און אוממיטלבארע, ווייל זי האָט ניט קיין צייט זיך צוצוגרייטן און האָט אויך ניט צו וואָס זיך צוצוגרייטן; עס איז א פראגע וועגן שנעלער האנדלונג און ניט פון צוגרייטן זיך פאר אַ האנדלונג, וואָס וועט ערשט דארפן דורכגעפירט ווערן. אזוי ווי אזא האנדלונג האָט געוויינטלעך א שייכות מיט נארונג, קומט דאָס מויל גלייך אין קאָנטאַקט מיט דער שפּייז און דער פראָצעס הויבט זיך אָן און ענדיקט זיך שנעל. אפילו ווען עס האנדעלט זיך וועגן זוכן שפּייז, איז ווען די חיה אָריענטירט זיך אויפן חוש הריח, האָט זי ניט צו וואָס זיך צוצוגרייטן: — זי דערשפּירט דעם ריח אָדער גערוך, ווען זי איז גאַנץ נאָענט פון דער שפּייז און זי דארף גלייך רעאגירן.

ווען אָבער א חיה רעאגירט אויף איינדרוקן, וואָס קומען דורך זען מיטן אויג אָדער הערן מיטן אויער, קען זי אויפכאַפּן אַן איינדרוק פון א מעגלעכער שפּייז (א חיה אויף וועלכער זי נערט זיך) פון וויטנס און כדי צו קריגן דאָס, וואָס זי האָט באמערקט דארף זי זיך ריכטיק אָריענטירן; זי דארף האנדלען אזוי, אז זי זאָל זיין דערפאָלגרייך אין איר אונטערנעמונג. עס מיינט, אז זי דארף זיך לערנען ווי צו קאָאָרדינירן פארשיידענע אָרגאנען פאר א קאָאָרדינירטער אקטיוויטעט. צו קאָאָרדינירן איר אקטיוויטעט מיינט, אז פארשיידענע מארך צענטערן דארפן קאָאָרדינירן זייער אקטיוויטעט. אזאַ קאָאָרדינאציע איז פאר איר אומבאדינגט נויטיק דערפאר, וואָס די אויגן און אויערן זיינען נאָר אינפאָרמירונגס אָרגאנען און ניט קיין אויספיר אָרגאנען: — זיי גיבן נאָר די נויטיקע אינפאָרמאציע צום קאָאָרדינירונגס צענטער (צום מארך) און ער דארף אָרגאניזירן און קאָאָרדינירן די אויספיר אָרגאנען (הענט, פיס און מויל), אז זיי זאָלן זיך נעמען צו דער ארבעט און דורכפירן די קאָאָרדינירטע אקטיוויטעט, וואָס זאָל ברענגען דעם געוואונטשטן רעזולטאַט.

דער לעמור איז, לויט עליאָט סמיטס מיינונג, געווען די ערשטע חיה, וואָס האָט פארביטן די אָריענטאציע פונם חוש הריח אויף דער אָריענטאציע לויטן זען און הערן. ער האָט אויך געענדערט די פאָדערשטע פיס אויף אזאַ אופן, אז זיי זאָלן קענען געניצט ווערן פאר הענט. דאָס איז, לויט סמיטס מיינונג, ניט געווען קיין צופאַל, עס איז געווען א דירעקטער רעזולטאַט פון זיין

געענדערטן אַרט לעבן אויף בוימער. זאָגט עליאָט סמיט: "צו קענען נוצן הענט איז נויטיק דאָס אויג זאָל זען וואָס מען טוט מיט די הענט: — די אַנטוויק־לונג פון אויג איז פאָרגעקומען אין דירעקטער פּראָפּאָרציע מיט דער אַנט־וויקלונג פון דער אַקטיוויטעט פון די הענט" (זע „ביו וויזשען" אין זשורנאַל „בייטשור" 1930).

אין דעם אַרטיקל באַווייזט עליאָט סמיט ווי זען אַ זאַך מיטביידע אויגן צוזאַמען (ביינאָקולער וויזשן) האָט זיך אַנטוויקלט אין פאַרבינדונג מיט נוצן די הענט און ווי דאָס הערן האָט מיטגעווירקט אין אָט דער קאָאָרדינירטער אַקטיוויטעט פון פאַרשיידענע אָרגאַנען.

עליאָט סמיט איז אַן אַנאַטאָמיסט. זיין ספּעציאַליטעט איז פאַרגלייכונגס־אַנאַטאָמיע. ער מעסט און וועגט מאַרכן פון פאַרשיידענע חיות און שטודירט די וועגן און שטעגן פון מאַרכן. מען האַלט, אַז ער איז דער גרעסטער אויטאָ־ריטעט אויף דעם געביט. פאַרשטייט זיך, אַז ווען ער מאַכט באַהויפּטונגען וועגן דער אַנטוויקלונג פונם לעמורס מאַרך אין פאַרגלייך מיט מאַרכן פון אַנדערע חיות, זיינען עס ניט גלאַט קיין השערות אין דער וועלט אַריין, נאָר באַהויפּטונגען פון אַ פאַכמאַן, וואָס ווייסט וואָס ער רעדט. ווען ער זאָגט, אַז ענדערונגען אין לעמורס מאַרך זיינען אַ רעזולטאַט פון אַקטיוויטעט מיט די הענט מיט דער האַרמאָנישער מיטווירקונג פון די אויגן און די אויערן, מעג מען זיך פאַרלאָזן אויף זיין מיינונג. צוקערמאַן גייט אין זיין פאָרשונג ווייטער פון אים. ער זאָגט: „ווען אַ הונט זאָל קריגן הענט, וואָלט ער באַ־קומען אויגן און אַ מאַרך פון אַ פּרימאַט; ער וואָלט געוואָרן אַ מאַלפּע" (זע „סאָשיעל לייף אָוו מאָנקיעס ענד אייפּס" ז. 154).

איין וויסנשאַפטלער (וואוד דזשאָנס) שרייבט אַ בוך, אין וועלכן ער באַווייזט ווי אַ פּירפּיסיקע חיה האָט זיך געענדערט: ווי יעדער ביין, מוסקול און שלייף איז טראַנספאָרמירט געוואָרן, ווען די באַטרעפענדע חיה האָט גע־ענדערט איר אַרט לעבן פון אַן ערדיש לעבן, אויף אַ לעבן אויף בוימער. פון פיס זיינען געוואָרן כמעט הענט; דער קאָפּ איז געוואָרן גרעסער, דער פּנים קיילעכדיקער; די מאָרדע איז פאַרקירצט געוואָרן און די אויגן האָבן גע־קראָגן אַ צענטראַלע פּאָזיציע און די חיה האָט אָנגעהויבן צו זען זאַכן מיט ביידע אויגן צוזאַמען די זעלבע זאַך: זי אויפנעמען לויט איר קאָנפיגוראַציע. גלייכצייטיק מיט דעם זיינען די שלייפן פון האַלז געוואָרן לויז און פריי און די חיה האָט אָנגעהויבן באַוועגן איר קאָפּ אויפן האַלז.

דאָס אַלץ זאָגט איין וויסנשאַפטלער, און אַ צווייטער (עליאָט סמיט) ווייזט אָן אויף דער ענדערונג, וואָס איז גלייכצייטיק פאָרגעקומען אין דעם נערוון סיסטעם פון דער באַטרעפנדער חיה, ווען פון איין זייט האָט זיך אַנטוויקלט אַ נייער מאַרך (דער אויבערשטער מאַרך־מאַנטל) און פון דער צווייטער זייט האָט זיך געענדערט איר אַקטיוויטעט. פאַקטיש זיינען די ביידע פאַסירונגען צוויי פאַזן פון איינער און דער זעלבער דערשיינונג: — זיי ביידע זיינען אַ רעזולטאַט פונם עוואָלוציע פּראָצעס, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט די ענדערונגען.

די לעמורס זיינען ניט אינגאַנצן אַראָפּ פון דער וועלט־בינע; יורשים פון די אורשפּרינגלעכע לעמורס שפּרינגען נאָך איצט אַרום אויף די בוימער פון מאַדעגאַסקאַר אינזל, ווי זייערע אורעלטערן האָבן אַרומגעשפּרונגען מיט

מיליאָנען יאָרן צוריק אין אַנדערע טיילן פון דער וועלט. די לעמורס, וואָס לעבן איצט אויף דער וועלט, זיינען עדות, אַז דאָס, וואָס מען זאָגט וועגן זייערע פאַרלויפער, איז ריכטיק. וועגן די לעמורס, וואָס לעבן איצט אויף דער וועלט, זאָגט ע. סמיט, אַז זיי זיינען אקטיווע חיות, זיי קאָאָרדינירן לייכט די ספעציאַלע חושים און זיי באזיצן א גרויסן גראַד קוריאָזיטעט: זיי לערנען שנעל פון דערפאַרונג און זייער מאַרך איז פּראָפּאָרציאָנעל גרעסער פון מארכן פון אַנדערע חיות. דאָס וויכטיקסטע אָבער, לויט זיין מיינונג, איז דאָס, וואָס זייער מאַרך באזיצט א גרויסע פעאיקייט זיך צו אַנטוויקלען (זע "עוואָלושן אָוו מען" זז. 25, 32). און וואוד דזשאָנס זאָגט: "די לעמורס זיינען ניט ספּעציאַליזירט. זיי באזיצן ניט קיין פעסט-איינגעוואָרצלטע געוואוינהייטן. דאָס גיט זיי א מעגלעכקייט לייכט זיך צוצופּאסן צו באַדינגונגען." אָט די אייגנשאַפט ניט צו פיקסירט ווערן, ניט ארייננצופאַלן אין קיין פארגליווערטן צושטאַנד, נעמען פּאַלעאָנטאָלאָגן אָן, איז א פונדאמענטאַלער באַדינג, אַז ענדערונגען זאָלן קענען פּאַרקומען אין חיות. ווערט אָבער א חיה פיקסירט אין אירע געוואוינהייטן, פאַלט זי אריין אין א סטאַגנאַציע צושטאַנד, פון וועלכן זי קען זיך ניט ארויסרייסן. ווען די ארומיקע באַדינגונגען ענדערן זיך, וועט זי אויסשטאַרבן, און זיך ניט צופּאסן. מען נעמט אָן, אַז בינען לעבן אינם זעלבן פיקסירטן צושטאַנד פינף און פופציק מיליאָן יאָרן: — דערפאַר שטאַרבן זיי, ווען מען ענדערט זייער סביבה. פאַרשטייט זיך, אַז ס'זיינען פאַראַן טעריעס פאַרוואָס מינים ווערן פיקסירט, אָבער דאָ איז ניט דער פּלאַץ צו אָפּשטעלן זיך אויף זיי.

ווען די לעמורס זיינען אויך איצט ניט פיקסירט אין זייערע געוואוינהייטן, ווען זיי לעבן אזוי לאַנג איזאָלירט, האָט מען א רעכט צו דענקען, אַז אין דער גרויער פאַרגאַנגענהייט זיינען זיי אינגאַנצן ניט געווען פיקסירט. אויב דאָס איז ריכטיק, האָט מען א רעכט צו גלויבן צוזאַמען מיט די פּאַלעאַנטאָלאָגן, אַז זיי האָבן זיך אויף אַזויפיל פאַרצווייגט, אַז זייערע לעבעדיקע יורשים באַשטייען פון 400 פאַרשיידענע מינים אַפּן, אויסער פילייכט אַזויפיל אויסגעשטאָרבענע מינים און דער מענטש איז א צוגאָב צו זיי אַלע (זע דארסי „די סטאָרי אָוו סיווילייזיישאָן").

געוויס איז פון אָננעמען, אַז אַן עוואָלוציע פּראָצעס איז פאָרגעקומען, ביז באַווייזן ווי דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען, א גרויסער מהלך... און פון אָננעמען, אַז דער מענטש איז אַ מיטגליד פון דער פּרימאַט משפחה און אַז ער שטאַמט ארויס פונם לעמור, ביז באַווייזן ווי אָט דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען, איז נאָך א גרעסערער מהלך... זאָגט טאָקע דער אַנטראָפּאָלאָג הארדלי אַז „די ערשטע מאָמענטן פון דער געשיכטע פון דער מענטשלעכער ראַסע זיינען נאָך פאַרהילט אין דער גרויער פאַרגאַנגענהייט; זיי ווערן אָבער ביסלעכווייז אויסגעפונען און צוזאַמענגעשטעלט. ווי ס'זעט אויס איז די צייט באַגענט, ווען די וויסנשאַפט וועט קענען אָנווייזן, אַמווינציקסטנס אין אַלגעמיינע שטריכן, אויף דער לייזונג פון דעם טיפן און קאָמפּליצירטן פּראָבלעם, אויף דער אַנטשטייאונג פונם מענטשן: — ווען די וויסנשאַפט וועט זיין אין א פּאָזיציע צו באַשטימען ווען, וואו און וויאַזוי האָט זיך דער מענטש אַנטוויקלט פונם נידעריקערן מין" (קרובעס אַנטראָפּאָל. ז. 43).

ווען, וואו און וויאַזוי דער מענטש האָט זיך אַרויסגעשיילט פונם ני־

דעריקערן מין ווייסט מען נאָך ניט. מען נעמט אָן, אז מיליאָנען, אויב ניט צענדליקע מיליאָנען יאָרן, האָבן לעמורס געלעבט אויף בוימער און האָבן זיך געהאלטן אין ענדערן און גרעסער ווערן. פון די געענדערטע מינים, נעמט מען אָן, זיינען פריער קליינע אַפּן אַרויסגעקומען; נאָך זיי זיינען געקומען מאלפּעס און צום סוף איז דער מענטש אנטשטאנען. דאָס לעצטע, אָדער פארלעצטע, האָט פּאסירט נאָך דעם ווי אייניקע מינים בוימער באוואוינער זיינען צוריק אראָפּ אויף דער ערד פון די בוימער.

אַזוי ווי מען ווייסט ניט וואָס עס זיינען געווען די סיבות, וואָס האָבן געטריבן ערדישע חיות צו לעבן אויף בוימער, אַזוי ווייסט מען ניט פאַרוואָס איינעקע מינים האָבן מיט דער צייט פארלאָזט די בוימער. אַזויווי אָבער מען איז גענויגט צו אָננעמען, אז דעם מענטשנס געבורט פּלאַץ איז געווען צענטראַל אַזיע, ספּעקולירט מען, אַז די פּלוצלונג געקומענע הימאַלאַיער בערג האָבן מיט צען מיליאָן יאָרן צוריק געפירט צו אן ענדערונג, פון וועלכער דער מענטש איז אן אומדירעקטער רעזולטאַט.

די הימאלייער בערג האָבן, דורך דעם, וואָס זיי האָבן געשפּאלטן דעם אזיאטישן קאָנטינענט, געענדערט די קלימאטישע און טאָפּאָגראפישע באַדינגונגען פון דעם צפונדיקן טייל פון אזיע. און, זאָגט אָסבאָרן, וואָס פּרובירט צו באווייזן, אז דער מענטש איז אנטשטאנען אין מיטל אזיע, „די אנטראָפּוידן האָבן ניט פארלאָזט די בוימער, די בוימער האָבן זיי פארלאָזט: — א טראָפּישער קלימאַט איז מיטאַמאָל פארוואנדלט געוואָרן אין א צפונדיקן קלימאט."

מעגלעך, אז צוליב דעם, וואָס די פיזישע באדינגונגען האָבן זיך געענדערט, האָבן זיך אין יענער צייט באוויזן וואַנדערנדע מאלפּעס, וואָס פאָרשער נעמען אָן, אז זיי זיינען דעם מענטשנס פאָרלויפער.

ווען די אנטראָפּוידן ליניע, וואָס פירט צום מענטשן, האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פון דער אלגעמיינער ליניע (אויב אזא ליניע איז געווען..), ווייסט מען ניט; עס זיינען פאראן צוויי טעאָריעס. איין טעאָריע ווערט פארטיידיגט פון וואוד דזשאָנסן, אז די שפּאלטונג האָט זיך אָנגעהויבן פון די אַפּן. ער פארטיידיגט זיין טעאָריע דערמיט, וואָס די מאלפּעס האָבן זיך היסטאָריש פרי פיקסירט אין זייערע געוואוינהייטן און זיינען פארבליבן ספּעציאליזירט אין זייער אויפפיר אין גאַנצן משך פון זייער היסטאָרישן לעבן. ער גלויבט פשוט ניט, אַז די ספּעציאליזירטע און פּאָלשטענדיק פיקסירטע מינים, זאָלן פון זיך געווען אַרויסגעבן אַן אנדער מין, וועלכער זאָל אויף אזויפיל זיך קענען ענדערן און זאָל אויף אַזויפיל אין זיך ענטהאלטן עוואָלוציע מעגלעכקייטן, אז ער זאָל ארויסברענגען דעם מענטשן, וואָס איז אינגאַנצן ניט פיקסירט. דאָס, האַלט ער, איז שווער צו גלויבן. ער דענקט, אז דער פיקסירטער צושטאַנד פון די מאלפּעס איז אסך עלטער, ווי דעם מענטשנס לעבן אויף דער ערד אין אלגעמיין. פון דעם ציט ער דעם שלוס, אז דער מענטשן־מין האָט ניט געקענט ארויסקומען פון מאלפּעס. זיינע ארגומענטן זיינען גוטע, זיין טעאָריע קען אָבער ניט אָנגענומען ווערן. לויט זיין טעאָריע וואָלט דער מענטש געדארפט זיין נאָענטער צו דער אַפּע, ווי צו דער מאלפּע. פאקטיש איז עס אָבער פארקערט: אי סיריאלאָגיש (לויטן בלוט), אי אנאַטאָמיש, איז ער נאָענטער צו דער מאלפּע. א צווייטע אויסזעצונג קעגן זיין טעאָריע איז: —

ווען דער מענטש וואָלט ארויסגעשטאַמט דירעקט פון דער קליינער אפע, וואָלט געדארפט זיין א דירעקטע ליניע פון דער אפע צום מענטשן. מען קען דאָך ניט אָננעמען, אז דער מענטש איז דירעקט ארויסגעקומען פון דער אפע. אזא ליניע איז ניטאָ, אויסער דער מאַלפּע ליניע. דערפאר נעמט מען אָן, אז דאָס איז די היסטאָרישע ליניע. דאָס איז די אנגענומענע מיינונג פון פאַלעאַנטאָ־לאָגן און אנטראָפּאָלאָגן.

מען נעמט אָבער ניט אָן, אז דער מענטש שטאמט ארויס דירעקט פון די מאַלפּעס, וואָס לעבן איצט אויף דער וועלט; מען נעמט אָן, אז ער, צו־זאמען מיט די מאַלפּעס, שטאמען ארויס פון איין שורש, און אז דער שורש גופא איז פארשוואונדן. פּראָפעסאָר גרעגאָרי זאָגט: "די עלטערן פון דעם שימפאַנזע־גאָרילע־מענטשן זיינען פארטראָטן אין דעם מייעסינישן פּעריאָד (ארום צוועלף מיליאָן יאָר צוריק) דורך די סיוואַפּאטעקוס און דרעאָפּאטעקוס מינים. דער ערשטער מין איז נאָענט צום מענטשן און דער צווייטער איז נאָענט צו דער שימפאַנזע און צו דער גאָרילע" (זע קראוגערס אנטראָפּאָל. ז. 40).

וואוד דזשאָנס זאָגט: „א סך אויטאָריטעטן נעמען אָן, אז דער דרעאָ־פּאטעקוס האָט געהאט אייגנשאפטן, וואָס זיינען געווען נאָענט צו מענטשלעכע אייגנשאפטן" („מענס פּלייס אמאָנג מעמעלס" ז. 287) און דזשעראַלד הערד זאָגט: „מען געפינט פּאסילס אין פארשיידענע פּלעצער פון פארשווינדענע מאַלפּעס טיפּן. אייניקע טיפּן, ווי די סיוואַפּאטעקוס און דרעאָפּאטעקוס און די נאָר וואָס געפונענע רעסאַפּאטעקוס לעבן די הימאַלייער בערג, זיינען אסך מער אנטוויקלט פון די מאַלפּעס, וועלכע געפינען זיך איצט אויף דער ערד. די סיגראַוואַפּאטעקוס באַזיצט גוט אנטוויקלטע באקן און מויל ביינער. זי באַזיצט א קאָפּ און אַלגעמיינע שטריכן, וואָס זיינען אסך מער אנטוויקלט, ווי די קאָפּ און פון די אַלגעמיינע שטריכן פון די מאַלפּעס, וואָס געפינען זיך איצט אויף דער ערד. מען איז כמעט זיכער, אַז דער מענטש שטאַמט ניט ארויס פון די מאַלפּעס, וואָס לעבן איצט אויף דער ערד. מען נעמט אָן, אז דער מענטש און די מאַלפּעס שטאַמען ארויס פון די זעלבע עלטערן" (זע „די סאָורס אָוו סיליוויליזיישאָן" ז. 84).

עס זיינען ניט נאָר געבליבן סימנים פון פארשוואונדענע מינים אפּן און מינים מאַלפּעס, נאָר עס זיינען געבליבן סימנים פון מענטשן־ענלעכע טיפּן. דארסי זאָגט: „דער דרעאָפּאטעקוס איז געווען אַן אנטראַפּויד, ער איז געווען א מענטשן־ענלעכע מאַלפּע. ער איז געווען נאָענטער צום מענטשן, ווי וועלכע ס'איז מאַלפּע, וואָס לעבט איצט אויף דער ערד" (זע „די סטאָרי אָוו סיווילייזיישאָן" ז. 9).

פון די אויסצוגן קען מען זען, אַז וועגן דעם ווען, וואו און דעם ווי־אַזוי דער מענטש איז אַנטשטאַנען קען מען נאָך איצט קיין באַשטימטעס ניט זאָגן. מען פארבינדט דעם מאָמענט פון זיין קומען אויף דער וועלט מיט דער צייט ווען אַ סך מינים מאַלפּעס האָבן אַרומגעוואַנדערט און דאָס איז געווען מיט אַן ערך צען מיליאָן יאָרן צוריק. מען באַהויפּטעט אויך, אַז די ארומ־וואַנדערנדע מאַלפּעס זיינען געווען ענלעכער אויפן מענטשן, ווי די איצטיקע מאַלפּעס. מען פארבינדט דעם מאָמענט פונם מענטשנס אנטשטייאונג מיט די טאָפּאָגראַפישע ענדערונגען, וואָס זיינען אין יענער צייט פּאָרגעקומען אין צענטראַל אזיע, ווען, ווי מען נעמט אָן, די הימאַלייער בערג זיינען אנטשטאַנען.

די בערג האָבן געשפּאָלטן דעם אזיאַטישן קאָנטינענט אויף צווייען. דער צפונ־דיקער טייל, האַלט מען, איז אויף אזויפיל פאַרענדערט געוואָרן, אַז דער גאַנצער לעבן אויף אים פון פלאַנצן און פון חיות האָט געמוזט געענדערט ווערן.

מען גלויבט, אַז דאָס איז געווען די צייט, ווען די מאַלפּעס זיינען אַראָפּגעטריבן געוואָרן פון די בוימער. אָסבאָרן זאָגט, אז די בוימער האָבן זיי פאַרלאָזט און ניט האָבן זיי פאַרלאָזט די בוימער... אויף דער ערד האָבן די מאַלפּעס געדאַרפט פירן אַ ביטערן קאַמף פאַר זייער לעבן, און, ווי מען זאָגט „בויט ברעכט אייזן." די נויט האָט, נעמט מען אָן, געצוואונגען די מאַלפּע צו פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מענטשן... אויף דער פראַגע ווי אַזוי האָט עס די מאַלפּע געטאָן, ענטפערט עליאָט סמיט, אַז זי האָט עס געטאָן אויף אַן „אייג־פאַכן" אופן, זי האָט גרעסער געמאַכט איר מאַרך... דאַרסי פרעגט: „אויב מאַלפּעס זיינען כמעט מענטשן, פאַרוואָס לערנען זיי זיך ניט אויס צו האַנדלען ווי מענטשן?" און ער ענטפערט אַליין: "זיי האָבן ניט גענוג מאַרך . . . נאָר מיט איין לעפעלע אָדער עטלעכע לעפעלעך מער מאַרך און זיי וואָלטן גע־קענט מאַכן די קונץ. מענטשן האָבן ניט קיין נייע מאַרך־צעלן, זיי האָבן אויך ניט קיין נייעם אופן ווי צו פאַראייניקן די צעלן, זיי האָבן נאָר מער מאַרך און אַ גרעסערן שטח פאַר די פאַרבינדונגען אינם אויבערשטן מאַרך".

די גאָרילע וועגט 600 פונט און האָט אַ מאַרך פון 600 גראַם. ס'איז אביסל מער פון איין דריטל פון אַ מענטשנס מאַרך (דורכשניט 1400 גראַם) און דער גאָרילעס מאַרך איז דער גרעסטער (אַ גיבאַנס מאַרך וועגט 90 גראַם). דאָס, נעמט מען אָן, איז די סיבה פונם אונטערשייד צווישן דער מאַלפּע און דעם מענטשן... דער פּיטעקאַנטראָפּוס אירעקטוס, דער אורשפּרונגלעכער אַפּן־מענטש, האָט מען אויסגערעכנט, האָט געהאַט אַ מאַרך, וואָס האָט גע־וואויגן אַרום 840 גראַם. דער אַוסטראַליער פּיגמי, דער פּרימיטיווסטער מענטש, וואָס געפינט זיך איצט אויף דער וועלט, האָט אַ מאַרך פון אַרום 1000 גראַם (זע וואַרדאַן „עוואָלושן אָוו היומען בעהייוויער" ז. 84).

ווי אַזוי דער מאַרך איז היסטאָריש פאַרגרעסערט געוואָרן ווייסט מען ניט; מען נעמט אָן, אַז די פאַרגרעסערונג איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער צווינגענדער נויט צו האַנדלען אונטער געענדערטע באַדינגונגען, ווען די מאַלפּע, אָדער אַנטראָפּויד, איז אַראָפּגעטריבן געוואָרן פון די בוימער אויף דער ערד וואו ער האָט געדאַרפט פירן אַ קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ אין אַן אומפריינטלעכער סביבה; וואו ער איז געווען אַרומגערינגלט פון שטאַרקע און פלינקע שונאים, וועלכע האָבן אויף אים געלויערט פון יעדן ווינקל... דער פאַרגרעסערטער מאַרך, זאָגט עליאָט סמיט, האָט אים געראַטעוועט פון אונטערגאַנג.

די היפּאָטעזע, אַז דער פאַרגרעסערטער מאַרך האָט געראַטעוועט דעם אורשפּרונגלעכן מענטשן פון אונטערגאַנג, ווערט באַשטעטיקט דורך דעם פאַקט, וואָס די פאַרגרעסערונג איז הויפּטזעכלעך פאָרגעקומען אין פאָדערשטן טייל פון מאַרך, אין דעם טייל, וואו עס געפינען זיך די גרעסטע טייל פאַר־בינדונגס־צענטערן און וואו די פּסיכישע פונקציע, דענקט מען, איז מער אַקטיוו, ווי אין אַנדערע טיילן פון מאַרך. עס דאַרף מיינען, אַז די פאַרגרע־סערונג פון דעם טייל מאַרך האָט דעם אַנטראָפּויד פאַרוואַנדלט אין אַ מענטשן. דאָס איז די הערשנדע מיינונג וועגן דעם ענין.

ווי פריער געזאָגט, ווייסט מען ניט דירעקט וועגן דעם אופן ווי אַזוי די עוואָלוציע פונם מענטשן אין היסטאָריש פאַרגעקומען. ווען מען ווייסט ניט דירעקט, פּרובירט מען דעם ניט וויסן פאַרגיטיקן מיט דעם וואָס מען ווייסט: — מען ציט שלוסן פון פאַרגלייכן, מען פאַרגלייכט דאָס מענטשן־קינד מיטן קינד פון דער מאַלפּע און מען ציט שלוסן פונם פאַרגלייך.

דער אונטערשייד צווישן מענטש און מאַלפּע הויבט זיך נאָך אָן פאַרן געבורט. דער שוואַנגערשאַפט פּעריאָד פון מענטשן איז ניין חדשים (280 טעג) און דער שוואַנגערשאַפט פּעריאָד פון דער מאַלפּע איז זיבן חדשים (220 טעג). אין די צוויי חדשים, וואָס דאָס מענטשן־קינד געפינט זיך לענגער אין דער מוטערס בויך, קומען אין דעם פאָר וויכטיקע ענדערונגען. אין זיבעטן חודש הויבט דאָס קינד אָן פאַרלירן די האָר פון קערפּער, און ווי דאַרסי זאָגט, "די ענערגיע, וואָס די טיירויד דריז נוצט אויף דער חיה׳ס האָר, פאַרוואַנדלט ער אין אַן אייגנשאַפט וואָס האָט געהאָלפן צו קענען מאַכן קליידער זיי זאָלן וואַרעמען דעם קערפּער"... אין אָט דעם לאַקאָנישן אויסדרוק איז אײַנגעשלאָסן אַ רייכער געדאַנק: — די ענערגיע, וואָס די חיה נוצט צו אָנהאַלטן דאָס לעבן פון די האָר, האָט דער מענטש באַנוצט פאַר זיין מאַרך און מיט אַן אַנטוויקלטן מאַרך האָט ער דערוואָרבן געגנוג שכל ווי זיך צו באַוואָרענען קעגן קעלט. אַדאַנק אָט־דער "ענערגיע" ווערט דעם קינדס מאַרך אַזוי גרויס אין די צוויי חדשים, אַז דער קאָפּ ווערט צו־שווער פאַר די אַקסלען...

און ערשט ווערט דאָס קינד געבוירן נאָר מיט איין־פינפטל וואָג פון אַ דערוואַקסענעם מענטשס מאַרך און אַ מאַלפּע ווערט געבוירן מיט צוויי־דריטל מאַרך (ע. דזשיימס "דהי בעגינינג אָוו מען", ז. 155).

אַז דער מאַרך זאָל קענען אָנהאַלטן וואַקסן נאָכן געבורט, דאַרפן די ביינער פון קאָפּ־קאַסטן בלייבן אָפן אין אייניקע פלעצער. דאָס איז נויטיק אום דער וואַקסענדער מאַרך זאָל האָבן פּלאַץ וואו זיך צו צעשפּרייטן. אָבער אַ קאָפּ, וואָס איז ניט האַרט און ניט שטייף, דאַרף אָפּגעהיט ווערן ער זאָל ניט געשעדיקט ווערן. דאָס איז נאָר מעגלעך אונטער מענטשלעכע באַדינגונגען, און ווען די קינדהייט איז אַ דויערענדע און מען גיט אַכטונג אויפן קינד. חיות קענען זיך ניט דערלויבן אַזאַ פאַרגעניגן, ווערן זייערע קינדער געבוירן קרעפטיק און זיי אַנטוויקלען זיך שנעל. די מאַלפּע, וואָס איז אַ קרובה צום מענטשן, ווערט ניט געבוירן אינגאַנצן רייף: — אַ מאַלפּע־קינד הויבט אָן ציינדלען ווען עס איז אַלט צוויי חדשים און אַרומגיין צו זעקס חדשים. פיזיש געווינט די מאַלפּע, אָבער גייסטיק געווינט דער מענטש: — ווען די יונגע מאַלפּע האַלט זיך אין איין באַוועגן, נעמט דאָס הילפלאָזע מענטשן־קינד אין זיך אַריין איינדרוקן און לערנט פון זיי.

פון זייער עקספּערימענט, וואָס די קעלאָגס האָבן געמאַכט, ווען זיי האָבן דערצויגן זייער קינד צוזאַמען מיט אַ קינד פון אַ שימפּאַנזע, דערציילן זיי, אַז ווען די שימפּאַנזע איז אַלט געווען צען חדשים, האָט זי "געקענט אַראָפּשפּרינגען פון אַ הויכן קינדער־ביינקל, זיך אָנשלאָגן מיטן קאָפּ אין דיל און אויפשטיין פון דער ערד און זיך נעמען לויפן. דאָס אָנשלאָגן זיך מיטן קאָפּ אין דיל האָט איר, ווי ס׳זעט אויס, קיין שום שאָדן ניט געטאָן. זי האָט אפילו, ווי ס׳ווייזט אויס, קיין ספּעציעלן ווייטיק ניט געפילט. איר קאָפּ און די אַנדערע ביינער פון קערפּער, זיינען שוין געווען אויף אַזויפיל פאַרהאַר־

טעוועט, אז דער קלאַפּ האָט זיי ניט געשעדיקט.״ (זע קעלאָג ענד קעלאָג ״איים ענד טשיילד״ ז. 280).

אין דער עלטער, ווען דאָס האָט פּאַסירט מיט דער שימפּאַנזע, איז זייער קינד ארומגעקראָכן הילפלאָז. אָבער די קינדערשע הילפלאָזיקייט העלפט אין דער גייסטיקער אנטוויקלונג פונם מענטשן: ווען די שימפּאַנזע נוצט איר גאַנצע ענערגיע פאַר אַרומלויפן און פאַר קערפּערלעכער אַקטיוויטעט אין אַלגעמיין, ליגט דאָס הילפלאָזע קינד אויף איין אָרט און נעמט אריין איינדרוקן, וואָס וועקט זיין נייגעריקייט און אַנטוויקלט זיינע גייסטיקע נייגונגען און פייעקייטן. מעגלעך, אז די לאַנגע און הילפלאָזע קינדהייט, איז א וויכטיקער פאַקטאָר, וואָס האָט געוועקט אינם מענטשן די אייגנשאַפט צו פאָרשן און צו וועלן פארשטיין אַלץ, וואָס רינגלט אים ארום.

אָט די דאָזיקע אונטערשיידן צווישן מענטש און מאַלפּע, וואָס זיינען אזוי וויכטיק פון פּסיכישן שטאַנדפּונקט, פון שטאַנדפּונקט פון מענטשלעכער אנטוויקלונג און פון דער אנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער קולטור, זיינען ביאָלאָגיש ניט אזוי פונדאַמענטאַל, ווי מען מיינט. מען נעמט אָן, אז ביאָלאָגיש באַשטייען זיי פון א העכערער גראַדאַציע פון עוואָלוציע, אָבער ניט פון קיין ספּעציעלן אנדערן נאַטור גאַנג.

ווען מען האָט זיך אָנגעהויבן אָפּטראָגן ערנסט צו עוואָלוציע און מען האָט אָנגעהויבן צוזאַמענשטעלן די פּרימאַטן לויטן עוואָלוציע בוים, האָט זיך זייער שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן דער גרויסער אונטערשייד צווישן די פיר מאַלפּע טיפּן, וואָס געפינען זיך איצט אויף דער וועלט (גאָרילע, שימ־פּאַנזע, אראַנג־אטאַנג און גיבאָן) פון איין זייט און אפילו פון דעם פּרימי־טיווסטן מענטשן פון דער צווייטער זייט. מען האָט אין יענער צייט ניט באַ־מערקט, אז א גרויסער טייל אונטערשיידן זיינען א רעזולטאַט פון עוואָלוציע און זיינען איבערהויפּט ניט אזוי פונדאַמענטאַל, ווי מען דענקט. און מען האָט אויך ניט געוואוסט, אָז קעגן די אַכצן אונטערשיידן צווישן דעם מענטש און דער מאַלפּע, געפינט מען 98 אידענטישע אייגנשאַפטן צווישן דעם מענטש און דער גערילע, 87 אידענטישע אייגנשאַפטן צווישן דעם מענטש און דער שימפּאַנזע און אז. וו. (זע דזשאָנס ״מענס פּלייס אמאנג מאַמעלס״ ז. 333).

דאָס מיינט, אָז די ענלעכקייטן צווישן מענטש און מאַלפּע זיינען אַ סך מער פון זייערע אונטערשיידן. מען דאַרף אָבער צוגעבן, אז ווען אפילו מען נעמט דאָס אַלץ אין באַטראַכט, איז נאָך אַלץ דער אונטערשייד צווישן זיי אזאַ גרויסער, אז מען האָט א רעכט אָנצונעמען, אז דער צווייפל צי דער מענטש שטאַמט אַרויס פון מאַלפּעס, וואָס לעבן איצט אויף דער וועלט, איז א באַ־רעכטיקטער. מען האָט א רעכט אָנצונעמען, אז דער אָפּגרונט צווישן זיי איז אזאַ גרויסער, אז מען קען אים דירעקט ניט אַריבערשפּרינגען: — עס פעלט א רינג, אָדער פילייכט עטלעכע רינגען, פון דער עוואָלוציע קייט... פּאַלעאָנ־טאָלאָגן האָבן זיך גענומען זוכן דעם ״פאַרלוירענעם״ רינג, אָדער רינגען פון דער עוואָלוציע קייט; זיי האָבן זיך גענומען זוכן צווישן אויסגראָבונגען פאַר פאַרהאַרטעוועטע טיילן (פאָסילס) פון מינים, וואָס האָבן געלעבט אין דער גרויער פאַרגאַנגענהייט. און ווען מען זוכט לאַנג גענוג, האָט די דערפאַרונג געלערנט, געפינט מען געוויינטלעך דאָס, אויף וואָס די טעאָריע פון עוואָלו־ציע צייגט אָן, אז ס׳דאַרף זיין...

איצט, ווי ס'איז פריער באמערקט געוואָרן, נעמט מען אָן, אז די וואנ־דערענדע מאלפּעס, וואָס האָבן געלעבט מיט אן ערך צען מיליאָן יאָרן צוריק, זיינען באשטאנען פון איינעם פון די רינגען, וואָס דאַרפן פאראייניקן דעם מענטשן מיט דער מאלפּע. מען נעמט אָן, אז זיי זיינען אסך נאָענטער צום מענטשן, ווי צו דער מאלפּע. דער אמת פאָדערט אָבער מען זאָל צוגעבן, אָז ערשטנס ווייסט מען זייער ווייניק וועגן זיי, מען זאָל קענען זאָגן אויף זיכער, אַז זיי זיינען די דירעקטע פאָרלויפער פון דעם מענטשן, און צווייטנס דאַרף מען ווייטער צוגעבן, אז ווען מען זאָל אפילו וויסן מער וועגן זיי, וואָלט דער צוגעגעבענער וויסן נאָך אלץ ניט געלייזט דעם פּראָבלעם וועגן דער אנט־שטייאונג און אנטוויקלונג פונם מענטשן. די דאָזיקע וואנדערענדע מאלפּעס האָבן געלעבט מיט אן ערך צען מיליאָן יאָרן צוריק... עס בלייבט א חלל פון מיליאָנען יאָרן... מען ווייסט נאָך אלץ ניט וועגן דעם ווען, וואו און ווי אזוי דער מענטש איז אנטשטאַנען...

וועגן דעם פּיטעקאנטראָפּוס אירעקטוס, וועגן דעם גלייך־גייענדן מאַל־פּע־מענטש, וועמען אָסבאָרן זאָגט מען באלייזיקט מיטן מאלפּע טייל פונם נאָמען, ווייסט מען אויך כמעט ווי גאָרניט. מען האָט געפונען א טייל פון א מארך, א לאנגן ביין (פּימאר) און צוויי ציין און ניט מער. פאָרשער בא־הויפּטן, אז די געפונענע טיילן זיינען גענוג מען זאָל קענען צוזאמענשטעלן דעם מענטשן און קריגן א באגריף וועגן אים אין אלגעמיין.

לויט דער פאָרמע פונם פוס ביין קען מען זען, אז דער מענטש האָט זיך באוועגט אויף צוויי פיס און איז געשטאַנען גלייך (ווערטיקאל). זיינע הענט זיינען געווען פריי ווען ער האָט זיך באוועגט און ער האָט זיי געקענט נוצן ווען ער האָט געפירט א קאמף מיט א שונא.

עס ווערט אָנגענומען, אַז באַפרייטע הענט איז געווען דער ערשטער באַדינג, אַז א מענטש זאָל זיך קענען אנטוויקלען. פריי באוועגנדע הענט מיינט, אַז דער מארך האָט פאָרבינדונגען פאר קאָאָרדינירטער אקטיוויטעט. מען קען אויך זאָגן פאַרקערט, אז באוועגנדע הענט האָבן געשאפן א קאָ־רעספּאָנדירנדע מארך קאָאָרדינאַציע פאר זייער פונקציע.

לויט דער קאָנפיגוראציע פונם מארך שארבן האָט מען אויסגערעכנט, אז דער מאַרך האָט געוואויגן ארום 840 גראם, וואָס איז מער מיט 240 גראם פונם מארך פון א גאָרילע און אסך ווייניקער פונם קלענסטן מענטשן־מארך. מען נעמט אָן, אז דער מענטש האָט געקענט ריידן. דעם שלוס האָט מען גע־צויגן אי פון דער קאָנפיגוראציע פונם מארך־שארבן, וואָס האָט געהאט פלאַץ פאר אַ שפּראַך צענטער, אי פון די געפונענע ציין, וואָס האָבן דערלויבט צו ארטיקולירן דאָס מויל פאר קלאנגען. אויב דאָס איז ריכטיק, מיינט עס, אז דער באטרעפענדער מענטש האָט געפירט א געזעלשאפטלעכן לעבן, ווייל שפּראַך איז אַ רעזולטאט פון קאָמוניקאַציע צווישן מענטשן.

דער פּיטעקאנטראָפּוס אירעקטוס, דער מאַלפּע־מענטש, איז דער ער־שטער, וועגן וועמען מען ווייס עפּעס. פאַרן כבוד צו באטראכט ווערן דער צווייטער טיפּ מענטש קריגן זיך צוויי טיפּן: דער פּילטדאַון טיפּ, פון וועמען מען האָט געפונען ביינער אין ענגלאַנד און דער היידעלבערג טיפּ, פון וועמען מען האָט געפונען ביינער אין דייטשלאַנד. אַזוי ווי וועגןביידע טיפּן ווייס מען זייער ווייניק, אָדער כמעט גאָרניט, איז דער שטרייט ניט מער ווי אן

אַקאַדעמישער.

אַז מען וויס זייער ווייניק פון אַט די אַלע טיפּן באַווייזט דער פאַקט, וואָס איינציקע פאָרשער האַלטן, אַז דער פּילטדאַן טיפּ איז געווען אַ צייט־חבר פונם פּיטעקאַנטראָפּוס ארעקטוס און אַז דער היידעלבערג טיפּ איז געקומען אַזוי שפּעט, אַז ער איז געווען דער דירעקטער פאָרלויפער פונעם נינדערטאַל מענטש. פאַרקערט, זיינען פאַראַן אַזוינע פאָרשער וועלכע גיבן אָן אומשטרייט־באַרע באַווייזן, אַז דער היידעלבערג טיפּ האָט געלעבט גלייך נאָכ'ן פּיטעקאַנט־ראָפּוס און פאַרן פּילטדאַן טיפּ. דאָס אַלץ באַווייזט, אַז דער שטרייט איז אַ ריין אַקאַדעמישער און אַז פון די אַלע טיפּן וויס מען זייער ווייניק אָדער כמעט גאָרניט.

מען נעמט אָן, אַז דער נינדערטאַל טיפּ איז געקומען אויף דער וועלט שפּעטער פון די פריער אויסגערעכנטע טיפּן. אָבער אפילו דאָס ווערט ניט אָנגענומען פון אַלע פאָרשער. פּראָפעסאָר האַטען האַלט, אַז אַלע פאַרשיידענע טיפּן אורשפּרונג מענטשן האָבן זיך גלייכצייטיק אָפּגעטיילט פונם אַנטראָפּויד און האָבן זיך גלייכצייטיק צעשפּרייט איבער דער וועלט.

ווען מען לאָזט אויס אַלע שטרייט פראַגן, בלייבט מען מיט אַ זיכערן פאַקט, אַז דער נינדערטאַל מענטש האָט געלעבט אויף דער וועלט לענגער ווי אַלע אַנדערע טיפּן מענטשן. מען נעמט אָן, אַז ער האָט אָנגעהאַלטן זיין עקזי־סטענץ פאַר גאַנצע ביינהונדערט טויזנט יאָר. אַסבאָרן קאָמענטירט וועגן דעם אַז "מען דאַרף זיך ניט חידושן, וואָס איין טיפּ האָט אָנגעהאַלטן זיין עקזיסטענץ פאַר גאַנצע ביינהונדערט טויזנט יאָר, ווען מען וויס, אַז די אַלטע פּרימיטיווע טאַסמאַנער ראַסע, וואָס קומט אַרויס פון דער אַלטער שטיינערנער צייט, איז געבליבן לעבן ביז דער מאָדערנער צייט. ווי ס'איז אויף אַ צווייטן פּלאַץ אָנ־געוויזן געוואָרן, איז דער נינדערטאַל טיפּ אין איירָאָפּע דערשינען פאַר דעם היידעלבערג פעריאָד" (זע "מען רייזעס טו פאַרנאַסעס" זז. 97־78).

דער נינדערטאַל מענטש האָט אָנגעהאַלטן זיין עקזיסטענץ ביז מיט אַן ערך זיבעציק טויזנט יאָר צוריק און כאָטש ער האָט פאַר דער גאָר לאַנגער צייט זייער ווייניק פּראָגרעסירט, איז אַזוי ווי ער האָט אָנגעהאַלטן זיין עקזי־סטענץ אַזוי לאַנג, ווייסט מען וועגן זיין לעבן זייער אַסך. דאָ וועט ציטירט ווערן וואָס אַסבאָרן זאָגט וועגן אים. ער זאָגט: "דער נינדערטאַל מענטש רע־פּרעזענטירט מיט זיך אַ זעלטענעם ביישפּיל פון אַן אַרעסטירטער, מען קען אפילו זאָגן, אַ רעטראָגרעסיווער מענטשלעכער אַנטוויקלונג. אין דער צייט וואָס ער האָט געלעבט איז אין איירָאָפּאַ געווען מער ווי גענוג שפּייז. ער האָט ניט געהאַט קיין פּראָבלעם וועגן זוכן עסן, האָט ער געלעבט אַ לייכטן און זאָרגלאָזן לעבן. דער גינסטיקער צושטאַנד האָט אָנגעהאַלטן פאַר כמעט דער גאַנצער צייט פון זיין הערשאַפט... זיין לאַגע האָט זיך כמעט ניט געענדערט ביז ס'איז געקומען דער קאַלטער קלימאַט פונם פערטן און לעצטן אייז־בערג פעריאָד, ווען ער איז פאַרטריבן געוואָרן פונם לייכטן און זאָרגלאָזן לעבן אויף די אָפענע פעלדער און לעבן די טייכן, אין די אונטערערדישע היילן אַריין אום זיך צו באַשיצן פון דער שרעקלעכער קעלט.

ווי עס זעט אויס האָבן אפילו די שווערע באַדינגונגען אויף אים ניט געווירקט ער זאָל שאַפן עפּעס נייעס פון די שטיינערנע געצייג. עס זעט אָבער אויס, אַז די שלעכטע באַדינגונגען האָבן יאָ אויפגעוועקט זיין פאַנטאַזיע, ווייל

פון יענער צייט אָן האָט ער אָנגעהויבן צו באַגראָבן די מתים אויף אַ פּאָר־זיכטיקן אופן לעבן דעם אַריינגאַנג פון די הייל. פון אָט די קברים ווייסן מיר וועגן דער פיזישער סטרוקטור פון די פאַרצייטיקע מענטשן. מען ווייס, אַז זיי זיינען געווען קורץ און פעט, זיי האָבן געהאַט גרויסע קעפּ, זייערע אַקסלען זיינען געווען איינגעבויגן. אויך זייער האַלז און רוקן זיינען געווען איינגעבויגן. זיי האָבן געהאַט גראָבע הענט מיט וועלכע ס'איז געווען שווער צו האַלטן וועלכע ס'איז געצייג. זייערע פיס זיינען געווען קורץ און גראָב און זיי זיינען געווען ענלעך אויף מאַלפּעס.

זייער אַלגעמיינער אויסזען איז געווען פון אידיאָטן און זיי האָבן טאַקע געהאַט זייער ווייניק שכל, כאָטש זיי האָבן געהאַט גרויסע קעפּ מיט אַ פאַרהעלטניסמעסיק גרויסן מאַרך. דער פאָדערשטער טייל פון מאַרך איז אָבער בײַ זיי געווען זייער ווייניק אַנטוויקלט.

ווי ס'זעט אויס, איז די גרויס פון זייער מאַרך ניט געווען קיין רעזולטאַט פון פיזישער אַרבעט מיט די הענט און געוויס ניט קיין רעזולטאַט פון דענקען. פיזיש זיינען זיי געווען זייער שטאַרק און קרעפטיק (זע "מען רייזעס טו פארנעסעס" זז. 9.־80).

מען קען זען, אַז וועגן דעם נינדערטאַל מענטש ווייס מען אַסך און ס'איז ניט קיין וואונדער וואָס מען ווייס וועגן זיי אַזויפיל, ווען זיי האָבן אַזוי לאַנג געלעבט אויף דער וועלט און זיי האָבן געלעבט ביז אַ פאַרהעלטניסמעסיק קורצער צייט צוריק. עפּעס האָבן זיי נאָך אַלעמען איבערגעלאָזט טראָץ דעם, וואָס אַליין האָבן זיי זיך אַזוי ווייניק אנטוויקלט.

אין זיין קלאַסישער אַרבעט "מען אָוו די אָלד סטאָן אייִדזש" גיט אָסבאָרן זיי אָפּ מער פּלאַץ, ווי אַלע אַנדערע טיפּן מענטשן צוזאַמענגענומען. דאָס טוט ער איינפאַך דערפאַר, וואָס אַזוי ווי זיי האָבן געלעבט אַסך לענגער אויף דער וועלט פון אַלע אַנדערע טיפּן, האָבן זיי איבערגעלאָזט מער שטיינערנע געצייג פון די אַנדערע מענטשן. דאָס ווערק מאַכט אָבער אַ מאָדנעם איינדרוק מיט דעם וואָס ער באַשעפטיקט זיך מיט די שטיינער, מיטן קלימאַט און מיט די אַלגעמיינע סביבה באַדינגונגען, אַסך, אַסך מער ווי מיט די מענטשן גופא. וועגן די מענטשן זאָגט ער זייער ווייניק און דאָס וואָס מען וואָלט אַמערסטנס געוואָלט וויסן, נעמלעך, פאַר וואָס האָבן זיי זיך ניט אַנטוויקלט, וועגן דעם זאָגט ער אפילו קיין איין וואָרט ניט . . .

מען דערקלערט זייער סטאַגנאַציע מיט דעם, אַז זיי זיינען באַשטאַנען פון אַ פיקסירטן טיפּ. דאַרף מען אָבער צוגעבן, אַז דאָס איז אַ קיילעכדיקע דערקלערונג, עס איז איינע פון יענע דערקלערונגען, וואָס דערקלערן קיין זאַך ניט, זיי מאַכן נאָר אַ בעסערן איינדרוק ווי צו זאָגן מען ווייס ניט.

נאָך דעם נינדערטאַל מענטש האָט די וועלט ארענע באַהערשט דער קראָ־מאַגנען טיפּ מענטש. וועגן אים זאָגט קלעלאַנד, אַז "אַלע אַנטראָפּאָלאָגן נעמען אָן, אַז דער קראָ־מאַגנאָן טיפּ באַלאַנגט צום מאָדערנעם מענטשן־טיפּ, ער באַלאַנגט צו דער אַזוי אָנגערופענער האָמאָ־סאַפּיען משפחה... די קראָ־מאַגנען מענטשן זיינען געווען זייער הויך אין וואוקס, זייער דורכשניט הויך איז געווען זעקס פוס, זיי האָבן אויסגעזען ווי אַטלעטן. זיי האָבן געהאַט אַ הויכן שטערן, וואָס איז געווען ענלעך אויפן שטערן פון אַ מאָדערנעם מענטשן. זיי האָבן געהאַט אַ רונדן קאָפּ און זיי האָבן אים געהאַלטן הויך אויפגעהויבן.

זייער מארך האָט אין דורכשניט געוואויגן אביסל מער פונם דורכשניט וואָג פון אַ מאַרך פון אַ מאָדערנעם מענטשן. זיי האָבן געהאַט אַ ברייטן פּנים מיט אַ שמאָלער נאָז און אויך שמאָלע באַקן... דער קראָ־מאַגנען מענטש האָט אין אַלגעמיין באַלאַנגט צו אַ הויך ענטוויקלטער ראַסע אי פיזיש, אי גייסטיק.

די נאַרישע נינדערטאַלן, וואָס האָבן נאָר געהאַט פיזישן כוח, אָבער ניט קיין שכל, האָבן זיך ניט געקענט פאַרמעסטן צו קעמפן מיטן קראָ־מאַגנען טיפּ. עס האָט גענומען אַ קורצע צייט און די נייע אימיגראַנטן האָבן פאָל־שטענדיק פאַרניכטעט דעם נינדערטאַלן טיפּ. ווי עס זעט אויס, זיינען די נינ־דערטאַלע מענטשן געווען אַזוי העסלעך, אַז די נייע איינוואוינער האָבן אפילו זייערע פרויען ניט געוואָלט האָבן און האָבן זיי קיינמאָל ניט גענומען פאַר קיין ווייבער. די קראָ־מאַגנען מענער האָבן פאַרניכטעט די העסלעכע פרויען, ווי מען פאַרניכטעט ווילדע חיות" (דאָרטן ז. 22־23). אַלע אַנטראָפּאָלאָגן גיבן צו, אַז דער קראָ־מאַגנען טיפּ איז געווען נאָענט צו די מאָדערנע מענטשן, אָבער ניט אַלע נעמען אָן, אַז זיי האָבן באַלאַנגט צו דער האַמאָ־סאַפּיען פאַ־מיליע. אויב דאָס, וואָס קלעלאַנד זאָגט וועגן דער טיכטיקער פאַרניכטונגס אַר־בעט פון די קראָ־מאַגנען מענטשן איבער זייערע נינדערטאַלע פאָרלויפער, איז ריכטיק, האָבן די לעצטע געדאַרפט האָבן אַ שווידערלעכן אויסזען און האָבן געדאַרפט זיין זייער ווילד; ווייל געוויינטלעך פאַרניכטעט ניט איין טיפּ דעם צווייטן, ער פאַרשקלאַפט אים און טיילווייז מישט ער זיך מיט אים אויס. ער זאָל אים אָבער אינגאַנצן פאַרניכטן, איז אַן אויסנאַם. אין דעם פאַל האָט מען פאַר זיך אַ פאַקט, אַז פון אַ טיפּ, וואָס האָט געלעבט ניין הונדערט טויזנט יאָר אויף דער וועלט, איז קיין שריד ופליט ניט געבליבן...

ביז דעם קראָ־מאַגנען טיפּ ווערן פון אַנטראָפּאָלאָגן דערמאָנט איינצעל טיפּן און וועגן זיי איז, אויסער דעם נינדערטאַל טיפּ, ווייסט מען ניט קיין זאַך. מיטן קראָ־מאַגנען טיפּ הייבט מען אָן צו דערמאָנען אַנדערע טיפּן, אָדער ראַסן. אָט זאָגט אסבאָרן: "צי די קראָ־מאַגנען זיינען געווען די איינציקע באוואוינער פון אייראָפּע אין אָנהויב פון דער אָריגנאַסיער צייט, אָדער עס האָבן אויך גע־לעבט אַנדערע ראַסן, איז ניט קיין געלייזטע פראַגע" (דאָרטן). און ווען אסבאָרן ווייסט ניט, ווייסט קיינער ניט...

דעם פּאַרהיסטאָרישן פּעריאָד פון דער מענטשלעכער געשיכטע האָט מען ערשט אָנגעהויבן פאָרשן, קען מען וועגן אים ניט זאָגן קיין זאַך מיט וועל־כער עס איז זיכערקייט. עס איז אפילו מעגלעך, אַז דער אַנטראָפּאָלאָג האָט איז גערעכט, ווען ער זאָגט "ס'זעט אויס, אַז די אַסימעטרישע עוואָלוציע פון די פאַרצייטיקע און מאָדערנע מענטשן, אַזוי גוט ווי די פאַרשיידענע אַנטראָ־פּוידן קען נאָר דערקלערט ווערן, ווען מען נעמט אָן, אַז די פאַר־מענטשלעכע עלטערן האָבן זיך צעצווייגט אַסך פריער, איידער זיי זיינען געוואָרן מענטשן" ("קרובערס סארס בוק אוו אַנטראָפּאָלאָדזשיע" ז. 72). דאָס מיינט גאַנץ איינ־פאַך, אַז מען קען ניט ריידן וועגן קיין פריעריקע און שפּעטערדיקע טיפּן, אַז פּאַקטיש האָבן די אַלע טיפּן געלעבט מער אָדער וויניקער צוזאַמען די גאַנצע צייט, נאָר מען ווייס דערפון ניט. די אַזוי אָנגערופענע "אַסימעטריע" האָט זיך נאָך אָנגעהויבן מיט אַנטריפּויד . . . ער שטרייכט אָבער אונטער, אַז ווען ער מאַכט די היפּאָטעזע, מיינט ער דערמיט ניט צו זאָגן, אַז דער מענטש איז מער ווי איינמאָל דערשינען אויף דער ערד. אין דעם גלויבט ער ניט.

ניט נאָר ווייסט מען קיין זאַך ניט וועגן די גאָר ערשטע מענטשן, נאָר אפילו וועגן די פאַרהעלטניסמעסיק שפּעטערע טיפּן ווייסט מען ניט קיין זאַך, געווי. די פאַרשיידענע נעמען, מיט וועלכע מען רופט זיי אָן, האָבן אַ שייכות צום פּלאַץ אויף וועלכן מען האָט געפונען דעם באַטרעפנדן טיפּ. אויף וויפיל מען איז ניט זיכער וועגן די פאַרשיידענע טיפּן, אויף אַזויפיל איז מען אויך ניט זיכער וועגן דער צייט אין וועלכער זיי האָבן געלעבט. דער אַנטראָפּאָלאָג, מאַרעט, דערציילט אַן אינצידענט, וואָס קלינגט מער ווי אַ וויץ, ווי אַ פאַקט: אַן אַנטראָפּאָלאָג האָט געהאַלטן אַ לעקציע וועגן אַ פּאַרהיסטאָרישן טיפּ מענטש; ער האָט דערקלערט זיין כאַראַקטער. אין מיטן זיין ריידן האָט אים אַ סטודענט אונטערבראָכן מיט דער פראַגע: ווען האָט דער דאָזיקער טיפּ געלעבט? דער פּראָפעסאָר איז געבליבן ווי צוטומעלט און האָט איבערגעפרעגט די פראַגע און האָט זיך אַליין געענטפערט: ווען ער האָט געלעבט? מ'קען ניט וויסן, מעגלעך מיט זעכצן טויזנט יאָר צוריק, מיט זעכציק טויזנט יאָר צוריק, אָדער גאָר מיט זעקסהונדערט טויזנט יאָר צוריק... וועגן דער צייט איז מען ניט זיכער; מ'איז אָבער זיכער, אַז ער האָט געלעבט אויף דער וועלט:—ס'זיינען פאַראַן סימנים... דער ניט וויסן איז אַ פענאָמענאַלער: אַט זאָגט עליאָט סמיט וועגן אַ צייט, וואָס אין אַנטראָפּאָלאָגישע טערמינען איז עס די מאָדערנע צייט, אַז "מען ווייסט ניט ווי אַלט עס זיינען די פאַרשיידענע מענטשלעכע ראַסן; פאַרבליבענע טיילן פון מענטשן, וועלכע האָבן געלעבט מיט פינף טויזנט יאָר צוריק, באַלאַנגען צו די זעלבע ראַסן, ווי די מענטשן, וואָס לעבן איצט אויף דער ערד" (זע "יומען היסטאָרי" ז. 108).

ווען מען פאַרלאָזט די ראַסן גופא און מען גייט איבער צו די אַזוי אָנגערופענע "ריינע" ראַסן, איז עליאָט סמיט אַ גרויסער אפּיקורוס וואָס אָנבאַלאַנגט "ריינע" ראַסן; ער באַרעכטיקט זיין אפּיקורסות דערמיט, וואָס מענטשן האָבן שטענדיק מיגרירט פון פּלאַץ צו פּלאַץ און האָבן זיך געהאַלטן אין איין אויסמישן צווישן זיך. אין דער גאָר פּרימיטיווער צייט, ווען מענטשן זיינען געווען שפּייז־זוכער, אָדער אפילו פּאַסטוכער, זיינען זיי ניט געזעסן אויף איין פּלאַץ, נאָר זיי האָבן געהאַלטן אין איין וואַנדערן: דאָס איז געווען דער אייגציקער מיטל, וואָס האָט זיי דערהאַלטן באַם לעבן. וואַנדערער האָבן, לויט זיין מיינונג, זיך געדאַרפט האַלטן אין איין צעזאַמענמישן. אַגריקולטור האָט צוגעשמידט דעם מענטשן צו אַ פּלאַץ, אָבער אויך אַגריקולטור פעלקער האָבן אַריינגעדרונגען איינער אין צווייטנס פּלאַץ און האָבן זיך צעזאַמענגעמישט. דערפאַר האַלט ער, אַז ס'איז אַן אַבסורד צו ריידן וועגן ריינע ראַסן.

פאַר אַ באַשטעטיגונג פון זיין מיינונג, אַז מענטשן האָבן שטענדיק מיגרירט פון פּלאַץ צו פּלאַץ, ברענגט ער דעם פאַקט, וואָס די פאַרשיידענע שטיינערנע געצייגן זיינען איבעראַל געווען די זעלבע. דאָס, האַלט ער, איז ניט קיין צופאַל, נאָר עס איז אַ רעזולטאַט פון מיגראַציע און פון ברענגען די געצייגן פון איין פּלאַץ צום צווייטן און זיי נאָכמאַכן. אַזאַ פאַרשפּרייטונגס פּראָצעס, נעמט ער אָן, איז געווען מעגלעך דערפאַר, וואָס דער שטיינערנער פּעריאָד האָט געדויערט אַזוי לאַנג, ווי פינף הונדערט טויזנט יאָר.

ער ברענגט אויך פאַר אַ באַשטעטיגונג פאַר זיין טעאָריע דעם טאַטעם, וואָס איז אוניווערסאַל. ער זאָגט: דער אַמעריקאַנער אינדיאַנער, דער בושמען פון דרום אַפריקע און די איינגעבוירענע אַוסטראַליער, זיי אַלע האָבן דעם

זעלבן מנהג צו צעקאַליעטשען זייערע פינגער; עס גלויבט זיך ניט, אז אזא מאָדנער און אויסערגעוויינטלעכער פּראָצעס, זאָל געווען אנטשטיין אין יעדן פלאַץ באזונדער, און זאָל געווען אנטשטיין פון א לאָקאלן באגריף. עס ווערן אָנגעגעבן פארשיידענע מאָטיוון פאר אָט דער האנדלונג. עס וואָלט אָבער געווען אסך מער ווי אויסערגעוויינטלעך, ווען אָט די אידייע זאָל זיך אויסדריקן אויפן זעלבן אופן אין אלע פלעצער באזונדער אומאפהייגיג אין פלאַץ פונם צווייטן. ווען מען געפינט די זעלבע מנהגים און גלויבונגען אין פארשיידענע טיילן פון דער וועלט, דארפן זיי אלע דערקלערט ווערן אויפן זעלבן אופן, ווי היסטאָרישע פאסירונגען ווערן דערקלערט: — מען דאַרף אָננעמען, אז דאָס גלויבן פון די אמעריקאנער אינדיאנער, אז א דראגאן, וואָס האָט פליגל און הערנער, איז דער כוח, וואָס קאָנטראָלירט וואַסער, קומט פון אַזיע, וואו עס הערשט דער זעלבער קאָמפּליצירטער און עקצענטרישער גלויבן... די עטנאָלאגן, וועלכע פארטיידיקן דעם היסטאָרישן שטאַנדפונקט, האלטן, אז דער דאָזיקער באגריף איז געקומען קיין אמעריקע אויפן זעלבן אופן, ווי די ביקס איז געקומען מיטן שפּאַניער און די דאַמף מאַשין איז געקומען מיטן ענגלענדער" (דאָרטן זז. 99־101).

דאָס צעטירטע איז אַזוי איבערצייגנד, אַז מען איז גענייגט עס צו אָננעמען פאר אבסאלוט ריכטיק. איז וואָס אָנבאלאנגט דאָס צעזאמענמישן זיך פון פעלקער און "ראַסן", קען מען זאָגן, אז וועגן דעם הערשן ניט קיין מיינונגס פארשיידנהייטן צווישן די אנטראפּאלאָגן (אויסער, נאטירלעך, די נאַצישע אנטראפּאלאָגן; מיט זיי אָבער רעכנט מען זיך ניט). וואָס אָנבאַלאַנגט אָבער די באווייזע וועגן דעם טאטעם און אז. וו., ווערט עליאָט סמיט פארעכנט פאר אן עקסטרעמיסט מיט זיין טעאָריע. די אויסזעצונגען קעגן זיין טעאָריע זיינען אזוינע וואָגיקע, אַז זיי קענען פאר קיין פאל ניט איגנאָרירט ווערן. אין זיין בוך "די אויפבויאונג פון קולטורן" (די בילדונג אָוו קולטשורס) באַמערקט פּראָפעסאָר דיקסאן, אז ניט לויט דער צייט, ווען די מנהגים האָבן עקזיסטירט אין פארשיידענע פלעצער און ניט לויטן שטח צווישן די פלעצער, קען מען זיי פאראייניקן: טויזנטער מיילן און טויזנטער יאָרן טיילן אָפּ איין פלאַץ פונם צווייטן וואו ענלעכע מנהגים האָבן עקזיסטירט. ער האלט אז עליאט סמיט איז אביסל צו האַסטיק מיט זיינע גענעראליזאַציעס. עס מיינט, אז די פראגע דארף בלייבן אַן אָפענע...

עליאט סמיטס האָט אָנגעהויבן מיט מענטשן טיפן און מיט פארשיידענע ראַסן און ניט באמערקטערהייט איז ער איבערגעגאַנגען צו זייער קולטורעלער אַנטוויקלונג. אָבער דער ענין פאָדערט אַ באַזונדער אָפּהאַנדלונג.

# קאַפּיטל 2

## פּרימיטיווער לעבן און דענקען

אין בראשית ווערט געזאָגט: ״די גאַנצע ערד איז געווען איין שפּראַך און איינע ווערטער. און עס איז געווען אַז זיי האָבן געצויגן אין מזרח, האָבן זיי געפונען אַ פּלוין אין לאַנד שנער, און האָבן זיך דאָרט באַזעצט. און זיי האָבן געזאָגט איינער צום אַנדערן: קומט לאָמיר מאַכן ציגל און אויסברענען אין אַ ברענעריי, און די ציגל איז זיי געוואָרן פאַר שטיין, און ליים איז זיי געוואָרן פאַר וואַפּנע. און זיי האָבן געזאָגט: קומט לאָמיר בויען אַ שטאָט, און אַ טורעם מיט זיין שפּיץ אין הימל. און לאָמיר אונדז מאַכן אַ נאָמען, כדי מיר זאָלן ניט צעשפּרייט ווערן אויפן געזיכט פון דער גאַנצער ערד. האָט גאָט אַראָפּגעגנידערט צו זען די שטאָט און דעם טורעם, וואָס די מענטשנקינדער האָבן געבויט: זע זיי זיינען איין פאָלק, און איין שפּראַך איז בא זיי אַלעמען, און דאָס איז ערשט אין אָנהויב פון זייער טאָן. און אַצינד וועט פון זיי ניט פאַרמידן ווערן אַלץ, וואָס זיי טראַכטן צו טאָן, קומט לאָמיר אַראָפּנידערן, און זיי צעמישן, אַז זיי זאָלן ניט פאַרשטיין איינער דעם אַנדערנס שפּראַך און גאָט האָט זיי צעשפּרייט פון דאָרטן אויפן געזיכט פון דער ערד״, (יהואש׳ס איבערזעצונג).

דאָס איז קולטור געשיכטע, ווי דער מחבר, אָדער כראָניקער פון תנ״ך, האָט פאַרשטאַנען. מעגלעך, אַז ער האָט געוואוסט וועגן די גיגאַנטישע טורעם־טעמפּלען, וואָס די סומערער און בבלאַניער האָבן אויפגעבויט מיט אַ פּאָר טויזנט יאָר פאַר זיין צייט און פון וועלכע עס זיינען נאָר געבליבן רואינען אין זיין צייט (איצט האָט מען די רואינען געפונען), האָט ער דערקלערט פאַרוואָס די טעמפּלען זיינען פאַרניכטעט געוואָרן לויט זיין רעליגיעזן באַגריף.

די פאַרבינדונג פון דער לעגענדע וועגן דעם דור־הפלגה מיט די רואינירטע טעמפּלען פון סומער און בבל, איז ניט מער ווי אַן איינפאַל, ער לייגט זיך אָבער אויפן שכל, ווייל ס׳איז שווער צו גלויבן, אַז די לעגענדע זאָל הינטער זיך ניט האָבן וועלכן עס איז טיילווייזן אמת. צי זי האָט הינטער זיך אַ וועלכן עס איז היסטאָרישן אמת אָדער ניט, ענטהאַלט זי סאַי ווי סאַי אַ קולטור־געשיכטלעכן פּראָבלעם: מען האָט אַ רעכט צו ספּעקולירן, אַז דער מחבר אָדער כראָניקער פון תנ״ך האָט זיך געשטעלט אַ קולטור היסטאָרישע פראַגע: נעמלעך, פון וואַנען האָבן זיך גענומען די אַלע פאַרשיידענע מענטשן־גרופּן, וואָס ריידן אויף פאַרשיידענע שפּראַכן, ווען גאָט האָט באַשאַפן איין מענטשן פון וועמען עס האָט לאָגיש געדאַרפט אַרויסקומען אַן איינהייטלעכע מענטשהייט

און ניט קיין פארשיידענע מענטשן גרופן? זיין ענטפער אויף דער פראגע (אויב ער האָט זי זיך געשטעלט) איז א קולטור־געשיכטלעכער לויטן באגריף פון זיין צייט.

דער מאָדערנער אנטראפּאָלאָג שטעלט זיך אן ענלעכע פראגע און אויך ער ענטפערט אויף איר לויט דעם וויסן און לויט דעם באגריף פון זיין צייט... אויך ער נעמט אָן, אז דער מענטש איז "באשאפן געוואָרן" נאָר איין מאָל; אַז נאָר איין איינציק מאָל האָט זיך דער מענטשן־מין אנטוויקלט פון אן אנטראַ־פּויד. נאָטירלעך, אז אויך דאָס איז אן השערה, וואָס איז באזירט אויף דער טע־אָריע פון ווארשיינלעכקייט.

עס לייגט זיך ניט אויפן שכל, אז אזא אויסערגעוויינטלעכער פּראָצעס זאָל היסטאָריש זיך געווען ווידערהאָלן עטלעכע מאָל. די דאָזיקע ניט וואר־שיינלעכקייט ווערט באשטעטיקט דורך דעם פּאַקט, וואָס ס'איז ניטאָ מער ווי איין ליניע, לויט וועלכער מ'זאָל קענען צוקומען צום מענטשן. ס'איז אָבער פאַ־ראַן א צווייטע מיינונג, וואָס נעמט אָן, אז "כאָטש איצט באלאנגען אלע מענטשן צו איין סאָרט מענטש, צום האמא־סאפּיענס, וועלכער קען זיך פאָרן געשלעכט־לעך און ארויסברייינגען יורשים, האָבן די ערשטע פּלעיסטינער "מענטשן" באַ־לאָנגט צו פאַרשיידענע סאָרטן. אייניקע זיינען קערפּערלעך געווען אזוי פאַר־שיידן פון אונדז, אז אנטראפּאָלאָגן זיינען גענייגט זיי צו באטראַכטן פאר אנ־דערע מינים" (זע וו. גארדאָן־טשיילד "מען מעיקס הימסעלף" ז. 26). מען רעכנט זיי אפילו ניט צו צו דער מענטשלעכער פאמיליע און מען דענקט, אַז דער איצטיקער מענטש שטאַמט ניט ארויס פון זיי. דאָס איז געוויס אַן עקסט־רעמע מיינונג...

אין פאַרבינדונג מיטן אויפקום פון דעם מענטשן זאָגט שז. הירד : "אָזוי ווי דער פּראָצעס פון עוואָלוציע איז געווען אן איינהייטלעכער, איז די פאַראויסגייענדע ליניע געווען נאָר איינע. ווען מען נעמט דאָס אָן, מיינט עס, אז די אנטראפּוידן און די מאַלפּעס זיינען קרומע וועגן און שטעגן, געסלעך און זומפּן, אין וועלכע די אנדערע פרימאטן קינדער זיינען פארקראָכן. אזוי ווי זיין דערקלערונג איז אן אייגנארטיקע, וועט זי געגעבן ווערן. ער פרעגט: "אין וואָס איז באשטאנען דער פּרינציפּ, וואָס האָט געפירט, אז לעבעדיקע מינים זאָלן זיך אנטוויקלען?" און ער ענטפערט: "ער איז באשטאנען אין אָנהאַלטן אלגעמיינע אייגנשאַפטן און זיך ניט ספּעציאַליזירן; צו האלטן אָפן די טיר און זי ניט פארקייטלען איז נאָר מעגלעך דעמאָלט, ווען מען האַלט אָן די סענ־סיוויטעט. דער מענטש, ווי אלע לעבעדיקע מינים, וואָקסט א דאַנק דעם, וואָס ער האַלט אָן די סענסיוויטעט: ער איז עמפּינדלעך... ער איז געוואָרן מענטש, די העכסטע באַשעפעניש, דערפאר, וואָס ער האָט נאָכגעטאָן דאָס וואָס יעדע פאָרמע לעבן פאר אים, וואָס האָט דערגרייכט א העכערע מדרגה, האָט געטאָן און דאָס האָט געמאַכט מעגלעך זיין קומען. ער האָט נאָכגעפאָלגט דעם אַלגע־מיינעם גאַנג פון לעבן; ער האָט געוואַגט צו אָנהאַלטן די סענסיוויטעט און רע־אַגירן אויף איר אויף אזא אופן, אז ער האָט מיט דער צייט דערגרייכט א נייע וועלט פון שאַפונגען" (דהי סאָורס אָוו סיוויליזיישאָן", זז.95, 99).

דאָס וואָס הירד האָט געזאָגט איז ניט קיין נייס; ער האָט נאָר פאָרמו־לירט אויף א נייעם אופן דעם געדאַנק וועגן מינים, וועלכע "ספּעציאַליזירן" זיך ניט, לאָזן זיי "אָפן א טיר" פאר ענדערונגען. דערמיט אָבער וואָס ער האָט

אַוועקגעשטעלט דעם פראבלעם אויף אן אייגנארטיקן אופן און האָט אָנגעהייבן פון א ״סיבה״ פארן עוואָלוציע פראָצעס, ער האָט אָנגעהייבן פון דער ״אָפענער טיר״, וואָס זאָל פריער האָבן געפירט צום אנטראפויד און שפעטער האָט די זעלבע ״אָפענע טיר״ געפירט צום מענטשן, האָט ער דערמיט איבערגעוואָרפן א בריק, וואָס פירט פון ביאָלאָגישער עוואָלוציע אין דער אָרגאַנישער וועלט צום מענטשלעכן קולטורעלן פראָגרעס. דער געדאַנק איז א זייער אינטערעסאַנטער, טראָגט דעם וואָס ער ענטהאלט א טעלעאלאגיע, וואָס א נאטוראליסטישער בליק אויף דער וועלט און אויף אירע דערשיינונגען, דערלויבט ניט צו אָננעמען די טעלעאלאגיע.

געוויס איז מען ניט געצוואונגען צו נאָכפאָלגן הירדן לויט זיין טעלעאלאגישן בליק אויף דער נאַטור און אירע דערשיינונגען; מען מוז ניט אָננעמען זיין אויסגאַנגס פונקט פון ״סיבה״ און ניט זיין שלוס פון צוועקמעסיקע רעזולטאַטן. ווען מען נעמט די נאטור, ווי זי מאַניפעסטירט זיך, זעט מען זיי ניט... אזוי ווי מען ווייס קיין זאך ניט וועגן ״די קרומע וועגן און שטעגן׳׳ איך וועלכע אייניקע מינים זיינען פארקראָכן, אזוי ווייס מען ניט וועגן דער ״גלייכער ליניע״ און דער ״אָפענער טיר״ וואוהין דער מענטש איז אַוועק... מען ווייס אָבער פון דערפארונג, אז יעדער געדאנק וואָס ענטהאלט א ברייטערע גענעראליזאציע פון פאקטן, ענטהאלט אין זיך אן אמת, הגם דער אמת מוז ניט זיין אין דער אָנגעגעבענער פאָרמע. הירדס גענעראליזאציע ענטהאלט אין זיך א פראָדוקטיוון געדאַנק, דערפאר איז זי געבראכט געוואָרן.

נאַטירלעך, אַז ס׳איז פאראן א גרויסער אונטערשייד צווישן אָרגאַנישער עוואָלוציע, וואָס איז א ביאָלאָגישער פראָצעס און דעם מענטשלעכן קולטורעלן פראָגרעס, וואָס איז אן אינטעלעקטועלע דערשיינונג; זיי האָבן אָבער צווישן זיך דאָס געמיינשאפטלעכע, וואָס אין זיי ביידן מאניפעסטירט זיך אי א פאָראויסגייענדע דערשיינונג, ווי אָרגאנישע עוואָלוציע און מענטשלעכער פראָגרעס, אי אן ארעסטירטע, אויב ניט רעגרעסיווע דערשיינונג, ווי פיקסירטע און דעגראַדירטע מינים אין דער אָרגאַנישער וועלט און ארעסטירטע, אויב ניט רעגרעסיווע, פרימיטיווע פעלקער גרופן. מ׳האָט אַ רעכט צו ספעקולירן, אַז אין ביידע פאלן ווירקן ענלעכע פאַקטאָרן...

האָבנדיק דעם פארגלייך אין אויג, קען מען צוגיין און באטראכטן פרימיטיווע פעלקער. עס איז פריער אָנגעוויזן געוואָרן, אז אלע מענטשן, וואָס לעבן איצט אויף דער וועלט, קענען זיך פריי פאָרן און האָבן קינדער. דאָס איז א באווייז, אז ביאָלאָגיש זיינען זיי איינהייטלעך. אנטשטייט א פראגע: ווי ווייט גרייכט די דאָזיקע איינהייטלעכקייט? דער ענטפער דארף געגעבן ווערן דורך פאַקטן און ניט לויט מיינונגען. וועלן געגעבן ווערן פאקטן: מ׳ווייס, אַז דער היסטאָרישער אונטערשייד צווישן די ווייסע אמעריקאנער און די נעגערס איז א זייער גרויסער: די ווייסע שטאַמען ארויס פון אייראָפייאישע קולטור פעלקער און האָבן א לאנגע קולטור געשיכטע הינטער זיך און די נעגערס זיינען געבראכט געוואָרן פרימיטיווע פון אפריקע. אויב ס׳וואָלט געווען א פונדאַמענטאַלער אונטערשייד צווישן זיי, וואָלט ער זיך געדאַרפט בולט ארויסווייזן. פראָפעסאָר וואודוואָרט האָט פון דעם שטאַנדפונקט שטודירט פארשיידענע מענטשן גרופן, ווייסע און שוואַרצע און ער זאָגט: ״כאָטש זיי אונטערשיידן זיך אין זייער אויסזען און לויט זייערע האָר, זיינען זיי ענלעך אין אלע אנדע־

רע כאראקטער אייגנשאפטן, ווי, צום ביישפיל, אין זייער קערפערבוי, אפילו די וואָג פון זייער מאַרך איז כמעט די זעלבע, און דאָס, האַלט מען, איז זייער וויכטיק אין שייכות צו אַלגעמיינער אינטעליגענץ און ציוויליזאציע. זייער ענלעכקייט איז א סך גרעסער פון די אונטערשיידן צווישן זיי... נאָך א רייע פאָרשונגען זיינען מיר בארעכטיקט צו ציען דעם שלוס, אז אי די סענזארישע, אי די מאטארישע פונקציע און די אלגעמיינע אקטיוויטעטן פון מאַרך, הגם זיי זיינען פארשיידן צווישן פארשיידענע יחידים, זיינען זיי גלייך בא פארשיי־דענע ראַסן" (זע קרובערס אנטראפאלאדזיע זז. 164, 172).

ווען די אלגעמיינע רעאגירונגען זיינען די זעלבע בא פארשיי־דענע ראסן, דארף מען אָננעמען אז זייערע פסיכישע פונקציעס זיינען ענלעך. דאָס וואָלט מען געדאַרפט אָננעמען, ווען מען זאָל אפילו ניט האָבן קיין בא־ווייזן; האָט מען אָבער אזוינע באשטימטע באווייזן, קען מען פאר קיין פאל ניט צווייפלען צי זיי זיינען אמתע.

ווי אויבן געזאָגט, זיינען די נעגערס געבראַכט געוואָרן קיין אמעריקע אין א רויעם צושטאַנד דירעקט פון אפריקע. אין אמעריקע זיינען זיי געווען שקלאַפן ביז מיט עטלעכע דורות צוריק און איצט, ווען זיי האָבן געקראָגן פרייהייט, איז אפילו אין אן אטמאָספערע, וואו ס'הערשן אַזויפיל פאראורטיילן קעגן זיי, האָבן זיי אין אזא קורצער צייט כמעט ווי דעריאָגט די ווייסע. געוויס קענען זיך ניט אלע נעגערס פארגלייכן מיט די ווייסע, ניט מען וואָלט עס גע־דאַרפט דערוואַרטן פון זיי, ווען מען זאָל זיי אפילו געבן א מעגלעכקייט זיך אויסצוגלייכן מיט די ווייסע אין אלע הינזיכטן און ניט מען גיט זיי אזא גע־לעגנהייט. אָבער אפילו אונטער די באדינגונגען, וואָס זיי געפינען זיך, האָבן זיי ארויסגעגעבן וויסנשאפטלער און קינסטלער אויף אלע געביטן, וואָס קע־נען זיך פארגלייכן מיט זייערע ווייסע שכנים און פריינט.

דאָס איז אַ דירעקטער באווייז, אז פרימיטיווע פעלקער (מעגלעך אַז ניט אלע) קענען פארוואנדלט ווערן אין קולטור מענטשן און ווערן גלייך מיט זיי אונטער גינסטיקע באדינגונגען; עס איז א באווייז, אז פאטענציעל באזיצן זיי ענלעכע פייאיקייטן, ווי די ווייסע. פארשטייט זיך, אז ווען מען רעדט וועגן ענלעכע פייאיקייטן, מיינט מען ניט, אז זיי זיינען אידענטיש אין אלע הינ־זיכטן; העכסט ווארשיינלעך זיינען זיי ניט אידענטיש. די ענלעכקייט איז אָבער אזא נאָענטע, אז אין גאַר ברייטן זין גענומען, קען מען זאָגן, אז דער האמא־סאפיענס, וואָס מען נעמט אָן, אז ער איז געוואָרן דער הערשער איבער דער וועלט מיט אן ערך צוואַנציק טויזנט יאָר צוריק, איז ענלעך און איינהייטלעך אין זיינע פונדאמענטאלע שטריכן.

נעמענדיק דעם געדאַנק פאר זיין אויסגאנגס פונקט, האָט אלעקסאנ־דער גאלדענווייזער שטודירט פינף פארשיידענע פרימיטיווע פעלקער גרופן: צוויי אינדיאַנער שבטים, אן עסקימאָסן שבט, אן אַפריקאַנעם שבט און אַן אויסטראליער שבט. זיין שלוס איז, אַז "אין פינף גאנץ פארשיידענע געזעל־שאפטן באגעגנט מען אלע אספעקטן, וואָס זיינען כאראקטעריסטיש פאר דער מענטשלעכער קולטור. איינשליסנדיק די מאָדערנע קולטור.

מען באַגעגנט בא זיי קונסט, רעליגיע, אינדוסטריע, סאָציאַלע און פאָ־ליטישע אָרגאַניזאַציעס. פון זייער אַרט לעבן קען מען דערקענען די אלגע־מיינע מענטשהייט ניט בלויז לויט אירע פסיכישע אייגנשאפטן, נאָר אויך לויט

איר אַלגעמיינער ציוויליזאַציע" (אוירלי סיווילייזיישן ז. 15).

פון זייער אַלגעמיינעם לעבן, פון די באַגריפן און די אינסטיטוציעס פון פאַרשיידענע פּרימיטיווע שבטים, ציט ער דעם שלוס, אַז די קולטור אייגנשאַפטן פון אַלע מענטשן זיינען ענלעך, אויב ניט אידענטיש. אויב דאָס איז ריכטיק, אויב עס איז אַ פאַקט, אַז די פונדאַמענטאַלע קולטור אייגנשאַפטן פון אַלע מענטשן זיינען ענלעך, אַנטשטייט אַ זייער ערנסטע פראַגע: ווי קומט עס, וואָס אייניקע מענטשן־גרופּן האָבן זיך קולטורעל אַנטוויקלט און אַנדערע זיינען ווי פאַרגליווערט געוואָרן אין זייער פּרימיטיוון צושטאַנד? קיין צופרידנ־שטעלנדן ענטפער וועט, דוכט זיך, קיינער זיך ניט אונטערנעמען צו געבן אויף דער פראַגע. דאָס מיינט ניט, אַז עס ווערן ניט געמאַכט קיין פאַרזוכן צו געבן אַן ענטפער אויף איר. דער הערשנדער ענטפער איצט איז דער, וואָס דער פראַנצויזישער סאָציאָלאָגער אַנטראָפּאָלאָג, עמיל דורקהיים, האָט געגעבן. דער ענטפער איז ענלעך אויף הירדס היפּאָטעזע; ער האָט אָבער די מעלה, וואָס אין אים איז ניטאָ דער טעלעאָלאָגישער מאָמענט, וואָס הערשט אין הירדס היפּאָטעזע. איידער דער ענטפער וועט געגעבן ווערן, וועלן געמאַכט ווערן אַ פּאָר באַמערקונגען וועגן דעם באַגריף פון פּראָגרעס אום צו פעסטשטעלן וואָס מען מיינט מיטן טערמין.

דער געדאַנק, אַז ס'קומט פאָר אַ פּראָגרעס אין דער מענטשלעכער געשיכטע איז אינגאַנצן אַ מאָדערנער: ניט די קלאַסישע וועלט און ניט די מיטל־אַלטער האָט געהאַט אַזאַ באַגריף. פאַרקערט, עס האָט געהערשט אַ באַגריף וועגן אַ "גאָלדענער צייט", וואָס איז געווען אין דער פאַרגאַנגענהייט, ווען עס האָבן, צום ביישפּיל, געלעבט די נביאים, אָדער די פילאָזאָפן, וועמענס אויטאָריטעטע מיינונג האָט געהערשט אויף דער וועלט פאַר הונדערטער, אויב ניט פאַר טויזנטער, יאָרן. פאַרשטייט זיך, אַז ווען די פאַרגאַנגענהייט איז באַטראַכט געוואָרן פאַר דער גאָלדענער צייט און ווען מען האָט אָנגענומען פאַר אַבסאָלוט אמת אַלץ, וואָס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין יענער צייט, האָט מען ניט געקענט האָבן קיין באַגריף וועגן פּראָגרעס, וואָס איז אַ פאַרקער־טער באַגריף, אַז אַ גייסטיקע אַנטוויקלונג קומט פאָר און אַז דער קומענדער דור קען וויסן מער פונעם פאַרגאַנגענעם דור. דער פאַקט אָבער, וואָס מען האָט ניט געהאַט קיין באַגריף וועגן קיין פּראָגרעס, באַווייזט, אַז אויב פּראָגרעס קומט פאָר, איז דער פּראָצעס אַזוי לאַנגזאַמער, אַז מען האָט אים אפילו ניט באַמערקט אין יענע מאָמענטן, ווען אַ פּראָגרעסיווער פּראָצעס האָט געדאַרפט פאָרקומען. אמת, עס געפינען זיך איצט אויך מענטשן וואָס צווייפלען אין מענטשלעכן פּראָגרעס; זייער צווייפל נעמט זיך אָבער דערפון, וואָס דעם פּראָ־גרעס ווערט אָפט געגעבן אַזאַ אינטערפּרעטאַציע, וואָס באַרעכטיקט דעם צווייפל.

די באַמערקונגען ווערן טאַקע דאָ געמאַכט מיטן אַבזיכט צו אָוועקשטעלן דעם פּראָבלעם אַזוי, אַז דער פּראָגרעס זאָל מוזן אָנגענומען ווערן און דאָס איז נאָר מעגלעך ווען מען נעמט פּראָגרעס אינם ברייטן היסטאָרישן זין, אַז אַמאָל זיינען אַלע מענטשן געווען אין אַ פּרימיטיוון צושטאַנד און איצט זיינען פאַראַן קולטור־פעלקער וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט.

די ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין אייניקע פּרימיטיווע פעל־קער, אַז זיי האָבן זיך קולטורעל אַנטוויקלט, זאָל זיין אַז דער אַנטוויקלונגס

וועג איז געווען א זיג־זאגעקער, ניט קיין גלייכער, זיי האָבן אָבער מיט דער צייט דערגרייכט א העכערן צושטאַנד ווי דער צושטאנד אין וועלכן זיי האָבן זיך פריער געפונען; דער דאָזיקער פּראָצעס ווערט אָנגערופן פּראָגרעס.

איז די פראגע: ווי קומט עס וואָס אייניקע פעלקער האָבן דורכגעמאַכט אזא פּראָגרעס און אנדערע ניט? דער ענטפער איז, אז די ערשטע האָבן זיך ניט "ספּעציאַליזירט" און האָבן ניט פאַרמירט קיין פיקסירטע געוואוינהייטן. זיי זיינען ניט פיקסירט ניט אין זייערע האַנדלונגען און ניט אין זייער דענקען. די אנדערע האָבן זיך אָבער יאָ פיקסירט אין זייער אלגעמיינעם אויפפיר און אין זייער דענקען. און דערפאר האָבן זיי פארלוירן די פייאיקייט זיך צו ענ־דערן, יעדנפאלס ענדערן זיי זיך ניט אזוי לאנג ווי זיי געפינען זיך אין זייער סאָציאַלער סביבה, וואָס האָט ניט אנטוויקלט קיין ריין לאָגישן דענקען.

דער אנטראפּאלאָג מאראט זאָגט: "דער פרימיטיווער מענטש פילט ניט קיין נויט פאר לאָגישן דענקען, ער האָט אַן אנדער פאָרמע ווי זיך צו אויסדריקן. זיין מידלאָזער קערפּער פארנעמט בא אים דעם פּלאַץ פון זיין סטאגנירטן שכל. רעליגיע זינגט צו אים און ער טאַנצט... דער פרימיטיווער מענטש דריקט זיך אויס אויף זיין אייגענעם שטייגער, ער דריקט זיך אויס דורך זיינע עמאָציעס. אום צו ארויסברענגען זיין פערזענלעכקייט און זיינע געפילן, רעאגירט ער ניט אויף ווערטער אָדער אויף געדאנקען, נאָר אויף באַ־וועגונגען און קלאנגען. ריטם פארנעמט באַ אים דאָס פּלאַץ פון דענקען, זיין געמיט רעאַגירט מער אויף עמאָציעס, ווי אויף געדאנקען. פיגוראטיוו גערעדט, קען מען זאָגן, אז פאַרן באַגריף פונם פרימיטיוון מענטשן איז דער קלאַנג וויכ־טיקער פון די ווערטער" (זע "פייט, האָפּ ענד טשאַריטי אין פרימיטיוו רע־לידזשן" ז. 3).

איז די פראגע: פארוואָס זיינען אייניקע פעלקער ארייגעפאלן אין דעם סטאַגנאציע צושטאַנד? אום צוצוקומען צום ענטפער, וואָס ווערט אויף איר איצט געגעבן, וועלן געגעבן ווערן עטלעכע ביישפילן פון פרימיטיווע פעל־קער און דער ענטפער וואָס פריערדיקע פאָרשער האָבן אויף איר געגעבן. דאָס וועט געבן א מעגלעכקייט צוצוקומען צום איצטיקן ענטפער.

מיט 300 יאָר צוריק האָט דער נאוויגאַטאָר, טאסמאן, אנדעקט אַן אינזל לעבן אַוסטראַליע (טאסמאַניע).אויפן אינזל האָבן זיך געפונען "שפייז־זו־כער", וואָס ווערן פארעכנט פאר די פרימיטיווסטע מענטשן. לויט דעם נאָמען, ווי מען רופט זיי אָן, קען מען זען, אז זיי האָבן זיך דערנערט פון זוכן און פון צעזאַמענקלייבן פאַרטיקע שפייז. ווי צו פּראָדוצירן שפייז האָבן זיי ניט גע־וואוסט. זיי "זיינען געווען אדם נאַקעטע און האָבן ניט געהאַט קיין הייזער זיך צו באַשיצן פון רעגן. זיי האָבן ניט געהאט קיין הויז־חיות, אפילו ניט קיין הינט. וועגן אגריקולטור האָבן זיי ניט געהאט קיין שום באגריף. זיי האָבן ניט גע־האָט קיין שום כלים, אפילו ניט קיין ליימענע געפעס" (זע ברעסטעד "די קאנ־קוועסט אוו סיוויליזיישן" זז. 5 און 16).

אויף וואָס פאר אַן אופן די מענטשן זיינען געקומען אויפן אינזל ווייסט מען ניט. עס הערשט א מיינונג אז דער אינזל איז אמאָל געווען א טייל פון אוסטראליע און איז דורך א נאטור קאטאסטראָפע אָפּגעטיילט געוואָרן פון קאָנטינענט. ווען מען נעמט אָן די מיינונג, מיינט עס אז דער אינזל איז אָפּ־געטיילט געוואָרן פון אוסטראליע אין א גאָר אלטער צייט, ווען אין אוסטרא־

ליע האָט געלעבט אן אנדער טיפּ מענטש, ווייל די טאסמאניער האָבן ניט באַ־לאנגט צום אווסטראַליער טיפּ.

עס איז אויך מעגלעך, אז די טאסמאניער זיינען געקומען אויפן אינזל פון אווסטראַליע דורכשניידנדיק ווי ס'איז דאָס וואַסער. די מיינונג איז שווער צו אָננעמען, ווייל דאָס וואָלט געמיינט, אז זיי זיינען געקומען אויף שיפלעך און די געפונענע טאסמאניער זיינען געווען צו פּרימיטיוו, אַז זיי זאָלן געווען קענען נוצן שיפלעך; סיידן מען זאָל אָננעמען, אַז זיי האָבן דעגענערירט לע־בענדיק אויפן אינזל איזאָלירט פאר א לאנגער צייט. דאָס איז מעגלעך, הגם ניט ווארשיינלעך.

ווען דער קאפּיטאַן האָט אנדעקט דאָס אינזל, זיינען די מענטשן גע־ווען אזוי ווילד, אז מען האָט ניט געקענט קומען אין בארירונג מיט זיי; לעבן צוזאַמען מיט זיי האָט מען אוודאי ניט געקענט, האָבן די אייגנגעוואַנדערטע זיי אויסגעהרגעט, ווי מען הרגעט אויס ווילדע חיות. אזוי ווי מען האָט זיי ניט שטודירט, קען מען גאָרניט זאָגן וועגן זייער מענטאַליטעט.

דאָס זיינען געווען די פּרימיטיווסטע מענטשן, מיט וועלכע אַ מאָדער־נער מענטש איז ווען עס איז געקומען אין באַרירונג. געווען היסטאָריש האָבן אַלע מענטשן דורכגעמאַכט אזא שפּייז קלייבן פּעריאָד. ווען מענטשן האָבן ניט פּראָדוצירט קיין שפּייז, נאָר זיי האָבן זיך דערנערט פון דער פארטיקער שפּייז, וואָס זיי האָבן געפונען, האָבן אויף דער וועלט געלעבט זייער ווייניק מענטשן. די שטערבלעכקייט איז געווען אזא גרויסע אי פון הונגער, אי פון אנדערע סיבות, אז די באפעלקערונג האָט זיך ניט פארגרעסערט. פארשטייט זיך, אז אונטער אזעלכע באדינגונגען קען מען זיך ניט אנטוויקלען, פארקערט, מען ווערט פיקסירט אינם איזאָלירטן ווילדן צושטאַנד.

אזוינע פּרימיטיווע מענטשן, ווי די טאסמאניער זיינען געווען, זיינען איצט ניטאָ אויף דער וועלט. עליאָט סמיט דענקט, אז די בארנעער און די אפריקאנער פּיגמיס, האָבן גייסטיק ניט קיין סך איבערגעשטיגן די טאסמא־ניער; זיי געפינען זיך פיליכט אויף איין שטאַפּל, אָדער צוויי שטאַפּלען העכער אויפן קולטור לייטער פון די לעצטע. די פּיגמיס לעבן אין טיפע וועלדער און מיידן אויס מענטשן. אויך זיי האָבן ניט קיין הייזער און זיי קולטיווירן אויך ניט קיין שום פּראָדוקטן. נאַטירלעך, אז ס'איז שווער זיי צו שטודירן; זיי אנט־לויפן אזוי גיך ווי זיי דערזעען אנדערע מענטשן און ווען אפילו ס'געלינגט זיי צו כאפּן און אריינגעמען צווישן מענטשן, רוען זיי ניט אויף קיין אָרט, נאָר זיי האַלטן אין איין אַרומלויפן ווי ווילדע חיות און ביי דער ערשטער גע־לעגנהייט מאכן זיי א ויברח צוריק אין וואַלד אריין (זע "היומען היסטאָרי" זז. 199, 183).

פארשטייט זיך, אז אויך וועגן זיי ווייסט מען זייער ווייניק און מעגלעך, אז ס'איז ניטאָ וואָס צו וויסן וועגן זיי: — זיי אַליין ווייסן געוויס קיין זאך ניט.

שטודירן קען מען נאָר מענטשן, וועלכע פירן אן אָרגאניזירטן גע־זעלשאַפטלעכן לעבן און מען קען קומען אין באַרירונג מיט זיי. וועגן אזעלכע פּרימיטיווע פעלקער האָט מען אסך געשריבן, עס זיינען פאראַן גאַנצע ביבלי־אָטעקן מיט ביכער וועגן זייער לעבן, מנהגים, געוואוינהייטן און באַגריפן. מיט אַ פּאָר דורות צוריק, ווען דער באַגריף וועגן אָרגאנישער עוואָלוציע איז געוואָרן פּאָפּולער און ספּענסער איז ארויסגעקומען מיט זיינע אלגעמיינע גע־

נעראַליזאַציעס וועגן פּראָגרעס און האָט געשאַפן זיינע דריי גרויסע בענדער וועגן סאָציאָלאָגיע פונם עוואָלוציע שטאַנדפּונקט און עד. טיילאָר איז ארויסגעקומען מיט זיין "פרימיטיווער קולטור" פונם פסיכאָלאָגיש־אַנימיסטישן שטאַנדפּונקט, איז מען גענייגט געווען צו אָננעמען אַן איינפאַכן עוואָלוציעפּראָגרעס שטאַנדפּונקט אויף דער גאַנצער מענטשלעכער קולטור ליניע.

ספּענסערס קולטור געשיכטלעכער אויסגאַנגס פונקט, ווי אויגאַסט קאָמטס אויסגאַנגס פונקט, וועמען ער האָט נאָכגעפאָלגט, איז געווען אַ דעדוקטיווער און אינטעלעקטואַליסטישער; ער האָט אָנגענומען אַלגעמיינע כללים וועגן דעם קולטורעלן פּראָגרעס און סעקרעטאַרן האָבן אים צוגעשטעלט דעם נויטיקן פאַקטישן מאַטעריאַל, וואָס האָט געדאַרפט באַשטעטיקן דעם קולטור געשיכטלעכן פּראָצעס, וועלכן ער האָט פון פאָראויס אָנגענומען, אַז אַזוי איז ער געשיכטלעך פאָרגעקומען...

פאַר אַ שטיקל צייט האָט עס אויסגעזען, אַז אַלץ שטימט, אַפילו טיילערס פאָרשונגען האָבן אין אַלגעמיינע שטריכן געשטימט מיט די דעדוקציעס. די אָפּהאַנדלונגען וועגן די פרימיטיווע פעלקער פון באַכאָפען, מאַקלענאַן און ה. מאָרגאַן, כאָטש זיי זיינען געווען זעלבסטשטענדיקע, זיינען אויך געווען ענלעך אויף ספּענסערס און טיילאָרס אַרבעטן; זיי זיינען אויך באַשטאַנען פון אַלגעמיינע גענעראַליזאַציעס וועגן באַשטימטע פרימיטיווע פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן. ווען אָבער אַנטראָפּאָלאָגן האָבן זיך גענומען צו שטודירן דעם אַקטועלן לעבן פון פרימיטיווע פעלקער, האָט ניט גענומען לאַנג צו אויסגעפינען, אַז די אַלגעמיינע פאָרמולעס דערקלערן ניט דאָס לעבן און דענקען פון פרימיטיווע פעלקער און געוויס דערקלערן זיי ניט דעם היסטאָרישן קולטור פּראָצעס. עס זיינען געקומען פעלקער פאָרשער, ווי וו. וואונד אין דייטשלאַנד, פראַנץ בויעז אין אַמעריקע, פרייזיר און מאַרעט אין ענגלאַנד און ספּעציעל די אידיש־פראַנצויזישע סאָציאַלע אַנטראָפּאָלאָגן פון פראַנקרייך און האָבן באַוויזן, אַז ניט דער אינטעלעקטואַליזם און ניט דער אַנימיזם, דערקלערן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן און דעם דענקען פון פרימיטיווע פעלקער, אַז אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן ווירקן אַסך פאַקטאָרן און איניקע פון זיי זיינען גאַנץ קאָמפּליצירטע פאַקטאָרן און דערפאַר קען מען זיך ניט צעפרידנשטעלן מיט אַלגעמיינע גענעראַליזאַציעס, נאָר מ'דאַרף שטודירן דאָס לעבן פון די פעלקער גופא און ציען שלוסן פון דעם לעבן . . .

איצט, נאָך צוויי דורות פון אינטענסיוון פאָרשן, איז די טענדענץ אין דער אַנטראָפּאָלאָגיע אַ פאַרקערטע פון דער, וואָס האָט פריער געהערשט: מען איז זייער פאָרזיכטיק מיט ציען אַלגעמיינע שלוסן. ווען אין די ווייטערדיקע באַמערקונגען וועלן נאָכגעפאָלגט ווערן די פראַנצויזישע אַנטראָפּאָלאָגן, איז עס ניט דערפאַר, וואָס זייערע מיינונגען ווערן אַלגעמיין אָנגענומען פון אַנטראָפּאָלאָגן, הגם זיי ווערן אָנגענומען פון אַסך אַנטראָפּאָלאָגן, נאָר דערפאַר, וואָס זייער סאָציאַלער אויסגאַנגס פונקט איז אַזאַ ברייטער, אַז אין אַלגעמיינע שטריכן קען ער אָנגענומען ווערן פאַר ריכטיק.

עמיל דורקהיים, וואָס האָט פאַר פינף און צוואַנציק יאָר שטודירט די איינגעבוירענע אויסטראַליער שבטים, איז געקומען צום שלוס, אַז זייער דענקען איז ניט קיין ריין אינדיווידועלער, נאָר ער איז אַזוי צו זאָגן אַ קאָלעקטיווער דענקען. עס מיינט, אַז אַזוי ווי אין דער פרימיטיווער געזעלשאַפט האָט

דער שבט, ווי א קאָלעקטיוו, א פּאַרטיקן באַשטימטן שטייגער לעבן, וועלכער ווערט מיט פולשטענדיקער געטרייקייט אויסגעפאָלגט פון יעדן איין מיטגליד פון דעם שבט, פאַלט יעדער איינער פון זיי אריין אין א פּאַרטיקער אטמאָ־ספערע אין וועלכער עס הערשט דער פיקסירטער סדר לעבן מיט די פיק־סירטע מנהגים און אלע זיינע האנדלונגען ווערן דיקטירט און קאָנטראָלירט פון דער קאָלעקטיווער פסיכאָלאָגיע.

די באַשטימטע פיקסירטע אטמאָספערע ווירקט אויף אַזויפיל אויף יעדן איין מיטגליד פונם קאָלעקטיוו, אז זיין אייגענער דענקען ווערט מאָדע־לירט לויט דעם דענקען פון דעם קאָלעקטיוו... אַזוי ווי דער אקטועלער לעבן פון יעדן איין מיטגליד פון דעם שבט קומט פאַקטיש פאַר אינם געזעלשאַפט־לעכן צוזאמענלעבן און אַזוי ווי די ווירקונג איז אן עמאָציאָנאַל־ספּיכישע, בלייבט, לויט דורקהיימס מיינונג, פאַרן יחיד ניט קיין צייט, ניט קיין מעג־לעכקייט און אפילו ניט קיין נייגונג פאַר אינדיווידועלן זעלבסטשטענדיקן דענקען, פאַר דענקען פאַר זיך, וועגן זיך און וועגן דער ארומיקער סביבה לויט אן אייגענער נייגונג. דורקהיים זאָגט, אז פאַקטיש טיילט זיך דער פרימיטי־ווער מענטש אפילו ניט אָפּ פון דער גרופּע צווישן וועלכער ער לעבט. זיין אייגענער לעבן איז אַזוי אָרעם, אַזוי קאָלירלאָז, אז ער ענטהאלט אין זיך ניט קיין זאַך, וואָס זאָל אים סטימולירן, וואָס זאָל אים אָנרעגן און זאָל אויף אים אַזוי ווירקן, אז ער זאָל זיך דערטראַכטן צו אן אינדיווידועלן זעלבסטשטענדיקן דענקען. דורקהיים זאָגט: "דאָס לעבן פון דעם אויסטראַליער באַוועגט זיך צווישן צוויי פולשטענדיק פאַרשיידענע ציקלען פון דערפאַרונגען: — פון איין זייט לעבט ער אן אייגן לעבן, וואָס איז מאָנאָטאָן און אינגאנצן קאָלירלאָז און פון דער צווייטער זייט נעמט ער רעגלמעסיק אנטייל אין די הייליקע צערע־מאָניעס און אין די אַלגעמיינע אקטיוויטעטן פון דעם שבט. אין די פּעריאָדן, וואָס ער נעמט אנטייל אינם קאָלעקטיוון לעבן, ווערט זיין גרויע און איינ־ארטיקע טאָג טעגלעכע דערפאַרונג פאַרביטן דורך דער אויפרעגונג און דורך די וואנזיניקע טענץ, פונם כישוף, פונם טאבו, ליידנשאַפטלעכן געווירבל פון די הייליקע לידער און ווילדע טענץ. זיין פּערזאָן ווערט פאַרענדערט; זיינע געדאנקען, געפילן, עמאָציעס און אקטיוויטעטן איבערוועלטיקן אומפאַרגלייכ־לעך איבער דעם געוויינטלעכן טאָג טעגלעכן וואָכעדיקן לעבן. ער פילט א כוח, וואָס ווירקט אויף אים און ער ווערט איבערוועלטיקט פון דעם דאָזיקן כוח, וואָס געפינט זיך אי אין אים, אי אויסער אים. דער כוח עקזאַלטירט אים און צוימט אים אין דער זעלבער צייט; ער אנטפּלעקט זיך צו אים אין דער פאָרמע פון א הייליקן געפיל" (ציטירט פון גאָלדענווייזערס "היסטאָרי, סייקאלאדזשי ענד קאלטשור" זז. 364־363).

אין דער אַטמאָספערע ווערט דער אויסטראַליער געבוירן, אין איר ווערט ער דערצויגן און אין איר לעבט ער; דערפאַר, זאָגט דורקהיים, איז קיין חידוש ניט, וואָס זיינע באַגריפן און זיין דענקען ווערן מאָדעלירט לויט די באַ־גריפן און דעם דענקען פון זיין סביבה. וועגן דעם אַרט דענקען זאָגט אויך מארעט, אז "דער פרימיטיווער מענטש פילט ניט קיין נויט פאַר לאָגישן דענקען . . . זיין מידלאָזער קערפּער פאַרנעמט בא אים דאָס פּלאַץ פון זיין באַוועגלאָזן פאַרשטאַנד . . . ער דאַרף ניט קיין ווערטער און קיין געדאנקען, נאָר קלאַנגען און באַוועגונגען. ריטם פאַרנעמט דאָס פּלאַץ פון דענקען: —

זיין געמיט־צושטאַנד רעאגירט מער אויף אינטאָנאַציעס, ווי אויף ווער־טער...״

לעווי־ברועל גייט נאָך ווייטער פון זיין רבין, פון דורקהיימען. ער פּאַרטיידיקט א מיינונג, אַז דער דענקען פון דעם פרימיטיוון מענטשן איז א פּרילאָגישער; אַז ניט נאָר איז דער פרימיטיווער מענטש אַנדערש אין דער אינטערפּרעטאַציע פון זאַכן און פון דערשיינונגען, נאָר ער נעמט אויך אויף אַנדערש די וועלט; זיין פּערצעפּציע איז אַן אַנדערע. לעווי־ברועל זאָגט: ״קיין זאַך, קיין עקזיסטענץ, אָדער וועלכע ס׳איז נאַטירלעכע דערשיינונג, זעט ניט אויס פאַר זיין קאָלעקטיווער רעפּרעזענטאַציע, ווי עס זעט אויס פאַר אונדז. אַלץ, וואָס מיר נעמען אויף דורך אונדזערע חושים און וואָס מיר באַגרייפן מיט אונדזער שכל, באַמערקט ער ניט, און אויב ער באַמערקט, אינטערעסירט עס אים ניט. פון דער צווייטער זייט, זעט ער זאַכן און דערשיינונגען, וואָס זיי־נען אונדז פרעמד און מיינען פאַר אונדז גאָרניט. צום ביישפּיל: פאַר א פרימי־טיוון מענטשן, וואָס באַלאַנגט צו א באַשטימטער טאָטעמישער גרופּע, איז יע־דע חיה, יעדעס פלאַנץ; פאַקטיש יעדע זאַך, ווי די זון, די לבנה, די שטערן און אַז. וו. זיי אַלע זיינען טיילן פון טאָטעם און באַלאַנגען צו א באַשטימטן קלאַס. אַזוי ווי פאַר אים באַזיצט יעדע זאַך מיסטישע אייגנשאַפטן, זיינען פאַר אים די אונטערשיידן צווישן דער לעבעדיקער און טויטער נאַטור ניט וויכ־טיק, פאַקטיש עקזיסטירן זיי פאַר אים ניט. דער פעלז, צום ביישפּיל, קען אַזוי ווירקן אויף זיין פאַנטאַזיע, אַז ער זאָל אין אים ארויסרופן הייליקע געפילן און ער זאָל אים צושרייבן מיסטישע כוחות און מיסטישע ווירקונגען. אַן ענלעכע ווירקונג קען אויף אים האָבן לויפנדע וואַסער, די וואָלקנס און דער ווינט. זיי אַלע זיינען פאַר אים לעבעדיקע ברואים, וואָס באַזיצן מיסטישע כוחות... פאַר אונדזערע מענטשן, וואָס ריידן אויף אונדזער שפּראַך, איז כמעט אומ־מעגלעך צו פאַרשטיין זיין אַרט דענקען. וואָס מער מיר געפינען זיך צווישן פּרימיטיווע מענטשן און וואָס מער מיר דערנעענטערן זיך צו זייערע באַגריפן, אַלץ מער זעען מיר איין, אַז מיר קענען ניט באַגרייפן זייער מענטאַליטעט״ (זע ״האו נייטיווס טהינק״ זז. 44־34 פאַרקירצט).

דאָס איז זייער אַן עקסטרעמער בליק וועגן דעם דענקען פון דעם פּרי־מיטיוון מענטשן. ווען מ׳נעמט דאָס נאָר וואָס ציטירטע ווערטערלעך, מיינט עס אַז ניט נאָר איז דער דענקען פון דעם פרימיטיוון מענטשן אַן אַנדערער, ווי דער דענקען פון דעם קולטור מענטשן, נאָר אויך זיין אויפנעמען דערשיי־נונגען פון דער וועלט איז א גאַנץ אַנדערע. קעגן דעם עקסטרעמעם בליק איז מיט רעכט ארויסגעקומען בערגסאָן, אַז דאָס מיינט שפּאַלטן דעם פּסיכישן עוואָלוציע פּראָצעס אויף צווייען: אויף א פּרי־לאָגישן דענקען און אויף א לאָגישן דענקען, וואָס זיינען פאַרשיידן איינער פונעם צווייטן. די אויסזעצונג איז געוויס א וואָגיקע, נאָר די איראָניע דערפון איז, וואָס בערגסאָן דאַרף זיין דער לעצטער, וואָס זאָל ארויסקומען קעגן א דואַליזם; איז דאָך זיין גאַנצע פילאָזאָפיע געבויט אויף דואַליסטישע שפּאַלטונגען... עס איז אָבער אַן אַלטער כלל, אַז חסרונות זעט מען בא יענעם און ניט בא זיך. וואָס אָנבאַלאַנגט לעווי־ברועלן מיינט ער דוכט זיך ניט אַזוי שלעכט, ווי מען קריגט דעם איינדרוק פון זיין שפּראַך; ער מיינט ניט, אַז די פּערצעפּציע גופא איז באַם פרימיטיוון מענטשן אַן אַנדערע, ווי באַם קולטור מענטשן, נאָר אַז דער פרימיטיווער

מענטש זעט דערשיינונגען אנדערש דערפאר, וואָס ער איז באהערשט פון א מיסטישן באגריף און פון מיסטישע געפילן און פון מיסטישע איבערלעבונגען, קאלירן זיי פאר אים דערשיינונגען אויף אזא אופן, אז ער זעט זיי אין אן אנדער קאנפיגוראציע, ווי זיי פּרעזענטירן זיך צום קולטור מענטשן. עס מיינט, אז ניט די פּערצעפּציע איז אן אנדערע, נאָר די אינטערפּרעטאציע איז אן אַנדערע. אין דעם לעצטן שטימט מיט אים פאקטיש איין דער אנטראפּאלאָג, פראַנץ בויעז, כאָטש ער זאָגט ארויס זיין מיינונג אין דער פאָרמע פון א קריטיק קעגן דעם שטאַנדפּונקט. ער זאָגט: "דער אונטערשייד צווישן דעם אופן ווי א פּרימיטיווער מענטש רעאגירט אויף א דערשיינונג און ווי א ציוויליזירטער מענטש רעאַגירט אויף איר, באשטייט אינם אונטערשייד פונם טראדיציאָנעלן מאטעריאל מיט וועלכן א נייע פּערצעפּציע פאראייניקט זיך. די דערפארונג פון א קינד פונם פּרימיטיוון מענטשן איז ניט באזירט אויף קיין עקספּערימענטן פון הונדערטער יאָרן, וואָס זיינען פול מיט דערפארונגען, נאָר זי באשטייט פון ניט קיין רייפע דערפארונגען פון עטלעכע דורות. ווען א פּרימיטיווער מענטש קריגט א נייע דערפארונג, שליסט ער זי איין אין זיינע אלגעמיינע באגריפן און פאראייניקט זי מיט זיינע אינטערפּרעטאציעס. צום ביישפּיל, ער זעט און הערט אן עקספּלאָזיע, וועט ער די דערשיינונג פארבינדן מיט מיסטישע מעשיות, וואָס ער האָט געהערט וועגן דער וועלט און די באשטימטע דערשיינונג וועט פון אים אויפגענומען ווערן מיט א טיפן אבערגלויבן און מיט פיל שרעק. אן עפּידעמיע וועט ער דערקלערן מיט דער הילף פון שדים, וואָס פארפאָלגן דעם מענטשן. אויף אזא אופן וועט ער דערקלערן די רעאלע וועלט" (זע "די פּרימיטיוו מיינד" ז. 221).

ווי מען קען זען, שטימט בויעז אַיין מיט לעווי־ברועלן אין דער פּאַקטישער זייט, ער נעמט נאָר ניט אָן די עקסטרעמע אינטערפּרעטאציע. זי ווערט אויך ניט צופיל פארטיידיקט פון די אנדערע סאָציאלע אנטראפּאלאָגן. ווען אָבער מען רעדט וועגן די סאָציאַלע אנטראפּאלאָגן, האָט מען געוויינטלעך אין זינען עמיל דורקהיימס טעאָריע וועגן דעם קאָלעקטיוון דענקען אין דעם פּרימיטיוון דענקען און ניט לעוו ברועל'ס עקסטרעמע מיינונג וועגן אַ פּרילאָגישן ארט דענקען. אי די פארטיידיקער פון דעם שטאַנדפּונקט פון די סאָציאַלע אנטראפּאלאָגן, אי די באקעמפער פון דעם שטאַנדפּונקט, באשעפטיקן זיך מיט דער קאָלעקטיווער טעאָריע פון דענקען און ניט וועגן דער דערקענטניש אין אַלגעמיין: נאָר וועגן דעם אויפקום און כאַראַקטער פון רעליגיע בא פּרימיטיווע מענטשן. אויף וויפיל די טעאָריע ווערט באַטראַכט פאַר וויכטיק קען מען זען פון דעם, וואָס דער ענגלישער רעליגיע־פילאָזאָף, קלעמענט וועב, האָט אָנגעשריבן א גאנצן בוך אונטערן נאָמען "גרופּ טעאָריעס אוו רעלידזשן ענד די אינדיווידואל" (די גרופּ טעאָריעס וועגן רעליגיע און דער יחיד), אין וועלכן ער באמיט זיך צו באווייזן, אז דורקהיימס שטאַנדפּונקט איז א פאלשער. קלעמענט וועב באשטרייט ניט דורקהיימס פאָרשונגען וועגן דעם קאָלעקטיוון דענקען פון פּרימיטיווע מענטשן, ער באשטרייט אפילו ניט די שלוסן צו וועלכע דורקהיים קומט; פּאַקטיש באשעפטיקט ער זיך אפילו ניט מיטן עצם ענין, מיט וועלכן דורקהיים באַשעפטיקט זיך. ער אַרגומענטירט נאָר קעגן אים פון אן אבסטראַקט רעליגיע־פילאָזאָפישן שטאַנדפּונקט און באַשולדיקט אים און זיינע מיטארבעטער, אז זיי זיינען ניט קיין מעטאפיזיקער. נאָך מער:

— זיי זיינען געגנער פון מעטאפיזיק... און דערפאר וואָס זיי אליין זיינען ניט קיין טיף רעליגיעזע מענטשן, קענען זיי ניט אָפּשאַצן דעם מעטאפיזישן עצם פון א רעליגיעזער איבערלעבונג (זע קאפּ. 4 "קריטיסיזם און סאָסיאָלאָדזשיקל טעאָריע אָוו רעלידזשן" און וויטער).

דער פילאָזאָפישער שטרייט קען דאָ אינגאַנצן אויסגעלאָזט ווערן. ווען ער זאָגט אָבער, אז "ווען מען נעמט אָן, אַז דער פּרימיטיווער דענקען איז א רעזולטאט פון סביבה באדינגונגען פונם קאָלעקטיוו, רויבט מען דערמיט אוועק דאָס פונדאמענטאלע פּסיכישע פון מיסטיציזם", איז דאָס געוויס אן אמת, עס איז אָבער ניט קיין בלבול, נאָר א פאקט. עס איז א פאקט, וואָס קיי־נער קען ניט לייקענען, אז מיסטישע באוועגונגען זיינען א רעזולטאַט פון אַ סאָציאַלער אַטמאָספערע, וואָס איז גינסטיק פאר זיי. די געשיכטע פון מיסטי־שע באוועגונגען באשטעטיקט, אז די באהויפּטונג איז אן אמת'ע. אין אַלגעמיין באלאנגט מיסטיציזם צו דער פּסיכאָלאָגיע פון די עמאָציעס און ניט צו מע־טאפיזיק.

דאָס פירט צו דער פראגע וועגן דעם געפיל פאר הייליקייט, אָדער דעם רעליגיעז געפיל פון דעם פּרימיטיוון מענטשן. לויט דער אנימיסטישער שיטה איז אויסגעקומען, אז דער פּרימיטיווער מענטש האָט אויף זיין אייגנ־אַרטיקן אופן אינטעלעקטואַליזירט זיינע באַגריפן און איבערלעבונגען, אַז זיינע רעליגיעז באגריפן זיינען א רעזולטאט פון זיין אינדיווידועלן דענקען וועגן זיך און .וועגן דער וועלט, וואָס רינגלט אים ארום. קומען איצט די סאָציאַלע אנטראפּאלאָגן און אויפן גרונט פון פאָרשונגען פון דעם לעבן און דענקען פון פּרימיטיווע מענטשן, קומען זיי צום שלוס, אז דאָס איז א טאָפּעלטער טעות: ערשטנס באהויפּטן זיי איז דער דענקען פון דעם פּרימיטיוון מענטשן אין אל־געמיין ניט קיין אינדיווידועלער, נאָר א קאָלעקטיווער אינם זינען, וואָס זיין גאנצער וועזן ווערט פארכאפּט פונם קאָלעקטיוון לעבן און פון די פּאסירונגען, וואָס קומען פאָר אין דעם קאָלעקטיוון לעבן. דאָס אלץ ווירקט אויף אים אזוי, אז ער אנטוויקלט ניט קיין פייעקייט צו דענקען אויף אן אייגנאַרטיקן אופן און צווייטנס און דאָס איז אסך וויכטיקער, זיינען זיינע רעליגיעז באגריפן ניט גע־קומען אויף קיין אינטעלעקטועל־ראציאָנאַלן אופן לויט זיינע אייגענע אינער־לעכע באַגריפן, נאָר זיי זיינען צו אים געקומען דורך די רעליגיעז עמאָציעס, וואָס הערשן אין זיין קאָלעקטיוו; עס מיינט, אַז דאָס וואָס ווערט אייגנטערפּרע־טירט פאר זיינע רעליגיעזע איבערלעבונגען, איז אינגאַנצן ניט קיין רעזולטאַט פון לאָגישן דענקען, נאָר פון אן עמאָציע, וואָס שטאַמט פון זיין קאָלעקטיוון לעבן.

פאר א מאָדערנעם קולטור מענטשן, וואָס איז זיכער, אז זיין דענקען איז זיינער אן אייגענער און וואָס גלויבט אפילו אָפט, אז ער איז אָריגינאל אין זיין דענקען, כאָטש פאקטיש איז אין זיין דענקען פאראן א היבש ביסל "קאָ־לעקטיווער דענקען", איז שווער צו אָננעמען די אינטערפּרעטאציע פון די סאָ־ציאַלע אנטראפּאלאָגן וועגן דעם פּרימיטיוון דענקען. דארף מען אָבער ניט פארגעסן, אז דער פּרימיטיווער מענטש געפינט זיך אין גאנץ אנדערע באדינ־גונגען פון דעם קולטור מענטשן; זיין גאנצע מענטאליטעט פון קינדהייט אָן ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן, איז באהערשט פון אַ געזעלשאפטלעכער אט־מאָספערע, וואָס איז אָנגעפילט מיט פארשיידענע אבערגלויבנס אין מיסטישע

צערעמאָניעס. ער לעבט אין א שטענדיקן געווירבל פון ווילדע טענץ און פאַר־טויבנדע קלאַנגען. זיין גאנצער געמיט געפינט זיך אין אן עקזאַלטירטן צו־שטאַנד, וואָס פאַרשיכורט אים און דערפאַר נעמט ער אַלץ איבער פון דעם קאָלעקטיוו און אנטוויקלט ניט די פייעקייט צו דענקען פריי און צו קענען אנאַ־ליזירן דערשיינונגען אויף א ריין לאָגישן אופן.

אין צענטער פון זיין וועלט געפינט זיך דער טאָטעם (צי אַלע פרימי־טיווע פעלקער האָבן א טאָטעם באַגריף איז אן אָפענע פראַגע), ארום וועלכן זיין וועלט דרייט זיך. ווען דער טאָטעם ווערט גענומען פאַר אַן אויסגאַנג פונקט, איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר קיין דערקלערונגען וועגן דער נאַטור און אירע דער־שיינונגען אויף א ריין לאָגישן אופן. דאָס מיינט פאַקטיש, אז די נאַטור פון דעם פּרימיטיוון מענטשן איז אן אַנדערע פון דער נאַטור פון א קולטור מענטשן. זי איז אנדערש שוין דערמיט, וואָס אַלץ מיט אַלעמען לעבט אין איר אויף אן אייגנאַרטיקן אופן; עס לעבט דער באַרג, עס לעבט דער טאָל; עס לעבן די טייכן, וועלדער און פעלדער: — זיי פולסירן מיט לעבן... צו אָט דער זיכטבאַרער וועלט האָט ער נאָך אַ ניטזיכטבאַרע וועלט, וואָס איז אָנגעפילט מיט שדים, רוחות, ניט־גוטער און מיט גייסטער מכל המינים, ווי פאַרשעלטער, באַשפּרע־כער, אָפּשפּרעכער, שפּיצל אָפּטוער און אַז. וו. אָן א שיעור. פאַר אים זיינען עס ניט קיין צוויי וועלטן, וואָס קענען געטיילט ווערן; עס איז איין וועלט אין וועלכער אַלץ מיט אַלעמען איז צוזאַמענגעפּלאָנטערט אין א קנויל וואָס ער קען ניט צעפּלאָנטערן. אָט דער מיש־מאַש געפינט זיך אין זיין קאָפּ און פאַר־נעמט דעם פּלאַץ פון נאָרמאַלן לאָגישן דענקען.

אזוי ווי לויט זיין אַלגעמיינעם באַגריף איז פאַר יעדער פּאַסירונג, אין וואָס זי זאָל ניט באַשטיין, שולדיק אן "עמיצער"; אז הינטער יעדער דער־שיינונג געפינט זיך אן "עמיצער", איז ער שטענדיק ארומגערינגלט מיט אן "עמיצן", וועלכער קען אים אָפּטאָן פאַרשיידענע שפּיצלעך . . .

דאָס איז עס דער "קאָלעקטיווער דענקען", וואָס איז פאַקטיש ניט קיין דענקען, נאָר א מאַגישע וועלט וואָס איז אָנגעפילט מיט טאַבוס, וועלכע מען מוז אָפּהיטן ווי דעם שווארצאַפּל פון אויג, אויב מ'וויל לעבן אויף איר. זאָגט דער מיסיאָנער, רוי אַליער, וואָס האָט דרייסיק יאָר געפאָרשט די פּרי־מיטיווע מענטשן: "כישוף איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם, וואָס זייער שכל איז פּאַראַליזירט געוואָרן און פאַר זייער מאָראַלער און גייסטיקער דעסאינ־טעגראַציע אין אַלגעמיין."

דאָס איז אין קורצן ווי די סאָציאָלע אנטראָפּאָלאָגן דערקלערן דעם דענקען פון פּרימיטיווע מענטשן, ווי זיי זיינען אַריינגעכאַפּט געוואָרן אין א פאַרכישופטן קרייז, פון וועלכן זיי קענען זיך ניט אַרויסרייסן. דער פאַר־כישופטער קרייז, מיט אַלץ וואָס איז אין אים אָנגעפילט, האָט פאַראַליזירט זייער מאָרך און האָט פון זיי צוגענומען די פייעקייט צו אַנטוויקלען א זעלבסט־שטענדיקן דענקען.

פאַרשטייט זיך, אז דערמיט ווערט ניט געמיינט צו זאָגן, אז דער פּרי־מיטיווער מענטש דענקט אינגאַנצן ניט; עס מיינט נאָר צו זאָגן, אז זיין דענקען איז א שאַבלאָנער און אז ער איז אין קלעם פון פיקסירטע באַגריפן, פון וועלכע ער קען זיך ניט באַפרייען. אפילו מאַרעט, וואָס זאָגט, אז דער פּרימיטיווער מענטש נוצט אויס זיין גאַנצע ענערגיע פאַר קערפּערלעכער אַקטיוויטעט און

אז דער באַוועגלעכער קערפּער פאַרנעמט בא אים דעם פּלאַץ פון דעם באַוועגלאַזן מארך, מיינט עס ניט אין דעם אבסאָלוטן זין פון וואָרט, נאָר אין רעלאַטיוון זינען: באַשעפטיקט ער זיך דאָך אין זיינע ביכער מיט באַשרייבונגען וועגן דעם לעבן פון פּרימיטיווע פעלקער אין וועלכן א "קאָלעקטיווער דענקען" קומט פאָר . . .

דאָס פירט צו דער פראַגע: וואָס האָבן אויפגעטאָן די סאָציאַלע אנטראָפּאָלאָגן, וואָס מען רעכנט זיך אויף אזוי פיל מיט זיי, אז מען שרייבט אפילו גאנצע ביכער זיי צו קריטיקירן? דער ענטפער איז אז זיי האָבן אוועקגעשטעלט דעם פּראָבלעם פון דעם פּרימיטיוון דענקען אויף אַן אופן, אז ער קען געפאָרשט ווערן וויסנשאַפטלעך און זיי האָבן אויך געגעבן א דערקלערונג פאַרוואָס די פּרימיטיווע מענטשן האָבן זיך ניט אַנטוויקלט: זייער רעליגיע באַגריף איז א קאָלעקטיווער און זיי ווערן עמאָציאָנאַל פיקסירט. פון איין זייט שאַפט דאָס אָפּ די מיסטיק פון דער רעליגיע פון דעם פּרימיטיוון מענטשן, דורך וועלכער מען האָט געוואָלט באַווייזן דעם קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו פון רעליגיע, אז ער איז א חלק אלוהי ממעל און פון דער צווייטער זייט דערקלערט עס פאַרוואָס פּרימיטיווע פעלקער האָבן זיך ניט אנטוויקלט: זיי האָבן אנטוויקלט א פיקסירטן פעסטן סיסטעם פון קאָלעקטיוון דענקען און אזוי לאַנג ווי זיי זיינען פאַרבליבן איזאָלירט, איז יעדער יחיד פיקסירט געוואָרן דורך דעם קאָלעקטיוון אַרט דענקען... זאָגט ווהייטהעד: "עס איז ניטאָ קיין שום סיבה, וואָס זאָל אין אונדז ארויסרופן צווייפל, אז יעדער איין כינעזער באַזיצט די גייסטיקע פייעקייט צו קענען ווערן א וויסנשאַפטסמאַן; פונדעסטוועגן איז כמעט ניטאָ קיין וויסנשאַפט אין כינע. מען קען זאָגן מיט פולשטענדיקער זיכערקייט, אז וואָלט כינע געבליבן אָפּגעשלאָסן פון דער וועלט, וואָלט זי ניט געמאכט קיין שום וויסנשאפטלעכן פּראָגרעס. דאָס זעלבע קען מען זאָגן וועגן אינדיע" (זע "סייענס ענד די מאדרן וואָלד" ז. 9).

ווען כינע און אינדיע, וואָס באזיצן אייגנארטיקע ציוויליזאציעס פאַר טויזנטער יאָרן, וואָלטן פונדעסטוועגן פאַרבליבן געוואָרן אין פאַרגליווערטן צושטאַנד און וואָלטן ניט אנטוויקלט קיין וויסנשאפט, ווען זיי וואָלטן פאַרבליבן איזאָלירט, דאַרף מען זיך ניט וואונדערן וואָס די פּרימיטיווע פעלקער זיינען געבליבן שטיין בא זייער קאָלעקטיוון דענקען, ווען זיי זיינען פאַר זייער גאנצן היסטאָרישן לעבן געווען איזאָלירט. ביאָלאָגיש און פּסיכאָלאָגיש, קענען טאקע אַלע מענטשן זיין ענלעך צווישן זיך; זייערע באַדינגונגען באַשטימען אָבער פאַר זיי זייער קולטורעלן צושטאַנד.

ווי פריער געזאָגט איז די שיטה פון די אידיש-פראנצויזישע אנטראָפּאָלאָגן געגעבן געוואָרן ניט דערפאַר, וואָס זי ווערט אַלגעמיין אָנגענומען, נאָר דערפאַר, וואָס איר אויסגאַנגס פונקט איז אזא ברייטער, אז אין אַלגעמיינע שטריכן קען ער אָנגענומען ווערן פאַר ריכטיק. געוויס ווערט זי קריטיקירט פון אַזוינע אנטראָפּאָלאָגן ווי פראַנץ בויעז, אַלעקסאַנדער גאָלדענווייזער און אסך אַנדערע אנטראָפּאָלאָגן. נאַטירלעך אז די לעצטע האָבן זייער אייגענע טעאָריעס וועלכע ווערן אויך קריטיקירט און אזוי ווייטער.

אין זיין בוך קולטורעלע עוואָלוציע (קולטשורעל עוואָלושן) קריטיקירט טש. עלוואוד זעקס אנטראָפּאָלאָגישע טעאָריעס און ער לייגט פאָר זיין אייגענע א זיבעטע טעאָריע... מען קען זיכער זיין אז אויך זיין טעאָריע וועט ניט אָנ־

גענומען ווערן... עס זעט אָבער אויס, אז די טעאָריע פון די סאָציאַלע אנטראָ־פאלאָגן איז די הערשנדע: מען דערמאָנט זי מער ווי אנדערע טעאָריעס און מען קריטיקירט זי מער... אמת, מען קען זאָגן, אז איצט איז די טעאָריע פאָ־פולער און מיט א דור שפעטער וועט מסתמא אן אנדער טעאָריע ווערן פאָפו־לער... דאָס איז זייער מעגלעך, — די סאָציאַלע וויסנשאפטן געפינען זיך נאָך אין א פליסנדן צושטאנד און האָבן ניט קיין פעסטע אלגעמיין אָנגענומענע רעגעלן. דערפאַר טאַקע ווערט אין דער אַרבעט אָנגענומען דער סאָציאל־פסיכאָלאָגישער פאַקט פארן אויסגאנגס פונקט, — דער פאקט גופא ווערט גע־נומען פארן אויסגאנגס פונקט און ניט קיין ספעציעלע טעאָריע. דאָס טוען אויך ביז א גרויסן גראד די סאָציאַלע אנטראפאלאָגן.

# קאפיטל 3

## קולטור געשיכטע (מצרים)

איידער דער אָנהויב פון קולטור געשיכטע וועט באטראכט ווערן, וועלן געמאכט ווערן א פּאָר באמערקונגען וועגן די צוויי טערמינען: קולטור און ציוויליזאציע. דער טערמין קולטור ווערט געוויינטלעך באנוצט צו באצייכענען די אינטעלעקטועלע נייגונגען און גייסטיקע דערגרייכונגען פון א פאָלק, און מיטן טערמין ציוויליזאציע, האָט מען געוויינטלעך אין זינען די אינדוסטריעלע אנטוויקלונג און מאַטעריעלע שאפונגען פונם פאָלק. מעטאדאלאָגיש, פון שטאַנדפונקט פון פאָרשונג, איז די טיילונג א באַקוועמע און א ריכטיקע; זי העלפט צו אריינפירן אָרדענונג אינם קעגנשטאַנד. פאקטיש קען אָבער אזא טיילונג ניט געמאכט ווערן, ווייל די דערגרייכונגען, וואָס ווערן אָנגערופן קולטור, אָדער ציוויליזאַציע, זיינען ניט קיין באַזונדערע, וואָס זאָלן קענען אָפּגעטיילט ווערן איינע פון דער צווייטער; פאַקטיש באַשטייען זיי פון צוויי אספעקטן פון איין דערשיינונג. דערהויפּט קען מען אזא טיילונג ניט מאכן, ווען עס האנדלט זיך וועגן דעם אָנהויב פון דער קולטורעלער אנטוויקלונג פון דער מענטשהייט. אין דעם פאל קען מען אפילו ניט דענקען וועגן מאכן אזא טיילונג; זי וואָלט אינגאנצן געווען אַן אויסגעטראכטע, וואָס האָט ניט געהאַט קיין שום שייכות מיט דערווירקלעכקייט. אין דער אַרבעט וועלן די צוויי טערמינען, קולטור און ציוויליזאציע, גענוצט ווערן ווי סינאָנימען, כאָטש, ווי געזאָגט, די טיילונג איז אי אַ באקוועמע, אי, אין באַשטימטע גרענעצן, א ריכטיקע.

איצט צום פונקט: דער אָנהויב פון דער מענטשלעכער קולטור איז פארהילט אין דער גרויער פארגאנגענהייט; מען קען אפילו ניט האָפן, אז מען וועט ווען עס איז וויסן עפּעס וועגן אים. קולטור שאפונגען האָבן זיך אָנגעהויבן אסך פריער פונם מאָמענט, וואָס האָט געלאָזט א סימן וועגן זיך. וועגן דעם אָנהויב קען מען קיין זאך ניט וויסן, וואָס מען קען נאָר טאָן איז זאָגן וואָס מען נעמט אָן פאר אָן אָנהויב. פאר אָן אָנהויב פון קולטור שאַפונג ווערט אָנגענומען יענער מאָמענט, ווען דער אורמענטש האָט אָנגעהויבן צו נוצן זאַכן פאר געצייג אין זיין קאמף פארן עקזיסטענץ ניט צופעליק, נאָר רעגלמעסיק. אויפהויבן א שטיין און אים וואַרפן אויף א שונא, אָדער כאַפּן אַ שטיק האָלץ צופעליק און זיך דערמיט פארטיידיקן, איז ניט קיין קולטור דערגרייכונג, כאָטש עס האָט געקענט זיין א דערגרייכונג פאר א יחיד. פאר א קולטור אָנהויב דאַרף באַטראכט ווערן דער מאָמענט, ווען די אורמענטשן האָבן זיך גע־

נומען באנוצן מיט זאכן ווי אינסטרומענטן רעגלמעסיק, און ספּעציעל איז פונם קולטור היסטאָרישן שטאַנדפּונקט וויכטיק דער מאָמענט, ווען דער מענטש האָט דערגרייכט די פעיִקייט צו קענען איבערגעבן זיין דערפאַרונג צו א צווייטן מענטשן און אים אָנווייזן ווי ער קען זיך באנוצן מיט געצייג.

קולטור האָט זיך אָנגעהויבן מיט קאָמוניקאַציע, מיט קאָנען איבערגעבן די דערוואָרבענע דערגרייכונג צו א צווייטן, אז ער זאָל זיך מיט איר באנוצן. אזוי לאנג ווי דער אורמענטש האָט ניט געהאַט די פייעקייט צו איבערגעבן זיין דערוואָרבענע דערפאַרונג צו א צווייטן מענטשן, אז אויך ער זאָל געניסן פון דער דערפאַרונג, איז די אינדיווידועלע דערגרייכונג ניט געווען קיין קולטור שאפונג.

אינדיווידועלע דערגרייכונגען, וואָס ווערן ניט איבערגעגעבן צו א צווייטן, זיינען ניט קיין קולטורעלער באַגאַזש: — זיי באַרייכערן קיינעם ניט. קולטור באַשטייט פון א באַגאַזש, וואָס ווערט איבערגעגעבן פון איין דור צום צווייטן און דער צווייטער לערנט פונם ערשטנס דערפאַרונג. די ערשטע גענוצטע געצייגן זיינען, וואַרשיינלעך, באשטאנען פון הילצערנע שטעקנס, וואָס זיינען פאַרניכטעט געוואָרן און אויב שטיינער זיינען גענוצט געוואָרן און זיי זאָלן אפילו עקזיסטירן איצט, וואָלט מען ניט געקענט וויסן צי זיי זיינען גענוצט געוואָרן, און ווען מ׳זאָל יאָ דערקענען אז זיי זיינען גענוצט געוואָרן פאַר געצייג, וואָלט מען ניט געוואוסט צי זיי זיינען געווען די ערשטע געצייגן וואָס מענטשן האָבן ווען עס איז גענוצט. אזוי צי אזוי, וועגן דעם אָנהויב צו נוצן געצייג קען מען ניט וויסן.

דער צווייטער פאַרהיסטאָרישער מאָמענט, וואָס איז דער וויכטיקסטער פון קולטור היסטאָרישן שטאַנדפּונקט, איז דער ווען דער פּרימיטיווער מענטש האָט אָנגעהויבן צו נוצן פייער רעגלמעסיק.

אַ גריכישע לעגענדע דערציילט, אז דער גאָט פּרימעטיוס האָט געזען ווי מענטשן ליידן פון דעם וואָס זיי האָבן ניט קיין פייער, האָט ער אויף זיי רחמנות געהאַט און האָט געגנבעט פייער בא די געטער און האָט אים געגעבן צו די מענטשן... פאַר דעם פאַרברעכן, דערציילט ווייטער די לעגענדע, האָט אים צייאוס, דער האַר פון די געטער, צוגענאָגלט צו א שטיינערנעם באַרג. אַן אָדלער פּיקט יעדן טאָג אויס זיין לעבער און דורך דער נאַכט וואקסט אים אָן אַ נייער לעבער, אז דער אָדלער זאָל האָבן וואָס צו אויספּיקן...

פּרימעטיוס׳ס טאַט איז געווען א העראָישע. ער האָט געראַטעוועט די מענטשהייט... זאָגט אָבער דער קולטור היסטאָריקער, אז דער מענטש גופא האָט אויפגעטאָן עפּעס מער העראָישעס, ער האָט ניט געגנבעט קיין פייער, נאָר ער האָט אויסגעפונען די נוצן, וואָס מען קען האָבן פון פייער און האָט זיך אויסגעלערנט ווי צו מאַכן פייער...

ווען דער פּרימיטיווער מענטש האָט אָנגעהויבן נוצן פייער, ווייסט מען ניט; די פּרימיטיווסטע מענטשן האָבן שוין גענוצט פייער. דער פּעקין מענטש, וואָס האָט געלעבט אן ערך מיט אַ מיליאָן יאָרן צוריק, האָט שוין גענוצט פייער און געמאַכט געצייג (זע הירד ״דהי סאָורס אָוו סיווילייז.״ ז. 107). ניט אלע מענטשן, וואָס האָבן גענוצט פייער, האָבן געוואוסט ווי צו מאַכן פייער. מען ווייסט פון פּרימיטיווע פעלקער, וואָס האָבן שטענדיק געברענט אַ פייער און זיי פלעגן אים מיטנעמען אין זייערע וואנדערונגען. דער נר תמיד,

נעמט מען אָן, שטאַמט דערפון ארויס.

די דריטע וויכטיקסטע דערגרייכונג, ווערט אָנגענומען, איז געווען הויזן חיות: — צוימען ווילדע חיות און זיי מאַכן פארן מענטשנס לעבנס באַגלייטער. מען ווייסט וועגן פרימיטיווע פעלקער, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין הויז חיות, אפילו ניט קיין הינט (די טאסמאניער שפייז קלייבער, צום ביי־שפיל).

מען ווייסט ניט ווען עס איז געווען דער ערשטער מאָמענט, ווען דער מענטש האָט זיך דערנעענט צום הונט און האָט אים געמאַכט פאר זיין לעבנס באגלייטער (דער הונט איז געווען די ערשטע חיה, וואָס דער מענטש האָט געמאַכט היימיש). עס איז פאראן א מיינונג, אז דאָס איז פאָרגעקומען צופע־ליק און אז דער הונט האָט זיך דערנעענט צום מענטשן און ניט דער מענטש צו אים... לויט דער מיינונג זאָל עס געווען פאָרקומען אויפן פאָלגנדן אופן: — אין דער גאָר אַלטער צייט איז דער מענטש געווען אזא שפייז־זוכער, ווי דער הונט, האָבן זיי זיך באגעגנט אויפן שוטפדיקן וועג און דער הונט האָט זיך צוגעטוליעט צום מענטשן. די מיינונג קלינגט אינטערעסאנט, זי איז אָבער געוויס ניט קיין ריכטיקע. אין איר ווערט אויסגעלאָזט דער פאַקט, אַז דער אורשפרונגלעכער הונט איז געווען א ווילדער, און א ווילדער הונט טוליעט זיך ניט צו קיין מענטשן און ווערט ניט זיין פריינט. ווי דער פראָצעס איז פאקטיש פאָרגעקומען ווייסט מען ניט, קען איין ספעקולאַציע אָנגענומען ווערן אַזוי גוט ווי די צווייטע.

וועגן אַנדערע חיות, דערהויפט די וואָס לעבן אין סטאַדעס, דענקט ברעסטעד, אַז זייער צוימען איז פאָרגעקומען צופעליק און אויף אַן אומדי־רעקטן אופן. לויט זיין מיינונג האָט אַ יעגער, אָדער עטלעכע יעגער, פאַריאָגט א סטאדע בהמות, אָדער שעפסן אין א פלאַץ, וואָס איז געווען פארצוימט פון דריי זייטן מיט נאַטירלעכע צוימען, איז אים איינגעפאלן א געדאנק אָנשטאָט צו אויסהרגענען אלע חיות מיט אַמאָל, פארצוימען די פערטע זייט פון פלאַץ, האַלטן די חיות און זיי טויטן ביסלעכוויים. די בהמות, אָדער שעפסן האָבן זיך צוגעוואוינט צום פלאַץ און האָבן זיך געגומען מערן און זיינען געוואָרן היימי־שע חיות, ספעציעל זיינען געוואָרן היימיש זייערע קינדער, וואָס זיינען גע־בוירן געוואָרן אויפן פלאַץ. און אזוי זאָל מיט דער צייט פון דעם יעגער געווען ווערן א פאסטוך און נאמאדן זאָלן געווען אנטשטיין.

עס איז שווער צו גלויבן, אז אזא ענדערונג אינם לעבן פון פרימיטיווע פעלקער זאָל געווען פאָרקומען דורך א צופאל. עס לייגט זיך ניט אויפן שכל, אז די קולטורעלע אנטוויקלונג פון דער מענטשהייט זאָל זיין א רעזולטאַט פון צופאַלן... אָבער געגומען אין געשיכטלעכן זין זיינען אזוינע צופאלן מעגלעך. אין א לאַנגן היסטאָרישן פראָצעס, וואָס האָט געדויערט טויזנטער יאָרן, זיינען פאָרגעקומען אזויפיל ווידערהאָלנדע פאסירונגען, אז אזא "צופאַל" אָדער אַן אנדערער, איז היסטאָריש געווען מעגלעך, אז ער זאָל פאָרקומען אויב ניט אין איין פאָרמע, איז אין א צווייטער פאָרמע. נאָך אלעמען, איז ווי מען זאָל זיך ניט פאָרשטעלן, אז דער הויזן חיות איז פאָרגעקומען, האָט אַ וועלכער עס איז "צופאַל" געשפילט א באשטימטע ראָלע אין דעם פראָצעס.

געוויינטלעך איז אָנגענומען, אז דער פרימיטיווער מענטש האָט אָנגע־הויבן זיין לעבן ווי א יעגער, ער איז שפעטער געוואָרן א פאסטוך און האָט אָנ־

געהויבן פירן אַ רעגולערע נאָמאַדן לעבן און אַגריקולטור. באַאַרבעטן די ערד איז געקומען נאָך שפּעטער. זאָגט אָבער גאָרדאָן טשײַלד אין זײַן בוך „מען מעיקס הימסעלף" (מענטש מאַכט זיך גופא), אַז די מערסטע אַנטראָפּאָלאָגן נעמען ניט אָן די טײלונג. זײ האַלטן ניט, אַז ס'איז ווען עס איז געווען אַ פּעריאָד אין דער מענטשלעכער געשיכטע, ווען מענטשן זײַנען געווען אויסשליסלעך נאָמאַדן און אַז דאָס דערנערן זיך פון גרינסן און פון קרײטעכער, האָט געפירט גלײכצײַטיק צו אַגריקולטור, ווי יעגערײ האָט געפירט צו פי־צוכט. די מײנונג לײגט זיך אויפן שכל; דערהויפּט דאַרף זי זיך לײגן אויפן שכל, ווען זי ווערט געשטיצט פון דער מערהײט אַנטראָפּאָלאָגן...

די פּאַרהיסטאָרישע דערגרײכונגען, ווי נוצן געצײַג און אויך מאַכן געצײַג; נוצן און מאַכן פײער (דער נוצן דאַרף קומען פריער פאַרן מאַכן, ווײל מ'האָט גענוצט פײער אַסך פריער, ווי מ'האָט אַלײן געקענט מאַכן פײער), צוימען אין הויזן חיות, זײַנען מאָמענטן אין דער קולטור געשיכטע פון דער מענטשהײט. זײ זײַנען אָבער פּאַרהיסטאָרישע מאָמענטן, וואָס קענען ניט פאַרצײכנט ווערן הן בנוגע צײַט און הן בנוגע פּלאַץ. מען קען פון זײ רײדן נאָר אין אַבסטראַקט; קאָנקרעט הויבט זיך די קולטור געשיכטע פון דער מענטשהײט אָן מיטן מאָמענט, ווען אַ גרופּע מענטשן האָבן זיך באַזעצט אויף אַ פּלאַץ און האָבן עס געמאַכט פאַר זײער פּערמאַנענטער הײם. דאָס איז מעגלעך געוואָרן דעמאָלט, ווען מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו ציִען זײער הויפּט חיונה פון דער ערד, אויף וועלכער זײ האָבן זיך באַזעצט: — פון אַגריקולטור. אָבער אויך דאָס איז פאָרגעקומען פאַר דער רעקאָרדעטער מענטשלעכער געשיכטע און מען ווײסט נאָך ניט אויף זיכער ווען און וואו דאָס איז פאָרגעקומען צום ערשטן. עטלעכע פעלקער קריגן זיך פאַרן כבוד צו זײַן די, וואו די ערשטע מענטשלעכע קולטור איז פאָרגעקומען. דזשיראַלד הירד האַלט, אַז די ערשטע ציוויליזאַציע איז אַנטשטאַנען ערגעץ וואו לעבן קאַווקאַז און אַז די דרײ ציוויליזאַציעס: ווי די ציוויליזאַציע פון מצרים, פון סומער און די אינדוס ציוויליזאַציע, זײַנען געקומען פון קאַווקאַז. פאַרוואָס קאַווקאַז גיט ער אָן די סיבה, וואָס די ערשטע תבואות זאָלן שטאַמען פון דאָרטן און אַז אין די דרײ אויסגערעכנטע פעלקער האָט מען פאַר זיך אַ פּאַרטיקע ציוויליזאַציע אָבער ניט קײן אָנהויב. גאָרדאָן טשײַלד האַלט אינגאַנצן ניט פון קײן „אָנהויב"; לויט זײַן מײנונג איז עס געווען אַ לאַנגער און דויערנדער פּראָצעס, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין אַלע די אַרומיקע פעלקער אין דער זעלבער צײַט, אָדער זײער נאָענט אין צײַט און דערפאַר קען מען ניט רײדן פון קײן אײן פּלאַץ, וואו די ציוויליזאַציע זאָל זיך געווען צום ערשטן אַנטוויקלען. ער באַזירט זײַן מײנונג אויף דעם, וואָס אין די אַלע פעלקער זײַנען פאַראַן „אָנהויבן" אין דער זעלבער צײַט און אין אַלע פעלקער האָט מען געפונען גערשטן, וואָס איז די ערשטע תבואה, וואָס איז קולטיווירט געוואָרן. און עליאָט סמיט זאָגט, אַז ברעסטעד האָט פּאָזיטיוו באַוויזן, אַז די ערשטע ציוויליזאַציע איז אַנטשטאַנען אין מצרים. דאָ וועט נאָכגעפאָלגט ווערן ברעסטעדס מײנונג דערפאַר, וואָס ער ווערט איצט פאַרעכנט פאַרן ווײכטיקסטן אויטאָריטעט וועגן דער פראַגע.

ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אויסגעפונען וועגן דעם אורשפּרונגלעכן לעבן פון די מצרים; ער האָט אויסגעפונען וועגן דער אַזוי אָנגערופענער ערשטער פאַראײניגונג, וואָס איז פאָרגעקומען מיט טויזנטער יאָרן

פאר דער ערשטער דינאַסטיע. וועגן דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט מען אינ־גאַנצן ניט געוואוסט פאר אים. ער האָט אויסגעפונען די ערשטע שריפט, וועגן וועלכער מען ווייסט און ער האָט זי טאַקע דעשיפרירט. זיין פאָרשונג אויף דעם געביט איז אנערקענט געוואָרן אויף אַזוי פיל, אַז ער איז אָנגענומען גע־וואָרן פאַרן וויכטיקסטן אויטאָריטעט וועגן דעם אויפקום פון דער ציוויליזאַציע.

ער הייבט אָן זיין אָפּהאַנדלונג וועגן דער ערשטער ציוויליזאַציע מיטן פּלאַץ וואו די ציוויליזאַציע אין אַלגעמיין איז אַנטשטאַנען. דאָס איז אַ שטח לאַנד, וואָס האָט די פאָרמע פון א האַלבער לבנה (קרעסענט). די דאָזיקע האַל־בע לבנה פרוכטבאַר לאַנד האָט זיך ארויסגעטיילט נאָכן פערטן און לעצטן אייז־בארג פעריאָד. די האַלבע לבנה הייבט זיך אָן פון צפונדיקן טייל פון אפ־ריקע, וואָס גרענעצט זיך מיטן מיטללענדישן ים. זי שליסט אין זיך איין קליין אַזיע ביזן אינדוס טייך־אויסגוס און ציט זיך אין דער ריכטונג פון קאַספּישן ים, און בויגט זיך דרום צו צום פּערזישן גאָלף. אויף אָט דעם שטח זיינען, לויט ברעסטעדס מיינונג, אַנטשטאַנען די דריי ערשטע ציוויליזאַציעס: די ציוויליזאַציע פון מצרים, די ציוויליזאַציע פון סומער און די ציוויליזאַציע, וואָס איז אַנטשטאַנען ארום דעם אינדוס טייך.

פון די דריי טיילן פרוכטבאַרע ערד, זאָגט ברעסטעד, איז דער אפרי־קאַנישער טייל געווען דער בעסטער. דער מיטללענדישער ים האָט אים פאַר־היט פון די אייז־בערג און פון די פאַרפלייצונגען, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן פאַר א לאַנגער צייט נאָכן לעצטן אייז־בערג פעריאָד (די דאָזיקע פאַרפלייצונגען זאָלן עס געווען שאַפן די לעגענדע וועגן מבול, וואָס געפינט זיך אויך אין בבלאַנישע שריפטן. דאָס אַלץ איז, נאַטירלעך, זייער היפּאָטעטיש און דאַרף ניט גענומען ווערן פאר ווירקלעכער געשיכטע. עס איז ניט קיין געשיכטע, נאָר לעגענדע...)

אין די גאָר אַלטע צייטן, נעמט מען אָן, האָט אינם אפריקאַנישן טייל פון דער האַלבער לבנה אַסך גערעגנט און ער איז זייער רייך געווען באַוואַקסן מיט פאַרשיידענע פלאַנצן און עס האָבן זיך אין אים געפונען אַסך פאַרשיי־דענע חיות (וועגן דער פאַרצייטיקער רייכקייט פון דעם געגנט האָט אויסגע־פונען אַן עקספּעדיציע, וואָס דער שיקאַגער אוניווערסיטעט האָט געשיקט אין דער סאַכאַרער מדבר), דאָס אַלץ איז געווען אמאָל, פריער פאַר וועלכער עס איז ציוויליזאַציע. מיט דער צייט, זאָגט ברעסטעד, האָט אינגאַנצן אויפגע־הערט צו רעגענען אין דעם געגנט. די סיבה פאַר דער ענדערונג איז אינ־גאַנצן ניט באַקאַנט און איז ניט פאַרשטענדלעך; דער רעזולטאַט אָבער איז די סאַכאַרער מדבר און דער געענדערטער קלימאַט.

ווען דער געגנט איז ארום און ארום געוואָרן וויסט, און די חיות האָבן פאַרלוירן זייער שפּייז, האָבן זיי גענומען מיגרירן אין דער ריכטונג פון טייך נילוס, וואו עס האָט זיך געפונען שפּייז. די מענטשן האָבן זיי נאָכגעוואָנדערט. אויף דעם אופן זיינען, לויט ברעסטעדן, צום ערשטן מאָל אין דער מענטשלעכער געשיכטע צוזאַמענגעבראַכט געוואָרן אַסך מענטשן אויף א קליינעם שטח ערד, וואו זיי האָבן געמוזט לעבן אויף איין אָרט. דער צוזאַ־מענלעבן האָט געשאַפן די ציוויליזאַציע.

כאָטש, ווי עס איז שוין פריער געזאָגט געוואָרן, אַז ברעס־

טעד וועט נאָכגעפאָלגט ווערן; וועט אָבער ניט זיין אויסער פּלאַץ צו באַמערקן, אַז גאָרדאָן טשיילד באַטראַכט די אַנטוויקלונג פון דער ציוויליזאַציע ניט אויף אַזאַ דראַמאַטישן אופן; ער דערקלערט זי גאַנץ איינפאַך: אַזוי גיך ווי מענטשן האָבן אויסגעפונען ווי צו פּראָדוצירן שפּייז און ניט נאָר לעבן פון גרייטן, וואָס די נאַטור גיט דירעקט און זיי האָבן אויך הויזירט חיות, האָבן מער מענטשן געקענט לעבן אויף איין אָרט און ווייניקער זיינען אויס־געשטאָרבן פון הונגער אין אַלגעמיין. די צוזאַמענגעקליבענע מענטשן, זייענ־דיק אויף איין אָרט, האָבן אויף אַ נאַטירלעכן אופן זיך גענומען צו אַנטוויקלען לויט די ערטישע באַדערפענישן. און ער דערקלערט ווייטער ווי איריגאַציע איז אַנטשטאַנען און ווי די ערשטע פאַכן האָבן זיך גענומען אַנטוויקלען לויט די וואַקסענדע באַדערפענישן און אַז. וו. זיין דערקלערונג איז אַ מער נאַטיר־לעכע; ער רעדט אָבער וועגן ציוויליזאַציע אין אַלגעמיין און שטעלט זיך ניט אָפּ אויף וועלכן עס איז פּלאַץ, אָדער אויף וועלכער ס'איז ציוויליזאַציע, קען ער ניט נאָכגעפאָלגט ווערן.

דער טייך נילוס, זאָגט ברעסטעד, איז אַן אויסנאַם צווישן אַלע טייכן אין דער וועלט; אַלע טייכן הייבן זיך אָן אין אַ קאַלטן קלימאַט און פליסן אין דער ריכטונג פון אַ וואַרעמען קלימאַט. דער נילוס אָבער שטראָמט אַרויס פון אַ טראָפּישן קלימאַט און פליסט אין דער ריכטונג פון אַ מעסיקערן קלימאַט. אַזוי ווי ער פליסט דורך טראָפּישע לענדער, נעמט ער מיט מיט זיין שטראָם די רייכטימער פון די טראָפּישע לענדער און טראָגט זיי מיט זיך צום מעסיקן קלימאַט. דערפאַר וואָס ער האָט געטראָגן אַ רייכקייט אין זיין שטראָם, זיינען זיינע ביידע ברעגן געווען באַוואַקסן מיט פאַרשיידענע גראָזן, צווישן וועלכע עס האָט אויך געוואַקסן ווילדע גערשטן. "און" — זאָגט ער — "פאַר טויזנטער יאָרן האָבן פרויען, וואַרשיינלעך, געקליבן קערנדלעך אין די גראָזן, זיי האָבן די קערנדלעך צעשטויסן און גענוצט פאַר שפּייז... מיט דער צייט האָט מען אײַנגעזען, אַז די גראָזן קען מען פאַרזייען, זיי באַוואַסערן, וועלן זיי וואַקסן אויף איין אָרט. מען וועט זיי האָבן ווען מען וועט זיי וועלן און וואו מען וועט זיי וועלן. די פרויען וועלן קאָנען אַכטונג געבן אויף זיי, וועלן זיי זיין געשמאַ־קער" (זע "קאָנקוועסט אָוו סיוויליזיישן" ז. 28).

אויך וועגן דעם שטימט מיט אים גאָרדאָן טשיילד ניט איין. ער זאָגט: "דער באַריכט, אַז אַגריקולטור איז אַנטשטאַנען אין מצרים באַשטייט פון אַ טעאָריע, וואָס האָט ווייניקער באַווייזן, ווי אַז זי איז אַנטשטאַנען אין פּאַלע־סטינע (זע ז. 77). אין דער צייט, וואָס ס'ווערט באַריכטעט, אַז אַגריקולטור איז אַנטשטאַנען אין מצרים, האָט אין פאָדער אַזיע און אין דרום אַפריקע אַסך גע־רעגנט און תבואות האָבן דאָרטן געוואַקסן אָן איריגאַציע. אין סיריע, אין אי־ראַק און אין פּערסיע געפינען זיך רואינען פון דערפער, וואָס זיינען אַזוי אַלט, ווי די דערפער אין מצרים" (זע "מען מעיקס הימסעלף" ז. 84).

אויף אַזאַ אופן זיינען, לויט ברעסטעדס מיינונג, פון שפּייז־קלייבער און יעגער, געוואָרן פריער פּאַסטוכער און שפּעטער ערד באַאַרבעטער. מיטן לעצטן הייבט זיך קאָנקרעט אָן די מענטשלעכע ציוויליזאַציע; זי הייבט זיך אָן מיט אַגריקולטור.

ווען אַגריקולטור האָט זיך אָנגעהויבן, ווייסט מען ניט גענוי. עליאָט סמיט זאָגט, אַז מען וועט ניט מאַכן קיין טעות, ווען מען וועט אָננעמען, אַז

דאָס האָט פּאַסירט מיט זעקס טויזנט יאָר צוריק. דאָס איז זייער אַ קאָנסער־וואַטיווע רעכנונג; אַנדערע נעמען אָן, אַז דאָס האָט פּאַסירט אַסך פריער. מאַריי און דיוואי זאָגן אין זייער בוך "פראָם טרייב טו עמפּייר" (פון שבט צו קעניג־רייך): "מיטן אָנהויב פון אַגריקולטור האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען די שטיין אינדוסטריע. נאָכדעם האָט מען אָנגעהויבן נוצן קליי, פריער אין רויער פאָר־מע און שפּעטער געבאַקטע קליי און מען האָט דערפונדן די קונסט ווי צו מאַכן טעפּ... לויט אויסרעכענונגען האָבן די טעפּמאַכער געלעבט אַרום זעכצן טויזנט יאָר צוריק (?)... מען געפינט סקעלעטן פון מענטשן, וואָס האָבן געלעבט אַרום פינף טויזנט יאָר פ. קר. מען האָט זיי מיטגעגעבן אין קבר וואַזעס, מעסערס און בראַסלעטן פון שטיין און פאַרשיידענע געפעסן. מען געפינט אין די קברים שפּילקעס, דלאָטן, וואַזעס פון קופּער און צירונג פון גאָלד... אין די מענטש־לעכע מאָגנס געפינט מען גערשטן, הירזש און ווייץ. דאָס באַווייזט, אַז די פעלדער זיינען אין יענער צייט שוין באַאַרבעט געוואָרן און תבואות זיינען קולטיווירט געוואָרן". דאָס באַשריבענע האָט פּאַסירט מיט זיבן טויזנט יאָר צוריק. ברעסטעד נעמט אָן, אַז אַגריקולטור איז אַלט צען טויזנט יאָר.

איידער מ׳קען צוגיין צו מצרים און באַטראַכטן די ציוויליזאַציע קאָנ־קרעט, דאַרפן דערקלערט ווערן צוויי פאַקטאָרן אָן וועלכן מ׳קען ניט אָנהייבן צו פאַרשטיין די מצרישע ציוויליזאַציע. די צוויי פאַקטאָרן זיינען דער טאָטעם באַגריף און די באַדייטונג, וואָס דער טייך נילוס האָט געהאַט פאַר מצרים. דער טאָטעם באַגריף באַלאַנגט צו "קולטור" און דער טייך צו "ציוויליזאַציע"; אָבער עס וואָלט ניט געהאַט קיין שום מיין צו מאַכן די טיילונג: — זי קען ניט און וועט ניט געמאַכט ווערן. וועגן דעם טאָטעם הייבן מאַריי און דיוואי אָן זייער נאָר וואָס דערמאָנטן בוך מיט אַן אויסצוג פון עמיל דורקהיימען; אַ טייל פונם אויסצוג וועט געבראַכט ווערן; דאָס וועט העלפן צו פאַרשטיין די מצרים. דורק־היים זאָגט: "אַ שבט באַשטייט פון אַ גרופּע מענטשן, וואָס באַטראַכטן זיך פאַר קרובים. דאָס איז אָבער אַזאַ קרובהשאַפט, וואָס ווערט באַצייכנט און דערקלערט דורך דעם אייגנאַרטיקן צייכן וואָס זיי אַלע באַלאַנגען צום זעלבן טאָטעם. דער טאָטעם גופא באַשטייט געוויינטלעך פון אַ לעבעדיקער זאַך, פון אַ חיה אָדער פון אַ פלאַנץ. אָמאָל באַשטייט ער אפילו פון אַ טויטער זאַך. די גרופּע גלויבט, אַז זי שטאַמט אַרויס פון טאָטעם; דער נאָמען פון טאָטעם דינט פאַר איר עמבלעם און פאַרן קאָלעקטיוון נאָמען פון דעם שבט. ווען, צום ביישפּיל, דער טאָטעם איז אַ וואָלף, גלויבן אַלע מיטגלידער פון שבט, אַז זיי אַלע שטאַמען אַרויס פון אַ וואָלף און אַז אין זיי אַלע איז פאַראַן עפּעס וואָלפישעס. דער שבט רופט זיך אָן מיטן קאָלעקטיוון נאָמען — וועלף.

דער נאָמען פאַרבינדט זיי פון איין זייט מיט זייער טאָטעם און פון דער צווייטער זייט באַצייכנט ער זייער אָפּשטאַם, זייערע אור־עלטערן. דאָס באַ־גרענעצט נאָך אויך ניט זייער שייכות מיטן טאָטעם. פאַרן שבט איז דער אור־שפּרונג פון טאָטעם און פון די אור־עלטערן איינער און דערזעלבער: — די אור־עלטערן ווערן ניט באַגרענעצט מיט זייערע קינדער און אפילו ניט מיט בלוטפאַרוואַנטשאַפט אין אַלגעמיין. זיי זיינען ניט באַגרענעצט מיטן גענעאָ־לאָגישן וואָרצל. דער משפחה בוים קען ניט נאָכגעפאָלגט ווערן און ער שפּילט אויך ניט קיין וויכטיקע ראָלע; דער פּאַטריאַרך, אָדער דער אור־אַלטער פאָטער איז דער, צו וועמען ס׳באַלאַנגט די אַלגעמיינע נוץ פון טאָטעם" (זע "פראָם

טרייב טו עמפייר" זז. 13-12).

פון דעם קורצן אויסצוג קען מען זען, אַז דער ענין טאטעם איז געווען א גאנץ קאָמפּליצירטער, ער האָט אין זיך אײַנגעשלאָסן פאַרשיידענע מיסטיש־רעליגיע באגריפן צוזאמען מיטן אייגענעם אָפּשטאַם. דאָס אַלץ איז געווען פאַרקניפּט און פארבונדן אויף אזא אופן, אז דער פרימיטיווער מענטש האָט זיך דערפון ניט געקענט ארויספּלאָנטערן. געוויס איז מעגלעך, אז דער מאָדערנער פאָרשער שרייבט צו אסך מער צום טאַטעם, ווי דער פרימיטיווער מענטש האָט וועגן אים געדענקט. דאָס איז אומפארמיידלעך, ווען מען וויל דערקלערן די באגריפן פון פרימיטיווע מענטשן אין לאָגישע טערמינען אין וועלכע זיי אַליין האָבן ניט געדענקט. כמעט אַלע פאָרשער נעמען אָבער אָן אז דאָס נאָר וואָס ציטירטע איז דער תמצית פון דעם טאטעם באגריף און אז ארום דעם באגריף האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס גאנצע לעבן פון דעם פרימיטיוון מענטשן.

אין מצרים האָט דער טאטעם באגריף פאַלשטענדיק געהערשט איבערן פאָלק; דערפאַר, נעמט מען אָן, האָט זיך בא זיי אנטוויקעלט דער קולט צו דינען צו די טויטע און צו זייערע קעניגן, וואָס זיינען געווען די קאָנקרעטע רעפרעזענטאציע פון טאטעם באם לעבן אַזוי גוט ווי נאָכן טויט. קיין קלאָר בילד האָט מען אָבער ניט וועגן די רעליגיע באגריפן פון די מצרים; די פריסטער, וואָס זיינען געווען די פּאַקטישע הערשער פון לאַנד, האָבן אַלץ, וואָס האָט געהאַט שייכות צו רעליגיע, מיט א כיוון געהאַלטן באהאַלטן בסוד סודות און קיין לאָגיק קען מען פון זייערע צערעמאָניעס ניט ארויסקריגן; אַלץ מיט אַלעמען איז אויסער געוויינטלעך מטושטש.

אויף וויפיל מען קען פאַרשטיין די מיטאלאגיע, איז זייער רעליגיע באשטאנען פון א מין דרייאייניקייט: 1) דער פויגל, פאַלקאן (סאָקאָל) איז געווען זייער טאָטעם און איז אויך געווען די נשמה פון די פרעה׳ס, זייערע קעניגן. 2) ראַי, די זון, איז געווען דער הימלישער גאָט פון וועמען די פאלקאנען האָבן ארויסגעשטאמט און צו וועמען זיי זיינען געפלויגן, ווען זיי האָבן "פאַרלאָזט" דעם קערפּער. 3) אזירוס, דער גאָט, וואָס איז באשטאנען פון א פאַרקערפּערונג פון טייך נילוס און אויך פון די פלאַנצן. ער איז געווען א נאָענטער קרוב צו גאָט ראַי. (עס פיגורירן אויך "הארוס", די שייך, אָדער פּראַכט און "אטאן", אָדער "אמען", דער ניט באמערקבארער. אייפּיס, דער באהיי, אָדער די גאָלדענע קו און אז. וו.).

לויט דער מיטאלאגיע האָבן פריער די געטער אליין געהערשט איבערן לאַנד; שפּעטער האָבן זיי איבערגעגעבן די הערשאַפט צו זייערע פאַרטרעטער צו די פרעה׳ס, וואָס זיינען געווען די באַלעבאָטים פונם לאַנד און מיט דער צייט אפילו פון די מענטשן, וואָס זיינען געוואָרן זייער אייגנטום. די פרעה׳ס שטארבן ניט, נאָר זייער נשמה (דער פאַלקאָן) פליט אוועק אין הימל צו גאָט ראַי. דאָס מאַכט די פרעה׳ס פאַר געטער. (פרעה: — דער פּאַלאַץ. די קעניגן זיינען געווען צו הייליק דערמאָנט צו ווערן...)

ווי אזוי א רויב־פויגל, דער פאַלקאן, איז געוואָרן דער טאטעם פון מצרים און איז פארבונדן געוואָרן מיט די געשטאָרבענע און א קולט צו דינען צו די מתים האָט זיך אַנטוויקלט, איז ניט אינגאנצן קלאָר. עליאָט סמיט ספּעקולירט, אז אזוי ווי דער קלימאַט אין מצרים איז א הייסער און א טרוקענער, איז די

זאַמדיקע ערד, וואו מ׳האָט באַגראָבן די טויטע, הייס און טרוקן. די קערפּערס זיינען אין דער זאַמד פאַרטריקנט און סטעראַליזירט געוואָרן און זיינען גע־בליבן גאַנץ. די רויבפויגל (פאַלקאָנס) האָבן דערשמעקט וואו ס׳איז פאַראן שפּייז, האָבן זיי זיך צעגויפגעקליבן אויף די בית עלמינס און אויף זיי גע־מאַכט זייער היים. דער פּרימיטיווער מענטש האָט דאָס באַמערקט און האָט עס אינטערפּרעטירט אויף זיין אייגענעם שטייגער.

אויף דעם אופן, דערקלערט עליאָט סמיט, איז, העכסט וואַרשיינלעך, פאַרגעקומען די פאַרבינדונג צווישן דעם רויב־פויגל, די פאַרשטאָרבענע על־טערן און דער רעליגיע. די דערקלערונג ליגט זיך אויפן שכל, ספּעציעל ווען מען האָט אין זינען, אז ווי מען נעמט איצט אָן, איז מצרים אסך עלטער ווי מ׳האָט גערעכנט ביז דער לעצטער צייט און די פאַרבינדונג איז געוויס פאַר־געקומען אין דער גאָר גרויער פאַרגאַנגענהייט; טויזנטער יאָרן פריער ווי עפּעס האָט אויף וועלכן עס איז אופן געקאָנט רעגיסטרירט ווערן. און די מענטשן פון יענער גרויער פאַרגאַנגענהייט זיינען געוויס ניט געווען קריטיש, אז זיי זאָלן אנאַליזירן א פאַסירונג (זע ע. סמיט ״היומען היסטאָרי״ ז. 257). מען ווייס איצט, אז מצרים איז, פילייכט, מער ווי צוויי מאָל אזוי פיל אַלט, ווי מ׳האָט געדענקט ביז דער לעצטער צייט. דארסי זאָגט, אַז ״די פאַר דינאַ־סטישע אימפּעריע, זאָגט ווייגלען, האָט געהאַט 60 קעניגן נאָך פאַר דער ער־שטער פאַראייניקונג״ (זע ״די סטאָרי אָוו סיווילזיישאָן״ ז. 298) און מאריי זאָגט ״מ׳וואָלט געוויס ניט איבערגעטריבן, ווען מען נעמט אָן, אז דער פאַר דינאַסטישער פעריאָד האָט אין מצרים געדויערט אַמווינציקסטנס אזוי לאַנג, ווי די דינאַסטישע הערשאַפט האָט געדויערט״ (זע ״די נייל ענד די סיוויליז־זיישן״ ז. 102). וועגן די דינאַסטיעס ווייסט מען פאַר אַן ערך דריי טויזנט יאָר פאַר קר.

אָט אין יענער גרויער אלטער צייט האָט זיך דער טאָטעם באַגריף פאָרמירט, וואָס האָט געהאַט אזא קאָלאָסאַלע ווירקונג אויף דער אנטוויקלונ־ דער ציוויליזאַציע אין מצרים.

ווען מען טרעט צו צום צווייטן פאַקטאָר, צום טייך נילוס, דאַרף ער באַטראַכט ווערן צוזאַמען מיט דער אַלגעמיינער געאָגראַפיע פון מצרים. מצרים איז כמעט ווי געווען איזאָלירט פון דער ארומיקער וועלט: — פון מזרח און מערב זייט זיינען געווען צוויי מדברס; פון צפון איז געווען דער מיטעללענדישער ים און פון דרום זייט איז עס געווען באַשיצט דורך די וואַ־סערפאַלן פון טייך און ס׳איז פון דער זייט ניט געווען פון וועמען זיך צופיל צו באַשיצן. די באַשיצטע פּאָזיציע האָט פאַרהיט דאָס לאַנד פון די אינוואַ־זיעס, פון וועלכע אנדערע לענדער האָבן געליטן אין דער אלטער צייט, ווען נאָמאַדן האָבן אויף זיי געלויערט פון יעדן ווינקל און האָבן זיך אַריינגעריסן אין לאַנד בא דער ערשטער געלעגנהייט. צוליב דער פאַרהעלטניש־מעסיק איזאָלירטער פּאָזיציע האָט זיך מצרים געקענט אַנטוויקלען און ניט גע־שטערט ווערן פון דער אויסערלעכער וועלט.

דער קולטיווירבארער באָדן פון לאַנד איז באַשטאַנען פון א שמאָלן און לאַנגן פאַס ערד נאָענט צום טייך, ווייטער איז געווען מדבר. אויף דעם קליינעם שטח האָבן אלע מענטשן געמוזט לעבן און זיך צופּאַסן צו די לאָ־קאַלע באַדינגונגען. דאָס לעצטע האָט פּאָקטיש געמיינט זיך צופּאַסן צום טייך

און צו זיינע קאפריזן. די גאנצע אגריקולטור איז געווען אפהייגניגנג פון דער איריגאַציע פון טייך, ווייל אין מצרים רעגנט ניט.

דער נילוס האָט א "קאַפּריז", וואָס פאַר דער אַלטער צייט איז עס געווען אַ נס. דער "נס" באַשטייט אין דעם, וואָס אין מיטן זומער אין די גרויסע היצן, ווען אַלע טייכן טריקענען געוויינטלעך אויס און זייער וואַסער־שטראָם ווערט איינגעשרומפּן, ווערט דער נילוס אַלץ פולער און פולער מיט וואַסער ביז די וואסער פלייצט אריבער די ברעגן און פארפלייצט דאָס לאַנד.

די דאָזיקע מאָדנע דערשיינונג האָט אויסגעקוקט ווי גאָט אַליין באַ־וואַסערט דאָס לאַנד. פארשטייט זיך, אז איצט ווייסט מען, אז קיין נסים פאסירן ניט; מען ווייסט, אַז דער "נס" איז א רעזולטאט פון דעם, וואָס דער נילוס האָט זיין אָנהויב אין אינלאַנדישע גרויסע טייכן (אָזערעס), וואָס געפינען זיך ווייט, ווייט אין אַבעסיניע (עטיאָפּיע), אַן ערך פינף און דרייסיק הונדערט מייל פון ערשטן וואַסערפאַל, וואָס איז דער דרומדיקער גרענעץ פון מצרים. די אבעסי־נישע באַסיינען ווערן איבערגעפילט מיט וואַסער פון די ארומיקע בערג אין אבעסיניעס פרילינג; דער איבערפלוס גיסט זיך אריין אין טייך נילוס, וואָס שטראָמט אין דער ריכטונג פון מצרים. ביז אָבער די וואסערן קומען קיין מצרים, העכער דריי טויזנט מייל ווייטער, דויערט אָ היבש ביסל צייט און דער העכסטער שטראָם קומט אָן קיין מצרים אין מיטן זומער.

דאָס אַלץ ווייסט מען איצט, מ'האָט עס אָבער ניט געוואוסט אין דער אַלטער צייט, ווען מען איז נאָר געווען באַקאַנט מיט די לעצטע פינף, זעקס הונדערט מייל פונם טייך. צו די ווייטערדיקע טיילן האָט מען ניט געקענט צוקומען און פון וואַנען די וואַסער שטראָמט אַרויס האָט מען ערשט אויס־געפונען מיט הונדערט יאָר צוריק.

אזוי ווי מצרים האָט קיין אנדער באוואסערונג ניט געהאַט און האָט זיך אויך געגוויטיקט אין דער פערטעלייזאציע, וואָס די וואסערן האָבן מיט זיך געבראַכט, איז קיין חידוש ניט וואָס דער "נס" האָט געהאט אזא גרויסע ווירקונג אויף די מענטשן. מען דאַרף ניט פארגעסן, אז דאָס גאנצע לעבן איז געווען אפהייניגיג פונם אויסגוס פון טייך. וואָלט דאָס אַליין געווען גענוג צו רייצן די פאנטאזיע פון די מענטשן, האָט דער צופאַל נאָך געוואָלט, אז די וואסער פארפלייצונג זאָל פאָרקומען אין מצרים אין דער זעלבער צייט, ווען דער צפונדיקער שטערן באווייזט זיך אויפן הימל... איצט ווייסט מען, אז נאָר אין מצרים פאַלט צוזאמען דער אויסגוס פונם טייך מיט דער דערשיינונג פון דעם שטערן אויפן צפונדיקן טייל פון הימל. אין אנדערע פלעצער קומט דער שטראָם אָן פריער. אין דער אַלטער צייט האָט מען אָבער ניט געוואוסט פון קיין אנדערע פלעצער, איז די דערשיינונג פונם שטערן פארבונדן געוואָרן מיטן "נס" פונם טייך און א פארטיקע מיסטעריע איז געווען דער רעזול־טאַט — דער טייך, דער שטערן אויפן הימל און די גרינסן אופן פעלד, זיי־נען פאראייניקט געוואָרן אין א געטלעכער דערשיינונג: — אזוי ווערן געטער געשאַפן...

די מיסטעריע פון טאטעם, פון טייך און שטערן, אַלץ מיט אַלעמען, איז געווען גענוג פארן רעליגיעזן קולט, וואָס ווערט נאָך באַרירט ווערן נידעריקער, אָבער די איריגאַציע איז געווען א פראַקטישער ענין: — מען האָט געדאַרפט וויסן ווען צו פארזייען תבואות, אז די באוואסערונג זאָל קומען אין דער ריכ־

טיקער צייט: — מען האָט ניט געקענט וואַרטן מיטן אַקערן און זייען ביז מ'וועט דערזען דעם שטערן אויפן הימל. דאָס וואָלט געווען צו שפּעט פאַר דער איריגאַציע און אין דער צייט פון דער פאַרפלייצונג האָט מען שוין סאַי ווי סאַי ניט געקענט אַקערן און זייען. דער נילוס, מיט זיינע קאַפּריזן, האָט געצוואונגען די מצרים צו פאָרמירן א צייט רעכענונג און דווקא לויט דער זון און ניט לויט דער לבנה, וואָס איז ניט פּינקטליך. לויט מאָריי און דייווין האָבן די מצרים געשאַפן דעם קאַלענדאַר לויט דער זון אין 4241 (זע "פראַם טרייב טו עמפּייר" ז. 134); עס מיינט מיט זעקס טויזנט יאָר צוריק. דאָס איז אַ היפּש ביסל צייט צוריק; איז פאַראַן א מיינונג, אז זיי האָבן אים נאָך געשאַפן פריער פון דער צייט...

אז דער נילוס האָט דערביי געשפּילט א באַשטימענדע ראָלע, וועט קיינער ניט צווייפלען; עס האָבן אָבער געוויס אויך געווירקט אנדערע פאַקטאָרן אין דער זעלבער ריכטונג. מען ווייסט, אז לאַנד מעסטונג האָט געווירקט אַז חשבונען זאָל זיך אנטוויקלען אין מצרים. די ערשטע געאָמעטרישע טעאָרעמען קומען פון מצרים, כאָטש די מצרים האָבן זיי ניט אבסטראַהירט און האָבן ניט געשאַפן קיין אַלגעמיינע געאָמעטרישע כללים: — זייער דענקען איז געווען א קאָנקרעטער און ניט קיין אבסטראַקטער. דער זעלבער טייך, וואָס האָט איריגירט און באַפרוכפּערט דאָס לאַנד און האָט געמאַכט מעגלעך, אז מען זאָל לעבן ארום און ארום, האָט מיט זיין פאַרפלייצונג אויך געטראָגן א געפאַר צו פאַרניכטן דאָס לעבן פון די מענטשן און פון די בהמות. מען האָט זיך גענויטיקט אין דער פאַרפלייצונג, אז זי זאָל ניט דערטרינקען. פון איין זייט האָט מען זיך גענויטיקט אין דער פאַרפלייצונג און פון דער צווייטער זייט האָט מען זיך גענויטיקט היטן פאַר איר... דאָס האָט געמיינט, אז מען האָט געדאַרפט באַוואָרענען די נידעריקערע פלעצער מען זאָל קענען לעבן אויף זיי אָן געפאַר און מען האָט געדאַרפט קענען ברענגען וואַסער אויף די העכערע פלעצער און זיי איריגירן. דאָס אַלץ זיינען געווען לעבנס פּראָבלעמען, וועלכע מ'האָט געמוזט לייזן אום מען זאָל קענען לעבן ארום דעם טייך, און לייזן האָט מען זיי נאָר געקענט אויף אַ קינצלעכן אופן: מען האָט געדאַרפט שניידן קאַנאַלן צו אָפּציען די וואַסער אהין וואו מען האָט זי געדאַרפט און זי אוועקנעמען פון די פלעצער, וואו זי האָט געקענט ברענגען שאָדן. מיט איין וואָרט, דער נילוס האָט מיט זיך פּרעזענטירט פּראָבלעמען, וואָס האָבן געצוואונגען צו געפינען א לייזונג פאַר זיי און לייזן האָט מען זיי נאָר געקענט דורך אָרגאַניזירן אַלע מענטשלעכע כוחות. דאָס, נעמט מען אָן, איז געווען דער הויפּט פאַקטאָר, וואָס האָט פאַראייניקט מצרים אין א צענטראַלער מלוכה.

ווען, וואו און ווי אַזוי די פאַרשיידענע מענטשן גרופּן, וואָס האָבן געלעבט צעוואָרפן ארום דער וואַסער, האָבן זיך פאַראייניקט, אָדער זיי זיינען פאַראייניקט געוואָרן מיט גוואַלד, ווייסט מען ניט; מען ווייסט אָבער, אז די מענטשן זיינען ניט געווען קיין אפריקאַנער איינגעבוירענע, נאָר אריינדרינגער פון מזרח (סעמיטן) און פון מערב (לידיער); מען נעמט אָן אז די פאַראייניגונג איז פאָרגעקומען, ווען די סעמיטן האָבן באַזיגט די לידיער און האָבן זיי באַהערשט. מען נעמט אויך אָן, אז דער פּראָבלעם פון איריגאַציע איז געווען דער הויפּט פאַקטאָר פאַר דער פאַראייניגונג.

ווען מען באַקענט זיך מיט די פאַרשיידענע איינריכטונגען, וואָס זיי האָבן געמאַכט: ווי מענטשן האָבן געשעפּט וואַסער טאָג און נאַכט און האָבן זי ארויפגעצויגן אויף די הויכע פּלעצער; ווי אַזוי פיר מענטשן אין א ריי, איי־נער איז געשטאַנען אויף א העכערן פּלאַץ פונם צווייטן, האָבן ארויפגע־צויגן די וואַסער, פאַרשטייט מען ווי די נויט האָט געצוואונגען די מענטשן זיך צו אָרגאַניזירן פאַר דער לעבנס נויטיקער ארבעט (אין זיין בוך גיט ברע־סטעד א בילד וואו מענטשן שטייען איינער העכער פונם צווייטן און ציען כלים מיט וואַסער אויף שטריק).

ווי אַזוי די פאַראייניגונג איז פאָרגעקומען אין מצרים ווייסט מען ניט. מען מעג אָבער איינשטימען מיט עליאָט סמיטן, ווען ער זאָגט, אַז דער וואָס האָט פאַראייניקט די באַזונדערע מענטשן גרופּן, האָט געדאַרפט באַזיצן גע־ניאַלע אָרגאַניזאַטאָרישע פייעקייטן. דער פירער (מ'רופט אים אָן "מענעס") וואָס האָט זיי פאַראייניקט, אָדער זיין א יורש איז, וואַרשיינלעך, געוואָרן דער ערשטער "פּרעה."

ברעסטעד באַשרייבט די פאַראייניגונג און די פאָרמירונג פון דער קעניגרייך, אויף פאָלגנדן אופן: "די פאַרפלייצנדע וואַסערן האָבן אָפּט פאַר־שטאָפּט די קאַנאַלן מיט ערד און מיט בלאָטע; די מענער פון די ארומיקע דער־פער זיינען ארויסגעקומען גרופּנווייס צו אויסרייניקן די קאַנאַלן. זיי האָבן גוט געוואוסט, אַז אויב זיי וועלן ניט אויסרייניקן די קאַנאַלן, וועלן זיי ניט האָבן קיין וואַסער פאַר זייערע פעלדער — ס'וועט ניט זיין קיין תבואה און פאָלגלעך וועט ניט זיין קיין שפּייז. אַז די אַרבעט זאָל קענען דורכגעפירט ווערן האָט זיך געפאָדערט א פירער, וואָס זאָל זיין מער ווי א קעמפער. מיט דער צייט האָט איינער אַזא פייעקער פירער, א מוטיקער מענטש, איבערגענומען די הערשאַפט איבער עטלעכע דערפער לעבן אויסגוס פון טייך. דאָס איז, וואַר־שיינלעך, פאָרגעקומען איבער זיבן טויזנט יאָר צוריק. א פירער פון עטלעכע דערפער איז געוואָרן זייער הערשער און האָט איבערגענומען דעם קאָנטראָל פון דער איריגאַציע ארום די דערפער. די מענטשן פון געגנט האָבן אים באַ־צאָלט מיט א טייל פון די פּראָדוקטן וואָס זיי האָבן ארויסגעקראָגן פון די פעל־דער. אויב איינער פון זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו געבן דעם טייל פּראָדוקטן, האָט ער פאַרצוימט די קאַנאַלן, וואָס האָבן געבראַכט וואַסער צו זייערע פעל־דער און האָט געשיקט זיינע מענטשן זיי זאָלן איינמאַנען די פּראָדוקטן מיט גוואַלד. דאָס איז געווען די ערשטע פאָרמע שטייער און דער הערשער, וואָס האָט קאָנטראָלירט די איריגאַציע, האָט פאָרמירט די ערשטע רעגירונג, וואָס האָט איינגעקאַסירט שטייערן. אַסך אַזוינע הערשער זיינען, מעגלעך, אַנט־שטאַנען לעבן דעם טייך אויסגוס. ענדלעך האָט איינער פון זיי באַהערשט די איבעריקע און האָט פאַראייניקט פאַרשיידענע טיילן אונטער איין קעניגרייך.

די ערשטע קעניגרייך איז געשאַפן געוואָרן אינם נידעריקן טייל פון מצרים. שפּעטער איז אַנטשטאַנען אַ צווייטע קעניגרייך אינם העכערן טייל פון מצרים. די הערשאַפט פון די צוויי קעניגרייכן לויפט ביז זיבן טויזנט יאָר צוריק און האָט, וואַרשיינלעך, געדויערט הונדערטער יאָרן. די דאָזיקע קע־ניגרייכן זיינען, וואַרשיינלעך, געווען ענלעך אויף די אינדיאַנער שבטים, וואָס קאָלומבוס האָט געפונען אין אַמעריקע... מעגלעך, אַז ס'איז פאָרגעקומען א נאָענטע פאַרבינדונג צווישן די צוויי קעניגרייכן, וואָס דער טייך האָט פאַר־

איינִיקט. ענדלעך האָט מיט 43 הונדערט יאָר פ. קר. א מעכטיקער הערשער פון נידעריקן טייל פון מצרים, וועמענס נאָמען מען ווייסט ניט, באַזיגט דעם הערשער פונם העכערן טייל. דאָס וועלן מיר אָנרופן "די ערשטע פאַראייניגונג" (זע "די קאָנקוועסט און סיוויליזיישן" זז. 50־52).

אַזוי באַשרייבט ברעסטעד, דער וויכטיקסטער עגיפּטאָלאָג, די פאַר־מירונג פון דער מצרישער אימפּעריע, וואָס איז, לויט זיין מיינונג, געווען די ערשטע אימפּעריע אין דער וועלט. די באַשרייבונג איז א סכעמאַטישע און דאַרף ניט גענומען ווערן ווערטערלעך; און אויך איז איין פאַקטאָר, ווי וויכ־טיק ער זאָל ניט געווען זיין, ניט גענוג, אז מען זאָל דורך אים דערקלערן דעם אויפקום פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע. מען קען זאָגן אויף זיכער, אז אויך אָן דעם נילוס, וואָלט א ציוויליזאַציע אַנטשטאַנען און עס זיינען אַנט־שטאַנען ציוויליזאַציעס אויך אויסער מצרים. אָבער אז אין מצרים האָט דער טייך געשפּילט א וויכטיקע ראָלע, איז קיין ספק ניט.

ווען די אָרגאַניזאַציע פון א רעגירונג האָט געקענט אַרויסגערופן ווערן פון דעם מעכטיקן פאַקטאָר פון דעם טייך, זיינען פאַר דער פאָרמע, וואָס די רע־גירונג האָט אָנגענומען, געווען פאַראַנטוואָרטלעך די באַגריפן, וואָס האָבן גע־הערשט אין מצרים.

דער קולט צו דינען די טויטע איז פריער דערמאָנט געוואָרן, איצט דאַרף מען זיך אויף אים אביסל מער אָפּשטעלן. די מצרים האָבן געהאַלטן, אַז דאָס לעבן ענדיקט זיך ניט מיטן טויט, נאָר עס ענדערט זיך. אָבער עס זאָל קענען אָנהאַלטן לעבן אין דער געענדערטער פאָרמע, האָבן זיי, ווי עס ווייזט אויס, געגלויבט אז דער קערפּער דאַרף בלייבן גאַנץ נאָכן טויט. מען נעמט דאָס אָן פאַר דער סיבה, וואָס זיי האָבן אויף אַזוי פיל אכטונג געגעבן אויף די טויטע קערפּערס. עס וועט ניט זיין איבערטריבן, ווען מען וועט זאָגן, אַז די ציוויליזאַציע האָט זיך אין מצרים אַנטוויקלט אַרום דעם אינטערעס אָנ־צוהאַלטן "דאָס לעבן" נאָכן טויט, דערהויפּט צו אָנהאַלטן דאָס לעבן פון די פּרעהס.

מען ווייסט ניט ווי אַט דער מתים קולט איז אַנטשטאַנען און ווי ער האָט זיך פאַרבונדן מיט די רויב־פויגל (פאַלקאָנען). עס איז שווין פריער צי־טירט געוואָרן עליאָט סמיטס מיינונג, ער וועט נאָך אַמאָל ציטירט ווערן. ער זאָגט: "אין דער הייסער און טרוקענער זאַמד זיינען די טויטע קערפּערס פאַרדאַרט געוואָרן. די רויב־פויגל האָבן אויסגעזאָגט דעם סוד צו די מענטשן; דאָס האָט געפירט דערצו, אז די מצרים זאָלן אָנהויבן צו היטן די טויטע קערפּערס. אויב מ׳קען זיך פאַרלאָזן אויף דעם, וואָס איז געשריבן געוואָרן מיט הונדערטער יאָרן שפּעטער, דאַרף מען אָננעמען, אז אין די ערשטע דורות, אַ סך יאָרן פריער, האָבן די מצרים באַטראַכט די עקזיסטענץ פונם טויטן קער־פּער פאַר א באַווייז, אז דער טויטער עקזיסטירט. ס׳האָט מסתמא געמיינט, אַז אויב דער קערפּער איז ניט פאַרניכטעט געוואָרן, איז עס א סימן, אז דער מענטש לעבט. די קברים באַשטעטיקן די השערה" (דאַרט ז. 159). די באַ־ווייזן פאַר דער היפּאָטעזע זיינען ניט קיין צו שטאַרקע, נאָר אַזוי ווי ס׳האַנדלט זיך וועגן א פאַקט, איז יעדע היפּאָטעזע בעסער ווי גאָרניט...

פון קולטור־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט זיינען די פּאַרצייטיקע קברים ממש אַן אוצר. פון די אַרטיקלען וואָס מען געפינט אין זיי, וואָס זיי־

נען מיטגעגעבן געוואָרן די טויטע, אז זיי זאָלן האָבן מיט וואָס זיך צו באַ־נוצן אין זייער "ווייטערדיקן לעבן", קריגט מען א באַגריף פון דעם קולטור צושטאַנד און פון די באגריפן אין אַלגעמיין פון דער באטרעפנדער צייט. אין מצרים, וואו ס'האָט געהערשט דער טויטן־קולט, זיינען די קברים דער גרע־סטער אוצר, וואָס איז פון זיי פארבליבן...

עס זיינען פריער אויסגערעכנט געוואָרן פארשיידענע ארטיקלען, וואָס מ'האָט געפונען אין די קברים אין מצרים. דאָס וויכטיקסטע אָבער, וואָס מען האָט געפונען, איז דער בוך פון די טויטע, וואָס ווערט פאַרעכנט פארן ערשטן בוך, וואָס איז געשריבן געוואָרן. ער איז עלטער מיט צוויי טויזנט יאָר פאר משה'ס צייט און איז געשריבן געוואָרן מיט דרייצנהונדערט יאָר פאַר האממו־ראבין. מען נעמט אָן, אז ער איז געשריבן געוואָרן מיט זעקס טויזנט יאָר צוריק. ב. בראון, א רעדאקטאָר פון טויטן בוך, גלויבט, אַז אייניקע טעקסטן זיינען נאָך עלטער (זע: "די בוק אָוו די דעד", בראונס הקדמה). דער אינהאַלט פון בוך באַשטייט פון פארשיידענע "ברכות", שפרוך־ווערטער, ווי אויך בי־אָגראַפישע נאָטיצן, וואָס מ'האָט געפונען פארשריבן אין די קברים. די דאָזיקע ברכות און שפרוך־ווערטער האָבן די טויטע געדאַרפט אויסלערנען אום מיט זייער הילף אויסצומיידן שלעכטע באגעגענישן אויף זייער נייעם "לעבנס וועג" און די ביאָגראַפישע נאָטיצן האָבן געדארפט איבערצייגן אַזירוסן, דעם גאָט און הערשער איבער די טויטע, אז דער געשטאָרבענער איז געווען א וויכטי־קער און פיינער מענטש.

פון די דאָזיקע אויפשריפטן קען מען דירעקט לערנען וועגן די באַגריפן פון יענער צייט. איין אויפשריפט, וואָס מען האָט געפונען אין א קבר, איז אַזוי ענלעך אופן אינהאַלט פון די עשרת הדברות, אַז דובנאָוו פאַר־גלייכט אים מיט די עשרת הדברות אין דער אַלגעמיינער אידישער געשיכטע. דער הויפט אונטערשייד צווישן זיי איז, וואָס די עשרת הדברות באשטייען פון מאָראַלע געבאָטן, וואָס גאָט גיט צו די אידן און אינם אויפשריפט "דערציילט" די נשמה אזירוסן, וואָס פאר א נאָבעלער מענטש איז געקומען צו אים... פאַר־שטייט זיך, אַז דאָס וואַרפט א שיין אויף זייער מאָראַל. ווען מען לייענט דעם בוך, זעט מען פון איין זייט, אז ער איז ניט געשריבן געוואָרן פון קיין פרי־מיטיווע מענטשן און פון דער צווייטער זייט זיינען אסך זאכן אינגאַנצן ניט פארשטענדלעך. בראון האַלט, אז די גייסטלעכע האָבן מיט א כיוון געשריבן ניט קלאָר, ווייל זיי האָבן ניט געוואַלט ארויסגעבן זייערע סודות, וואָס זיי האָבן באַהאַלטן פון דער אויסערלעכער וועלט און פאר סודות האָבן זיי גע־האלטן יעדן דערוואָרבענעם וויסנשאַפטלעכן וויסן.

וואָס אָנבאַלאַנגט די גייסטלעכע דאַרף באַמערקט ווערן, אז הגם די פרעהס זיינען פארעכנט געוואָרן פאר געטער און דאָס פאָלק איז פאַקטיש געווען פאר־שקלאפט צו זיי, זיינען די פאקטישע הערשער פון לאנד געווען די גייסטלעכע. זיי זיינען געווען זייער גרויס אין צאָל און זיי זיינען געווען אזוי מעכטיק, אז זיי האָבן אפילו אראָפּגעוואָרפן דינאַסטיעס.

אויף וויפיל זייער פאראזיטיזם האָט דערגרייכט, קען מען זען פון דעם, וואָס אויף אויסצוהאלטן דעם טעמפל פון כהאפעס פיראַמיד האָט גע־קאָסט דער שטייער, וואָס מען האָט צוזאמענגענומען פון 15 שטעט... וועגן דעם דאָזיקן פיראמיד זאָגט דער גריכישער היסטאָריקער, הערעדאטוס, אַז

מען האָט אים דערציילט אין מצרים, אז אויף אויפצובויען דעם דאָזיקן קבר האָבן געאַרבעט הונדערט טויזנט מענטשן פאר צוואַנציק יאָר. דער פּיראַמיד האָט פאַקטיש רואינירט דאָס לאַנד. די ענערגיע פון גאַנצן פאָלק איז פארנוצט געוואָרן צו אויפשטעלן נוצלאָזע קברים פאר די הערשער...

פון דער געאָמעטרישער גענויקייט פון די פּיראַמידן ווייסט מען, אַז ניט נאָר האָבן די אַרכיטעקטן, וואָס האָבן זיי געבויט, געהאָט א טעכנישן וויסן, נאָר זיי האָבן געוואוסט געאָמעטרישע כּללים. ספּעציאַליסטן באַהויפּטן, אַז די פּיראַמידן זיינען געאָמעטריש פּינקטלעך. די פּראָפּאָרציע איז כמעט א פּאָל־קאָמענע. דריי טויזנט יאָר פ. קר. האָבן די גייסטלעכע פון מצרים באַזעסן אַ גאָר גרויסן וויסן; זיי זיינען געווען קולטור מענטשן. מען ווייסט, אַז די גייסט־לעכע זיינען געווען באַקאַנט מיטן דעצימאַלן אריפמעטישן סיסטעם. אין גע־אָמעטריע האָבן זיי געוואוסט ווי אויסצורעכענען דעם שטח פון אַ דרייעק און פון אַן אָפּגעהאַקטן פּיראַמיד. זיי האָבן געוואוסט די פאַרהעלטניש פון דעם אומקרייז פון צירקל צו דעם דיאַמעטער, דעם אזוי אָנגערופענעם "פּאַי". די באַוואוסטע פּיטאַגאָרישע טעאָרעמע קומט פאַקטיש פון מצרים.

מען האָט געפונען אַ "פּאַפּירוס" וועגן מעדיצין, וואָס איז געשריבן געוואָרן מיט זיבעצן הונדערט יאָר פ. קר. עס איז דער עלטסטער מעדיציני־שער בוך, וואָס איז ווען עס איז געשריבן געוואָרן. ער ענטהאַלט אָפּהאַנדלונגען וועגן אינערלעכער מעדיצין און וועגן כירורגיע. מען זעט פון אים, אז די "דאָק־טוירים", וואָרשיינלעך די גייסטלעכע, האָבן געוואוסט וועגן דעם מארך און וועגן אייניקע טיילן פון דעם נערוון סיסטעם. זיי האָבן געהאַט א באַגריף וועגן דער צירקולאַציע פון בלוט (זע ברעסטעד "די קאַנקוועסט אָוו סיוויליזיישן" ז. 94). אז זיי זיינען געווען קינסטלער עמבאַלמער, זאָגן עדות די מו־מיעס.

פון די גרויסע קונסט אוצרות, וואָס מ'האָט געפונען אין די קברים פון די פּרעהס און פון די קברים גופא, זעט מען, אז די ציוויליזאַציע איז גע־ווען א רייכע און פארצווייגטע, אז ניט נאָר זיינען אין מצרים געווען פאַר־שיידענע פאַכן, נאָר אז ס'זיינען געווען פאַרשיידענע פאַך קינסטלער. עס איז ווירקלעך צו שטוינען ווי אזוינע קונסט ארבעטן האָבן געקענט געמאַכט ווערן מיט געצייג פון שטיינער. זיי האָבן אויך גענוצט קופּערנע געצייג. דאָס איז אָבער געווען אַסך שפּעטער און קופּער איז איבערהויפּט צו ווייך מען זאָל אים קענען נוצן פאר געצייג.

ווען מען באַקענט זיך מיט זייער ציוויליזאַציע און מען ווייסט, אז זי האָט אָנגעהאַלטן ממש טויזנטער יאָרן, אנטשטייט די זייער וויכטיקע פראַגע: ווי קומט עס וואָס מצרים האָט דירעקט ניט באַאיינפלוסט די וועלט? און וואָס מצרים האָט בלויז געלאָזט א ציוויליזאַציע צווישן די טויטע און ניט צווישן די לעבעדיקע? אמת, אומדירעקט האָט די ציוויליזאַציע יאָ געהאַט א ווירקונג אויף דער וועלט דורך די גריכן: — די וויכטיקסטע גריכישע דענקער זיי־נען געפאָרן קיין מצרים צו לערנען תורה פון די חכמי מצרים. דאָס באַווייזט, אז מען האָט געוואוסט וועגן זייער וויסן. דאָס איז אָבער אַן אומדירעקטע ווירקונג; דירעקט האָבן זיי ניט געהאט קיין ווירקונג אויף דער וועלט.

דער ענטפער געפינט זיך אין דעם פאַקט, וואָס די רעזולטאַטן פון דער ציוויליזאַציע האָט מען געפונען צווישן די טויטע און ניט צווישן די לעבע־

דיקע... זאָגט ארטור בראַדיער: „פאַרשיידענע ענדערונגען זיינען פאָרגעקומען אין מצרים, דער כאַראַקטער פון דער ציוויליזאַציע איז אָבער געבליבן דער זעלבער. די אַלץ מער וואַקסנדע איבערהערשאַפט פון די קלעריקאַלן איבערן פאָלק האָט באַרויבט די מצרים פון דער מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען אָן אָרי־גינאַלן און פרישן דענקען. די גייסטלעכע האָבן קאָנטראָלירט דאָס אינטעלעק־טועלע לעבן פון לאַנד און זיי האָבן פאַרשוואָנדט זייער גאַנצע ענערגיע אויפן ריטואַל צוצעגרייטן מענטשן פאַרן לעבן נאָכן טויט. אָן דער פאָרמולע, וואָס בלויז זיי האָבן געוואוסט, האָט קיין נשמה ניט געקענט פאַרזיכערט ווערן מיט גליקלעכער אומשטערבלעכקייט. דער מצרי האָט זיין גאַנצן לעבן פאַרבראַכט אונטערן שטן פון טויט" (זע „די פעדזשענט אָוו סיוויליזיישן" ז. 34).

אין דעם קורצן אויסצוג געפינט זיך דער פאַלשטענדיקער ענטפער:

— די ציוויליזאַציע פון מצרים האָט זיך אַנטוויקלט אַרום צוויי פּונקטן; אַרום דעם טאַטעם פון א קולט צו דינען צו די מתים און אַרום דעם „נס" פון דער באַוואַסערונג פון נילוס. דער היסטאָרישער גורל האָט געוואָלט, אַז דער דרום־דיקער שטערן, סיראָוס, זאָל דערשיינען אויפן הימל גלייכצייטיק מיט דער פאַרפלייצונג פון די וואַסער פון טייך און אַז א ריי צופאַלן זאָלן זיך פאַרבינדן צוזאַמען און פאַרמירן אַן איינהייטלעכן באַגריף, וואָס איז געוואָרן דער אָרט דענקען פון מצרים. די מצרים זיינען פאַלשטענדיק אריינגעכאַפּט געוואָרן אין קלעם פון דעם אָרט דענקען און די גייסטלעכע האָבן שוין געזען, אַז דער אָרט דענקען זאָל אָנהאַלטן. דערמיט ווערט ניט געמיינט צו זאָגן, אַז זיי זיי־נען געווען באַוואוסטזיניקע שאַרלאַטאַנעס; זיי האָבן געקענט זיין ערנסט אין זייער אָבערגלויבן און אפילו אין דעם, וואָס זייער וויסן האָבן זיי געהאַלטן בסוד סודות פאַר זיך אַליין און האָבן זיך מיט אים מיט קיינעם ניט געטיילט. דעם באַגריף, אַז דאָס דאַרפן זיין סודות האָבן זיי אויך געירשנט פון זייערע על־טערן מדור דורות. ווי ס'זאָל ניט זיין, אַזוי האָט זיך די ציוויליזאַציע אַנט־וויקלט און אַזוי האָט זי אָנגעהאַלטן די גאַנצע צייט.

דאָס דערקלערט פאַרוואָס זיי האָבן זייער פּאַקטישן וויסן ניט אָב־סטראַאירט און האָבן ניט פאָרמירט קיין אַלגעמיינע כללים: — פאַר וואָס זיי האָבן ניט פאָרמירט קיין וויסנשאַפט. זייער דענקען איז אינגאַנצן געפלאָסן אין אַן אַנדער ריכטונג, ווי וויסנשאַפטלעכער דענקען דאַרף פליסן, ער איז געפלאָסן פון איין זייט אין דער ריכטונג פון פּראַקטישע נוצן פאַר לאַנד מע־סטונגען נאָך די פאַרפלייצונגען אין צייט רעכענונג און אַז. וו. פאַר דעם האָט מען געדאַרפט האָבן פאַרטיקע מאַטעמאַטישע פאָרמולעס. די דאָזיקע פאָרמו־לעס האָבן די גייסטלעכע געקראָגן בירושה און האָבן זיי געהאַלטן בסוד סודות און האָבן ניט אָנגעהויבן צו דענקען, אַז מען קען פון זיי ציען אַלגעמיינע שלוסן און פון דער צווייטער זייט האָבן זיי ווייטער געקראָגן בירושה טאָטע־מישע באַגריפן, וועלכע זיי האָבן אויך געהאַלטן טייער ווי דאָס שוואַרץ־אַפּעל פון אויג און האָבן זייערע סודות ניט אַרויסגעגעבן... דער רעזולטאַט איז גע־ווען, אַז ס'האָט זיך געשאַפן א ציוויליזאַציע אינגאַנצן באַזירט אויפן לעבן נאָכן טויט, געפינט מען די רעזולטאַטן פון דער ציוויליזאַציע צווישן די טויטע און ניט צווישן די לעבעדיקע.

אויב די נאָר וואָס געגעבענע דערקלערונג איז א ריכטיקע, באַשטע־טיקט זי די מיינונג פון די סאָציאָלאָגן אַנטראָפּאָלאָגן וועגן דער ווירקונג פון

"קאָלעקטיוון" דענקען אויף דעם לעבן פון אַ פאָלק, און מאַריי און דייווי זייַנען געווען גערעכט, ווען זיי האָבן אָנגעהויבן זייער בוך וועגן דער אַנטשטייאונג און דער אַנטוויקלונג פון דער ציוויליזאַציע אין מצרים מיט אַן אויסצוג פון עמיל דורקהיימען וועגן דעם טאָטעמישן באַגריף פון פּרימיטיווע פעלקער. געוויס איז מעגלעך, אַז מען זאָל איבערטרייבן, ווען מען מאַכט גענעראַליזאַציעס: ווי ס'זעט אָבער אויס, איז פאַראַן אַן אמת אין דורקהיימס גענעראַליזאַציע.

די קורצע אָפּהאַנדלונג וועגן דער ציוויליזאַציע אין מצרים איז געגעבן געוואָרן אויף אַ סכעמאַטישן אופן דערפאַר, וואָס דער אַבזיכט איז ניט געווען די ציוויליזאַציע גופא, נאָר דער כאַראַקטער פון דער ציוויליזאַציע. די ציוויליזאַציע גופא קען ניט באַטראַכט ווערן אויף אַזאַ קורצן אופן: זי האָט פאַרנומען טויזנטער יאָרן און פאַרשיידענע ענדערונגען זייַנען אין איר פאָרגעקומען. דער ערשטער פּעריאָד, די פּיראַמידן צייט, האָט געדויערט פינף הונדערט יאָר, פון 3000 יאָר פ. קר. ביז 2500 פ. קר. און ער איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ פאָלקאָמען אַנטוויקעלטער ציוויליזאַציע און ניט פון קיין אָנהייב. צו קענען בויען די גיגאַנטישע פּיראַמידן האָט זיך געפאָדערט אַרכיטעקטאָרישער וויסן פון העכסטן גראַד און אַ הויכע אַלגעמיינע קולטור; וואָס ס'מיינט, אַז הונדערטער, אויב ניט קיין טויזנטער יאָרן פון קולטורעלער אַנטוויקלונג, האָט געמוזט פאָרקומען אין מצרים אַז אַזאַ אָרגאַניזאַציע און אַן אַבסאָלוטע קעניגליכע מאַכט זאָל קענען עקזיסטירן.

די פאַרשווענדעניש אויף די פּיראַמידן האָט רואינירט דאָס לאַנד און האָט געבראַכן די אַבסאָלוטע קעניגלעכע מאכט (די פּיראַמידן זייַנען געבויט געוואָרן פון די קעניגן פון דער דריטער ביז דער זעקסטער דינאַסטיע) און אַ פעאָדאַלע סיסטעם פון רייכע גוט־באַזיצער מיט אַ נאָמינאַלער קעניגלעכער הערשאַפט האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ. דער סיסטעם האָט אָנגעהאַלטן פון פינף ביז זיבן הונדערט יאָר ביז די "היקסן" (פּאַסטוכער קעניגן) האָבן אַריינגעדרונגען אין לאַנד און האָבן עס באַהערשט פאַר עטלעכע הונדערט יאָר. די פעאָדאַלע ציוויליזאַציע איז אויך געווען אַ קברים ציוויליזאַציע, די קברים זייַנען אָבער געבויט געוואָרן אין פעלזן באַם ברעג פון טייך. אין די קברים האָט מען געפונען די באַשריבענע פּאַפּירוסן פון וועלכע דער בוך פון די טויטע איז צוזאַמענגעשטעלט. אין די קברים פון די פעאָדאַלע באַראָנען געפינט מען, לויט ברעסטעדן, פּאַפּיראָסן מיט אויפשריפטן פון גאַנץ נייעם כאַראַקטער: — די באַראָנען לאָזן וויסן אַזירוסן, אַז זיי זייַנען געווען פיינע און לייטישע מענטשן; דאָס פאָלק האָט בא זיי ניט געהונגערט און זיי האָבן זיך אָנגענומען פאַר די אָרעמע און אונטערדריקטע און ספּעציעל פאַר אלמנות און יתומים...

וועגן די "היקסן" זאָגט ברעסטעד גאָרניט. נאָך זיי זייַנען געקומען די פּרעה'ס וואָס זייַנען געווען אימפּעריע בויער. די "היקסן" האָבן געבראַכט פערד קיין מצרים און נאָך זיי איז מצרים געוואָרן אַ מיליטערישע מאַכט און האָט באַזיגט אַ סך קליין־אַזיאַטישע און נובישע "קעניגן".

ס'איז וויכטיק צו דערמאָנען די גרויסע טעמפּלען (קאַרנאַק) אין טיבעט, די גרויסע סקולפּטור אַרבעטן און די אָבילעסקן. מען נעמט אָן, אַז די גיגאַנטישע סקולפּטור אַרבעטן און אָבילעסקן האָבן אויסגעדריקט רעליגיעזע

שטימונגען און קעניגליכע באַרימערייען און ניט קיין ריינע קונסט־שאַפונגען. די מיליטערישע דערגרייכונגען פון די קעניגן קענען אויסגעלאָזט ווערן; עס וועלן נאָר דערמאָנט ווערן די ערשטע און פיליכט גרעסטע קעניגען העטשעפּ־שוט פונם 15טן יאָרהונדערט, פ. קר. וואָס האָט אויפגעשטעלט דעם העכסטן אבילעסק און אמענהאטעפּ דער פערטער (איר איניקל?) וואָס האָט איינגע־פירט מאנאטעאיזם מיט דער זון אלס גאָט אטאן און האָט געענדערט זיין אייגע־נעם נאָמען אויף איכנאטאן (אטאָנס אויסדערווײלטער). זיין רעפאָרמע איז ניט אָנגענומען געוואָרן און נאָך אים האָט די ציוויליזאציע אָנגעהויבן גיין בארג אַראָפּ.

כאָטש די מצרים האָבן פאַרשווענדט זייער גאנצע ענערגיע ארום די קברים און די רעזולטאַטן פון דער ציוויליזאַציע האָט מען געפונען אין די קברים, איז די ציוויליזאַציע גופא ארויסגעוואקסן פון דעם לעבן און איז געווען מאַ־דעלירט לויטן לעבן אויף דער וועלט. אפילו דאָס וויטערדיקע "לעבן" אין קבר איז פון זיי ניט פאַרשטאַנען געוואָרן ווערנטלעך אַנדערש פונם לעבן אויף דער וועלט. זיי האָבן ניט געהאַט קיין אויסגעשפּראָכענעם דואַליסטישן באַגריף פון אַ דער וועלט און אַ יענער וועלט, ווי די קריסטן האָבן געהאַט אין דער מיטלאַלטער און נאַטירלעך, אַז זיי זיינען ניט געווען קעגנעריש גע־שטימט קעגן דעם לעבן אויף דער וועלט. פאַקטיש איז זייער ציוויליזאַציע אַרויסגעוואקסן פון לעבנס נויטן און לעבנס אינטערעסן אַרום דעם טייך און זייער געאָמעטריע און אַסטראָנאָמיע, זיינען אַרויסגעוואקסן פון זייערע לעבנס אינטערעסן אויף דער וועלט. ווען זיי האָבן געקענט שאַפן אַ קאַלענדאַר לויט דער זון מיט העכער פיר טויזנט יאָר פאַר דער איצטיקער צייט־רעכענונג, אַ מעדיציניש בוך מיט זיבעצן הונדערט יאָר פאַר דער צייט־רעכענונג און באַנוצן דעצימאַלע חשבונות, באַווייזט עס אַז זיי האָבן געהאַט אַן אַלטע איינ־געפונדעוועטע וועלטלעכע קולטור. מיט אַן ערך צוויי טויזנט יאָר פ. קר. האָבן זיי שוין געהאַט שיפן, וואָס האָבן דורכגעקרייצט די נאָענטע ימים און זיי האָבן געפירט קאָמערציע מיט דער אַרומיקער וועלט. זיי האָבן געהאַט פאַרשיידע־נע באַלמעלאָכעס, וואָס זיינען געווען גרויסע פאַך־קינסטלער ועמענס קונסט אַרבעטן ווערן נאָך באַוואונדערט ביזן היינטיקן טאָג.

אין דער צייט פון דער אימפּעריע האָבן זיי שוין געהאַט אַ רעגעלע אַרמיי מיט רייטוועגענער און זיי האָבן פאַר אַ צייט באַהערשט די אַרומיקע וועלט. פון דעם אַלעמען קען מען זען, אַז זייער ציוויליזאַציע איז ניט געווען באַגרענעצט מיט קבר אינטערעסן, אַז זיי האָבן אויך געהאַט דאָ וועלטלעכע אינטערעסן, כאָטש זייער הויפּט אינטערעס איז געלעגן אין קבר, וועלכן זיי האָבן באַטראַכט פאַר אַן אנהאלטנדן לעבן און ניט פון קיין נייעם לעבן. ווי אַזוי זיי האָבן באַטראַכט דאָס וויטערדיקע לעבן נאָכן טויט אין פאַרבינדונג מיט אַ ניט צושטערטן קערפּער, אַז דער "דאָבל" (נשמה?) זאָל האָבן וואוהין אַריינצוקומען און זאָל ניט דאַרפן אייביק וואַנדערן, איז ניט פאַרשטענדלעך, נאָר אַז זיי האָבן פאַרשטאַנען דאָס "וויטערדיקע לעבן" אויף דעם זעלבן אופן, ווי דאָס לעבן אויף דער וועלט, זאָגן עדות די שפּייז און די אויסשטאַטונגען וואָס מ'האָט געפונען אין די קברים... די שריפט, וואָס ברעסטעד האָט דעשיפרירט איז העכער פינף טויזנט יאָר אַלט. די העראָגליפן אויף די ווענט פון די פּי־ראַמידן זיינען העכער פון פינף און פערציק הונדערט יאָר אַלט און די פּאַ־

פירוסן פון די קברים זיינען עלטער פון פינף און דרייסיק הונדערט יאָר. די לעצטע ענטהאלטן די מאָראלע טיילן אויף וועלכע שטעלן פון תנ״ך זיינען ענלעך. ברעסטעד האַלט אַז די פערזאנאפיצירטע חכמה פון משלי שטאַמט פון מצרים. אויף אייניקע גאָר אַלטע מצרישע הימנען זיינען טיילן פון קאַפּיטלען פון תנ״ך אַזוי ענלעך, אַז ס׳איז שווער צו באַטראַכטן די ענלעכקייט פאַר אַ צופעליקער, סיידן מען זאָל אָננעמען, אַז די איבערזעצער פון די הימנען האָבן זיך געפּלייסט צו מאַכן אַזאַ ענלעכקייט (זע א. ס. ריגס ״די ראמאנס אוו יומען פראָגרעס״ ז. 184). דאָס איז זייער מעגלעך צו אָננעמען...

# קאַפּיטל 4

## בבל (מעסיפּאָטאַמיע)

כאָטש עליאָט סמיט זאָגט, אַז ברעסטעד האָט באַוויזן אָן וועלכן עס איז צווייפל, אַז די ערשטע ציוויליזאַציע איז אַנטשטאַנען אין מצרים, שטימען ניט אַלע פאָרשער איין מיט דער מיינונג. גאָרדאָן טשיילד האַלט, אַז די ערד־שטע ציוויליזאַציע איז אַנטשטאַנען צווישן דעם נילוס און די גאַנגעס, וואָס איז אַסך אַ גרעסערער שטח, ווי ברעסטעדס האַלבע לבנה. אין וועלכן פּלאַץ פון דעם שטח זי איז אַנטשטאַנען, קען מען, לויט זיין מיינונג, ניט וויסן. עס איז מעגלעך, אַז זי איז אַנטשטאַנען אין עטלעכע פּלעצער מיט אַמאָל, אָדער זי איז פון ערגעץ געבראַכט געוואָרן צו די דאָזיקע פּלעצער אין דער זעלבער צייט. ווי ס׳זאָל ניט געווען זיין, האַלט ער ניט, אַז די סומערער ציוויליזאַציע שטאַמט פון מצרים. די מיינונג נעמט ער ניט אָן.

די סומערער ציוויליזאַציע האָט זיך אַנטוויקלט אינם דרומדיקן טייל פון נאָענטן מזרח אַרום דעם פּערסישן אויסגוס צווישן די טייכן טגלת און פּרת. דער טייל פון לאַנד איז געווען אַ זייער פּרוכטבאַרער; ער האָט אָבער ניט גע־האַט קיין נאַטירלעכע גרענעצן, וואָס זאָלן אים באַשיצן פון אַריינדרינגער, אַז אַ ציוויליזאַציע זאָל זיך קענען אַנטוויקלען אַזוי פריי ווי אין מצרים. ווער די סומערער זיינען געווען און צו וואָס פאַר אַ ראַסע זיי האָבן באַלאַנגט, ווייסט מען ניט. אַ גרויסע צאָל פאָרשער נעמען אָן, אַז זיי האָבן באַלאַנגט צו דער מיטללענדישער ראַסע. אַנדערע דענקען, אַז זיי זיינען געווען מאָנגאָלן, וואָס האָבן אַרויסגעשטאַמט פון אַ שבט, וואָס האָט געלעבט אַרום דעם אינדוס טייך. גענוי ווייסט מען עס ניט, ווייל זיי האָבן זיך צוזאַמענגעמישט מיט די פון צייט צו צייט אַריינדרינגענדע וואַנדערנדע שבטים און מיט דער צייט זיינען זיי אינגאַנצן פאַרשוואונדן. מען איז אָבער זיכער, אַז זיי זיינען ניט געווען קיין סעמיטן. דאָס האָט מען באַשטימט לויט דער קאָנפיגוראַציע פון זייער קאָפּ (צי דאָס איז אַ זיכערער סימן, איז אַן אָפענע פראַגע: סעמיטיזם, ווי עריעזם, איז אַ שפּראַך טיילונג און ניט קיין ראַסן טיילונג).

מען ווייסט ניט ווען די סומערער ציוויליזאַציע איז אַנטשטאַנען און וואו זי האָט זיך אָנגעהויבן. די געשיכטע שטייט פאַר אַ פאַקט, פאַר אַ פאַרטי־קער ציוויליזאַציע. אַלס ביישפּיל ווי ווייניק מען ווייסט וועגן איר וועט ציי־טירט ווערן דעלאַפּאָרט, איינער פון די וויכטיקסטע פאָרשער פון סומערער ציוויליזאַציע. ער זאָגט: "אויפן סומערער שטח האָבן געוואוינט צוויי באַזונ־דערע ראַסן: אין דרומדיקן טייל האָבן געוואוינט ניט קיין סעמיטן; אין צפון־

דיקן טייל האָבן געוואוינט סעמיטן. וועלכע פון די צוויי ראַסן איז געקומען אויפן פּלאַץ די ערשטע און וועלכע איז געקומען שפּעטער? האָט איין טייל צו־גענומען דעם פּלאַץ פונם צווייטן טייל? דאָס ווייסט מען ניט. די טראַדיציע האָט ניט איבערגעלאָזט קיין ענטפער אויף דער פראַגע. זי דערציילט נאָר, אַז אין איין פאַל האָט געהערשט איין שטאָט און אין א צווייטן פאַל, אַ צווייטע שטאָט. עס איז ניט וואַרשיינלעך, אַז די סעמיטן זיינען געווען די ערשטע באַ־לעבאַטים פון לאַנד. זיי זיינען געקומען שפּעטער... די סעמיטן האָבן די אַנ־דערע מענטשן אָנגערופן סומערער. די סומערער האָבן געבראַכט מיט זיך אַ קולטור אין לאַנד. מען קען עס זען פון דעם פאַקט, וואָס זיי האָבן געבויט די שטעט אויף הויכע פונדאַמענטן כדי צו אויסהיטן זיי פון פאַרפלייצונגען. זיי האָבן געבויט הייזער פון ציגל און האָבן געמאַכט קאַנאַלן פאַר באַוואַסערן זייערע פעלדער; זיי האָבן אפילו דערפונדן מעטאַדן פאַר קינסטלעכער איריגאַציע. זיי האָבן גענוצט די מעטאַלן קופּער און זילבער; זיי האָבן געהאַט שניצערייען און האָבן אפילו געהאַט אַ שריפט" (זע "מעסיפּאָטאמיע: באַוויגאַניען ענד אַסיריען סיוויליזיישן" זז. 12, 16). ענלעכעס זאָגן מאַריי און דייוויי; זיי זאָגן: "די סעמיטן פון כשדים פון פערטן יאָרטויזנט פ. קר. האָבן שוין באַזעסן אַ שטאָטישע ציוויליזאַציע און האָבן געהאַט פאַרשיידענע אינסטיטוציעס. זיי האָבן געהאַט האַנדל און קונסט... די סומערער זיינען געווען די ערשטע קאָלאָניסטן אין מעסיפּאָטאמיע. מען ווייסט ניט צו וואָס פאַר אַ ראַסע זיי האָבן באַלאַנגט; זיי זיינען ניט געווען קיין אַריער און ניט קיין סעמיטן. זיי זיינען ניט געווען קיין עלאַטן; — מען האָט זיי צוגערעכנט צו די איצטיקע טאַראַניער, צו די דראַווידער פון אינדיע. עס איז מעגלעך, אַז זיי זיינען געווען טורקעסטאַנער... זיי האָבן זיך באַזעצט אין קשדים, וואו זיי האָבן געפונען מאַ־טעריעלע מעגלעכקייטן צו אַנטוויקלען אַ ציוויליזאַציע, און וואו ס'איז ווי מיט אַמאָל אנטשטאַנען אַ ציוויליזאַציע אין פולן גלאַנץ אינם פערטן יאָרטויזנט. די מענטשן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין כשדים, האָבן געוואוסט ווי צו קול־טיווירן תבואות, ווי צו הויזן חיות און ווי צו נוצן די מעטאַלן קופּער און גאָלד. זיי האָבן געקענט בויען טעמפּלען פון ציגל. זיי האָבן גערעדט אַן אייגנ־אַרטיקע שפּראַך און זיי האָבן דערפונדן אַ שריפט פון בילדער, וואָס איז שפּע־טער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער קוניפאָרמער שריפט" (זע "פּראָם טרייב טו עמפּייר" זז. 201־199).

די באַשרייבונגען זיינען ניט פון קיין אָנהויב פון אַ ציוויליזאַציע, נאָר פון אַ פּאַרטיקער ציוויליזאַציע. געוויס קען מען ניט וויסן וועגן דעם אָנהויב פון אַ ציוויליזאַציע: — עס נעמט צייט ביז אַ ציוויליזאַציע דערגרייכט אַזאַ צושטאַנד, אז זי זאָל הינטער זיך לאָזן סימנים, וואָס זאָלן ניט פאַרניכטעט ווערן אין לויף פון דער צייט. הונדערטער, אָדער טויזנטער יאָרן, האָבן גע־קענט עקזיסטירן ציוויליזאַציעס און זאָלן הינטער זיך ניט לאָזן קיין דויערנדן צייכן. אָבער אַז אַ פאָלק וואָס האָט געשאַפן אַ ציוויליזאַציע, וואָס איז געבליבן, זאָל אַליין פאַרשווינדן אויף אַזאַ פאָלקאָמענעם אופן, אַז מען זאָל אַפילו ניט וויסן צו וואָס פאַר אַ ראַסע ס'האָט באַלאַנגט, איז אַן אויסנאַם אין דער וועלט געשיכטע. עס האָט פּאַסירט אויף אַ "נאַטירלעכן" אופן: — דאָס לאַנד, וואו די סומערער האָבן זיך באַזעצט, איז געווען אַן אָפענעס פון דריי זייטן; עס איז געווען אַרומגערינגלט פון פאַרשיידענע וואַנדערנדע שבטים. די נאָמאַדן האָבן

זיך געהאַלטן אין איין אַריינרייסן אין פּרוכטבאַרן לאַנד און האָבן זיך גע־האַלטן אין איין אויסמישן מיט דער אַרטיקער באַפעלקערונג ביז זיי האָבן פאַר־נומען איר פּלאַץ און די ערשטע באַוואוינער האָבן זיך אויף אַזוי פיל אויפגע־לייזט, אַז פון זיי איז קיין זכר ניט געבליבן.

די הערשנדע מיינונג איז, אַז די סומערער זיינען געווען די שאַפער פון דער ציוויליזאַציע, זי טראָגט זייער נאָמען. דאָס איז אָבער ניט די איינ־ציקע מיינונג. אָט וואָס דאָרסי זאָגט וועגן דעם: — "די לעצטע אויסגראָבונגען באַווייזן, אַז די מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן פלאַץ פאַר די סומערער, האָבן געלעבט אין טשערעטענעביידלעך, וואָס זיינען געווען באַדעקט מיט קליי און מיט בלאָטע; די ביידלעך האָבן געהאַט הילצערנע טירן. זיי האָבן געהאַט הויז חיות, ווי בהמות, שאָף, ציגן און חזירים. זיי האָבן קולטיווירט גערשטן און האָבן געגעסן א מאכל פון מעל; זייער הויפּט שפּייז איז אָבער באַ־שטאַנען פון פיש. זיי האָבן געמאַכט געצייג פון שטיינער; זיי האָבן אויך געהאַט קופערנע געצייג. זיי האָבן געהאַט שניידמעסערס פון פאַרהאַרטעוועטן קליי מיט ציין פון קרעמען. זיי האָבן געהאַט ליימענע געפעס, וואָס זיי האָבן גע־פאַרבט. קליידער האָבן זיי געמאַכט פון פעל און פון היימישע געוואַנט. די מתים האָבן זיי באַגראָבן און האָבן זיי מיטגעגעבן שפּייז. זיי האָבן באַזעסן אַ שריפטלעכע שפּראַך פון צייכנס און האָבן געהאַט 350 צייכנס מיט פאַרשיידענע באַדייטונגען. פון דער שריפט האָט זיך אנטוויקלט די קוניפאָרמישע שריפט. מען ווייסט ניט ווען די מענטשן האָבן געלעבט אין סומער; עס האָט אָבער גע־דאַרפט זיין ניט פריער פון זעקס טויזנט יאָר פ. קר. פאַר דער צייט איז דער געגנט באַשטאַנען פון זומפּן און מ'האָט אויף אים ניט געקענט וואוינען. די ערשטע איינוואוינער פון געגנט האָבן וואַרשיינלעך געלעבט אויף די אינזלען פון פּערסישן וואַסער אויסגוס. די שטאָט "אור" איז, וואַרשיינלעך, געווען אויף אַן אינזל. שפּעטער זיינען געקומען די סומערער... זיי האָבן געשאַפן שטאָ־טישע רעגירונגען אין וועלכע עס האָבן געהערשט גייסטלעכע, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר גאָטס פאַרטרעטער אויף דער ערד. זייער הויפּט באַשעפטיגונג איז באַשטאַנען אין פירן מלחמות צווישן זיך.

זייער וויכטיקסטער ביישטראַג צו אונדזער ציוויליזאַציע איז באַשטאַנען אין דערפינדן דעם וואָגן, וואָס זאָל זיך קייקלען אויף רעדער (זיי האָבן דער־פונדן די ראָד, וואָס ווערט פאַררעכנט פאַר איינע פון די וויכטיקסטע דער־פינדונגען, וואָס איז ווען עס איז געמאַכט געוואָרן).

זיי האָבן געבויט די בבלישע טורעמס און שפּיציקע געביידעס, לויט וועלכע די קלויסטערס זיינען שפּעטער געבויט געוואָרן. זיי האָבן איינגעפירט די נאָמערן סיסטעמען פון 60, וואָס ווערן גענוצט ביז היינטיקן טאָג: ווי דער צירקל ווערט געטיילט אויף 360 גראַד; די שעה אויף 60 מינוט און אַ מינוט אויף 60 סעקונדן. זיי האָבן פאַרמירט וואָכן פון 7 טעג אין וואָך און האָבן אויך איינגעפירט אַ רו־טאָג (שבת) איין טאָג אין וואָך... פון זיי שטאַמט די מבול לעגענדע" (זע "די סטאָרי אָוו סיווילייזיישן" ז. 360).

אויך פון דער ציוויליזאַציע געפינט מען די וויכטיקסטע אינפאָרמאַ־ציע אין די קברים... מען האָט געפונען אַ קאָלעקטיוון קבר, אין וועלכן עס זיינען געלעגן 64 פרויען, זעקס מענער און אָקסן, וואָס זיינען געווען איינגע־שפּאַנט אין אַ וואָגן; ווי אויך פאַרשיידענע צירונג און געפעס.

ברעסטעד האָט אויפגעשטעלט די אָרדנונג, אין וועלכער די מענטשן און זאַכן האָבן זיך, וואַרשיינלעך, געפונען, ווען זיי זיינען אַריינגעפירט געוואָרן אין קבר. ער דענקט, (אַנדערע פאָרשער שטימען מיט אים איין), אַז דער קבר איז פון אַ פרינץ, וועמען מען האָט מיטגעגעבן אין קבר דעם שטאַב, וואָס האָט אים באַדינט באַם לעבן... עס זאָל מיינען, אַז ווען דער פרינץ איז געשטאָרבן, האָט מען אויסגעבויט אַ גרויסן קבר פון עטלעכע צימערן, מ׳האָט אהין געבראַכט אַלע זיינע באַדינער און באַדינערינס און, מסתמא, אויך זיינע ווייבער און מ׳האָט זיי אַלע באַגראָבן צוזאַמען, אום ער זאָל האָבן די זעלבע באַדינער נאָכן טויט, וואָס ער האָט געהאַט באַם לעבן (זע ״די קאָנקוועסט אָוו סיוויליזיישן״ ז. 130).

לויט דעם, וואָס מען ווייס וועגן די מנהגים פון יענער צייט, שטעלט ברעדיער פאָר די קאָלעקטיווע לויה, ווי מען פירט דעם מת און די, וואָס מען וועט באַגראָבן מיט אים לעבעדיקערהייט, גייען נאָך דעם טויטן וואָגן... עס כאַפּט אָן אַ גרויל, ווען מען לייענט די באַשרייבונג פון אָט דער שוידערלעכער פּראָצעסיע. נאַטירלעך, אַז דאָס דאַרף ניט אָנגענומען ווערן פאַר אַ פאַקט; אָבער אַ טייל אמת איז אין דער פאַנטאַזיע געוויס פאַראַן: — מען ווייסט געגוג וועגן די מנהגים פון יענער צייט, אַז מען זאָל קיין פולשטענדיקן טעות ניט מאַכן. יעדנפאַלס נעמען עס פאָרשער אָן פאַר אַן אמת׳ער פּראָצעסיע צום טויט. אַ טייל אמת איז אין דעם געוויס פאַראַן.

מ׳דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז ניט די סומערער און ניט די מצרים, האָבן געהאַט אַ באַגריף וועגן אַ ״יענער וועלט״; פאַר זיי, באַהויפּטן פאָרשער, איז דאָס שטאַרבן באַטראַכט געוואָרן פאַר אַן ענדערונג אין דער פאָרמע פון לעבן. דער אונטערשייד צווישן די מעסיפּאָטאַמיער (צו נוצן אַן אַלגעמיינעם טערמין פאַר אַלע פעלקער פון יענעם טייל פון דער וועלט) און די מצרים, איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די מצרים האָבן זייער גאַנצן אינטערעס פון לעבן אריבערגעטראָגן אויפן אינטערעס פון דעם ״לעבן״ נאָכן טויט און די מעסיפּאָטאַמיער האָבן געלעבט מיט די אינטערעסן פון דער וועלט און האָבן דעם טויט נאָר אָפּגעגעבן דעם חלק, וואָס ״באַלאַנגט״ צו אים לויט דער טראַדיציע.

דאָרסי זאָגט, אַז דער הויפּט צייט־פאַרטרייב פון די מעסיפּאָטאַמיער שבטים איז באַשטאַנען אין פירן מלחמות צווישן זיך... פאַרשטייט זיך, אַז דערפון מוז מען ניט ציען קיין שלוס, אַז דאָס איז בא זיי געווען אַן איינגעבוירענע אייגנשאַפט; נאָר עס איז גאַנץ איינפאַך געווען אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס זיי האָבן ניט געהאַט קיין נאַטירלעכע שטאַרקע גרענעצן, וועלכע זאָלן פאַרמיידן דאָס אַריינדרינגען פון די וואַנדערנדע בעדואינער. ווען נאַמאַדן שבטים געפינען זיך לעבן איין איינגעזעסענער אַגריקולטורעלער באַפעלקערונג, וועלן זיי אָנפאַלן אויף איר פון צייט צו צייט און וועלן זי אויסהרגענען און פאַרנעמען איר האָב און גוטס. דאָס איז אַ טייל פון זייער אַרט לעבן. דאָס פאַרכאַפּטע וועלן זיי אויסבייטן אויף אַנדערע אַרטיקלען: — גזלה האָט געפירט צו מסחר... ווען און וואו מסחר איז אנטשטאַנען, ווייסט מען ניט; ווי יעדער אָנהויב איז עס פאַרגעקומען פאַר דער היסטאָרישער צייט.

מען מוז אָננעמען, אַז בייטן זיך מיט סחורות איז פאָרגעקומען אפילו צווישן די פּרימיטיווסטע פעלקער. פונדעסטוועגן קען מען ריידן וועגן אַן אָנהויב פון האַנדל צווישן מענטשן, אָדער מענטשן גרופּן. ווען אַזאַ אָנהויב איז

פאַרגעקומען צווישן פעלקער ווייסט מען ניט. ווען מ׳זאָל אָננעמען צוזאַמען מיט זשעראַלד הירדן און אַנדערע, אַז די ערשטע ציוויליזאַציע איז ניט אנט־שטאַנען ניט אין מצרים און ניט אין מעסיפּאָטאַמיע, נאָר ערגעץ אַנדערש און איז געבראַכט געוואָרן אויף די פּלעצער אַ פּאַרטיקע, מיינט עס, אַז אַ וועל־כער עס איז האַנדל איז פּאַרגעקומען צווישן די דאָזיקע פּלעצער. דענקט טאַקע בראַדיער, אַז די סומערער ציוויליזאַציע האָט נאָר אַזוי לאַנג געבליט, ווי זי איז געגערט געוואָרן פון די נאַטור־רייכטימער, וואָס זיינען אַהין געבראַכט געוואָרן פון דער אינדוס געגנט. און ווען די אינדוס ציוויליזאַציע איז אונ־טערגעגאַנגען (די סיבה איז ניט באקאַנט), האָט אויך סומער פאַרלוירן זיין גלאַנץ. דאָס, דענקט ער, איז פּאַרגעקומען מיט דריי טויזנט יאָר פ. קר. עס איז צוזאַמענגעפאַלן מיט דער צייט, ווען מ׳האָט אין מצרים אָנגעהויבן בויען די פּיראַמידן (דער פּיראַמידן פּעריאָד האָט אָנגעהאַלטן פינף הונדערט יאָר: פון 3000 פ. קר. ביז 2500 פ. קר.). אין יענער צייט, זאָגט בראַדיער, האָט אָנ־געהויבן בליען די ציוויליזאַציע אין מצרים און דער הויפּט האַנדל איז אַי־בערגעפירט געוואָרן קיין מצרים (זע "די פּעדזשאַנט אָוו סיוויליזיישאָן", ז. 67). וואָס פאַר אַ שייכות דאָס האָט איינס מיטן אַנדערן, דערקלערט ער ניט.

דער ערשטער גרויסער האַנדל האָט זיך, וואַרשיינלעך, אָנגעהויבן אין מעסיפּאָטאַמיע און ניט אין מצרים. דער אָנהויב איז פּאַרגעקומען אַ דאַנק דעם, וואָס גרויסע מאַסן מענטשן האָבן זיך געהאַלטן אין איין באַוועגן פון פּלאַץ צו פּלאַץ: — גזלה און מסחר זיינען געגאַנגען האַנט אין האַנט. ניט נאָר האָט מען געהאַנדלט מיט טויטער סחורה, נאָר אויך מיט לעבעדיקער סחורה: — מלחמה געפאַנגענע זיינען געווען "לעגעטימע" סחורה; מ׳האָט זיי פאַר־קויפט פאַר שקלאַפן.

דער אָנהויב פון האַנדל איז באַשטאַנען אין "באַרטער". — זיך בייטן מיט סחורה, איין סחורה אויף דער צווייטער. סוחרים האָבן אָבער שנעל גע־דאַרפט איינזען, אַז אַזאַ האַנדל טויג ניט; מ׳קען ניט וויסן וויפיל פון איין סאָרט סחורה מ׳דאַרף געבן פאַרן צווייטן סאָרט. מ׳מוז האָבן עפּעס, וואָס זאָל דינען פאַר אַ מאָס, לויט וועלכער מ׳זאָל קענען מעסטן, אָדער פאַרגלייכן פאַר־שיידענע סחורות . דאָס ערשטע אַרטיקל, וואָס איז גענוצט געוואָרן פאַר אַן אַלגעמיינער מאָס, פאַר אַ פאַרגלייך (סטאַנדאַרט אָדער "געלט"), לויט וועלכן מען האָט געפירט האַנדל, איז געווען גערשטן: אַ מעסטל גערשטן איז גענוצט געוואָרן פאַרן ערשטן "געלט", לויט וועלכן מען האָט געקויפט און מען האָט פאַרקויפט סחורות. עס האָט ניט געדויערט לאַנג און מען האָט איינגעזען, אַז דאָס "געלט" איז אַי ניט קיין באַקוועמע, אי ניט קיין פּינקטלעכע: — עס האָט ניט דעם זעלבן ווערט איבעראַל. מען האָט געדאַרפט האָבן אַ מער סטאַנדאַ־ריזירט "געלט", וואָס זאָל האָבן אַ גלייכן ווערט איבעראַל און פאַר אַלעמען. קאָסטבאַרע שטיינער און מעטאַלן האָבן פאַרנומען דאָס פּלאַץ פון גערשטן אָדער פון אַנדערע סחורות און מיט דער צייט האָט מען אויסגעקריצט אַ סימ־באָל אויף באַשטימטע שטיקלעך קופּער, זילבער און גאָלד און אַן אַלגעמיי־נער געלט סטאַנדאַרט איז איינגעפירט געוואָרן. מען נעמט אָן, אַז אין מעסי־פּאָטאַמיע האָט מען צום ערשטן אָנגעהויבן צו נוצן געלט.

וואו די ערשטע שריפט איז דערפונדן געוואָרן ווייסט מען ניט. אייני־קע פאָרשער דענקען, אַז מצרים איז געווען די היים פונם ערשטן שריפט, פאַר

אַ באַווייז גיט מען אָן דעם פאַקט, וואָס דאָס ערשטע בוך קומט פון מצרים. אַנדערע דענקען, אַז שריפט איז צום ערשטן דערפונדן געוואָרן אין סומער און מצרים פאַרנעמט דעם צווייטן פּלאַץ. ווען מען זאָל אָננעמען, אַז מצרים איז געווען דאָס ערשטע פּלאַץ, דאַרף מען אָננעמען, אַז אין סומער איז זעלבסטשטענדיק אַנטשטאַנען אַ צווייטע שריפט און די דערפינדונג אין מצרים האָט דערמיט ניט געהאַט קיין שום שייכות. דאָס דאַרף מען אָננעמען פאַר צוויי טעמים: ערשטנס זיינען די מצרישע היעראָגליפן אַזוי פאַרשיידן פון וועלכער עס איז אַנדער שריפט, אַז זיי האָבן ניט קיין געמיינשאַפטלעכעס מיט זיי, און צווייטנס זיינען די גייסטלעכע געווען די איינציקע אין מצרים, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען דאָס געשריבענע וואָרט און זיי האָבן זייערע סודות קיינעם ניט אַרויסגעגעבן.

אין בבל איז די לאַגע געווען אַ גאַנץ אַנדערע, ווי אין מצרים. דאָרט האָט זיך אַנטוויקלט אַן אַלגעמיינע מלוכה אָרדנונג, וואָס איז געווען פאַראינטערעסירט אין אַלגעמיינעם קאָמערציעלן פאַרקער, איז כאָטש אויך אין בבל האָבן גייסטלעכע געהערשט, איז אַזוי גיך ווי שריפט איז דערפונדן געוואָרן, איז זי פאַרשפּרייט געוואָרן פאַר קאָמערציעלע צוועקן. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז מען זאָל גלייך אָנהויבן צו לערנען קינדער לייענען און שרייבן. מען האָט געפונען ליימענע טאָוולען (אין מצרים האָט מען געשריבן אויף פּאַפּירוס, אַן אינערלעכער טייל פון אַ פלאַנץ, וואָס איז שטאַרק און דויערנד. דער נאָמען פּאַפּיר שטאַמט פון מצרים), וואָס אויף איין זייט געפינען זיך דעם לערערס אינסטרוקציעס און פון דער צווייטער זייט דעם תלמידס ענטפער. דארסי זאָגט: "אין בבל איז מיט פיר טויזנט יאָר צוריק ניט געווען קיין גרעסערע צאָל אנאַלפאבעטן (וואָס קענען ניט לייענען און שרייבן), ווי אין די איצטיקע שפּאַנישע פּראָווינצן. יעדע קאָמערציעלע טראַנסאַקציע איז פאַרשריבן געוואָרן. דערפאַר איז די צאָל פון פּראָפעסיאָנעלע שרייבער געווען אַ גאָר גרויסע. מען האָט געפונען אַ געשעפט טראַנסאַקציע פון אַ שיף, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין 1080 פ. קר... דאָס לעבן איז אין יענער צייט אין פילע הינזיכטן געווען ענלעך אויף דעם מאָדערנעם לעבן. געוויס איז עס געווען מער מאָדערנע אין גייסט, ווי דאָס לעבן איז געווען אין דער צייט פון די שאַרלאַמאַנען (אין ניינטן יאָרהונדערט נ. קר.). דאָס זעט מען פון דער גרויסער צאָל פאַרשריבענע טאָוולען, וואָס מען האָט געפונען פון יענער צייט" (דאָרטן ז. 327). אין בריטישן מוזייאום אַליין געפינען זיך דרייסיק טויזנט פאַרשריבענע ליימענע טאָוולען פון בבל און אין פילאַדעלפיע געפינען זיך צוואַנציג טויזנט טאָוולען פון בבל.

די ערשטע און עלטסטע ציוויליזאַציע אין בבל איז געשאַפן געוואָרן פון די סומערער און ווי מען קען זען, איז פון זיי געבליבן אַ היפּשע ציוויליזאַציע. זיי אַליין זיינען אָבער אַזוי פאָלשטענדיק פאַרשוואונדן אַז קיין שריד ופליט איז פון זיי ניט געבליבן, אפילו אויף קיין זכר ניט. זייער פּלאַץ האָבן פאַרנומען די אַקקאַדיער סעמיטן.

ווען מען רעדט געוויינטלעך וועגן דער בבלישער ציוויליזאַציע, מיינט מען ניט די סומערער, נאָר די אַקקאַדיער סעמיטן, וואָס האָבן פּרי אין דער היסטאָריע פון בבל פאַרנומען דאָס פּלאַץ פון די סומערער. און כאָטש דאָס איז פאָרגעקומען פריער פאַר דער רעקאָרדעטער היסטאָרישער צייט און

כאַטש, ווי עס זעט אויס, איז די ענדערונג ניט געווען קיין ספּאָנטאַנע, נאָר אַ לאַנגזאַמע, זאָגן פאָרשער, אַז ס'איז פאַרט פאָרגעקומען אַ בראָך אין דער גאַנצקייט און אויסגעהאַלטנקייט פון דער ציוויליזאַציע. די סעמיטן, אָדער פשוט די אַקטועלע בבלים, האָבן געהאַט אַנדערע אינטערעסן און אַנדערע נייגונגען פון די סומערער, האָבן זיי אַרויפגעלייגט זייער שטעמפּל אויף דער ציוויליזאציע און האָבן זי געענדערט. דערפאַר, זאָגן פאָרשער, געפינט מען ניט אין מעסיפּאָטאמיע אַזאַ איינהייטלעכע ציוויליזאַציע, ווי אין מצרים.

די טורעם טעמפּלען, וואָס האָבן "דערגרייכט צום הימל" לויט דער דור הפלגה לעגענדע, האָבן זיי געבויט. די טעמפּלען זיינען געווען פון ציגל און ניט פון שטיינער, ווי די פּיראַמידן, האָבן זיי ניט געהאַט גענוג ווידער־שטאַנד זיי זאָלן געווען קענען ביישטיין די צעשטערנדע ווירקונג פון צייט. זיי זיינען צעפאַלן געוואָרן און די שפּעטערדיקע דורות זיינען נאָר געבליבן מיט דער דוד הפלגה לעגענדע... ערשט אין דער מאָדערנער צייט האָט מען אָנגעהויבן אויסגראָבן די חורבות פון די גיגאַנטישע טורעם טעמפּלען און מען האָט אויסגעפונען, אַז די לעגענדע איז געווען באַזירט אויף פאַקטן, הגם צום הימל האָבן די בבלים ניט פּרובירט צוצוקומען...

אויב די בבלים האָבן ניט געלאָזט קיין דויערנדע ציוויליזאַציע צייכנס דירעקט אויף דער ערד, האָבן זיי געלאָזט טיפע צייכנס אין דער מענטשלעכער קולטור. מעגלעך, אַז זיי זיינען ניט געווען די ערשטע שאַפער פון דעם גע־שריבענעם וואָרט, זיי זיינען אָבער געווען די ערשטע פאַרשפּרייטער פונם גע־שריבענעם וואָרט. פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון קולטור איז דאָס געווען דאָס וויכטיקסטע. זיי האָבן דערפונדן די ראָד און דעם וואָגן, וואָס פאַר דער אַל־טער וועלט האָט דאָס געמיינט, אַז זיי האָבן דערפונדן די "ראָד", וואָס האָט געמאַכט באַוועגלעך די קולטור...

פון טעכנישן שטאַנדפּונקט איז די ראָד די וויכטיקסטע דערפינדונג פון דער אַלטער צייט. די וויכטיקייט פון דער מעסיפּאָטאמיער ציוויליזאַציע ווערט אָבער ניט אָפּגעשאַצט לויט איינער אָדער אַ צווייטער דערפינדונג, ווי וויכטיק די באַטרעפנדע דערפינדונג זאָל ניט געווען זיין, נאָר וויכטיק איז די ציוויליזאַציע גופא, לויט וועלכער די מאָדערנע ציוויליזאַציע איז אין אסך פּרטים מאָדעלירט געוואָרן.

וועגן די סומערער זאָגט בראַדיער: "זיי האָבן קאָנצענטרירט די וויכ־טיקסטע וועגן, דורך וועלכע סחורות זיינען געפירט געוואָרן און זיי האָבן געפירט האַנדל מיט דער גאָרער וועלט. זייערע קאַראַוואַנען האָבן דורכגע־שניטן די סירישע מדבר און זיי זיינען דורכגעפאָרן דורך עלם. דורכקרייצנ־דיק די פּערסיער בערג, זיינען זיי געפאָרן אַזוי ווייט ווי ביז אינדיע. זייערע שיפן האָבן געבראַכט קופּער, זילבער און גאָלד. זיי האָבן געהאַט קינסטלער מכל המינים, וואָס האָבן געקענט רעפּראָדוצירן פלאַנצן, אינסעקטן און חיות אויף אַ פּראַכטפולן אופן" (דאַרטן).

דאָס אַלץ מיינט פּאַקטיש, אַז זייער ציוויליזאַציע איז אין אַסך פּרטים געווען ענלעך אויף דער מאָדערנער ציוויליזאַציע. אויסער געלט האָבן זיי גע־שאַפן וואָג און מאָס. פון אַלע זייערע אויפטואונגען זיינען די וויכטיקסטע גע־ווען אַסטראָלאָגיע און מאָראַל־רעליגיע געזעצן.

אסטראָלאָגיע, אָדער פשוט: — שטערן־זעערייַ, איז געוויס ניט קיין

פאזיטיווער בייטראג צו דער מענטשלעכער קולטור. איצט ווייסט מען, אַז די זון, די לבנה, די שטערן, די פּלאַנעטן און קאמעטן, האָבן ניט קיין שום שייכות מיטן מענטשן און מיט זיין גורל אויף דער ערד. די אַלטע וועלט אָבער האָט דאָס ניט געוואוסט; פאַר איר איז געווען נאַטירלעך צו דענקען, אַז ס'איז פאַראן אַן אינערלעכע שייכות צווישן די הימעלשע קערפּערס, וואָס זיינען פאַרעכנט געוואָרן פאַר געטער, מיט דעם מענטשנס לעבן אויף דער ערד. עליאָט סמיט זאָגט, אַז אינם פּראָגרעס, וואָס די מענטשהייט האָט דורכגעמאַכט פון דעם פרימיטיוון צושטאַנד ביז דער מאָדערנער ציוויליזאַציע, איז איבעראַל בא יעדן פאָלק געווען א מאָמענט, ווען די הימעלשע קערפּערס זיינען פאַרעכנט געוואָרן פאַר געטער און די זון איז געווען דער הויפּט גאָט. דאָס איז געווען גאַנץ נאַטירלעך פאַרן מענטשן פון דער אַלטער וועלט. ער האָט פאַר זיך געזען די זון, וואָס שיינט באַטאָג און די לבנה מיט די שטערן "היטן" דעם הימל באַנאַכט. צוליב וואָס טוען זיי דאָס אַלץ, אויב זיי האָבן ניט קיין דירעקטע שייכות צום מענטשן? וואָס איז דער צוועק פון זייער קומען און אוועקגיין, אויב ניט די שייכות, וואָס זיי האָבע מיטן מענטשן אויף דער ערד?

ווען מען דענקט אַזוי, איז נאַטירלעך, אַז דעם מענטשנס גורל אויף דער ערד זאָל זיין אפּהייניגיג פון די "מזלות" אין הימל... אויב מען דענקט אַזוי, קען מען שוין דענקען ווייטער, אַז זיי צייגן דעם מענטשן זיין גורל; ער דאַרף נאָר קענען פאַרשטיין די סימנים, וואָס זיי צייגן אים פון צייט צו צייט: — און אום זיי צו פאַרשטיין, דאַרף מען זיי "לערנען".

אויף אַזאַ אופן איז אסטראָלאָגיע געוואָרן אַ "וויסנשאַפט" און איז געוואָרן דער וויכטיקסטער וויסנשאַפטלעכער קעגנשטאַנד, וואָס די בבלישע וועלט האָט שטודירט. אָט וואָס וויטהאַם, אַ היסטאָריקער פון דער וויסנשאַפט, זאָגט וועגן דעם "אַסטראָנאָמישע באַטראַכטונגען געפינט מען אין בבל אַזוי פרי, ווי צוויי טויזנט יאָר פ. קר. אַזוי ווי די הימלען זיינען דאָרטן לויטער, האָבן די פּריסטער באַאָבאַכטעט די ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אויפן האָריזאָנט און האָבן פאַרצייכנט אויף ליימענע טאָוולען די ענדערונגען, וואָס זיי האָבן באַמערקט אין גאַנג פון די שטערן. מיט דער צייט האָבן זיי באַמערקט, אַז די ענדערונגען זיינען פּעריאָדישע, אַז זיי ווידערהאָלן זיך. אין דעם זעקסטן יאָרהונדערט פ. קר. האָט מען שוין אויף אַזוי פיל געוואוסט די רעלאַטיווע פּאָזיציע פון דער זון און פון דער לבנה, אַז מען האָט שוין געקענט פאָראויסזאָגן ווען א לקוי חמה וועט פאָרקומען. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון אַסטראָנאָמיע ווי א וויסנשאַפט.

אויף דעם פאַקטישן וויסן זיינען אויפגעבויט געוואָרן פאַנטאַסטישע אסטראָלאָגישע סכעמעס, וואָס אין בבל זיינען זיי פאַרעכנט געוואָרן פאַרן וויכטיקסטן און ווירדיגסטן פונדאַמענט פון דער וויסנשאַפט. דער אָנהויב פון דער אסטראָלאָגישער "וויסנשאַפט" איז פיליכט געווען אַ רעזולטאַט פון צופעליקער פאַסירונג; מיט דער צייט האָט זיך אַנטוויקלט אַ גלויבן, אַז די שטערן באַשטימען און זאָגן פאָראויס דעם גאַנג פון מענטשלעכע פאַסירונגען. מיט דער הילף פון באַאָבאַכטונגען און אויסטייטשונגען, האָבן די אסטראָלאָגן פון בבל געקראָגן די מאַכט איבערן מענטשלעכן שכל. אסטראָלאָגיע איז אויף דעם אופן ניט נאָר געוואָרן די קעניגן פון די וויסנשאַפטן, נאָר זי איז אויך

געוואָרן די הערשערן איבער דער וועלט. אין יעדן טעמפּל איז געשאַפן געוואָרן אַ ביבליאָטעק פון אסטראנאָמישער און אסטראָלאָגישער ליטעראטור, פון וועלכער מען האָט געלערנט דעם מעטאָד ווי די געטער פירן די וועלט און גיבן אכטונג אויף די מענטשן" (זע "איי היסטאָרי אָוו סייענס" ז. 3). ווי מ'קען זען, האָט זיך אסטראָלאָגיע אָנגעהויבן פון אַקטועלע באַאָבאַכטונגען און פון אַקטועלן וויסן וועגן דער באַוועגונג פון די הימלישע קערפּערס. די בבלים האָבן אָבער אָנגעהאַלטן צו דינען צו דער זון, צו דער לבנה און צו די שטערן. אויף דעם זאָגן עדות די נעמען פון טעג, ווי אין יעדן טאָג האָט מען געדינט צו אַן אַנדער נאַטור גאָט: זונטיק, דער טאָג פון דער זון; מאָנטיק, דער טאָג פון דער לבנה (מאָן) און אַז. וו.

אַזוי ווי די גייסטלעכע זיינען אויך געווען די אסטראָלאָגן, איז געווען נאַטירלעך, זיי זאָלן צושרייבן צו די באַוועגונגען פון די הימלישע קערפּערס פאַרשיידענע באַדייטונגען, וואָס זאָלן האָבן אַ שייכות צום מענטשן און צו זיין גורל אויף דער ערד.

דארסי, בראַדיער, דרייפּער און אנדערע קולטור היסטאָריקער, זיינען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף די גייסטלעכע מכל המנים. זיי האַלטן די גייסטלעכע פאַראַנטוואָרטלעך כמעט פאַר אַלע צרות, וואָס די מענטשהייט האָט געליטן אין משך פון איר גאַנצער היסטאָריע. זיי באַשולדיקן די גייסטלעכע אין שווינדל און אין וואָס אין דער קאָרט. מעגלעך, אַז אַסך גייסטלעכע זיינען געווען באַוואוסטזיניקע פאַרפירער; זייער באַשולדיגונג איז אָבער אַן אַלגעמיינע און א קאָלאָסאַלע. דאָס איז שווער צו אָננעמען. ס'איז א סך לייכטער צו אָננעמען, אַז זיי אַליין זיינען געווען פאַרפירטע פון רעליגיעזן פאַנאַטיזם און אומוויסנהייט, ווי זיי אַלע, כמעט אָן אויסנאַם, צו באַשולדיקן אין שווינדל. דאָס איז שווער אפילו צו טאָן פאַר איינעם, וואָס איז אינגאַנצן פריי פון רעליגיע...

געוויס ווייס מען איצט, אַז אסטראָלאָגיע איז ניט קיין וויסנשאַפט: די הימלישע קערפּערס האָבן ניט קיין שום שייכות מיטן מענטשן און זייערע באַוועגונגען אין רוים האָבן ניט קיין שום מיין פאַרן מענטשנס גורל אויף דער ערד. די באַשרייבונגען אויף די טאָוולען וועגן די "מזלות" און אַז. וו. זיינען אַפילו ניט ווערט די קליי אויף וועלכער זיי זיינען באַשריבן... דאָס אַלץ ווייס מען איצט, ווען אַסטראָנאָמיע איז דורך דעם טעלעסקאָפּ געוואָרן אַן אסטראָפיזיקאַלישע וויסנשאַפט, וואָס איז באַזירט אויף מאַטעמאַטיק און דער אַלגעמיינער בליק אויף דער וועלט איז געענדערט געוואָרן. אין דער אַלטער צייט האָט מען ניט געהאַט קיין טעלעסקאָפּ און מען האָט ניט געהאַט קיין שום אַקטועלן וויסן וועגן די הימלישע קערפּערס און זייערע באַוועגונגען. דערפאַר איז אַסטראָלאָגיע באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ זייער וויכטיקער וויסנשאַפט...

די ווירקונג פון אסטראָלאָגיע אויפן דענקען פון דער וועלט איז געווען אַ באַדייטנדע, אָבער אַן אומדירעקטע. ניט די גריכישע וועלט און ניט די אידישע וועלט, זיינען באַאיינפלוסט געוואָרן פון אסטראָלאָגיע (אַן אויסנאַם איז געווען דער אַלעקסאַנדריער פעריאָד...)

וואָס אָנבאַלאַנגט די מאָראַל־רעליגיע געזעצן, איז כאָטש די פאַרבינדונג צווישן מאָראַל און רעליגיע איז כמעט אַן אוניווערסאַלע, איז זי ניט קיין

אָרגאַנישע: עס איז אַזוי צו זאָגן אַ היסטאָרישע פאַרבינדונג, וואָס איז פאַר־קניפּט געוואָרן אין דער צייט, ווען רעליגיע איז געווען אַלהערשנד... פאַר מאָראַל איז זי אָבער ניט קיין נויטווענדיקע.

וואָס אַנבאַלאַנגט דער גאָר פּרימיטיווער רעליגיע איז זי אַמאָראַליש און אָפּט אפילו אוממאָראַליש. אין דער מאָדערנער צייט מוז מאָראַל ניט זיין פאַרבונדן מיט רעליגיע; די פאַרבינדונג איז אָפּט אַ פּראַגמאַטישע. אַזוי באַ־טראַכטן זי אָפּט ליבעראַלע גייסטלעכע... ווען די פאַרבינדונג איז היסטאָ־ריש פאָרגעקומען, ווייס מען ניט; די אידן האָבן אין דער פאַרבינדונג גע־שפּילט א באַדייטנדע ראָלע; זי האָט אָבער עקזיסטירט אַסך צייט פאַר זיי, ווי מ׳קען עס זען פונם בוך פון די מתים פון מצרים, ווי א ״נשמה״ דערציילט אזירוסן ווי גוט און ליטיש זי האָט זיך אויפגעפירט און אין אַסך אנדערע פלעצער. אויך קען מען עס זען פון האַממוראַבּיס מאָראַלע געזעצן, אַז דער גאָט שמש זאָל זיי האָבן געגעבן דעם בבלישן פאָלק.

ווי ס׳זעט אויס, איז אין מצרים די פאַרבינדונג צווישן מאָראַל און רע־ליגיע געווען אַ ריין אינדיווידועלע און האָט ניט געהאַט קיין איינגע שייכות מיט די געזעצן פון לאַנד, כאָטש אין דער צייט פון דער אימפּעריע זיינען געווען העכסט מאָראַלע קעניגן, וועלכע האָבן געוואָלט שאַפן אַזאַ פאַרבינדונג. צופיל דערפאָלגרייך זיינען זיי אין דער אונטערנעמונג ניט געווען...

דער ערשטער מאָראַל־רעליגיעזער קאָדעקס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אין בבל פון האַממוראַבּין, וואָס האָט רעגירט אַרום איין און צוואַנ־ציק הונדערט יאָר פ. קר. עס ווערט דערציילט אַז ער האָט באַשטימט אַ קאָ־מיסיע וואָס זאָל צוזאַמענשטעלן מאָראַלע געזעצן פאַרן לאַנד.

די קאָמיסיע האָט צוזאַמענגעקליבן די פאַרשיידענע עקזיסטירנדע געזעצן און מנהגים פון לאַנד; זי האָט זיי רעדאַקטירט און האָט צו זיי צוגעגעבן אַסך נייע געזעצן. די אַלע געזעצן זיינען אויסגעקריצט געוואָרן אויף אַ שטיין און אויפן אויבערשטן טייל האָט א סקולפּטאָר אויסגעהאַקט צוויי פיגורן: איי־נע שטעלט פאָר גאָט (שמש), ווי ער האַלט די געזעצן אין זיינע הענט און די צווייטע פיגור איז פון האַממוראַבּין, ווי ער נעמט די געזעצן פון גאָטס הענט. דאָס זיינען די ערשטע קאָדעפיצירטע געזעצן, וואָס זיינען באַקאַנט. זיי זיינען געמאַכט געוואָרן מיט 4000 יאָר צוריק. דעם שטיין האָט מען איצט געפונען און אויסער דעם שטיין האָט מען געפונען אַסך בריוו, וואָס האַממוראַבּי האָט גע־שריבן צו זיינע גובערנאַטאָרן. פון דעם קריגט מען א באַגריף פון האַממוראַבּין און פון זיין צייט. ער ווערט פאַררעכנט פאַר אַן האַמאַנעם קעניג און די גע־זעצן ווערן באַטראַכט פאַר האַמאַנע געזעצן פאַר יענער צייט... פאַקטיש זיינען עס עין תחת עין און שין תחת שין געזעצן און זיי זיינען א סך שטרענגער פאַר די אידישע געזעצן פון דער תורה... מען דערמאָנט אָפּט אַ מאָדנעם גע־זעץ פון האַממוראַבּיס קאָדעקס, אַז ווען אַ בויער בויט אויף אַ הויז און אַ באַלקן פון הויז ברעכט זיך אַיין און טויטעט דעם באַלעבאָס זון, דאַרף מען טויטן דעם בויערס אַ זון... דאָס איז אַ זייער קוריאָזער געזעץ; ער דאַרף אָבער טאָקע באַטראַכט ווערן פאַר א קוריאָזיטעט. אין אַלגעמיין זיינען האַממוראַבּיס געזעצן ווירקלעך געווען ליבעראַלע פאַר יענער צייט. דאָס קען מען זען פון דעם, וואָס פרויען האָבן געהאַט פולשטענדיקע ציווילע רעכט און דאָס ווערט אָנגענומען פאַר אַן אַלגעמיינעם כלל פון געזעלשאַפטלעכן ליבעראַליזם.

מיט האממוראבין האָט זיך פאַרענדיקט די ערשטע מעסיפּאָטאַמישע (צווישן צוויי טייכן) אימפּעריע, דאָס איז געווען אַ העכסט קולטורעלער פּע־ריאָד. נאָך האממוראביס טויט איז מעסיפּאטאמיע באַפאַלן געוואָרן פון אומ־באקאנטע צפונדיקע שבטים, רייטנדיק אויף פערד (זיי האָבן געבראַכט דעם פערד קיין מעסיפּאָטאַמיע און מצרים), וואָס האָבן צעשטערט די אימפּעריע. אַ שטילשטאַנד האָט אריינגעטראָטן אין לאַנד פאר א גאַר לאַנגער צייט ביז די צווייטע אימפּעריע איז אנטשטאַנען אין צפון בא די אשורים. אשור איז גע־וואָרן אַ גרויסע מיליטערישע מאַכט; קיין קולטורעלער כוח איז אָבער אשור ניט געווען: מער ווי אומזיניקע בלוט־פאַרגיסונג האָט אשור גאָרניט אויפגע־טאָן פאַר די פּאָר הונדערט יאָר פון זיין הערשאַפט... די דריטע אימפּעריע איז געווען פון די קשדים פון בבל. נבוכדנעצער איז געווען דער וויכטיקסטער קעניג פון דער אימפּעריע. די קשדים זיינען געווען מער קולטורעל פון די אַשורער; זייער הויפּט אינטערעס איז אָבער געווען אַסטראָלאָגיע, וואָס איז אינגאַנצן געווען פּרוכטלאָז. די קשדים האָבן געהערשט ווייניקער פון הונ־דערט יאָר; זיי זיינען באזיגט געוואָרן פון די פערסיער (כורש), און די פער־זישע אימפּעריע האָט באַהערשט מעסיפּאטאמיע. די פּערסיער האָבן, ווי עס זעט אויס, קיין צו גרויסן קולטורעלן בייטראג, אויסער דעם זאָראַטוסטריזם, ניט געמאַכט. עס באַלאַנגט שוין אָבער אינגאַנצן ניט צו דעם פּעריאָד, וואָס ווערט דאָ איצט באַטראַכט.

# קאַפּיטל 5

## די עגיפּטישע ציוויליזאַציע

א. ס. ריגס זאָגט: "קריט
איז וויכטיק פאַר דעם סאָציאַלן פּראָגרעס פון דער מענטשהייט
ניט בלויז צוליב איר געאָגראַפישער פּאָזיציע, וואָס האָט פּאַראיי־
ניקט דעם מזרח מיטן מערב, נאָר הויפּטזעכלעך דערפאַר, וואָס די מי־
ניאָנער ציוויליזאַציע איז געווען אַ זעלבסטשטענדיק אָריגינאַלע און ניט
בלויז אַן אימיטאַציע. אויפן גאַנצן אינזל איז אין ערגעץ ניטאָ אַזעלכע אומגע־
הויערע גרויסע פּאַלאַצן, ווי מען באַגעגנט זיך מיט זיי אַזויפיל נאָכאַמאָל און
ווידעראַמאָל אין מעסיפּאָטאַמיע. עס איז דאָרט ניטאָ קיין איין גיגאַנטישער
טעמפּל, וואָס זאָל קענען אָנווייזן אויף אַ קראַנקהאַפטער באַהערשונג פון
טויט אָדער פון גייסטער בא די קריטאַנער. מינאָס איז אָן צווייפל געווען א דע־
ספּאָטישער קעניג, אָבער די קריטאַנער קונסט איז ניט געווען פאַראורטיילט
צו שניצן אָדער מאָלן בילדער וועגן זיינע אומגלויבלעכע זיגן. זי איז אויך
ניט פאַרקריפּלט געוואָרן דורך דעם וואָס זי זאָל געווען דאַרפן פאָלגן פאַר־
אָרדנונגען פון אַבערגלויבישע קלעריקאַלן און צבוע'קעס. אַנשטאָט בילדער פון
קעניגן, פון געטער און פון צערעמאָניעס, באַגעגנט מען זיך מיט נאַטוראַ־
ליסטישע מענטשלעכע פּרעסקאָס, מיט פּראַכטפולע רעפּרעזענטאַציעס פון
שפּילערייען, מיט פּראָצעסיעס, גימנאַסטיקס, מיט בלומען און בוימער... דער
קעניג איז אויך געווען דער העכסטער גייסטלעכער פונם פּאַלאַץ־טעמפּל. עס
האָבן דאָרט אָבער אינגאַנצן געפעלט די חוצפּהדיקע און מיט הערשאַפט זיך
ניט קענען אָנזעטיקן, קלעריקאַלן, מיט וועלכע ס'איז פאַרשאָלטן געוואָרן
די עלטערע אַפריקאַנישע און אַזיאַטישע ציוויליזאַציעס. ווי מיט אַמאָל דער־
זעען מיר ווי דער פאַרהאַנג פון דער געשיכטע איז געעפנט געוואָרן. די איי־
ראָפּייאישע סאָציאַלע דראַמע האָט זיך אָנגעפאַנגען, און ווי טשיילד זאָגט:
"ווער ס'זאָל ניט געווען זיין דער קעניג מינאָס, האָט ער ניט באַזעסן די אומ־
באַגרענעצטע מאַכט ווי די סומערער, בבלאַנישע און מצרישע קעניגן. דערפאַר
איז געווען נאַטירלעך, אַז דער קריטאַנער אינטעלעקט און איניציאַטיווע, זאָל
גרייכן ווייטער און זאָל דערפינדן, אויסבעסערן און פאַרשפּרייטן געצייגן, וואָס
זאָלן פון פאָראויס אָנווייזן אויפן ספּעציעלן כאַראַקטער פון דער אייראָפּיי־
אישער ציוויליזאַציע" (זע "די ראמאנס און יומען פּראָגרעס" זז. 218־217).

דאָרסי זאָגט: "די מזרח מענטשן זיינען געווען איבערצייגט, אַז זייערע
פּריסטער זיינען כישוף־מאַכער, אַז זיי באַזיצן אַ מיסטעריעזן כוח דורך וועלכן

זיי געוועלטיקן איבער אַנדערע מענטשן. אַט דער גלויבן אין זייער מאַכט האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט די גייסטלעכע צו הערשן איבער די מענטשן מיט מער אויטאָריטעט ווי די קעניגן האָבן געהערשט" ("די סטאָרי אָוו סיוויליזיישן" ז. 331). און דעלאַפּאָרט זאָגט: "ניט די מצרים און ניט די מעסיפּאָטאַמיער האָבן געקענט דענקען אין אַבסטראַקט; זיי זיינען ווי געוועזן צוגעשמידט צום פאַקט. זיי האָבן גרופּירט פאַקטן לויטן צופאַל... ווען זיי זיינען באַהערשט געוואָרן פון אַן אידייע, האָבן זיי זיך ווידערהאָלט אָן אַ סוף" (זע מעסיפּאָטאַמיע ז. 235). ווען מען פאַרגלייכט דעם ערשטן אויסצוג מיט די אַנדערע צוויי אויסצוגן, זעט מען דעם אונטערשייד צווישן דער עגיער ציוויליזאַציע און די פריערדיקע ציוויליזאַציעס. מען קען לייכט זען, אַז דער אונטערשייד איז ניט בלויז אַ קוואַנטיטאַטיווער, נאָר אויך אַ קוואַליטאַטיווער. פּאַקטיש איז ער הויפּטזעכלעך געווען א קוואַליטאַטיווער.

עס הערשט אַ מיינונג צווישן פאָרשער, אַז אינם היסטאָרישן פּראָצעס פון אַנטוויקלונג פונם פּרימיטיוון צושטאַנד צו אַ קולטור צושטאַנד האָט אין יעדן פאָלק פאַר אַ צייט געהערשט אַ נאַטור רעליגיע. פאַרן פּרימיטיוון מענטשן איז אין יעדער דערשיינונג באַהאַלטן אַ מיסטעריע: — גוטע און שלעכטע גייסטער געפינען זיך פאַר אים איבעראַל...

ווען דער פּרימיטיווער מענטש האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען קולטורעל, האָט דאָס מיסטעריעזע אָנגעהויבן צו אייגעשרומפּט ווערן און קאָנצענטרירט ווערן אויף די וויכטיקע און וואונדערלעכע נאַטור דערשיינונגען, צווישן וועלכע די הימעלשע קערפּערס, זייער שיינען און זייערע באַוועגונגען, האָבן אָנגעהויבן צו פאַרנעמען דעם אויבן אָן.

ווען דער פּרימיטיווער כישוף־מאַכער איז ביסלעכוויז דורך דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גייסטלעכן, איז טיילוויז זיין כישוף־מאַכעריי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שטערן־זעעריי, אין אַסטראָלאָגיע... דער דאָזיקער טראַנספאָרמאַציע פּראָצעס איז ניט פאָרגעקומען מיט אַמאָל, נאָר ער איז באַשטאַנען פון אַ נאַטירלעכער שטופּנווייזער אַנטוויקלונג, וואָס האָט גענומען הונדערטער, אויב ניט קיין טויזנטער יאָרן, דורכצומאַכן.

די צווישן מאָמענטן פון דעם לאַנגזאַמען איבערגאַנג פון פּרימיטיוון צושטאַנד צו אַן אָנהויב פון אַ קולטור צושטאַנד, זיינען פאַרשוואונדן און האָבן הינטער זיך נישט איבערגעלאָזט קיין פערמאַנענטע סימנים, מ'זאָל קענען זען ווי דער דאָזיקער פּראָצעס איז היסטאָריש פאָרגעקומען. אויב עס זיינען יאָ געבליבן וועלכע עס איז צייכנס, זיינען זיי מיטן לויף פון דער צייט אָפּגעווישט געוואָרן. ערשט איצט הויבט מען זיי אָן צו געפינען. ווי יעדע מיסטעריע פאַרלירט דאָס מיסטעריעזע ווען מען באַקאַנט זיך מיט די פאַקטן, אַזוי ווערט אויך די קולטורעלע אַנטוויקלונג פונם מענטשן ביסלעכוויז אויס מיסטעריע. מען ווייסט שוין איצט, אַז די קולטורעלע אַנטוויקלונג פונם מענטשן ענטהאַלט אין זיך נישט קיין מיסטעריעזעס, אויסער דעם עוואָלוציע פּראָצעס גופא. ווען מען זאָל דאָס גופא אָננעמען פאַר אַ מיסטעריע, דעמאָלט איז יעדע נאַטור דערשיינונג אַ מיסטעריע. ווי די טראַנספאָרמאַציע איז פאָרגעקומען לאַנגזאַם פון כישוף־מאַכער אויף גייסטלעכן, אַזוי איז אויך אַ נאַטירלעכן אופן פאָרגעקומען די ענדערונג פון קאָנקרעטן דענקען, אַ דענקען, וואָס איז צוגע־

שמידט צום פאַקט, אויף אַבסטראַקטן דענקען, וואָס איז דער דענקען פון דעם קולטור מענטש. ערשט אין גריכנלאַנד און טיילווייז בא די אידן אין ארץ ישראל, איז אַוועקגעלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון דעם מאָדערנעם דענקען.

ביז דער לעצטער צייט איז כמעט ניט געווען קיין פאַרבינדונג צווישן די ציוויליזאַציעס פון מצרים און מעסיפּאָטאַמיע מיט דער גריכישער און אי־דישער קולטור. פאַרשער, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט גריכנלאַנד, האָבן גערעדט וועגן דעם גריכישן "נס" און די, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיטן אידישן קולטור בייטראַג, האָבן גערעדט וועגן דעם "נס" פון יהודה... קיין דירעקטע קולטור ליניעס פון פריער האָט מען ניט געקענט ציען.

די גריכישע געשיכטע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ גאַר רייכער מי־טאָלאָגיע; מען האָט דעם דאָזיקן טייל אָנגערופן די לעגענדאַרישע געשיכטע פון גריכנלאַנד. מען האָט געוואוסט וועגן גדאַנדיעזע לעגענדעס, וועגן אַ הע־ראָישער צייט, וואָס האָמער און העזיאָט האָבן באַשריבן. דאָס זיינען אָבער געווען לעגענדעס וועגן געטער, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין היסטאָרישן ווערט.

אין אַלגעמיין האָט מען אָנגעהויבן מיט א באַשרייבונג פון לעגענ־דעס, די פאַקטישע גריכישע געשיכטע האָט מען אָנגעהויבן מיט דעם אָנ־הויב פון אָלימפּישע שפּילן פון זיבעטן יאָרהונדערט פ. קר. אמת, מ'האָט גע־וואוסט, אַז די "דאָריער" האָבן אריינגעדרונגען קיין העלעס אין פערצנטן יאָר־הונדערט, אָבער אַזוי ווי קיין איינצלהייטן האָט מען וועגן דעם געשיכטלעכן טייל ניט געהאַט, איז ער געבליבן מער פאַנטאַזיע, ווי ווירקלעכקייט.

די דערפאָרשונג האָט באַוויזן, אַז הינטער יעדער היסטאָרישער לעגענ־דע געפינט זיך א וועלכע ס'איז ווירקלעכקייט און פריער אָדער שפּעטער גע־פינט מען אויס וועגן איר. גראַטה האָט ניט געוואוסט אַז די לעגענדעס, וואָס ער גיט איבער לויט האָמערן און אַנדערע קוואַלן, אין די ערשטע צוויי בענד פון זיינע צוועלף מאָסיווע בענדער וועגן דער גריכישער געשיכטע, זיינען מער ווירקלעכקייט, ווי לעגענדע... ערשט אין סוף פונם ניינצענטן יאָרהונדערט און אינם אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האָט מען אויסגעפונען וועגן דעם אמת, וואָס ס'געפינט זיך אין די דאָזיקע לעגענדעס. אויסגראָבונגען האָבן באַוויזן, אַז די שטאָט טרויע איז ניט קיין לעגענדאַרע, אַז דאָס איז געווען אַ ווירקלעכע שטאָט אין וועלכער אַ ציוויליזאַציע האָט געבליט מער ווי איין מאָל (ס'איז אַ סברה, אַז די שטאָט איז פיר מאָל פאַרניכטעט און אויפגעבויט געוואָרן). ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז די לעגענדעס, וואָס מען האָט אָנגע־נומען פאַר אַן אָנהויב פון אַ ציוויליזאַציע, זיינען באַשטאַנען פון אַ באַריכט פון אַ סוף פון אַ ציוויליזאַציע...

איין אויסגראָבונג האָט געפירט צו אַ צווייטער און אַזוי האָט מען אויס־געפונען מער פון איין רינג פון דער ציוויליזאַציע קייט, וואָס פאַראייניקט מצרים און מעסיפּאָטאַמיע מיט גריכנלאַנד. דער וויכטיקסטער רינג פון דער קייט איז די עגיעשע ציוויליזאַציע, וואָס האָט געבליט פאַר הונדערטער, אויב ניט פאַר טויזנטער יאָרן, פאַר דער גריכישער ציוויליזאַציע און איז פאַר־ניכטעט געוואָרן ארום פופצן הונדערט יאָר פ. קר.

דער נאָמען עגיע, ציינט אויפן פּלאַץ, וואו די ציוויליזאַציע האָט זיך

אַנטוויקלט; זי האָט זיך אנטוויקלט אויף די אינזלען פון עגיעשן ים, צווישן וועלכע קריט איז דער גרעסטער און וויכטיקסטער אינזל (ער געפינט זיך אויפן מיטללענדישן ים נאָענט צום עגיעשן ים). די ציוויליזאַציע רופט זיך אויך אָן די קריטאַנער ציוויליזאַציע. ווער די עגיער, אָדער קריטאגער, זיינען געווען ווייסט מען ניט (די פלשתים האָבן געשטאַמט פון זיי). לויט סימנים רעכנט מען, אַז די עגיעשע ציוויליזאַציע האָט זיך אָנגעהויבן איבער דריי טויזנט יאָר פ. קר.

אַזוי ווי מען ווייסט ניט דעם אָנהויב פון דער ציוויליזאַציע, אַזוי ווייסט מען ניט דעם אופן, ווי זי איז אונטערגעגאַנגען; מען איז גענייגט צו אָננעמען, אַז אַ נאַטור קאַטאַסטראָפע האָט זי פאַרניכטעט. די געפונענע טיילן זיינען פאַרברענטע און צעשטערטע. עס איז אָבער אויך מעגלעך, אַז מענטשלעכע הענט האָבן זי פאַרניכטעט.

פון די גריכישע לעגענדעס ציט מען אַ שלוס, אַז די עגיער, וואָס זיינען פאַרבליבן נאָך דער קאַטאַסטראָפע, זיינען געוואָרן ים רויבער און די גריכן האָבן זיי אויסגעהרגעט (זיי זאָלן געווען כאַפּן גריכישע בחורים און מיידלעך פאַר זייער אוממאָראַלער רעליגיע). פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז ניט קיין געשיכטע, נאָר לעגענדע.

די עגיער, קריטאַנער, אָדער גאָר מינואַנער קולטור, האָט זיך אַנטוויקלט אויף אַן אַנדער אופן ווי די מזרח קולטורן; זי האָט זיך אַנטוויקלט פון דעם פאָלק און דורך דעם פאָלק און ניט צוליב די קאַפּריזן פון קעניגן אָדער גייסטלעכע. דער נאַטירלעכער אָנהויב פון דעם פאָלק דירעקט, האָט איר געגעבן אַן אַנדער פאָרמע, ווי די וואָס די פריערדיקע ציוויליזאַציעס האָבן געהאַט, כאָטש, ווי מען נעמט אָן, איז זי פון זיי אַרויסגעוואָקסן.

עליאָט סמיט זאָגט, אַז הגם די עגיעשע ציוויליזאַציע איז געווען פאָלשטענדיק פאַרשיידן פון די פריערדיקע ציוויליזאַציעס, איז זי ניט געווען קיין אָריגינעלע און ניט קיין היימיש געשאַפענע, זי איז געווען אַ צוזאַמענגעשטעלטע און אַ געבראַכטע פון דער פרעמד. ער זאָגט: "די מינואַנער קולטור האָט דערגרייכט איר העכסטע הויך פופצן הונדערט יאָר פ. קר. זי איז געווען אַ זעלבסטשטענדיקע קולטור בלויז אינם זינען, וואָס זי האָט גלייך אַנטוויקלט איר אייגענע אינדיווידואַליטעט וואָס האָט זי שאַרף אונטערשיידט פון די אַלטע ציוויליזאַציעס. זי איז אָבער ניט געווען זעלבסטשטענדיק אינם זינען פון אָריגינאַליטעט און פון אַ זעלבסטשטענדיקער אַנטוויקלונג און אויסערלעכן איינפלוס. עס איז זיכער און באַשטימט, אַז אַלע עלעמענטן זיינען אין איר אַריינגעבראַכט געוואָרן פון אַן אַנדער פּלאַץ, דערהויפּט פון מצרים. עס זיינען אין איר אויך געווען מעסיפּאָטאמישע איינפלוסן און אפילו איינפלוסן פון אַזיע אין אַלגעמיין.

צו דער מינואַנער ציוויליזאַציע קען ניט צוגעשריבן ווערן קיין איין וויכטיקע דערפינדונג. פונדעסטוועגן האָט זי איבערגעשטיגן מצרים און מעסיפּאָטאַמיע אין קונסט און היימישער אַרכיטעקטור און אין סאַניטאַרע איינריכטונגען" (זע "היומען היסטאָרי" ז. 377).

פאַרוואָס די עגיער האָבן ניט דערפונדן קיין שום זאַך, ווען זיי זיינען געווען אַזוי הויך קולטורעל, איז שווער צו דערקלערן; מעגלעך, אַז דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון זייערע באַדינגונגען פון לעבן אויף אינזלען, וואו עס

זיינען ניט געווען קיין גענוג פּראָדוקטן צו דערנערן די נאַטירלעך זיך פאַרגרע־
סערנדע באַפעלקערונג און זיי האָבן זיך גענומען צו די ימים, פריער צום עגי־
ער און שפּעטער צום מיטללענדישן, אַז די ימים זאָלן זיי אויסהאַלטן: — דער
קאַמף פאַרן לעבן זאָל פון זיי געווען צונעמען די נייגונג אויף אָריגינאַליטעט.
מעגלעך, ווער קען זאָגן יאָ אָדער ניין.

די עגיער האָבן גענומען עקספּלאָטירן די ימים פאַר די נאַטירלעכע
רייכטימער, וואָס זיי ענטהאַלטן. דאָס האָט זיי געטריבן צו בויען שטאַרקע
שיפן און צו אַנטוויקלען אַ גרויסן ים־פאַרקער צווישן פאַרשידענע וועלט־טיילן.
זיי זיינען געווען די ערשטע ים־מאַכט, וואָס האָט געהאַט אַ שטאַרקן פלאָט.
מען נעמט אָן, אַז אַ דאַנק דעם, וואָס זיי האָבן געהערשט אויף די ימים, האָבן
זיי זיך געקענט אַנטוויקלען פריי אויף די אינזלען און ניט געשטערט ווערן
פון קיין אויסערלעכער מאַכט. גלאָץ זאָגט: "יעדער אינזל האָט געקענט פירן
אַ באַזונדער געזעלשאַפטלעכן לעבן. אויף קיין אַנדער פּלאַץ אויף דער ערד
האָט די נאַטור ניט געשאַפן אַזויפיל באַזונדערע טיילן און יעדער טייל זאָל
קענען באַזונדער פירן אַ געזעלשאַפטלעך לעבן פאַר זיך און האָבן אַ באַזונ־
דערן צענטער. עטלעכע טויזנט מענטשן האָבן געקענט האָבן אייגענע פעלדער,
אייגענע וועלדער, בערג און טאָלן און האָבן אָן אייגענעם פּאָרט... די באַזונ־
דערע פרייע געזעלשאַפטן, וועלכע זיינען אַנטשטאַנען אַרום די ברעגן פון
עגיעשן ים, האָבן געבראַכט רייכע רעזולטאַטן. אין די פאַרשיידענע קליינע
געזעלשאַפטלעכע גרופּעס האָבן זיך לייכט אַנטוויקלט פאַרשיידענע טאַלאַנטן.
אין דער אַטמאָספערע פון אַבסאָלוטער פרייהייט האָבן מענטשן אַנטוויקלט
זייערע אייגנשאַפטן און פעיאיקייטן. פון איין ענד פון עגיע ביז דעם צווייטן
ענד, זיינען די עגיער געווען דורכגעדרונגען מיט אַן אומאויסשעפּלעכן שאַפנדן
כוח. דער גייסט פון אומאָפּהייגיקייט, וואָס האָט באַלעבט די שטעט און די
יחידים, יעדן איין מענטשן, אַ שטרעבונג צו אַרויסברענגען די נאַטירלעכע
פעיאיקייטן און קאָנקורירן מיט שטעט און מיט אַנדערע מענטשן, האָט גע־
בראַכט אויסערגעוויינטלעכע רעזולטאַטן... אָבער די פאַרשיידענע אינדיווי־
דועלע און קאָלעקטיווע אָנשטרענגונגען האָבן בלויז געקענט צעמענטירט
ווערן אין אַ העכערער ציוויליזאַציע מיט דער הילף פון ים, וואָס האָט צו־
געגעבן צו די בערג אַ ספּעציעלע באַדייטונג... אין אַ לאַנד, אין וועלכן די
בערג ווערן אַרומגערינגלט מיט באַוועגנדע וואַסערן, אין אַ פּלאַץ, וואו מענטשן
קענען זיך אָפּטיילן איינער פון דעם צווייטן און קענען זיך צוזאַמענקומען
ווען זיי ווילן... רעגט די פאַרהעלטעניש צו מאַכן פאַרשיידענע פאַרגלייכן און
זיי סטימולירן אַ ציוויליזאַציע, וואָס פאַראייניקט קאָנטראַסטן און שאַפט האַר־
מאָניע" (זע "די עגיען סיווילייזיישן" זז. 6־7).

פון דעם אויסצוג קען מען זען, אַז גלאָץ האָט אַ העכערע מיינונג וועגן
דער עגיעשער ציוויליזאַציע פון עליאָט סמיטן. אמת, אַ טייל פון זיין ענטוזיאַזם
דאַרף צוגעשריבן ווערן אויפן רעכענונג פון זיין פּאָעטישן טאַלאַנט און רייכער
פאַנטאַזיע... אָבער גלאָצעס בוך איז איינער פון דער פראַנצויזישער סעריע
פון דער געשיכטע פון דער ציוויליזאַציע און יעדער איינער פון די ביכער
איז געשריבן געוואָרן פון אַ ספּעציאַליסט. דאָס מיינט, אַז גלאָצעס ספּעציאַ־
ליטעט איז די עגיעשע ציוויליזאַציע, דאַרף מען זיך רעכענען מיט זיין מיי־
נונג. ער האַלט, אַז דאָס פרייע לעבן האָט געדעגט דעם מענטשלעכן גייסט

און האָט געוועקט זיין פאַנטאַזיע און אַז די ציוויליזאַציע האָט זיך אַנטוויקלט אַ דאַנק דער פרייער אַטמאָספערע און די פּראַכטפולע אויסערלעכע באַדינגונגען, וואָס זיינען ניט געשטערט געוואָרן פאַר העכער טויזנט יאָר.

אין דער זעלבער צייט, וואָס זיי האָבן געגאָסן פון זייער באַקוועמער נאַטירלעכער פּאָזיציע, האָט די נויט זיי געטריבן צו זוכן פרנסה אויפן ים; זיי האָבן אַנטוויקלט אַ ים אינדוסטריע און זיינען געוואָרן ים הערשער. זייער פרנסה איז באַשטאַנען האַלב פון האַנדל און די צווייטע האַלב פון ראַבירן; — זיי זיינען געוואָרן פּיראַטן און האָבן פאַרכאַפּט שיפן, וואו ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט. גלאַץ באַשרייבט זייער ים אַקטיוויטעט ווי פאָלגט: "זיי זיינען געפאָרן פון אינזל צו אינזל, פון איין פאַראַנקערטן פּלאַץ צו אַ צווייטן. אין איין פּלאַץ האָבן זיי געבראַכט פּראָדוקטן און אין אַ צווייטן פּלאַץ האָבן זיי געפונען פּראָדוקטן פאַר זיך. דער עגיפּטער ים האָט זיי פאַרבונדן מיט פעלקער פון דער גאָרער וועלט.

ווען דער האַנדל אויפן עגיפּטישן ים איז שוין ניט געווען גענוג, האָבן זיי זיך געווענדעט צום מיטללענדישן ים מיט זיינע וועלט־מערק; זיי האָבן פאַרקויפט זייערע סחורות און האָבן אין דער זעלבער צייט געקראָגן איינדרוקן און האָבן פאַרשפּרייט זייערע אייגענע געדאַנקען. דער מיטללענדישער ים איז געווען דער פאַרשפּרייטער פון דער אַלטער ציוויליזאַציע איבער דער וועלט. אַ דאַנק זייער באַקוועמער פּאָזיציע האָבן די עגיער געקענט זיך פאַרשפּרייטן איבער דער וועלט, זיי האָבן געזוכט רייכטימער און אין דער זעלבער צייט האָבן זיי באַאבאַכטעט די אייגנשאַפטן און פּיראַכצן פון אַנדערע פעלקער. זיי האָבן זיך געקענט באַזעצן אין ווייטע לענדער און פאַרגרעסערן זייער היים מיט קאָלאָניעס. אויף דעם אופן האָבן זיי געהאַלטן פריש זייער ציוויליזאַציע און האָבן זי אין דער זעלבער צייט פאַרשפּרייט איבער אַנדערע לענדער.

דער גריכישער נס, אָדער מער פּינקטלעך, דער עגיפּטישער נס, איז געווען א פּועל יוצא פון אַן אייגנאַרטיקער צוזאַמענטרעפונג, פון איין זייט נאַטירלעכע באַדינגונגען און פון דער צווייטער זייט מענטשן, וואָס האָבן באַזעסן די נויטיקע פייאיקייטן זיי זאָלן קענען פּראָפיטירן פון די גינסטיקע באַדינגונגען" (זע דאָרט זז. 11־21 שטאַרק פאַרקירצט).

די פראַגע ווען אַיינגעבוירענע מענטשלעכע פייאיקייטן און אויסערלעכע גינסטיקע באַדינגונגען, אַז די פייאיקייטן זאָלן קענען געניצט ווערן, איז איינע פון די קאָמפּליצירטעסטע, מען קען זאָגן, אַז זי איז ניט קיין געלייזטע. אַז ביידע פאַקטאָרן זיינען נויטיק צו קריגן קולטור רעזולטאַטן וועט קיינער ניט לייקענען. מעגלעך, אַז ווען אַן אַנדער פאָלק וואָלט געווען באַוואוינט גריכנלאַנד, וואָלט קיין קלאַסישע קולטור אויף דעם פּלאַץ ניט געווען געשאַפן געוואָרן... און ס׳איז אויך מעגלעך, אַז ווען די גריכן וואָלטן געווען פאַרקראָכן ערגעץ אין א מדבר, וואָלטן זיי ניט געווען געשאַפן קיין קולטור. דאָס איז מעגלעך. דערפאַר דאַרף מען אָנהויבן פון דעם פאַקט, אַז אין עגיע האָבן זיך ביידע פאַקטאָרן פאַראייניקט: — דאָס פּלאַץ איז געווען אַן אידעאַלעס פאַר אַ קולטור און די געשיכטע האָט געבראַכט די ריכטיקע מענטשן אויפן געוואונטשטן פּלאַץ; — עס האָבן זיך פאַראייניקט אַ קינסטלער פאָלק מיט אַ פּראַכטפול שיינער נאַטור און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז דער בעל מלאכה

איז געוואָרן אַ קינסטלער און דער קינסטלער איז געווען אַ בעל מלאכה... מעגלעך אַז עליאָט סמיט איז גערעכט ווען ער באַהויפּטעט, אַז די עגיפּטער זײַנען ניט געווען אָריגינעל, אַז זיי זײַנען ניט געווען קיין דערפֿינדער. קונסט האָט עקזיסטירט אין מצרים און אין מעסיפּאָטאַמיע אַסך פֿריִער אײדער אַ ציוויליזאַציע האָט זיך אַנטוויקלט אויף די עגיפּטער אינזלען און ס'איז געווען נאַטירלעך, אַז די עגיפּטער זאָלן געווען איבערנעמען די שאַפֿונגען פֿון די פֿריִערדיקע ציוויליזאַציעס, ווען זיי זײַנען געווען אַרומפֿאָרער איבער דער ציוויליזירטער וועלט. דער עיקר פֿון מצרים, ווען זיי האָבן זיך געפֿונען אין אַ נאָענטער פֿאַרבינדונג מיטן לאַנד. פֿון דער צווייטער זײַט, דאַרף מען אָבער ניט פֿאַרגעסן אויפֿן פֿונדאַמענטאַלן אונטערשייד צווישן די ציוויליזאַציעס, אויף וועלכן עליאָט סמיט אַליין ווײַזט אָן. די עלטערע ציוויליזאַציעס זײַנען געווען אין די הענט פֿון גייסטלעכע און האָבן אָדער געדינט דער רעליגיע, אָדער דעם קאַפּריז פֿון קעניג. אין מצרים זײַנען געשאַפֿן געוואָרן פּיראַמידן און אין מעסיפּאָטאַמיע טורעם־טעמפּלען. דאָס פֿאָלק האָט פֿון דער קולטור אין מצרים גאָרניט געגאָסן און אין מעסיפּאָטאַמיע האָט עס עפּעס געגאָסן; די קולטור איז אָבער וועזענטלעך געווען אַ רעליגיע קולטור, אָדער אַ קולטור פֿאַר רעליגיע צוועקן, יעדנפֿאַלס איז זי געווען הויפּטזעכלעך פֿאַר רעליגיעזע צוועקן.

אין עגיפּטן, באַהויפּטן די פֿאַרשיידענע פֿאָרשער, האָט דאָס פֿאָלק געשאַפֿן קולטור רײַכטימער און דאָס פֿאָלק האָט זיי אַליין גענוצט. זאָגט גלאָץ: „די קריטאַנער האָבן געהאַט אַ פּריווילעגיע, וואָס איז אַ זעלטנהייט אין דער וועלט געשיכטע. זיי האָבן אַליין געשאַפֿן די קולטור און זיי האָבן זי אַליין גענאָסן און האָבן איבערגעלאָזט פֿאַר די שפּעטערדיקע דורות די שאַפֿונגען פֿון אַן אַרטיסטישן פֿאָלק. אויך אין אַנדערע לענדער זײַנען געשאַפֿן געוואָרן קונסט אַרבעטן, וועלכע ווערן פֿאַרהערלעכט ביזן הײַנטיקן טאָג; אָבער ניט אין מצרים און ניט אין מעסיפּאָטאַמיע, האָבן די קינסטלער געהאַט וועלכע ס'איז אַנדער אידייע, אויסער ווי צו צופֿרידנשטעלן דעם קאַפּריז פֿון אַ טיראַן, וואָס האָט געוואָלט האָבן שענערע פּאַלאַצן פֿון אַ פֿריִערדיקערן הערשער, אָדער פֿון זײַנע געטער. אויך די קריטאַנער האָבן געשאַפֿן קונסט־פּאַלאַצן פֿאַר זייערע הערשער; זיי האָבן אָבער באַנוצן די אייגנאַרטיקע אייגנשאַפֿט צו שאַפֿן קונסט אַרטיקלען, ווען אפֿילו זיי האָבן געמאַכט אַרטיקלען פֿאַר זייער אייגענעם טאָג טעגלעכן געברויך. די פּשוטע טאָג טעגלעכע זאַכן פֿאַר אָרעמע הײַזער האָבן זיי געמאַכט אַזוי פּרעכטיק ווי קונסט ווערק.

ווען זיי האָבן אָנגעהויבן נוצן מעטאַלן, האָבן זיי געמאַכט זילבערנע מעסערס און פֿאַרשיידענע צירונג אַרטיקלען, וואָס זײַנען געווען קונסט שאַפֿונגען. ווען עס איז ווען עס איז געווען אַ לאַנד, וואָס איז געווען גינסטיק פֿאַר אַנטוויקלען אַרטיסטישע נייגונגען אין פֿאַרבינדונג מיט דער טאָג טעגלעכער אַרבעט, איז דאָס לאַנד געווען קריט מיט קאַרגע דרײַ טויזנט יאָר פֿאַר קר... קיין אַנדער פֿאַקט איז ניט אַזוי איבערצײַגנד, אַז די רעכט פֿון דעם יחיד האָט געהערשט אין קריט, ווי די אינדיווידואַליטעט, וואָס מען באַמערקט אין דער קונסט פֿון די טעמפּלען און פֿון די פּריוואַטע הײַזער פֿון יעדער שטאָט. די קונסט טעמפּלען און די הײַזער, איבערצײַגן, אַז זיי זײַנען גענוצט געוואָרן פֿון פּריוואַטע מענטשן און ניט פֿון הערשער אָדער גייסטלעכע.

די פֿאַרשיידענע קונסט געביטן זײַנען ביי זיי ניט געווען אָפּגעטיילט

איין געביט פון דעם צווייטן: דער ארבעטער וואָס האָט געמאַכט בראָנזענע כלים, איז געווען א גאָלדשמיט און א טעפּער צוזאמען. דער וואנט־מאָלער האָט אויך געמאָלן אויף וואַזעס; ער איז געווען א סקולפּטור ווי אויך א גראַווירער. אַ דאַנק אָט דער אינערלעכער פאַרבינדונג צווישן די קונסט געביטן און די קינסטלער, איז איין קונסט און קינסטלער אינספּירירט געוואָרן פון דער צווייטער קונסט און קינסטלער און איין קינסטלער האָט געלערנט פונם צווייטן." (דאָרטן זז. 303־305. פאַרקירצט).

גלאַץ באַנוגנט זיך ניט מיט איבערגעבן טרוקענע פאַקטן, ער פּרובירט זיי אויך דערקלערן, קריגט מען דעם איינדרוק, אז ער נוצט זיין פאַנטאַזיע אביסל מער, ווי ס'איז דערלויבט א וויסנשאַפטלער צו נוצן . . . ער ברענגט אָבער רעפּראָדוקציעס פון קונסט ארטיקלען, וואָס מען האָט געפונען אין די רואינען פון אלטן קריט, וואָס באַשטעטיקן זיין מיינונג. פונדעסטוועגן וואָלט מען געהאַט אַ רעכט אים צו פאַרדעכטיקן אין אַביסל דיכטונג, ווען ער וואָלט געווען דער איינציקער, וואָס רעדט אַזוי וועגן דער עגיעשער ציוויליזאַציע; איז דאָס אָבער די אַלגעמיינע מיינונג.

אין זיין ערשטן קאַפּיטל פון זיין בוך "די לייף און גריס" (דאָס לעבן פון גריכענלאַנד) באַשרייבט וו. דיורענד קריט כמעט מיט די זעלבע ווערטער, ווי גלאַץ: — ער פירט דורך דעם לעזער, איבער די "שטעט" און "פּאַלאַצן" אָט ווי ס'זאָל זיין א רייזע באשרייבונג פון א מאָדערנעם פּלאַץ, וואָס דער ריי־זענדער האָט געזען מיט זיינע אייגענע אויגן. און דאָס זעלבע טוען אנדערע געשיכטע שרייבער וועגן עגיע. ווי עס זעט אויס, האָט מען פאַר זיך ווירקלעך אַן אויסנאַם דערשיינונג אין דער מענטשלעכער געשיכטע. דערפאַר טאַקע זיינען די דערקלערונגען זייער וויכטיק; זיי באַליכטן א פאַקט, אז ווען מענטשן האָבן געקראָגן א געלעגנהייט זיך צו אנטוויקלען פריי אונטער גינסטיקע באַ־דינגונגען, האָבן זיי ארויסגעבראַכט א קולטור לויט זייערע נאַטירלעכע אייגנ־שאַפטן.

ווען מען באַטראַכט די עגיער קולטור פון דעם אלגעמיין מענטשלעכן שטאַנדפּונקט, ווערט דער פריער געבראַכטער חסרון פון עליאָט סמיט, וואָס די עגיער זיינען ניט געווען אָריגענאַל אין זייער שאַפונג און אז זייער קולטור האָבן זיי איבערגענומען פון אנדערע פעלקער, ווערט אָט דער חסרון, גענומען קולטור היסטאָריש אין אלגעמיין, א מעלה. ער באַווייזט, אז געוויינטלעכע מענטשן קענען ווערן קולטור בויער און אפילו קונסט שאַפער, ווען מען שטערט זיי ניט אין זייער אנטוויקלונג. מען דאַרף אָננעמען, אז דאָס האָט טאַקע גלאַץ אין זינען געהאַט, ווען ער האָט זיך גענומען שרייבן וועגן דער עגיעשער ציו־וויליזאַציע. ער זאָגט גלייך פון אָנהויב "אויף קיין אַנדער פּלאַץ אויף דער ערד האָט מען זיך ניט געקענט באַנוגענען מיט אזוי ווייניק שפּייז, ווי ארום דעם מיטל־לענדישן ים.

אין דער פרישער און דערקוויקנדער לופט האָט מען זיך ניט גענוי־טיקט אין קיין סך און ניט אין קיין שווערער שפּייז: א קוכן, אָדער א שיסעלע פאַרפעל; עטלעכע פייגן מיט א פּאָר ציבעלעס אָדער קנאָבל, איז געווען גענוג פאַר א טאָג עסן פאַר א מענטשן . . . דאָס וואָס מען האָט זיך געקענט באַנו־גענען מיט אזוי ווייניק שפּייז, האָט יעדן איינעם געגעבן א מעגלעכקייט לוסטיק צו פאַרברענגען אויף דער פרישער לופט און הנאה האָבן פונם לעבן. די

נאַטור איז צוּיבערהאַפּט שיין, פאַר וואָס ניט זיין פריילעך און לוסטיק?

ווען מען לעבט אונטער אזעלכע גינסטיקע באַדינגונגען, אנטוויקלט זיך אַ רייכע פאַנטאַזיע און אַ שאַרפע בעאָבאַכטונגס קראַפט און די נאַטירלעכע קוריאָזיטעט ווערט מער וואַכזאַם. דער בליק איז א זיכערער און מען זעט מער וואָס ס'טוט זיך אַרום און אַרום. דער שכל ווערט מער אַקטיוו און מען הויבט אָן צו פאַרשטיין מער . . . די באַגריפן טיילן זיך אָפּ פון די זאַכן און מען הויבט אָן צו דענקען אַבסטראַקט: — בילדער שאַפן זיך אין פאַרשטאַנד און אין דער פרישער לופט איז וואו דער גייסט באַוועגט זיך, דאָרט הערט מען אים . . .

מענטשן, וועלכע לעבן לייכט און פריי און האָבן פרייע צייט צו אַרומגיין לוידיק, דאַרפן זיך ניט לערנען צו ווערן מבינים אויף קונסט: — דער מילדער קלימאַט אַנטוויקלט אין זיי א חוש פאַרן שיינעם און רייצנדעם. דאָס לעבן אויף דער פרייער לופט, די לייכטע קליידער, אַנטוויקלען א נייגונג זיך צו באַוועגן, צו מאַכן גימנאַסטישע איבונגען און צו טאַנצן. דאָס אויג ווייזט אָן די הענט ווי צו נאָכמאַכן די פאָרמע און די באַוועגונגען פונם קערפּער.״ (דאָרטן ז. 8).

אזוי הויבט גלאָץ אָן זיין בוך וועגן דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון דער עגיפּטישער ציוויליזאַציע. אַז אינם אָנהויב איז פאַראַן מער דיכטונג, ווי וויסנשאַפט, מער פאַנטאַזיע ווי רעאַליטעט, איז קיין פראַגע ניט. ער שרייבט ווירקלעך ווי א פאַרליבטער . . . עס איז אָבער אינטערעסאַנט צו פאַרגלייכן זיין מיינונג מיט דעלאַפּאָרטס מיינונג וועגן די מצרים און מעסיפּאָטאַמיער, וועמענס דענקען, ווי ער באַהויפּטעט, איז געווען א קאָנקרעטער און זיי האָבן ניט געקענט דענקען אַבסטראַקט. דאָ האָט מען א באַשרייבונג פון א צוגעשמידטן דענקען צום פאַקט און גלאָץ באַווייזט ווי דער מענטשלעכער דענקען האָט זיך באַפרייט פונם קאָנקרעטן פאַקט און האָט אָנגעהויבן צו אַבסטראַאירן. געוויס האָבן זיך דעלאַפּאָרט און גלאָץ ניט צוזאַמענגערעדט ווי יעדער איינער פון זיי זאָל דערקלערן דעם קולטור געשיכטלעכן פּראָצעס. אין דעם ווערט זיי קיינער ניט באַשולדיקן . . .

מען דאַרף זיך אָבער ניט פאַרלאָזן אויף גלויבן, אַרכיאָלאָגישע אויסגראָבונגען זיינען אזוי רייך און פאָלקאָמען, אז מען קריגט א פאָלקאָמען בילד וועגן דער עגיפּטישער ציוויליזאַציע. עס זיינען געפונען געוואָרן אַ גרויסע צאָל באַשריבענע טאָוולען; ליידער ווייס מען ניט זייער אינהאַלט, ווייל מען קען זיי ניט דעשיפרירן. דאַרסי זאָגט: ״די קריטענער האָבן איבערגעלאָזט א סך שריפטן, אַזוי פרי ווי מיט צוויי טויזנט יאָר פאַר קר. האָבן זיי שוין געהאַט צייכענס פאַר בילדער און צייכענס פאַר קלאַנגען, וואָס עס מיינט, אַז זיי האָבן געהאַט אַ פאָנעטישע שריפט. זיי האָבן איבערגעלאָזט אסך טויזענטער פאַרשריבענע טאָוולען, צום באַדויערן קען מען זיי ניט לייענען. מען ווייסט בלויז וועגן זייערע שאַפונגען פון דעם, וואָס מען האָט אַנטדעקט מיט דער הילף פונם גראַב־אייזן. זיי האָבן געהאַנדלט מיט מצרים און וואָלט מען ניט געוואוסט וועגן מצרים, וואָלט מען וועגן זיי געוואוסט ווייניקער ווי מען ווייסט.

ווען די מצרים האָבן געבויט פּיראַמידן, האָבן זיי גענוצט בראָנזענע כלים, זיי האָבן געבאַקן ברויט אין פאַרמאַכטע אויוועגס; זיי האָבן געמאַכט

טעפּ פון ערד אויף א טעפּערס ראָד און האָבן קאָפּירט די שיינע שטיינערנע טעפּ פון מצרים. זייערע קעניגן האָבן געלעבט אין פּאַלאַצן, וואָס זיי האָבן געבויט לויטן מצרישן סטיל . . . דער צווייטער מינואנער פּעריאָד (פון 2000־1600 פ. קר.) איז פאַרגעקומען אין דער זעלבער צייט, וואָס דער גאָלדענער פּעריאָד אין מצרים. ער צייכנט זיך אויס מיט פאַרשיידנאַרטיקע קאָלירדרייכע טעפּ. אין דער דאָזיקער צייט האָט קריט דערגרייכט די העכסטע שטופע פון איר ציוויליזאַציע. זי האָט פּראָדוצירט די שענסטע קונסט אַרטיקלען, וואָס די וועלט האָט ביז דעמאָלט געזען און זי האָט קיין שענערס ניט געזען פאַר טויזנטער יאָרן שפּעטער. מייסטערווערק פון גאָלד און פון בראָנז און סקולפּ־טור ארבעטן פון עלפאַנט ביין. איר ציוויליזאַציע האָט איבערגעשטיגן אַלע אַנדערע ציוויליזאַציעס פונם מיטל־לענדישן ים. עווענס (דער אַנדעקער פון דער עגיער ציוויליזאַציע) זאָגט, אַז זי האָט געקאָנט אָנגענומען ווערן פאַר דער וויקטאָרישער צייט.

די פּרויען האָבן געטראָגן קליידער, וואָס האָבן אויסגעקוקט ווי זיי זיינען געמאַכט געוואָרן אין פּאַריז . . . דער קעניגליכער פּאַלאַץ אין קנאָסאָס איז געווען א פּראַכט, א חידוש פאַר דער גריכיש־איטאַליענער וועלט. ניט נאָר זיינען אין אים געווען הויף־דאַמען און פּראַנטן, פּראַכטפולע דעקאָרירטע ווענט, קעניגלעכע צימערן, גרויסאַרטיקע געדרייטע טרעפּ, גילדערנע און בראָנזענע כלים, נאָר וואַסער־רערן, וואָס האָבן געבראַכט וואַסער פאַר די באָד־צימערן מייל‍ן ווייט. די הייזער אפילו פון געוויינטלעכע מענטשן זיינען געווען באַ־קוועמע און אפילו היימען פון ארבעטער זיינען באַשטאַנען פון זעקס צימערן . . . קריט איז געווען די היים פון א סך גריכישע העלדן; אפילו צעאוס איז געבוירן געוואָרן אין קריט. זיין זון, מינוס, שטאַמט אויך פון קריט: — זיין מוטער איז געווען יוראָפּא. ווער ס'האָט פאַרברענט דעם פּאַלאַץ פון קנאָסאָס ווייסט מען ניט; מעגלעך ער האָט געליטן דעם גורל פון סדום און עמורה. די ליכט האָט אויפגעהערט שיינען אויף דער קריטאַנער ציוויליזאַציע ארום צוועלף הונדערט יאָר פ. קר." (זע "די סטאָרי אָוו סיווילייזיישאָן" זז. 366־364).

עס איז אַן אַלגעמיין אָנגענומענע מיינונג, אַז בראָנז איז דערפונדן געוואָרן אין קריט. דאָס זעט אויס ווי א וואונדער, ווייל קיין צין איז אין קריט ניטאָ; מען האָט אים געדאַרפט ברענגען. קופּערנע כלים און געצייג האָט מען אין קריט געמאַכט מיט פינף הונדערט יאָר פריער, ווי אין מצרים... עס מיינט, אַז די מעטאַל עפּאָכע אין אַלגעמיין און די בראָנז עפּאָכע ספּעציעל, האָבן זיך אָנגעהויבן אין קריט . . .

אָט וואָס וו. דיורענט זאָגט אין פאַרבינדונג מיט דער מעטאַל עפּאָכע. "די ערשטע דערשיינונג פון קופּער שטעלט פאַר אַן ארכיאָלאָגישן סטע־נאָגראַפישן באַריכט וועגן א לאַנגזאַמען אויפשטייגן פון א נייער ציוויליזאַציע פון דעם נעאָליטישן צושטאַנד. ביים סוף פון דער ערשטער מינואַנער עפּאָכע האָבן די קריטאַנער זיך אויסגעלערנט ווי צו צוזאַמענמישן קופּער מיט צין און דערמיט האָט זיך אָנגעהויבן די בראָנז עפּאָכע" (זע "די לייף אָוו גריס" ז. 7).

ווען מען טראַכט זיך אריין וואָס פאַר א באַדייטונג מעטאַלן שפּילן אין דער ציוויליזאַציע, קען מען באַגרייפן די באַדייטונג פון אָט דעם אויסצוג.

מען קען זיך פֿאָרשטעלן אַן אָנהויב פֿון ציוויליזאַציע אָן מעטאַלן: — די ציוויליזאַציע האָט זיך אָנגעהויבן אַ סך פֿריִער, ווי מענטשן האָבן געוואוסט וועגן מעטאַלן. עס האָט אָבער נאָר געקענט זײַן אַן אָנהויב פֿון אַ ציוויליזאַציע און ניט קיין אַנטוויקלטע ציוויליזאַציע.

פֿאַר צענדליגער טויזנטער יאָרן, מער, פֿאַר הונדערטער טויזנטער יאָרן, האָבן מענטשן גענוצט געצײַג פֿון שטיינער און זיי זײַנען געבליבן שטיין אויף איין אָרט: — דער שטיין האָט דערגרייכט דאָס העכסטע און מער האָט ער ניט געקענט אויפֿטאָן. מען קען זיכער זײַן, אַז ווען קיין מעטאַלן וואָלטן ניט געווען אויף דער ערד, אָדער ווען מען וואָלט זיי ניט אַנטדעקט, וואָלט די מענטשהייט אויך איצט געשטאַנען בײַ דעם שטיינערנעם פּעריאָד . . . ווײַטער וואָלט מען מיט קיין שטיינער ניט געקענט גיין: — מעטאַלן האָבן געמאַכט מעגלעך מענטשלעכן פּראָגרעס.

די געשיכטע דערציילט, אַז ס'האָט גענומען אַרום פֿינף הונדערט יאָר פֿון דער צײַט, וואָס די קריטאַנער האָבן אָנגעהויבן נוצן בראָנז, ביז מצרים האָט אָנגעהויבן נוצן בראָנזענע געצײַג. ס'איז שווער צו פֿאַרשטיין פֿאַרוואָס ס'האָט געדאַרפֿט נעמען אַזאַ לאַנגע צײַט, ווען דער פֿאַרקער צווישן קריט און מצרים איז געווען אַ דירעקטער און האָט שטענדיק אָנגעהאַלטן. די אײנציקע דערקלערונג איז, אַז וועגן קופּער האָבן די מצרים געוואוסט פֿאַר צוויי טויזנט יאָר איידער זיי האָבן אים אָנגעהויבן צו נוצן פֿאַר געצײַג:—זיי האָבן אים גענוצט פֿאַר צירונג די גאַנצע צײַט. (קופּער איז געווען דער ערשטער מעטאַל, וואָס איז געפֿונען געוואָרן) ערשט שפּעטער האָבן זיי אָנגעהויבן מאַכן קופּערנע געצײַג. אַזוי ווי קופּער איז ווייך, איז ער ניט געווען צו גוט פֿאַר געצײַג. מעגלעך, אַז דאָס דערקלערט פֿאַרוואָס זיי האָבן ניט גענוצט קיין בראָנז פֿאַר אַזאַ לאַנגער צײַט. אַ מער וואַרשײַנלעכע דערקלערונג איז, וואָס די ציוויליזאַציע אין מצרים איז געווען אַ פּריסטער ציוויליזאַציע. די גײַסטלעכע אַליין האָבן ניט געאַרבעט און דאָס פֿאָלק איז געווען פֿאַרשקלאַפֿט, האָט מען זיך וועגן דעם ווייניק געזאָרגט . . . די קריטאַנער זײַנען געווען פֿרײַע מענטשן, האָבן זיי געזוכט מיטלען ווי צו פֿאַרלײַכטערן די אַרבעט. צי די דערקלערונג איז גענוג, קען מען איצט ניט וויסן. ווי ס'זאָל ניט זײַן האָט זיך די מעטאַל עפּאָכע אָנגעהויבן אין קריט: — אין אַ פֿרײַ לאַנד און פֿון פֿרײַע מענטשן . . .

למען האמת דאַרף באַמערקט ווערן, אַז ס'איז פֿאַראַן אַ סברה, אַז בראָנז האָט מען צום ערשטן אָנגעהויבן מאַכן ערגעץ וואו אַרום דעם דונײַ, וואו ס'איז פֿאַראַן אַ סך צין. דאָס וואָלט געווען מער נאַטירלעך, ווײַל מען דאַרף אָננעמען, אַז דאָס צוזאַמענשמעלצן פֿון צין מיט קופּער, איז גיכער פֿאָרגעקומען דורך אַ צופֿאַל, ווי מיטן אַבזיכט צו מאַכן אַ שטאַרקערן און האַרטערן מעטאַל, און אַ צופֿאַל האָט לײַכטער געקענט פּאַסירן אין אַ פּלאַץ, וואו צין איז פֿאַראַן, ווי אין אַ לאַנד, וואו קיין צין איז ניטאָ און מען האָט אים אַהין געדאַרפֿט ברענגען. עס איז אַפֿילו שווער צו זען צוליב וואָס מען האָט געדאַרפֿט האָבן צין אין קריט, ווען מיט צין אַליין האָט מען קיין זאַך ניט געקענט טאָן. געוויס איז דאָס ניט קיין באַווײַז קעגן דער מיינונג, אַז בראָנז האָט מען אָנגעהויבן צו מאַכן אין קריט:—מען האָט געקענט ברענגען אַהין צין פֿאַר וועלכן עס איז צוועק און דאָרט זאָל מען צופֿעליק אים צוזאַמענשמעלצן מיט קופּער

און ס'זאָל ארויסקומען בראָנז. דאָס איז געוויס מעגלעך. וואָס אָנבאַלאַנגט דער סברה, אַז בראָנז האָט מען אָנגעהויבן גיסן ארום דונייַ, האָט זי ניט קיין פּאַק־טישע באַשטעטיגונג און דערפאַר קאָן זי בלויז דערמאָנט ווערן.

ווי ס'זאָל ניט געווען זיין שטייט מען פאַר א היסטאָרישן פאַקט, אַז אין קריט האָט מען סיסטעמאַטיש אָנגעהויבן צו נוצן בראָנז און ניט אויף קיין אַנדער אָרט (אויך אין באַליוויע, אין אַמעריקע, האָט מען זעלבסטשטענדיק אָנגעהויבן גיסן בראָנז: אין באַליוויע איז פאַראַן צין); אין קריט און ניט ערגעץ אַנדערש, איז אַנטשטאַנען א קולטור, וואָס איז ענלעך אויף דער מאָ־דערנער קולטור און דאָס, נעמט מען אָן, איז מעגלעך געווען דערפאַר, וואָס דאָרט איז ניט געווען קיין אָרגאַניזירטער קלעריקאַלער קלאַס (דאָס זעלבע איז געווען אין גריכענלאַנד), וואָס זאָל ניט דערלאָזן, אַז א נאַטוראַליסטישער דענקען זאָל זיך אַנטוויקלען . . .

דאָס איז א פּאַקטישע באַמערקונג און ניט קיין ספּעציעל קריטישע באַמערקונג, ווייל ר. בריעפאַלט באַווייזט אין זיין בוך (רעשיאָנאַל עוואָ־לושאָן) קאָן רעליגיע ניט זיין אַנדערש ווי איראַציאָנאַל און דערפאַר מוזן גייסטלעכע באַקעמפן יעדע פאָרמע פון נאַטוראַליזם, וואָס איז, נאַטירלעך, ראַציאָנאַל.

די אויסגראָבונגען פון קריט האָבן געגעבן א מעגלעכקייט צו דער־קלערן די גריכישע ציוויליזאַציע, וואָס איז באַטראַכט געוואָרן פאַר א נס, וואָס איז געקומען פונם הימל. די קריטענער, מינואַנער און גריכישע ציוויליזאַציע, זיינען רינגען פון איין קייט פונם מענטשלעכן פּראָגרעס, ווען דער מענטש האָט נאָך א מעגלעכקייט זיך צו אַנטוויקלען פריי; אָדער ווען מען לאָזט פאַר אים "אָפן א טיר" ער זאָל קענען אָנהאַלטן זיין פּאָראויסגייענדן מארש און מען שטערט אים ניט מיט קיין אויסערנאַטירלעכע און איבער נאַטירלעכע דערקלערונגען.

## קאַפּיטל 6

# גריכנלאנד

אריסטאָטל זאָגט: "לויט זייער נאַטור באַזיצן אַלע מענטשן א דאָרשט פאַר דערוועגבן וויסן" (זע מעטאַפיזיק אַנהויב קאַפּ. 1).

און ר. ר. מאַרעט זאָגט: "צו ברעכן טראַדיציע מיטן אייגענעם כוח פון רעפלעקטיוון דענקען און מעגלעך מאַכן ראַציאַנאַלן פּראָגרעס, האָט אויף אַן אינטעלעקטועלן אופן בלויז דערגרייכט איין פאָלק. — דאָס קלאַסישע גריכישע פאָלק. מען קען צווייפלען צי אָן זייער פירערשאַפט וואָלט די פּראָגרעסיווע ציוויליזאַציע אַפילו איצט עקזיסטירט אויף דער וועלט."

אויף גריכנלאַנד האָט מען שטענדיק געקוקט ווי אויף א נס, וואָס איז געקומען דירעקט פון הימל, מען האָט ניט פאַרשטאַנען און געגנוי פאַרשטייט מען אויך איצט ניט, ווי ס'איז אנשטאַנען אזא רייכע און פאַרשיידנאַרטיקע קולטור, וואָס א סך דענקער נעמען אָן, אז אין אייניקע פּרטים, האָט מען זי אויך איצט ניט איבערגעיאָגט.

אַלע דערקלערונגען און די אומענדלעכע צאָל ביכער, וואָס זיינען אָנגעשריבן געוואָרן וועגן גריכנלאַנד, דערקלערן ניט דעם נס, די גריכישע קולטור. זיי קענען אים ניט דערקלערן דערפאַר, וואָס די אַלע באַדינגונגען, וואָס מען נעמט אָן, אז זיי זיינען געווען גינסטיק פאַר דער גריכישער קולטור, האָבן זיך אין איינער אָדער אין א צווייטער פאָרמע אויך געפונען אויף אנדערע פלעצער און אין יענע פלעצער איז קיין ענלעכע קולטור, ווי אין גריכנלאַנד, ניט אנשטאַנען.

וויסנשאַפטלער נעמען אָבער ניט אָן קיין נסים פאַר דערקלערונגען, זיי זוכן פאַקטן, וואָס זאָלן דערקלערן די דערשיינונגען, וואָס זיי פאַרשן. זיי האָבן זיך געווענדעט צו דער אַלטער גריכנלאַנד און צו די געגנטן אַרום איר פאַר פאַקטן, וואָס זאָלן דערקלערן דעם דאָזיקן נס.

עס איז אַן אַלטער כּלל, אז ווען מען זוכט לאַנג געפינט מען. פאַר סיבות פון דערשיינונגען, געפינט מען זיי פריער אָדער שפּעטער. דאָס זעלבע האָט פּאַסירט מיטן גריכישן "נס" — אַרויסגראָבונגען אין גריכנלאַנד און אַרום דעם לאַנד, האָבן געוואָרפן א העלע שיין אויף דעם אויפקום און אויף דער אַנטוויקלונג פון דער גריכישער קולטור. מען האָט אויסגעפונען, אז זי איז ניט געווען קיין בת יחידה אויף דער וועלט. איצט ווייסט מען, אז זי איז געווען א רעזולטאַט פון קולטורן, וואָס האָבן עקזיסטירט פאַר איר און פון וועלכע

זי האָט א סך געגאָסן.

ווען דער היסטאָריקער, גראָט, האָט מיט קאַרגע הונדערט יאָר צוריק געשריבן זיין צוועלף בענדיקע געשיכטע פון גריכנלאַנד, האָט ער אָנגעהויבן מיט דער "העראָאישער צייט", ער האָט אָנגעהויבן פון דער מיטאָלאָגיע. דער מיטאָלאָגיע גיט ער אָפּ צוויי בענדער אונטערן נאָמען "די לעגענדארע געשיכטע פון גריכנלאַנד." ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן לעגענדאַרן טייל, האָט ער אָנגעהויבן דיווירקלעכע געשיכטע פון גריכנלאַנד, ווי אַלע געשיכטע שרייבער פון זיין צייט, מיט די אָלימפּישע שפּילן פון 776 פ. קר.

דער לעגענדארער טייל פון דער געשיכטע איז באַשטאַנען פון די קעמפן צווישן די געטער, ווי זיי ווערן באשריבן פון האמערן, העזיאָדן א. אז. וו.

איצט ווען דער היסטאָריקער, גילבערט מאָריי, שרייבט וועגן דער גריכישער מיטאָלאָגיע, הויבט ער אָן פון די נאַטור געטער, צו וועלכע אַלע פּרימיטיווע פעלקער האָבן געדינט אין זייער איבערגאנגס פּעריאָד. די גריכן האָבן אויך געהאט אזא היסטאָרישן פּעריאָד. פון דער נאַטור רעליגיע זיינען זיי איבערגעגאַנגען צו דעם העראָאישן פּעריאָד אין וועלכן גילבערט מאָריי געפינט עטלעכע שטאַפּלען פון אנטוויקלונג (זע פייוו סטיידזשעס אָוו גריק רעלידזשן).

דער וויסנשאפטלעכער צוגאנג צו דער גריכישער מיטאָלאָגיע פאַראייניקט זי דירעקט מיט קריט, וואו די גריכישע געטער זיינען אנטשטאַנען. די פאַראייניגונג פון גריכנלאַנד מיט קריט פון איין זייט און די פאַראייניגונג מיט דער פאַר־קלאַסישער מעסינער ציוויליזאציע אין גריכנלאַנד גופא, פון דער צווייטער זייט, דערקלערט טיילוויז דעם נס פון גריכנלאַנד: — די גריכישע ציוויליזאַציע. דאָס איז איצט מעגלעך צו טאָן, ווען מען ווייסט וועגן די דאָזיקע ציוויליזאציעס, וואָס האָבן עקזיסטירט טויזנטער יאָרן פאַר דער קלאַסישער גריכישער ציוויליזאַצע.

ווער די ערשטע גריכישע איינוואוינער זיינען געווען ווייסט מען ניט. א טייל רופט מען אָן אכיער, א צווייטן טייל רופט מען אָן פּעלאַזשער; זיי זיינען באַשטאַנען פון געמישטע עלעמענטן פון דער מיטל־לענדישער ראַסע, צווישן וועלכע ס'האָט זיך געפונען א מצרישער עלעמענט. זיי האָבן געהאט א ציוויליזאציע, וואָס איז געווען ענלעך אויף דער עגיעשער ציוויליזאציע. זי איז אָבער ניט געשטאַנען אויף אזא הויך, ווי די לעצטע. עס איז ניט געווען קיין אָריגינעלע ציוויליזאציע, נאָר אַן אריינגעבראכטע פון פאַרשיידענע פעלצער.

אין גריכנלאַנד איז אין יענער צייט ניט געווען קיין אָרגאַניזירטער מלוכה לעבן; עס האָט געהערשט דער פּאטריארכאַלער שבט לעבן. נאָר אין צייטן פון געפאַר האָבן זיך עטלעכע שבטים פאַראייניקט צו באַקעמפן אַן אַל־געמיינעם שונא.

אזוי האָבן געלעבט די ערשטע גריכן פאַר הונדערטער, אויב ניט פאַר טויזנטער יאָרן און האָבן געשאפן די ציוויליזאציע, וואָס ווערט אָנגערופן מעסינער ציוויליזאציע, ביז די דאָריער זיינען געקומען און האָבן פאַרניכטעט די ציוויליזאַציע. ווער די דאָריער זיינען געווען איז מען ניט זיכער. מען נעמט אָן, אז זיי זיינען געקומען פון צפון און האָבן געהאט כלי־זין פון אייזן. די גריכן האָבן געניצט בראָנזענע כלי־זין . . . דאָס, נעמט מען אָן, איז געווען די סיבה,

וואָס זיי איז געלונגען צו באַזיגן די אָריגינאַלע גריכן. מען נעמט אָן אַז דאָס האָט פּאַסירט אינם פּערצענטן יאָרהונדערט פאַר קר. וו. דיורענט נעמט אָן, אַז עס האָט פּאַסירט אין 1104 פ. קר. מעגלעך, אַז די אינוואַזיע האָט זיך אָנגעהויבן אין פערצענטן יאָר הונדערט און האָט אָנגעהאַלטן ביזן עלפן יאָרהונדערט. די דאָריער, וואָס זיינען געקומען פונם דונײַ געגנט און ווי אייניקע נעמען אָן, אַז זיי זיינען געווען סלאַוון, זיינען נאָך געווען באַמאַדן און זיי האָבן געזוכט פּאַשע פאַר זייערע סטאַדעס; זיי האָבן זיך אויך באַשעפטיקט מיט אַגריקולטור צו ביסלעך.

די דאָריער האָבן איין דריטל פון דער באַפעלקערונג פון גריכנלאַנד אויסגעהרגעט, אַ צווייטער דריטל פון דער באַפעלקערונג איז אַנטלאָפן אין די אַרומיקע קאָלאָניעס און דאָס איבערגעבליבענע דריטל האָבן די דאָריער געמאַכט פאַר שקלאַפן און די מעסינער ציוויליזאַציע האָבן זיי צושטערט.

ביז דער לעצטער צייט איז אַלגעמיין אָנגענומען געוואָרן, אַז די דאָריער האָבן געשאַפן די קלאַסישע גריכישע ציוויליזאַציע. איצט האָבן זיך אָנגעהויבן הערן מיינונגען, אַז דאָס איז איינער פון יענע טעותן, וואָס ווען מען האָט אים איינמאָל געמאַכט, וויל מען זיך פון אים ניט אָפּזאָגן, ווען מען געפינט אַפילו אויס, אַז מען האָט געמאַכט אַ טעות . . . עס הערן זיך אַלץ מער און מער שטימען, וואָס זאָגן, אַז ס׳איז אַן אמת, אַז די דאָריער האָבן צעשטערט די מעסינער ציוויליזאַציע, זיי אָבער האָבן קיין אַנדערע ציוויליזאַציע ניט געשאַפן אויף איר פּלאַץ.

די קלאַסישע גריכישע ציוויליזאַציע איז געשאַפן געוואָרן אין הונדערטער יאָרן שפּעטער נאָך דער צייט, וואָס די דאָריער האָבן אַריינגעדרונגען אין גריכנלאַנד און האָט זיך אָנגעהויבן, באַהויפּטעט מען, אין די קאָלאָניעס, וואוהין די אָריגינאַלע גריכן זיינען אַנטלאָפן פון די דאָריער. מען ווייסט איצט, אַז נאָך דעם וואָס די דאָריער האָבן פאַרכאַפּט גריכנלאַנד, האָט, אַלס רעזולטאַט פון זייער פאַרניכטונגס ארבעט, אַריינגעטראָטן אַ שטיל־שטאַנד אין לאַנד, אַ מין "פינצטערע צייט אַלטער", וואָס האָט אָנגעהאַלטן זעקס הונדערט יאָר, — פון פערצנטן יאָרהונדערט ביזן אַכטן יאָרהונדערט פאַר קר. אין אָט דער אַזוי אָנגערופענער פינצטערער צייט איז קיין זאַך ניט געשאַפן געוואָרן אין לאַנד. און שפּעטער, זאָגט מען, האָט זיך די ציוויליזאַציע ניט אָנגעהויבן פון גריכנלאַנד גופא, נאָר פון די גריכישע קאָלאָניעס פונם נאָענטן מזרח.

ווען מען ווייסט, אַז אַ ציוויליזאַציע האָט עקזיסטירט אין גריכנלאַנד אײדער די דאָריער זיינען אַהין אַריין און זיי האָבן זי פאַרניכטעט. און מען ווייסט, אַז נאָכדעם איז פאַר הונדערטער יאָרן קיין זאַך ניט געשאַפן געוואָרן אין לאַנד, איז ניטאָ קיין ספּעציעלע סיבה פאַר וואָס מען זאָל זיי קרעדיטירן פאַר דער ציוויליזאַציע, וואָס איז אַנטשטאַנען שפּעטער אין לאַנד און ווי מען זאָגט, האָט זי זיך אַפילו ניט אָנגעהויבן אין לאַנד גופא. דערהויפּט קומט זיי ניט דער קרעדיט, ווען מען ווייסט, אַז אַ מאַיאָריטעט האָבן זיי נאָר געהאַט אין ספּאַרטאַ און ניט ערגעץ אַנדערש.

און ספּאַרטאַ איז געוויס ניט געווען די היים פון דער גריכישער קולטור. די ספּאַרטער האָבן געהאַלטן, אַז מלחמה איז אַן ערלעכע באַשעפטיגונג, האָבן זיי געצויגן זייער פּרנסה פון מלחמות . . .

צו דערציען גוטע סאָלדאַטן האָבן זיי איינגעפירט אזא שטרענגע דער־ציאונגס דיסציפּלין, וואָס איז געבליבן א קלאַסישער ביישפּיל פון באַרבאַריזם. אין דער דיסציפּלין האָט קערפּערלעכער אויסדויער געשפּילט די הויפּט ראָלע און אינטעלעקט די קלענסטע ראָלע. פאַרשטייט זיך, אז אזא באַרבאַרישע דערציאונג האָט ניט אַנטוויקלט קיין אַספּיראַציעס אויף אינטעלעקטואַליזם. זיי־נען טאַקע די ספּאַרטאַנער ניט געווען די אינטעלעקטואַליסטן פון גריכנלאַנד און פאָלגלעך זיינען די דאָריער אויך ניט געווען די שאַפער פון דער קלאַ־סישער גריכישער קולטור.

איידער מען קען צוטרעטן צו באַטראַכטן די קלאַסישע גריכישע קול־טור, דאַרף אָנגעוויזן ווערן אויף צוויי שטריכן פונם גריכישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, וואָס האָבן די גריכן געגעבן א מעגלעכקייט זיך פריי צו אַנטוויקלען. די שטריכן זיינען: (1 א געזעלשאַפטלעכער לעבן, וואָס איז געווען באַזירט אויף וועלטלעכע און ניט אויף קיין רעליגיעזע יסודות און (2 פרייע שטאָט רע־פּובליקן און ניט קיין פאַראייניקטע אימפּעריע.

מען זאָגט, אז די גריכן זיינען ניט געווען רעליגיעז. דאָס איז ניט ריכטיק: וואַרשיינלעך זיינען זיי געווען אזוי רעליגיעז און אָבערגלויבעריש, ווי אנדערע מענטשן; זיי האָט געפעלט א פּריסטער קלאַס, וואָס זאָל געווען אָרגאַניזירן די רעליגיע און זי מאַכן פאַר דער הערשערן איבער די מענטשן און איבער דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אז די גריכן זיינען געווען אבערגלויבעריש קען מען זען פון פאָלגענדע פאַקטן: 1) ווען קילאָנס פאַרשווערונג צו פאַרכאַפּן דעם אקראָפּאָל און ווערן א טיראַן, האָט זיך ניט איינגעגעבן, האָבן זיינע אָנהייגער זיך צוזאַמענ־געקליבן אויפן "הייליקן פּלאַץ", וואו מען האָט זיך צו זיי ניט געטאָרט צו־רירן. די פרייהייטס קעמפער האָבן זיי אַרויסגענאַרט פונם "הייליקן פּלאַץ" און האָבן זיי דערהרגעט. די "פאַרשוועכונג פון א הייליקייט" האָט אזוי אויפ־געבראַכט דאָס גאַנצע פאָלק, אז ס'האָט פאַרטריבן די פרייהייטס קעמפער פון שטאָט . . .

ווען אין א צייט ארום האָט אין שטאָט אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע, האָבן די גריכן געגלויבט, אז דאָס ווערן זיי באַשטראָפט פאַר דעם, וואָס דאָס "הייליקע פּלאַץ" איז פאַרשוועכט געוואָרן. עפּימאַנידוס, דער נביא און היי־ליקער פון קריט, האָט געשטילט דעם צאָרן פון די געטער (גראָט "גריס" ב. 3) 2) און סאָקראַט, ווי באַוואוסט, האָט באַצאָלט מיטן לעבן, ווען מען האָט נאָר פאַרדעכטיקט, אז ער וויל אריינברענגען נייע געטער קיין אַטען . . . דאָס איז געווען א גאָר גרויסע זינד . . .

די פּאָר פאַקטן זיינען גענוג צו באַווייזן, אז די גריכן זיינען אי געווען רעליגיעז, אי אָבערגלויבעריש. אָבער ווי דער כינעזער פילאָזאָף, ווען קווי לי, זאָגט: "די רעליגיע האָט אין גריכנלאַנד פאַרפעלט צו עטאַבלירן א סאָציאַלן בונד, ווי זי האָט געטאָן אין אנדערע פעלצער; זי האָט ניט אַנטוויקלט קיין קלאַס פון גייסטלעכע און האָט ניט געשאַפן קיין נאַציאָנאַל־רעליגיעזן צענ־טער. זי האָט ניט געהאַט קיין הייליקע ביכער, ווי די ביבל, אָדער די וועדעס און זי האָט ניט געהאַט קיין אויטאָריטעטע רעליגיעזע לערע. די רעליגיע איז אין גריכנלאַנד אָדער געווען א פאַמיליע אנגעלעגנהייט, אָדער זי איז געווען א שטאָטישע פאָרמאַלע פאָרמע און ניט מער. די אָלימפּישע געטער,

ווי האמער באַשרייבט זיי, זיינען מאָראַליש ניט געשטאַנען העכער פון מענטשן (זע "די אינדיווידיועל ענד די קאָמיוניטי" ז. 9).

אז די גריכן האָבן ניט געהאט קיין נייגונג זיך צו אָרגאַניזירן אויף רע־ליגיעזע יסודות קען מען זען פון דער מעשה מיטן פריער דערמאָנטן קריטער נביא, עפּימאַנידוס, וועמען זיי האָבן געבראכט פון קריט, אז ער זאָל איבער־בעטן די געטער.

ווען ער האָט איבערגעבעטן די געטער און האָט אריינגעפירט אָרד־נונג אין דער רעליגיע, האָבן זיי אים ניט געמאכט פאר קיין הייליקן, זיי האָבן אים אפילו ניט געמאכט פאר קיין גייסטלעכן, נאָר זיי האָבן אים אָפּגע־שיקט צוריק אהיים מיט גרויס כבוד און האָבן ניט גענומען קיין אנדערן אויף זיין פּלאַץ. זיי האָבן זיך פשוט ניט גענויטיקט אין קיין גאָטס פאר־טרעטער . . .

די גריכן האָט, ווי עס זעט אויס, געפעלט דער חוש פון איין זייט צו ווערן גייסטלעכע און ווערן די פארטרעטער פון די געטער אויף דער ערד און פון דער צווייטער זייט האָט דעם פאָלק ניט געפעלט דער קלעריקאַלער קלאַס; עס האָט זיך געקענט באַגיין אָן אים. עס האָט זיי אפילו געפעלט די נייגונג צו אנטוויקלען זייערע מיסטישע העלדן, די האַלבע מענטשן־געטער, אין גאַנצע געטער. זייער דענקען איז געפלאָסן אין א ראַציאָנאַלער ריכטונג און ניט אין קיין איראַציאָנאַלער; אין דער ריכטונג פון נאַטוראַליזם און ניט אין דער ריכטונג פון סופערנאַטוראַליזם. אין דער ריכטונג פון לאָגיק און ניט אין דער ריכטונג פון מיסטיק. פארשטייט זיך, אז דאָס מיינט קאָנסטאַב־טירן א פאקט, עס מיינט אָבער ניט, אז דערמיט ווערט ער דערקלערט. שטייט מען טאַקע פאר איין עמערגענטער דערשיינונג, וואָס ס'איז שווער צו דער־קלערן . . .

די צווייטע אייגנאַרטיקע דערשיינונג זייערע איז געווען די נייגונג צו פאָרמירן רעפּובליקן פון באַזונדערע שטעט און ניט קיין פאַראייניקטע דעספּאָטישע מאָנאַרכיע. פאַקטיש זיינען די צוויי דערשיינונגען באַשטאַנען פון איין דערשיינונג: — דעספּאָטישער מאָנאַרכיזם ווערט גענערט פונם קלעריקאַלן קלאַס. די פּריסטער דאַרפן א קעניג, וואָס זאָל רעפּרעזענטירן גאָט אויף דער ערד. אמת זיי קומען מיט אים אמאָל אין קאָנפליקט, אָבער דאָס איז א פאַ־מיליע קריג . . .

וועגן דעם גריכישן דעמאָקראַטישן גייסט זאָגט דאַרסי: "די גריכן האָבן אָנגעהויבן זייער געשיכטלעכן לעבן ווי א דעמאָקראַטישער שבט און זיי האָבן קיינמאָל ניט געענדערט דעם דעמאָקראַטישן שטייגער. דער גייסט, וואָס פירט צו קעניגן, צו הערשער מיט גאָטס גנאָדן, האָט זיך ניט פאַרפלאַנצט אויף דער גריכישער ערד" (זע "די סטאָרי אָוו סיווילייזיישאָן" ז. 373).

גראַט זאָגט: "די גריכן האָבן געהאט פארשיידענע שטרייט־פּונקטן וועגן מאָראַלע פראַגן, אָבער כמעט אַלע גריכן האָבן געהאט אַן איינגעבוירענע שנאה קעגן פּערמאַנענטע הערשער, וועלכע קריגן זייער הערשאַפט בירושה פון דור צו דור" (זע גראַט באנד 3 ז. 26). און דער כינעזער פילאָזאָף, וואַן קווי לי, זאָגט: "די געזעלשאַפטלעכע אייניקייט איז ביי די גריכן געווען א קול־טורעלע. ווען די קלאַסישע גריכן זיינען געקומען קיין גריכנלאַנד און האָבן פארשקלאַפט די באַפעלקערונג פון לאַנד, האָבן די העלענער זיך אָפּגעזאָגט

פון דער אַלטער עגיפּטישער ציוויליזאַציע און האָבן אויפגעבויט אַן אייגענע ציווויליזאַציע אויפן פלאַץ פון דער פריערדיקער, וואָס זיי האָבן פארניכטעט. ווען דאָס שטאַטישע לעבן האָט פארנומען דעם פּלאַץ פונם וואנדערנדן נאָמאַד, האָבן די גריכן גלייך אָנגעהויבן פאַרמירן זייער אייגענע ציוויליזאציע אין דער פאָרמע פון שטאַטישע אָרגאַניזאַציעס.

דער געאָגראַפישער כאַראַקטער פון די אינזלען איז געווען גינסטיק אז די העלענער זאָלן קענען לעבן אין צעוואָרפענע אָטאָנאָמישע געזעלשאַפטן. זיי האָבן ניט געקענט אָנהאַלטן קיין פּאָליטישע איינהייטלעכקייט (זע "די אינדיווידיועל ענד די קאָמיוניטי" ז. 8).

די ערשטע צוויי היסטאָריקער ווייזן בלויז אָן אויפן פאַקט, אז די גריכן זיינען געווען קעגנער פון דעספּאָטישער אונטערדריקונג, אז זיי האָבן שטאַרק געשעצט זייער פרייהייט; זיי מאַכן ניט קיין פאַרזוך צו דערקלערן ווי די שטאַטישע רעפּובליקן זיינען אנטשטאַנען און ווי דער דעמאָקראַטישער פרייהייטס באַגריף האָט זיך אנטוויקלט ביי די גריכן. דער דריטער, דער כינעזער, גיט שוין אָן א סיבה, אז די געאָגראַפישע לאַגע פון די אינזלען איז געווען גינסטיק; די אינזלען זיינען צוטיילט, האָבן אויך זיי געקענט זיין באַזונדערע רעפּובליקן. אין דער אַלטער צייט איז געווען שווער צו אָנהאַלטן א שטרענגען קאָנטראָל איבער צעוואָרפענע אינזלען. דערפאַר האָט זיך ניט אַנטוויקלט קיין זעלבסטהערשאַפט אין גריכנלאַנד.

בריעפאַלט זאָגט ארויס אן ענלעכע מיינונג; ער זאָגט: "די גריכן זיינען געווען צעוואָרפן אויף אינזלען, וואָס האָבן געהאַט קרומע און בערגיקע ברעגן; זיי האָבן ניט געקאָנט צוזאַמענגעשמאָלצן ווערן אין גרויסע אימפּעריעס פון שקלאַפן און פון טעאָקראַטישע דעספּאָטן. יעדער איינער האָט מער אָדער ווייניקער געדאַרפט טראָגן אויף זיך די זאָרגן, געפאַרן און דעם אַלגעמיינעם שיקזאַל פון דעם שבט. דערפאַר איז ניט געווען נויטיק קיין הערשער, וועלכער זאָל געוועלטיקן דורך דער אויטאָריטעט פון דער הייליקער טראַדיציע. אויף דעם אופן איז אַנטשטאַנען דער גריכישער דענקען, וואָס האָט אוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער ציוויליזאַציע פון מערב" (רעשיאָנאַל עוואָלושאָן 54). דאָס איז די אַלגעמיינע מיינונג פאַרוואָס גריכנלאַנד איז געבליבן פריי: אין אָנהויב האָט די נאַטור פאַרטיידיקט די גריכישע פרייהייט און שפּעטער האָבן עס די גריכן אליין געטאָן דערמיט, וואָס זיי האָבן ניט אַנטוויקלט קיין קלעריקאַלן קלאַס, וועלכער זאָל סאַנקציאָנירן א דעספּאָטישע הערשאַפט מיט דער ברכה פון גאָט . . .

אויף וויפיל די גריכן האָבן אין זיך אריינגעזאַפּט דעם דעמאָקראַטישן גייסט אין לויף פון זייער געשיכטע אילוסטרירט אויף אַן אויסערגעוויינטלעכן אופן דער געזעצגעבער, סאַלאָן, וואָס איז איינער פון די זיבן גרעסטע גייסטער פון גריכנלאַנד. ווען ער האָט אָפּגעשאַפט די דראַקאָנישע געזעצן, וואָס זיינען געווען אויסערגעוויינטלעך שטרענג קעגן די אָרעמע קלאַסן און האָט אויף זייער פּלאַץ איינגעפירט מילדע געזעצן, פאַר וואָס ער איז זייער שטאַרק פאַרהערלעכט געוואָרן פון די גריכן, איז ער ניט געוואָרן קיין דעספּאָט, נאָר ער האָט פאַרלאָזט גריכנלאַנד פאַר צען יאָר, אום זיין אָנוועזנהייט זאָל אפילו אומדירעקט ניט שטערן צו דורכפירן אין לעבן די נייע געזעצן. דאָס איז געוואָרן א מנהג אין גריכנלאַנד: — א פירער האָט געדאַרפט פאַרלאָזן דאָס

לאנד פאר א צייט, כדי קיין דעספאָטן זאָלן זיך ניט אנטוויקלען . . .

פון די צוויי שטריכן פונם גריכישן געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט דער פאקט, וואָס רעליגיע איז עלימינירט געוואָרן פון דעם גריכישן דענקען, באַשטימט גריכנלאנדס פלאַץ אין דער וועלט געשיכטע. דער פאקט איז אזוי וויכטיק, אַז ער מוז טיפער און ברייטער באַטראַכט ווערן און אום צו אַרויס־ברענגען זיין פולע באדייטונג וועט ציטירט ווערן די מיינונג פון דעם ענגלישן דענקער פ. ס. שילער; ער זאָגט: "דער פאראדאָקסאלער כאַראַקטער פון דעם גריכישן געני צייגט זיך ארויס אינם גאנג פון דעם גריכישן געדאנק. ביי די גריכן האָט די אנטוויקלונג פונם דענקען אָנגענומען א פארקערטע ריכטונג, ווי די, וואָס זי האָט אָנגענומען ביי אנדערע פעלקער. עס זעט אויס, אז זי האָט זיך ביי זיי אָנגעהויבן פון דעם פלאַץ, וואו זי ענדיקט זיך ביי אנדערע און זי ענדיקט זיך דאָרט, וואו אנדערע הויבן אָן. אין אלגעמיין איז די באַ־וועגונג פונם גריכישן געדאַנק געוועזן פון וויסנשאַפט צו טעאָלאָגיע, מער פינקטלעך צו טעאָסאָפיע (לערע וועגן גאָט).

ביי אנדערע פעלקער האָט זיך דער פראָצעס פון דענקען אָנגעהויבן פון טעאָלאָגיע און האָט זיך דורכגעבראָכן א וועג צו דער וויסנשאפט . . . די אנטוויקלונג פון א ווינסנשאפטלעכער פילאָזאָפיע, וואָס זאָל אינגאנצן זיין פריי פון טעאָלאָגיע, איז אַן אויסנאם . . . אפילו פון פסיכאָלאָגישן שטאַנד־פונקט איז עס ניט קיין נאַטירלעכע דערשיינונג: ווען א פּאָליטעאיסטישע רעליגיע ווערט געענדערט דורך דעם רעלעקטיוון דענקען, איז איר נאטיר־לעכע אנטוויקלונג ניט אין דער ריכטונג פון וויסנשאפט. נאָר אין דער ריכטונג פון פילאָזאָפישן פאנטעאיזם. דער אינטערעס אין פראָבלעם פון לעבן אנטשטייט אין א רעליגיעזער אטמאָספערע; איז נאטירלעך, אז די ענטפערס אויפן פראָבלעם זאָלן געגעבן ווערן אין פארשטענדלעכע רעליגיעזע טער־מינען. ספּעציעל ווען אזוינע ענטפערס זעען אויס איינפאך און זיי שטעלן פאָלשטענדיק צופרידן . . . פאנטעאיזם איז ניט בלויז א לייכטער ענטפער אויפן פראָבלעם, נאָר אויך איין איינגענומענער ענטפער: — ווי עס זעט אויס שטעלט ער צופרידן אלע מענטשלעכע נויטן אין יעדן מאָמענט פון זיין אַנט־וויקלונג. ער שטעלט אָבער פאָלשטענדיק צופרידן א באַשטימטע בענקשאפט פון, קען מען זאָגן, דעם גרעסטן טייל מענטשלעכע נשמות. דער יעניקער, וואָס נעמט אָן, אז רעליגיע איז ניט מער ווי עמאַציאָנעל זיך צו צופרידנשטעלן מיטן געדאנק פון איינהייט אינם אוניווערס, וועט ניט בלויז זיין צופרידן מיט פאנטעאיזם, נאָר ער וועט קריגן די גרעסטע גליקזעליקייט פון די אָפגעשאפענע אונטערשיידן . . . דערפאר האָט פאנטעאיזם אזא פאראורטייל קעגן דער וויסנשאפט. גריכנלאנד איז געווען צוגעפּאסט, אז זי זאָל ווערן דאָס געבורט־פּלאַץ פון דער וויסנשאפט א דאנק דעם גליקלעכן צופאל, וואָס דאָרט האָט זיך דער פילאָזאָפישער פאנטעאיזם צו שפּעט אנטוויקלט. ער זאָל געווען קע־נען פארניכטן די זאָמען־קערנדלאך פון וויסנשאפטלעכן פראָגרעס" (זע "סטו־דיעס אין היומאניזם" זז. 27־25 פארקירצט).

אן אויסגעצייכנטער געדאנק, נאָר שילער האָט אים געזאָגט אין א זייער טעכנישער און קאָנצענטרירטער שפראך. ער הויבט אָן פון דעם גליק־לעכן צופאַל, וואָס אין גריכנלאַנד האָט זיך די פילאָזאָפיע אַנטוויקלט פריי פון רעליגיע, ווייל די רעליגיע האָט זיך פארפעלט צו אנטוויקלען.

געוויינטלעך קומט פאָר, אז רעליגיע אנטוויקלט זיך פון פילגעטעריי (פּאָליטעאיזם) צום געדאנק, אז אלץ איז געטלעך (פּאנטעאיזם). פאנטעאיזם שטעלט זייער צופרידן דעם מענטשלעכן געמיט, ער איז צופרידנשטעלנד עמאָ־ציאָנעל פאר ביינקענדע נשמות (מיסטיקער). פאקטיש מאכט פאנטעאיזם יעדן איינעם מיסטיש און צופרידן מיטן מיסטיציזם גאנץ איינפאך דערפאר, וואָס ס'מאַכט אים פילן, אז ער איז א טייל פון איין גאנצעס: פונם אוניווערס און איז אינערלעך פארבונדן מיט אלץ און מיט אלעמען; — אזוי ווי ער איז א טייל פון דער "איינהייט" פון דער וועלט, וועט ער קיינמאָל ניט שטאַרבן, זיין נשמה וועט אייביק לעבן. דער געדאנק, אז דער אוניווערס איז א איינ־הייט און אז ער איז א פונדאמענטאלער טייל פון אָט דער איינהייט, שטעלט אזוי צופרידן דעם מענטשן, אז ער באקעמפט יעדן געדאנק, וואָס וויל ארייג־פירן אן ענדערונג אינם דענקען. ער וועט דערהויבט באקעמפען די וויסנ־שאפט, ווייל זי צוברעכט אָט דעם איינהייטלעכן געדאנק.

פאנטעאיזם האָט נאָך א "מעלה", ער פאַרענטפערט יעדע מעגלעכע פראַגע איידער זי ווערט געשטעלט: דער מיסטישער עמאָציאָנעלער געפיל איז אזוי שטאַרק, אז ער פארצוימט דעם וועג פאר יעדן מעגלעכן צווייפל און ווען עס קענען ניט געשטעלט ווערן קיין פראגן, איז ניטאָ אויף וואָס צו ענטפערן . . . אין אזא היפּנאָטישן צושטאַנד פאלט מען געוויינטלעך אריין, ווען רעליגיעזע געפילן באהערשן דעם געמיט. דאָס האָט פּאסירט ביי אלע פעלקער, אויסער ביי די גריכן. די גריכישע רעליגיע האָט זיך ניט אַנטוויקלט צו דער פאנטעאיסטישער שטופע, ווייל אין גריכנלאנד איז ניט געווען קיין פּריסטער קלאס, וואָס זאָל געוווען אנטוויקלען א טעאָלאָגיע און אינספּירירן צו עמאָציאָנעל־רעליגיעזע איבערלעבונגען. נאָך מער, אפילו די מיטאָלאָגיע איז ניט געשריבן געוואָרן פון קיין גייסטלעכע, נאָר פון פּאָעטן און האָט טאַקע ניט געטויגט פאר רעליגיע. ווי בריעפאלט זאָגט: "זיי האָבן זייער טע־אָלאָגישע אויפגאבע דורכגעפירט אויף א צרה'דיקן אופן ווי קאָליקעס. די אָלימפּישע געטער פון די פּאָעטן־מיטאָלאָגן שרייבער און גרויסע קינסטלער, זיינען פון שטאַנדפּונקט פון רעליגיע געווען א קאָלאָסאלער דורכפאַל. די גע־טער האָבן ניט ארויסגערופן קיין גלויבן; זיי זיינען געווען קאלט און אבסט־ראקט און מגושמדיק מענטשן—ענלעך. מען האָט אין זיי פאקטיש ניט גע־גלויבט. די אָלימפּישע רעליגיע איז ניט געווען קיין רעליגיע פון גלויבן:— זי איז באשטאַנען פון דעם אָפיציעלן קולט פון די שטאַט־רעפּובליקן, מען האָט זיי געדארפט אָפּגעבן כבוד און דינען צו זיי, ווי צו נאַציאָנאלע עמבלעמען (זע "רעשיאָנאל עוואָלושן" ז. 63).

פארן מאָדערנעם מענטשן, וועמענס גאָט און רעליגיע באגריף, איז א פּראָדוקט פון צוויי טויזנט יאָריקער ווירקונג פון דער אידיש־קריסטלעכער רעליגיע, מיט א באגריף וועגן א גאָט פון ריינעם גייסט און אפילו א "דריי־איינינקייט"; א גאָט וואָס מען קען זיך אים פאר קיין פאַל ניט פאָרשטעלן, נאָר ער איז איבעראל און איז אויסער צייט און אויסער רוים. מיט א באגריף פון א "יענער וועלט", א נשמה, וואָס איז אינגאנצן אנדערש פון דעם קערפּער און אז. וו. אזא מאָדערנער מענטש קען זיך אינגאנצן ניט פאָרשטעלן, וואָס פאר א באגריף די גריכן האָבן געהאט וועגן זייערע געטער און וועגן רעליגיע אין אלגעמיין. די גריכישע געטער זיינען געווען "העלדן", וואָס האָבן "געלעבט"

איביק, אָבער ניט נאָר האָבן זיי געלעבט אויף דער וועלט, נאָר טאַקע אין גריכנלאַנד גופא אויף די אָלימפּישע בערג. זיי זיינען געווען מענטשן־ענלעך און ווי בריעפאלט זאָגט, האָט מען אין זיי פאקטיש ניט געגלויבט און אין דער זעלבער צייט איז באטראכט געוואָרן פאר א גרויסן חטא, ווען מען האָט פון זיי אָפּגעלאכט און מען האָט געוואָלט אריינפירן אנדערע געטער . . .

ווען דעם הויפּט גאָט, צייעסן, זאָגט פאהלער, אז די גריכן האָבן וועגן אים געדענקט, ווי וועגן אן עלטערן ברודער, אָדער א פאָטער און די אנדערע געטער זיינען באטראכט געוואָרן ווי דערוואַקסענע ברידער, וואָס זיינען גרעסער, שטאַרקער און קליגער און אפילו בעסער פון מענטשן; זיי האָבן אָבער ארויסגעשטאַמט פון דעם זעלבן שורש, ווי מענטשן. געזעלשאפטלעך, זאָגט פאהלער, האָט זיך דער גריך געפילט גלייך צו זיינע געטער; דער אונטערשייד צווישן זיי איז באשטאנען אין שטאַנד אָבער ניט אין מין. די גריכן האָבן ניט געדענקט וועגן די געטער ווי באשאפער פון דער וועלט, נאָר ווי געשאַפענע אין דער וועלט, — אָט ווי מענשן זיינען באשאפן געוואָרן און זיי זיינען אונטערוואָרפן אונטער דער אָרדענונג פון דער וועלט גלייך מיט די מענטשן:— דער גורל, אָדער פאטום, הערשט איבער די געטער אזוי גוט ווי ער הערשט איבער די מענטשן; עס מיינט, אז די געטער זיינען א טייל פון דער נאַטור און ווי פאהלער דריקט זיך אויס: "זיי זיינען בלויז אקטיאָרן אויף דער וועלט בינע און ניט די באשאפער פון דער וועלט דראמע" (זע "די היסטאָריע אָוו גריק פילאָסאָפיע" זז. 34, 13).

אין דער גריכישער רעליגיע און געטער באגריף, איז געווען איינגעשלאָסן מער עסטעטישער געפיל, ווי רעליגיעזער גלויבן, מער אכטונג פאר העראָאיזם, ווי מיסטישע איבערלעבונג, מער דראמע, ווי פּיעטעט. מיט איין וואָרט, מער קונסט, ווי רעליגיע. דאָס באַווייזט, אז דער גריכישער דענקען איז פון איין זייט געווען א נאטוראליסטישער און פון דער צווייטער זייט א דעקאָראטיווער; זיי האָבן געדענקט אין פּלאסטישע בילדער: "זיי זיינען געקומען אין בארירונג מיט זייערע געטער אויפן זעלבן אופן, ווי מענטשן קומען אין בארירונג צווישן זיך און ניט לויט אן אינערלעכער איבערלעבונג. זיי האָבן געהערט די שטימע פון זאַכן און זיי האָבן געזען דעם פּנים פון דער נאַטור און זיינען אַנטציקט געוואָרן פון איר שיינקייט: — זיי האָבן געפילט איר פרייד, כעס, זאָרג און אירע פארלאנגען. זיי האָבן געוואוסט ווי זייערע געטער פילן און האָבן מיט זיי מיטגעפילט. דאָס אלץ האָבן זיי פארשטאַנען, אָט ווי מען פארשטייט איינעמס מיין לויט זיין מינע, זיין שפּראך און לויט די באוועגונגען פון זיינע הענט" (דאָרט ז. 28).

פון אלע באַשרייבונגען וועגן די גריכן קריגט מען דעם איינדרוק, אז זיי זיינען געווען, וואָס אין דער מאָדערנער פּסיכאָלאָגישער שפּראך ווערט אָנגערופן, עקסטראווערטן; זיי האָבן זיך ניט איבערגעגעבן צו קיין פּסיכישן זעלבסט אנאליז און צו אינערלעכע איבערלעבונגען. זיי האָבן גענומען זיך, די נאַטור און זייערע געטער, אלץ מיט אלעמען אויפן איינפאכן נאטירלעכן אופן. זיי איז געווען פרעמד מיסטישע איבערלעבונגען; זיי זיינען געווען ווי באַגאבטע קינדער, וואָס באזיצן א רייכע פאנטאזיע און באלעבן אלץ, וואָס עס געפינט זיך ארום זיי. זיי נעמען עס אָבער אויף אויף א נאטירלעכן אופן. אין דעם איז באשטאנען זייער נאטוראליזם; ער דאַרף פארשטאַנען ווערן אין זינען

פון קעגנזאץ צו סופערנאטוראליזם, וואס איז אינגאנצן געווען פרעמד די גריכן. זיי האָבן אפילו זייערע געטער באטראכט ווי א טייל פון דער וועלט אין וועלכער זיי לעבן. זייער נאַטוראליזם איז אָבער געווען א גאנץ אנדערער פון דעם מאָדערנעם נאַטוראליזם, וואס איז באזירט אויף דער וויסנשאפט; זייער בליק איז געווען אן אָרגאנישער און ניט קיין דינאמיש־מעכאנישער. מער פּינקטלעך וואָלט געווען צו זאָגן, אַז זייער בליק איז געווען אַ דראַמאַטישער; ער איז געווען פאַרמולירט לויט האמערן און לויט די אָלימפּישע שפּילן: — די וועלט איז פאר זיי געווען א בינע און מענטשן און זאכן זיינען געווען אק־טיארן, וואס האָבן געשפּילט זייערע ראָלן אויף דער בינע פון דער וועלט. ווי פּאהלער זאָגט: "פארן גריך איז די ארומיקע וועלט, מיט אים צוזאמען, באַשטאַנען פון איין שטיק. דאס לעבן, וואס ער האָט געפילט אין זיך און וואס האָט אים באוועגט, איז פאר אים געווען א ביישפּיל, פאר דעם לעבן, וואס אלע זאַכן האָבן געשפּירט און וואס האָט זיי באַוועגט אין הימל, אין דער זון, אינם ים, בארג, טאָל, פעלד און אין וואלד. ער האָט ניט געוואוסט פון קיין אונ־טערשיידן צווישן אן אָרגאנישער און אומאָרגאנישער וועלט. ער האָט ניט געמאכט אזעלכע אונטערשיידן. ער האָט געקוקט אויף דער גאנצער נאטור, ווי אויף זיך: — זי איז פאר אים ניט געווען טויט, נאָר זי האָט פּולסירט מיט א לעבעדיקן און צאַפּלדיקן לעבן אין אלע אירע טיילן. ער האָט די נאטור פאר־גליכן צו אן אָרגאניזירטער געזעלשאפט, ווי א שטאָט מיט מענטשן, צום ביי־שפּיל. זי איז פאר אים ניט געווען קיין באשאפענע זאך, נאָר א לעבעדיקע באַשעפעניש, ווי א מענטש. ניט קיין טויטע מאַשינע, נאָר זי איז ענלעך אויף א לעבעדיקן מענטשן און זי רעאגירט ווי א מענטש. דער גריך האָט געפונען ווארעמקייט און א פּולסירענדן לעבן אין זאכן, וואָס פאר אונדז זיינען זיי קאלט און טויט. מיט איין וואָרט, ווען פאר אונדז זיינען די פארשיידענע זאכן פון דער פיזישער וועלט בלויז די בינע און דאס מעבל פארן מענטשן און ער שפּילט די פארשיידענע לעבנס־ראָלן, זיינען זיי פארן גריך געווען מיטשפּילנדע אקטיארן, וואס יעדער איינער פון זיי האָט געשפּילט זיין באַ־שטימטע ראָל און איז געווען גרימירט, ווי ס'האָט געפּאסט פאר זיין ראָל אין דער גרויסער דראמע אין וועלכער דער מענטש און פארשיידענע זאכן האָבן גלייך איינטייל גענומען" (דאַרטען).

דאָס איז א גאנץ אנדער נאַטוראליזם פון דעם מאָדערנעם נאַטוראליזם; עס איז א נאטוראליזם פון אן איינהייטלעכער וועלט אין וועלכער אלץ מיט אלעמען זיינען גלייך, אפילו די געטער זיינען א גלייכער טייל; זיי באלאנגען מיטן מענטשן צו איין משפּחה און האָבן דעם זעלבן יחוס . . . דעם זעלבן יחוס האָבן אָבער אויך אנדערע זאכן אין דער נאטור.

באַטראַכטנדיק אלץ מיט אלעמען פון אָט דעם איינהייטלעכן, אזוי אָנ־גערופענעם, נאטוראליסטישן בליק, האָבן די גריכן פון איין זייט דערהויבן דאָס פיזישע צו אזא גייסטיקער הויך, אז זיי האָבן געמאכט א רעליגיע קולט פון די אָלימפּישע שפּילן און האָבן זיי דערהויבן צו א געטלעכער הויך און פון דער צווייטער זייט האָבן זיי אויף אזויפיל פארנאטוראליזירט דאָס גייס־טיקע, אז זייערע געטער זיינען ניט געווען בעסער פון קיין מענטשן און אָפט נאָך ערגער פון מענטשן . . . און איבער אלץ מיט אלעמען אין דער נאטור, איינשליסנדיק די געטער, הערשט א מין גורל (מויאירא), אָדער א נויטווענ־

דיקייט, וואָס קיינער קען ניט אויסמיידן, א פאטום, אונטער וועלכן אויך די געטער זיינען אונטערוואָרפן און זיי קענען ניט אויסמיידן זייער שיקזאל.

דער געדאנק פון שיקזאלהאפטיקייט איז, ווי ס'זעט אויס, געווען א פונדאַמענטאַלער באַגריף אין דעם גריכישן דענקען; מען באַגעגענט זיך מיט דעם באַגריף אין אַלע וויכטיקע גריכישע שאפונגען. מען געפינט אים ביי האָמערן (זע איליאדע קאַפּ. 16, ז. 43), אין סאקראטעסעס אפאלאגיע (ז. 23), און ער הערשט אין די גריכישע טראגעדיעס. ער איז דער אויבערהערשער איבער אַלץ און איבער אַלעמען.

גלייכצייטיק מיטן נאַטוראליסטישן איינהייטלעכן בליק און מיטן פונדאַמענטאַלן שיקזאַלהאפטיקייט באַגריף האָבן די גריכן מיט זייער לעבן, דענקען און אקטיוויטעט, פאַרגעשטעלט א קאלידיסקאפישע פארשיידנארטיקייט, וואָס איז געווען פול מיט ווידערשפרוכן. ווי אזוי זיי האָבן די דאָזיקע ווידערשפרוכן הארמאָנירט, אויב זיי האָבן געמאכט א פארזוך זיי צו הארמאָניזירן, איז ניט פאַרשטענדלעך: — זיי האָבן געגלויבט אין אן אומפארמיידלעכן גורל, אין א מין פאטום וואָס הערשט איבער אַלץ און איבער אַלעמען און אין דער זעלבער צייט האָבן זיי פריי געשמידט זייער לעבן און האָבן זיך נישט אָנגעהויבן צו רעכענען מיט אָט דעם אומפארמיידלעכן גורל . . . פון איין זייט זיינען זיי געווען געניאַלע קינסטלער און פּאָעטן, וועמענס קונסט ווערק עס ווערן באוואונדערט ביזן היינטיקן טאָג און פון דער צווייטער זייט זיינען זיי געווען פראקטישע סוחרים, וואָס האָבן דורכגעשניטן אַלע ימים מיט זייערע סחורות און זיינען געווען דערפאַלגרייכע קאָלאָניסטן, וואָס האָבן צעשפּרייט זייערע קאָלאָניעס איבעראל ארום דעם מיטל־לענדישן ים. פון איין זייט זיינען זיי געווען אזוינע איבערגעגעבענע פּאטריאָטן, אז זיי זיינען אין יעדער צייט גרייט געווען צו געבן זייער לעבן פאר דער רעפּובליק און פון דער צווייטער זייט האָט כמעט יעדער גריך געהאט א פּרייז, פאר וועלכער ער האָט זיך פארדונגען צו פירן א מלחמה קעגן זיין אייגן לאנד און עס פאררראטן אויף א פראָוואָקאטאָרישן אופן. פון איין זייט האָבן זיי אויף אזויפיל פארהערלעכט קערפּערלעכע שיינקייט, אז זיי האָבן פשוט פארגעטערט דעם קערפּער און פון דער צווייטער זייט האָבן זיי געהאַלטן, אַז דער גוף איז אַ תפיסה פאַר דער נשמה, וואָס איז צו דער זעלבער צייט געווען א טייל פון דער נאטור. פון איין זייט זיינען זיי געווען אינטעלעקטואַליסטן און נאַטוראַליסטן, וואָס האָבן געשטרעבט צו דערקלערן יעדע דערשיינונג אויף א נאטירלעכן אופן און פון דער צווייטער זייט האָבן זיי געגלויבט אין די דיאָניסוס און אין די ארפישע קולטן און אפילו די פילאָזאָפן האָבן געגלויבט אין די אראקולן פון דעלפי. פון איין זייט האָבן זיי ניט געהאט קיין קלויסטערס, קיין פּריסטער און קיין שום רעליגיעזע קאָדעקסן און פון דער צווייטער זייט האָבן זיי פארפאָלגט זייערע דענקער און פילאָזאָפן, ווען זיי האָבן קריטיקירט די פּרימיטיווע און אפילו וואולגארע געטער. פון איין זייט זיינען זיי געווען ליידנשאַפטלעכע זוכער פון אמת אין זייער דענקען און אין דער צווייטער זייט זיינען זיי געווען אזוי פאַלש, אז די ווארנונג: "היט זיך פאר די גריכן, ווען זיי ברענגען דיר מתנות" איז געבליבן קלאַסיש, אַז מען דאַרף זיך היטן פון באטריגער אפילו ווען זיי ווילן טאָן א טובה . . .

פארשטייט זיך, אז די אלע ווידערשפרעכנדע אייגנשאפטן אינם גרי־

כישן כאראקטער קענען ניט הארמאנירט ווערן: — די גריכן דארפן גענומען ווערן ווי זיי זיינען געווען מיט זייערע מעלות און מיט זייערע חסרונות. מען דאַרף אָבער אין זינען האָבן, אז אינם כאראקטער און אקטיוויטעט פון איינעם פון די פעאיקסטע און באגאבטסטע פעלקער, וואָס האָט ווען עס איז געלעבט — אויב ניט דאָס באגאבטעסטע פאָלק, דארף מען אויך דערווארטן זיי זאָלן האָבן גרויסע חסרונות.

די גריכישע גרויסקייט האָט זיך מאניפעסטירט שארף אין בולט אי אין די מעלות, אי אין די חסרונות און דערפאר זיינעןביידע זייטן אזוי באַ־מערקבאר. און נאָך עפּעס: — דאָס היסטאָרישע לעבן פון גריכנלאַנד האָט אָנגעהאַלטן איבער טויזנט יאָר, אויב ניט גאנצע פופצן הונדערט יאָר, ווען מען זאָל גיין אביסל ווייטער איןביידע ריכטונגען, אין אָנהויב פון זייער געשיכטע און אין דעם סוף פון זייער געשיכטלעך לעבן. ווען מען נעמט אזא לאַנגן היס־טאָרישן פעריאָד פון אזא אקטיוו פאָלק, ווי דאָס גריכישע פאָלק איז געווען און מען נעמט עס לויט די פאַרשיידענע פּלעצער, אין וועלכע ס'האָט געלעבט, מיט די פארשיידענע אקטיוויטעטן אין וועלכע עס האָט איינטייל גענומען, איז נאַטירלעך, אז מען זאָל אין דעם געפינען אַלץ, וואָס מען וועט זוכן. מען קען צוגיין צו די גריכן פון א פארקערטן שטאַנדפּונקט און זאָגן, אז טאקע דערפאר, וואָס ס'איז געווען אזא באגאבט און אקטיוו פאָלק, באגעגנט מען זיך אין דעם מיט אזויפיל ווידערשפּרעכענדע אייגנשאפטן:—די חסרונות גופא ווייזן אָן אויף דער גרויסקייט פונם גריכישן געני . . .

מיט די ביז אהער אָנגעוואָרפענע באמערקונגען, ווי א היגטער גרונט, וועלן איצט באַטראַכט ווערן די מאָמענטן פון דער גריכישער ציוויליזאציע, וואָס האָבן א שייכות צום גריכישן דענקען. דער אָנהויב וועט געמאכט ווערן מיט דעם גריכישן אויסגאנגס פּונקט, מיטן אזוי אָנגערופענעם דראמאטישן צוגאנג צו דער וועלט און זי באַטראַכטן פון שטאַנדפּונקט פון א דראמע, וואו די אקטיוויטעט איז א קאָאָרדינירטע און איז סצענירט פון א דירעקטער, וואָס ארבעט מיט א פּלאן און האָט אין זינען א באַשטימטן צוועק, וועלכן ער וויל דערגרייכן.

דער דראמאַטישער צוגאנג צו דער וועלט איז ניט געווען קיין נייער; די גריכן האָבן אים ניט דערפונדן: — עס איז דער אַלטער צוגאנג פון דער רעליגיע צו דער וועלט. דער אויסגאנגס פּונקט פון רעליגיע איז, אז געטער (אין דער מאָנאָטעאיסטישער רעליגיע איז, נאטירלעך, פאראן נאָר איין גאָט) הערשן אין דער וועלט און זיי פירן דורך אַלץ, וואָס קומט פאָר אין איר. די געטער זיינען עס די סצענירער פון דער וועלט דראמע; זיי פירן זי דורך. דער־פאר ווערט דער צוגאנג צו דער וועלט אָנגערופן דער דראמאטישער צוגאנג, זי ווערט באטראכט פון שטאַנדפּונקט פון עמיצן (די געטער, אָדער העלדן), וואָס פירן דורך די דראמע.

ביי די גריכן זיינען אויך די געטער געווען די אויספּאָלגער פון דראַ־מאַטישע אקטן, וואָס ווערן צו זיי געגעבן פון אן עמיצן (גורל, נויטווענדיקייט אָדער פאטום), אויך זיי זיינען געווען געשאפענע פונם אורשפּרונגלעכן כאאָס, דערפאר האָבן זיי ניט געקענט גענומען ווערן פארן אויסגאנגס פּונקט, נאָר דער גאנג פון דער וועלט גופא, ווי ער ווערט באשטימט פונם גורל . . . אָט דער דראמאטישער אויסגאנגס פּונקט האָט אין גריכנלאַנד מיט דער צייט געפירט

צום אינטעלעקטואליזם, צו דערקלערן נאַטור דערשיינונגען אויף א נאַטיר־לעכן אופן לויט דער לאָגיק פון דעם דענקען.

פארשטייט זיך, אז ווען עס ווערט געמאכט אן אָנהויב פון אָט דעם דראמאטישן אויסגאנגס פונקט, ווערט דערמיט ניט געמיינט, אז שוין די ער־שטע טריט פון דעם גריכישן דענקען זיינען געווען באַוואוסטזיניקע, וואָס האָבן געפירט דירעקט צום נאַטוראליזם און אינטעלעקטואליזם. געשיכטלעכע פראָ־צעסן קומען ניט פאָר אויף אזא לייכטן און באוואוסטזיניקן אופן; דער גריכי־שער דענקען איז געווען א רעזולטאט פון א לאנגן און דויערנדן היסטאָרישן פראָצעס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין קריט און איז איבערגעפלאנצט געוואָרן אין די גריכישע אזיאטישע קאָלאָניעס, וואו דער גריכישער דענקען האָט זיך פאקטיש אָנגעהויבן.

וו. דיורענט באשרייבט דעם אנטוויקלונגס פראָצעס פון גריכישן דענקען אויף דעם פאָלגענדן אופן: ״אין דער דאָזיקער סטימולירנדער סביבה (אין מעליטוס אין אן אייאנער קאָלאָניע, נאָענטער מזרח) האָבן די גריכן צום ערשטן מאָל אנטוויקלט זייערע צוויי וויכטיגסטע כאראקטעריסטישע מתנות, וואָס זיי האָבן געגעבן דער וועלט: — וויסנשאפט און פילאָזאָפיע. די שייד־וועגן, וואו געשעפטלעכע פארבינדונגען זיינען געפירט געוואָרן, זיינען געווען די פלעצער, וואו פאַרשיידענע אידייעס האָבן זיך באגעגנט און פארשיידענע מנהגים און גלויבונגען זיינען זיך צוזאמענגעקומען. פארשיידנארטיגקייט רופט ארויס קאָנפליקטן, פארגלייכן און געדאנקען; — אבערגלויבנס אנולירן איינער דעם צווייטן און דער פארשטאַנד הויבט אָן צו ארבעטן. דאָ אין מעליטוס, ווי שפּעטער אין אטען, האָבן זיך געפונען מענטשן פון הונדערטער צוואָרפענע שטעט; שאַרפע מוחות, וואָס זיינען ארויסגעבראכט געוואָרן פון קאָנקורי־רענדע געשעפטן און וואָס זיינען באפרייט געוואָרן פון שקלאפעריי און פון טראַ־דיציעס א דאנק דעם, וואָס זיי זיינען פאר א לאנגער צייט געווען ווייט פון די היימישע רעליגיעס און טעמפלען. די מעליטער איינוואוינער זיינען אויך ארומ־געפאָרן אין ווייטע שטעט און האָבן געזען די ציוויליזאציע פון לידיע, בבל, פיניציע און מצרים און זיי האָבן די ציוויליזאציעס אין זיך אריינגעזאפּט. אויף דעם אופן האָבן זיי דערוואָרבן געאמעטריע פון מצרים, און אסטראָנאָמיע פון בבל. האנדל און מאָטעמאטיק, אויסלענדישע קאָמערציע און געאָגראפיע. נאָ־וויגאָציע און אסטראנאָמיע, האָבן זיך אנטוויקלט איינע לעבן דער אנדע־רער. אין דער צייט האָט רייכקייט באפרייט מענטשן פון אַרבעט און האָט זיי געגעבן פרייע צייט און אן אינטעלעקטועלע אריסטאָקראטיע, וואָס איז געווען טאָלעראנט צו פרייעם דענקען, האָט זיך געקענט אנטוויקלען . . . עס איז ניט געווען קיין מעכטיקער פּריסטער קלאס און ניט קיין אלטע אינספּירירטע בי־כער, וועלכע זאָלן באגרענעצן דעם מענטשלעכן דענקען; אפילו האמערס פּאָ־עמעס, וואָס זיינען שפּעטער אין א געוויסן זין געוואָרן די גריכישע ביבל, האָבן נאָך אין יענער צייט ניט אָנגענומען קיין באַשטימטע פאָרמע. אָבער אפילו אין זייער לעצטער פאָרמע האָט זייער מיטאָלאָגיע, מיט די סקאָנדאָליעזע פּאָרוויי־לונגען, מיטגעהאָלפן דעם אייאָנישן סקעפּטיציזם. אויף אָט דעם פּלאָץ איז דער מענטשלעכער דענקען צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע געוואָרן וועלטלעך און האָט גענומען זוכן ראציאָנאלע און אויסגעהאלטענע ענטפערס אויף די פּראָבלעמען פון וועלט און מענטש״ (זע ״לייף אָוו גריס״ ז. 135).

אזוי אומגעפער איז אנטשטאנען דער וועלטלעכער דענקען אין גריכנ־לאַנד און האָט זיך באפרייט פון רעליגיעזער אינטערפּרעטאציע. אין דעם ליגט די רעוואָלוציע, וואָס די גריכן האָבן געמאכט. פארשטייט זיך אז דאָס, וואָס וו. דיורענט זאָגט איז ניט קיין געשיכטע, וואָס דארף געגומען ווערן פּינקט־לעך; ער גיט א סכעמאטיש בילד ווי דער פּראָצעס איז, ווארשיינלעך, פאָר־געקומען אין דער שטאָט מעליטוס אין אייאָנע, וואו אן אינטערנאציאָנאלער האנדל און ים פארקער, איז פאָרגעקומען. אייגנטלעך זאָגט ער ניט קיין נייעס, ווען ער ברענגט ארויס דעם געדאנק, אז וועלטלעכע באגריפן און סעקולאַ־רער דענקען, זיינען אַנטשטאַנען אין אַ פּלאַץ, וואו מענטשן מיט פאַרשיידענע רעליגיע באגריפן זיינען זיך צוזאמענגעקומען און וואו די צוימען פון רעליגיע זיינען לויז געוואָרן. פאַרשטייט זיך, אַז ס'איז ניט נאָר געווען קיין פראַגע פון קאָמערציעלער פארבינדונג פון פארשיידענע מענטשן מיט פארשיידענע גלויבנס; אזוינע קאָמערציעלע פארבינדונגען זיינען פאָרגעקומען אויך אין אנ־דערע קאָמערציעלע פונקטן, זיי זיינען פאָרגעקומען אפילו אין דער איזאָליר־טער מצרים. די אנדערע פעלקער זיינען אָבער געווען געשמידט דורך די קייטן פון א שטאַרקער רעליגיעזער דיסציפּלין און זייגען געווען קרבנות פון א פיקסירטן ארט דענקען מיט פארטיקע ביבלס און טאבוס און ספּעציעל מיט פריסטער, וועלכע האָבן שוין אָכטונג געגעבן, אז אלץ זאָל בלייבן ווי „גאָט האָט געבאָטן.” צווישן די גריכן אין מעליטוס זיינען אָט די אלע שטערונגען ניט געווען, וואָס ס'איז יאָ געווען איז א גייסטיק אקטיוו פאָלק, וואָס האָט אָנ־געהויבן דענקען זעלבסטשטענדיק.

# קאַפּיטל 7

## די ערשטע גריכישע דענקער

דעם כבוד צו זיין דער ערשטער וואָס האָט זיך אָפּגעקערט פון אַ רעליגיעזער דערקלערונג וועגן דער וועלט און האָט זיך געווענדט צום אייגענעם שכל פאַר אַ דערקלערונג, האָט די געשיכטע געגעבן צו טאַלעסן פון מעליטוס (געבאָרן 640 פ. קר.). מען האָט אַ רעכט צו גלויבן, אַז ער איז ניט געווען דער ערשטער מענטש אויף דער וועלט, וואָס האָט אָנגעהויבן צו דענקען וועגן דער וועלט אויף אַ ריין ראַציאָנאַלן אופן; עס זיינען געווען געוויס ביסל מענטשן פאַר אים, וועלכע האָבן געדענקט וועלטלעך ראַציאָנאַל. זיי האָט אָבער די געשיכטע געלאָזט נאָמענלאָז און אים האָט זי איינגעטיילט דעם כבוד, וואָס זי האָט ניט בלויז איבערגעלאָזט זיין נאָמען, נאָר ביז אַ גרויסן גראַד אויך וואָס ער האָט געזאָגט, אָדער ווי ער האָט דערקלערט די וועלט. דער היסטאָריקער גראָטה זאָגט וועגן אים: ״טאַלעס האָט אַראָפּגענומען דאָס פּערזענלעכע פון אקעאנוסן און טעטיסן, די צוויי אורשפּרונגלעכע עלטערן פון האָמערס געטער. ער האָט גענומען וואַסער, די פלּיסיקע סובסטאַנץ, פאַר דעם פונדאַמענטאַלן שטאָף פון וועלכן אַלץ אין דער וועלט שטאַמט אַרויס און אין וועלכן אַלץ ווערט צוריק פאַרוואַנדלט.

די דאָקטרין, אַז ס׳עקזיסטירט אַ פונדאַמענטאַלע אייביקע סובסטאַנץ, וואָס בלייבט אַלעמאָל די זעלבע און אין דער זעלבער צייט מאַניפעסטירט זי זיך אין אַ פאַרשיידנאַרטיקער פאָרמע צו די חושים איז ווי אַ פּראָבלעם דאָס ערשטע מאָל אַריינגעבראַכט געוואָרן אין דער געזעלשאַפט פון טאַלעסן, מיט זיין טעאָריע האָט ער אַ היפּש ביסל אַריבערגעשטיגן די פיזישע גרענעצן און האָט אַריינגעטראָטן אין מעטאַפיזיק. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אַריינגעפירט אין דער גריכישער פילאָזאָפיע דאָס וויכטיקע וואָרט, וואָס באַצייכנט אַן אָנהויב, אָדער אַ פּרינציפּ. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבן די מעטאַפיזישע דיסקוסיע, וואָס איז אויף פאַרשיידענע אופנים אָנגעהאַלטן געוואָרן די גאַנצע צייט, וואָס די גריכישע פילאָזאָפיע האָט עקזיסטירט. זיין אָנהויב האָט געפירט צו די פראַגן: איינהייט און פילפאַכיק; קאָנטינואיטעט און פאַרשיידנהייט; אייביק עקזיסטירנדעס און צייטווייליקעס, וואָס פאַרשווינט אין דער שטענדיקער ענדערונג״ (זע ״גריס״ באַנד 4, זז. 284-286).

און דער היסטאָריקער פון דער וויסנשאַפט, וויטהאם זאָגט: ״די ערשטע

אייראָפּייאישע שיטה פון דענקען, וואָס האָט אָפּגעבראָכן פון מיטאָלאָגישע טראַדיציעס, איז געווען די אייאָנישע שיטה פון די נאַטור פילאָזאָפן. פון וועלכע טאַלעס דער סוחר, דער שטאַטסמאַן, אינזשינער, מאַטעמאַטיקער און אַסטראָנאָם, איז געווען דער ערשטער, וועגן וועמען מיר ווייסן. די דאָזיקע שיטה איז וויכטיק דערמיט, וואָס אירע דענקער האָבן געהאַט איין צוועק און אַ באַשטימטן ציל. זיי האָבן אָנגעהויבן מיט אַזוינע לאָגישע באַווייזן, ווי עס איז דעמאָלט געווען מעגלעך, צו ענטפערן אויף דער פראַגע "פון וואָס און אויף וועלכן אופן איז די וועלט פאָרמירט געוואָרן?" (זע "עי היסטאָרי אָוו סייענס" ז. 16).

פון די אויסצוגן קען מען זען, אַז טאַלעס, וואָס איז היסטאָריש באַקאַנט, אַלס דער ערשטער גריכישער דענקער, איז שוין געווען אַ פילאָזאָף מיט אַ גאַר גרויסן פאַרנעם; ער האָט זיך פאַרטראַכט וועגן פונדאַמענטאַלע נאַטור פּראָבלעמען. פון די פראַגן, וואָס ער שטעלט און ווי ער ענטפערט אויף זיי, האָט מען אַ רעכט צו אָננעמען, אַז ער איז ניט געווען דער ערשטער דענקער, וואָס האָט זיך פאַרטראַכט וועגן די דאָזיקע פראַגן. מען קען פאַר קיין פאַל ניט גלויבן, אַזאַ אַזאַ טיפער פילאָזאָפישער דענקען, זאָל אָנטשטיין מיטאַמאָל אָט ווי פון דער העלער הויט אַרויס. דאָס איז כמעט אומגלויבלעך; מען האָט אַ רעכט צו אָננעמען, אַז ער איז ניט געווען דער ערשטער דענקער, נאָר דער ערשטער דענקער, וועמענס דענקען עס איז באַקאַנט.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז ספּעקולאַציע, עס איז אָבער אַ ספּעקולאַציע, וואָס מען האָט אַ רעכט צו אָננעמען לויט דער טעאָריע פון וואַרשיינלעכקייט: — עס איז ניט וואַרשיינלעך, אַז דער ערשטער סעקולערער דענקער זאָל געווען זיין אַזאַ טיפער פילאָזאָף און אַזאַ וויסנשאַפטלער, ווי טאַלעס איז געווען. עס איז אָבער אויך מעגלעך, אַז טאַלעס גופא איז גאַרניט געווען אַזאַ טיפער דענקער און וויסנשאַפטלער, ווי מען נעמט אָן, אַז ער איז געווען. פון אים אַליין איז דאָך קיין זאַך ניט געבליבן און דאָס, וואָס אַנדערע שרייבן אים צו, איז, מעגלעך, אַ היפּש ביסל איבערטריבן...

איצט דאַרף מען אים אָבער באַטראַכטן ווי ער איז היסטאָריש געבליבן און מען דאַרף אים אויך נעמען פאַרן ערשטן וועלטלעכן פילאָזאָף; קיין אַנדער ברירה איז ניטאָ.

נאָך די פאַר באַמערקונגען קען מען איבערגיין צו טאַלעסן, ווי זיינע געדאַנקען און אויפטואונגען ווערן היסטאָריש איבערגעגעבן. עס ווערט געזאָגט וועגן אים, אַז ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אויפגעגעבן דעם רעליגיעזן בליק אויף דערשיינונגען און האָט גענומען זיי באַטראַכטן ריין לאָגיש. דאָס איז וואַרשיינלעך ריכטיק; מען דאַרף אָבער אין דעם ניט אַריינטייטשן מער, ווי ס'האָט אין זיין צייט געמיינט: ווערט דאָך צו אים אויך צוגעשריבן, אַז ער האָט געזאָגט, אַז די וועלט איז אָנגעפילט מיט געטער. פאַקטיש האָט ער זיך אינגאַנצן ניט אָפּגעזאָגט פון דער מיטאָלאָגיע, ווי מען קען עס זען פון דעם נאָר וואָס ציטירטן פון גראַטהן: — לויט דער מיטאָלאָגיע זיינען די אורעלטערן פון די געטער, אָקעאַנוס און טעטיס, געווען דער קעניג און קעניגין, די הערשער איבער וואַסער, האָט ער אָנשטאָט זיי גענומען וואַסער גופא פאַרן אורשפּרונגלעכן אין דער נאַטור.

דער געדאַנק פון אַן אורשפּרונגלעכן עפּעס, פון וואָס אַלץ איז אַנט-

שטאַנען, געפינט זיך אויך אין דער גריכישער מיטאָלאָגיע, (דער אורשפרונג־לעכער כאַאָס) אַזוי אַז טאַלעס האָט זיינע פונדאַמענטאַלע באַגריפן געהאַט פאַרטיקע, ער האָט זיי נאָר געדאַרפט ענדערן און דאָס האָט ער געטאָן דער־מיט, וואָס ער האָט אויסגעלאָזט דאָס מיטאָלאָגישע און האָט אָנגעהויבן פון דעם, וואָס ער האָט אָנגענומען פאַר א פאקט: — פון וואַסער אַלס דאָס סובסטאַנ־ציעלע אין דער נאַטור, פון וואָס אַלץ אַנטשטייט און צו וואָס אַלץ קערט זיך צוריק אום. די לעגענדע וועגן אקעאנוסן און טעטיסן, האָט מען א רעכט צו ספעקולירן, האָט אים ארויפגעפירט אויפן וועג צו נעמען וואַסער פאַר דער פונדאַמענטאַלער סובסטאַנץ. עס איז אויך מעגלעך, אַז ער איז באאיינפלוסט געוואָרן פונם מצרישן באַגריף פון אַ וואַסער גאָט, פון וואַנען די גריכישע וואַסער גאָט לעגענדע איז, וואַרשיינלעך, גענומען געוואָרן; אויב ניט דירעקט איז אומדירעקט דורך קריט. מען האָט אויך אַ רעכט צו אָננעמען, אַז טאַלעס איז געווען אין מצרים און האָט אַ היפש ביסל פון זיין וויסן גענומען בא די מצרים; מעגלעך, אַז דער געדאַנק אַז וואַסער איז די פונדאַמענטאַלע סובסטאַנץ פון דער וועלט, האָט ער פון זיי גענומען, אויב ניט דירעקט, איז אומדירעקט. ווי ס'זאָל ניט זיין, איז עס ניט געווען קיין אָריגינעלער געדאַנק.

אַריסטאָטל ספעקולירט, אַז טאַלעס האָט גענומען וואַסער פאַר דער סובסטאַנץ פון דער וועלט, ווייל ער האָט באַמערקט, אַז די זאמען פון חיות און פלאַנצן, זיינען פליסיק און אַז וואַסער איז נויטיק פאַר יעדער וואַקסונג. ער באַזירט אָבער ניט זיין השערה אויף וועלכן עס איז פאַקט. עס איז אַ ריינע ספעקולאַציע, וואָס איז אים אין קאָפּ איינגעפאַלן און מען האָט אַ רעכט צו צווייפלען צי טאַלעס האָט וועגן דעם אפילו געדענקט, אָדער געוואוסט (אַרי־סטאָטל אַליין זאָגט "וואַרשיינלעך").

דער געדאַנק וועגן אַן אורשפרונגלעכן שטאָף, ווי אַ סובסטאַנץ, פון וועלכער אַלץ איז אנטשטאַנען און צו וועלכן אַלץ קומט צוריק, איז, ווי פריער באמערקט, ניט געווען קיין נייער; ער איז אַיינגעשלאָסן אינם מיטה, אַז די וועלט איז אנטשטאַנען פון כאַאָס און זי וועט זיך צוריק אומקערן צום כאַאָס. טראָץ אָבער דעם אַלעמען, וואָס די געדאַנקען, וועלכע טאַלעס האָט פאַרטיי־דיקט, געפינען זיך אין דער גריכישער מיטאלאגיע, איז טאַלעסעס רעוואָלו־ציע איינע פון די וויכטיקסטע, וואָס איז ווען עס איז געמאַכט געוואָרן און דאָס ציטירטע פון מארעטן אין אָנהויב פון קאַפּיטל, אַז "צוברעכן טראַדיציע מיטן רעפלעקטיוון כוח אַליין און מאַכן מעגלעך ראַציאָנאַלן פּראָגרעס איז געווען די אינטעלעקטועלע דערגרייכונג נאָר פון איין פאָלק: פון דעם קלאַסישן גרי־כישן פאָלק . . ." מיינט טאַלעסן מער, ווי וועלכן עס איז אַנדערן גריכישן דענקער, פארשטייט זיך, אַז דאָס מיינט בלויז אינם זינען פון ערשטן דענקער און פאַר קיין פאַל ניט אין שייכות צו זיין באַדייטונג אין אַלגעמיין.

טאַלעסעס הויפּט פאַרדינסט ליגט אין זיין אויסגאַנגס פונקט, אין אַוועקשטעלן דעם דענקען אויף אַ ריין וועלטלעכן שטאַנדפּונקט און פּרובירן דערקלערן די נאַטור דערשיינונגען אויף א ריין נאַטוראַליסטישן אופן. דאָס, וואָס ער האָט באַטראַכט וואַסער פאַר דער פונדאַמענטאַלער סובסטאַנץ אין דער נאַטור, מעג באַטראַכט ווערן פאַר אַ צופאַל און קען אינגאַנצן אויסגעלאָזט ווערן. די נאַטוראַליסטישע דערקלערונג, וואָס ער האָט געגעבן פאַרוואָס ער נעמט אָן וואַסער פאַר דער פונדאַמענטאַלער סובסטאַנץ אין דער נאַטור, האָט

געהאַט די גרעסטע באַדייטונג פאַר דער געשיכטע פון דעם מענטשלעכן גע־דאַנק. עס איז ניט וויכטיק וואָס ער האָט פאַרטיידיקט און ס׳איז אויך ניט וויכטיק וואָס פאַר אַרגומענטן ער האָט געניצט אין זיין פאַרטיידיגונג, וויכ־טיק איז דער נאַטוראַליסטישער מעטאָד, וואָס ער האָט געניצט אין דער פאַר־טיידיגונג. זאָגנדיק דאָס דאַרף מען אויך ניט פאַרגעסן, אַז ער האָט אויך אַרויסגעוויזן פילאָזאָפישע טיפקייט אין זיין אַרגומענטאַציע. לויט די פריער ציטירטע היסטאָריקער, גראָט און וויטהאם, האָט טאַלעס אוועקגעשטעלט דעם גריכישן דענקען אויף אַ פאָלקאָמענער פילאָזאָפישער הויך. ער האָט אָנגערירט טיפע פילאָזאָפישע פראַגן וועגן די פונדאַמענטאַלע פּרינציפּן אין דער נאַטור; ער האָט באַרירט דעם פּראָבלעם וועגן אינדיווידואַליטעט און פּלוראַליטעט, וועגן קאָנטינואיטעט און באַזונדערהייטן, וועגן דער אַנטשטייאונג און דער פאַרגייאונג פון זאַכן און דערשיינונגען אין דער נאַטור און פאַרוואָס און ווי אַזוי קומען פּאַסירונגען איבערהויפּט פאָר. דאָס זיינען פונדאַמענטאַלע פילאָ־זאָפישע פּראָבלעמען מיט וועלכע דענקער באַשעפטיקן זיך ביזן היינטיקן טאָג. געוויס איז מעגלעך, ס׳איז אפילו וואַרשיינלעך, אַז ער האָט זיך ניט דער־טראַכט צו די טיפקייטן, וואָס די דאָזיקע פּראָבלעמען ענטהאַלטן אין זיך. ער האָט זיי נאָר אויפגעהויבן פילאָזאָפיש. דאָס איז מער ווי גענוג פאַרן ערשטן דענקער; נאָך אים זיינען געקומען אַנדערע און האָבן זיך מער און טיפער אַריינגעטראַכט אין די פילאָזאָפישע פּראָבלעמען, וואָס ער האָט אויפגעהויבן (וואַרשיינלעך ווערט אים מער צוגעשריבן, ווי ער האָט געזאָגט). אַרום און אַרום קען מען זען, אַז טאַלעס האָט פאַלשטענדיק פאַרדינט דעם פּלאַץ, וואָס מען גיט אים אָפּ אין ווערק וועגן דער געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע.

טאַלעס איז אָבער ניט נאָר געווען דער ערשטער פילאָזאָף, ער איז אויך געווען דער ערשטער ווויסנשאַפטלער. וויסנשאַפטלעכע פאַקטן און באַ־אָבאַכטונגען זיינען געווען פאַר אים: — די מאַטעמאַטישע פאַקטן האָט ער גענומען פון מצרים, די אַסטראָנאָמישע פאַקטן האָט ער גענומען פון בבל. אין די דאָזיקע לענדער זיינען די פאַקטן, אָדער באַטראַכט געוואָרן יעדער פאַקט באַזונדער און איז גענוצט געוואָרן פאַר פּראַקטישע צוועקן, אָדער ער איז פאַרבונדן געוואָרן מיט אַנדערע פאַקטן אויף אַ רעליגיעז־מיסטישן אופן. טאַ־לעס איז געווען דער ערשטער, וואָס איז צוגעגאַנגען צו די פאַקטן אויף אַ ריין וויסנשאַפטלעכן אופן: — ער האָט אָנגענומען די אַסטראָנאָמישע פאַקטן און האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַסטראָלאָגיע. ער האָט זיך גענומען סיסטעמאַ־טיזירן פאַקן און ציען פון זיי לאָגישע שלוסן. דאָס איז דער אָנהויב פון וויסנ־שאַפט. מען זאָגט, אַז ער האָט אויסגערעכנט, אַז אַ לקוי חמה וועט פאָרקומען אין 585 פ. קר. זיין אויסרעכענונג איז געווען אַ ריכטיקע... אין אַזאַ פאָראויס־רעכענונג זיינען איינגעשלאָסן אַ וויסנשאַפטלעכער אויסגאַנגס פּונקט, וואָס נעמט אָן, אַז ס׳הערשט אַ שטרענגע געזעצלעכקייט אין דעם גאַנג פון פּאַסי־רונגען אין דער נאַטור און אַ היפּשער אַסטראָנאָמישער וויסן וועגן דער באַ־וועגונג פון דער זון, פון דער לבנה און זייער שייכות. מען דערציילט וועגן אים אַן אַנעקדאָט, אַז גייענדיק איינמאָל אין גאַס, האָט ער זיך אַזוי פאַרקוקט אויפן הימל, אַז ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ קרעניצע . . . מען דערציילט אויך, אַז ער איז געווען אַ געשיקטער סוחר; ער האָט פאָראויסגעזען, אַז אויל וועט ווערן טייער, האָט ער אָנגעקויפט אַסך אויל און איז געוואָרן אַ גביר.

מען זאָגט אויך, אַז ער האָט, אַלס אינזשינער, געבויט די בריקן פאַר קרעזעסעס אַרמיי און נאָך און זאָגט מען וועגן אים. פאַרשטייט זיך, אַז דער גרעסטער טייל מעשיות זיינען לעגענדעס; זיי ענטהאַלטן אָבער אַ פונ־דאַמענטאַלן אמת, אַז ער איז געווען אי אַ דענקער אי אַ געלערנטער פאַר זיין צייט.

טאַלעס האָט געקאָנט געווען אָנהויבן די וויסנשאַפט, וואָס גאַליליי האָט אָנגעהויבן מיט צוויי טויזנט יאָר שפּעטער נאָך אים, ווען אפילו אַ טייל פון די אויפטואונגען, וואָס מ'שרייבט אים צו זאָלן זיין אמת. אויב ער האָט אויסגערעכנט, אַז אַ לקוי חמה וועט פאָרקומען אין אַ באַשטימטער צייט און זי איז פאָרגעקומען אין דער באַטרעפענדער צייט. אויב ער האָט ווירקלעך געמאַכט בריקן, וואָס האָבן געפאָדערט אויסרעכענונגען און אז. וו. זיינען דאָס אַלץ באַשטאַנען פון וויסנשאַפטלעכע אויפטואונגען. קיין וויסנשאַפטלעכן אָנ־הויב האָט אָבער ניט ער און ניט די גריכישע וועלט, וואָס איז געקומען נאָך אים, געמאַכט אינם זינען ווי וויסנשאַפט ווערט איצט פאַרשטאַנען. דער גרי־כישער אויסגאַנגס פונקט האָט זיי פאַרצוימט דעם וועג פון צו קענען מאַכן אַזאַ אָנהויב.

געוויס האָט גריכנלאַנד און אפילו די וועלט פאַר איר, געהאַט וויסנ־שאַפטלעכע פאַקטן. די אַרכיטעקטאָרן פון מצרים וואָלטן נישט געקאָנט געווען מאַכן די פּיראַמידן און די פאַרשיידענע טעמפּלען, וואָס זיי האָבן געמאַכט, ווען זיי וואָלטן ניט געווען געהאַט די נויטיקע פאַקטן לויט וועלכע זיי האָבן געבויט זייערע בנינים. ענלעכעס קאָן געזאָגט ווערן וועגן בבל און אז. וו.

די אַלע נויטיקע וויסנשאַפטלעכע פאַקטן האָבן זיי געהאַט. ווען אָבער מען רעדט וועגן די וויסנשאַפטלעכע אויפטואונגען פון דער אַלטער וועלט, דער עיקר פון דער קלאַסישער גריכנלאַנד, דאַרף מען ניט מינימיזירן זייער אויפטו און געוויס דאַרף מען ניט איגנאָרירן אַריסטאָטלס אויפטו דערהויפּט אויפן ביאָלאָגישן געביט. מען דאַרף אָבער שטאַרק אונטערשטרייכן, אַז דאָס זיינען ניט געווען קיין וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען אינם מאָדערנעם זי־נען פון וואָרט, ווייל ניט נאָר זיינען זיי בלויז געבליבן שטיין בא די פאַקטן, נאָר דורך זייער פאַלשן אויסגאַנגס פונקט האָט אַריסטאָטלס "וויסנשאַפט" פאַרפירט די מענטשהייט אין אַ זומפּ, פון וועלכן ס'האָט איר גענומען אַ לאַנגע צייט ביז זי האָט זיך אַרויסגעריסן.

אויפן פאַלשן אויסגאַנגס פונקט איז פריער אָנגעוויזן געוואָרן; ער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די גריכן האָבן געקוקט אויף דער וועלט ווי אויף אַ דראַמע און אום צו פאַרשטיין די דראַמע, דאַרף מען זי באַטראַכטן פונם צוועק, וואָס זי וויל דערגרייכן. אין אַ דראַמע אָבער קומט דאָס שפּילן פאַר דירעקט און דער צוועק ווערט אַרויסגעבראַכט אויף דער בינע. נעמט מען די וועלט פונם דראַמאַטישן שטאַנדפּונקט, האָט זיך דאָס "שפּילן" אויף איר אָנגעהויבן אין דער אומענדלעכער פאַרגאַנגענהייט; איצט געפינט מען זיך אין דער מיט פון "שפּיל", און אַזוי ווי מען קאָן די דאָזיקע דראַמע ניט אָנהויבן פון דאָס ניי און מען ווייס אויך ניט ווי דער פאַקטישער פּראָצעס (דאָס "שפּילן") איז היסטאָריש פאָרגעקומען, קען מען בלויז ספּעקולירן וועגן דער אַנטשטייאונג און פאַרגייאונג פון די פּראָצעסן אין דער וועלט און וועגן די פאַרוואָסן. מער ווי דאָס קען מען ניט טאָן.

דער דראַמאַטישער צוגאַנג פונם שטאַנדפונקט פאַרוואָס פּאַסירונגען קומען פאָר, צוזאַמען מיטן היסטאָרישן אויסגאַנגס פּונקט, האָבן בא די גריכן צוגענומען די מעגלעכקייט צו אַנאַליזירן פּראָצעסן גופא. זאָגט דער היסטאָריקער קאָרנפאָרד: ״קיין איינעם פון די גריכן האָט אפילו אין געדאַנק ניט געקענט איינפאַלן צו פּרובירן עקספּערימענטירן און זען ווי דער פּראָצעס קומט פאָר. דאָס, וועגן וואָס זיי האָבן ספּעקולירט, איז פאַרגעקומען אַמאָל אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, קען מען איצט נאָר ספּעקולירן ווי ס׳איז פאַרגעקומען, מען קען עס אָבער ניט פּרובירן איבערמאַכן: — מען קען ניט איבערמאַכן דעם היסטאָרישן פּראָצעס, ווען מען האָט אים שוין אַ פאַרטיקן״ (״די גריק סייענס״ אין ״בעקגרונט טו מא. סייענס״); ווען טאַלעס, צום ביישפּיל, האָט געזאָגט, אַז אַלץ שטאַמט אַרויס פון וואַסער, האָט עס געמיינט, אַז וואַסער איז די סובסטאַנץ, פון וועלכער אַלץ איז אורשפּרונגלעך אַנטשטאַנען. אין לויף פון דער צייט איז וואַסער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פאַרשיידענע זאַכן און איצט האָט מען אַ פאַרטיקע וועלט מיט די אַלע זאַכן. פאַרשטייט זיך, אַז ער קען איצט עקספּערימענטאַל ניט באַווייזן פאַרוואָס ער נעמט אָן, אַז וואַסער איז די סובסטאַנץ פון דער וועלט: — ער קען ספּעקולירן אָבער ניט עקספּערימענטירן. ווי גראַטה זאָגט מיט רעכט, אַז שוין טאַלעס האָט אַריבערגעשטיגן די פיזישע גרענעצן און האָט אַריינגעטראָטן אין מעטאַפיזיק; די ווייטערדיקע דענקער זיינען נאָכגעגאַנגען נאָך זיינע פוסטריט.

מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז דער דראַמאַטישער אויסגאַנגס פּונקט, צוזאַמען מיטן בליק צו קוקן אויף דער וועלט ווי אויף אַ לעבעדיקן אָרגאַניזם, וועמענס האַנדלונגען ווערן מאָטיווירט פון אַ צוועק, וואָס דער אָרגאַניזם שטרעבט צו דערגרייכן, האָט אַרויסגערוקט אין פאָרגרונט פון גריכישן דענקען דעם פאַרוואָס דערשיינונגען קומען פאָר און ניט דעם וויאַזוי זיי קומען פאָר: — זיי האָבן געזוכט סיבות פאַר וואָס פּראָצעסן קומען פאָר, זיי האָט ניט אינטערעסירט די פּראָצעסן גופא, ווי זיי קומען פאָר. די סיבות אָדער פאַרוואָסן, אָנגענומען אַז ס׳זיינען פאַראַן סיבות אָדער פאַרוואָסן פאַר די נאַטור פּראָצעסן, געפינען זיך ניט אין די פּראָצעסן גופא, נאָר הינטער זיי, קען מען נאָר ספּעקולירן וועגן זיי, מען קען זיי אָבער ניט פאָרשן: — דערפאַר פילאָזאָפיע און ניט וויסנשאַפט. דאָס דערקלערט די טענדענץ, וואָס דער גריכישער דענקען האָט אָנגענומען גלייך פון אָנהויב פון זיין אַנטוויקלונג; מער אויספירלעך וועט דער אַרט דענקען באַטראַכט ווערן אין געהעריקע פאַרבינדונגען.

טאַלעס און זיינע נאָכפאָלגער, ווערן אָנגערופן נאַטוראַליסטן; זיי ווערן אויך אָנגערופן העליזואיסטן. נאַטוראַליסטן ווערן זיי אָנגערופן אין קעגנזאַץ צו דער מערהייט פון די שפּעטערדיקע גריכישע דענקער, וועלכע ווערן אָנגערופן אינטעלעקטואַליסטן. דער אונטערשייד צווישן זיי באַשטייט אין דעם, וואָס די נאַטוראַליסטן האָבן גענומען די אויסערלעכע נאַטור פאַר זייער אויסגאַנגס פּונקט און די אינטעלעקטואַליסטן האָבן גענומען די לאָגיק פון שכל פאַר זייער אויסגאַנגס פּונקט. העליזואיסטן (וויטאַליסטן, אָדער אפילו פּאַנטעאיסטן) ווערן זיי אָנגערופן, ווייל זיי האָבן באַלעבט די נאַטור; זיי האָבן זי אפילו פאַרגעטערט. דאָס אַלץ קוקט פון דעם מאָדערנעם שטאַנדפּונקט אויס ווי ווידערשפּרוכן; דאַרף מען טאַקע די גריכן נעמען פון זייער שטאַנדפּונקט

און ניט פון אַ מאָדערנעם שטאַנדפּונקט . . .

דער צווייטער גריכישער דענקער, אנאַקסעמאַנדער, איז געווען טאַלעסעס א תלמיד און אַ צייט חבר. ער האָט אָנגענומען זיין רבינס אויסגאַנגס פּונקט און זיין סובסטאַנץ באַגריף. ער איז אָבער געווען אַ טיפערער דענקער פון זיין רבין. ער האָט אַיינגעזען, אַז מ׳קען ניט נעמען קיין ״עלעמענט״ (וואַסער) און אים באַטראַכטן פאַרן פונדאַמענטאַלן אין דער נאַטור. לויט זיין מיינונג האָט דאָס פונדאַמענטאַלע און סובסטאַנציעלע אין דער נאַטור, געדאַפט באַשטיין פון אַן עפּעס, וואָס באַזיצט קאַטעגאָרישע אייגנשאַפטן. דעם פונדאַמענטאַלן עפּעס, וואָס ער האָט פּאָסטולירט אין דער נאַטור, האָט ער אָנגערופן אַפּעיראָן (דאָס אומענדלעכע, אומבאַגרענעצטע און אומבאַשטימטע). דער אַפּעיראָן געפינט זיך ווי אַ פונדאַמענט אין דער אינערלעכקייט פון די ענדערנדע זאכן (בארנעט ״גריק פילאָסאָפיע״, גענומען לויט ל. ראַבינס ״גריק טהאָט״).

אַנאַקסעמאַנדער האָט אַריינגעפירט דעם קוואַליטאַטיוון צוגאַנג צו דער וועלט, ער האָט זי באטראכט לויט די קוואַליטעטן, לויט די כאַראַקטער אייגנשאַפטן פון זאַכן. דאָס איז געוואָרן דער אַלגעמיינער גריכישער צוגאַנג צו דער וועלט. פילאָזאָפיש איז דערדאָזיקער צוגאַנג צו דער וועלט פונדאַמענטאַל אַ ריכטיקער, אָבער פאַר אַ וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג צו דער וועלט האָט ער זיך אַרויסגעוויזן אימפּאָטענט און פאַרפירעריש. מיט דעם וועט זיך אויסקומען אַ היפּש ביסל באַשעפטיקן שפּעטער. דאָ איז נאָר אָנגעוויזן געוואָרן ווי דער אָנהויב איז געמאַכט געוואָרן; ער קען אָבער ניט נאָכגעפאָלקט ווערן; ער וואָלט פאַרפירט צו ווייט.

אנאַקסעמאנדער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געמאַכט אַ פּאַרזוך צו דערקלערן די אַנטוויקלונג פון דער וועלט אויף אַ נאַטירלעכן אופן. ער האָט אָנגענומען, אַז ״אין אָנפאַנג איז די ערד געווען פליסיק; די היץ פון דער אויסערלעכער וועלט האָט זי אויסגעטריקנט, איז זי געוואָרן האַרט אין אייניקע טיילן און אַנדערע טיילן זיינען אויסגעדאַמפּט געוואָרן און וואָלקנס זיינען געוואָרן פון דעם דאַמף. די ניט גלייכע טעמפּעראַטור אין פאַרשיידענע טיילן פון דער וועלט האָט געשאַפן דעם באַוועגנדן ווינט. לעבעדיקע אָרגאַניזמען זיינען אנטשטאַנען שטופנוויין פון דער אורשפּרונגלעכער פייכקייט. די ערשטע חיות זיינען געווען פיש; ווען די ערד האָט זיך אויסגעטריקנט, האָבן זיי אָנגענומען די איצטיקע פאָרמען. מענטשן זיינען אמאָל אויך געווען פיש; זיי זיינען ניט געווען אַזוי הילפלאָז, ווי זיי זיינען איצט. וואָלטן זיי אין יענער צייט געווען אַזוי הילפלאָז, ווי זיי זיינען איצט, וואָלטן זיי ניט געקענט געווען קריגן קיין שפּייז און זיי וואָלטן געווען פאַרניכטעט געוואָרן״ (זע וויל דיורענט ״די לייף אָוו גריס״ ז. 139).

ווי טאַלעס האָט ער אָנגענומען, אַז די ערד איז אַ צילינדער און הייגט אין צענטער פונעם אוניווערס; די זון, די לבנה און די שטערן דרייען זיך אַרום איר. ווי טאַלעס איז ער געווען פילזייטיק אין זיין אַלגעמיינעם וויסן. ער האָט געמאַכט א ״גנאמען״ (אַ זון זייגער) און האָט דעמאָנסטרירט ווי די באַוועגונג פון הימלישע קערפּערס קומט פאָר. ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ בוך וועגן נאַטור וויסנשאַפט, פון וועלכן עס זיינען געבליבן עטלעכע פראַגמענטן.

ער איז געווען דער ערשטער געאָגראַף, וואָס האָט געמאַכט אַ מאַפּע

פון דער וועלט, ווי מען האָט וועגן איר געוואוסט אין זיין צייט.

פון דעם, וואָס מען ווייסט וועגן זיין וויסנשאַפטלעכער אַרבעט און וועגן זיינע פילאָזאָפישע ספעקולאַציעס, קען מען זען, אז ער איז געווען ביידע זאַכן: אי אַ וויסנשאַפטלער, אי אַ טיפער דענקער. זיין ניכטערן נאַטוראַליסטישן בליק און זיינע ספעקולאַציעס וועגן עוואָלוציע, איז ווירקלעך צו באַוואונדערן.

דער דריטער דענקער פון דער שיטה איז געווען אַנעקסימענעס. ער האָט אָנגענומען לופט פאַר דער סובסטאַנץ פון דער וועלט. זיין אַרגומענט פאַר לופט איז געווען, אז אזוי ווי אַלץ אין דער נאַטור לעבט און לעבן קען ניט עקזיסטירן אָן לופט, מיינט עס, אַז לופט האָט עקזיסטירט איידער וועלכע ס׳איז אַנדער זאַך האָט עקזיסטירט אויף דער וועלט און דאָס האָט, לויט זיין מיינונג, געמיינט, אַז לופט איז די סובסטאַנץ פון דער וועלט. ער האָט אָנגעשריבן א בוך אין וועלכן ער האָט אויף זיין אופן דערקלערט ווי פייער אנטשטייט, ווען מען מאַכט שיטער די לופט און ווי וואַסער און ערד ווערן, ווען מען מאַכט זי געדיכטער . . . אויך פון דעם בוך זיינען געבליבן פראַגמענטן.

אויך אנעקסעמענעס איז געווען אַ וויסנשאַפטס מאַן; ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געשריבן וועגן די ספערן פון די פיקסירטע שטערן. ער האָט אָנגענומען, אַז די שטערן זיינען דימענטן, וואָס געפינען זיך אין דער אינוועניקער זייט פון די ספערן, וואָס רינגלען אַרום די ערד; זיי מאַכן אַ צירקל אַרום דער ערד אין 24 שעה (זע בייקער "די אוניווערס אמפאלדינג").

דאָ מוז געמאַכט ווערן אַ באַמערקונג וועגן דעם טערמין וויסנשאַפט, וואָס איז גענוצט געוואָרן אין פאַרשיידענע פאַרבינדונגען: ער ווערט גענוצט אין פאָזיטיוון זינען אין שייכות צו מצרים און בבל, ווען עס האַנדלט זיך וועגן זייערע דערגרייכונגען. וו. דיורענט זאָגט, אַז אין אייאָניע האָט זיך אָנגעהויבן די וויסנשאַפט און די פילאָזאָפיע; וואָס דאַרף מיינען, אַז ביז יענער צייט איז ניט געווען קיין וויסנשאַפט... אין אַ דריטן פלאַץ איז געזאָגט געוואָרן, אַז דער גריכישער אויסגאַנגס פונקט האָט פאַרצוימט דעם וועג פאַר דער וויסנשאַפט און זי האָט געדאַרפט וואַרטן אויף גאַלילייען, ער זאָל פאַר איר עפענען אַ וועג. וואָס דאַרף ווייטער מיינען, אַז ביז אים איז ניט געווען קיין וויסנשאַפט. פאַרמאַל זיינען דאָס ווידערשפרוכן . . . עס איז ווירקלעך אַ פאַרדרוס, וואָס דער זעלבער טערמין ווערט גענוצט אין פאַרשיידענע מיינען און דער איינדרוק איז, אז מען ווידערשפרעכט זיך, אָבער אזוי ווי דער טערמין ווערט גענוצט און מוז גענוצט ווערן אין די פאַרשיידענע פלעצער, וואָס ווידערשפרעכן זיך פאַרמאַל; בלייבט קיין אנדער אויסוועג ניט ווי צו דערקלערן די פאַרשיידענע מיינען און זיך באַפרייען פון דעם ווערטערלעכן ווידערשפרוך . . .

אין פאַרבינדונג מיט מצרים און בבל מיינט "וויסנשאַפט" טעכנישער וויסן וועגן אַ קאָנקרעטן פאַקט. ווען, צום ביישפיל, די מצרים האָבן אויסגעפונען, אַז אַ סקווער פון פינף (25) איז אין שטח גלייך צו צוויי סקווערן פון דרוי (9) און פון פיר (16) און זיי האָבן געמאָסטן ערד־שטחים לויט דעם וויסן; האָט דאָס געמיינט טעכנישער וויסנשאפטלעכער וויסן.

ווען אָבער דיורענט זאָגט, אַז אין אייאָניע האָט זיך אָנגעהויבן די וויסנשאַפט, האָט ער אין זינען אַ סיסטעמאַטיזירטע וויסנשאַפט, ווי, צום ביי־

שפּיל, ציען אַן אַלגעמיינעם שלוס פון דעם פריער געגעבענעם ביישפּיל; אַז אין יעדן גלייכן דרייעק וועט דער סקווער פון דער גרויסער זייט זיין גלייך צו דער סומע פון די צוויי סקווערן פון די קלענערע זייטן. די גענעראַליזאַציע האָט מצרים ניט געמאַכט; זי איז געמאַכט געוואָרן אין גריכנלאַנד. די דאָזיקע און ענלעכע גענעראַליזאַציעס האָבן געמאַכט מעגלעך אַן אַלגעמיינע געאָמעטרישע וויסנשאַפט און אז. וו.

וואָס גריכנלאַנד האָט ניט געהאַט און מען האָט געדאַרפט וואַרטן אויף גאַליליייען, איז אַן אַלגעמיינע עקספּערימענטאַלע וויסנשאַפט. אַז מען זאָל אָבער קענען אָנהויבן דענקען אין טערמינען פון אַנאַליז און עקספּערימענט, האָט זיך געפאָדערט אָנצונעמען אַן אַנדער אויסגאַנגס פּונקט; עס האָט זיך געפאָ־דערט צוטרעטן צו זאַכן און דערשיינונגען פון אַן אַנדער שטאַנדפּונקט, ווי דער גריכישער, פּאַקטיש האָט זיך געפאָדערט צו מאַכן אַ רעוואָלוציע קעגן דעם גריכישן אַרט דענקען אין אַלגעמיין און צוטרעטן צו דער וועלט פון אַן אַנדער שטאַנדפּונקט. דערמיט ווערט ניט געמיינט צו זאָגן, אַז דער גריכישער אויסגאַנגס פּונקט איז אינגאַנצן אַ פאַלשער און אַז ער טויג אינגאַנצן ניט; ער טויג פאַר פילאָזאָפישער ספּעקולאַציע; פאַר וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג טויג ער ניט: — מען קען ניט קריגן קיין פאַקטישן וויסן וועגן זאַכן און דער־שיינונגען דורך אינטעלעקטועלן פּילפּול, ווי די פריער געבראַכטע פילאָזאָ־פישע ספּעקולאַציעס, צום ביישפּיל: די נאַטור דאַרף מען פאָרשן. פאָרשן האָט דער גריכישער דראַמאַטיש־אינטעלעקטואַליסטישער אויסגאַנגס פּונקט אויס־געשלאָסן. זיי האָבן אויף איר געקוקט פון שטאַנדפּונקט פון אַ לעבעדיקן אָר־גאַניזם און ניט לויט דינאַמישע פאַרהעלטנישע צווישן זאַכן.

פון דער אַייאַנישער שיטה זיינען די דריי די וויכטיקסטע: די איבעריקע דריי זיינען ניט וויכטיק. אייאַנע וואָלט בא זיי ניט געווען געבליבן שטיין, ווען כורש וואָלט ניט געווען צושטערט די לידיער מלוכה . . . אונטער דער פּערסישער הערשאַפט האָט, ווי ס'זעט אויס, קיין גריכישע ציוויליזאַציע ניט געקענט בליען . . . נאָך די אייאַנער איז דער גריכישער געדאַנק געוואָרן מער און מער אַבסטראַקט און אינטעלעקטועל. דאָס איז געווען אַ פונדאַמענטאַלער שטריך פונם גריכישן געני, ער איז געווען ספּעקולאַטיוו און קינסטלעריש און ניט קאָנקרעט פאָרשענד.

(וואָס אָנבאַלאַנגט גריכישן בייטראַג אויפן געביט פון קונסט, הערשט אַ מיינונג, אַז ניט נאָר האָט די מאָדערנע צייט ניט איבערגעשטיגן גריכנלאַנד, נאָר זי האָט ניט דערגרייכט צו איר הויך . . . קינסטלער באַהויפּטן, אַז גריכנלאַנדס גרעסטער בייטראַג איז אויפן געביט פון קונסט און ניט אויף קיין אַנדער געביט, ווי גרויס דער באַטרעפנדער בייטראַג זאָל ניט זיין . . . קונסט איז אָבער אַן ענין, וואָס באַלאַנגט צו קינסטלער און קיין אַנדערער האָט ניט קיין רעכט זיך אַריינצערייסן אינם טעמפּל פון קונסט און אים מאַכן פאַר זיין היים . . .

אויך די אַזוי אָנגערופענע שיינע ליטעראַטור איז אַ טייל פון קונסט און נאָר ליטעראַטור מבינים קענען וועגן איר זאָגן דאָס לעצטע וואָרט . . . און געהטע האָט געזאָגט אויב האָמער איז געשריבן געוואָרן פון איין מענטשן, דאַרפן מיר אָוועקלייגן די פען און ניט שרייבן, ווייל דאָס בעסטע, וואָס איז ווען עס איז אָנגעשריבן געוואָרן נאָך האָמערן, איז א קינדער שפּיל אין פאַר־

גלייך מיט האָמערס פּאָעזיע. מעגלעך, אַז אין דעם אויסדרוק געפינט זיך אַסך מליצה, צו ארגומענטירן אָבער מיט געהטען וועגן פּאָעזיע דארף מען זיין אַ בעלן . . .

ליטעראטור איז אָבער מער ווי קונסט: ליטעראטור באַשטייט פונם לעבן און פון דעם דענקען פון אַ פאָלק. אין גריכנלאַנד איז די ליטעראַטור נאָך געווען מער ווי דאָס; זי איז פּאַקטיש געווען זייער רעליגיע: — האָמערס פּאָ־עמען זיינען פאַר די גריכן געווען וואָס די ביבל איז פאַר דער אידישער און קריסטלעכער וועלט. מען קען פאַר קיין פאַל ניט איבערשאַצן זייער ווירקונג אויפן גריכישן דענקען. ס'וואָלט ניט געווען קיין איבערטרייבונג, ווען מ'וואָלט געזאָגט, אַז וואָלט גריכנלאַנד ניט געווען געהאַט האָמערן און די מיטאָלאָגיע אין אַלגעמיין, וואָלט דער גריכישער דענקען געווען אַן אַנדערער. געוויס קען מען זאָגן פאַרקערט, אַז וואָלטן די גריכן ניט געהאַט זייער אַרט דענקען און פילן, וואָלטן זיי ניט געווען אַרויסגעבראַכט קיין האָמערן, קיין מיטאלאגיע, די טראגיקער און אז. וו. און אז. וו. דאָס אַלץ זיינען געשלאָסענע רינגען פון איין קייט: פון דעם גריכישן געניי.

ווען מען דערמאָנט האָמערן בעטן זיך נעמען און נעמען פון דער גרי־כישער ליטעראַטור מען זאָל זיי אויך דערמאָנען . . . דאָס וואָלט אָבער מיינען זיך באַשעפטיקן מיט ענינים, וואָס זיינען אויסער די גרענעצן פון דער אַרבעט און אויסער דער קאָמפּעטענץ פון דעם מחבר . . . וועלן זיי ניט דערמאָנט ווערן; עס וועט בלויז געמאַכט ווערן אַן אויסנאַם, עס וועט דערמאָנט ווערן די פּאָעטעסע סאַפּפאָ. דער אויסנאַם וועט געמאַכט ווערן דערפאַר, וואָס זי האָט קאָנקורירט מיט האָמערן אין באַרימטקייט און אַנערקענונג און זי איז ניט פאַרגלייכלעך געווען די גרעסטע דיכטערן וואָס האָט ווען עס איז גע־לעבט. ווען ניט דער טרויעריקער לעסבעניזם, וואָס, באַרעכטיקט, אָדער ניט באַרעכטיקט, איז פאַרבונדן מיט איר נאָמען (זי האָט געשטאַמט פון לעסבאָן) וואָלט איר היסטאָרישער גורל געוויס געווען אַן אַנדערער . . . זי דאַרף אויך דערמאָנט ווערן דערפאַר, וואָס פּיטאגאר האָט אויך געשטאַמט פון לעסבאָן און ער האָט געלעבט אין איר אַטמאָספערע מיט אַ דור שפּעטער).

פּיטאגאר (געלעבט אינם 6טן יאָרהונדערט) האָט ארומגערייזט, און מען נעמט אָן, אַז ער איז פאר אַ צייט געווען אין מצרים, וואו ער האָט אויסגעפונען זייער אַ סך "סודות" פון דער געאָמעטריע. ער איז אויף אַזויפיל פארכישופט געוואָרן פון דער הארמאָניע וואָס צאָלען ענטהאלטן אַז ער האָט די צאָלן גופא באַטראַכט פאר דער הארמאָניע פון דער וועלט. וועבער זאָגט: "די אייאנער מעטאַפיזיק האָט ארויסגעשטאַמט פון פיזיק, די פּיטאָגארער מעטאַפיזיק איז פארפלאַנצט געוואָרן אויף מאטעמאטיק: דערפאר איז זי אַזוי פאַרשיידן פון דער ערשטער. די אייאנער האָט אינטערעסירט מאטעריע און באוועגונג, און פּיטאגארן און זיינע נאָכפאָלגער, האָט אינטערעסירט דאָס ניט מאַטעריעלע אין מאטעריע . . .

זיי האָט אינטערעסירט די אָרדענונג, וואָס הערשט אין דער וועלט, די אייניקייט, די פּראָפּאָרציע, די הארמאָניע און אירע קאָנטראַסטן. מיט איין וואָרט, זיי האָט אינטערעסירט די מאַטעמאטישע פארהעלטעניש, וואָס גע־פינט זיך הינטער זאכן. אין געאָמעטריע, אין אסטראָנאָמיע און אין מוזיק, ווערט אַלץ רעדוצירט צו ציפערן: דערפאר זיינען נומערן דער פּרינציפּ און

די אינערלעכע עסענץ פון דער וועלט און זאכן זיינען עמפינדלעכע ציפערן.״ (זע ״היסטאָריע אָוו פילאָסאָפיע״ ז. 40)

דאָס איז דער צענטראלער געדאנק פון דער פיטאגארעשער פילאָזאָפיע; ניט נאָר לאָזט זיך אָט דער געדאנק ניט דערקלערן, נאָר ער קען פשוט ניט דערקלערט ווערן . . . מען קען זיין זיכער, אַז די פיטאַגאָרעער אַליין וואָלטן אים ניט געקענט דערקלערן אויף א ריין לאָגישן אופן. זיי האָבן זיך אָבער ניט באַנוגענט מיט לאָגיק; זיי האָבן גענומען צו הילף די מיסטיק פון דער ארפישער רעליגיע און וואָס זיי האָבן ניט געקענט דערקלערן לאָגיש, האָבן זיי דערקלערט מיט דער הילף פון דער ״מיסטיק״, וואָס ס׳געפינט זיך אין ציפערן . . .

פיטעגארעאיזם איז די איינציקע גריכישע פילאָזאָפישע שיטה, וואָס איז ניט אינגאנצן ראציאָנאל, נאָר איז טיילווייז מיסטיש־רעליגיעז. פיטעגארעאיזם איז אָבער ניט בלויז געווען א פילאָזאָפיע, נאָר הויפּטזעכלעך א רעליגיעזע ברודערשאפט, וואָס האָט געהאט א באַשטימטן רעליגיעזן קולט. פילאָזאָפיש האָט זיי, ווי פריער געזאָגט, אינטערעסירט די אָרדענונג און די הארמאָניע, וואָס הערשט אין דער וועלט און די הארמאָניע האָבן זיי געפונען אין מאַטעמאטיק. לויט בארנעטן האָט פיטאגאר אָנגענומען, אז זאכן באַשטייען פון ציפערן נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעפונען דעם געזעץ פון אונטערוואלן אין מוזיקאלישע נאָטן (זע ״לעגאסי אוו גריס״ ז. 60). מען דערציילט, אז דעם געזעץ פון אונטערוואל האָט ער אויסגעפונען, ווען ער איז פארבייגעגאנגען א שמיד און האָט דערהערט דאָס ריטמישע קלאַפּן פון האַמערס אין דער קאַוואדלע . . .

לויט דעם ביישפּיל מיט נאָטן דארף מיינען, אז די פארהעלטעניש פון זאכן און זייערע באוועגונגען, איז דיזעלבע, וואָס דער אונטערוואל איז צווישן קלאַנגען. זאָגט מען אָבער, אז פּיטאגאר האָט דאָס ניט געמיינט; ער זאָל האָבן געמיינט, אז די פּראָפּאָרציע גופא איז בפועל ממש די רעאַליטעט. זאָגט איבערוועג ״די פּרינציפּן פון נומערן, דאָס באַגרענעצטע און דאָס אומענדלעכע, זיינען אָנגענומען געוואָרן פון די פּיטאגארעער (לויט אריסטאָטלן) ניט ווי פּרעדיקאַטן פון זאכן, נאָר פאר די זאכן גופא. אין דער זעלבער צייט האָבן זיי געקוקט אויף זאַכן, ווי אויף אָפּשפּיגלונגען פון די פּרינציפּן, וואָס געפינען זיך אין די זאכן.״ (זע ״היסטאָריע אָוו פילאָסאָפיע״ ב. 1, ז. 46).

עס איז פאראן א מיינונג, אז פּיטאגאר איז געווען אנעקסמאנדערס א תלמיד. אויב ס׳איז ריכטיק האָט ער גענומען זיין רבי׳נס פונדאמענטאלע מעטאַפיזישע געדאנקען וועגן קאטעגאָריעס (אומענדלעכע, באגרענעצטע און אז. וו.) און האָט זיך אָפּגעזאָגט פון רבינס רעאַליטעט (אפּעיראָן); ער האָט די פאָרמע, הארמאָניע און פּראָפּאָרציע פאסטולירט פאר דער רעאַליטעט. אויב דאָס איז ריכטיק האָט פּלאַטאָן גענומען זיין אידייען־וועלט בײַ פּיטאַגאָרן.

ווען מען טראַכט זיך אריין אינם עצם פון דעם פּיטאגארעאיזם, קען מען זען, אז אין אים איז איינגעשלאָסן א וויכטיקער פילאָזאָפישער געדאנק. ווען מען נעמט אָן, אז ס׳איז פאַראַן א סובסטאַנץ, וואָס געפינט זיך אין דער אינערלעכקייט פון אלע עקזיסטירענדע זאכן, אנטשטייט די פאָלגענדע פראַגע: ווי דערקלערט מען דעם פאקט, וואָס ס׳עקזיסטירן פארשיידענע זאכן אויף דער וועלט און זיי אלע שטאַמען ארויס פון איין איינהייטלעכער סובסטאַנץ? און ווי

דערקלערט מען די האַרמאָניע, וואָס הערשט צווישן זאַכן און דערשיינונגען? דאָס זיינען פּראָבלעמען, וואָס יעדער ספּעקולאַטיווער דענקער שטעלט זיך, אָדער ער דאַרף זיך שטעלן; זיי זיינען שאַרפערע פּראָבלעמען פאַרן מאָניסט, ווי פאַרן פּלוראַליסט: — דער לעצטער קען בלייבן אַן אַגנאָסטיקער, אויב ער וויל. די פּיטאַגאָרעער האָבן פּרובירט דערקלערן דעם פּראָבלעם דורך דעם פּרינציפּ פון פּראָפּאָרציע, וואָס הערשט אין צאָלן, אָדער ציפערן. וואָלט די דערקלערונג געווען געגעבן געוואָרן ווי אַן אַנאַלאָגיע, וואָלט עס געקענט זיין אויב ניט קיין פאַקטישער באַווייז, איז אַ לאָגישער: — אָט נעמט דעם ביישפּיל פון ציפערן און זעט, אַז ס'איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי האַרמאָניע . . . אָבער פּראָ־פּאָרציע און האַרמאָניע זאָל ווערן אַ רעאַליטעט פאַר זיך, איז שווער צו פאַר־שטיין, ווי דאָס קען זיין: — עס איז ניט פאַרשטענדלעך . . . אויף וויפיל מען ווייסט וועגן די פּיטאַגאָרעער איז אַ ברכה לבטלה ביי זיי צו זוכן אַן ענטפער אויף דער פראַגע: — זיי האָבן זייער לערע געהאַלטן בסוד סודות און האָבן זי נאָר איבערגעגעבן מינדלעך צווישן זיך; קיין דירעקטער ענטפער איז פון זיי אויף איר ניט געגעבן געוואָרן. פּיטאַגאָר אַליין האָט קיין זאַך ניט געשריבן און פילאָלוס, זיין וויכטיקסטער תּלמיד, האָט יאָ עפּעס געשריבן; אָבער פון די פאַרבליבענע פראַגמענטן קען מען קיין טאָלק ניט דערגיין. אַריסטאָטל דער־מאָנט אים אפילו ניט. מען קען זיך משער זיין, אַז וואָלט אפילו געווען גע־בליבן מער פון זייער תּורה, וואָלט מען סאַי ווי סאַי פון איר ניט געוואָרן קלי־גער: — פון אַריפמעטישע צאָלן און געאָמעטרישע פּראָפּאָרציעס, קען מען ניט פאָרמירן קיין סובסטאַנציעלע רעאַליטעט, ווי מען זאָל אויף איר ניט קוקן. די רעאַליטעט באַשטייט פון ממשות'דיקעס און ניט פון קיין באַגריפן . . .

גייט מען צו צו דער קאָנקרעטער וועלט, ווייסט מען, אַז די פּיטאַ־גאָרעער האָבן אָנגענומען, אַז דער אוניווערס באַשטייט פון אַ לעבעדיקן רונדן אָרגאַניזם און די ערד געפינט זיך אין צענטער. זי איז רונד און דרייט זיך צוגלייך מיט די אַנדערע פּלאַנעטן פון מערב צו מזרח. די ערד און דעם אוני־ווערס אין אַלגעמיין, האָבן זיי צוטיילט אויף טיילן: ווי הייסע טיילן, מעסיקע און קאַלטע טיילן. פּיטאַגאָר איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגע־נומען, אַז די ערד איז רונד און באַוועגט זיך.

פּיטאַגאָרעאיזם האָט מער אויפגעטאָן פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון דער מאַטעמאַטישער און אַסטראָנאָמישער וויסנשאַפט, ווי וועלכע עס איז אַנדער אינסטיטוציע. די געאָמעטריע איז פאַקטיש אַרויסגעבראַכט געוואָרן פון די פּיטאַגאָרעער; יוקליד (300 פ. קר.) האָט זי נאָר רעדאַקטירט.

די פּיטאַגאָרעער זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן צעטיילט אַריפ־מעטיק אויף גראַדיקע צאָלן און אויף אומצאָלן; זיי האָבן אויסגעפונען דאָס אי־ראַציאָנאַלע, וואָס איז איינגעשלאָסן אין מאַטעמאַטיק און מיט וואָס מאַטעמאַ־טיקער באַשעפטיקן זיך נאָך ביזן היינטיקן טאָג און, ווי ס'זעט אויס, קענען זיי זיך ניט אייניקן וועגן דעם . . .

אין מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע און אפילו אין פילאָזאָפיע, האָבן זיי בייגעטראָגן אַ סך; זיי זיינען אָבער הויפּטזעכלעך געווען ניט קיין פילאָזאָפן, נאָר אַ מיסטיש־רעליגיעזע סעקטע, וואָס האָט עקזיסטירט פאַר אַ פּאָר הונ־דערט יאָר און האָט שטאַרק באַאיינפלוסט די רעליגיעזע וועלט.

דער אָנהויב פון פּיטאַגאָרעאַניזם אינם זעקסטן יאָרהונדערט פ. קר. איז

צוזאמענגעפאלן מיט דער אויפבליאונג פון דעם ארפישן רעליגיעזן קולט פון וואנען די פיטאגארעער (וועגן פיטאגארן אליין ווייסט מען זייער ווייניק; זיין נאמען איז פארבונדן מיט פארשיידענע פאנטאסטישע לעגענדעס פון וועלכע מען קען קיין זאך ניט לערנען) האבן איבערגענומען דעם נשמה צירקל באַ־גריף (זע פלאטאנס טימייוס) און די טראנסמיגראציע פון דער מענטשלעכער נשמה אין חיות און אז. וו. זיי האבן געגלויבט "אז אין דער וועלט זיינען פאראן גוטע און שלעכטע שדים; א טייל פון זיי זיינען נשמות, וואס געפינען ניט קיין קערפערס פאר זיך. אנדערע נשמות האבן זיך שוין באפרייט פון קערפערס. ווען א נשמה פאראייניקט זיך מיט א גוף איז פאראן א געפאר, אז זי זאל פאראומרייניקט ווערן פון די גלוסטונגען פון דעם גוף, דערפאר איז נאר דער, וועלכער באזיגט דעם גוף דורך אסקעטיזם, מיידט אויס די געפאר און זיין נשמה צובליט זיך פריי. אזא נשמה איז פארשיידן פון דעם גוף; זי קען קומען אין באַרירונג מיט די גייסטער פון דער וועלט און זאל פון זיי ניט געשעדיקט ווערן. זי קען אויך בייטן איין קערפער אויף א צווייטן און קען אריין אין קער־פערס פון פארשיידענע חיות. זי קען אויך וואנדערן פון קערפער צו קערפער און ענדלעך זאל זי דערגרייכן די געטלעכע פרייהייט. דאס קומט פאר צום סוף פון אירע וואנדערונגען, ווען זי רעאליזירט איר פרייע און געטלעכע נאַ־טור: — זי באפרייט זיך פון דער תפיסה פונם קערפער.

די דאזיקע ארפישע לערע (וואס שטאמט ווארשיינלעך פון בודיזם) איז געווען א טייל פון דער פיטאגארישער דאקטרין וועגן טראנסמיגראציע פון דער נשמה. עמפעדאקלס זאגט "איך בין געווען א אינגל און א מיידל אין דער זעלבער צייט. איך בין אויך געווען א פויגל, א פלאנץ און א פיש פון ים." (זע דעסאור "אוטליין און די היסטאריע און סייקאלאדזשיע" ז. 3).

דאס נאר וואס צעטירטע וועגן דעם פיטעגארעאניזם איז געגעבן גע־ווארן אום צו אנווייזן פון וואנען דער קריסטנטום האט גענומען א סך פון זיין מיסטיק: זי האט געשטאמט פונם אריענט . . . אינם פינפטן יארהונדערט האט זיך די פיטאגארעער סעקטע צובליט אין דרום איטאליע, וואו פיטאגאר האט זי ארגאניזירט; זי האט אפילו פארכאפט די הערשאפט פון א שטאט (קראטאנע). "נאר ווען זיי האבן פארווערט די קראטאנער צו עסן בעבלעך און האבן אים אונטער קיינע אומשטענדן ניט דערלויבט צו עסן זיין אייגענעם הונט, האבן די קראטאנער רעוואלטירט און האבן אויסגעהרג'עט און צוטריבן די פיטא־גארעער" (זע וו. סטייס "א. קריט. היסט. און גריק פילאסאפיע" ז. 33).

העראקליט האט געלעבט נאך פיטאגארן, ער ציט אבער ניט זיין לי־ניע פון אים. מען קען אין אלגעמיין ניט זאגן פון וועמען ער ציט א ליניע. פון די פראגמענטן, וואס זיינען איבערגעבליבן פון זיין שרייבן, קריגט מען דעם איינדרוק, אז ער האט זיינע טונקעלע געדאנקען ארויסגעזאגט פון זיין אייגענער פאנטאזיע און האט זיי געשריבן פאר זיך אליין. ער האט ארויס־געזאגט טיפע פילאזאפישע געדאנקען, וואס האבן אים פאראייביקט. קען ער ניט אויסגעמידן ווערן.

העראקליט, ווי אלע גריכישע דענקער, איז געווען א מעטאפיזיקער; ער האט געפרואווט דערקלערן וואס ס'איז די פונדאמענטאלע רעאליטעט פון דער וועלט; וואס איז דער עצם פון דעם, וואס געפינט זיך הינטער דער שטענ־דיקער ענדערונג, הינטערן שטענדיקן קומען און פארגיין פון זאכן אין דער

וועלט. ער אונטערשיידט זיך אָבער פון די אַנדערע גריכישע דענקער דערמיט, וואָס זיי אַלע, מען קען זאָגן אַן אויסנאַם, האָבן אָנגענומען, אַז אין דער נאַטור איז פאַראַן אַן עפּעס, אַ סובסטאַנץ, וואָס איז אימער און שטענדיק דיזעלבע. פון איר פאָרמירן זיך אַלע זאַכן אין דער וועלט און צו איר קערן זיי זיך צוריק אום און ווערן אויפגעלייזט. דאָס מיינט, נאַטירלעך, אַז זי געפינט זיך אויף וועלכן עס איז אופן אין די זאַכן. העראַקליט האָט ניט אָנגענומען, אַז ס'איז פאַראַן אַן אומענדערענדע סובסטאַנץ אין דער נאַטור; נאָר אַז ענדערונג איז דער פונדאַמענטאַלסטער שטריך אין דער נאַטור און אַז אַלץ ענדערט זיך. ער האָט געזאָגט "אַלץ פליסט, אַלץ פאַרגייט; דו קענסט ניט אַריינטרעטן אין דעם זעלבן טייך צוויי מאָל: די וואַסער, וואָס וועט פליסן אויף דיר איז אַלעמאָל אַ פרישע."

נעמט מען דעם געדאַנק פילאָזאָפיש, מיינט ער — אַז דאָס פונדאַמענטאַלסטע אין דער נאַטור איז דאָס שטענדיק ענדערנדע. טעכניש ווערט דאָס אויסגעדריקט, אַז די פונדאַמענטאַלע רעאַליטעט פון דער וועלט איז פון אַ דינאַמישן כאַראַקטער און ניט פון קיין סטאַטישן: — ענדערונג איז פונדאַמענטאַל. דאָס וואָלט מיינען, אַז ס'איז ניטאָ קיין זאַך, וואָס קען באַטראַכט ווערן פאַר דעם פונדאַמענטאַלן אין דער נאַטור; פאַקטיש נעמט העראַקליט אָן אַ פונדאַמענטאַלן "עלעמענט" אין דער נאַטור און דאָס איז "פייער". פאַר וואָס ער האָט אָנגענומען פייער פאַר דעם פונדאַמענטאַלסטען "עלעמענט" אין דער נאַטור, קענען אפילו קיין ספּעציעלע העראַקליט פאָרשער ניט דערקלערן; פון די פראַגמענטן, וואָס זיינען געבליבן פון זיין שרייבן, קען מען דאָס ניט אויסגעפינען. מעגלעך, אַז ס'איז דערפאַר, וואָס פייער איז נאָר פאָרמאַל אַן "עלעמענט", אָבער ניט פאַקטיש. דאָס איז אַזאַ סברה, וואָס ניט זי קען באַשטעטיקט ווערן און ניט זי קען באַקעמפט ווערן.

מען פאַרדעכטיקט, אַז העראַקליט האָט אַבזיכטלעך געשריבן טונקל מען זאָל אים ניט קענען פאַרשטיין, ווייל ער איז געווען פאַרליבט אין זיך און דאָס האָט גענערט זיין אַריסטאָקראַטישע גאווה . . . אויב דאָס איז ריכטיק, האָט ער טיילווייז דערגרייכט זיין ציל: — צופיל פאַרשטייט מען אים ניט. פונדעסטוועגן, איז אפילו בלויז פון די פאַרבליבענע פראַגמענטן קריגט מען אַן אַלגעמיינעם באַגריף וועגן זיין פילאָזאָפיע.

ער זאָגט "די וועלט, וואָס איז ניט די זעלבע פאַר אַלע זאַכן, איז ניט באַשאַפן געוואָרן, ניט פון גאָט און ניט פון קיין מענטשן. זי האָט אייביק עקזיסטירט; זי איז און וועט בלייבן אויף אייביק פייער, וואָס ווערט אָנגעצונדן מיט אַמאָל און ווערט אויסגעלאָשן מיט אַמאָל" (פראַג. 30). "אַלע זאַכן פאַרוואַנדלען זיך אין פייער און אַנדערע זאַכן קומען אַרויס פון פייער: אָט ווי מען בייט סחורה אויף גאָלד און גאָלד צוריק אויף סחורה." (פ. 90).

פון די פראַגמענטן קען מען זען, אַז "פייער" האָט פאַר אים געמיינט אַ ברען־פונקט, אַ מין דינאַמישער צענטער פון וועלכן עס שטראָמען אַרויס זאַכן און צו וועלכן זיי ווערן צוריק פאַרוואַנדלט. דאָס "ברענען" איז אַ מין דינאַמישער פּרינציפּ, אָדער דער ענדערענדער פאַקטאָר. אויב די אַנאַלאָגיע איז דערלויבלעך, וואָלט מען זיין "פייער" געקענט פאַרגלייכן מיט בערגסאָנס "וויטאַלן אימפּולס"; צי דער פאַרגלייך איז אַ באַרעכטיגטער, קען מען ניט וויסן.

מען שרייבט אים צו עוואָלוציע אידייעס; עס איז שווער צו זאָגן צי זיי זיינען בארעכטיגט אָדער ניט. מען האָט א רעכט צו צווייפלען צי ער האָט געהאט וועלכן עס איז עוואָלוציע באגריף, הגם מען קען אים אויסטייטשן לויט דעם עוואָלוציע באגריף. ווען מען מאכט פארגלייכן צווישן גריכישע און מאָדערנע באַגריפן, דאַרף מען אין זינען האָבן, אז די גריכן זיינען גע־ווען ספעקולירער מיטאַפיזיקער און ניט קיין פאָרשער פון קאָנקרעטע פאַקטן און דערשיינונגען. זיי האָבן גענומען א באשטימטן אויסגאנגס פונקט און אַן איינציקן פרינציפּ און האָבן ספעקולירט ווי ווייט זייער פאנטאזיע האָט עס דערלויבט. דערפאַר דאַרף מען זיך אויסהיטן פון פאַרגלייכן זייער דענקען מיט מאָדערנעם דענקען, וואָס איז באַזירט אויף פאַקטן.

העראקליט איז, ווי ס'זעט אויס, געווען א טיפער דענקער, אזוי ווי ער איז געווען א גריך און האָט געהאט א רייכע פאנטאזיע, האָט ער געבויט א וועלט פון "פייער" . . . זיין גאנצע ספעקולאציע וועגן קאָנדענסירונג אָדער פארשיטערונג פון "פייער", דער ארויף און אראָפּ באוועגונג, קענען אינגאנצן אויסגעלאָזט ווערן; ער מוז דערמאָנט ווערן דערפאַר, וואָס ער האָט אריינגע־פירט א וואָרט אין דער פילאָזאָפיע, לאגוס (וואָרט געדאנק), וואָס האָט גע־שפּילט א וויכטיקע ראָלע אין דעם אלעקסאנדרישן דענקען און איז געוואָרן א צענטראלער באגריף אין דער קריסטלעכער טעאָלאָגיע.

העראקליטוסעס לאגוס באגריף, ווי ער ווערט צוזאמענגעשטעלט פון פארבליבענע פראגמענטן, ווערט אינטערפּרעטירט אויף פארשיידענע אופנים. ל. ראבין זאָגט "לויט העראקליטוסעס טעאָריע קומט אויס אז דער לאגוס איז אי א געטלעכער געדאנק, וואָס באוועגט זיך שטענדיק אין דער נאטור, אי א מענטשלעכער געדאנק אויף וויפיל דער לעצטער נעמט איינטייל אין אַן איינצל און אייביקער באַוועגונג און פאַרלירט זיין אינדיווידואַליטעט"... ער איז "דער איינציקער געטלעכער געזעץ, וואָס באהערשט אלץ און געפינט זיך אין אַלץ אויף וויפיל ער אליין וויל: ער איז אין אלץ און שטייגט אלץ ארי־בער. ער איז די איינציקע חכמה, וואָס וויל אָנגערופן ווערן צעאוס" ("גריק טאט" 75).

און פאהלער זאָגט "ווערטערלעך מיינט דער טערמין לאגוס: וואָרט, אָדער געדאנק. מיר קענען אים איבערזעצן אין א מער אומפאסענדן מיין; ער זאָל שטימען מיט העראקליטוסעס מיין. מיר קענען אים אָנרופן געזעץ, אָדער אָרדענונג, אָדער דער גאנג פון דער וועלט. עס דאַרף אונטערשטראָכן ווערן, אז דער לאָגוס באגריף שליסט אין זיך איין מער ווי דער אויסדרוק נאטור גע־זעץ, אָדער אָרדנונג אין דער נאטור. ער מיינט ניט נאָר דעם פאקט ווי זאכן באַנעמען זיך, נאָר ער איז אויך דירעגירענד און ניט בלויז דערקלערענד: — ער באַשטימט ווי זאכן זאָלן זיך באַנעמען . . .

דער לאגוס צווינגט זיך ארויף; ער באשטייט פון דעם גורל, וואָס באַ־שטימט פאר אלע זאכן זייערע נויטיקע פלעצער. ער שליסט אין זיך איין דעם באגריף פארשטאַנד, אָדער שכל, וועלכער איז אן אינטעגראלער אינערלעכער טייל פון דער וועלט. מען דאַרף ניט אָננעמען, אז העראקליט האָט באטראכט דעם לאגוס פאר א פערזענלעכן גאָט, אָדער פאר א געטלעכן פארשטאַנד. ער פילט פשוט, אז אין דעם פליסן און אין דעם פייער, איז פאראן עפּעס, וואָס איז ענלעך צום מענטשענס שטרעבן צו פארשטיין און וואָס בארעכטיקט אים

אויף זיין באהויפטונג, אז ער ווייסט: — די דערפארונג באַשטייט ניט פון אָפּ־נאַרעריי; די וועלט איז אַ ראַציאָנאַלע, אירע וועגן קענען פאַרשטאַנען ווערן... נאָך מער, דער לאָגוס שליסט אין זיך איין דעם באַגריף פון יושר און גערעכטיקייט אין דער נאַטור און אין אַלץ, וואָס קומט אין איר פאָר. מיר מוזן עס ניט אָננעמען, די גריכן האָבן אָבער אַזוי געדענקט און אַזוי האָט גע־דענקט הערاקליט; ער זאָגט "די זון וועט ניט איבערטרעטן אירע געזעצן, ווען זי וואָלט זיי איבערגעטראָטן, וואָלטן די עריניעס (מיטאָלאָגישע וועזנס), די אויפזעער איבער גערעכטיקייט, דאָס שנעל אויסגעפונען" (28.3). ווי ער פאַר־שטייט דעם גאַנג פון דער זון, אַזוי באַטראַכט ער אַלע נאַטור דערשיינונגען, אָדער געזעצן. ער קוקט אויף זייער פּראָצעס, ווי אויף מענטשלעכע האַנד־לונגען. דער לאָגוס איז ניט נאָר דער געזעץ, די אָרדענונג, דער באַשטימער פון גורל, ער איז אויך די גערעכטיקייט, וואָס באַהערשט די וועלט אין אַלע אירע טיילן און ער געפינט זיך אין הארץ פון זאַכן." (זע "היסטאָריע אוו גריק פילאָסאָפיע" ז. 30).

אויב פאַהלער אינטערפּרעטירט הערaקליטוסן ריכטיק, אויב ער האָט אין אים ניט אַריינגעטייטשט קיין מאָדערנע באַגריפן, האָט העגעל גענומען אַ היפּש ביסל פון זיין פילאָזאָפיע פון הערaקליטוסן. זיין וועלט גייסט, איז הער־ראַקליטוסעס לאָגוס אינטערפּרעטירט אויף אַ מאָדערנעם אופן. עס איז אויך ניט קיין חידוש, וואָס ס'איז פאַראַן אַזאַ ענלעכקייט צווישן זיי: — דער לאָגוס איז אַ צענטראַלער באַגריף אין דעם קריסטנטום. די פערטע גאָספּעל זאָגט: "אין אָנהויב איז געווען דער לאָגוס, דאָס וואָרט איז געווען מיט גאָט און ס'איז געוואָרן גאָט... עס האָט אויף זיך אָנגענומען פלייש און האָט זיך געפונען צווישן אונדז." דאָס שטאַמט פון הערaקליטן. און העגעל איז געווען מער טעאָ־לאָג, ווי מעטאַפיזיקער און מער פּריידיקער פון קריסטנטום, ווי פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע. געוויס איז ער געווען אַ טיפער דענקער, ער האָט אָבער גע־דענק ווי אַ גלח, וואָס ער איז פאַקטיש געווען...

די עליאַטישע שיטה אין דער גריכישער פילאָזאָפיע הויבט זיך אָן מיט קסענאָפאַנען, וואָס הגם ער האָט געשטאַמט פון אייאָנע, האָט ער פאַר אַ צייט געוואוינט אין עליע, איטאַליע. ער איז געווען הערaקליטס אַ צייט חבר. פילאָ־זאָפיש האָט ער ווייניק אויפגעטאָן, ווייל ער איז געווען מער רעפאָרמער און סאַטיריקער, ווי פילאָזאָף. ער האָט אויסגעלאַכט די מיטאָלאָגיע, פאַר די ני־דעריקע רעליגיע באַגריפן, וואָס זי אַנטהאַלט. ער האָט געזאָגט: "מען מאַכט בילדער און סטאַטועס און מען קויפט זיי פאַר געטער. די טראַציער מאַכן אַ ווייסן גאָט, ווייל זיי אַליין זיינען ווייס און די נעגערס מאַכן אַ שוואַרצן גאָט, ווייל זיי זיינען שוואַרץ און וואָלטן אָקסן געקענט ריידן, וואָלטן זיי געוויס זאָגן, אז גאָט האָט הערנער." ער האָט אפילו אָפּגעלאַכט פון האָמערן...

ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אַריינגעבראַכט דאָס טעלע־אָלאָגישע (צוועקמעסיקייט) אין דער פילאָזאָפיע. קיין פילאָזאָפישן סיסטעם האָט ער ניט געשאַפן; מען הויבט מיט אים אָן, ווייל, ווי געזאָגט, איז ער גע־ווען דער ערשטער, וואָס האָט אַריינגעבראַכט דעם עליאַטישן באַגריף. ווען מען רעדט אָבער וועגן דער עליאַטישער פילאָזאָפיע, האָט מען אין זינען פּער־מאַנידן, דעם עקספּאָנענט פון דער עליאַטישער פילאָזאָפיע.

איידער פּערמאַניד וועט באַטראַכט ווערן, וועט געמאַכט ווערן אַן אַל־

געמיינע באמערקונג וועגן דעם אונטערשייד צווישן דעם אייאָנישן און עליאַ־טישן ארט דענקען. דער אייאָנער דענקען איז געווען פיזיש־נאַטוראַליסטיש און דער עליאַטישער דענקען איז געווען לאָגיש־אינטעלעקטועל.

מיטן אונטערשייד אין געדאַנק קען מען איבערגיין צו פּערמאַנידן; ער האָט אָנגעשריבן אַ פּאָעמע און אינם אַריינפיר זאָגט ער: ״דער פּאָעט ווערט געפירט אין א קאַרעטע פון די טעכטער פון דער זון צו דעם פּלאַץ, וואו די וועגן צווישן טאָג און נאַכט שיידן זיך. דאָרט געפינט זיך א טויער, דורך וועלכן מען קען קומען צו דער געטין, וועלכע הערשט איבער דעם מענטשן, וואָס באַזיצט קענטעניש. דער דאָזיקער טויער ווערט געהיט פון גערעכטיקייט. די געטין דערלויבט דעם פּאָעט צו אריינגיין אינווייניק, זי זאָגט: ״דו מוזט דאָס אַלץ לערנען: דו מוזט לערנען דאָס זיכערע האַרץ פונם אבסאָלוטן אמת — אזוי גוט ווי מיינונגען פון שטערבלעכע. אין זייערע מיינונגען איז ניטאָ קיין אמת, מען קען זיי ניט גלויבן. דו מוזט עס אָבער וויסן כדי דו זאָלסט קענען פארשטיין, פאַרשן און קענען צוקומען צו דעם, וואָס שטייגט עס אריבער, דו זאָלסט קענען צוקומען צום אמת׳ן וויסן וועגן דער אבסאָלוטער רעאַליטעט פון זאכן, וועגן וועלכע אנדערע האָבן נאָר מיינונגען. זאָל יענער זיך אָפּקערן פון וועג פון פאָרשונג, וועמען געוואוינהייט און דערפאַרונג האָבן פארשקלאַפט צו אילוזיעס, וואָס מען קריגט דורך די חושים. דער פּאָעט דאַרף גיין אויפן צווייטן וועג, וואו די געטין צייגט אים אָן אויף די אמתע פאקטן, וועלכע מען קען נאָר באַגרייפן דורך דעם פארשטאַנד.״ (פר. 1 פּאראג. 28. ציטירט לויט ל. ראָבינס ״גריק טאָט״.)

אין דעם אויסצוג פון דעם אריינפיר צו דער פּאָעמע געפינט זיך ניט נאָר פּערמאַנידס דערקענטעניש לערע און ניט נאָר די גריכישע דערקענטע־ניש לערע, נאָר די אידיאַליסטישע דערקענטעניש לערע פון אַלע צייטן...

די געטין ווייזט אים אָן אויף צוויי וועגן, אויף וועלכע מען קען גיין זוכן דעם אבסאָלוטן אמת. איין וועג איז דער וועג פון די חושים און די דער־פאַרונג, וואָס מען קריגט דורך זיי פון דער אויסערלעכער וועלט. דער דאָזי־קער וועג, זאָגט זי אים, פירט ניט צו קיין אבסאָלוטע אמת׳ן, מען מוז מיט אים זיין באַקאַנט, כדי מען זאָל קענען פארשטיין דעם צווייטן און אמת׳ן וועג, דעם וועג פון שכל, אָדער אינטעלעקט.

דאָ האָט זיך אָנגעהויבן דער שייד־וועג צווישן אינטעלעקטואַליזם, וואָס האָט געהערשט אין פילאָזאָפיע כמעט פאר אַלע דורות ביז דער מאָדערנער צייט און עמפּיריציזם, וואָס איז דער מעטאָד פון דער וויסנשאַפט און פון די מאָדערנע עמפּיריקער אין דער פילאָזאָפיע. גריכנלאַנד האָט געעפנט דעם וועג אויף וועלכן די פילאָזאָפיע איז אוועק אין איר ספּעקולאַציע.

דער פונדאַמענטאַלער געדאַנק פון די אינטעלעקטואַליסטן פון אַלע צייטן און עס איז כדאַי זיך אויף אים אָפּשטעלן גלייך פון אָנהויב, כדי צו זען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, איז אַז אזוי ווי די איינדרוקן, וואָס מען קריגט דורך די חושים פון דער אויסערלעכער וועלט, אינפאָרמירן וועגן זאַכן, וואָס ענדערן זיך און אזוי ווי די ענדערענדע זאכן זיינען שוין דערמיט אַליין ניט פונדאַמענטאַל, ווייל זיי ענדערן זיך, קען מען פון די איינדרוקן פון דער אוי־סערלעכער וועלט ניט דערוועררבן קיין וויסן וועגן דעם, וואָס איז פונדאַמענ־טאַל און אבסאָלוט אין דער וועלט. נאָר דער פארשטאַנד קען זיך דערטראַכטן

צו דעם, וואָס איז אבסאָלוט אמת און רעאל, אָבער ניט די חושים—זיי נארן אָפּ.

נאָך אָט דער אלגעמיינער דערקלערונג קען מען צוגיין צו פּערמאנידן און זען, וואָס ער זאָגט וועגן דעם ענין. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך געשטעלט די פראגע וועגן דעם מענטשלעכן וויסן און פון אים הויבט זיך אָן דער פּראָבלעם פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש פון דער וועלט. ער האָט באַשטימט, אז אינם קאָנפליקט, צווישן דעם וואָס מען הערט און מען זעט פון דער אויסערלעכער וועלט און דעם אבסטראַקטן דענקען וועגן דער וועלט, געפינט זיך דער אמת אויף דער זייט פון דעם לאָגישן דענקען, די חושים נאַרן אָפּ, זייער אינפאָרמאציע איז ניט מער ווי א מיראזש פון ענדערנ־דע זאכן; וועגן דער רעאלער סובסטאנץ פון דער וועלט קען מען פון זיי גאָר ניט וויסן.

פּערמאניד מאכט ניט גלאט קיין באהויפּטונגען אין דער וועלט אריין, ער דערקלערט דעם שטאַנדפּונקט, וואָס ער פאַרטיידיגט. "ז י י ן (עק־זיסטירן) שליסט אין זיך איין א פּאָזיטיוון באגריף וועגן עקזיסטענץ: — אָן עפּעס, וואָס עקזיסטירט איז פּ א ר א ך, עס איז דאָ, עס איז ניט מעגלעך, אז אָן עקזיסטענץ, אָדער אָן עקזיסטירענדער עפּעס, זאָל ניט זיין. אויב עקזיסטענץ באַשטייט פון א ז י י ן (א שטענדיקער און ניט ענדערענדער זיין), איז דאָס דער זיכערער וועג. דער צווייטער וועג, אז זיין איז א ניט (ניט אייביק עקזיסטירענד, נאָר ענדערענד), מיינט עס, אז ניט־זיין איז א זיין (דאָס ענדערענדע, וואָס איז ניט קיין אבסאָלוטע עקזיסטענץ, רופט מען אָן עקזיסטענץ), דאָס איז א שמאָלער וועג. וועגן אים זאָגט די געטין, אויב דו וועסט גיין אויף אים, וועט קיין שיין ניט באלויכטן דיין וועג." (פראג. 4).

ל. ראָבין, פון וועמענס בוך דאָס ווערט ציטירט, קאָמענטירט וועגן דעם שטיקל תורה: "אויב זיין (בעאינג) האָט נאָר א פאַרהעלטעניש מיט זיך אליין, שליסט דער דאָזיקער זיין אין זיך אָן די גאנצע רעאליטעט. יעדע איינע זאך, וואָס נעגירט עס, האָט ניט קיין פאַרהעלטניש מיט דעם און דאָס מיינט, אז ס'איז ניט די רעאליטעט. דערפון נעמט זיך די אקסיאמע, וואָס שניידט אונטער דעם וואָרצל פון פאלשן וויסן: פון ניט זיין, קען ניט ווערן קיין זיין." (גריק טאָט ז. 86).

דאָס איז גריכיש... אָבער אזוי ווי פּלאַטאָן האָט איבערגענומען פּערמאַנידס פונדאמענטאלן געדאנק פון "זיין" און דער געדאנק ווערט נאָך גע־נומען ערנסט ביזן היינטיקן טאָג, וועט געמאכט ווערן א פאַרזוך צו באפרייען דאָס געזאָגטע פונם "גריכישן" טייל, פאַרשטייט זיך, אז ס'פאָדערט זיך צוגעבן: אויב ריכטיק פאַרשטאַנען. דאָס איז זעלבסט פאַרשטענדלעך.

פּערמאניד איז געווען דער ערשטער גריכישער דענקער, וואָס האָט זיך ניט צופרידנגעשטעלט מיט דאָגמאַטישע באהויפּטונגען, נאָר ער האָט זיך פאַרטיפט אין זיין אייגענעם דענקען און האָט אים נאָכגעפאָלגט וואוהין דער דענקען האָט אים געפירט. ער האָט אָנגענומען די פאָלגענדע צווי פּראָוויזיעס פאַר אמת: ערשטנס האָט ער אָנגענומען, אז די וועלט איז ראַציאָנאל, אז זי לאָזט זיך דערקלערן לאָגיש און צווייטנס, אז דער מענטשלעכער שכל קען באגרייפן די וועלט דירעקט אָן דער הילף פון די חושים, ווייל זיי נארן אָפּ. ס'מיינט, אַז דאָס, וואָס איז לאָגיש פאַרן פאַרשטאַנד, איז רעאל פאַר דער וועלט.

"דענקען און זיין (עקזיסטירן) איז איינע און דיזעלבע זאך" (פראגמענט 5). אננעמענדיק פאר אן אבסאָלוטן אמת, אז די רעאַליטעט פון דער וועלט איז אזא, ווי דער מענטשלעכער פארשטאַנד דענקט, אז זי איז, האָט פּערמאַניד אנגענומען און מיט אים האָבן דאָס אנגענומען פאר אמת א היבש ביסל דענקער פון אלע צייטן, אז די אבסאָלוטע רעאַליטעט פון דער וועלט באַשטייט פון א שטענדיקן, קיינמאָל ניט ענדערנדן, ז י י ן (סובסטאַנץ). דער דאָזיקער ז י י ן איז פאַלקאָמען און איז דער זעלבער פון אייביק ביז אייביק, ער איז אלעמאָל דאָס, וואָס ער איז און ווי ער איז. אָט דער באגריף פון דעם ז י י ן איז מעטאַ־פיזיש אן אבסאָלוטער דערפאר, וואָס ענדערונג שליסט אין זיך איין דאָס פאר־שווינדן פון דעם פריערדיקן ז י י ן און דאָס דערשיינען פון א נייעם עפּעס, וואָס איז דער איצטיקער ז י י ן. דאָס, האָט אנגענומען פּערמאַניד און מיט אים אלע, וואָס פארטיידיקן דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט, מיינט זיך ווידערשפּרעכן: — ז י י ן מיינט ז י י ן און ניט ענדערונג. דאָס, וואָס א י ז (עקזיסטירט), קען ניט ווערן און קען אויך ניט פארשווינדן: די אבסאָלוטע רעאַליטעט פון דער וועלט, איז די סובסטאַנץ פון דער וועלט, אין דער רעליגיעזער טערמינאָלאָגיע איז עס גאָט, איז אלעמאָל די זעלבע און דאָס איז די איינציקע רעאַליטעט.

די אויסערלעכע וועלט פון דערפארונג, ווי זי ווערט אויפגענומען דורך די חושים, איז אנגעפילט מיט זאכן, וועלכע ענדערן זיך, זיי קומען און פאר־שווינדן און אפילו אין דער צייט, וואָס זיי עקזיסטירן, האלטן זיי זיך אין איין ענדערן. אפילו די טויטע וועלט איז ענדערנד, וואָס אנבאלאַנגט דער לעבע־דיקער וועלט, קומט אין איר פאר געבורט, וואַקסונג און טויט: — ענדערונג איז א פונדאמענטאלער שטריך פון לעבן. דערפאר זאָגט פּערמאַניד "ווען מיר דענקען וועגן דער וועלט לויטן שכל, זיינען מיר געצוואונגען צו אננעמען, אז די דאָזיקע וועלט קען ניט האָבן קיין רעאלע עקזיסטענץ... געבורט און טויט, וואַקסונג און צופאלונג, פאַרענדערונג און איבערענדערונג, אָט די אלע פארשיידענע פאזן און ענדערונגען, זיי אלע באַרירן ניט די רעאַליטעט, זיי קו־מען ניט פאָר אין דער רעאַליטעט. דאָס אלץ איז ניט מער ווי א רעזולטאַט פון אונדזער אָפּנאַרערישער פאַרשטעלונג פון די חושים, עס דוכט זיך אונדז בלויז אָפּ, אז ענדערונגען קומען פאָר אין דער רעאַליטעט. דאָס אלץ זיינען אילוזיעס. אפילו צייט, דער צווילינג ברודער פון ענדערונג, קען לאָגיש ניט אָנגערופן ווערן רעאַליטעט. מיר קענען ניט ריידן וועגן פארגאנגענהייט, ווייל דאָס מיינט אננעמען די עקזיסטענץ פון אן עפּעס, וואָס עקזיסטירט ניט, מיר נעמען אָן פאר א רעאַליטעט א זאך וואָס עקזיסטירט פאקטיש ניט. מען קען אויך ניט ריידן וועגן אן עפּעס, וואָס וועט קומען, ווייל ס'מיינט אננעמען פאר עקזיס־טירנד אן עפּעס, וואָס איז איצט ניטאָ, נאָר ס'וועט שפּעטער זיין. דאָס, וואָס עקזיסטירט איז אַ שטענדיקער, ניט ענדערענדער זיין: — דער זיין איז, ער איז פשוט אימער, שטענדיק ניט ענדערענד אייביגער און דער זעלבער זיין." (פ. 8, 1, 4. ציטירט פון בורנעטס "אוירלי גריק פילאָסאָפיע" ז. 174). דאָס איז קלאָר, מען קען אין דעם ניט מאכן קיין טעות...

אויב די אויסערלעכע וועלט, די וועלט, וואָס דער מענטש ווייסט וועגן איר, איז ניט קיין עקזיסטענץ ("זיין"), איז וואָס איז דאָס, וואָס איז א "זיין"? פּערמאַניד ענטפערט אויף דער פראַגע און זאָגט: "דאָס, וואָס עקזיס־טירט באשטייט פון אן עפּעס, וועגן וואָס מיר קענען נאָר דענקען, אָט ווי

צום ביישפּיל, רונדקייט. עס איז ניט געשאַפן געוואָרן און עס קען ניט פאַר־ניכטעט ווערן... עס איז פאָלקאָמען, באוועגלאָז און אָן א סוף. אָן עקזיסטענץ, וואָס קומט און פאַרשווינדט, א ז י י ן און א נ י ט ז י י ן, ענדערונג אין רוים און אין קאָליר... דאָס זיינען נאָר נעמען, וואָס שטאַרבענדע האָבן געגעבן צו פאַנטאַזיעס און זיי גלויבן, אז דאָס זיינען אמת'ען" (פ. 8, 9).

די אויסצוגן פון פראַגמענטן, וואָס זיינען געבליבן פון פּערמאַנידן, באַ־ווייזן ווי ער האָט פאַרשטאַנען די רעאַליטעט פון דער וועלט. פאַר אים איז די פונדאַמענטאַלע רעאַליטעט באַשטאַנען פון אן אייגנאַרטיקער איינהייט, וואָס איז שטענדיק די זעלבע: — אזוי איז זי געווען, אזוי איז זי און אזוי וועט זי בלייבן פון אייביק ביז אייביק א באוועגלאָזע און ניט ענדערענדע איינהייט. זי האָט אימער עקזיסטירט, ווי זי איז, ווייל יעדע ענדערונג מיינט, אז עפּעס אנטשטייט פון גאָרניט וועגן דעם קען מען ניט דענקען און וועגן וואָס מען קען ניט דענקען, קען ניט עקזיסטירן. עס מיינט, אז ער האָט פּאַקטיש גע־צווייפלט צי ס'איז פאַראַן אזא עפּעס, ווי צייט, רוים און באוועגונג און דאָס מיינט, אז די קאָנקרעטע וועלט, ווי זי ווערט אויפגענומען דורך די חושים, איז אן אילוזיע, וואָס עקזיסטירט ניט אין דערווירקלעכקייט, ווי מען נעמט זי אויף.

פאַהלער סומערס דעם עליאַטישן דענקען (קסענאַפאַן, פּערמאַניד און זענאַ) אויף פאָלגנדן אופן: 1) עס קען ניט זיין קיין עקזיסטענץ פון גאָרניט, ווייל וועגן גאָרניט קען מען ניט דענקען; אָבער געבורט, ענדערונג און פאַרניכטונג, שליסן אין זיך איין זאכן, וואָס אנטשטייען פון גאָרניט און די פאַרשווינדונג פון זאכן. דערפאַר 2) מוז די ווירקלעכע רעאַליטעט זיין ניט קיין געשאַפענע, זי מוז זיין אזא, וואָס קען ניט פאַרשווינדן און וואָס קען ניט געענדערט ווערן, זי קען אפילו ניט געענדערט ווערן אין קוואַליטעט.

אזוי ווי עקזיסטענץ קען ניט באַשטיין פון גאָרניט, מיינט עס, אז קיין ליידיקער רוים קען ניט זיין. 3) די רעאַליטעט דאַרף אָנפילן דעם רוים, ווי א האַרטע מאַסע. מיט אנדערע ווערטער, דער קערפּערלעכער און רוימלעכער אַספּעקט פון דער רעאַליטעט קען ניט צוטיילט ווערן. אויב ס'איז ניטאָ קיין ליידיקער רוים 4) קען ניט זיין קיין באוועגונג, ווייל באוועגונג שליסט איין א ליידיקייט, וואו די באוועגונג קומט פאָר. אין דער אבסאָלוטער רעאַליטעט איז ניטאָ קיין באַוועגונג: דאָס, וואָס עקזיסטירט, איז אַזוי באַוועגלאָז, ווי עס איז קאָלירלאָז. און ווען עס איז ניטאָ קיין ליידיקער רוים 5) קענען ניט זיין קיין קוואַנטיטאַטיווע טיילונגען. עס מיינט, אַז אין דער רעאַליטעט קען ניט זיין קיין טיילן: — טיילונג שליסט איין באוועגונג פון די טיילן און עס מיינט, אז ס'איז פאַראַן אן אונטערשייד צווישן די טיילן אין דעם ליידיקן רוים. מיט אנדערע ווערטער, די רעאַליטעט, פון וואָס זי זאָל ניט באַשטיין, קען נאָר לאָ־גיש באגריפן ווערן ווי איין האַרטע שטיק, ווי א מאַסיווע אומאונטערבראָכענע סובסטאַנץ, וואָס האָט ניט קיין שפּאַלטן, קאָלירן אָדער פלעקן. פון דעם דאַרף מען ציען דעם שלוס, אז פילפאַכעקייט, ענדערונג, פאַרשיידנאַרטיקייט, בייט, אנטוויקלונג, באוועגונג און אז. וו. דאָס אַלץ זיינען אילוזיעס און פאַלשע מיי־נונגען." (זע "היסטאָריע אָוו גריק פילאָסאָפיע" זז. 175־174).

דאָס אַלץ קלינגט אזוי אומגלויבלעך מאָדנע פאַרן געוויינטלעכן אויער, אז מען איז גענייגט צו צווייפלען צי די דאָזיקע דענקער זיינען געווען ערנסט, ווען זיי האָבן אָפּגעלייקענט די רעאַליטעט פון דער זינלעכער דערפאַרונג, ווי

זי ווערט אויפגענומען דורך די חושים און האָבן אָנגענומען פאַר דער רעאַלי־טעט אַ לאָגישע אבסטראַקציע. מען קען אָבער אי ניט צווייפלען אין זייער ערנסט, אי מען קען זיי אינגאַנצן ניט אוועקמאַכן מיט דער האַנט, ווי פאַנטאַ־זיאָרן. זיי זיינען געווען מעטאַפיזיקער און לאָגיקער, וואָס האָבן זיך געוואָלט דערטראַכטן צו דער פונדאַמענטאַלער רעאַליטעט. זיי האָבן גענומען פאַר זייער אויסגאַנגס פּונקט אַ ראַציאָנאַלע וועלט, איז וואָס ס'האָט ניט געשטימט מיט דער לאָגיק, האָט ניט געקענט זיין רעאַל אין דער וועלט.

אָבער אַזוי ווי אַלץ, וואָס שטראָמט אַריין דורך די חושים פון דער אויסערלעכער וועלט, איז פון אַזאַ כאַראַקטער, אַז ווען מען דענקט לאָגיש ווייט גענוג, פּירט עס צו ווידערשפּרוכן, זיינען זיי געקומען צום שלוס, אַז אויף דער זינלעכער דערפאַרונג קען מען זיך נישט פאַרלאָזן, ווייל די חושים נאַרן אָפּ. (אַז די וועלט קען אין זיך ענטהאַלטן איראַציאָנאַלעס, וואָס דער מענטשלעכער שכל זאָל ניט קענען דערקלערן, האָבן זיי אפילו ניט געקענט דענקען. אַזאַ געדאַנק קען נאָר אַרויפקומען אויפן זינען, ווען מען עקספּערימענטירט מיט פאַקטן, וואָס פירן צו שלוסן, וועלכע מוזן אָנגענומען ווערן, ווען אפילו זיי שטימען ניט מיט דער מענטשלעכער לאָגיק).

איצט ווייסט מען, אַז די וועלט מוז זיך ניט רעכענען מיט דער מענטש־לעכער לאָגיק און זי קען זיך דערלויבן צו זיין איראַציאָנאַל, מען ווייסט איצט, אַז ס'איז שווער, אויב ניט אוממעגלעך, צו צוזאַמענשטעלן די גאַנצע וועלט אין אַן איינהייט. דאָס קען מען אפילו איצט ניט טאָן, ווען מען האָט אַזויפיל וויסנ־שאַפטלעכן וויסן, וועלכער לייזט אויף איבערפלעכלעכע ווידערשפּרוכן. די גריכן האָבן אי ניט געהאַט דעם דאָזיקן וויסן, אי זייער אויסגאַנגס פּונקט איז געווען אַן אַנדערער. ווען זיי זיינען געקומען צו אַ לאָגישן ווידערשפּרוך, האָבן זיי באַשטימט, אַז די חושים נאַרן אָפּ, זיי געבן פאַלשע אינפאָרמאַציע וועגן דער רעאַליטעט. — דערפאַר דאַרף מען זיך מיט זייער אינפאָרמאַציע ניט רעכענען און מען דאַרף אָננעמען, פאַר אמת און רעאַל דאָס, וואָס די לאָגיק דיקטירט.

פאַר אַ בולטן באַוויז פון גריכישן אַרט דענקען קענען דינען זענאָס באַוואוסטע מאַטעמאַטישע ווידערשפּרוכן, וואָס האָבן אינטריגירט די וועלט ביז דער מאָדערנער צייט. איצט ווייס מען, אַז דאָס איז אַ מאַטעמאַטישער פּראָבלעם, אָבער ניט קיין פונדאַמענטאַל אָנטאָלאָגישער פּראָבלעם. אַ מאָדער־נער דענקער וועט זיך ניט אָפּזאָגן צו אַנערקענען פאַקטן אויפן סמך פון אַ לאָגישן ווידערשפּרוך. ער וועט זוכן אַ וועג ווי צו האַרמאָנירן און קאָמבינירן די פאַקטן אַזוי, אַז זיי זאָלן שטימען צווישן זיך. אין גריכנלאַנד האָט מען אָנ־גענומען דעם אינטעלעקטואַליסטישן אויסגאַנגס פּונקט און אַזוי ווי אין קיין ווידערשפּרוכן קען מען ניט דענקען, האָט מען באַשטימט, אַז די חושים נאַרן אָפּ און דערמיט האָט זיך דער ענין געענדיקט: — איב די וועלט פון דערפאַ־רונג שטימט ניט מיט דער לאָגיק, האָט מען זיך אומגעקערט מיטן רוקן צו איר און מען האָט זי איגנאָרירט. דאָס האָט געטאָן פּערמאַניד און פּלאַטאָן נאָך אים. (זאָל באַמערקט ווערן, אַז מאָדערנע אידעאַליסטן האָבן געטאָן כמעט דאָס זעלבע: העגעל און בּרעדלי, צום ביישפּיל, האָבן עס געטאָן אין דער מאָדערנער צייט).

מען מוז אָבער אונטערשטרייכן, אַז ס'האַנדלט זיך ניט וועגן קיין קאַפּ־ריז פון די דענקער; זיי זיינען פאַלשטענדיק אויסגעהאַלטן און ווען מען נעמט

אָן זייער אויסגאנגס פּונקט, פירט ער צו זייערע שלוסן. דאָס דאַרף אָבער גע־זאָגט ווערן וועגן יעדן פילאָזאָפישן סיסטעם: פון וואָס מען וועט ניט אָנהויבן וועט מען קומען צו אנטינאמיעס (ווידערשפּרעכן); אַלץ צו דערקלערן קען מען ניט. האלט מען טאקע אין איין פילאָזאָפירן...

# קאַפּיטל 8

## אַ ט ע ן (סאקראַט)

די איין און זיבעציק יאָר פון דעם זיג, וואָס די גריכן האָבן געהאַט איבער פּערסיע אין 475 פ. קר. ביז אַטען איז באַזיגט געוואָרן פון ספּארטא אין 404 פ. קר. ווערן פאַררעכנט פאַר דער גריכישער גאָלדענער עפּאָכע. אין די דאָזיקע איין און זיבעציק יאָר האָט זיך צעבליט דער גריכישער געני כמעט אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכער שאַפונג. איינצל דענקער און איינצל געניאַלע מענטשן אין אַלגעמיין, האָט גריכנלאַנד געהאַט גרעסערע אין אַנדערע פּעריאָדן פון איר אינטעלעקטועלער הערשאַפט איבער דער וועלט, ווי פּלאַטאָן און אַריסטאָטל אין פּערטן יאָרהונדערט, צום ביישפּיל. דאָס זיינען בלויז געווען איינצל דערשיינונגען, אין קאָלעקטיוון שאַפן שטייגט דער פּעריאָד אַריבער וועלכן עס איז אַנדערן פּעריאָד פון איר העכערטויזנט יאָריקער אינטעלעקטועלער הערשאַפט. אין דעם פּעריאָד האָבן געלעבט אירע דריי גרעסטע טראַגיקער: עסקולוס, סאָפאָקלס און עריפּידוס. אין דעם פּעריאָד האָבן געלעבט אירע צוויי גרעסטע היסטאָריקער: הערָאדאָטוס און טוסידודוס. היפּאָקראַטוס, דער פאָטער פון מעדיצין, האָט געלעבט אין דעם פּעריאָד און אין דעם פּעריאָד האָט אויך געלעבט איר גרעסטער סקולפּטאָר, פּידיוס. אין דעם פּעריאָד האָט געלעבט איר גרעסטער פּאָליטיקער פּעריקלוס. זאָגט דזש. מאַהאַפי: "אין קונסט קענען מיר מאַכן די באַהויפּטונג אָן וועלכער עס איז מורא עמיצער זאָל אונדז ווידערשפּרעכן, אַז די מאָדערנע וועלט האָט, מיט אַלע אירע דערפינדונגען, ניט דערגרייכט די פּערפעקציע פון דער גריכישער גאָלדענער צייט. מיר קענען דאָס זעלבע זאָגן וועגן ליטעראַטור און פילייכט אויך וועגן אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק און דיפּלאָמאַטיע" (זע "עיסוירוויי אָוו גריק סיווילייזיישן" ז. 189).

דער גריכישער דענקען איז אַ היפּש ביסל עלטער פון דעם גאָלדענעם פּעריאָד פון איר געשיכטע, ער איז אָבער פאַרפּאָלקאָמט געוואָרן אין דעם פּעריאָד. דער עליאַטישער דענקען, וואָס איז נאָר וואָס באַטראַכט געוואָרן, האָט זיך אַנטוויקלט אין דעם פּעריאָד און אויסער פּלאַטאָנען און אַריסטאָטלען וואָס האָבן געלעבט אין פּערטן יאָרהונדערט, איז דאָס געווען דער רייכסטער פּעריאָד פון דעם גריכישן דענקען. אויסער די עליאָטן, וואָס זיינען פריער דערמאָנט געוואָרן, האָט אין דער צייט געלעבט עמפּעדאָקלס, וואָס איז געווען אַ דענקער, אַ ביאָלאָג, אַ מעדיצינער (ער איז געווען דער גרינדער פון דער ערשטער מעדיצינישער אַקאַדעמיע), אַ גייסטלעכער, דער ערשטער לערער

וועגן "עוואָלוציע", און וואָס האָט אָנגענומען אַן עמפּירישן אויסגאַנגס פּונקט אין אַלגעמיין און האָט רעוואָלטירט קעגן דעם עקסטרעמען אינטעלעקטואַליזם, וואָס האָט געוואָלט אָפּלייקענען די רעאַליטעט פון דער וועלט. אין דעם פּעריאָד האָט געלעבט אנאקסאגארוס, פּעריקלס פריינט, וועלכער האָט געבראַכט די פילאָזאָפיע קיין אטען. אין דעם פּעריאָד האָבן געלעבט די מאַטעריאַליסטישע דענקער, לעסיפּוס און דעמאקריטוס, וואָס האָבן זיך דערטראַכט צו אַ פונדאַמענטאַלן נאַטור אמת, וואָס איז אין אַלגעמיין געבליבן שטאַנדהאַפטיק ביזן היינטיקן טאָג. דער באַגריף וועגן אטאמען, וואָס באַוועגן זיך אין אַ ליידיקן רוים, האָט זיך אַ היפש ביסל געענדערט פון דעמאקריטוסעס צייט ביז איצט, דערהויפּט האָט ער זיך געענדערט אין דער לעצטער צייט, דער פונדאַמענטאַלער געדאַנק אָבער וועגן מאַטעריע און באַוועגונג, איז געבליבן כמעט דער זעלבער און וועט וואַרשיינלעך אויף ווייטער בלייבן פונדאַמענטאַל פאַר דער נאַטור, יעדנפאַלס קען מען ניט זען, ווי ער קען געענדערט ווערן.

אין דעם דאָזיקן פּעריאָד האָבן געלעבט די סאָפיסטן (חכמים), זיי האָבן אַרויסגעטראָגן דעם ספּעקולאַטיוון דענקען אויף דער גריכישער גאַס און האָבן אים פאַרשפּרייט צווישן דער יוגנט . . . זיי האָבן געעפנט שולן אין וועלכע זיי האָבן געלערנט די יוגנט ווי צו דיסקוטירן לויט דעם דיאַלעקטישן מעטאָד און געווינען די דעבאַטע. דאָ האָט זיך שוין ניט געהאַנדלט וועגן זוכן אמת'ן, נאָר וועגן באַזיגן אַ קעגנער אין אַ דעבאַטע . . . דאָס וויכטיקסטע, פילייכט, פון דעם פּעריאָד איז געווען, וואָס אין אים האָט געלעבט און געווירקט סאָקראַט, וואָס האָט געגעבן דעם מענטשלעכן געדאַנק אַ שטאַרקן שטויס פאַראויס . . .

ווי מען קען זען, איז דאָס געווען איינער פון די גלאָרייכסטע פּעריאָדן פון דער מענטשלעכער געשיכטע. אַלזייטיק אַרומנעמען דעם פּעריאָד איז כמעט אוממעגלעך און געוויס איז עס ניט די אויפגאַבע פון דער אַרבעט. די אויפגאַבע פון דער אַרבעט איז אַ באַגרענעצטע, זי באַנוגנט זיך מיט איין ווינקל און דאָס איז מיטן ספּעקולאַטיוון געדאַנק.

די פאַרשיידענע פאָרמען, וואָס דער ספּעקולאַטיווער געדאַנק האָט אָנגענומען אין דעם פּעריאָד קענען נאָר צוזאַמענגעבראַכט ווערן אויף איין פּונקט און דאָס איז אויפן אינטעלעקטואַליזם און, נאַטירלעך, אויף דעם אַלגעמיינעם אויסגאַנגס פּונקט. אַלע גריכן האָבן געגלויבט באמונה שלמה, אַז דער מענטשלעכער שכל קען אויף אַ ריין ספּעקולאַטיוון אופן דערקלערן אַלץ אין דער וועלט. דער פּראָבלעם פון אמת'ן וויסן וועגן דער וועלט, איז פאַר זיי געווען אַ פּראָבלעם פון ריכטיקן דענקען. זיי האָבן געגלויבט באמונה שלמה, אַז דאָס וואָס ס'שטימט לאָגיש, איז רעאַל אנטאלאָגיש (עקזיסטירט אין דער וועלט). נעמענדיק אָט דעם געדאַנק פאַר זייער אויסגאַנגס פּונקט, איז בא זיי אויסגעקומען, אַז אום צו דערגרייכן דעם אַבסאָלוטן וויסן וועגן עפּעס אין דער וועלט, דאַרף מען זיך אַזוי לאַנג חקרנען וועגן דעם, ביז מען וועט אויסגלעטן אַלע לאָגישע ווידערשפּרוכן און דאָס, וואָס וועט שטימען מיטן שכל, וועט זיין די רעאַליטעט פון דער וועלט.

די נייגונג צו דיסקוטירן, זיך פּילפּולן, איז געווען אַ פונדאַמענטאַלע אייגנשאַפט בא די גריכן. פון איין זייט איז עס געווען אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס דאָס לערנען איז געווען אַ מינדלעכע, מען האָט איבערגעגעבן דאָס וויסן

פון מויל צו מויל; פון דער צווייטער זייט איז עס געווען אַ רעזולטאַט פון זייער אינטעלעקטואַליזם, פון זייער שאַרפן שכל צו אַנאַליזירן פּראָגן. עס איז אָבער אויך געווען אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס פיזישע אַרבעט איז געטאָן געוואָרן פון שקלאַפן, האָט זיך בא די גריכן אַנטוויקלט דער באַגריף, אַז אַ גריך דאַרף זיך באַשעפטיקן מיט "אינטעלעקטועלער" אַרבעט, וואָס ס'האָט געמיינט דיסקוטירן וועגן אַלץ און וועגן אַלעמען.

לערנען דורך פירן דיסקוסיעס און אַרגומענטירן, איז געווען אַן אַלגעמיינער מעטאָד אין יענער צייט. די גריכן האָבן אים נאָר מער באַנוצט אַ דאַנק זייער איינגעבוירענעם אינטעלעקטואַליזם. די סאָפיסטן האָבן פון דעם דיסקוסיע מעטאָד געמאַכט אַ פּראָפעסיע: — זיי האָבן אויפגעעפנט שולן אין וועלכע זיי האָבן פאַר געלט איינגעשטודירט מיט דער יוגנט די קונסט ווי צו ריידן און ווי אַזוי צו אַרגומענטירן אום צו געווינען אַ דעבאַטע. פאַרשטייט זיך, אַז אין אַזעלכע פאַלן איז שוין איבערהויפּט ניט קיין פראַגע צי דאָס, וואָס מען פאַרטיידיקט איז אַן אמת אָדער ניט, צי מען איז גערעכט אָדער ניט. דאָס איז פאַר אַ דעבאַטע אינגאַנצן ניט וויכטיק, וויכטיק איז די אַרגומענטאַציע ווי מען פאַרטיידיקט דעם אָנגענומענעם שטאַנדפּונקט.

פאַר לערנען ווי צו ריידן און ווי צו אַרגומענטירן אין אַלגעמיין, איז דאָס דער אָנגענומענער מעטאָד, און ווען עס האַנדלט זיך וועגן פּאָליטישע פראַגן, איז עס אויך דערלויבלעך. די סאָפיסטן זיינען אָבער ניט געווען בלויז קיין לערער פון שיין ריידן אָדער פון גוט דיסקוטירן, זיי זיינען דערהויפּט באַטראַכט געוואָרן פאַר ספּעקולאַטיווע דענקער, וואָס האָבן אָנגענומען אַ פילאָזאָפישן אויסגאַנגס פונקט און האָבן פון זייער קאָנקרעטן אויסגאַנגס פונקט געפירט זייערע דיסקוסיעס. זיי האָבן געטאָן ביידע זאַכן: — אי זיי האָבן דיסקוטירט און אַרגומענטירט, אי זיי האָבן געלערנט פילאָזאָפיע לויט די באַגריפן פון זייער צייט. דאָס האָט זיי געפירט צו סאָפיזם לויט וועלכן זיי זיינען געבליבן באַקאַנט היסטאָריש.

ווען די פאַרשיידענע גריכישע דענקער האָבן דערקלערט די רעאַליטעט פון דער וועלט, האָבן זיי זיך סומך געווען אויף די קאָנפליקטן צו וועלכע די אינפאָרמאַציע, וואָס מען קריגט פון דער וועלט דורך די חושים, פירט און פון וועלכע דער שכל אַליין קען נאָר באַפרייען. זיי האָט דערביי אַרויסגעהאַלפן דער פאַקט, וואָס די געזעצן פון דער לאָגיק צווינגען זיך אַרויף אויף דעם שכל — אין קיין לאָגישע ווידערשפּרוכן קען ניט דענקען קיין קולטור מענטש. פון דער צווייטער זייט איז עמפּירישע אינפאָרמאַציע ניט אבסאָלוט ארויפצווינגענד. געוויס מוז מען זיך רעכענען מיט פאַקטן. מען קען אָבער לייכט צוגעבן, אַז מ'האָט געמאַכט אַ טעות און טעות'ן וועררן געמאַכט פון די חושים און מען קען די טעות'ן לייכט באַמערקן. אַזוי, אַז אינגאַנצן זיינען די גריכן ניט געווען פאַלש אין זייער באַציאונג צו די חושים. זיי האָבן נאָר געצויגן פאַלשע שלוסן.

דאָס, ווי עס איז שוין טיילווייז דערקלערט געוואָרן, האָט די גריכן געפירט צו אָננעמען אַ געוויסע דערקענטעניש לערע, נאָכפאָלגן אַ באַשטימטן מעטאָד, ווען זיי האָבן געזוכט דעם אמת. די עליאַטן האָבן נאָכגעפאָלגט די לאָגיק פון שכל וואוהין זי האָט זיי געפירט. זיי האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט ווען אפילו דאָס האָט זיי געפירט צו לייקענען אַלץ מיט אַלעמען פון דער וועלט פון דערפאַרונג. זיי זיינען געווען אויסגעהאַלטן, הגם דאָס האָט זיי געפירט צו

אַן אבסורד, ווייל זיי האָבן נאָכגעפּאָלגט אַ באַשטימטן אויסגאַנגס פּונקט, וואָס איז געווען זייער דערקענטעניש לערע וועגן דער וועלט.

די דערקענטעניש לערע איז אַן אינטערגראַלער טייל פון יעדער פילאָזאָפיע, צי באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואוסטזיניק, איז ניט קיין אונטערשייד. די עליאַטן האָבן געהאַט אַן אויסגעשפּראָכענע און אויסגעהאַלטענע דערקענטעניש לערע. פּערמאַניד האָט באַשטימט, אַז דער שכל איז דער איינציקער בעל דעה, אַז נאָר ער האָט אַ רעכט צו זאָגן עפּעס וועגן דעם אמת פון דער וועלט. איז געקומען פּראָטאַגאָר, דער סאָפיסט, און האָט מיט אים אײנגעשטימט, ער האָט נאָר געצויגן אַ ווייטערדיקן שלוס אַז "דער מענטש איז די מאָס פון אַלץ, פון די זאַכן, וואָס זיינען פאַראַן, אַז זיי עקזיסטירן און פון די זאַכן, וואָס זיינען ניטאָ, אַז זיי עקזיסטירן ניט" (זע ווידעלבאַנד "היסטאָרי אָוו אַנשיענט פילאָסאָפי" ז. 118).

אין אָט דעם לאָקאַנישן זאַץ איז אייגעשלאָסן דער גאַנצער גריכישער סאָפיזם, ער קען אויסגעטייטשט ווערן און ווערט אויסגעטייטשט אויף צוויי אופנים. לויט דער ערשטער אויסטייטשונג ענטהאַלט ער אַ טרואיזם: — ער מיינט, אַז קיין אַנדער וויסן, אויסער דעם מענטשלעכן וויסן, באַזיצט דער מענטש ניט. אויב די נאַטור פאַר זיך איז אַנדערש, ווי זי דערשיינט צום מענטשן (זע קאַנט), איז ניט נאָר ניטאָ קיין מעטאָד, ווי צו קאָרעגירן דעם טעות, נאָר מען קען אפילו ניט וויסן, צי מען מאַכט אַ טעות. אויף דעם אופן ווערט דער גריכישער סאָפיזם אויסגעטייטשט פון דעם ענגלישן דענקער דר. שילער. דאָס איז אָבער ניט די אָנגענומענע אויסטייטשונג פון סאָפיזם. די אָנגענומענע מיינונג איז, אַז דער אויסצוג מיינט: יעדער איין מענטש האָט זיין אייגענע מאָס און ניט ער קען זיך רעכענען און ניט ער דאַרף זיך רעכענען מיט וועלכער ס'איז אַנדער מאָס. אַז די צווייטע אויסטייטשונג איז די ריכטיקע, באַשטעטיקט אַ צווייטער פּראַגמענט, וואָס איז געבליבן פון פּראָטאַגאָרען. ער זאָגט: "אויב ער (דער מענטש) איז די מאָס פון אַלע זאַכן, איז ער די מאָס פאַר דעם וואָס איז דערלויבלעך און פאַר דעם, וואָס זאָל הערשן . . . אויב מען קען ניט דערוואַרטן אַז מענטשן זאָלן פאַרשטיין זאַכן אויף דעם זעלבן אופן, קען מען אויך ניט דערוואַרטן זיי זאָלן אין זייער לעבן און אין זייערע האַנדלונגען פאָלגן איינע און די זעלבע געזעצן" (צעלער "היסטאָרי אָוו גריק פילאָסאָפיע" ב. 2, ז. 495).

פון דעם אויסצוג קען מען זען, אַז די צווייטע אויסטייטשונג איז די ריכטיקע. אויב מען זאָל אָננעמען, אַז פּלאַטאָן האָט ריכטיק דערקלערט די סאָפיסטן (שילער האַלט, אַז ניט), זאָגט ער אין זייער נאָמען: "דו קענסט ניט צושרייבן קיין אייגנשאַפט צו אַ זאַך. דו קאָנסט זי אָנרופן גרויס אָדער קליין, שווער אָדער לייכט, הייס אָדער קאַלט . . . ווען פאַר איינעם איז אַ ווינט קאַלט, איז ער קאַלט און ווען פאַר אַ צווייטן איז דער זעלבער ווינט הייס, איז ער הייס" (טעאַטעטוס פּ. 151, קאַפּ. 8).

אָט דער ריין סוביעקטיווער צוגאַנג צו דער וועלט און צו אירע דערשיינונגען און צו דער מענטשלעכער געזעלשאַפט און צו אירע דערשיינונגען, דער אָננעמען, אַז יעדער איינער דאַרף זיך באַנוצן מיט זיין אַן אייגענער מאָס פאַר יעדער זאַך און פאַר יעדער דערשיינונג, אָננעמען, אַז עס זיינען איבערהויפּט ניטאָ קיין אַלגעמיינע מאָסן, אַז ס'זיינען ניטאָ קיינע מאַשטאַבן, לויט

וועלכע מען זאָל עפּעס קענען מעסטן, אַז ס׳זיינען אפילו ניטאָ קיין געזעלשאַפט־לעכע מאָסן פאַר מאָראַלע האנדלונגען, מיינט לייקענען, אַז ס׳זיינען פאַראַן מעגלעכקייטן פאַר וועלכן עס איז אַלגעמיינעם וויסן און ס׳מיינט זיך אָפּצוזאָגן פון אַלגעמיינע מאָראַלע באַגריפן. — יעדער איינער קאָן טאָן, וואָס ער וויל, ער דאַרף זיך מיט קיינעם ניט רעכענען, נאָר מיט זיך אַליין און מיט זיינע איי־גענע באַגריפן. דאָס איז פאַר אים ענטגילטיק.

מען רופט די סאָפיסטן אַן סקעפּטיקער, זיי זיינען געווען אָסך מער ווי סקעפּטיקער. אַ סקעפּטיקער צווייפלט צי עס זיינען פאַראַן אַלגעמיינע אמת׳ן, ער באהויפּטעט אָבער ניט, אז דאָס, וואָס ער זאָגט אָדער טוט, דאַרף אָנגענומען ווערן פאַר אַן אבסאָלוטן אמת, אָדער פאַר אבסאָלוטן יושר. ער בלייבט שטיין בא זיין צווייפל. די סאָפיסטן זיינען ניט געבליבן שטיין באַם צווייפל, זיי האָבן פאַרטיידיקט דעם געדאַנק, אַז יעדער מענטש האָט דעם אמת פאַר יעדער זאַך און פאַר יעדער פּאַסירונג. דער אמת איז טאַקע ניט מער ווי זיין פּריוואטער אמת, ער דאַרף זיך אָבער אין זיינע האנדלונגען אינגאַנצן ניט רעכענען מיט עמיצן אַנדערש. זיין אמת איז ענטגילטיק פאַר אים און אַ צווייטן מענטשנס אמת איז ענטגילטיק פאַר דעם צווייטן און אַז. וו. דאָס איז ניט קיין צווייפל, נאָר כאַאָס.

וואָלט דער סאָפיזם געווען געבליבן אַ לערע פון איינצל מענטשן פאַר איינצל מענטשן, וואָלט ער אויך געוויס ניט געווען קיין געזונטע דערשיינונג. די סאָפיסטן זיינען אָבער געגאַנגען ווייטער: — ווי ס׳איז פריער אָנגעוויזן גע־וואָרן, זיינען זיי געוואָרן פאַלקס לערער. זיי האָבן פון דעם סאָפיזם געמאַכט אַ פּראָפעסיע און האָבן פאַר געלט געלערנט יונגעלייט ווי צו אַרגומענטירן אום צו געווינען אַ דעבאַטע. דאָ האַנדלט זיך שוין אינגאַנצן ניט וועגן וועלכן עס איז פּראָבלעם וועגן אמת, אפילו ניט וועגן קיין סוביעקטיוון אמת, נאָר ווי צו נוצן אַ קונציקן אַרגומענט פאַר אָדער קעגן ווי דער מאָמענט פאָדערט. פאַרשטייט זיך, אַז ווען אַ ניט ערלעכער מעטאָד קען אַרויסהעלפן, דאַרף מען אים נוצן אָבי געווינען דעם אַרגומענט.

ווי אַזוי די פילאָזאָפיע, דאָס זוכן דעם אַבסאָלוטן אמת, איז אַזוי שנעל דעגענערירט געוואָרן, איז אַן ערנסטע פראַגע פאַרן היסטאָריקער. די הערשנדע מיינונג איז, אַז די סאָפיסטן זיינען ניט געווען די סיבה פון דער דעגענעראַציע, נאָר זיי זיינען געווען א רעזולטאט פון דער דעגענעראַציע. מאהאפיע, אין דעם פריער דערמאָנטן בוך וועגן דער גריכישער ציוויליזאציע, באשולדיקט פאַר דער דעגענעראַציע דעם שקלאַפן סיסטעם. דער סיסטעם פון מאכן מענטשן פאַר שקלאַפן און זיי זאָלן ווערן עמיצענס אייגנטום און אַרבעטן פאַר יענעם, מוז דעגענערירן דעם הערשנדן קלאַס. דאָס האָט פּאַסירט אין גריכנלאַנד נאָך דעם זיג איבער די פּערסיער, ווען די אַטענער זיינען געוואָרן רייך און דעגענע־רירט. אום צו ווערן אַ פּאָליטישער הערשער האָט מען געדאַרפט זיין אַ גוטער רעדנער און די סאָפיסטן זיינען געקומען און האָבן געשאַפן רעדנער, וואָס האָבן געוואונען דעבאַטן. די דערקלערונג לייגט זיך אויפן שכל. ווען מען ווייסט, אַז סאָפיזם איז געוואָרן אַ גוט באַצאָלטע פּראָפעסיע. פּראָטאגאָר האָט געערעכנט צען טויזנט דאָלאַר פאַר א קורס אין ״דיאַלעקטיק״ . . .

עס איז קיין צווייפל ניט, אַז דער פילאָזאָפישער געדאַנק האָט אין גריכנלאַנד געליטן שיפבראָך דורך די סאָפיסטן, צי אָבער סאָקראַט איז געווען

דער רעטער פונם גריכישן דענקען, קענען זיין פאַרשיידענע מיינונגען. סאָ־קראַט אַליין האָט קיין שום זאַך ניט געשריבן און פּלאַטאָן האָט אים געוויס צו־געשריבן זיינע אייגענע געדאַנקען (וואָס אָנבאַלאַנגט קסענאָפאָנען, דעם היי־סטאָריקער, איז ער ערשט צוריקגעקומען קיין אַטען דריי יאָר נאָך סאָקראַטס טויט און קיין ערשטהאַנטיקע אינפאָרמאַציע וועגן סאָקראַטס געדאַנקען האָט ער ניט געהאַט).

געוויס איז אויך מעגלעך, אַז פּאָול שאָרי איז גערעכט, ווען ער זאָגט, אַז פּלאַטאָן האָט אַ טייל פון זיין לערע גענומען בא סאָקראַטן. ער זאָגט: "ווי מיר קאָנען זען אין די אַנטשטייאונג פון פּלאַטאָנס אידייען לערע ניט קיין מיס־טעריע. פּלאַטאָנס דיאַלאָגן באַשטעטיקן אַריסטאָטלס באַשטימטע באַהויפּטונג וועגן דעם. מיר זעען די אידייע, ווי זי שטראָמט אַרויס פון סאָקראַטס עטישן באַגריף" (זע "פּראָסידינגס סיקסט קאָנגרעס אָוו פילאָסאָפיע" ז. 577).

אַריסטאָטל זאָגט צו סאָקראַטס פאַרדינסט דאַרף צוגעשריבן ווערן דאָס נייע אין דעם אינדוקטיוון לאָגישן דענקען, ווי אויך אין דעפינירן אַלגע־מיינע באַגריפן.

אויף וויפיל מען קאָן אורטיילן פון די פאַרשיידענע מיינונגען וועגן סאָקראַטן, האָט מען אַ רעכט צו ציען דעם שלוס, אַז הגם ער האָט גענוצט דעם זעלבן מעטאָד, וואָס די סאָפיסטן האָבן גענוצט, איז ער ניט געווען קיין סאָ־פיסט, ווי סאָפיזם ווערט איצט פאַרשטאַנען. ער האָט געזוכט אינטעלעקטועלן אמת און זיכערע באַגריפן. מען נעמט אָן, אַז ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעוויזן, אַז ווען מענטשן וואָלטן ניט געמיינט איינע און די זעלבע זאַך, ווען זיי נוצן די זעלבע טערמינען, וואָלטן זיי זיך ניט געקאָנט פאַרשטיין איינער דעם צווייטן. אויב דאָס איז ריכטיק, איז שאָרי גערעכט מיט זיין באַ־הויפּטונג, אַז פּלאַטאָן האָט אַ טייל פון זיין אידייען לערע גענומען בא סאָקראַטן: ער האָט פון אים גענומען דעם געדאַנק וועגן דער עקזיסטענץ פון פונדאַמענ־טאַלע באַגריפן ("אידייעס"). וואָס ס'רעדט אָן צווייפל אין זיין טובה איז דער פאַקט, וואָס ער האָט ניט גענומען קיין געלט פאַר זיין לערע. מען האָט אָבער אויך אַ רעכט צו גלויבן, אַז אַ גרויסן טייל פאַר דער קרוין, וואָס די מענטש־הייט האָט אים אָנגעטאָן, האָט ער צו פאַרדאַנקען דעם מאַרטירער טויט.

אַז ער האָט געהאַט אַ באַשטימענדע ווירקונג אויף פּלאַטאָנען, איז קיין צווייפל ניט. ניט אומזיסט האָט ער אים גענומען פאַר זיין ליטעראַרישן העלד און האָט דורך אים אַרויסגעזאָגט זיינע אייגענע און אַזוי גוט ווי סאָקראַטס געדאַנקען. געוויס איז פּלאַטאָן געווען אַן אָריגינאַלער דענקער, ער איז אָבער אויך געווען א גרויסער נעמער: — דאָס מאָראַלע פון זיין לערע האָט ער גע־נומען בא סאָקראַטן (זע גראַטה), די אידייען לערע האָט ער, מעגלעך, גענומען בא פּערמאַנידן (ז. דיאַלאָג "פּערמאַנידוס". ס'איז פאַראַן אַ מיינונג, אַז דעם דיאַלאָג האָט ניט פּלאַטאָן געשריבן). זיין וועלט ביילד האָט ער גענומען בא די פּיטאַגאָרעער (זע צעלער) און מיט העראַקלידס געדאַנקען האָט ער זיך גע־ראַנגלט זיין גאַנצן לעבן. יאָ איבעראַל האָט ער גענומען שטיינער פאַר זיין פילאָזאָפישער געביידע; דעם בנין אָבער האָט ער אַליין אויפגעשטעלט. אין דעם באַשטייט זיין אָריגינאַליטעט.

# קאַפּיטל 9

## פּ ל א ט א ן

פּלאַטאָן האָט זיינע פילאָזאָפישע ווערק געשריבן אין דער פאָרמע פון דיאַלאָגן אין וועלכע "סאָקראַט" דיסקוטירט אין זיין נאָמען מיט פאַרטרעטער פון אַנדערע פילאָזאָפישע ריכטונגען. "סאָקראַט" שטעלט פאַרשיידענע פראַגן צו די פילאָזאָפן און די פילאָזאָפן ענטפערן. ער קריטיקירט זייערע מיינונגען און דורך זיינע דערקלערונגען און דעפיניציעס, ברענגט פּלאַטאָן אַרויס זיינע געדאַנקען און מיינונגען. איצט ווייסט מען, אַז דער מעטאָד איז ניט קיין צו גוטער; ער צוימט דעם געדאַנק: — מען קען ניט בויען קיין פילאָזאָפישן סיסטעם דורך דעפיניציעס פון הוילע באַגריפן . . . וואָלט אָבער פּלאַטאָן געווען בלויז אַ דענקער, וואָלט מען פונדעסטוועגן געקענט צוזאַמענשטעלן זיין סיסטעם פון די דיאַלאָגן; איז ער אָבער אויך געווען אַ גרויסער פּאָעט און וואָרט קינסטלער מיט אַן אינטערעס פאַרן דראַמאַטישן מאָמענט, פאַרנעמט אָפט דאָס דראַמאַטישע דעם פּלאַץ פון דער דערקלערונג... איז דאָס נאָך ווייניק, איז ער נאָך געווען א היפּשער מיסטיקער און האָט אריינגעוועבט זיין מיסטיק אין דער פילאָזאָפיע . . . און וועגן דער מיסטיק זאָגט א. ע. טיילאָר, וואָס איז איינער פון די וויכטיקסטע פּלאַטאָן פאָרשער: "מ'ווערט פרעגן: וויפיל פונם מיסטישן קען אָנגענומען ווערן פאַר ערנסטער פּלאַטאָנישער לערע און וויפיל דאַרף באַטראַכט ווערן פאַר סימבאָליק און פאַר פאַנטאַזיע? אויף דער פראַגע קען קיינער ניט געבן קיין גענויעם ענטפער, מעגלעך, אַז פּלאַטאָן אַליין וואָלט ניט געקאָנט ציען קיין שאַרפע און פעסטע ליניע צווישן דעם פילאָזאָפישן אינהאַלט און דער מיסטישער פאָרמע" (זע "פּלייטאָ" ז. 442).

אויב טיילאָר קאָן די ליניע ניט ציען, און ער גלויבט ניט אַז אפילו פּלאַטאָן וואָלט זי געקענט ציען, קען זי קיין אַנדערער געוויס ניט ציען . . . מ'מוז בלייבן שטיין צווישן פילאָזאָפיע, מיסטיק און ריינער פאַנטאַזיע. ווען מ'לייענט די דיאַלאָגן און מ'לאָזט אויס פון אויג דעם היסטאָרישן פּערספּעקטיוו, לויט וועלכן מ'דאַרף זיי באַטראַכטן, מען מאַכט ניט קיין פאַרזוך צו אָפּטיילן דאָס פילאָזאָפישע פונם פּאָעטיש־מיסטישן, חידושט מען זיך ווי אַ געניאַלער דענקער, וואָס האָט זיך געקענט דערגרונטעוועץ צו פונדאַמענטאַלע פּרינציפּן און באַגריפן, פאַרטיידיקט אין דערזעלבער צייט פאַנטאַסטישע סברות און דאָס וואָס ער ווייס אינגאַנצן ניט, דערגאַנצט ער מיט זיין פּאָעטיש־מיסטישער פאַנטאַזיע . . .

פאַרשטייט זיך, אַז מ'קען ניט צוטרעטן צו קיין פּאַרצייטיקן דענקער אָן אַ היסטאָרישן פּערספּעקטיוו, מ'קען ניט אָוועקנעמען דעם דענקער פון דער אַטמאָספערע, פון וועלכער ער האָט געקראָגן זיינע באַגריפן, פון וועלכער ער איז באַווירקט געוואָרן און וועלכע ער האָט באַווירקט. פלאַטאָן האָט ניט באַזעסן קיין מאָדערנעם וויסן און האָט ניט געהאַט קיין וויסנשאַפטלעכן אויס־גאנגס פונקט; ער האָט אפילו ניט געהאט קיין היסטאָרישן פּערספּעקטיוו און האָט ניט געוואוסט קיין געשיכטע. ער האָט אָנגענומען דעם אַלגעמיין גריכישן אויסגאַנגס פונקט און האָט אפילו געגלייבט אין דער מיטאלאגיע; ער האָט זי אָנגענומען פאַר ריכטיק . . . אין דער ליכט וועט ער באַטראַכט ווערן. באַטיר־לעך, אַז ס'וועלן בלויז באַטראַכט ווערן די טיילן פון זיין פילאָזאָפישן דענקען, וואָס האָבן באהערשט די וועלט און ניט קיין אַנדערע. אויך זיינע פילאָזאָפישע געדאַנקען וועלן בלויז באַהאַנדלט ווערן אויף אַזוי פיל, ווי ס'וועט בויטיק זיין צו קאָנען אַרויסברייגנען זיין צענטראַלן געדאַנק, וואָס באַשטייט אין דער אַזוי אָנגערופענער אידייען לערע.

ווען מען טרעט צו צו פלאַטאָנס לערע וועגן ״אידייעס״, דאַרף מען ניט אין זינען האָבן די אייגענע באַגריפן, וואָס מען האָט וועגן די פּראבלעמען מיט וועלכע פלאַטאָן באַשעפטיקט זיך, מען דאַרף זיך נאָר אַריינטראַכטן אין זיינע באגריפן. דאָס מוז מען טאָן אפילו דעמאָלט ווען מען איז זיכער, אַז זיינע באַגריפן זיינען אַ פּראָדוקט פון דער פאַנטאַזיע און האָבן ניט קיין שום שייכות מיט דער רעאַליטעט: — ווען מען וויל פאַרשטיין אַ דענקער, מוז מען אים נאָכפאָלגן לויט זיין דענקען. טוט מען עס ניט, קען מען אים ניט אָנהויבן צו פאַרשטיין.

אום צו איבערגעבן אים פּינקטלעך, וועט זיין לערע געגעבן ווערן לויט זיין אייגענער דערקלערונג. לויט זיין מיינונג באַשטייט די אַבסאָלוטע רעאַלי־טעט פון דער וועלט פון אידייעס און ניט פון זאכן. אונטער אידייע פאַרשטייט ער אַ זעלבסטשטענדיקע עקזיסטענץ, וואָס איז שטענדיק די זעלבע און ענ־דערט זיך קיינמאָל ניט. די דאַזיקע עקזיסטענץ, אָדער רעאַליטעט, רופט ער אָן ד ע ר ־ ז י י ן. עקזיסטירנדע זאכן רופט ער אָן דער ניט־זיין. אַ נ י ט ־ ז י י ן מיינט ניט ניט עקזיסטירן, נאָר עס מיינט אָן ענדערנדע זאַך, וואָס איז ניט אייביק די זעלבע. עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז עפּעס, וואָס ענדערט זיך מיט דער צייט, איז ניט קיין אייביקער ניט ענדערנדער ז י י ן . . .

אַז אזאַ פונדאַמענטאַלער ניט ענדערנדער אייביקער זיין איז פאַראַן אין דער וועלט, איז ער געווען זיכער. אין דעם פּרט איז ער געווען איינפאַר־שטאַנען מיט פּערמאַנידן, פון וועמען ער האָט גענומען דעם באַגריף, אַז ז י י ן שליסט אין זיך איין אייביק דאָס זעלבע, ניט ענדערנד, ווייל ענדערונג מיינט, אַז דאָס וואָס האָט פריער עקזיסטירט איז איצט ניטאָ. איצט איז פאַראַן אַ נייער עפּעס, וואָס איז פריער ניט געווען און אַז. וו. צוזאַמען מיט פּערמאַנידן האָט ער אָנגענומען, אַז אַן עפּעס, וואָס ענדערט זיך קען ניט אָנגערופן ווערן קיין ז י י ן, ווייל עס שליסט אין זיך איין אַ ווידערשפּרוך: — עס איז אוממעגלעך פאַר א י ש צו פאַרשווינדן און עס איז ווייטער אוממעגלעך פאַר א צווייטן יש צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ. דאָס וואָס איז אַ רעאַליטעט (אַ יש) האָט עקזיסטירט, עס עקזיסטירט איצט און וועט אייביק עקזיסטירן און עס קען ניט פאַר־שווינדן אָדער געענדערט ווערן . . .

פאָרמאל לאָגיש קען דער דאָזיקער אַרגומענט ניט אַוועקגעמאַכט ווערן מיטן האַנט; עס איז אָבער אַ ריין שכלדיקע אַבסטראַקציע, אויף וועלכער מ׳קען זיך דאָ ניט אָפּשטעלן, ווען פלאַטאָן ווייטער באַטראַכט ווערן. אידייעס ווערן פון פלאַטאָנען אָנגערופן די אייביקע עקזיסטירנדע עפּעסן, וואָס ענדערן זיך ניט און זיי רופט ער אָן די רעאַליטעט, אָדער די אידייען וועלט. די עקזיסטירנדע זאַכן פון דער וועלט, וואָס ענדערן זיך און פאַרשווינדן, זיינען ניט די רעאַליטעט, נאָר זיי זיינען ״שטנס״ פון דער רעאַליטעט . . .

אנטשטייען די פראגן: פון וואָס באַשטייט די אידייען וועלט? וואָס איז איר שייכות צו די זאַכן פון דער קאָנקרעטער וועלט און ווי אַזוי ווייסט דער מענטש די אַקטועלע רעאַליטעט? אין זיינע ענטפערס אויף די דאָזיקע פראַגן ליגט פלאַטאָנס פילאָזאָפישער בייטראג. די ענטפערס וועלן באַטראַכט ווערן גענוי און אויספירלעך.

דער אָנהויב וועט געמאַכט ווערן מיטן פראבלעם פונם מענטשלעכן וויסן אין אַלגעמיין און דאָס וועט פירן צו דעם, וואָס פלאטאָן האָט אָנגענומען, איז די אבסאָלוטע רעאליטעט:—די אידייען וועלט. פלאטאָן האָט איינגעשטימט מיט די סאפיסטן, אז ווען מען נעמט איינדרוקן, וואָס שטראָמען אריין דורך די חושים, פארן אויסגאַנגס פונקט, בלייבט מען בא סוביעקטיווע איינדרוקן, וואָס ווידערשפּרעכן זיך: וואָס איינער פילט, אַז ס׳איז הייס, פילט דער צווייטער, אַז ס׳איז קאַלט און אז. וו. צוזאַמען אָבער מיט סאקראטן זאָגט ער, אַז די סאָפיסטן האָבן געמאַכט אַ טעות, ווען זיי האָבן אָנגענומען, אַז דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד אפּערירט מיט חושים איינדרוקן, נאָר ער אפּערירט מיט ש כ ל ד י ק ע   ב א ג ר י פ ן : ניט מיט דעם פילן הייס אָדער קאַלט אפּערירט דער שכל, נאָר מיט די אביעקטיווע שכלדיקע באַגריפן, וואָס מען מ י י נ ט מיט די טערמינען הייס און קאַלט און אז. וו. אַלס באַוויז, אַז דער פאַרשטאַנד אפּערירט מיט באַגריפן, דעמאָנסטריט דער פאַקט וואָס מענטשן פארשטייען איינער דעם אנדערן: — זיי פארשטייען דעם מיין פון די ווערטער, וואָס זיי נוצן . . .

דעם עצם געדאַנק, אז מענטשן אפּערירן מיט  ב אַ ג ר י פ ן  און ניט מיט קיין סוביעקטיווע געפילן, נעמט מען אָן, האָט פלאטאָן גענומען ביי סאקראטן; דאָס זאָל זיין סאקראטס פילאָזאָפישער בייטראג, ער האָט אים ניט באַגרינדעט. פלאטאָן האָט אים באגרינדעט און האָט אויף דעם אופן ארויסגעבראַכט זיין אידייען לערע. ער וועט ציטירט ווערן ווי ער דערקלערט דעם מענטשלעכן וויסן. ער זאָגט ״עס איז א פאקט, אז דער פראָצעס פון דערמאָנען זיך קען ארויסגעבראכט ווערן דורך דעם, וואָס זאכן זיינען אָדער גלייך צווישן זיך, אָדער זיי זיינען ניט גלייך . . . עס עקזיסטירט א קוואליטעט, אן עפּעס פאר זיך און ניט ווי א פארגלייך צווישן האָלץ און האָלץ, אָדער צווישן שטיין און שטיין. אן עפּעס, וואָס איז אויסער זיי און איבער זיי: א קוואליטעט פאר זיך. מיר ווייסן די נאַטור פון דער דאָזיקער עסענץ. מיר האָבן געזען די קוואַליטעטן פון זאַכן און מיר האָבן געצויגן שלוסן וועגן דער אידייע, וואָס איז פארשיידן פון די זאכן. די זעלבע שטיקער האָלץ און שטיינער, קענען אַמאָל אויסזען גלייך און א צווייטן מאָל קענען זיי אויסזען ניט גלייך. קענען אָבער אמת׳ע און רעאלע גלייכהייטן זיין ניט גלייך. קען די אידייע גלייך, ווי אן אידייע, זיין ניט גלייך? דאָס באַווייזט, אז זאכן זיינען פארשיידן פון דער אידייע

גלייך פאַר זיך. אין דער זעלבער צייט פאַרשטייט מען די אידייע גלייך און ניט גלייך ווי אַן אידייע פאַר זיך. דאָס באַווייזט אַז קענען אונטערשיידן צווישן גלייכע און ניט גלייכע זאַכן, באַשטייט אין זיך דערמאָנען: מען מוז פריער האָבן אַן אַלגעמיינעם באַגריף וועגן אונטערשיידן איידער מען קען מאַכן אונטערשיידן צווישן זאַכן . . . מיר מוזן פריער באַזיצן אַ באַגריף וועגן אַבסאָלוטער גלייכהייט איידער מיר האָבן געזען זאַכן, וואָס זיינען גלייך און איידער מיר האָבן די זאַכן פאַרגליכן צווישן זיך. איידער מיר האָבן אָנגעהויבן צו זען, הערן און אין אַלגעמיין קריגן איינדרוקן, האָבן מיר געמוזט באַזיצן דעם באַגריף וועגן אַבסאָלוטער גלייכהייט. אָן דעם דאָזיקן וויסן וואָלטן מיר ניט געקענט מאַכן קיין שום פאַרגלייך צווישן זאַכן. מיר האָבן געמוזט קריגן דעם באַגריף וועגן דער אידייע גלייך ווען עס איז פריער . . . אויב מיר האָבן באַזעסן דעם באַגריף (גלייך) איידער מיר זיינען געבאָרן געוואָרן און מיר זיינען מיט אים געבאָרן, האָבן מיר אויך געבראַכט מיט זיך אַנדערע אידייעס; ווי, צום ביישפּיל, די אידייעס שיין, גוט, גערעכטיקייט, הייליקייט און אַלע אידייעס, וועלכע מיר רופן אָן עסענצען. דעם דאָזיקן גאַנצן וויסן האָבן מיר געהאַט איידער מיר זיינען געבוירן געוואָרן... מיר האָבן אים פאַרלאָרן באַם געבורט. ווען מיר נוצן אונדזערע חושים דערמאָנען מיר זיך אין דעם, וואָס מיר האָבן פריער געוואוסט, נאָר מיר האָבן פאַרגעסן" (זע "פעדאָן" זז. 96־94 פאַרקירצט).

די מיינונג, אַז וויסן עפּעס באַשטייט אין דערמאָנען זיך וועגן דעם וואָס מען האָט געוואוסט איידער מען איז געקומען אויף דער וועלט, נאָר ביים געבאָרן ווערן האָט מען עס פאַרגעסן און ווען די חושים קומען מיט דעם אין באַרירונג, דערמאָנט מען זיך צוריק וועגן דעם, איז אַזוי מאָדנע פאַלש, אַז איבער דעם פאַרזעט מען דאָס וויכטיגסטע אין דעם ציטירטן און וואָס איז טיילווייז אמת . . . אינם ציטירטן הויבט פּלאַטאָן אָן מיט דער פּראַגע: פון וואַנען נעמט זיך באַם מענטשן די אייגנשאַפט צו קענען פאַרגלייכן זאַכן צווישן זיך און קענען ציען שלוסן פון די דאָזיקע פאַרגלייכן? עס איז קלאָר און באַשטימט, אַז ווען זאַכן דערשיינען פאַר די חושים און ווערן פון זיי אויפגענומען, איז אין דעם פּערצעפּציעלן פּראָצעס ניט איינגעשלאָסן דער באַ ג ר י ף (פּלאַטאָן נוצט "קוואַליטעט") ניט פון גלייך און ניט פון ניט גלייך, דער באַגריף צו קענען פאַרגלייכן זאַכן און ציען שלוסן פון די פאַרגלייכן, קומט ניט מיט די פּרעזענטירענדע זאַכן. די פעאיקייט צו קענען פאַרגלייכן זאַכן און קענען ציען שלוסן פון די פאַרגלייכן, מוז דער מענטש באַזיצן. (פּלאַטאָן, זאָגט, אַז מען מוז האָבן די "אידייעס" פון גלייך און ניט גלייך מען זאָל קענען מאַכן פאַרגלייכן). ער זאָגט ווייטער, אַז דער אויסזען פון זאַכן קען זיך ענדערן, אָבער די באַגריפן ("אידייעס") גלייך און ניט גלייך, קענען זיך, אַלס באַגריפן, ניט ענדערן: די "אידייע" גלייך, ווי אַן אידייע, איז שטענדיק די זעלבע, זי קען ניט פאַרוואַנדלט ווערן אין דער אידייע ניט־גלייך. דאָס פירט אים צום שלוס, אַז די אידייעס זיינען אַן עפּעס פאַר זיך און זיינען פאַרשיידן און אומאָפּהענגיק פון זאַכן. ווי מען קען זען ס ו ב ס ט אַ נ צ י אַ ל י ז י ר ט ער באַגריפן און פאַסטולירט זיי פאַר דער רעאַליטעט פון דער וועלט . . .

צו דערקלערן פּלאַטאָנס מיין זיינען די טערמינען אידייע, קוואַליטעט און באַגריף גענוצט געוואָרן ווי זיי זאָלן מיינען דאָס זעלבע און אין אַ געוויסן זין מיינען זיי דאָס זעלבע פאַרן מאָדערנעם מענטשן. פּלאַטאָנס דענקען איז

אָבער אינגאנצן געווען אַן אנדערער. ער האָט ניט געוואוסט וועגן באגריפן, וואָס זאָלן זיך, אויף וועלכן עס איז אופן, געפינען אינם פארשטאַנד גופא און וועגן זאכן באזונדער און זייערע אייגנשאַפטן, וואָס זאָלן זיך געפינען אין דער אויסערלעכער וועלט. ער האָט וועגן אזא דואַליזם (וועלכן עס איז אויך איצט זייער שווער צו דערקלערן . . .) ניט געוואוסט. פאר אים זיינען אידייעס געווען *עסענצן* (אויך איצט ווערן פון אייניקע דענקער באגריפן באטראכט פאַר עסענצן. און פילאָזאָפיש מוז מען זיי געבן אַ וועלכע ס'איז סטאַטוס), וואָס האָבן אן אבסאָלוטע און זעלבסטשטענדיקע עקזיסטענץ און זיינען שטענדיק ניט ענדערענד די זעלבע: די אידייע שיין איז שטענדיק די זעלבע אידייע שיין און די אידייע גוט איז אלעמאָל די זעלבע אידייע גוט און אז. וו. און אז. וו.

מען קען לייכט זען, אז די דאָזיקע אזוי אָנגערופענע אידייעס (באגריפן לויט דער מאָדערנער רעאליסטישער טערמינאָלאָגיע) שטאַמען ניט פון דערפאַרונג. מען קען זען די זעלבע זאכן אָן א שיעור מאָל און מען זאָל פון דעם געזעענעם ניט קענען פאָרמירן קיין אוניווערסאלן באגריף. צום ביישפיל: דער באגריף רונד, רויט און שיין, איז אן אלגעמיינער באגריף, וואָס מיינט פאר אלע מענטשן דאָס זעלבע און ווען מען מאכט א פארגלייך צווישן זאכן לויט זייערע אייגנשאפטן, ווייס יעדער איינער וואָס מען מיינט מיטן פארגלייך. דאָס מיינט, אז דער מענטש אפערירט מיט אלגעמיינע באגריפן, וואָס ווי *אַלגעמיינע באַגריפן* שטאַמען זיי ניט פון דערפאַרונג. נאָך מער, די אלגעמיינע באגריפן זיינען ניט באגרענעצט מיט די אייגנשאפטן פון די קאָנקרעטע פרעזענטירענדע זאכן: רונדקייט איז פאר קיין פאל ניט באגרענעצט מיט א באַשטימטער רונדער זאך און רויטקייט איז ניט באגרענעצט מיט דער באטרעפענדער רויטער זאך . . . רונדקייט, רויטקייט, שיינקייט און אז. וו. ווי אלגעמיינע באגריפן, שטייגן אריבער קאָנקרעטע זאכן, ווי אייגנשאפטן באלאנגען זיי צו פארשיידענע זאכן און וואָס איז א סך וויכטיקער, איז דער פאקט, וואָס מען קען דענקען באגריפלעך וועגן די דאָזיקע אייגנשאפטן (רונדקייט און אז. וו.) פאר זיך און מען זאָל פארשטיין זייער מיין, מען קען דענקען וועגן מענטש, בוים, שיין, אמת און אז. וו. אָן א שיעור און מען דאַרף ניט אונטערשטעלן קיין קאָנקרעטע זאך אונטער די באגריפן און מען זאָל וויסן זייער מיין. די דאָזיקע באגריפן, האָט פלאטאָן באהויפּטעט (און מיט אים אַלע אידעאַליסטישע דענקער פון אַלע צייטן), שטאַמען ניט פון דערפאַרונג, נאָר זיי דערשיינען צוזאמען מיט זאכן אין פראָצעס פון דערפארונג.

ווען מען טראכט זיך אריין אין דעם נאָר וואָס געזאָגטן, קען מען זען, אז ס'מיינט, אז דער מענטשלעכער ווייסן, וואָס באַשטייט פון האָבן אלגעמיינע באַגריפן (אידייעס אין זיין טערמינאָלאָגיע) שטאַמט ניט פון דערפארונג. א קאָנקרעטער ביישפּיל וועט עס דעמאָנסטרירן: ווען מען זעט א בוים, זעט מען אן איינצל באַשטימטע זאך, מען זעט ניט קיין מין (בוימער) אָדער קיין באַשטימטן קלאס. דעם מין, אָדער קלאס, זעט מען אפילו ניט ווען מען זעט א גאנצן וואלד . . . איז די פראגע: פון וואַנען האָט זיך צום מענטשן גענומען דער מין באגריף (בוימער אין אלגעמיין)? פון וואנען האָבן זיך גענומען *אוניווערסאלע* באַגריפן, ווען אין זיין דערפארונג קומט דער מענטש אין באַרירונג מיט איינצעלנע זאַכן? אָבער אויך דאָס ווייסן וואָס מען האָט פון די

דאָזיקע זאַכן, באַשטייט אין וויסן **אוניווערסאַלע כאַראַקטער־שטריכן**, אָדער אין דער טעכנישער שפּראַך: — וויסן אוניווערסאַלן, וואָס ווי אייגנשאַפטן שטייגן זיי אַריבער די באַטרעפעדע זאַכן. מיט איין וואָרט, ווי מען זאָל נישט צוגיין צום מענטשלעכן וויסן, באַשטייט דער דאָזיקער וויסן אין ציען שלוסן פון פאַרגלייכנע אייגנשאַפטן. דאָס אינפאָרמירן ניט די חושים . . . פון דעם אַלעמען האָט פּלאַטאָן געצויגן די פאָלגענדע שלוסן: ערשטנס, אַז דער מענטשלעכער וויסן באַשטייט אין וויסן אידייעס, וואָס געפינען זיך אויסער די פאַרשיידענע זאַכן מיט וועלכע די חושים קומען אין באַרירונג. און אַזוי ווי ער האָט אָנגענומען, אַז דער דאָזיקער וויסן שטאַמט ניט פון דערפאַרונג, נאָר ער ווערט צו איר געבראַכט פונם פאַרשטאַנד, איז (צווייטנס) באַשטייט דער מענטשלעכער וויסן אין דעם, וואָס די נשמה דערמאָנט זיך וועגן דעם, וואָס זי האָט געוואוסט איידער זי איז געקומען אויף דער וועלט, נאָר זי האָט עס פאַרגעסן. ווען די חושים קומען אין באַרירונג מיט זאַכן פון דער אויסערלעכער וועלט, דערמאָנט זי זיך אין דעם. שליסלעך באַשטייט דער מענטשלעכער וויסן אין דערמאָנען זיך וועגן די "אידייעס" . . .

די דאָזיקע דערקענטעניש לערע פון דערמאָנען זיך וועגן דעם, וואָס די נשמה האָט געוואוסט איידער זי איז געקומען אויף דער וועלט, איז אַזוי מאָדנע פאַלש, אַז מען קען פון איר ניט דענקען ערנסט . . . מען דאַרף אָבער אין זינען האָבן, אַז ווען פּלאַטאָן האָט זיך איבערצייגט, אַז דאָס, וואָס מען ווייס וועגן זאַכן, שטאַמט ניט פון דערפאַרונג, נאָר ס'ווערט געבראַכט פונם פאַרשטאַנד, האָט ער געדאַרפט דערקלערן פון וואַנען דער פאַרשטאַנד נעמט דעם דאָזיקן וויסן, און אַזוי ווי ער האָט אָנגענומען, אַז די נשמה האָט דעם וויסן געבראַכט מיט זיך, מיינט עס, אַז זי האָט אים געהאַט איידער זי איז געקומען אויף דער וועלט . . . דאָס איז זייער פאַנטאַסטיש און וואָלט פּלאַטאָן ניט געווען קיין פּאָעט און מיסטיקער, נאָר אַ רעאַליסטיש געשטימטער מענטש, וואָלט ער זיך געוויס ניט דערטראַכט צו אַזאַ פאַנטאַסטישער דערקענטעניש לערע.

דאָס פירט צו פּלאַטאָנס באַגריף וועגן דער אַבסאָלוטער רעאַליטעט, צו זיין אידייען לערע. אַז די רעאַליטעט פון דער וועלט באַשטייט פון אייביקע ניט ענדערנדע אידייעס און אַז די אַקטועלע זאַכן, וואָס ענדערן זיך, זיינען ניט מער ווי אַזוינע שאָטנס פון דער רעאַליטעט, פון די אייביקע אידייעס. די מענטשלעכע נשמה, וואָס איז אַליין אַן אייביקע אידייע און וואָס שטאַמט פון דער אידייען וועלט, ווייס וועגן דער רעאַליטעט, וועגן די אייביקע אידייעס. די חושים נעמען אויף די שאָטנס.

אין זיין רעפּובליק אילוסטרירט פּלאַטאָן דאָס נאָר וואָס געזאָגטע מיט דער הילף פון אַ ביישפּיל פון מענטשן, וועלכע זיינען צוגעשמידט צום וואַנט פון אַ הייל און זיי זעען שאָטנס פון מענטשן פאַר זיך אויף דער וואַנט. די שאָטנס קומען פון מענטשן, וואָס געפינען זיך אונטער זיי, נאָר אַזוי ווי זיי קענען זיך ניט אויסדרייען, קענען זיי דיווירקלעכע מענטשן ניט זען (זע "רעפּובליק" 510־515). מען ווייס ניט צי מען דאַרף נעמען דעם ביישפּיל ערנסט, אָדער מען דאַרף אים באַטראַכטן פאַר אַ פאַנטאַזיע, אָדער ניט מער ווי פאַר אַ ביישפּיל גלאַט אַזוי זיך . . .

הייסט עס, לויט פּלאַטאָנען, אַז די רעאַליטעט פון דער וועלט באַ־

שטייט פון אידייעס. איז די פראַגע: פון וואָס באַשטייען די אַזוי אָנגערופענע אידייעס? דער ענטפער וועט געגעבן ווערן לויט ווי וו. ט. סטייס דערקלערט זיי. ערשטנס, זאָגט ער, זיינען זיי סובסטאַנצן, וואָס דאָס מיינט, אַז זיי ענט־האַלטן דעם טאָטאַלן זיין אין זיך און זייער רעאַליטעט שטראָמט ניט ארויס פון קיין אַנדער קוואַל. די סובסטאַנץ איז די סיבה פון אַנדערע זאַכן, זי אַליין איז אָבער ניט אָפּהייניגיג פון זיי.

צווייטנס זיינען אידייעס אוניווערסאַלן און ניט קיין פּאַרטיקולערע זאַכן. די אידייע פערד איז ניט א וועלכער ס'איז פערד, נאָר דער אַלגעמיינער באגריף פערד, דער אוניווערסאַל פערד . . .

דריטנס זיינען אידייעס ניט קיין זאכן, נאָר אידייעס. עס איז ניטאָ אזא פּאַרטיקולערע זאך ווי א פערד אין אַלגעמיין. אזא באגריף וואָלט אין זיך איינגעשלאָסן א ווידערשפּרוך. עס וואָלט מיינען, אַז אַן אוניווערסאַל איז אויך אַ פּאַרטיקולער. דאָס איז די זעלבע זאך ווי זאָגן, אַז א רונדע זאך איז פיר־עקעדיק און אַז. וו.

פערטנס איז אַן אידייע אַן איינהייט, זי איז אַן איינהייט צווישן אַן אומענדלעכער צאָל זאכן. די אידייע מענטש איז איינע, כאָטש עס זיינען פאַ־ראַן אַזאַ אומגעהייערע צאָל מענטשן.

פינפטנס איז אַן אידייע ניט ענדערנד און זי קען אויך ניט פאַר־שווינדן; זי איז אימער און שטענדיק דאָס וואָס זי איז פון אייביק ביז איי־ביק . . .

זעקסטנס זיינען אידייעס די עסענצן פון זאַכן. צום ביישפּיל: אויב מען דעפינירט, אַז אַ מענטש איז א ראַציאָנאַלע חיה, מיינט עס, אַז דעם מענטשנס שכל איז זיין עסענץ (די אידייע).

זיבעטנס איז אַן אידייע איר אייגענע פּערפעקציע וואָס איז די אַב־סאָלוטע רעאַליטעט . . .

אכטנס איז אַן אידייע אויסער צייט און אויסער רוים. וואָלט זי זיך געפונען אין רוים, וואָלט זי באַשטאַנען פון אַ פּאַרטיקולער זאַך. זי איז אויך אויסער צייט; — דאָס צייטלעכע ענדערט זיך.

ניינטנס זיינען אידייעס ראַציאָנאַל אינם זינען וואָס זיי ווערן באַ־גריפן דורך דעם שכל און לעצטנס האָט, לויט אריסטאָטלן, פלאַטאָן אויף דער עלטער אידענטיפיצירט אידייעס מיט די פּיטאַגאָרייעשע צאָלן (זע "איי קרי־טיקל היסטאָריע אָוו גריק פילאָסאָפיע" זז. 191־186. פאַרקירצט).

דאָס מיינט, אַז פלאַטאָנס מעטאַפיזישער ז י י ן און דער נ י ט ז י י ן באַשטייען פון באַזונדערע עפּעסן . . . "מאַטעריע" באַלאַנגט צום נ י ט ז י י ן. לויט סטייסן האָט פלאַטאָן אונטער "מאַטעריע" געמיינט ליידיקן רוים. אז דאָס אַלץ איז ניט צופיל פאַרשטענדלעך האָט אפילו פלאַטאָן אַליין געזען. ער באַטראַכט די שוועריקייטן אין דעם דיאַלאָג "פּערמאַנידוס" אין וועלכן סאָק־ראַט דיסקוטירט מיט זענאָן. ער ענטפערט דעם לעצטן אין דער פאָרמע פון א פראַגע. ער פרעגט "דענקסטו ניט, אַז ס'איז פאַראַן אַן אידייע גלייך, ווי אַ פאָרמע, אַן עקזיסטענץ פאַר זיך און עס איז פאַראַן א צווייטע אידייע ניט־גלייך, וואָס איז אַ קעגנגעזעצטע אידייע פון דער ערשטער אידייע? דו, איך און אַלע אַנדערע זאַכן, נעמען אײנטייל אין ביידע קעגנזאַצן. די אַלע, וועלכע נעמען אײנטייל אין דער אידייע ניט גלייך, זיינען ניט קיין גלייכע צווישן זיך,

די אַלע וואָס נעמען אייִנטייל אין דער אידייע גלײַך, זײַנען אַלע גלײַך צווישן זיך. און די יעניקע, וועלכע נעמען אייִנטייל איןביידע אידייעס (גלײַך און ניט־גלײַך) זײַנען טיילווייז גלײַך צווישן זיך און טיילווייז זײַנען זיי ניט גלײַך צווישן זיך. דער פּראָצענט פון גלײַך און ניט גלײַך אין זיי הייבגט אָפּ פון דער רעלאַטיווער פּראָפּאָרציע פון די צוויי קעגנזעצטע אידייעס, וואָס געפינען זיך אין זיי.

ווען אפילו פאַרשיידענע זאַכן וואָלטן אייִנטייל גענומען און די פאַרשיידענע קעגענזאַצן און זיי אַלע זאָלן אין זיך ענטהאַלטן די אידייע גלײַך און ניט־גלײַך, וואָלט ניט געווען קיין חידוש, א חידוש וואָלט געווען ווען מען זאָגט, אַז די אידייע גלײַך איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער אידייע ניט גלײַך. וואָס אָנבאַלאַנגט אָבער זאַכן, איז דאָס ניט קיין חידוש."

מען קען זען פון דעם ציטירטן, אַז פלאַטאָן האָט שוועריקייטן מיט זײַנע אידייעס וועגן גלײַך און ניט־גלײַך אין זייער שייכות צו באַשטימטע זאַכן; ער זאָגט אָבער, אַז די שוועריקייטן זײַנען ניט קיין ערנסטע. אין דעם מאָמענט טרעט פּערמאַנידוס אַריין אין דער דיסקוסיע מיט עטלעכע פראַגן און דער ענין ווערט מער קאָמפּליצירט. ער פרעגט סאָקראַטן צי ער אַליין האָט עס אויסגעפונען די טיילונג פון זאַכן און פון זייערע אידייעס, וואָס נעמען צו דער זעלבער צײַט אייִנטייל אין זיי? ער פרעגט צי עס זײַנען פאַראַן אידייעס פון די באַגריפן גערעכטיקייט, שיינקייט, גוטסקייט און אַז. וו. צי עס זײַנען פאַראַן אידייעס מענטש, וואָס געפינען זיך אויסער דעם מענטשן; די אידייע וואַסער אויסער וואַסער און אַז. וו.? וועגן דער אידייע מענטש איז סאָקראַט זיכער, אַז ס'איז פאַראַן אַזאַ אידייע; וועגן אַנדערע זאַכן איז ער ניט זיכער. פּערמאַנידוס פרעגט ווײַטער צי עס זײַנען פאַראַן אידייעס פון אַזוינע ווערטלאָזע זאַכן, ווי האָר בלאָטע און דאָס גלײַכן? ניין, זאָגט סאָקראַט: "זיי זײַנען אַזוי ווי זיי דערשײַנען אין דערפאַרונג. עס וואָלט געווען לעכערלעך צו גלויבן, אַז ס'זײַנען פאַראַן אידייעס פון אַזוינע ווערטלאָזע זאַכן. פונדעסטוועגן בין איך באַאומרואיקט פון דעם געדאַנק, אַז וואָס ס'איז אַן אמת פאַר איין זאַך, דאַרף אויך זײַן אַן אמת פאַר אַנדערע זאַכן. איך אַנטלויף פאַר שרעק אום איך זאָל נישט אַרײַנפאַלן אין קיין אָפּגרונט פון נאַרישקייטן און פאַרניכטעט ווערן. ווען עס קומט צו אָט די אַלע פראַגן, וואָס מיר האָבן נאָר וואָס באַטראַכט פאַרטראַכט איך זיך זייער ערנסט וועגן זיי."

מען קען זען, אַז פלאַטאָנס שוועריקייטן מיט זײַן אידייען לערע ווערן קאָמפּליצירטער. פּערמאַניד לאָזט אָבער סאָקראַטן ניט אָפּ, ער פרעגט ווײַטער "אויב זאַכן ענטהאַלטן נאָר טיילן פון אידייעס צו קריגן זיי דעם נאָמען פון די באַטרעפענדע אידייעס? צום בײַשפּיל: צי די זאַכן, וועלכע קריגן ניט מער ווי א חלק פון דער אידייע גרויס, זײַנען גרויס, צי די זאַכן, וועלכע קריגן בלויז אַ חלק פון דער אידייע שיין, צי זײַנען זיי שיין? און צי די זאַכן וועלכע קריגן בלויז אַ חלק פון דער אידייע גערעכטיקייט, צי זײַנען זיי גערעכטע זאַכן און אַז. וו. און אַז. וו. ער זאָגט: אויב דער ענטפער איז יאָ, אַנטשטייט די פראַגע: צי זייער חלק פון דער אידייע באַשטייט פון דער גאַנצער אידייע, אָדער ער באַשטייט נאָר פון א טייל פון דער אידייע? אויב א גאַנצע אידייע געפינט זיך אין יעדער באַזונדער זאַך, מיינט עס, אַז ס'זײַנען פאַראַן אַזויפיל אידייעס, ווי עס זײַנען פאַראַן זאַכן און דאָס מיינט פאַקטיש, אַז ס'זײַנען ניטאָ קיין אבסאָ־

לוטע אידייעס, נאָר עס זיינען פאַראַן אַן אומענדלעכע צאָל אידייעס. ווען אָבער פון דער צווייטער זייט אַן אידייע שפּאַלט זיך אויף אַזויפיל טיילן, אַז יעדער באַזונדער זאַך קריגט נאָר אַ טייל פון איר, מיינט עס אַז יעדע זאַך קריגט בלויז אַ טייל פון דער באַטרעפנדער אידייע . . . דאָס איז נאָך ניט די גרעסטע שוועריקייט, עס איז פאַראַן אַ נאָך גרעסערע שוועריקייט, נעמלעך: אויב אידייעס זיינען דאָס וואָס מיר דענקען זיי זיינען, איז ווי אַזוי קענען מיר וויסן וועגן דעם אבסאָלוט, ווען דער טייל, וואָס געפינט זיך אין אונדז גופא, איז אליין ניט מער ווי אַ טייל פון דעם אבסאָלוט? עס איז אָבער נאָך פאַראַן אַ שווערערער פּראָבלעם, וועלכער פאָדערט אַ דערקלערונג, נעמלעך: אויב איינער איז אַ באַלעבאָס, אָדער ער איז אַ שקלאַף, איז ער ניט קיין באַלעבאָס אָדער שקלאַף אין אבסטראַקט; יעדער מענטש איז אָדער באַלעבאָס אָדער שקלאַף ווי אַ באַשטימטער מענטש. די אידייע אָבער פון באַלעבאָס אין פאַר־העלטעניש צו שקלאַפערײַ אין אבסטראַקט און דאָס פאַרקערטע; די אידייע שקלאַפערײַ צום אייגנטימער אין אבסטראַקט, ווי אַן אידייע, האָט זי ניט קיין פאַרהעלטעניש צו די באַשטימטע מענטשן, וועלכע זיינען אָדער באַלעבאָטים אָדער שקלאַפן. די מענטשן, ווי באַלעבאטים און שקלאַפן, געפינען זיך אין פאַרהעלטעניש צווישן זיך און די אידייעס וועגן זיי זיינען אין אַ באַזונדער פאַרהעלטניש צווישן זיך: דאָס זיינען צוויי גאַנץ באַזונדערע סיסטעמען פון פאַרהעלטענישן, וועלכע האָבן צווישן זיך ניט קיין שום פאַרבינדונג אָדער וועלכע ס'איז שייכות" . . .

פּערמאַנידוסעס קאָמפּליצירטע אָבער גאַנץ לאָגישע אַרגומענטאַציע צוטומעלט סאָקראַטן אינגאַנצן. ער זעט, אַז ער געפינט זיך אין אַ פילאָזאָפיש פאַרפּלאָנטערטער סיטואַציע און ער פרעגט: "וואָס וועט ווערן פון פילאָזאָ־פיע און צו וועמען קען מען זיך ווענדן פאַר אַן ענטפער אויף די פראַגן?"

פּערמאַנידוס רעדט אים אויס דאָס האַרץ, אַז ער דאַרף זיך ניט ער־גערן, ער געפינט זיך אויפן ריכטיקן וועג; ער דאַרף האָבן געדולד און אין זינען האָבן, אַז פילאָזאָפיע איז אַ שווערער ענין, מען מוז מעסטן און וועגן יעדן טראָט וואָס מען מאַכט. (פּערמאַנידוס ז. 16־6 שטאַרק פאַרקירצט).

פון דעם לאַנגן אויסצוג קען מען זען, אַז פלאַטאָן האָט גוט געזען די שוועריקייטן צו וועלכע זיין אידייען לערע האָבן אים געפירט; ער האָט גוט געזען דעם פּלאָנטער צווישן די אידייעס אין זייער שייכות צו זאַכן. פונדעסט־וועגן האָט ער זיך פון דער אידייען לערע ניט אָפּגעזאָגט. ער האָט נאָר גע־זאָגט, אַז מען דאַרף מעסטן יעדן טראָט וואָס מען מאַכט. ער איז אָבער געווען זיכער, אַז ער געפינט זיך אויפן ריכטיקן וועג און אַז דער מענטשלעכער פאַר־שטאַנד וועט מיט דער צייט לייזן די פאַרפּלאָנטערטע שייכות צווישן די אי־דייעס און צווישן די זאַכן. ער האָט נאָך געהאַט אַ שווערערן פּראָבלעם וועגן די אידייעס גופא; די פראַגע איז געווען וואָס זיינען זיי? און וואו געפינען זיי זיך? דאָס לעצטע קען מען אפילו ניט פרעגן, ווייל דער וואו שליסט אין זיך איין דעם באַגריף פון רוים און אַזוי גיך ווי מען לאָקאַליזירט אידייעס, ווערן זיי פאַרטיקולערן און ניט קיין אוניווערסאַלן, אָדער עסענצן, ווי ער האָט זיי גערופן . . . ווען אפילו מען לאָזט די פראַגע אָפּ, אנטשטייט די ווייטערדיקע פראַגע: אין וואָס פאַר אַ שייכות געפינען זיך די אומענדלעכע צאָל אידייעס צווישן זיך גופא? פלאַטאָן דערקלערט ניט זייער שייכות צווישן זיך, אויסער

וואָס ער מאַכט א קליינע באַמערקונג, אַז די אידייעס פון פאַרשידענע קאָלירן ווערן קאַטעגאָריזירט אונטער דער אַלגעמיינער אידייע קאָליר און די אידייע קאָליר ווערט קאַטעגאָריזירט אונטער קוואַליטעט . . .

נאָך דעם אַלעמען אנטשטייט ערשט די פראַגע וועגן דער שייכות פון די פאַרשיידענע אידייעס מיט דער אידייע גוט, וואָס איז די העכסטע אידייע ? פון איין זייט זיינען אַלע אידייעס סובסטאַנצן, זיי באַשטייען פון דער אבסאָ־לוטער רעאַליטעט, פון דעם זיין גופא און פון דער צווייטער זייט האָט ער אַן אידייע גוט, וואָס איז די ״העכסטע אידייע״ (גאָט ?) . . .

דאָ פרעגט זיך ווייטער : באַשטייט די אידייען וועלט פון אן אומענד־לעכער צאָל אידייעס און איז א פלוראַליטעט? אָדער זיי זיינען פאַראייניקט צווישן זיך ווי אויך מיט דער העכסטער אידייע גוט ? ווען מען לאָזט אויך די פראַגע אָפן, שטעלט זיך אן אנדער פראַגע, נעמלעך: וואָס פאַר א שייכות איז צווישן דער אידייע גוט און גאָט אָדער געטער. ניט מען קען אונטערוואַרפן די אידייע אונטער גאָט ווייל דערמיט ווערט זי אויטאָמאַטיש אויס העכסטע אידייע, און ניט מען קען גאָט אונטערוואַרפן אונטער דער אידייע, ווייל דאָס וואָלט אים מאַכן פאַר אויס גאָט (אָדער געטער).

ווען מען באַקענט זיך מיט אָט די אַלע שוועריקייטן, וואָס מען קען ניט זאָגן, אז פלאַטאָן האָט זיי ניט געזען, שטעלט זיך די פראַגע: ווי קומט עס וואָס אַזאַ טיפער דענקער האָט זיך אָנגעהאַלטן אין אַזאַ פאַנטאַסטישער אידייען־וועלט פילאָזאָפיע? דער ענטפער איז, אז לויט זיין אויסגאַנגס פונקט האָט ער ניט געהאַט קיין אנדער ברירה: — ער האָט אָנגענומען פאַר פונדאַמענטאַל אַ ניט ענדערענדן זיין, וועלכן ער האָט געמוזט פאַרטיידיקן. דאָס איז געווען דער עצם פון זיין פילאָזאָפיע און פון דער גריכישער פילאָזאָפיע אין אַלגעמיין (אפילו הערקלידס ענדערונג פאַלט דורך דעם לאָגוס אונטער דעם פונדאַ־מענטאַלן באַגריף). פון זיין אויסגאַנגס־פונקט האָט זיך פלאַטאָן ניט געקענט אָפזאָגן, האָט ער אים פאַרטיידיקט מיט די מיטלען און אויף דעם אופן, וואָס ער האָט געקענט . . .

אָט דער אבסטראַקט אינטעלעקטואַליסטישער אויסגאַנגס פונקט, וואָס האָט אים געפירט צו אזא פאַנטאַסטישער אידייען וועלט פילאָזאָפיע, האָט אים אין דער קאָנקרעטער וועלט געפירט צו דערבליקן פונדאמענטאַלע אמת׳ן, ווי דעם אוניווערסאַל אין דער לערע וועגן דער דער רעאַליטעט (אנטאַלאָגיע) און דעם שכלדיקן באַגריף אין דערקענטעניש לערע, הגם ער האָט זיי ביידע פאַלש אינטערפרעטירט . . .

עס דאַרף באַמערקט ווערן, אז ווען ווהייטהעד, דער גרעסטער מעטאַ־פיזיקער פון דער לעצטער צייט, זאָגט, אז די גאַנצע פילאָזאָפיע נאָך פלאַטאָ־נען באַשטייט פון נאָטיצן, וואָס ווערן געמאַכט צו פלאַטאָנס פילאָזאָפיע, איז דאָס וואָס ער זאָגט ניט קיין מליצה: זיין אייגענע פילאָזאָפיע איז ענלעך אויף פלאַטאָנס פילאָזאָפיע. ער לייקענט עס ניט . . . דאָס דאַרף דינען פאַר א באַ ווייז, אז ווי רעאַליסטיש מען זאָל ניט זיין געשטימט, ווי האַרט מען זאָל ניט וועלן טרעטן אויף דער ערד, איז ווען מען הויבט זיך אָן צו באַשעפטיקן מיט מעטאַפיזיק, פאַרקריכט מען אין רעגיאָנען, וואָס זיינען ניט צו ווייט פון פלאַ־טאָנס אידייעס: — מעטאַפיזיק פירט צו פאַנטאַזיעס, אויב ניט צו אבסורדן...

פלאַטאָנס שאַפן האָט פאַרנומען קרוב צו פופציק יאָר; פאַר דער לאַנגער

צייט האָט ער אָנגעשריבן אַן אומגעהויערע צאָל דיאַלאָגן אין וועלכע ער האָט באַהאַנדעלט פאַרשיידענע פילאָזאָפישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען. מיט אַ סך פון זיינע אַלגעמיינע מיינונגען רעכנט מען זיך נאָך ביזן היינטיקן טאָג. זיי זיינען אָבער אויסער די גרענעצן פון דער אַרבעט. ווי פריער געזאָגט, ווערט דאָ נאָר באַהאַנדלט דער צענטראַלער געדאַנק, וואָס האָט געווירקט אויפן דענקען.

ווען מען לאָזט אויס מעטאַפיזיק, פאַר וועלכער ניט יעדער איינער האָט אַ געשמאַק, און מען באַטראַכט פּלאַטאָנס פילאָזאָפישן אויפטו וואָס איז ניט למעלה מין השכל, איז זיין אַנאַליז פון זאַכן לויט זייערע אייגנשאַפטן ניט נאָר דער ערשטער, נאָר ער איז אויך דער פונדאַמענטאַלסטער. ער ווערט אין אַ מאָדערניזירטער פאָרמע פאַרטיידיקט פון ווהייטהעדן און אין אַ געוויסן זין אויך פון דזש. סאַנטיאַנען.

ווען מען לאָזט אויס דאָס מעטאַפיזישע און אויך די אַלגעמיין אָנגענו־מענע פילאָזאָפישע טערמינאַלאָגיע, ווי אוניווערסאַל און פּאַרטיקולער, באַ־שטייט דער פּראָבלעם אין דעם: וואָס איז די שייכות פון וועלכער ס'איז זאַך אין דער וועלט, וואָס ווי אַ זאַך ענדערט זי זיך און מיט דער צייט פאַרשווינדט זי אינגאַנצן, איז וואָס איז איר שייכות צו אירע קוואַליטאַטיווע אייגנשאַפטן, אירע כאַראַקטער שטריכן, ווי קאָליר, פאָרמע, מאָס און אַז. וו. וואָס ווי קוואַ־ליטעטן אין אַבסטראַקט, זיינען זיי ניט באַגרענעצט מיט דער באַטרעפענדער זאַך און אין דעם זינען זיינען זיי אייביק מעגלעכע קוואַליטעטן? וואָס וואָלט, צום ביישפּיל, געבליבן פון אַ זאַך, ווען מען זאָל פון איר אַוועקנעמען אַלע אירע קוואַליטעטן? וואָס וואָלט, צום ביישפּיל, געבליבן פון אַ רייף ווען מען נעמט פון אים אַוועק דאָס קיילעכדיקע, דאָס האַרטע, דאָס בויגיקע און אַז. וו.

געוויס וועלן איצט זייער ווייניק דענקער אַזוי אַוועקשטעלן די פראַגע; דער דענקען איז איצט אַביסל אַן אַנדערער. פאַקטיש אָבער רעדוצירט זיך דער אידעאַליסטישער דענקען אויך איצט צו דער קלאַסיפיקאַציע. היסטאָריש האָט דער פּלאַטאָנישער שטאַנדפּונקט, קען מען זאָגן, פאַלשטענדיק גע־הערשט. מען קען ניט פאַרשטיין דעם קאַמף פון די אַזוי אָנגערופענע מיטל־אַלטערלעכע רעאַליסטן (ענלעך אויף מאָדערנעם אידעאַליזם) מיט די נאָמע־נאַליסטן (ענלעך אויף מאָדערנעם רעאַליזם), ווען מען איז ניט באַקאַנט מיט פּלאַטאָנען. מען קען אויך ניט פאַרשטיין ווהייטהעדן, ווען מען איז ניט באַ־קאַנט מיט פּלאַטאָנען . . . דאָס באַווייזט, אַז ער האָט דערבליקט אַ פונדאַ־מענטאַלן פּראָבלעם, מיט וועלכן מען ראַנגלט זיך אויך איצט.

מען קען לייכט זען, אַז ווען מען נעמט פאַרן אויסגאַנגס־פּונקט ניט קיין עקזיסטירענדע באַזונדערע זאַכן, ווייל מען נעמט אָן, אַז דערפאַר וואָס זיי זיינען ענדערענד און צייטווייליק, זיינען זיי ניט די פונדאַמענטאַלע רעאַ־ליטעט, נאָר מען נעמט אָן אַ ניט ענדערנדן עפּעס, וואָס זאָל זיך געפינען הינטער זיי און מען רופט דעם עפּעס אָן די אַבסאָלוטע סובסטאַנץ, עסענץ, אָדער אידייע, דאַרף מען זיך אויך רעכענען מיט אַזוינע "רעאַליטעטן" ווי קוואַלי־טעטן (קאָלירן קלאַנגען און אַז. וו.) מיט מינים אָדער קלאַסן, ווי מענטש, בוים, חיה און אַז. וו. מען דאַרף זיך אויך רעכענען מיט די אַבסטראַקטע עפּעסן, ווי גוטסקייט, שיינקייט, אמת און אַז. וו. פילאָזאָפיש פאָדערן זיי פאַר זיך אַזאַ סטאַטוס, ווי דער עפּעס, וואָס מען סובסטאַנציאַליזירט הינטער קאָנקרעטע

זאַכן. אַלע די, וועלכע סובסטאַנציאַנאַליזירן אַט די אַלע עפּעסן, זיינען פּלאַטאָ־ניסטן אין איינער אָדער אין אַ צווייטער פאָרמע.

דאָס איז ווען מען באַטראַכט פּלאַטאָנס פילאָזאָפיע פונם שטאַנדפּונקט פון אַבסאָלוטער עקזיסטענץ (טעכניש: אָנטאָלאָגיע); באַטראַכט מען זי פון דעם שטאַנדפּונקט פון מענטשלעכן וויסן וועגן דער רעאַליטעט (עפּיסטאמאָ־לאָגיע), דאַרף שטאַרק אונטערשטראָכן ווערן, אַז ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט ארויסגעבראַכט דאָס, וואָס אידעאַליסטישע דענקער נעמען אָן פאַר אַ פאַקט, אַז אַלגעמיינע באַגריפן שטאַמען ניט פון דערפאַרונג, נאָר דער מענטש ברענגט זיי מיט זיך צו דער דערפאַרונג. די חושים אינפאָרמירן וועגן איינ־דרוקן, וואָס זיי קריגן, זיי אינפאָרמירן אָבער ניט וועגן קיין באַגריפן און דער מענטשלעכער וויסן באַשטייט ניט פון קיין סוביעקטיווע פּסיכישע איבערלע־בונגען, נאָר פון אָביעקטיווע לאָגישע באַגריפן. וואָלט דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד ניט געקענט פאַרמירן קיין אַלגעמיינע באַגריפן, וואָלט ער געבליבן, ווי אַ חיה מיט פאַרשיידענע איינדרוקן (אין דעם סינטעזירונגס פּראָצעס שפּילט שפּראַך סימבאָליש אַ באַשטימענדע ראָלע. דאָס מוז אָבער דאָ אויס־געלאָזט ווערן).

דער דואַליזם פון וועלט באַזונדער און מענטשלעכער וויסן וועגן איר באַזונדער, איז אַ מאָדערנער; פּלאַטאָן האָט פון אים ניט געוואוסט און לויט זיין בליק אויף וויסן, אַז די נשמה ברענגט אים מיט זיך, איז קיין פּלאַץ ניט געווען פאַר קיין דואַליזם. זיין בליק איז געווען אַן איינהייטלעכער.

עס איז פריער אָנגעוויזן געוואָרן אויף צען אופנים, לויט וועלכע פּראָ. סטייס קאַטעגאָריזירט פּלאַטאָנס בליק. וועגן דעם לעצטן, דעם פּיטאָ־גאָריזם דאַרפן געמאַכט ווערן אַ פּאָר באַמערקונגען און דאָס איז ניט דערפאַר, וואָס ער איז פילאָזאָפיש וויכטיק, נאָר ווייל דורך אים איז פּלאַטאָן פאַרבונדן געוואָרן מיט "מאַטעמאַטיק." אין וואָס די דאַזיקע "מאַטעמאַטיק" איז באַ־שטאַנען איז איצט שווער צו זאָגן. עס האָט צו טאָן מיט דער "מיסטעריע" פון דער פּראָפּאָרציע פון צאָלן. פאַרשטייט זיך, אַז איצט האָט די דאָזיקע "מיסטעריע" קיין זין ניט. אַ דאַנק איר אָבער איז פּלאַטאָניזם היסטאָריש פאַר־בונדן געוואָרן מיט "מאַטעמאַטיק" און אפילו מיט "מאַכאַניק" . . .

ווען פּלאַטאָן איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיין מעטאַפיזיק פון אַן אי־דייען וועלט און איר שייכות צו די קאָנקרעטע זאַכן, האָט ער פונם זעלבן שטאַנדפּונקט באַטראַכט די פאַרשיידנסטע פּראָבלעמען: ווי עטיק, עסטעטיק, געזעץ און סאָציאַלע פּראָבלעמען אין אַלגעמיין. ער האָט אַפילו אויף דער על־טער אָנגעשריבן אַ ווערק וועגן קאָסמאָלאָגיע (טימייוס). נאַטירלעך, אַז ווען מען וויל געבן אַ פאַלקאָמענע אָפּשאַצונג פון פּלאַטאָנען, דאַרף מען זיך באַשעפ־טיקן מיט די אַלע פראַגן, וואָס ער האָט זיך באַשעפטיקט. דאָ איז דאָס ניט נויטיק צו טאָן; עס קען אָבער אינגאַנצן ניט אויסגעלאָזט ווערן זיין עטיק פון דער העכסטער אידייע גוט: — זי איז פאַקטיש אַ טייל פון זיין מעטאַפיזיק . . .

פּלאַטאָנס אידייען לערע איז אַזוי קלאָר און פאַרשטענדלעך, אַז ס'איז שווער צו מאַכן אַ טעות אין זיין מיין. ווען אָבער עס קומט צו זיין עטיק וועגן דער אידייע גוט, זיינען די מיינונגען אַזוי פאַרשיידן ווי די דענקער, וואָס באַ־האַנדלען די פראַגע. יעדער איין דענקער האָט זיין אייגענע מיינונג וועגן איר און ער קריגט געגנוג באַשטעטיקונג אויף איר אין די פאַרשיידענע דיאַ־

לאָגן. די שולד איז פּלאַטאָנס גופא; ער האָט דעם פּראָבלעם אַזוי פאַרטונקלט, אַז ס'הערשט אַ שפּריכוואָרט "ס'איז אַזוי אומפאַרשטענדלעך ווי פּלאַטאָנס אי־דייע גוט" . . . פּראָפעסאָר ר. לאַדזש האָט אָנגעשריבן אַ בוך פון פינף הונ־דערט זייטן וועגן פּלאַטאָנס עטישער טעאָריע און וועלכן ער ווייזט אָן אויף 20 פּרעטענדענטן אויף דער אידייע גוט, ווי חכמה, טוגנד, גערעכטיקייט, קוראַזש און אַז. וו. יעדער איין פּרעטענדענט האָט געגנוג באַווייזן, אַז ער איז, לויט פּלאַטאָנען, דער "סומאָם באָנום" . . .

פאַרשטייט זיך, אַז אין די עטלעכע באַמערקונגען וועט ניט געמאַכט ווערן קיין פאַרזוך צו אַריינפירן האַרמאָניע אין פּלאַטאָנס ווידערשפּרעכנדע מיינונגען וועגן דעם סומאָם באָנום, עס וועט נאָר אָנגעוויזן ווערן ווי דער סומאָם באָנום איז איבערגענומען געוואָרן פונם נעאָ־פּלאַטאָניזם און איז אַריינגעפירט געוואָרן אינם קריסטנטום ווי זיין צענטראַלע אידייע אין דער אומפאַרשטענדלעכער דריי איינקייט פאָרמע.

דער לייכטסטער מעטאָד צו צוטרעטן צו פּלאַטאָנס עטישער טעאָריע איז פונם ווינקל, וואָס זי איז ביי אים אַרויסגערופן געוואָרן דורך די סאָפיסטן. די סאָפיסטן האָבן דעם פילאָזאָפישן געדאַנק צוגעפירט צו סוביעקטיווע אי־בערלעבונגען און האָבן געצויגן דעם שלוס, אַז עטיש איז דאָס, וואָס איז גוט פאַר מיר . . . סאָקראַט האָט באַקעמפט דעם סוביעקטיוויזם און עגאָאיזם און האָט זיך אונטערגענומען צו באַווייזן, אַז וויסן איז טוגענד (מאָראַל). זיין מע־טאָד דאָס צו באַווייזן איז געווען דער זעלבער סוביעקטיווער, וואָס די סאָפיסטן האָבן באַנוצט און דערפאַר איז ער זעלבסט אָנגענומען געוואָרן פאַר אַ סאָפיסט, כאָטש ער האָט די סאָפיסטן באַקעמפט . . .

פּלאַטאָן האָט אָנגענומען סאָקראַטס דעפיניציע פון עטיק, אַז וויסן איז טוגנד (דאָס איז פאַקטיש געווען דער מיין פונם גריכישן אינטעלעקטואַליזם), ער האָט אָבער דעם געדאַנק באַגרינדעט לויט זיין אַלגעמיינער מעטאַפיזיק פון דער אידייען לערע און האָט פּאָסטולירט גוט פאַר דער העכסטער אידייע. מען קען זען, אַז דאָס איז אַ קיילעכדיקע דעפיניציע: — דאָס וואָס דאַרף דעפינירט ווערן, איז פון אים אַריינגענומען געוואָרן אין דער דעפיניציע . . . דערפון נעמען זיך די שוועריקייטן אין זיין עטישער לערע.

פּלאַטאָנס העכסטער גוט ענטהאַלט אין זיך צוויי מאָמענטן, דעם אָב־יעקטיוון מעטאַפיזישן מאָמענט פון דער העכסטער אידייע ווי פּאָולסאָן זאָגט, אַז "גוט מיינט ניט קיין אַנדער זאַך, ווי די וועלט אָדער די רעאַליטעט אַליין. די פאָלקאָממענע רעאַליטעט ווי זי איז אין זיך זעלבסט, וואָס ס'מיינט אין דער אידייע". (זע "איי סיסטעם אָוו עטיקס" ז. 43) און דעם סוביעקטיוון ריין עטישן מאָמענט אין דעם מענטשן גופא צו וועלכן דער מענטש דאַרף שטרעבן. אַזוי ווי וויסן איז טוגנד, דאַרף דער מענטש שטרעבן צו דערוווערבן דעם אַבסאָ־לוטן אמת און אויף דעם אופן וועט ער דערגרייכן צו דער אידייע גוט, צום סומאָם באָנום . . .

נאָך דעם ווי פּראָפעסאָר לאַדזש אַנאַליזירט אַלע פּרעטענדענטן אויפן סומאָם באָנום (גוט), זאָגט ער צום שלוס "פאָלגלעך איז נאָר פאַראַן איין איינ־ציקע העכסטע אידייע גוט, נעמלעך: שטענדיק און איבעראַל צו נוצן די אי־דעאַלע פאָרמע פון גוטסקייט, וואָס ס'מיינט צו אָראַנזשירן די עמפּירישע עלע־מענטן אין יעדער קאָנקרעטער סיטואַציע אַזוי, אַז זיי זאָלן ניט קומען אין

קיין צוזאַמענשטויס און זיי זאָלן ניט צושטערן איינער דעם אנדערענס פאטענ־ציעלע ווערט, זיי זאָלן צוזאמען ארבעטן און זאָלן אויף דעם אופן ווערן די אמת׳ע עלעמענטן פון יענער אידעאלער סיטואציע אין וועלכער אלע פּאָזיטי־ווע ווערטן ווערן צוזאמענגעשמאָלצן צוזאמען אין איין הארמאָנישער סיסטע־מאַטישער טאָטאַליטעט״ (זע ״פלייטאָס טעאָריע אָוו עטיקס״ זז. 472־471).

עס מיינט, אז פאר פלאַטאָנען איז מאָראל געווען א ריין אינטעלעקטו־עלער פּראָבלעם: דאָס שכלדיקע איז דאָס גוטע: — די אידייע גוט און די אי־דייע שכל זיינען אידענטיש. צו זיין גוט מיינט פארן מענטשן זיך צו אידענטי־פיצירן מיט די אידייעס און זיך דערנעענטערן צו די געטער. פלאַטאָן זאָגט ״די פריינט פון די געטער מעגן דערוואַרטן, אז זיי וועלן קריגן אלדאָס גוטס, אויסער דאָס שלעכטע, וואָס איז א דירעקטער רעזולטאט פון זינד. דאָס דאַרף זיין אונדזער באגריף וועגן דעם גערעכטן מענטשן, וואָס אפילו אין אָרעמקייט, אין קראנקייט און אין אלע אומגליקן, וועט צום סוף אלץ זיין גוט אי באַם לעבן אי באַם טויט: ווייל די געטער זאָרגן זיך פאר יענע, וואָס ווילן זיין גערעכט און ווילן זיין ווי גאָט אויף אזויפיל, ווי א מענטש קען ווערן ווען ער שטרעבט צו טוגנד״. (זע ״רעפּובליק״ בוך 10 פאר. 613).

אָט די אינטעלעקטועלע אבסטראקציע האָט דער נעאָ־פלאַטאָניזם אי־בערגענומען פון פלאַטאָנען און האָט זי איבערגעגעבן צום קריסטנטום. דער־פאר ״זאָגט די סכאָלאסטישע פילאָזאָפיע, נאָכפאָלגענדיק פלאַטאָנס פוס טריט: גאָט איז ביידע זאכן, דאָס אבסאָלוטע גוטע און דאָס אבסאָלוטע רעאלע״ (זע פאלסאָן ״איי סיסטעם אָוו עטיק״ ז. 43.)

ווי ס׳זעט אויס האָט פלאַטאָנס אבסטראקטע עטיק געהאַט א קליינע שייכות מיט זיינע קאָנקרעטע באגריפן. קראָפּאָטקין זאָגט ״אין זיין ״שטאַט״, צייגט מיט גרויס ביטערקייט איינער פון זיינע גרויסע פארערער, וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו אָן, האָט פלאַטאָן ניט נאָר אָנגעהאַלטן שקלאַפעריי, נאָר ער האָט באַשטימט טויט שטראָף פאר די שקלאַפן, וועלכע האָבן ניט אויסגעזאָגט אויף אנדערע שקלאַפן, וואָס זיינען באַגאַנגען אומרעכטן און אויף בירגער, וועלכע האָבן ניט ארויסגעוויזן קיין רעספּעקט פאר דער אָנגענומענער רעליגיע. ער האָט געפאָדערט פון מענטשן זיי זאָלן דעם זעלבן פארברעכן, וואָס האָט אים אזוי פארביטערט, ווען זיין לערער, סאָקראַט, איז היגגעריכטעט געוואָרן דורך דער אומטאָלעראַנץ״. ״ערגס, וואָס מיינט ליבע, וואָס פלאַטאָן האָט אויף אזא וואונדערלעכן אופן געפּריידיקט, האָט אים ניט צוריקגעהאַלטן פון באַ־רעכטיקן פארברעכנס. שפּעטער זיינען ענלעכע פארברעכן באַגאַנגען גע־וואָרן פונם קריסטלעכן קלויסטער טראָץ דער גאָספּעל פון ליבע, וואָס דער גרינדער פון קלויסטער האָט געפּריידיקט.״ (זע ״עטיקס״) זז. 97־96).

סטייס איז גערעכט, ווען ער זאָגט, אז אין מאָראלע ענינים איז פלאַטאָן ניט געשטאַנען העכער פון אלע אנדערע גריכן . . . מאָראל דאַרף מען פילן און איבערלעבן און ניט וועגן איר ספּעקולירן.

אויף זיינע עלטערע יאָרן האָט זיך פלאַטאָן ארומגעזען, אז ער האָט וועגן אלץ געשריבן, נאָר וועגן דער קאָנקרעטער וועלט האָט ער ניט גע־שריבן: — קיין קאָסמאָלאָגיע האָט ער ניט . . . ווען ער האָט עס באמערקט, האָט ער זיך אוועקגעזעצט און האָט מיט אימפּעט אָנגעשריבן זיין בן זקנים, זיין טימייוס, זיין מעשה בראשית . . . די ארבעט צו שאַפן די וועלט האָט ער

איבערגעגעבן צו "גאָט". ווי עס זעט אָבער אויס איז זיין "גאָט" געווען אַ קאַליקע אַ בעל מלאכה און האָט געשאַפֿן אַ הויקער . . . די איראָניע איז אַ פֿאָלשטענדיק באַרעכטיקטע פֿאַר איינעם וואָס האָט פֿאָרזיכטיק איבערגעלייענט טימייוסן פֿון אָנהויב ביזן סוף וואָרט ביי וואָרט און דאָס צו איבערלייענען דאַרף מען זיין שטאַרקער פֿון אייזן . . . דער ענגלישער איבערזעצער פֿון פֿלאַטאָנס ווערק, דזשועט, גיט אַ לאַנגע דערקלערונג פֿאַרוואָס טימייוס איז אַזוי שלעכט געשריבן; ער זאָגט, אַז פֿלאַטאָן האָט ניט געקענט שרייבן אויף קיין דערציילערישן אופֿן (טימייוס הויבט זיך נאָר אָן ווי אַ דיאַלאָג, ווייטער איז ער געשריבן אין אַ דערציילערישער פֿאָרמע. טימייוס דערציילט סאָקראַטן ווי גאָט האָט באַשאַפֿן דעם קאָסמאָס . . .) דזשועט זאָגט אויך, אַז די גריכישע שפּראַך איז ניט געווען צוגעפּאַסט מען זאָל אויף איר קענען דערציילעריש דערקלערן דעם וועלט באַשאַף. מעגלעך, אַז ער איז גערעכט, ס'איז אָבער ניט אויף אַזוי פֿיל אַ פֿראַגע וועגן שפּראַך, ווי פֿון נאַכלעסיקן שרייבן. פֿלאַטאָן איז אַזוי נאַכלעסיק, אַז ער נוצט די ווערטער קאָסמאָס, וועלט, אוניווערס, הימעל, ערד, וועזן, גאָט און אַז. וו. ווי סינאָנימען. דערצו פֿעלט אין בוך לאָגישער צוזאַמענהאַנג און האַרמאָניע. דאָס וויכטיקסטע אָבער איז וואָס די מעשה גופֿא וועגן דעם וועלט באַשאַף איז אַזאַ פּרימיטיווע, אַז ס'גלויבט זיך ניט, אַז זי איז געשריבן געוואָרן פֿון פֿלאַטאָנען, דעם דענקער און קינסטלער. מען דערקלערט די פּרימיטיוויטעט דערמיט, וואָס פֿלאַטאָן איז געווען זייער אַלט (אַרום 80 יאָר) און זיין אינטעלעקט האָט אים שוין פֿאַרלאָזט . . . די מעשה גופֿא ווי גאָט האָט באַשאַפֿן די נשמה פֿון דער וועלט (די הימלען?), אַנדערע געטער (שטערן?) און די פּלאַנעטן, וואָס לעבן, נאָר האָבן ניט קיין הענט און ניט קיין פֿיס און ווי ער האָט די דאָזיקע "געטער" דערקלערט ווי אַזוי צו באַשאַפֿן דעם מענטשן און די טראַנסמיגראַציע פֿון דער נשמה פֿון מאַן צו פֿרוי און פֿון פֿרוי צו חיות (מען זאָגט, אַז דאָס אַלץ האָט ער גענומען ביי די פּיטאַגאָרייער. טימייוס איז דער נאָמען פֿון אַ פּיטאַגאָרייער וואָס האָט געלעבט אינם פֿינפֿטן יאָרהונדערט פֿ. קר.) און אַז. וו. איז אויך אַזויפֿיל פּרימיטיוו קינדעריש, אַז מען קריגט דעם איינדרוק, אַז פֿלאַטאָן האָט געהערט אַ קינדער מעשה און האָט זי איבערדערציילט ווי אַווירקלעכע מעשה בראשית . . .

די מעשה אָבער באַווייזט ווי קאָלאָסאַל די אומוויסנהייט וועגן דער וועלט איז געווען אין פֿלאַטאָנס צייט. פּראָפֿעסאָר סטייס זאָגט "טימייוסעס איינצעלהייטן וועגן אַסטראָנאָמיע, פֿיזיק און אַז. וו. זיינען ווערטלאָז און זיי פֿאַרמוטשן דעם לעזער; מען דאַרף זיך מיט זיי ניט באַשעפֿטיקן" און דר. טש. סינגער זאָגט "אין טימייוסן ציַיגט פֿלאַטאָן אַ בילד ווי טיף נאַטור וויסנשאַפֿט קען דעגראַדירט ווערן, ווען מען וויל אַריינגעבן אַ ספּעציעלן טעאָלאָגישן מיין צו די פֿאַרשיידענע טיילן פֿון דער קאָנקרעטער וועלט. דער בוך און דאָס בילד, וואָס ער מאָלט פֿון דער וועלט, וואָס איז אַזוי פֿינצטער און אָפּשטויסנד פֿאַר איינעם, וואָס דענקט לויטן וויסנשאַפֿטלעכן מעטאָד, האָט באַהערשט די פֿאַנטאַזיע פֿון אַ גרויסן טייל פֿון דער מענטשהייט פֿאַר איבער צוויי טויזנט יאָר" (זע "בייאָלאָדזשי" אין בוך "לעגאַסי אָוו גריס"). עס דאַרף באַמערקט ווערן, אַז טימייוס איז געווען פֿלאַטאָנס איינציקער בוך, וואָס איז געווען באַקאַנט אין דער מיטלאַלטער און ער איז באַטראַכט געוואָרן אויף אַזויפֿיל אמתדיק ווי די ביבל . . .

ווען מען נעמט א היסטאָרישן פּערספּעקטיוו ווייס מען, אז מיט דער נאָר וואָס געמאכטער באמערקונג באגייט מען אן עוולה קעגן פּלאַטאָנען און קעגן דעם קלאסישן גריכנלאנד אין אלגעמיין. צו קאָרעגירן דעם איינדרוק דארף געזאָגט ווערן, אז אום צו זיין גערעכט צו פּלאַטאָנען, וואָלט מען גע־דאַרפט אָנהויבן מיט טימייוסן און באַטאָנען דעם פאַקט, אז טראָץ דעם, וואָס פּלאטאָן האָט נישט געהאט קיין שום וויסן וועגן דער וועלט, טראָץ דעם וואָס אין זיין צייט האָט מען אזוינע קינדער מעשיות געקענט אָננעמען פאר אמת'ן, האָט פּלאטאָן, וואָס ווי ס'זעט אויס, האָט אין דעם אלעמען געגלויבט, (וועגן דעם איז מען ניט זיכער: פּלאטאָן איז געווען א מיסטיקער און פּאָעט, האָט ער געקענט פאנטאַזירן . . .) צו דער זעלבער צייט האָט ער זיך דערטראַכט צו אַזעלכע פונדאַמענטאַלע פילאָזאָפישע באגריפן, וואָס מיט קליינע ענדע־רונגען, ווערן זיי אָנגענומען פון אַזאַ דענקער, ווי ווהייטהעד און אפילו איצט ציטירט מען פּלאטאָנען ניט נאָר פונם היסטאָרישן שטאַנדפונקט, נאָר מען רעכנט זיך מיט זיינע פילאָזאָפישע באגריפן . . . עס איז ניט אזוי שווער צו פילאָזאָפירן וועגן פונדאמענטאלע פילאָזאָפישע פּראָבלעמען איצט, ווען מען האָט אזאַ גרויסן וויסנשאפטליכן וויסן וועגן דער וועלט, ווי עס איז געווען אינם קלאסישן גריכנלאנד, ווען מען האָט דעם וויסן וועגן דער וועלט ניט געהאַט . . . דאָס דארף מען שטאַרק אין זינען האָבן ווען מען באהאנדלט גרי־כישע דענקער.

## קאפיטל 10

# אריסטאָטל

לאנגדאָן־דייוויס זאָגט: "קיין איין מענטש האָט קיינמאָל ניט באַאיינפלוסט די מענטשהייט אויף אַזוי פיל, אַז ס'זאָל זיך קענען פאַרגלייכן מיט אַריסטאָטלס ווירקונג אין וועלכן ס'איז הינזיכט".

איידער אריסטאָטלס בייטראַג וועט באַטראַכט ווערן, וועלן געגעבן ווערן די מיינונגען פון אַ מאָדערנעם פאַרטיידיקער פון פּלאַטאָניזם און פון אַ מאָדערנעם קריטיקער פון פּלאַטאָניזם. זייערע מיינונגען גיבן אַ באַגריף ווי שטאַרק דער פּלאַטאָניזם האָט געווירקט אויף דער וועלט.

פּראָפעסאָר דאַוועל זאָגט "פּלאַטאָנס פילאָזאָפיע איז פאַר דער אייראָפּייאישער וועלט געווען דער ערשטער סיסטעמאַטישער פאַרזוך צו באַפעסטיקן די אויבערהערשאַפט פונעם אינערלעכן לעבן אויף דער וועלט און איז דורכגעפירט געוואָרן מיט אַן אויסגעהאַלטנקייט, וואָס האָט דערגרייכט ביז צו אַן אַבסורד. דער אמת'ער פּלאַטאָניסט לעבט אין אַ פאַרקערטער וועלט: די ליכט פון דער ניט זיכטבאַרער און אייביקער רעאַליטעט, מישט זיך צוזאַמען מיט און שטראַלט דורך דעם געוועב פון דער זיכטבאַרער וועלט. אין דער אידעאַלער וועלט לעבט ער און באַוועגט זיך, און אין איר געפינט ער זיין אייגענע עקזיסטענץ. די דאָזיקע אידעאַלע וועלט איז פאַר אים דאָס רעאַלע לעבן און ניט קיין פאַנטאַזיע . . .

פּלאַטאָנען האָט ווייניק אינטערעסירט דער וויסנשאַפטס מאַן דערפאַר, וואָס די וויסנשאַפט זוכט זאַכן, וואָס האָבן ווייניק אָדער גאָרניט קיין שייכות מיט די ווערטן פון לעבן. ער איז נאָר פאַראינטערעסירט אין דערשיינונגען פון דער זינלעכער וועלט. אין פּלאַטאָנס פילאָזאָפיע איז פאַראַן אַ באַשטימטע רעליגיעזיטעט, וואָס שטאַמט ארויס פון דעם מיסטישן געמיט־צושטאַנד אינם מענטשן און וואָס האָט פון זיין צייט אַן ביזן היינטיקן טאָג געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דער אייראָפּעאישער קולטור". (זע "גרייט טינקערס" ז. 72).

און וויטהאַם זאָגט: "פּלאַטאָן איז אין זיינע פאַרשיידענע פאָרמען געבליבן אַלס דער רעפּרעזענטירער פון דעם גריכישן געדאַנק פאַר שפּעטערדיקע דורות. דאָס איז געווען איינע פון די סיבות, פאַרוואָס דער וויסנשאַפטלעכער גייסט איז פאַרשוואונדן פון דער ערד פאַר טויזנטער יאָרן. פּלאַטאָן איז געווען אַ גרויסער פילאָזאָף, פאַר דער היסטאָריע פון דער עקספּערימענטאַלער וויסנשאַפט מוז ער אָבער פאַררעכנט ווערן פאַר אַן אומגליק" (זע "איי היסטאָריע אָוו סייענס" ז. 28).

די ביידע מיינונגען וועגן פלאַטאָנס ווירקונג אויף דער וועלט זיינען ריכטיק: — ער האָט געדינט איין פאַזע פון דער מענטשלעכער קולטור און איז געווען שעדליך פאַר דער צווייטער פאַזע. ווי א פילאָזאָף, וואָס האָט געהאַט אַ גאַר רייכע פאַנטאַזיע, האָט ער זיך דערטראַכט צו פונדאַמענטאַלע פּראָבלעמען און אויף אַזויפיל האָט ער געוויס געווירקט ווי א פּאָזיטיווער פאַקטאָר אויף דער מענטשלעכער קולטור, אָבער ווי א פּאָעט און ספּעציעל ווי א מיסטיקער, האָט ער אַראָפּגעפירט די מענטשהייט פון דעם ריכטיקן וועג און האָט זי דערפירט, ווי זיין פּאַרטיידיקער גופא זאָגט, צו אן אבסורד. און דאָס מוז אינגאנצן ניט האָבן קיין שייכות צו די מענטשלעכע רעליגיעזע עמאָציעס: רעליגיע מוז ניט לייקענען די רעאַליטעט פון דער וועלט און אויב זי מוז עס טאָן, איז זי דערמיט אליין שעדלעך.

דאָ ווערט ניט דורכגעפירט קיין אורטייל קעגן פלאַטאָנען, נעמט מען אָבער דעם געשיכטלעכן פּראָצעס, ווי ער איז פאָרגעקומען היסטאָריש, מוז מען איינשטימען מיט וויטהאַמען, אז זיין ווירקונג איז געווען א שעדליכע, אפילו זיין פּאַרטיידיקער, דאַוועל, וואָלט עס, דוכט זיך, צוגעגעבן . . .

א גאַנץ אנדער דענקער און מיט אן אנדער טעמפּעראַמענט, איז געווען אריסטאָטל; ער האָט אויך געהאַט אן אנדער הינטערגרונט פון פלאַטאָנען. פלאַטאָן האָט באַלאַנגט צו דער אַטענער אריסטאָקראַטיע און איז געווען אנטי דעמאָקראַטיש און אין א געוויסן זין אויך אנטי סאָציאַל (זיין פעטער, קריטיוס, איז געווען דער פירער פון די 30 טיראַנען, וואָס האָבן טעראָריזירט אַטען פאַר דריי יאָר).

אריסטאָטל האָט געשטאַמט פון א קאָלאָניע און פון א פאַמיליע פון דאָקטוירים, וואָס לויט א לעגענדע האָט ער געצויגן זיין יחוס פון עסקולאַפּוסן (דער מיטאָלאָגישער פאָטער פון מעדיצין). מעגלעך אז ווייל ער איז געווען א געבירטיקער פון סטאַגיריע און דערפאַר וואָס זיין פאַמיליע איז באַשטאַנען פון דאָקטוירים, איז ער ניט אונטערגעפאַלן אונטער דער ווירקונג פון דער הויפּט טענדענץ פונם גריכישן דענקען. אויסער דעם, וואָס ער איז געווען א ביאָלאָג, איז ער באַאיינפלוסט געוואָרן פון דעמאָקריטוסן, כאָטש ער האָט זיין לערע ניט אָנגענומען.

אריסטאָטל איז געווען א רעאַליסט אין זיין דענקען און האָט באַזעסן אַ וויסנשאַפטלעכן טעמפּעראַמענט. ער האָט ניט איגנאָרירט די פאַקטן, וואָס מען קריגט פון דער זינלעכער דערפאַרונג, ער האָט זיי פאַקטיש גענומען פאַר זיין אויסגאַנגס פונקט. אמת, ער האָט ניט באַזעסן אַזא רייכע פאַנטאַזיע ווי פלאַטאָן, דערפאַר אָבער איז ער געווען א לאָגישער און אויסגעהאַלטענער דענקער, א גענייאַלער סיסטעמאַטיזירער און דער גרעסטער געלערנטער, וואָס גריכנלאַנד האָט אַרויסגעבראַכט.

וועגן דעם שטימען אלע איין, מען פרעגט נאָר פון צייט צו צייט צי ער איז געווען אַן אָריגינעלער דענקער, אָדער ער איז בלויז געווען א סיסטעמאַטיזירער פון פרעמדע געדאַנקען מיט א גאַנץ קליינעם אייגענעם צוגאָב? דער ענטפער אויף דער פראַגע איז: אויב אונטערן וואָרט אָריגינאַל מיינט מען איינעם, וואָס איז אינגאַנצן ניי און אָריגינאַל אין זיינע געדאַנקען, איז עס ניט נאָר אריסטאָטל ניט געווען, נאָר אפילו פלאַטאָן איז ניט געווען אָריגינאַל . . . פאַלשטענדיק אָריגינעלע דענקער זיינען איבערהויפּט געווען

ווייניק אויף דער וועלט. אויב אָבער אונטער אָריגענאַליטעט זאָל פאַרשטאַנען ווערן אויסטייטשן די פאַקטן אויף אַן אַנדער אופן, ווי זיי זיינען פאַר אים אויס־געטייטשט געוואָרן און אריינפירן אַן אייגענע אויסטייטשונג פאַרן גאַנג פון די פּאַסירונגען אין דער וועלט, איז אריסטאָטאָל געוויס געווען אַן אָריגענאַלער דענקער. דער פאַקט, וואָס ער איז פאַר דעם משך פון דער גאַנצער היסטאָריע גענומען געוואָרן ווי א קעגנער פון פּלאַטאָנען און אריסטאָטעליאַניזם האָט אַלעמאָל געמיינט דער קעגנזאַץ פון פּלאַטאָניזם, איז א באַווייז, אַז ער איז געווען אייגנאַרטיק אין זיין דענקען און אין אָט דער אייגנאַרטיקייט איז באַ־שטאַנען זיין אריגענאַליטעט: — דאָס מיינט זיין אַן אָריגענאַל אין דענקען.

אריסטאָטאָל איז אַלט געווען זיבעצן יאָר ווען ער האָט אריינגעטראָטן אין פּלאַטאָנס אָקאַדעמיע. ווען מען נעמט אין באַטראַכט זיין אַלגעמיינע הסמדה, ווען מען האָט אין זינען זיין שטאַרקע נייגונג צו ביאָלאָגיע זיין גאַנץ לעבן, ווען מ'נעמט עס צוזאַמען מיט דער אַטמאָספערע באַ זיין פאָטער, דעם דאָקטער, האָט מען אַ רעכט צו גלויבן, אַז צו זיבעצן יאָר האָט ער באַזעסן אַ היפּש ביסל וויסן. יעדנפאַלס האָט ער געדאַרפט זיין באַקאַנט מיט מעדיצינע. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז היפּאָקראַטוס, דער פאָטער פון מעדיצין, וואָס האָט געלעבט מיט קאַרגע הונדערט יאָר פאַר אים, האָט געשריבן אַסך ווערק וועגן מעדיצין מיט וועלכע אריסטאָטאָל האָט געוויס געהאַט א מעגלעכקייט זיך צו באַקענען. מען נעמט אָן, אַז אין יענער צייט איז ער שוין געווען באַקאַנט מיט פּילאָזאָפיע; ער איז שוין געווען באקאנט מיט דעמאָקריסטוסעס מאַטעריאַליזם.

אין דער אָקאַדעמיע האָט ער פאַרבראַכט צוואַנציק יאָר; ער איז דאָרט געווען ביז פּלאַטאָן איז געשטאָרבן. מען דענקט, אַז נאָכדעם האָט ער פאַרלאָזט די אָקאַדעמיע דערפאַר, וואָס פּלאַטאָן האָט אים ניט באַשטימט צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ און האָט אויף דעם פּלאַץ באַשטימט זיין אייגענעם פּלימעניק, וואָס האָט ניט דערגרייכט צו אַריסטאָטלס קנעכל. פאַרוואָס פּלאַטאָן האָט אים ניט באַשטימט אויף זיין פּלאַץ, ווען ער האָט אים געהאַלטן פאַר זיין וויכטיקסטן תלמיד, ווייס מען ניט גענוי; מען דאַרף אָננעמען, אַז דאָס האָט געהאַט אַ שייַ־כות צו קרובה'שאַפט חשבונות . . .

וועגן זייערע באַציאונגען צווישן זיך הערשן מיינונג פאַרשיידנהייטן: איין מיינונג איז, אַז זיי זיינען ניט געווען צופיל פריינדלעך צווישן זיך, ספּעַ־ציעל זיינען זיי ניט געווען פריינדלעך צווישן זיך די לעצטע יאָרן, און דערפאַר טאַקע האָט אים פּלאַטאָן ניט באַשטימט אויף זיין פּלאַץ, כאָטש ער האָט פון אים אַזוי שטאַרק געהאַלטן. די צווייטע מיינונג איז, אַז זיי זיינען געווען פריינדלעך צווישן זיך די גאַנצע צייט. מען באַזירט די מיינונג אויפן אויס־דרוק, וואָס אַריסטאָטאָל זאָל האָבן געזאָגט: "איך האָב ליב פּלאַטאָנען, נאָר איך האָב ליב דעם אמת נאָך מער". אַזאַ איסדרוק איז פון אים דירעקט ניט גע־בליבן; עס איז געבליבן דער אויסדרוק: "די דאָקטרין פון אידייעס איז אריינ־געבראַכט געוואָרן פון אונדזער אַ פריינט, אָבער עס וועט זיין אַסך בעסער און עס וועט געוויס זיין אַ ריכטיקערער וועג, אַז ווען ס'האַנדלט זיך וועגן אמת, צו אָפּפערן דאָס וואָס ס'איז אונדז נאָענט און טייער ווען מיר זיינען פּילאָזאָפן. פריינט און דער אמת זיינען אונדז ביידע טייער, אונדזער הייליקע פּליכט איז אָבער צו אויסקלייבן דעם אמת" (ז. עטיק, ז. 6). פאַרשטייט זיך, אַז מיט דעם אויסדרוק האָט ער אין זינען געהאַט פּלאַטאָנען . . . אין זיינע ווערק איז ער

אין אַלגעמיין געווען זייער קריטיש און גאָרניט פריינדלעך צו פּלאַטאָנען.

מיט וואָס ער האָט זיך באַשעפטיקט אין דער אַקאַדעמיע די גאַנצע צוואַנציק יאָר, איז ניט באַקאַנט. זיינע ווערק האָט ער אין יענער צייט אפילו ניט אָנגעהויבן צו שרייבן; ער האָט זיי ערשט אָנגעהויבן שרייבן אַסך שפּעטער. לויט דער צאָל פון די ווערק, וואָס זיינען פון אים פאַרבליבן, וואָלט מען געווען גענייגט צו גלויבן, אַז ער האָט אויף זיי געאַרבעט זיין גאַנץ לעבן, ווייס מען אָבער, אַז ס'איז בלויז איין דריטל פון דעם, וואָס ער האָט אָנגעשריבן פאַר די צוועלף יאָר וואָס ער האָט געפירט דעם ליצייאום און דאָס איז געווען אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן.

ווען מען באקאנט זיך מיטן אינהאַלט פון זיינע ווערק און מען ווייסט ווען ער האָט זיי געשריבן, אנטשטייען צוויי פראַגן: 1) האָט ער פריער ווען עס איז עפּעס געשריבן? און 2) ווי אַזוי האָט ער דערוואָרבן אַזאַ קאָלאָסאַלן וויסן אין זיין צייט, ווען עס זיינען געווען אַזוי ווייניק געלעגנהייטן פאַר לערנען, ווען אפילו איצט, בא אזוינע לייכטע מעגלעכקייטן, וואָלט געווען א היפּש ביסל שווער צו דערווערבן אַזאַ קאָלאָסאַלן וויסן, ווי ער האָט געהאַט? אויף דער ערשטער פראגע איז דער ענטפער, אַז מען ווייסט בלויז וועגן איין דיאַלאָג, וואָס ער האָט פריער אָנגעשריבן, מער ווייסט מען ניט. אויף דער צווייטער פראַגע קען מען ניט געבן קיין ענטפער, מען קען אָבער זאָגן, אַז לויט די טעותן, וואָס ער האָט געמאַכט, קען מען זען, אַז ניט אַלץ, וועגן וואָס ער האָט געשריבן, האָט ער געוואוסט . . . ער האָט געמאַכט טעותן, וואָס אפילו אין זיין צייט האָט מען שוין גערדאַרפט וויסן, אַז דאָס וואָס ער באַהויפּטעט איז ניט ריכטיק, אי ער אַליין האָט מיט זייער ווייניק מי געקאָנט אויסגעפינען, אַז ס'איז ניט ריכטיק. ווי ס'זעט אויס, האָט מען אין זיין צייט געבאָרגט פון יעדן איינעם, וואָס יענער האָט געזאָגט און מען האָט ניט געמאַכט דעם קלענסטען פאַרזוך צו זען אויב יענער האָט ניט געמאַכט קיין טעות . . . דאָס איז די איינציקע דערקלערונג, וואָס קען געגעבן ווערן פאַר טעותן, וואָס האָבן אזוי לייכט געקענט אויסגעמידן ווערן, ווי צום ביישפּיל: אַז אַ פרוי האָט ווייניקער ציין פון אַ מאַן, אַז נאָר בא מענער קלאַפּט דאָס האַרץ, אַז דער לייב האָט איין ביין אין האַלז, אַז אַן איי שווימט אין ים וואַסער, אַז מען שעפּט וואַסער פון ים אין אַ כלי פון וואַקס, קאָן מען טרינקען די וואַסער און אַז הינער קומען אַרויס פון קיילעכדיקע אייער און העגער פון אוואלע אייער און אז. וו. אָן א שיעור (זע אריסטאָטל "היסטאָרי אנימאלואם").

דאָס דאַרף זיין אַ באַווייז, אַז אַסך פון זיין אַרבעט איז באַשטאַנען פון קאָפּירן, וואָס אַנדערע האָבן געזאָגט און ניט זאָגן, אַז דאָס איז גענומען געוואָרן פון אַנדערע. אין זיין צייט האָט מען עס ניט באַטראַכט פאַר קיין גנבה... עס איז אויך פאַראַן אַ מיינונג, אַז זיינע ביאָלאָגישע אַרבעטן זיינען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון זיינע תלמידים פון זיינע נאָטיצן.

טראָץ דעם אלעמען, און זיינע טעותן אריינגערעכנט, איז זיין אויפטו געווען אַ קאָלאָסאַלער. ער האָט פאַקטיש געשאַפן די ביאָלאָגישע וויסנשאַפט ווי אַ באַזונדערער צווייג. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט קלאַסיפיצירט און סיסטעמאַטיזירט די חיות, ער האָט געשריבן וועגן פינף הונדערט לאַנד חיות, פויגל און פיש. ער האָט אַנאַטאָמיש דיסעקטעט פופציק לאַנד חיות און פיש. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געזען דאָס פאָרמירנדע

האַרץ אין אַן איי ווי ס'הייבט אָן פולסירן. דאָס מיינט, אַז ער האָט ניט נאָר איבערגעשריבן פון יענעם, נאָר ער האָט אליין אויך געפאָרשט. ספעציעל האָט ער אויפגעטאָן אסך אין דער ביאָלאָגישער וויסנשאפט. מיט אַלע טעותן איז זיין ביאָלאָגיש ווערק געווען דאָס וויכטיקסטע ביז דער מאָדערנער צייט.

ווי וויכטיק מען זאָל ניט אָננעמען, אַז זיינע באַזונדערע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען זיינען, איז ווען מען רעדט וועגן זיין וויסנשאַפטלעכן אויפטו, האָט מען ניט אין זינען קיין באַזונדערן וויסנשאַפטלעכן געביט, נאָר מען האָט אין זינען זיין סיסטעמאַטיזירונגס אַרבעט פון וויסנשאַפטלעכע פאַקטן: — ער איז געווען דער גרעסטער סיסטעמאַטיזירער פון פאקטן פון אלע צייטן. א דאַנק זיין געניאַלער פייעקייט צו קענען אַריינברענגען אָרדנונג אין דענקען, איז זיין לאָגיק אַזוי פאָלקאָמען, אַז מען האָט זי ביז דער לעצטער צייט געהאַלטן פאַר פאָלשטענדיק פאָלקאָמען. מען האָט בפועל ממש אָנגענומען אין דער גאַנצער היסטאָרישער צייט, אַז ס'איז ניטאָ וואָס צו איר צוצוגעבן. איצט דענקט מען אַנדערש, מען דענקט, אַז מען קען צו איר אַסך צוגעבן. פונדעסטוועגן נעמט מען זי אָן פאַר דער קרוין פון זיינע שאַפונגען און זי פאַרנעמט דאָך אַזאַ קליינעם פלאַץ צווישן זיי. מען קען זאָגן אָן איבערטרייבונג, אַז ער האָט באַהאַנדלט יעדן וויסנשאַפטלעכן צווייג. און נאָך דעם אַלעמען, איז ווען מען רעדט וועגן זיין באדייטונג, האָט מען ניט אין זינען די אַלע באַזונדערע בייטראגן, נאָר מען האָט אין זינען זיין אַלגעמיינע פילאָזאָפיע מיט וועלכער ער האָט באַהערשט די וועלט פאַר העכער טויזנט יאָר און דורך וועלכער ער ווירקט נאָך איצט אויך. פאַרשטייט זיך, אַז נאָר זיין אַלגעמיינער בליק קען דאָ באַטראַכט ווערן.

אַריסטאָטלס פילאָזאָפיע איז לייכט צו פאַרשטיין, עס איז אין איר ניטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל זיין שווער צו פאַרשטיין. פונדעסטוועגן איז ווען מען איז ניט באַקאַנט מיט זיין אויסגאַנגס פונקט, ווען מען איז ניט באַקאַנט מיט זיין אייגנאַרטיקן בליק אויף דער רעאַליטעט פון דער וועלט, ווען מען טראַכט זיך ניט אַריין אינם זין אין וועלכן ער נוצט די טערמינען מאַטעריע און פאָרמע, קען מען אים ניט אָנהויבן צו פאַרשטיין. אָבער ווען אפילו מען באקאנט זיך מיטן מיין פון זיינע טערמינען, האָט מען נאָך אַלץ שוועריקייטן, ווייל זיין צוגאַנג איז געווען אַ קריטיש אַנאַליטישער, ער האָט זיינע אייגענע פילאָזאָפישע געדאַנקען אַרויסגעבראַכט דורך אַ קריטישן אַנאַליז פון פריערדיקע דענקער, דערהויפט פון פלאטאנען. ער נעמט פאַקטיש פלאטאנס פונדאַמענטאַלן געדאַנק פאַר זיין אויסגאַנגס פונקט, ער פאַרענדערט אָבער דעם געדאַנק אויף אַזוי פיל, אַז ער קומט אַרויס אַלס קעגנער פון פלאַטאָנס פילאָזאָפיע. פלאַטאָן איז געווען אַן אידיאַליסט און ער קען באַטראַכט ווערן פאַר אַ רעאַליסט אינם מאָדערנעם זין פון וואָרט.

אַזוי ווי ער נעמט פלאַטאָנען פאַר זיין אויסגאַנגס פונקט, קען ער באַטראַכט ווערן פון דעם ווינקל. ווי פלאטאן און ווי אלע גריכישע דענקער, איז ער געווען אַ מעטאַפיזיקער. דער עיקר פון זיין דענקען איז באַשטאַנען אין זיך דערגרונטעווען צו דער פונדאַמענטאַלער רעאַליטעט פון דער וועלט, כאָטש לויט זיין טעמפעראַמענט איז ער געווען אַ וויסנשאַפטלער, פאַר וועמען פאַקטן זיינען דער עיקר. פאַרשטייט זיך, אַז מען דאַרף אָנהויבן פון זיינע פילאָזאָפישע פרינציפן. ער פאָלגט נאָך פלאַטאָנען און זאָגט: „אַלע נעמען אָן, אַז וויסן מיינט

זיך באַקענען מיט ערשטע סיבות און מיט פונדאַמענטאַלע פּרינציפּן" (מעטאַפיזיק 6).

די ערשטע סיבות און פּרינציפּן זיינען: 1) דאָס וואָס מיר באַהויפּטן, אַז ס'איז די סובסטאַנץ און דער עסענץ פון זאַכן; 2) דאָס וואָס מיר רופן אַן מאַטעריע און דער סוביעקט; 3) דער קוואַל פון ערשטע פּרינציפּן פון באַוועגונגען און 4) די פינאַלע סיבה און די סיבה פון גוטס (דאָרטן, ז. 12). די ערשטע סיבה איז די "פאָרמע", די צווייטע סיבה איז די "מאַטעריע", די דריטע סיבה איז באַוועגונג און די פערטע סיבה איז דער באַוועגלאָזער באַוועגער ("גאָט").

אַנשטאָט ער זאָל גלייך דערקלערן די פאַרשיידענע סיבות, פאַרנעמט ער זיך מיט אַ לאַנגען אַנאַליז פון די פאַרשיידענע גריכישע פילאָזאָפן און ער שטעלט זיך ספּעציעל אָפּ אויף פּלאַטאָנען. מיט דער הילף פון דער קריטיק ברענגט ער ארויס זיין אייגענעם שטאַנדפּונקט און ער ווייזט אָן אויף וויפיל ער אונטערשיידט זיך פון פּלאַטאָנען. ער נעמט אָן צוזאַמען מיט פּלאַטאָנען, אַז די פונדאַמענטאַלע רעאַליטעט באַשטייט פון אַ ז י י ן, וואָס קען ניט געענדערט ווערן; ער שטימט אָבער מיט אים ניט איין, אַז דער דאָזיקער ניט ענדערנדער ז י י ן געפינט זיך אויסער די קאָנקרעטע זאַכן. ער זאָגט: "מער פון אַלץ זיינען ניט קלאָר די אַלע אידייען: — אין וואָס באַשטייט זייער ביי־טראַג צו דעם, וואָס איז אייביק אין די באַזונדערע זאַכן? אָדער וואָס איז זייער בייטראַג צו דעם, וואָס דערשיינט און פאַרשווינדט? ניט זיי (די אידייעס) ברענגען אַרויס באַוועגונגען און ניט זיי זיינען די סיבה פון ענדערונגען. ווירקלעך, זיי העלפן ניט צו קענען פאַרשטיין אַנדערע זאַכן (איינפאַך דערפאַר, וואָס זיי זיינען ניט די סובסטאַנץ פון זאַכן: וואָלטן זיי געווען די סובסטאַנץ, וואָלטן זיי זיך געפונען אין די זאַכן גופא), ניט זיי גיבן עפּעס צו צו די זאַכן, ווייל זיי געפינען זיך ניט אין זיי, ווי זייער פּרינציפּ, אָדער זייער סיבה . . . פאַקטיש איז קיין שום זאַך אויף קיין שום אופן ניט אָפּהייניגיג פון אידייעס אין וועלכן עס איז זיינען. צו זאָגן, אַז אידייעס זיינען מאָדעלן און אַז אַנדערע זאַכן נעמען אין זיי אַנטייל, מיינט ריידן גלאַט אין דער וועלט אַריין אין דער פאָרמע פון פּאָעטישע מעטאַפאָרן. אין וואָס פאַר אַ זין, פרעג איך, איז די עקזיסטירנדע זאַך אָפּהייניגיג פון אידייעס? פון די אזוי אָנגערופענע מאָדעלן? . . . עס איז אוממעגלעך פאַר אַ סובסטאַנץ זיך צו געפינען אויסער דעם, פון וואָס זי איז די סובסטאַנץ. פרעגט זיך: ווי קענען אידייעס, ווען זיי זיינען די סובסטאַנץ פון זאַכן, זיך געפינען אויסער די זאַכן?" (דאָרטן, 42). סטייס סומירט אַריסטאָטלס קריטיק קעגן פּלאַטאָנס אידייעס אין די פאָלגנדע פּונקטן: 1) פּלאַטאָנס אידייעס דערקלערן ניט די עקזיסטענץ פון זאַכן. צו דערקלערן די עקזיסטענץ פון דער וועלט איז נאָך אַלעמען דער הויפּט פּראָבלעם פון פילאָזאָפיע, און פּלאַטאָנס טעאָריע דערקלערט דאָס ניט. 2) פּלאַטאָן דערקלערט ניט די פאַרהעלטעניש צווישן אידייעס און זאַכן. ער זאָגט אונדז, אַז זאַכן זיינען קאָפּיעס פון אידייעס און אַז זיי נעמען אַנטייל אין זיי, אָבער ווי אַזוי זאָלן מיר פאַרשטיין דעם דאָזיקן "אַנטייל נעמען"? ווי אַריסטאָטל זאָגט: "עס איז נאָר אַ פּאָעטישער מעטאַפאָר". 3) ווען אפילו דאָס זאָל דערקלערן די עקזיסטענץ פון זאַכן, דערקלערט עס ניט זייער באַוועגונג.

לאָמיר אָננעמען, אַז די אידייע ווייסקייט פּראָדוצירט ווייסע זאַכן, די

אידייע שיינקייט, פּראָדוצירט שיינע זאכן און אז. וו. אָבער אזוי ווי אידייעס פאַר זיך זיינען אומענדערנד און באַוועגלאָז, וועט אַזוי אויך זיין די וועלט, וואָס איז זייער קאָפּיע. אַזאַ וועלט וואָלט פאָלשטענדיק געווען סטאַטיש; אָבער די אַקטועלע וועלט איז אַ וועלט פון באַוועגונג, ענדערונג און ווערן און פלאַטאָן מאַכט ניט דעם קלענסטן פאַרזוך צו דערקלערן דעם אויפקום פון זאַכן און ניט זייער פארשווינדן.

4) די וועלט באַשטייט פון אַן אומגעהייערער צאָל זאַכן; עס איז די אויפגאַבע פון פילאָזאָפיע צו דערקלערן פאַרוואָס זיי עקזיסטירן. אָנשטאָט צו דערקלערן נעמט פלאַטאָן אָן אַז אַן אַנדער אומענדלעכע צאָל זאַכן עקזיסטירן, די אידייעס. דער רעזולטאַט איז, אַז ס'איז נויטיק צו דערקלערן אַ טאָפּלטע צאָל זאַכן . . . איז די פראַגע: וואָס העלפט אָט די דאָזיקע דופּליקאַציע? אַריסטאָטל פאַרגלייכט עס דערמיט, וואָס ווען אַ מענטש קען ניט מאַכן קיין קליינעם חשבון, זאָל מען אים געבן צו מאַכן אַ גרעסערן חשבון און דאָס זאָל אים מאַכן לייכטער צו רעכענען . . .

5) אידייעס דארפן ניט ווירקן אויף די חושים, פאַקטיש זיינען זיי סענזאריש. פלאַטאָן האָט געדענקט, אַז מען דאַרף זוכן אַ ניט סענזארישן פּרינציפּ, וואָס זאָל דערקלערן די וועלט פון חושים דערפאַרונג; נאָר אַזוי ווי ער האָט ניט געקענט געפינען אַזאַ פּרינציפּ, האָט ער פשוט גענומען דעם אביעקט פון חושים דערפאַרונג אויף אַן אַנדער אופן און האָט געזאָגט, אַז ער איז ניט חושימדיק. פאַקטיש איז ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן דעם פערד און דער אידייע פערד; צווישן דעם מענטשן און דער אידייע מענטש, אויסער דעם נוצלאָזן און מיינונגסלאָזן צוטשעפּן "אין זיך" אָדער אין אלגעמיין, צו יעדן חושים אביעקט און אים מאַכן אויסזען אנדערש; די אידייע איז ניט קיין אנדער זאַך, נאָר אַן אונטערגעשטעלטער חושים אביעקט . . . פלאַטאָן זאָגט, אַז זאַכן זיינען קאָפּיעס פון אידייעס, פאַקטיש זיינען אידייעס קאָפּיעס פון זאַכן . . .

6) פלאַטאָן נעמט אָן אידייעס אום צו דערקלערן וואָס ס'איז דאָס אַלגעמיינע אין אַסך זאַכן. וואו עס געפינט זיך אַן אַלגעמיינער עלעמענט, מוז זיך געפינען אַן אידייע. אזוי ווי עס געפינט זיך אַן אלגעמיינער עלעמענט אין אַלע מענטשן, דאַרף זיך געפינען אַן אידייע פון מענטשן. עס איז אָבער אויך פאַראַן אַן אַלגעמיינער עלעמענט אין איינצל מענטשן, מוז אויך זיין אַזאַ אידייע; עס מוז זיין נאָך אַן אידייע וועגן דעם "דריטן מענטשן" דאָס צו דערקלערן און צווישן די דאַרף ווייטער זיך געפינען אַן אידייע וואָס איז אלגעמיין און אַזוי אָן אַ סוף . . .

7) אַריסטאָטלס וויכטיקסטע און אַלץ אַיינשליסנדע אויסזעצונג קעגן דער אידייען לערע איז, וואָס די לערע נעמט אָן, אַז אידייעס זיינען דער עסענץ פון זאַכן און אין דער זעלבער צייט ווערן זיי לאָקאַליזירט אויסער די זאכן: — דער עסענץ פון זאַכן מוז זיך געפינען אין זיי, ווייל ער איז זייער סובסטאַנץ און אַ סובסטאַנץ קען ניט עקזיסטירן צוליב דעם פּרעדיקאַט, נאָר פאַרקערט.

נאָך דער קריטיק דערקלערט אַריסטאָטל: "מיר באַצייכענען זאַכן מיטן נאָמען סובסטאַנץ. דאָס צעטיילן מיר אויף דרייען: 1) מאַטעריע, וואָס איז פאַר זיך ניט קיין באַשטימטע זאַך; 2) פאָרמע, אָדער עסענץ וואָס מאַכט פון מאַטעריע אַ זאַך און 3) זייער סינטעז: מאַטעריע איז פּאָטענציאַליטעט, פאָרמע איז אַקטיוויטעט" (זע אנימא, ז. 67). דאָס איז דער תמצית פון אַריסטאָטלס באַ־

גריף וועגן דער רעאַליטעט. עס דאַרף אָבער דערקלערט ווערן וואָס ער מיינט אונטער פאָרמע און מאַטעריע. דאָס צו דערקלערן איז ניט צו לייכט . . .

די שוועריקייט נעמט זיך דערפון, וואָס די צוויי טערמינען, מאַטעריע און פאָרמע, האָבן איצט א גאַנץ פשוטן און איינפאַכן מיין, וואָס איז גע־וואָרן אַן איטעגראַלער טייל פונם דענקען; זייער איצטיקער מיין איז אײַנגע־שלאָסן אינם דענקען גופא און ווען מען דענקט וועגן דער רעאַלער וועלט פון זאַכן, האָט מען אין זינען די מאַטעריע, וואָס זיי ענטהאַלטן און די פאָרמע, וואָס זיי האָבן. אָט דעם פשוטן און איינפאַכן מיין פון די צוויי טערמינען מוז מען פארגעסן, ווען מ'וויל פארשטיין אריסטאָטעלס פילאָזאָפיע; מען מוז אים פארגעסן דערפאר, וואָס אריסטאָטל האָט ניט געהאט דעם מעכאַנישן בליק אויף דער קאָנקרעטער רעאַליטעט פון זאַכן; ער האָט געהאַט אַ גאַנץ אַנדער בליק אויף זאַכן און דערשיינונגען. דאָס באַענטסטע וואָס מען קען צוקומען צו זיין בליק איז אים אָנרופן פונקציאָנאַלער, אָדער וויטאַליסטישער; פאַר אים, ווי נארטראפּ זאָגט "זיינען פאָרמע און מאַטעריע געוווען אַטריבוטן פון אַ סוב־סטאַנץ". אונטער פאָרמע האָט ער פאַרשטאַנען אַקטיוויטעט און אונטער מאַ־טעריע פּאָטענציאַליטעט. מאַטעריע איז פאַר אים געווען אַ פאָרמלאָזער אומ־באַשטימטער סובסטראַטוס אַן וועלכע עס איז קוואַליטעט אָדער פונקציע און אונטער פאָרמע האָט ער פאַרשטאַנען אַלץ וואָס גיט אַ זאַך איר פאָרמע און איר פונקציע.

מען דאַרף אָבער אין זינען האָבן, אַז פאָרמע פאַר זיך און מאַטעריע פאַר זיך, זיינע פאַר אַריסטאָטלען געווען מעטאפיזישע באַגריפן, וועגן וועלכע מען קען נאָר דענקען, אָבער ניט קיין באַזונדערע קאָנקרעטע רעאַליטעטן. מאַ־טעריע פאַר זיך איז פאַר אים געווען הוילע פּאָטענציאַליטעט, וועגן וועלכער מען קען אפילו ניט דענקען און ריינע פאָרמע איז פאָלקאָמענהייט אין אַלע הינזיכטן און דאָס איז נאָר גאָט אַליין. די רעאַלע זאַכן אין דער וועלט באַ־שטייען שטענדיק פון מאַטעריע און פאָרמע: מאַטעריע איז דער רויער טייג פון וועלכן פאָרמע מאַכט די זאַך און גיט איר די אייגנשאַפטן און פונקציעס.

לויטן איצטיקן איינפאַכן באַגריף וועגן מאַטעריע און פאָרמע קוקט אַריסטאָטלס באַגריף אויס אַזוי אומגעהייער קאָמפּליצירט, אַזוי אומפאַרשטענד־לעך, אַז מען וואונדערט זיך ווי קומט עס, אַז אַזאַ קלאָרער, מען קען זאָגן, רעאַליסטישער דענקער, זאָל נעמען אַזאַ איינפאַכן ענין און אים מאַכן אַזוי אומנויטיק שווער? דאַרף מען אָבער אין זינען האָבן, אַז ער האָט אפּערירט מיט גאַנץ אַנדערע קאַטעגאָריעס און האָט געקוקט אויף דער וועלט פון אַ גאַנץ אַנדער ווינקל: ער האָט זיך אונטערגענומען צו מאַכן שלום צווישן צוויי קעגנ־געזעצטע באַגריפן, וואָס האָבן געהערשט אין דער גריכישער פילאָזאָפיע, צווישן דער פילאָזאָפיע פון שטענדיק ז י י ן און דער פילאָזאָפיע פון שטענ־דיקן ו ו ע ר ן. די פילאָזאָפיע פון שטענדיקן ז י י ן האָט אין זיך ניט גע־האַט קיין פּלאַץ פארן ו ו ע ר ן, זי האָט אים אָפּגעלייקנט און די פילאָזאָפיע פון ו ו ע ר ן האָט ניט געהאַט קיין פּלאַץ פארן ז י י ן. דורך דעם שפּיל פון די צוויי כוחות, פון מאַטעריע און פאָרמע, אין יעדער קאָנקרעטער זאַך, איז ער פּטור געוואָרן פון דעם ז י י ן און נ י ט ־ ז י י ן און האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט פארן ווערן; ער האָט קאָנקרעטיזירט פּלאַטאָנס אידייען וועלט און האָט איר אַריינגעגעבן אַקטיוויטעט און לעבן.

ווען מען טרעט צו צו אריסטאָטל שפּיל פון פאָרמע און מאַטעריע אין זאַכן פון אוניווערסאַל־פּאַרטיקולאַר שטאַנדפּונקט, איז די פאָרמע דאָס אוניווערסאַלע אין זאַכן און דאָס פּאַרטיקולאַרע איז דאָס ריין אינדיווידועלע אין זיי, וואָס קיין אַנדער זאַך האָט אינגאַנצן ניט. אַזוי ווי אָבער זאַכן קענען בלויז פאַרשטאַנען ווערן לויט זייערע אוניווערסאַלע כאַראַקטער אייגנשאַפטן, לויט זייערע קוואַליטעטן, איז ווען מען זאָל קענען אַוועקנעמען אַלע אייגנשאַפטן פון זאַכן (וואָס פאַקטיש קען מען עס ניט), וואָלט פון זיי געבליבן ניט מער ווי א פאַרמלאָזער אומבאַשטימטער איינס. — נאָר דאָס פאַרמלאָזע באַזונדערע פון יעדער זאַך איז דאָס באַטרעפנדע פּאַרטיקולאַרע אין דער זאַך. עס מיינט, אַז אַ זאַך איז דאָס, וואָס דאָס אוניווערסאַלע אין איר פאַרמירט זי זאָל זיין. צום ביישפּיל, ווען מען נעמט אַ שטיקל גאָלד, איז דער קאָליר, דער גלאַנץ, די פאָרמע, די וואָג; מיט איין וואָרט, אַלע אייגנשאַפטן, וואָס גאָלד באַזיצט, זיינען זיי אַלע פון אַן אוניווערסאַלן כאַראַקטער. אַנדערע שטיקער גאָלד און אַנדערע זאַכן אין אַלגעמיין, האָבן אויך אַזוינע כאַראַקטער אייגנשאַפטן, ווי דאָס שטיקל גאָלד האָט. דאָס איינציקע פּאַרטיקולאַרע אינם שטיקל גאָלד איז די, אַזוי צו זאָגן, באַזונדערע עקזיסטענץ אָפּגעטיילט פון אַנדערע זאַכן ווי אַ באַזונדער עפּעס, ווי אַן איינס.

פאַרשטייט זיך, אַז לויט אַריסטאָטלען קען מען ניט אָפּטיילן די אייגנשאַפטן (אוניווערסאַלן) פון א זאַך; יעדע זאַך, ווי איינפאַך זי זאָל ניט זיין, שליסט זי אין זיך איין איר פאָרמע (אייגנשאַפטן און פונקציע); זי קען נאָר אַנאַליזירט ווערן לויט פאָרמע און מאַטעריע, זי קען אָבער ניט געשפּאָלטן ווערן אויף דעם אופן.

מען קען לייכט זען ווי אַריסטאָטל האָט אויף דעם אופן גענומען פּלאַטאָנס אבסטראַקטע אייביקע אידייעס. ער האָט נאָר געענדערט די טערמינאָלאָגיע און האָט זיי לאָקאַליזירט אין די זאַכן, וואו זיי באַלאַנגען . . . דער אייביקער ז י י ן פון די אידייעס איז געבליבן אַן אייביקער ז י י ן אין די אוניווערסאַלע אייגנשאַפטן, וואָס, ווי אייגנשאַפטן, פאַרשווינדן זיי ניט; זיי זיינען בלויז אייביק דערמיט, וואָס זיי מאַניפעסטירן זיך אימער און שטענדיק דורך זאַכן אויף א קאָנקרעטן אופן; — די "אידייען וועלט" געפינט זיך אין דער וועלט פון קאָנקרעטע זאַכן.

לויט אַריסטאָטלען זיינען פאַראַן אין דער וועלט אַזוי פיל פאַרשיידענע זאַכן דערפאַר, וואָס מאַטעריע און פאָרמע פאַראייניקן זיך געמיינשאַפטלעך אויף פאַרשיידנאַרטיקע אופנים און ווירקן פאַרשיידנאַרטיק איינס אויפן צווייטן. דערביי דאַרף נאָכאַמאָל אונטערשטראָכן ווערן מארפאָלאָגיש סטרוקטועל, נאָר ווי סיבות (וואָס מען זאָל ניט אין זינען האָבן אונטער דעם טערמין).

עס זיינען אויסגערעכנט געוואָרן פיר סיבות. נאָר צוויי זיינען באַטראַכט געוואָרן. די איבעריקע צוויי, וואָס זיינען בלויז אַ העכערע גראַדאַציע פון פאָרמע, וועלן באַטראַכט ווערן נאָך זיין דערקענטעניש לערע, וועגן וועלכער עס דאַרף געזאָגט ווערן אַ פּאָר ווערטער.

אַריסטאָטלס דערקענטעניש לערע איז אָרגאַניש פאַרבונדן מיט זיין בליק אויף דער רעאַליטעט און איז אַן אָרגאַנישער טייל פון אים. פאַקטיש קען מען בא אַריסטאָטלען ניט אָפּטיילן עפּיסטאָמאָלאָגיע פון אָנטאָלאָגיע און זי באַזונדער באַטראַכטן, און געוויס האָט ער דאָס ניט געקענט טאָן. פאַר אים

איז זיין גאַנצע פילאָזאָפיע און קאסמאלאָגיע, געווען איין איינהייטלעכעס גאַנצעס.

זיין דערקענטעניש לערע מאַכט דעם איינדרוק ווי די עמפירישע דערקענטעניש לערע פון אַ מאָדערנעם רעאַליסט; די ענלעכקייט איז אָבער נאָר אַן אויסערלעכע. אין דער ווירקלעכקייט איז זי אַזוי פאַרשיידן און אייגנאַרטיק, ווי זיין מאַטעריע און פאָרמע זיינען פאַרשיידן פון דעם, וואָס מען פאַרשטייט איצט אונטער די צוויי טערמינען. ער זאָגט "ווען עס וואָלטן נאָר געווען פּאַרטיקולאַרן אָן זייערע אוניווערסאַלע אייגנשאפטן, וואָלט דער פאַרשטאַנד ניט געקענט באַקאַנט ווערן מיט קיין זאַכן, ער וואָלט ניט געהאַט וואָס צו אונטערשיידן. זאַכן וואָלטן באַמערקט געוואָרן פון די חושים, עס וואָלט אָבער ניט געווען קיין וויסנשאַפטלעכער וויסן, סיידן מען זאָל אָננעמען די איינדרוקן גופא פאַר וויסנשאַפטלעכן וויסן. נאָך מער, עס וואָלט נישט געווען קיין אייביקעס אין ניט קיין אומבאַוועגלעכעס, ווייל דאָס, וואָס ווערט באַמערקט פון די חושים געפינט זיך אין שטענדיקער באַוועגונג (ענדערונג) און עס ווערט מיט דער צייט פאַרניכטעט. עס איז גאַנץ איינפאַך: אויב קיין שום זאַך איז ניט אייביק, איז ניט מעגלעך אַז עפּעס זאָל אַנטשטיין; עס מוז עפּעס עקזיסטירן, אַז אַ זאַך זאָל דערפון אַנטשטיין און עס מוז פון עפּעס אַרויסקומען. דער דאָזיקער עפּעס מוז אָבער זיין אַן אייביקער; ער זעלבסט קען ניט געבוירן ווערן און ער פּראָגרעסירט ניט (ער ענדערט זיך ניט). וואָלט ניט געווען אזא עפּעס, וואָלטן ניט עקזיסטענץ און ניט ענדערונג, געווען מעגלעך: פון גאָרניט קען קיין שום זאַך ניט אַרויסקומען" (זע מעטאַפיזיק ז. 68).

דער אָנהויב קלינגט אַזוי רעאַליסטיש עמפּיריש, אַז מען קריגט דעם איינדרוק אַט ווי עס זאָל אַרויסגענומען ווערן פון אַ בוך פון אַ מאָדערנעם רעאַליסט; דאָס ווייטערדיקע איז אָבער גאַנץ אַנדערש פון מאָדערנעם רעאַליסטישן דענקען. ער הויבט אָן דערמיט, אַז וואָלט די רעאַליטעט געווען אַזאַ, וואָס וואָלט נאָר געהאַט דאָס פּאַרטיקולאַרע אָן וועלכע עס איז אוניווערסאַלע כאַראַקטער שטריכן, וואָלט ניט געקענט זיין קיין "וויסנשאַפטלעכער וויסן"; עס וואָלטן בלויז געווען איינדרוקן, וואָס די חושים וואָלטן געקראָגן און ניט מער. דאָס איז אַבסאָלוט ריכטיק: וואָלט די רעאַליטעט באַשטאַנען פון אַן אומענדלעכער צאָל איינאַרטיקע איינסן, וואָס וואָלטן געהאַלטן אין איין פליסן, וואָלטן די איינסן געוויס באַמערקט געוואָרן פון די חושים, עס וואָלט אָבער ניט געווען וואָס צו אונטערשיידן צווישן די אומענדלעכע איינסן און פאָלגלעך וואָלט ניט געווען וואָס צו וויסן וועגן זיי: — דער פאַרשטאַנד וואָלט ניט געהאַט וואָס צו רעגיסטרירן און ווי צו פאָרמירן באַגריפן פון זאַכן (עס וואָלט ניט געווען קיין "וויסנשאַפטלעכער וויסן", לויט זיין שפּראַך). דער מענטשלעכער וויסן באַשטייט אין אונטערשיידן זאַכן לויט זייערע אייגנשאפטן; ווען עס זיינען ניטאָ קיין אונטערשיידן צווישן זאַכן, איז ניטאָ וואָס מען זאָל אונטערשיידן צווישן זיי, און פאָלגליך איז ניטאָ וואָס צו לערנען און ניט וואָס צו דערקענען, ווען עס דערשיינט אַ צווייטן מאָל. אָבער אויסער דעם וואָס זאַכען זיינען פּאַרטיקולאַרן, זיי זיינען באַזונדערע איינסן, שליסן זיי אין זיך איין אוניווערסאַלן, (אַלגעמיינע כאַראַקטער אייגנשאפטן), דורך וועלכע מען ווייסט זיי. די אוניווערסאַלן זיינען איינגעשלאָסן אין די פּאַרטיקולאַרן, זיי זיינען אָבער פון איין זייט אייביק ווידערהאָלענדע און אין

דעם זינען זיינען זיי איביק און ניט ווי די באַזונדערע זאַכן, וואָס אַנטשטייען און פאַרשווינדן און פון דער צווייטער זייט זיינען זיי די באַשטימטע שטריכן, דורך וועלכע זאַכן ווערן אונטערשיידעט און אַזוי אַרום קענען זיי פאַרשטאַנען ווערן; זאַכן ווערן אונטערשיידעט דורך אייגנשאַפטן (אוניווערסאַלן), וואָס פון איין זייט זיינען זיי ווידערהאָלנדע, קען מען זיי דערקענען און פון דער צווייטער זייט געפינען זיי זיך אין פאַרשיידענע קאָמבינאַציעס אין פאַרשיידענע זאַכן און דאָס גיט אַ מעגלעכקייט צו קענען אונטערשיידן זאַכן איינע פון דער צווייטער.

זיין אַנאַליז וועגן דעם כאַראַקטער פון אוניווערסאַלן איז אַן אויסגעצייכנטער; אין דער מאָדערנער צייט ווערט אַן ענלעכער שטאַנדפּונקט פאַרטיידיקט פון ווהייטהעדן ווען ער זאָגט, אַז די גרינקייט פון דעם גראָז און די רויטקייט פון דער אונטערגייענדער זון, דערשיינען צוזאַמען מיט די באַטרעפנדע פּאַסירונגען און די פּאַסירונגען ווערן דערקענט דורך דעם כאַראַקטער פון די ווידערהאָלנדע אוניווערסאַלע שטריכן; ווען מען זאָל צונעמען די דאָזיקע אוניווערסאַלע כאַראַקטער שטריכן, וואָלטן די פּאַסירונגען ניט געקענט דערקענט ווערן.

דערביי וועיזט זיך זיין אונטערשייד פון פּלאַטאָנען אַרויס אויף צוויי אופנים: — ערשטנס זיינען פאַר אים די אוניווערסאַלן איינגעשלאָסן אין די פּאַרטיקולאַרן (דאָס זעלבע איז בא ווהייטהעדן), כאָטש ווי קוואַליטעטן (אין דעם פאַל גרין, רויט און אַז. וו.) שטייגן זיי אַריבער די באַטרעפנדע פּאַרטיקולאַרן (גראָז און זון אין אָט דעם ביישפּיל) און קומען אויך איינגעשלאָסן אין אַנדערע פאַרשיידענע פּאַרטיקולאַרן, ווען פּלאַטאָן האָט אָנגענומען, אַז כאָטש די אידייעס זיינען אויך איינגעשלאָסן אין די "קאָפּיעס" (זאַכן), געפינען זיי זיך פּאַקטיש אויסער די באַטרעפנדע זאַכן. און צווייטנס איז זיין אויסגאַנגס פּונקט אַ ריין עמפּירישער; ער זאָגט אויסדריקלעך, אַז "ווען מען לערנט עפּעס דאָס ערשטע מאָל, אָדער ווען מען קריגט אַן איינדרוק פון עפּעס, מיינט עס ניט, אַז מען דערמאָנט זיך אין עפּעס, וואָס מ'האָט פריער געוואוסט, נאָר מען האָט עס פאַרגעסן" (דע אנימע, ז. 293). פאַר אים איז וויסן אַ רעזולטאַט פון דערפאַרונג, עס איז אַ רעזולטאַט פון אַ צוזאַמענשטויס פון זאַכן פון דער אויסערלעכער וועלט מיט חושים. ער זאָגט: "דער מענטש באַזיצט דעם כוח, אָדער די אייגנשאַפט, צו קענען נוצן דעם פאַרשטאַנד אויף וועלכן אופן דער מענטש וויל עס נאָר טאָן; עס איז אָבער ניט אפּהייענגיג פון אים וואָס אַנבאַלאַנגט דער אַקטועלער דערפאַרונג גופא: צו קריגן אַ סענסאַציע אָדער דערפאַרונג אין אַלגעמיין, דאַרף זיין אַ קעגנשטאַנד, אַ זאַך פון וועלכער מען זאָל קריגן די דערפאַרונג." דאָס איז ריינער עמפּיריציזם, מען קען עס אפילו אָנרופן רעאַליזם. אָבער, ווי פריער געזאָגט, איז אַריסטאָטלס דערקענטעניש לערע נאָר אויבערפלעכלעך ענלעך אויף אַ מאָדערנער רעאַליסטישער דערקענטעניש לערע; די ענלעכקייט פאַרשווינדט ווען מען פאָלגט אים נאָך אַביסל ווייטער אין זיין דערקלערונג. ער זאָגט ווייטער: "וואָס אַנבאַלאַנגט דער אַלגעמיינער פראַגע וועגן סענסאַציעס, מוז מען אָננעמען, אַז זיי (די סענסאַציעס) באַשטייען פון דער פאָרמע פון דער זאַך, וואָס פּרעזענטירט זיך דורך איר מאַטעריע. מען קען עס פאַרגלייכן מיט וואַקס: ווען וואַקס ווערט געשטעמפּלט מיט אַ זיגל, קריגט ער די פאָרמע און דעם אינהאַלט פון דעם זיגל, ער קריגט

ניט זיין אייזן, אָדער זיין גאָלד". אָדער ווי ער זאָגט אויף אַ צווייטן אָרט דאָס זעלבע מער אויספירלעך: "דער שטיין גופא קומט ניט אריין אין דער נשמה, נאָר זיין פאָרמע געפינט זיך דאָרט . . . דאָס בילד (פונם שטיין), וואָס געפינט זיך אין דער נשמה, איז ענלעך אויפן אביעקט, וואָס פרעזענטירט זיך, דער אונטערשייד צווישן זיי איז דער, וואָס דאָס בילד ענטהאַלט אין זיך ניט די מאַטעריע פון דעם פרעזענטירנדן אביעקט . . . די נשמה איז ענלעך אויף אַ האַנט: די האַנט איז אַן אינסטרומענט, וואָס נוצט אַנדערע אינסטרומענטן, אַזוי איז אויך די נשמה, זי נוצט די פאָרמע פון די זאַכן וואָס פרעזענטירן זיך. מען וואָלט ניט געקענט לערנען קיין שום זאַך, ווען מען באַזיצט ניט די אייגנ־שאַפטן פון עמפּינדלעכקייט. ווען מען דענקט וועגן עפּעס אַפילו אין אבסטראַקט, מוז מען זיך פאָרשטעלן דאָס וועגן וואָס מען דענקט. די פאָרשטעלונגען פון זאַכן זיינען ענלעך אויף די זאַכן, זיי ענטהאַלטן אָבער אין זיך ניט דאָס מאַ־טעריעלע פון די זאַכן" (דאָרט, זז. 181־137־131).

דאָס אַלץ ניט נאָר קלינגט עס עמפּירישׁ, נאָר עס ענטהאַלט אַ היפּש ביסל עמפּירישעס אין זיך. אַריסטאָטל שטרייכט שטאַרק אונטער דעם עמ־פּירישן מאָמענט פון זיין דערקענטעניש לערע און ווי מען דאַרף באַטראַכטן דעם מענטשלעכן וויסן פון דער וועלט לויט די זאַכן און דערשיינונגען, וואָס פרעזענטירן זיך צו די חושים. און נאָך דעם אַלעמען איז זיין דענקען וועגן דער וועלט און וועגן דעם וויסן וועגן איר, אַזוי פאַרשיידן פון דעם מאָדערנעם דענקען, אַז ווען ער נוצט אפילו אַ שפּראַך, וואָס קלינגט אַזוי ענלעך אויף דער מאָדערנער שפּראַך פון אַן עמפּיריקער, מיינט ער אינגאַנצן עפּעס אַנדערש. צוזאמען מיט דעם נאָר וואָס ציטירטן זאָגט ער ווייטער: "דער אקטיווער גע־פיל קומט פון דעם פּאַרטיקולער, דער וויסן אָבער, וואָס מען קריגט פון דער פּרעזענטירענדער זאַך, דאָס באקאנען זיך מיט איר, קומט פון דעם אוניווער־סאַלן, וואָס ס׳געפינט זיך אין דער נשמה" (דאָרט, ז. 101). אָדער ווי ער זאָגט נאָך קלאָרער אויף אַ צווייטן פּלאַץ: "מיר גלויבן ניט, אַז אונדזערע חושים גיבן אונדז וועלכן עס איז וויסן, כאָטש זיי זיינען אַן צווייפל דער קוואַל וואָס אָנבאַלאַנגט אונדזער וויסן וועגן פּאַרטיקולאַרן. זיי גיבן אונדז ניט קיין שום דערקלערונג וועגן דעם פאַרוואָס פון קיין שום זאַך, צום ביישפּיל, זיי דער־קלערן אונדז ניט פאַרוואָס פייער איז הייס זיי זאָגן נאָר אז פייער איז הייס" (זע מעטאַפיזיק, ז. 5).

פון דער לעצטער באַמערקונג קען מען זען, אַז כאָטש ער רעדט אויף אַ שפּראַך, וואָס איז אַזוי ענלעך אויף מאָדערנעם עמפּירישן רעאַליזם, מיינט ער מיטן געזאָגטן אינגאַנצן עפּעס אנדערש, ווי מען מיינט איצט. ניט נאָר האָט ער באַטראַכט די רעאַליטעט אויף אַן אַנדער אופן, ווי אַ רעאַליסט באַטראַכט זי איצט, כאָטש ער האָט געניצט די זעלבע טערמינאָלאָגיע, נאָר ער האָט אויך אויף דער מענטשלעכער דערקענטעניש געקוקט פון אַן אַנדער ווינקל: — ער האָט אין דעם אויפנעמען און אין דער באַנעמען זאַכן ניט נאָר געוואָלט פאַר־שטיין דעם ווי אַזוי די זאַך איז, אָדער ווי אַזוי דער פּראָצעס קומט פאָר, ער האָט אויך געוואָלט וויסן דעם פאַרוואָס, פאַקטיש איז דאָס געווען זיין אויסגאַנגס פּונקט. פאַרשטייט זיך, אַז ווען ער האָט געזוכט אין דער דערקענטעניש עפּעס אַנדערש, ווי דאָס, וואָס מען זוכט איצט, איז אפילו ווען ער האָט גערעדט די זעלבע שפּראַך, האָט ער געמיינט עפּעס אַנדערש. ווען מען זאָל אַפילו וועלן

פאַרזען דעם קאַרדינאַלן אונטערשייד צווישן זיין דערקענטעניש לערע און דער מאָדערנער דערקענטעניש לערע און מען זאָל אים ווען נאָכפאָלגן, ווען מען נאָך אַלץ האָבן שוועריקייטן דערפאַר, וואָס דאָס עמפירישע, דאָס וואָס מען נעמט אויף פון אַ זאַך דורך די חושים, איז פאַר אים געווען באַגרענעצט בלויז מיטן דערשיינענעם (מיטן פאַרטיקולער), אָבער ניט דאָס פון וואָס דאָס דערשיינענע באַשטייט. נאָר דאָס פאַרטיקולאַרע דערשיינט דירעקט צו די חושים, דאָס אוניווערסאַלע, אָדער פשוט, די כאַראַקטער אייגנשאַפטן, לויט, וועלכע אַ זאַך ווערט פאַרשטאַנען און דערקענט, זיי שטראָמען אויף אַן אומ־פאַרשטענדלעכן אופן דירעקט אַריין אין דער נשמה און זיי ווערן אָפּגע־שטעמפּלט אויף דער נשמה ווי אַ וואַקס ווערט אָפּגעשטעמפּלט דורך אַ זיגל. שטעלט זיך די פראַגע: ווי קענען די אוניווערסאַלע אייגנשאַפטן פון זאַכן, וואָס באַלאַנגען צו די זאַכן גופא, ווי קאָלירן, פאָרמע, קלאַנג, וואָג און מאָס און אַז. וו. ווי קענען זיי פאַרלאָזן די זאַכן און אַריינשטראָמען דירעקט אין דער נשמה אַריין און דאָס פאַרטיקולאַרע, אָדער דער פאָרמלאָזער און אומבאַשטימטער איינס פון דער זאַך, זאָל זיך אָנשלאָגן אין די חושים? מיט אַנדערע ווערטער, ווי קומט פאַר דער פּראָצעס פון וויסן, לויט אַריסטאָטלען, ווען די חושים אינ־פאָרמירן נאָר וועגן דער זאַך ווי אַן אָנשטויס אויף די חושים און די אוניווער־סאַלע אייגנשאַפטן שטראָמען ניט אַריין דורך די חושים? אַריסטאָטל גיט ניט קיין דירעקטן ענטפער אויף דער פראַגע, זיין בליק איז געווען אַזוי פאַרשיידן פון דעם מאָדערנעם בליק אי אויף דער רעאַליטעט, אי אויפן מענטשלעכן וויסן, אַז, העכסט וואַרשיינלעך, האָט אים אַזאַ פראַגע ניט געקענט אַרויפקומען אויפן זינען. מען קאָן נאָר אָננעמען, אַז אַזוי ווי זיין בליק איז געווען אַ פונק־ציאָנעלער און "פאָרמע" און אַקטיוויטעט איז פאַר אים געווען איינע און די זעלבע זאַך און אַזוי ווי די אַקטיוויטעט איז באַשטאַנען פון אַ "סיבה" אָדער פון א "כוח", איז בשעת די חושים זיינען געקומען אין באַרירונג מיט אַ זאַך, האָט, צוזאַמען מיט דער אָנרעגונג אויף די חושים, עפּעס פון דער "פאָרמע" פון דער זאַך אריינגעשטראָמט אין דער נשמה אריין און איז דאָרט אָפּגע־שטעמפּלט געוואָרן . . . טהאָמאַס אַקווינוס האָט אָט דעם "עפּעס" אָנגערופן "ספּעסיעס אינטענשיאָנאַליס".

ביז איצט זיינען באַטראַכט געוואָרן אַריסטאָטלס צוויי "סיבות", אָדער פּרינציפּן, ווי מען זאָל ניט אָנרופן פאָרמע און מאַטעריע און ווי אַזוי דער מענטש ווייסט וועגן זאַכן פון דער וועלט דורך זיי. די צוויי "סיבות" געפינען זיך אין דער קאָנקרעטער וועלט שטענדיק צוזאַמען אין פאַרשיידענע פּראָ־פּאָרציעס צווישן זיך. דער אָנהויב איז מיט אַ מאַקסימום מאַטעריע און אַ מי־נימום פאָרמע. דאָס איז אין די גרענעצן פון דער קאָנקרעטער וועלט; שטייגט מען אַריבער די דאָזיקע גרענעצן און מען דענקט ווייטער אין די קעגנגעזעצ־טע ריכטונגען, דאַרף מען זיך פאָרשטעלן, אַז גייענדיק אַראָפּ פון לייטער, דאַרף מען קומען צו אַ פּלאַץ וואו ס'געפינט זיך נאָר מאַטעריע אין וועלכער עס איז פאָרמע און וואָס איז פאָלשטענדיקע פּאָטענציאַליטעט אָן וועלכער עס איז אַקטיוויטעט און גייענדיק ארויף אויפן לייטער, דאַרף מען קומען צו א פּלאַץ וואו ריינע פאָרמע און פאָלשטענדיקע אַקטיוויטעט געפינט זיך. געדאַנק־לעך דאַרף מען זיך, לויט אַריסטאָטלען, אַזוי פאָרשטעלן די אַבסאָלוטע רעאַ־ליטעט. זאָגט אריסטאָטל, אז וואָס אָנבאַלאַנגט די נידעריקייט, קען מען זיך

אינגאַנצן ניט פאַרשטעלן קיין פאָרמלאָזע מאַטעריע; דערפאַר אָבער איז דער צווייטער עקסטרעם, ריינע פאָרמע, אָדער אַקטיוויטעט, ניט נאָר אַ מעגלעכקייט, נאָר אַ נויטווענדיקייט און ער דערקלערט, אַז דאָס איז גאָט, דער באַוועגלאָזער באַוועגער, וואָס איז די פינאַלע סיבה אין דער נאַטור. אָבער איידער די פינאַלע סיבה וועט באַטראַכט ווערן, דאַרף פריער באַטראַכט ווערן דיווירקענדע סיבה, דער קוואַל פון די ערשטע פרינציפּן פון באַוועגונג.

באַטראַכטנדיק אַריסטאָטלס פילאָזאָפיע אין אַבסטראַקט, האָט מען געקענט באַטראַכטן פאָרמע און מאַטעריע און ניט נעמען אין באַטראַכט דעם דריטן פרינציפּ, אָדער סיבה, באַוועגונג. פּאַקטיש איז עס ניט מער ווי אַן אַבסטראַקציע, מען קען ניטריידן וועגן אַריסטאָטלס וועלט און אויסלאָזן באַוועגונג. באַוועגונג איז, אַזוי צו זאָגן, די נשמה פון אַריסטאָטלס וועלט, מוז די באַוועגונג באַטראַכט ווערן.

אַריסטאָטל נוצט דעם טערמין באַוועגונג ניט אינם מעכאַנישן זינען, ווי ער ווערט איצט גענוצט. פאַר אים מיינט באַוועגונג אַסך מער ווי דאָס, כאָטש אויך געווײנטלעכע באַוועגונג איז אײַנגעשלאָסן אין זיין מיין; פאַר אים מיינט באַוועגונג ענדערונג, צוועקמעסיקע אַקטיוויטעט און דאָס שטרעבן צו אַ באַשטימטן, הגם ניט נויטווענדיקערווייס באַוואוסטזיניקן, צוועק אָדער אָרט. צו פאַרשטיין דעם פאַלשטענדיקן מיין פון באַוועגונג, לויט אַריסטאָטלען, דאַרף מען אין זינען האָבן, אַז זיין בליק אויף דער וועלט איז אַן אָרגאַנישער און טעלעאָלאָגישער (צוועקמעסיקער). אין דער וועלט, ווי אין אַן אָרגאַניזם, האָט יעדע זאַך אַ באַשטימטע פונקציע און איר אַקטיוויטעט ווערט רעגולירט אָדער, בעסער, מאָטיווירט פון אַ באַשטימטן צוועק, וואָס זי שטרעבט דורכצופירן. דאָ דאַרף נאָך אמאָל אונטערשטראָכן ווערן, אַז דער מאָטיוו, אָדער די שטרעבונג, דאַרף ניט פאַרשטאַנען ווערן אינם זינען פון באַוואוסטזיניקייט. דאָס לעצטע קומט נאָר פאַר אינם מענטשן. אין אַלץ איז באַוועגונג איינגעשלאָסן אין פּראָפּאָרציע צו דער פאָרמע און ווי איר מאַניפעסטאַציע.

אין דעם זינען קען באוועגונג קלאַסיפיצירט ווערן ווי סטייט קלאַסיפיצירט אַריסטאָטלס באַוועגונג אויף: 1) באַוועגונג, וואָס ווירקט אויף דער סובסטאַנץ פון זאַכן, ווי אויפקום און פאַרשווינדונג; 2) ענדערונג אין קוואַליטעט; 3) ענדערונג אין קוואַנטיטעט, ווי פאַרגרעסערונג און פאַרקלענערונג, און 4) באוועגונג אין דער פאָרמע פון ענדערונג פון פּלאַץ. די לעצטע באַוועגונג איז די פונדאַמענטאַלסטע, ווייל זי שליסט אין זיך אייַן די קאַטעגאָריעס רוים און צייט.

רוים האָט אַריסטאָטל ניט באַטראַכט ווי אַן עפּעס פאַר זיך, ווייל אויב מען זאָל זיך אַזוי פאָרשטעלן רוים, וואָלט זיך געדאַרפט געפינען נאָך אַן עפּעס אין וואָס דער רוים געפינט זיך . . . רוים איז פאַר אים געווען אַ מין באַגרענעצונג און פאָלגליך איז עס ניט אומענדלעך. דער גאַנצער רוים מוז זיין אָנגעפילט, ווייל "די באַוועגונג פון אַ זאַך איז אָפּהיינגיג פון איר אייגענער נאַטור, עס וואָלט ניט געווען מעגלעך קיין נאַטירלעכע באַוועגונג, ווען עס וואָלט ניט געווען קיין אויבן און קיין אונטן וואוהין זאַכן פאַלן לויט זייער אייגענער נאַטור: — איין זאַך זאָל שטרעבן ארויפצו און אַ צווייטע זאַך זאָל פאַלן אראָפּ. אַלע זאַכן וואָלטן געפאַלן אין איינער און אין דער זעלבער ריכטונג." און אויף אַ צווייטן פּלאַץ: "ערד האָט אַ נייגונג צו פאַלן אַראָפּ און די נאַטירלעכע ניי־

גונג פון פייער איז זיך צו אויפהויבן אַרויף אין דער הויך. פייער הויבט זיך אויף העכער פון אַלע עלעמענטן. די נידעריקערע (עלעמענטן) דינען אים פאַר אַ באַזיס. אַז דער פּראָצעס זאָל קענען פאָרקומען, מוזן עקזיסטירן נאָך צוויי עלעמענטן: איינער זאָל שוועבן איבערן ערשטן פון די צוויי עלעמענטן און דער צווייטער זאָל אים דינען פאַר אַ פונדאַמענט. די צוויי מיטעלסטע עלעמענטן זיינען וואַסער און לופט. יעדער איינער פון זיי האָט זיין באַשטימטן פּלאַץ: וואַסער געפינט זיך העכער פון דער ערד און איז אונטער דער לופט און לופט איז העכער פון וואַסער און נידעריקער פון פייער. זיי אַלע שטרעבן צו זייערע נאַטירלעכע פּלעצער, וואו זיי דאַרפן זיך געפונען לויט זייער נאַטירלעכער פּאָזיציע". (זע פיזיק 14,4 און מעטאַפיזיק ז. 33).

אַריסטאָטל האָט געהאַט צוויי פּאַרטיקע מיינונגען וועגן די אייגנשאַפטן פון רוים; ער האָט געהאַט דעמאָקריטס מיינונג פון אַ ליידיקן רוים אין וועלכן אטאָמען באַוועגן זיך און ער האָט געהאט די פּיטאַגאָרייעשע מיינונג וועגן אַן אָנגעפילטן רוים. ער האָט, ווי מען קען זען פונם ציטירטן, אָנגענומען די צווייטע מיינונג. אינטערעסאַנט איז אָבער זיין סיבה פאַרוואָס ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעמאָקריטס מיינונג, וואָס ווערט איצט אָנגענומען פאַר דער ריכטיקער מיינונג. ער האָט דערבליקט אַ פונדאַמענטאַלן אמת, אַז אין ליידיקן רוים דאַרפן אַלע זאַכן פאַלן מיט דער זעלבער שנעלקייט. דער דאָזיקער אמת האָט אָבער נאָר געקענט דעמאָנסטרירט ווערן, ווען מען נעמט צו די לופט, וואָס הינדערט דעם פאַלן פון לייכטע זאַכן מער ווי פון שווערע זאַכן. אַזוי ווי וועגן דעם האָט ער אַפילו ניט געקענט דענקען, האָט ער אָנגענומען דעם עמפּירישן פאַקט (ווי זאַכן פאַלט אין דער לופט) פאַר אַן אַבסאָלוטן אמת און האָט פאַרפירט די מענטשהייט פאַר צוויי טויזנט יאָר . . . מען דאַרף אָבער אין זינען האָבן, אַז דעמאָקריטוסעס קוואַנטיטאַטיווער אויסגאַנגס פּונקט האָט אינגאַנצן ניט געשטימט מיט זיין קוואַליטאַטיוון בליק און מיט זיין צוועקמעסיקייט שטאַנדפּונקט, האָט ער אים אין אַלגעמיין ניט געקענט אָננעמען.

דאָס איז געווען אַריסטאָטלס פונדאַמענטאַלסטער טעות, הגם פאַר קיין פאַל ניט דער איינציקער טעות.

ווען מען באַטראַכט די וועלט פון דעם מאָדערנעם וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט, איז דאָס ביז איצט געזאָגטע וועגן זיין שטאַנדפּונקט און אויך דאָס, וואָס וועט ווייטער געזאָגט ווערן, איין גרויסע ריי פון טעותן (עס דאַרף אונטערשטראָכן ווערן — פון דעם וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט . . . ) פון אַלע טעותן איז אָבער דער דאָזיקער טעות געווען דער וויכטיקסטער; ער האָט פאַרצוימט דעם וועג פאַר וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג ביז דער מאָדערנער צייט . . .

צייט, האָט ער דערקלערט, איז א באַוועגונג אין דער ריכטונג פון פריער אויף שפּעטער; וואָלט אין דער וועלט ניט פאָרגעקומען קיין ענדערונג, וואָלט ניט געווען קיין צייט. ער זאָגט: "עס עקזיסטירט איין איינציקע ניט ענדערנדע צייט, וואָס פליסט אין צוויי באַוועגונגען: אויף אַן אידענטישן און גלייכצייטיקן אופן און וואָלטן אפילו די צוויי סאָרטן צייט ניט געווען גלייכצייטיק, וואָלטן זיי פונדעסטוועגן געווען פון דער זעלבער נאַטור. דאָס זעלבע איז חל אויף באַוועגונגען, וועלכע קומען פאַר גלייכצייטיק. די צייט איז נאָר איינע אָן אונטערשייד צי די באַוועגונגען זיינען פון דער זעלבער שנעלקייט, אָדער ניט . . .

פּאַלגלעך, ווען אפילו די באַוועגונגען אונטערשיידן זיך צווישן זיך און ווען אפילו זיי זיינען אומאָפּהייַנגיג איינע פון דער צווייטער, איז צייט אבסאָלוט די זעלבע פאַר זיי ביידן" (זע פיזיק 14,4).

פון דעם אויסצוג קען מען זען, אַז אַריסטאָטל האָט פאַרשטאַנען די שוועריקייטן, וואָס זיינען איינגעשלאָסן אין דער צייט קאַטעגאָריע: פון איין זייט איז צייט פאַרבונדן מיט באַוועגונג און ענדערונג און פון דער צווייטער זייט איז זי אומאָפּהייַנגיג פון זיי, ווייל ווען אפילו זאָכן באַוועגן זיך ניט גלייך, איז די צייט נאָר איינע פאַר ביידע באַוועגונגען. דאָס מיינט, אַז זי מוז זיין אומאָפּהייַנגיג אמווינציקסטן פון איינער פון די צוויי באַוועגונגען . . . אויף אַ צווייטן פּלאַץ זאָגט ער, אַז ענדערונג, אָדער באַוועגונג, איז נויטיק אום צייט זאָל רעגיסטרירט ווערן, אָבער צייט איז ניט די באַטרעפנדע ענדערונג, אָדער די באַוועגונג.

ווי צייט קען זיין אי אפּהייַנגיג פון באַוועגונג, אי ניט אפּהייַנגיג, איז שווער צו פאַרשטיין. ער גיט אָפּ אַסך פּלאַץ דער פראַגע, ער האָט אָבער ניט געקענט לייזן אַ פּראָבלעם וואָס שליסט אין זיך איין אַ ווידערשפּרוך, און וואָס קען נאָר געלייזט ווערן אין רעלאַטיוון זינען.

דאָס פירט צו דער פערטער "סיבה" אָדער פּרינציפּ און דאָס איז דער באַוועגלאָזער באַוועגער, אָדער די פינאַלע סיבה, וואָס איז אויך די סיבה פון חכמה, פון גוטס און פון אַקטיוויטעט אין אַלגעמיין און דאָס איז גאָט . . .

ווען אַריסטאָטלס גאָט, דער מסבב כל הסיבות זאָגן אייניקע, אַז ער איז אַ דירעקטער פּועל יוצא פון זיין פילאָזאָפיע און אנדערע זאָגן, אַז ער איז די סיבה פון זיין פילאָזאָפיע און הגם דאָס זעען אויס ווי קעגנגעזעצטע מיי־נונגען, זיינען זיי ביידע גערעכט; עס הייַנגט אָפּ פון דעם ווי מען גייט צו צו זיין פילאָזאָפיע און וואָס מען נעמט פאַרן אויסגאַנגס פּונקט. ווי מען זאָל אָבער ניט צוגיין צו איר, איז דער אומבאַוועגלעכער באַוועגער אַן אינטעגראַ־לער טייל פון דער פילאָזאָפיע.

מעטאַפיזיש, האַלט וויהייטהעד, אַז אַריסטאָטל איז געוועזן דער אויס־געהאַלטנסטער דענקער: ווען מען נעמט אַן אַריסטאָטלס אויסגאַנגס פּונקט, אַז זאַכן זיינען פאַרשיידן לויט דער פּראָפּאָרציע פון מאַטעריע און פאָרמע, וואָס זיי ענטהאַלטן און אַז וואָס מען גייט העכער אויפן לייטער פון דער רעאַ־ליטעט, אַלץ מער פאָרמע און ווייניקער מאַטעריע געפינט מען אין איר, מוז מען קומען צום ענטגילטיקן פּלאַץ פון ריינער פאָרמע אָן וועלכער עס איז מאַ־טעריע און דאָס איז אריסטאָטלס גאָט. ניט נאָר פירט זיין פילאָזאָפיע צו גאָט, נאָר זי באַשטימט אויך זיינע אייגנשאפטן . . . ערשטנס איז נאָר ער אליין די אבסאָלוטע און פאָלקאָמענע רעאַליטעט און דאָס איז דערפאַר, וואָס ער באַ־שטייט פון ריינער פאָרמע אָן וועלכן עס איז צומיש פון מאַטעריע. די וועלט און אַלץ, וואָס ס'געפינט זיך אין איר, איז נאָר טיילווייז רעאַל און איז רעאַל פּראָ־פּאָרציאָנעל צו דער פאָרמע און מאַטעריע קאָמבינאַציע: — וואָס מער פאָרמע און ווייניקער מאַטעריע עס געפינט זיך אין אַ זאַך, אַלץ מער רעאַל איז די באַטרעפענדע זאַך און פאַרקערט, וואָס ווייניקער פאָרמע און מער מאַטעריע עס געפינט אין אַ באַטרעפענדער זאַך, אַלץ ווייניקער איז זי רעאַל. צווייטנס איז אַזוי ווי ער איז די סיבה פון אַלע סיבות, ענטהאַלט ער אין זיך די פאָר־מאַלע סיבה, די ווירקזאמע סיבה און די פינאַלע סיבה. ווי די פאָרמאַלע סיבה

איז ער די אידייע, וואָס איז ריין שכל׳דיק: — ער איז ריינער פאַרשטאַנד. ווי די פינאַלע סיבה איז ער דער אַבסאָלוטער און ענטגילטיקער סוף, וואָס שליסט אין זיך איין אַלץ וואָס עס געפינט זיך אין דער וועלט, און דאָס מיינט, אַז ער איז פערפעקט אין אַלע הינזיכטן. און ווי די ווירקענדע סיבה איז ער די ענטגילטיקע סיבה פון דער גאַנצער באַוועגונג און פון ווערן אין אַלגע־מיין: — ער איז דער ערשטער באַוועגער און ווי אַזעלכער איז ער אַליין באַוועגלאָז. דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך דערפאַר, וואָס באַוועגונג שליסט אין זיך איין שטרעבונג און אַזוי ווי ער איז פערפעקט, האָט ער ניט צו וואָס צו שטרעבן. פאַקטיש שליסט פערפעקציע אין זיך איין באַוועגלאָזיקייט.

ווען עס ווערט געזאָגט, אַז גאָט איז ריינער געדאַנק, אָדער שכל, דאַרף דערצו צוגעגעבן ווערן, אַז אריסטאָטלס שכלדיקער גאָט קען נאָר טראַכטן וועגן זיינע אייגענע טראַכטונגען; ער קאָן ניט טראַכטן וועגן קיין אנדער זאַך, ווייל דאָס שליסט אין זיך איין אומפּערפעקציע און שטרעבונג און דאָס איז א ווי־דערשפּרוך צו זיין פערפעקציע. אין דער מאָדערנער טערמינאָלאָגיע וואָלט מען געזאָגט, אַז ער איז באַוואוסטזיניק וועגן זיך אַליין אָבער ניט וועגן דער וועלט: — ער באַשטייט פון אוניווערסאַלן געדאַנק און קען ניט דענקען וועגן קיין פּאַרטיקולאַרע זאַכן: — דענקען וועגן פּאַרטיקולאַרע זאַכן איז א ווידערשפּרוך צו דעם וואָס ער איז . . .

ווי מען קען זען האָט אריסטאָטלס "גאָט" ניט נאָר ניט קיין שייכות מיט דער וועלט, נאָר מען קען זאָגן, אַז ער ווייסט אפילו ניט וועגן איר . . . אויבן־אויף קוקט עס אויס ווי אַ פּאַראַדאָקס: גאָט, וואָס איז די סיבה פון אַלץ, וואָס קומט פאָר, ווייסט אפילו ניט וועגן דעם, וואָס ס׳קומט פאָר. אַזוי קוקט עס אויס ווען מען קוקט אויף אריסטאָטלס גאָט פון א מאָדערנעם שטאַנדפּונקט, וואָס ווען ער איז אפילו א פילאָזאָפישער, ענטהאַלט ער אין זיך א רעליגיעזן גאָט באַגריף. דאָס איז לגמרי ניט געווען אריסטאטלס באגריף; ער איז געווען א ריינער מעטאַפיזיקער, וואָס האָט נאָכגעפאָלגט דעם געדאַנק וואוהין ער האָט אים געפירט און ווען מען וויל פאַרשטיין אריסטאָטלען, דאַרף מען אין זינען האָבן זיין אויסגאַנגס פּונקט און ניט ברענגען מיט זיך קיין מאָדערנע רעליגיעזע באגריפן.

לויט אריסטאָטלס אויסגאַנגס פּונקט האָט גאָט ניט געטראַכט וועגן דער וועלט, די וועלט האָט אָבער געטראַכט וועגן גאָט און האָט געשטרעבט צו אים: גאָט איז געווען די סיבה פון אַלץ דערפאַר, וואָס אַלץ האָט געשטרעבט צו אים, אָבער ער האָט צו קיין זאַך ניט געשטרעבט. אַריסטאָטל דערקלערט גאָטס ווירקונג אויף דער וועלט דורך אַן אנאַלאָגיע ווי די ווירקונג פון איינעם, וועמען מען האָט ליב און מען טוט פאַר אים א סך זאַכן דורך דער ווירקונג פון דער אייגענער ליבע צו אים און דורך דעם שטרעבן צו אים, כאָטש ער אַליין ווייס וועגן דעם ניט. (זע "מעטאַפיזיק" 333).

אריסטאָטלס בליק אויף פּאַסירונגען איז א טעלעאָלאָגישער, די צוועק־מעסיקייט איז אָבער ניט קיין רעזולטאַט פון קיין השגחה פון גאָט איבער דער וועלט, נאָר פון אַ "שטרעבן" פון אַלץ צו גאָט. פאַקטיש איז זי באַשטאַנען פון א ראַנגלעניש צווישן מאַטעריע און פאָרמע און דערפאַר טאַקע איז אויסער באַוועגונג און ענדערונג, קיין שום דערגרייכונג אינם זינען פון עוואָלוציע אין

זיין וועלט ניט פאַרגעקומען.

פון דעם, וואָס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן, קען מען זען, אַז אריס־טאָטלס גאָט, דער באַוועגלאָזער באַוועגער, איז א טייל פון דער נאַטור (ריינע פאָרמע) און ער ווירקט אין דער נאַטור, פאַקטיש פּרעזענטירט ער מיט זיך ניט קיין שווערעקייטן, ער איז ריין לאָגיש א טייל פון דער וועלט.

ווען מען הויבט אָן מיט פאָרמלאָזער מאַטעריע פון איין עקסטרעם און מען גייט דורך דעם גאַנצן וועלט גראַנגל פון פאַרשיידענע זאכן אין דער וועלט, קוקט מען לאָגיש צו גאָט, צו דער ריינער פאָרמע. גענומען פאַקטיש, באַשטייט אריסטאָטלס וועלט פון אָנהויב ביזן סוף פון א גראַנגל צווישן מאַטעריע און פאָרמע, און קולמענירט זיך אין ריינער פאָרמע (גאָט). ווען אָבער אריסטאָטלס גאָט פּרעזענטירט מיט זיך ניט קיין שוועריקייטן, פּרעזענ־טירט מיט זיך די סיבה באַוועגונג, ווי א פּרינציפּ, שוועריקייטן. עס פרעגט זיך אויף וואָס האָט אריסטאָטל געדארפט ארייננפירן באַוועגונג פאַר אַ פּרינ־ציפּ, ווען פאָרמע זעלבסט, לויט אירע גראַדאציעס און קולמינאציע (גאָט), ענטהאַלט אין זיך גענוג סיבה פאַר אקטיוויטעט און ענדערונג? דירעקט גיט אריסטאָטל אויף דעם ניט קיין ענטפער, אומדירעקט געפינט זיך דער ענט־פער אין זיין פיזיק ווען ער זאָגט, אַז באַוועגונג איז א קדמון און האָט אייביק עקזיסטירט.

מען דאַרף אין זינען האָבן, אַז אריסטאָטלס וועלט און אַלץ אין איר, האָט פאַר אים אייביק עקזיסטירט; ניט ער האָט געהאָט א רעליגיעזן באַגריף, אַז גאָט האָט באַשאַפן די וועלט און ניט ער האָט געהאט דעם וויסנשאפטלעכן עוואָלוציע באַגריף: א וועלט, וואָס עקזיסטירט אייביק, דאַרף האָבן אַן איי־ביקן פּרינציפּ, וואָס זאָל ארויסברענגען די אַלגעמיינע אקטיוויטעט און אָנ־האַלטן די פאַרשיידענע באַוועגונגען, וואָס קומען אין איר פאָר. דער גע־ראַנגל צווישן מאַטעריע און פאָרמע האָט ער, ווי ס'זעט אויס, אָנגענומען איז ניט גענוג מען זאָל דורך אים קענען דערקלערן אַלע קאָסמישע דערשיי־נונגען. דאָס איז די איינציקע דערקלערונג, וואָס מען קען געבן וועגן דעם פּרינציפּ, וואָס איז ביי אריסטאָטלען גופאָ ניט צו קלאָר.

דערמיט קען מען איבערגיין צו אריסטאָטלס קאָסמאָלאָגיע אין וועל־כער באַוועגונג איז דער וויכטיגסטער פּרינציפּ. די אָפּהאַנדלונג וועט געפירט ווערן לויט העגריך ריטערס בוך וועגן אריסטאָטלס פילאָזאָפיע; ריטער פאָלגט נאָך אַריסטאָטלען לויט זיינע פאַרשיידענע ווערק און לויט זיי האָט ער פאַר־מירט אַן אַלגעמיין בילד, וואָס איז געבליבן א קלאַסישע ארבעט וועגן אריס־טאָטלען.

דער אָנהויב וועט געמאַכט ווערן מיט אַ דירעקטער ציטאַט וועגן אריסטאָטלען. ער זאָגט: "אַז די וועלט איז רונד ארום און ארום ווי א ספער איז פאַר אריסטאָטלען געווען טיילוויז א שלוס פון דעם, וואָס, ווי ער האָט אָנגע־נומען, אַז אַלע באַוועגונגען קומען פאָר אין א צירקל און טיילוויז דערפון, וואָס ווען די וועלט, וואָס דרייט זיך אין א צירקל, וואָלט אליין ניט געווען רונד, נאָר זי וואָלט געהאט אן אנדער פאָרמע, וואָלט געבליבן א ליידיקער רוים אין וועלכן עס וואָלט ניט געווען קיין וועלט; וועגן דעם איז, לויט זיין מיינונג, געווען אוממעגלעך צו דענקען. טיילוויז איז עס געווען א רעזולטאַט פון זיין אַלגעמיינעם באַגריף, אַז א צירקל איז א פּערפעקטע פאָרמע. ער האָט

אָנגענומען ,אז אין אַלגעמיין איז, אויסער דעם מאַטעריעלן טייל, די וועלט פערפעקט, און פערפעקציע שליסט פון זיך אויס דאָס, וואָס איז ניט פער־פעקט . . . אריסטאָטל צעטיילט דעם אוניווערס אין א טייל, וואָס געפינט זיך באם אומקרייז פון דער וועלט און אין א צווייטן טייל וואָס געפינט זיך אין דעם צענטער פון דער ספער. אינם לעצטן טייל געפינט זיך די ערד און אינם ערשטן טייל געפינט זיך דער הימל און ער נעמט איינטייל אין דער פער־פעקטער באַוועגונג פון דעם צירקל; אין דער ערשטער באַוועגונג, פון וועלכער אַלע אנדערע באַוועגונגען שטאַמען ארויס. דער הימל איז נאָענטער צו דער ערשטער באַוועגענדער סיבה, וואו, אונדזערע עלטערן, וואָס האָבן געהאט אינ־פאָרמאַציע פון אַן אמת׳ער טראַדיציע און פון אַ חכמה, וואָס איז איצט פאַרלוירן געגאַנגען, האָבן באַשטימט, אז ס׳געפינען זיך די געטער.

עס איז געוויס א סך מער כבוד און מער אכטונג זיך צו געפינען וואָס ווייטער פון זאַכן, וואָס זיינען ניט פערפעקט, צווישן וועלכע עס געפינט זיך אויך דער מענטשלעכער גורל. עס מיינט זיך געפינען ארום די הימלען. פון דער צווייטער זייט איז די ערד איבערגעגעבן געוואָרן צום ניט פערפעקטן; זי געפינט זיך גאַנץ ווייט פון דעם ערשטן באַוועגער און דערפאַר נעמט זי א גאַנץ קליינעם איינטייל אין דעם געטלעכן און אין דעם הייליקן.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם ערשטן טייל (די הימלען), מעג ער מיט רעכט אָנגערופן ווערן פערפעקט: — ער עקזיסטירט אייביק און ווערט קיינמאָל ניט אַלט. דאָס קען מען אָבער ניט זאָגן וועגן דעם לעצטן טייל; מען קען עס ניט זאָגן וועגן דער ערד; מען קען איר ניט צושרייבן קיין צו הויכע אטריבוטן, פארקערט, זי האַלט זיך אין איין ענדערן און אין אַלט ווערן.״ (זע ריטער: ״ענשיענט פילאָזאָפיע״ באַנד 3 זז. 214־212).

ווען מען גייט איבער פון דער אבסטראַקטער ספעקולאַציע צו דער קאָנקרעטער וועלט, זעט מען ווי ווייניק וויסן די גריכן האָבן געהאט וועגן דער וועלט און ווי אומבאהאָלפן אפילו אריסטאָטל איז געווען ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין דערקלערן דערשיינונגען. ווי א היסטאָריקער זאָגט: ״די גריכן האָבן ניט געוואוסט דעם איינפאַכן פאַקט, אז דער שכל אליין אָן דער־פארונג קען ניט דערקלערן דעם גאַנג פון דער וועלט.״ אום אָבער צו זיין גערעכט צו די גריכן דאַרף מען אין זינען האָבן זייער אויסגאַנגס פונקט: זיי האָבן ניט געזוכט דעם ווי אזוי א פראָצעס קומט פאָר, נאָר זיי האָבן געוואָלט דערקלערן פארוואָס דער פראָצעס קומט פאָר און דעם פאַרוואָס קען מען ניט קריגן פון דערפארונג, מען קען נאָר ספעקולירן וועגן אים. אריסטאָטל זאָגט גלייך אין אָנהויב פון זיין מעטאפיזיק, אז דער אונטערשייד צווישן דעם דענ־קער און דעם בעל מלאכה (פאַרשער?) באַשטייט אין דעם, וואָס דער ארבע־טער זוכט דעם ווי אזוי פון א פראָצעס און דער דענקער וויל פארשטיין דעם פארוואָס פון דעם פראָצעס: דער ארבעטער וויל דערקלערן ווי פייער ברענט און דער דענקער וויל דערקלערן פארוואָס פייער ברענט . . . נאַטירלעך, אז וועגן דעם לעצטן קען מען בלויז ספעקולירן און די גריכן האָבן ספעקולירט אפילו וועגן פאַקטן.

אריסטאָטל איז געווען אויסגעהאַלטן אין זיין דענקען; ער האָט נאָכ־געפאָלגט זיין מאַטעריע־פאָרמע אויסגאַנגס פונקט פון אָנהויב ביזן סוף. גאָט וואָס איז ריינע פאָרמע, דאַרף זיך געפינען באם ראַנד פון דער וועלט וואו

פּערפעקציע הערשט און דאָס מיינט, אַז ער דאַרף זיך געפינען דאָרט, וואו די באַוועגונג איז א פאָלקאָמענע און דאָס מיינט אין א צירקל. דאָס איז פאר אים געוועזן אזוי זעלבסט פארשטענדלעך, אז ס'האָט זיך ניט געגוויטיקט אין קיינע באַווייזן: — וואו דען זאָל זיך גאָט געפינען? אינם צענטער וואו די ערד, די מענטשן און דאָס אומפּערפעקטע, הערשט? עס איז מער כבוד זיך צו געפינען וואָס ווייטער פון דעם אומפּערפעקטן, ווי לעבן דעם . . . צוליב וואָס אריס־טאָטל האָט געדאַרפט אריינפירן די עלטערן מיט זייער טראַדיציע און חכמה, וואָס איז איצט פארלוירן געגאַנגען, איז ניט צופיל פאַרשטענדלעך. מעגלעך, אז ער האָטווירקליך געגלויבט אז פריערדיקע דורות האָבן געהאַט א ספּעציעלן וויסן אָדער חכמה, וואָס אין זיין צייט האָט מען פארגעסן. עס איז אויך פאַראַן אַ מיינונג, אז אזוי ווי אריסטאָטלס ווערק זיינען ניט געבליבן גאַנץ אין זיי־ער אָריגינעלער פאָרמע; זיי זיינען ערטערווייז געענדערט געוואָרן און ספּע־ציעל איז ניט געבליבן גאַנץ זיין מעטאַפיזיק, זאָל אָט דער אויסדרוק געווען אריינגעשטעלט ווערן פון עמיצן אנדערש. באַטירלעך, אז דאָס קען מען ניט וויסן; עס איז אָבער אויך מעגלעך, אז ער האָט אים אריינגעשטעלט אום צו צופרידענשטעלן די אַטענער און זיי זאָלן אים ניט פארדעכטיקן אין אפּיקורסות — האָט ער דאָך ענדלעך געמוזט אַנטלויפן פון אַטען אום זיי זאָלן, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, מיט אים ניט באַגיין דעם פארברעכן, וואָס זיי זיינען בא־גאַנגען מיט סאָקראַטן . . . וואָס אָנבאַלאַנגט זיין אַנטלויפן פון אַטען איז פאַ־ראַן אַן אנדער דערקלערונג: מען האָט אים באַטראַכט פאַר א מאַצעדאָניער, איז ווען אלעקסאַנדער איז געשטאָרבן, האָבן די אַטענער זיך נוקם געווען אין די מאַצעדאָניער און אריסטאָטל איז געווען אלעקסאַנדערס לערער . . .

ווען אריסטאָטל האָט לאָקאַליזירט גאָט באַם ראַנד פון דער וועלט, האָט ער אים געמאַכט רוימלעך; אמת אין א געוויסן זינען געפינט ער זיך פון "יענער זייט" פון די הימלען, לאָקאַליזאַציע שליסט אָבער איין רוים: — ער איז דאָס פּערפעקטע פון דעם נאַטירלעכן . . .

מיט דעם צעטירטן פון ריטערן ענדיקט זיך ניט אריסטאָטלס וועלט בילד; עס הויבט זיך ערשט אָן. ווען ריטער ווייטער ציטירט ווערן; ער זאָגט: "די שטערן זיינען ברואים, וואָס האָבן ניט קיינע עמאָציעס; זיי האָבן דער־גרייכט די העכסטע פאָרמע פון עקזיסטענץ. זיי זיינען א סך מער געטלעך פון מענטשן. דער הימל האָט א נשמה און האָט אן אייגענעם פּרינציפּ פון באַ־וועגונג. זיין באַוועגונג איז ניט די זעלבע, ווי די באַוועגונג פון וויניקער פּער־פעקטע ברואים. ער דאַרף זיך ניט אָפּרוען, ווייל ניט ער שטרענגט זיך אָן און ניט ער מידט זיך איין. די באַוועגונג פון הימל און פון די שטערן איז אַן אנדערע, ווי די באַוועגונג פון ערדישע ברואים, די לעצטע באַוועגן זיך אין קעגנגעזעצטע ריכטונגען: — זיי גייען איבער פון פּאָטענציאַליטעט צו אַקטיוויטעט. די הימלישע באַוועגונג קומט פאַר אין א צירקל, האָט זי ניט קיין קעגנזאַצן און איז שטענדיק אַקטיוו. דער רעזולטאַט פון אָט דעם פּראַקט־פולן צושטאַנד פונם הימלישן רעגיאָן איז, וואָס די באַוועגונג קומט פאַר פון לינקס צו רעכטס. דאָס איז ניט נאָר וויכטיק פאַר יחידים, נאָר עס איז וויכטיק פאַרן גאַנצן אוניווערס; אזוי ווי ער איז א לעבעדיקער, באַזיצט ער אן איי־גענעם פּרינציפּ פון באַוועגונג. אזוי ווי זיין באַוועגונג הויבט זיך אָן פון דער רעכטער זייט, איז פארשטענדלעך פאַרוואָס מענטשן געפינען זיך ניט אין די

העכערע הימלען און ניט אין די נידעריקערע רעגיאָנען פון דער וועלט, וואָס זיינען נאָענט צום הימל . . .

אריסטאָטל צעטיילט דעם הימל אויף צוויי טיילן; דער העכסטער צירקל פון דער וועלט — די הימעלשע ספער אינם שמאָלן זינען . . . דער רעגיאָן פון פיקסירטע שטערן און דער נידעריקערער צירקל, אָדער דער ספער פון די פלאַנעטן, צווישן וועלכע עס געפינען זיך די פלאַנעטן, וואָס זיינען געווען באַקאַנט אין זיין צייט. צווישן די לעצטע נעמט ער אריין די זון און די לבנה.

דער הימל פון די פיקסירטע שטערן קריגט זיין באַוועגונג דירעקט פונם פּרינציפּ פון ערשטן באַוועגער. ער באַוועגט זיך פון רעכט צו רעכטס (?) צו אים באַלאַנגט די גרעסטע פּערפעקציע אין דער וועלט; זי שטייגט אריבער אָן א שיעור דעם גורל פון די פלאַנעטן, וואָס געפינען זיך ווייט פון דעם פּער־פעקטן אורשפּרונג. די פלאַנעטן באַוועגן זיך אין א פאַרקערטער ריכטונג און זיי מאַכן געבויגענע און קרומע רונד באַוועגונגען (ארביטן). דער רעזולטאַט איז, אז זיי באַזיצן באַשטימטע באַוועגונגען און זיי ווערן צו דער זעלבער צייט באַווירקט פון די פיקסירטע שטערן. דערפאַר איז די פלאַנעטן, וואָס געפינען זיך נאָענט צו די ספערן באַוועגן זיך לאַנגזאַמער פון יענע, וואָס געפינען זיך ווייטער. די ערד געפינט זיך אינם צענטער פונם אוניווערס; זי איז אזוי רונד ווי די שטערן. דאָס ערדישע האָט א נאַטירלעכע נייגונג צו זיין באַם צענטער פון דער וועלט און זי אָרדנט זיך איין גלייכפאָרמינג אַרום דער וועלט.״

פאַרטיק ווערנדיק מיט דער אַלגעמיינער קאָנפיגורציע פונם אוניווערס, גייט ער איבער צו די ״עלעמענטן״ פון וואָס זאַכן זיינען צוזאַמענגעשטעלט. ער נעמט אָן פיר עלעמענטן לויט עמפּעדאָקלן; זיי זיינען: ערד, לופט, פייער און וואַסער. זיינע ארגומענטן, פאַרוואָס עס דאַרפן זיין פיר עלעמענטן זיינען טשיקאַווע; זיי באַווייזן אויף וויפיל דער גריכישער דענקען איז געווען באַ־הערשט פון אַבסטראַקטן ספּעקולירנדן דענקען (פּילפּול בלע״ז...) טיילווייז זיי־נען זיי פריער געגעבן געוואָרן; אויספירלעך קענען זיי דאָ ניט באַטראַכט ווערן. דערפאַר וועט יאָ געגעבן ווערן זיין ארגומענט וועגן דעם באַוואוסטן ״קווינט עסענץ״, דעם פינפטן ״עלעמענט״, ער וועט געגעבן ווערן לויט ריטערן. ער זאָגט: ״אזוי ווי קיין איינער ניט פון די פיר איינפאַכע ערדישע קערפּערס באַוועגן זיך אין אַ צירקל, האָט אַריסטאָטל אָנגענומען, אַז עס עק־זיסטירט א פינפטער עלעמענט, וואָס איז אי מער פונדאַמענטאַל, אי ער איז מער געטלעך פון די אַנדערע עלעמענטן, אַט ווי א צירקל איז מער פּערפעקט פון א גלייכער ליניע און אַלטן אַן אויסדרוק רופט ער אים אָן עפיר, דער עפיר איז ניט לייכט און איז ניט שווער; ער פאַלט ניט אַראָפּ צום צענטער און הויבט זיך ניט אויף אין דער הויך צום האָריזאָנט. ער באַזיצט ניט די אומפּערפעקציעס פון די אַנדערע עלעמענטן: ער באַזיצט ניט קיין ליידנ־שאַפטן גאַנץ איינפאַך דערפאַר, וואָס קיין זאַך שטייט אים ניט אין וועג. זיין באַוועגונג קומט נאָר פאָר אין א צירקל, דערפאַר באַזיצט ער נאָר א לאָקאַלע באַוועגונג, וואָס ווערט ניט פאַרגרעסערט און ניט פאַרקלענערט; זי איז ניט פּראָדוקטיוו און ניט צושטערענד. פון דעם דאָזיקן עלעמענט באַשטייט דער הימל און די שטערן, ווי זיי איז אויך ער אייביק. דאָס דאַרף אָנגענומען ווערן

לויט דער טראַדיציע, וואָס זאָגט ניט קיין זאַך וועגן ענדערונגען אין דעם הימל.

ווען אויף דער וועלט וואָלט ניט געווען קיין אַנדער עלעמענט, אויסער דעם עלעמענט, וואָלט ניט געווען קיין אַנטשטייאונג און ניט פאַרניכטונג; עס וואָלט בלויז געווען אייביקע באַוועגונג. דער צענטער אָבער פון דער וועלטלעכער ספער מוז אומבאַדינגט רוען, און עס מוז זיין אַ קערפּער, וואָס לויט זיין נאַטור איז ער געווענדעט צום צענטער, ווייל דאָרט וואו קערפּערס זיינען גענויגט זיך צו געפינען לויט זייער אינערלעכער נאַטור, געפינען זיי זיך נאַטירלעך אין אַ שטיל שטאַנד. אַזאַ קערפּער איז די ערד. אָבער ווען איין קערפּער אין אַ סיסטעם פון קעגנזאַצן עקזיסטירט, נויטיקט ער זיך אין די קעגנזאַצן. פייער איז דער קעגנזאַץ פון ערד, דערפאַר מוז פייער עקזיס־טירן, ווען עס עקזיסטירט ערד: — ערד פאַלט אַראָפּ און פייער הויבט זיך אויף אין דער הויך. די ערד ווערט קאָנטראָלירט פון די העכערע ספערן, פון די שטערן. דער ים קאָנטראָלירט די ווינטן, וואָס באַלאַנגען צו דער ספערע פון דער לופט און די לופט איז אָפּהיינגיג פון דער באַוועגונג פון דער זון און פון דער לבנה אַזוי ווי די ערד איז אָפּהיינגיג פון אַלע העכערע ספערן, זיינען אירע באַוועגונגען ניט קיין רעגולערע, ווייל עס ווירקן אויף איר אַ סך פאַקטאָרן.

לויט אָט דעם בליק איז די העכערע ספערע די סיבה פון דער באַוועג־גונג, וואָס ס'קומט פאָר אין דער נידעריקערער ספערע, וואָס קען אין אַ גע־וויסן זין אָנגערופן ווערן איר אָרגאַן" (זע ריטער "היסטאָרי אָוו ע'נשיענט פילאָסאָפיע" באַנד 3 זז. 22־223־214. ציטירט בלויז קליינע טיילן).

אין פאַרבינדונג מיט פּלאַטאָנס טימייוס איז געגעבן געוואָרן טש. סינ־גערס מיינונג ווי טיף נאַטור וויסנשאַפט קען דעגראַדירט ווערן ווען מען וויל געבן די נאַטור דערשיינונגען אַ טעאָלאָגישע אינטערפּרעטאַציע. דאָס זעלבע קען געזאָגט ווערן אין באַצוג צו אַריסטאָטלס וועלט בילד. עס איז אינגאַנצן ניט פאַרשטענדלעך ווי אַזאַ טיפער מעטאַפיזיקער, וואָס איז אויך געווען אַ וויסנשאַפטלער, האָט געקענט מאַכן אָט די אַלע באַהויפּטונגען וועגן דעם גאַנג פון דער נאַטור.

צום סוף פון דעם קאַפּיטל וועט געגעבן ווערן די מיינונג פון אַ מאָ־דערנעם וויסנשאַפטלער וואו ער זאָגט אַז די גריכן האָבן ניט געהאַט קיין ערנסטן כאַראַקטער און מען דאַרף ניט נעמען צו ערנסט אַלץ, וואָס זיי האָבן געזאָגט;—זיי אַליין זיינען ניט געווען ערנסט . . . עס ווילט זיך ניט אָננעמען אַזאַ שטרייגע מיינונג וועגן זיי; דאָס ציטירטע קען אָבער ניט דערקלערט ווערן אויף קיין אַנדער אופן, ווי מאַנגל אין ערנסטקייט . . . עס איז שווער צו גלויבן, אַז אַריסטאָטל האָט ערנסט געדענקט, אַז די באַוועגונגען פון די הימעלשע קערפּערס קומען פאָר ווי זיין געדאַנק דענקט, אַז זיי דאַרפן פאָר־קומען; עס איז אָבער אויך מעגלעך, אַז די גריכן זיינען אויף אַזויפיל גע־ווען איינגעגלויבט אינם כוח פון זייער שכל, אַז זיי האָבן געגלויבט, אַז דאָס וואָס זיי דענקען וועגן דער נאַטור איז אמתדיק פאַר איר . . .

אָט די אַלע פאַנטאַזיעס זיינען אָנגענומען געוואָרן פאַר אַבסאָלוטע אמתן פון דער וועלט פאַר גאַנצע צוויי טויזנט יאָר און דאָס פירט צום געדאַנק, אַז אויב די וועלט, וואָס איז געקומען נאָך די גריכן, האָט אַזוי לאַנג געקענט גלויבן

אין דעם, פאַרוואָס זאָלן די גריכן אין דעם ניט געווען גלויבן? דאָס איז געוויס א וואָגיקער ארגומענט . . .

אז אריסטאָטל פּרעזענטירט מיט זיך א שווערן פּראָבלעם פאַרן פאַר־שער פונם גריכישן דענקען וועט באַשטעטיקן אַן אויסצוג פון ריטערן; ער זאָגט: "ווען ער (אריסטאָטל) באהאנדלט די פאַרשיידענע וועזנס און ספערן פון הימל, זאָגט ער, אז דער ענין דאַרף איבערגעלאָזט ווערן פאַר טיפערע אינטעלעקטן, ער דאַרף איבערגעלאָזט ווערן פאַר אזוינע אינטעלעקטן, וואָס קענען בעסער פארשטיין און קענען אונדז געבן מער אינפאָרמאַציע וועגן דעם ענין . . . פונדעסטוועגן איז ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דאָס וויסן וועגן די הימעלשע רעגיאָנען איז געווען אזא קליינער, האָט ער זיך ניט אָפּגעהאַלטן פון צושרייבן פאָלקאָמענהייט און פערפעקציע צו די ספערן. ער האָט דאָס געטאָן דערפאַר, וואָס ער האָט אָנגענומען, אז וויסן שטאַמט ניט פון דער־פאַרונג, כאָטש מען קריגט אן איינדרוק אַז עס שטאַמט פון דערפאַרונג און עס ווערט אפילו טיילווייז פון איר באַשטעטיקט. עס איז דערפאַר וואָס מיר זעען, אַז אין די הימלען קומען פאַר אומענדלעכע ניט ענדערנדע באַוועגונ־גען. אָדער אפילו פון רעגיאָנען, פון וועלכע מען קריגט אינגאַנצן ניט קיין אינפאָרמאַציע, האָט ער זיך ניט צוריקגעהאַלטן פון ארויסצוזאָגן מיינונגען וועגן די רעגיאָנען און וועגן די ברואים, וואָס געפינען זיך אויף די שטערן, וואָס באַזיצן ניט קיין עמאָציעס און זיינען געטלעך." (דאָרטן ז. 217).

פאַר אריסטאָטלס פאַרטיידיקונג דאַרף געזאָגט ווערן, אז ער האָט ניט פאנטאזירט גלאָט אין דער וועלט אריין, ווי פלאַטאָן האָט אויפגעשטעלט א פאנטאסטישע וועלט אין זיין טימייוס; אריסטאָטל האָט ערשטנס גענומען די פאַקטישע באוועגונג פון די הימעלשע קערפּערס אין באַטראַכט. פון זייערע פאַרשיידענע באַוועגונגען האָט ער, לויט יודאָקסעס אסטראָנאָמישע קאָנ־צענטרישע ספערן, אָנגענומען, אז ס'זיינען פאַראַן זעקס און פופציק הימעלשע ספערן (זע סטייס דאָרט ז. 305) און האָט (צווייטנס) זייער שייכות דערקלערט לויט זיין אַלגעמיינעם פאָרמע מאַטעריע אויסגאנגס פונקט.

דער באַוועגלאָזער באַוועגער קומט צום ערשטן; אזוי ווי ער באַשטייט פון ריינער פאָרמע און איז די אַבסאָלוטע פאָלקאָמענהייט, איז אויף קיין אק־טיוון אופן נעמט ער טאָקע ניט קיין אייגנטייל אין דער וועלט: — אליין פאַר זיך גלאָראָפיצירט ער זיך אין זיין אייגענער גליקזעליקייט און טראַכט זיינע אייגענע טראַכטונגען; אָבער זיין אַנוועזנהייט ווירקט, אז מען זאָל שטרעבן צו אים און אויף דעם אומדירעקטן אופן איז ער די נשמה פון דער וועלט . . . ווען מען נעמט אים פאַר דער נשמה זיינען די הימלען, אין באַצוג צו אים, דער קערפּער פון דער וועלט. זיי באַשטייען פונם פינפטן עלעמענט (קווינט עסענץ), פון עפיר און מען דאַרף אָננעמען, אז זיי זיינען ניט אינגאַנצן ריין פון מאַטעריע. זיי זיינען געטלעכע ברואים וואָס שטאַרבן קיינמאָל ניט. זיי, פון דער צווייטער זייט, זיינען די נשמה פון די הימעלשע קערפּערס, וואָס קו־מען נאָך זיי און אזו. וו. ביז מען קומט צו דער ערד מיט אירע פיר עלעמענטן, די אומאָרגאַנישע און אָרגאַנישע וועלט און מיטן מענטשן אויף דעם שפּיץ, וואָס איז די קרוין פון די ערדישע ברואים.

ווען מען גייט צו צו דער ערד און צו אַלץ, וואָס ס'געפינט זיך אויף איר, פונם פאָרמע מאטעריע שטאַנדפּונקט, איז די אומאָרגאנישע מאטעריע

כמעט ריינע מאַטעריע, די פאָרמע אין איר איז נאָר אַן אויסערלעכע, דערפאַר האָט די אומאָרגאַנישע וועלט נאָר אַן אויסערלעכע אַקטיוויטעט (אַריסטאָטל איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אַריינגעפירט די טיילונג צווישן דער אָר־גאַנישער און אומאָרגאַנישער וועלט און ער האָט אויך געשאַפן דעם טערמין אָרגאַניזם אַזוי גוט ווי אַ סך אַנדערע טערמינען). דער צוועק, אַזוי צו זאָגן, פון אומאָרגאַנישע זאַכן געפינט זיך אויסער זיי און זיי "שטרעבן" צו אים (גראַוויטאַציע לויטן מאָדערנעם באַגריף) לויט זייער נאַטירלעכער נייגונג (ערד פאַלט אַראָפּ און פייער "שטרעבט" אַרויפצו און אַז. וו.); די אַקטיוויטעט איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדער זאַך לויט איר "נאַטור" (דאָס איז אַריסטאָטלס דערקלערונג פאַרן גראַוויטאַציע פּראָצעס) און זי "שטרעבט" צו איר "באַ־שטימטן" פּלאַץ לויט איר "נאַטור."

דער אונטערשייד צווישן דער אומאָרגאַנישער און אָרגאַנישער וועלט באַשטייט לויט אַריסטאָטלען, אין דעם, וואָס דער "צוועק" (די סיבה פון אַק־טיוויטעט) געפינט זיך אויסער איר און אין דער אָרגאַנישער וועלט ענטהאַלטן די אָרגאַניזמען דעם "צוועק" אין זיך, די אַקטיוויטעט איז אַן אינערלעכע: — אָרגאַניזמען וואַקסן און ענטוויקלען זיך. זייער פאָרמע געפינט זיך אין זיי און זי איז זייער נשמה און דאָס מיינט שוין, לויט אַריסטאָטלס מיינונג, אַז די אומאָרגאַנישע וועלט איז דער קערפּער פאַר דער אָרגאַנישער נשמה. די נשמה פון פלאַנצן באַשטייט אין דער נאַרונגס פונקציע און רעפּראָדוקציע אום אָנ־צוהאַלטן די אייביקע עקזיסטענץ פונם מין: — יחידים שטאַרבן, מינים אָבער שטאַרבן קיינמאָל ניט, זיי לעבן אייביק. דער יחיד לעבט דורך זיין מין. ער זאָגט "ס'איז נאַטירלעך פאַר לעבעדיקע מינים צו רעפּראָדוצירן זייער איי־גענעם מין. פלאַנצן רעפּראָדוצירן פלאַנצן און חיות רעפּראָדוצירן חיות אום זיי זאָלן קענען איינטייל נעמען אין דעם לעבן אויף אַזויפיל ווי ס'איז מעגלעך פאַר זיי. דאָס איז דער צוועק פון אַלע וואָס עקזיסטירן און פאַר דעם צוועק טוען זיי אַלץ, וואָס ס'איז נאַטירלעך פאַר זיי צו טאָן. מיר מוזן אונטערשיידן צווישן דעם צוועק, צו וועלכן זיי שטרעבן און צווישן דעם, וואָס יעדע עקזיס־טענץ, ווי אַ יחיד, קען רעאַליזירן. לעבעדיקע וועזנס קענען ניט איינטייל נע־מען אינם געטלעכן און אייביקן דורך זייער אינדיווידועלער עקזיסטענץ: — עס איז אוממעגלעך פאַר אַ נאַטור, וואָס לעבט אַ קורצע צייט און פאַר־שווינדט, צו אָנהאַלטן איר אידענטיטעט און אינדיווידואַליטעט — נעמען די מינים איינטייל אין דעם געטלעכן און אין דעם אייביקן אויף אַן אופן, ווי ס'איז פאַר זיי מעגלעך. זיי האַלטן ניט אָן קיין אייביקע עקזיסטענץ אין זייער אייגענעם אינדיווידועלן לעבן, נאָר אין דער איינהייטלעכקייט פון זיי־ער מין." (דאָרטן ז. 414).

ווען מען רעדט געוויינטלעך וועגן פאָרלויפער פונם עוואָלוציע באַ־גריף, רעכנט מען אַריסטאָטלען פאַר איינעם פון די ערשטע פאָרלויפער, וואָס האָט געדענקט אין עוואָלוציע טערמינען. פון דעם נאָר וואָס ציטירטן קען מען זען, אַז ער האָט געהאַט אַ באַגריף וועגן גראַדאַציעס אין דער נאַטור, ווי שטאַפּלען אין אַ לייטער; וואָס גענומען פון אונטן אַרויף איז יעדער ווייַ־טערדיקער שטאַפּל העכער פון דעם פריערדיקן און ווען מען נעמט זיי צוזאַמען האָט מען אַן אַרויפשטייגנדע ליניע. די שטאַפּלען אָבער גופא בלייבן יעדער איינער אויף זיין פּלאַץ און שטייגט ניט העכער. דאָס איז דער קעגנזאַץ פון

עוואָלוציע לויט דעם מאָדערנעם באגריף: — אריסטאָטלס וועלט איז ווי א גאנצע פון אייביק ביז אייביק די זעלבע, כאָטש אין איר קומט פאָר באוועגונג און יחידים קומען און פארשווינדען, קיין עוואָלוציע קומט אין איר ניט פאָר.

חיות געפינען זיך אויף א העכערן שטאַפּל פון אָרגאנישן לעבן פון פלאַנצן מיט דעם, וואָס זיי באַזיצן סענסאַציעס און זיי רעאַגירן אויף סטימולן. מיט סענסאַציעס קומען די איינדרוקן פון פארגעניגן און ווייטיקן און חיות זוכן פארגעניגן און מיידן אויס ווייטיקן. אזוי ווי יעדער העכערער מין ענט־האַלט אין זיך אַלץ, וואָס דער נידעריקערער מין און עפּעס מער פון אים, איז דער עפּעס זיין נשמה און דאָס וואָס איז אין אים פון דעם פריעריקערן מין דינט אים פארן קערפּער. דאָס מיינט, אז די נשמה פון א נידעריקן מין איז דער קערפּער פונם העכערן מין און אז. וו. אזוי ווי דער מענטש איז דער העכסטער מין אויף דער ערד, ענטהאַלט ער אין זיך אַלץ, וואָס נידעריקערע מינים באַזיצן און ער האָט אויך שכל אָדער א פעאיקייט צו דענקען. דאָס איז אַ ספּעציעלע מענטשלעכע פעאיקייט — זיין נשמה באַזיצט נארונגס פעאיקייט, געפיל פעאיקייט און פעאיקייט צו דענקען. אין אים מאַניפעסטירט זיך דער וועלט שכל.

אריסטאָטל איז דער אַלגעמיין אנערקענטער שאַפער פון דער ביאָלאָ־גישער וויסנשאפט און פון דער לאָגיק; מען האָט אויך א רעכט אים צו אָנ־נעמען פארן שאַפער פון פּסיכאָלאָגיע, כאָטש קיין ספּעציעלן בוך, ווי ער האָט וועגן עטיק, פּאָליטיק און רעטאָריק, האָט ער וועגן פּסיכאָלאָגיע ניט. אָבער פון דעם וואָס ער האָט געשריבן אין פארשיידענע פלעצער וועגן פּסיכאָלאָ־גיע האָט א. גריפין אָנגעשריבן אַ גאנצן בוך וועגן אריסטאָטלס פּסיכאָלאָגיע. ווען מען לייענט איבער דעם בוך, זעט מען, אז אריסטאָטל האָט פארשטאַנען פּסיכאָלאָגיע; ער הויבט אָן פון דעם וואָס ס'איז ענלעך אינם מענטשן מיט חיות אָבער, אויסער סענסאַציעס, וואָס מענטשן באַזיצן צוזאמען מיט חיות, באַזיצן זיי אָן אַלגעמיינעם, אָדער א פאַראייניגונגס סענס, וועלכער מאַכט זיי מעגלעך צו פאָרמירן אַלגעמיינע באַגריפן. העכער פון דעם אַלגעמיינעם סענס קומט די פעאיקייט פאַר פאָרשטעלונג, זכרון איז א העכערע שטופע; ריקאָ־לעקציע איז נאָך העכער. דאָס העכסטע אָבער אין דעם מענטשן איז זיין אַק־טיווער שכל, וואָס שטאַמט פון גאָט. אַלע אייגנשאַפטן, וואָס דער מענטש באַ־זיצט, שטאַרבן מיט אים, אויסער זיין אַקטיוון שכל; ער שטאַרבט קיינמאָל ניט; ער קערט זיך אום צום פלאַץ, פון וועלכן ער איז געקומען צום מענטשן, צו גאָט: — דער וועלט שכל שטאַרבט קיינמאָל ניט . . .

דאָס פירט צו דער פראַגע: צי אריסטאָטל האָט געגלויבט אין אומ־שטערבלעכקייט פון דער מענטשלעכער נשמה? ער אַליין זאָגט גאָרניט וועגן דעם; זיין דענקען אָבער שליסט פאַלשטענדיק אויס אזא גלויבן. דער יחיד שטאַרבט פאַלשטענדיק און דאָס אוניווערסאַלע, דער אזוי אָנגערופענער אַק־טיווער שכל, איז א טייל פונם אבסאָלוטן אוניווערסאַל (גאָט). וואָס האָט ניט קיין אינדיווידועלעס אין זיך און האָט ניט קיין באַציאונג ניט מיט דער וועלט און ניט מיטן מענטשן. זאָגט סטייס: "דאָס איינציקע וואָס מיר קענען זאָגן איז, אז זיין אַלגעמיינע דאָקטרין ענטהאַלט אין זיך ניט קיין זאַך וואָס זאָל קענען שטיצן דעם גלויבן אין פערזענלעכער אומשטערבלעכקייט. זי שליסט

איס אומשטערבלעכקייט דערמיט, וואָס זי לייקנט, אז זכרון ווערט אָנ־געהאַלטן . . . די באהויפּטונג, אז דער אקטיווער שכל איז אומשטערבלעך, ער קומט פון גאָט און קערט זיך צוריק אום צו גאָט, מיינט פּשוט, אז דער וועלט שכל איז אייביק און אז דער מענטשלעכער שכל ווערט אקטיוויזירט פונם אייביקן שכל און אין אָט דעם זינען קומט ער פון גאָט און קערט זיך אום צוריק צו אים." (דאָרט ז. 303. דאָ ווערט אָנגענומען סטייסעס אינטער־פּרעטאַציע און ניט דעם רמב"ם'ס...)

פון דער פראגע וועגן דער אומשטערבלעכקייט פון דער מענטשלע־כער נשמה קען מען דירעקט איבערגיין צו זיין עטיק, וואָס אומדירעקט באַ־שטעטיקט זי אַז ער האָט ניט געגלויבט אין אומשטערבלעכקייט. זיין עטיק איז א ריין סאָציאַלע לערע (אויף די גריכישע געטער האָט זי געוויס ניט געקענט באזירט ווערן: — זיי זיינען ניט געווען עטיש. . . .) ער זאָגט: "טוגענד און אַנשטענדיקייט שטאַמען פון צוויי באַזונדערע קוואַלן: טיילווייז שטאַמען זיי פון אַ גאַנץ ריינעם אינטעלעקטועלן קוואַל און טיילווייז פון אַ מ אָ ־ ר אַ ל י ש ן קוואַל. אינטעלעקטועלע ווערטן זיינען אנטשטאַנען און ווערן פארשפּרייט הויפּטזעכלעך דורך לערנען. דאָס פאָדערט דערפארונג און צייט. מאָראַלע ווערטן, פון דער צווייטער זייט, שטאַמען פון געוואוינהייט. פון דעם איז קלאָר, אז טוגנד ווערט אין אונדז ניט איינגעפלאנצט פון דער נאַטור: — נאַטור געזעצן קענען ניט געענדערט ווערן דורך דער צייט אָדער פּלאַץ. אַ שטיין פאַלט צו דער ערד, מען קען אים ניט געוואוינען צו פאַלן צום הימל, ווען אפילו מען זאָל אים וואַרפן טויזנט מאָל אין דער לופטן, וועט ער אַלץ פאַלן צוריק צו דער ערד. פלאַמען פון פייער קען מען, פארקערט, ניט גע־וואוינען זיי זאָלן פאַלן צו דער ערד. אזוי איז מיט יעדן נאַטור־געזעץ. עס איז ניט פון דער נאַטור און ניט קעגן דער נאַטור, וואָס מאָראַלע געזעצן ווערן איינגעפלאַנצט אין אונדז. די נאַטור גיט אונדז נאָר די פעאיקייט צו אויפ־נעמען מאָראַלע באַגריפן, די דאָזיקע פעאיקייט ווערט אין אונדז פארפאָל־קאָמט דורך געוואוינהייט." (זע "די עטיק אָוו אריסטאָטל" ז. 24).

דאָס איז דער צענטראַלער געדאַנק פון אריסטאָטלס עטיק: — זי איז א סאָציאַל אינטעלעקטועלע לערע און איז א פּראָדוקט פון געוואוינהייט . . . מען זאָל ניט מאַכן קיין טעות און פאָרט דענקען, אז עטיק איז אן איינגע־בוירענע אייגנשאַפט, זאָגט ער ווייטער "די סיבות און וועגן, דורך וועלכע טוגנד ווערט אריינגעבראַכט און דורך וועלכע זי ווערט צושטערט, זיינען די זעלבע, ווי עס איז מיט יעדער קונסט: גוטע און שלעכטע שפּילער אויף א האַרף, ווערן געמאַכט דורך דעם אַקטועלן שפּילן אויף א האַרף. דאָס זעלבע איז מיט בויער און מיט יעדער אַנדער מלאכה: — מען לערנט זי זיך אויס דורך ארבעט. ווען עס זאָל ניט זיין אזוי, וואָלט מען זיך ניט געדאַרפט לערנען קיין מלאכה: מען וואָלט געבוירן געוואָרן א פארטיקער בעל מלאכה. מיט טוגנד איז אויך דאָס זעלבע: — דורך אקטועלער פארהעלטעניש צווישן מענטשן אנטוויקלען מיר א גערעכטע און אומגערעכטע נייגונג ווי צו האנד־לען." (דאָרטן ז. 25).

דאָס באַשטעטיקט, אז ער האָט געקוקט אויף טוגנד פון דעם ריין סאָציאַל אינטעלעקטועלן שטאַנדפּונקט: — מאָראַלע באגריפן דאַרף מען זיך לערנען, ווי מען דאַרף זיך לערנען יעדער איין מלאכה. און ווייטער "אונדזער

איצטיקער געגנשטאנד איז ניט ווי אַלע אנדערע א ריין ספּעקולאַטיווער, אונדזער אבזיכט איז ניט נאָר צו וויסן אין וואָס טוגנד באַשטייט, נאָר מיר אַליין זאָלן ווערן מאָראַליש. דאָס איז דער איינציקער בענעפיט וואָס ליגנט אין דער לערע. דערפאַר איז נויטיק מיר זאָלן באַטראַכטן דעם ריכטיקן אופן ווי צו האַנדלען. דערפאַר וואָס אונדזערע האנדלונגען באַשטימען דעם כאראקטער פון דעם מאָראַלן צושטאַנד. מיר דארפן האנדלען לויט א ריכטיקן אורטייל און עס זאָל זיין אין איינקלאַנג מיט אַן אַלגעמיינעם פּרינציפּ, וואָס קען אין דער פאַרבינדונג אָנגענומען ווערן פאַר זעלבסט פאַרשטענדלעך.״ (דאָרט. ז. 26).

דער גאַנצער בוך באַשטייט פון דערקלערונגען פון דעם, וואָס ער רופט אָן זעלבסט פאַרשטענדלעך און וואָס ווערט דיקטירט פון שכל הישר. דאָס זעלבסט פאַרשטענדלעכע באַשטייט אין נאָכצופאָלגן די גאָלדענע מיט און אויסמיידן פאַרשיידענע עקסטרעמען.

פונם פּראַקטישן שטאַנדפּונקט קען מען קיין זאַך ניט אויסזעצן קעגן אריסטאָטלס מאָראַל; טראַכט מען זיך אָבער אין איר אריין, זעט מען, אַז אין איר פעלט דער מאָראַלער מאָטיוו . . . עס גלויבט זיך ניט, עס איז אָבער א פאַקט, אז ניט נאָר פעלט דער ריין מאָראַלער מאָטיוו ביי אריסטאָטלען, נאָר עס זעט אויס ווי א פּאַראַדאָקס; פּאַקטיש פעלט ער אפילו אויך ביי סאָקראַטן, וואָס האָט זיין גאַנצן לעבן געקעמפט פאַר מאָראַלע ווערטן און האָט זיך גע־אָפּערט פאַר זיי . . . זיין מאָראַל איז באַזירט געוואָרן אויף אינטעלעקטואַ־ליזם און ניט אויף קיין מאָראַלן ווילן . . . פאַר א באַווייז, אַז אים האָט גע־פעלט דער ריין מאָראַלער מאָטיוו, ברענגט מען דעם פאַקט, וואָס אין די לעצ־טע מאָמענטן פון זיין לעבן האָט ער שנעל אַרויסגע׳פּטרט זיין ווייַנענדע ווייב, און האָט זיך ניט געקימערט וועגן זיינע קינדער, וואָס וועלן בלייבן יתומים און האָט דיסקוטירט מיט זיינע פריינט וועגן בעסערע געטער און פּיליכט אויך בעסערע מענטשן, וועלכע ער וועט באַגעגענען אין דער אידייען וועלט . . . אַ טיף מאָראַליש פילענדער מענטש, קען מען זיך נישט פאָרשטעלן, זאָל אזוי האַנדלען.

מען נעמט אָן, אַז די גריכן זיינען געווען צופיל אינטעלעקטועל אריס־טאָקראַטיש און צו ווייניק עטיש, אַז זיי זאָלן געווען באהערשט ווערן פון עטישע געפילן . . . האָט דאָך אריסטאָטל געזאָגט, אַז אזוי ווי די גריכן באַ־לאַנגען צו א ״נאָבעלער ראַסע״, נאָר זיי אַליין זיינען פעאיק צו פילאָזאָפירן, דאַרפן די אַנדערע פעלקער, די ״באַרבאַרן״, זיין זייערע שקלאַפן און טאָן פיזישע ארבעט פאַר זיי אום זיי זאָלן האָבן צייט צו פילאָזאָפירן . . . אזוי רעדט ניט קיין מאָראַליש פילנדער מענטש.

מיט די פאָר באַמערקונגען ווערט ניט געמיינט צו מאַכן דעם איינדרוק, אַז די גריכן זיינען געווען אמאָראַליש. פאַרשטייט זיך, אַז ניט; עס איז א ווי־דערשפּרוך צו סאָקראַטס לעבנס אקטיוויטעט און זיין אָפּערן זיך פאַר מאָ־ראַלע פּרינציפּן; עס איז א ווידערשפּרוך צו פּלאַטאָנס העכסטער אידייע גוט, צו אַריסטאָטלס בוך וועגן מאָראַל און צו דער מענטשלעכער נאַטור אין אַלגע־מיין. עס מיינט נאָר אַז די גריכן זיינען געווען גרויסע אינטעלעקטואַליסטן און קליינע מאָראַליסטן . . .

מיט דעם וועט פאַרענדיקט ווערן די אָפּהאַנדלונג וועגן אריסטאָטלען;

די ענדע וועט געמאַכט ווערן מיט עטלעכע מיינונגען וועגן זיין ווירקונג. זאָגט שז. פּ. מאהאפי "עס האָט קיינמאָל ניט געלעבט קיין איין מענטש, וואָס האָט געהאַט אַ גרעסערע ווירקונג דורך פאַרשפּרייטן וויסן אין זיין דור און דורות, וואָס זיינען געקומען נאָך אים (ווי אריסטאָטל האָט געהאַט) . . . פאַר אַ באַוויז ווי גרויס זיין ווירקונג איז געווען קען געבראַכט ווערן דער פאַקט, וואָס ער האָט מער געשטערט דעם פּראָצעס פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג, ווי וועלכער עס איז מענטש אויף דער וועלט. ער האָט געשטערט דעם וויסנשאַפטלעכן פּראָצעס דערמיט, וואָס ער האָט געבונדן די הענט פון געלערנטע מענטשן פון דער מיטלאַלטער, וועלכע האָבן אויף אַן אָבערגלויבישן אופן פאַרגעטערט זיינע ווערטער. זיינע מיינונגען זיינען אויף אַזויפיל אָנגענומען געוואָרן, ווי זיי זאָלן געווען באַשטיין פון אַ דירעקטער געטלעכער אַנטפּלעקונג. אינם דרייצענטן יאָרהונדערט איז ער כמעט ווי קאַנאַניזירט געוואָרן ווי אַ הייליקער פון דעם קאַטוילישן קלויסטער" (זע "איי סורוויי אָוו גריק סיווילייזיישאָן" ז. 204).

לאַנגדען דייוויעס זאָגט: "קיין איין מענטש האָט קיינמאָל ניט באַאיינפלוסט די וועלט אויף אַ גראַד, וואָס זאָל אין וועלכן עס איז הינזיכט זיך קענען פאַרגלייכן מיט אריסטאָטלס ווירקונג . . . ער איז געווען דער, ווע־מענס וויסן וועגן דער וועלט האָט באַשטימט דער מענטשהייטס עמאַציאָנעלע באַציאונגען צום לעבן פאַר הונדערטער יאָרן.

כאָטש איצט זיינען ניטאָ קיין פאָלשטענדיקע אריסטאָטעליאַנער, איז פונדעסטוועגן ניטאָ קיין איין פונקט אינם דענקען פון דעם מאָדערנעם מענטשן, וואָס זאָל ניט זיין באַפאַרבט פון זיין איינפלוס. ווען אריסטאָטלס אַרט דענקען וואָלט ניט געווען אריינגעבראַכט געוואָרן אין דער וועלט, וואָלטן אַלע מענטשן געהאַט אַנדערע באַגריפן וועגן גאָט און וועגן עקזיסטענץ אינם אוניווערס אין אַלגעמיין . . . דורך אַ מאָדנעם צופאַל האָט אַ רעליגיע, וואָס איז אויסגעוואַקסן ארום דעם פּערזאָן ישו פון נאַזאַרעט, און וועלכע איז געפּעלן געוואָרן דער גרעסטער מיליטערישער מאַכט אין דער וועלט, דער רוימישער אימפּעריע, פּאַקטיש אָנגענומען דאָס וויכטיגסטע, וואָס אריסטאָטל האָט געזאָגט, פאַר אַ געטלעכער אַנטפּלעקונג אויף אַזויפיל, אַז אַ גרויסער טייל פון דעם גלויבן, וואָס אָרטאָדאָקסישע קריסטן האָבן געהאַלטן און האַלטן אויך איצט פאַר דער קריסטלעכער לערע, איז פּאַקטיש אַ רעזולטאַט פון דער פּסיכישער אויבערהערשאַפט פונם פּאַגאַניסטישן גריכישן פילאָזאָף. אין קורצן, דער "מיטל־אַלטערלעכער דענקען", וואָס שליסט אין זיך איין דאָס בעסטע פון דער מענטשהייט פאַר איבער טויזנט יאָר, איז געווען הויפּטזעכלעך אריס־טאָטעליאַניש. געוויס איז עס געווען מער אריסטאָטעליאַניש, ווי קריסטלעך" (זע "די מען ענד היז אוניווערס" זז. ", 49).

איצט וועט געגעבן ווערן די מיינונג וועגן די גריכן אין אַלגעמיין פון אַ מאָדערנעם וויסנשאַפטלער. זאָגט ד'אַברו "איך בין זיכער, אַז די גריכן האָבן פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון עקספּערימענטן, זיי האָבן עס אָבער ניט געוואָלט אנערקענען. אום צו עקספּערימענטירן דאַרף מען ניט נאָר זיין אינ־טעליגענט, נאָר מען דאַרף אויך באַזיצן אַנדערע אייגנשאַפטן, ווי כאַראַק־טער, אויפריכטיקייט און מען דאַרף זיין באַשיידן. עס פאָדערט זיך כאַ־ראַקטער צו קענען זוכן דעם אמת, ווען מען איז אפילו אונטערן איינדרוק, אַז

דאָס, וואָס מען וועט אויסגעפינען וועט ניט זיין דאָס, וואָס מען דערוואַרטעט. עס פאָדערט זיך אויפריכטיקייט צו קענען אנערקענען אַן אמת, ווען ער ווי־דערשפּרעכט דאָס, וואָס מען האָט פאַרטיידיקט. איבערהויפּט פאָדערט זיך צו זיין באַשיידן און צוגעבן, אַז מיט דער אייגענער פאַנטאַזיע קען מען ניט דער־גרייכן קיין אמת'ן, נאָר מען דאַרף עקספּערימענטירן. עקספּערימענטן זיי־נען שטענדיק געווען א קללה פאַרן עגאָאיסט: ניט נאָר ווייל עס מיינט פיזישע אַרבעט, נאָר הויפּטזעכלעך דערפאַר, וואָס זיי פאַרוואַנדלען דעם מענטשן אין א געהאָרכזאַמען פאָרשער פון דער נאַטור, אנשטאט זיך באַטראַכטן פאַרן האַר פונם גאַנצן באַשאַף.

די אייגנשאַפטן: אויפריכטיקייט, באַשיידנהייט און קוראַזש, האָבן, ווי עס זעט אויס, די גריכן ניט באַזעסן. דאָס וואָס זיי האָט געפעלט די דאָזיקע אייגנשאַפטן, האָט זיי געשטערט צו קענען שאַפן א וויסנשאַפט . . . פּלאַטאָנען קען מען אינגאַנצן אויסלאָזן; ער איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער מיסטיקער, וואָס האָט געזוכט דעם אמת אין זיין אייגענער נשמה. פון אונדזער שטאַנד־פּונקט זיינען אריסטאָטלס שאַפונגען מער אינטערעסאַנט. ער האָט גרויסע פאַרדינסטן אַלס דער שאַפער פון דער לאָגיק; ער איז אָבער אויך געווען א פאָרשער פון נאַטור דערשיינונגען און דאָס איז דער פעלד, אין וועלכן מיר זיינען פאַראינטערעסירט . . . ער זאָגט, אַז א וואַקסענדע פלאַנץ פאַרגרעסערט זיך אויף דעם חשבון פון דער ערד, וואָס זי ציט אין זיך אריין. ער האָט זיך אָבער קיינמאָל ניט גענומען די מי צו איבערוועגן די ערד פון א וואַזאָנע אום צו זען צי דאָס וואָס ער זאָגט איז אמת, אָדער ניט. וואָלט ער דאָס געווען געטאָן, וואָלט ער אויסגעפונען, אַז די וואָג פון דער ערד אין טאָפּ פאַרגרע־סערט זיך גלייכצייטיק מיט דער וואַקסענדער פלאַנץ . . .

ער זאָגט, אַז א פרוי האָט ווייניקער ציין פון א מאַן. דאָס איז א באַוויז, אַז ער האָט קיינמאָל ניט געציילט זייערע ציין אין מויל; ווען ער וואָלט עס געווען געטאָן, וואָלט ער ניט געקאָנט מאַכן אַזא טעות. ער זאָגט, ווען מען וואַרפט א שטיין אין דער הויך לעבן דער מאַסט פון א באַוועגענדער שיף, וועט דער שטיין צוריק אַראָפּפאַלן הינטער דער מאַסט. דאָס איז א באַוויז, אַז ער האָט עס קיינמאָל ניט געטאָן, ווייל וואָלט ער דאָס געווען געטאָן, וואָלט ער גלייך געווען אויסגעפונען דעם טעות . . . און אז. וו. און אז. וו. דערפאַר איז גרעגערי מאַנדלס איינציקער עקספּערימענט מיט פלאַנצן א סך וויכטי־קער פון אריסטאָטלס גאַנצער "וויסנשאַפט" . . .

עס איז ווירקלעך ניט פאַרשטענדלעך פאַרוואָס אריסטאָטל האָט גע־מאַכט אַזויפיל פאַלשע באַהויפּטונגען, ווען מען האָט אַזוי לייכט געקענט אויס־געפינען די טעות'ן . . . און כאָטש ס'וואָלט זיך ניט געוואָלט אָננעמען ד'אַב־רוס מיינונג וועגן די גריכן, מוז מען צושטימען, אַז זיי זיינען געווען לייכט־זיניק, ווען זיי האָבן געקענט מאַכן באַהויפּטונגען אין די הונדערטער (אַריס־טאָטל) און האָבן קיין איין מאָל ניט פּרובירט זען צי דאָס וואָס זיי זאָגן איז אמת אָדער ניט . . .

ווען מען רעדט וועגן אריסטאָטלס שעדלעכער ווירקונג אויף דער וועלט, איז ווי גרויס עס איז געווען די צאָל פון זיינע טעות'ן און ווי באַדיי־טענד זיי זיינען געווען, זיינען זיי ניט דער עיקר פון זיין שעדלעכער ווירקונג; דער עיקר איז געווען זיין פאַלשער אויסגאַנגס פּונקט לויט וועלכן ער האָט

געשאַפן א פילאָזאָפיע און א "ווּיסנשאפט" פארטיק און פיקסירט פאר דער מענטשהייט פון אייביק ביז אייביק . . . זיין שעדלעכע ווירקונג איז, ווי וויטהאם זאָגט, באַשטאַנען אין דעם, "וואָס ער האָט אָנגענומען פלאַטאָנס לערע, אז זאכן באוועגן זיך לויט אן אינסטינקט, וואָס פירט זיי צו זוכן זייער נאטירלעכן רו־פלאץ. די לערע, אז זאכן פאר זיך זיינען שווער, אָדער לייכט, וואָס איז צוזאמען מיט זיין פילאָזאָפיע אָנגענומען געוואָרן פון די טעאָלאָגן פון דער מיטלאַלטער, האָט ווי א טויטע האנט צוריקגעהאלטן דעם פאָרטשריט פון דער וויסנשאפט ביז גאלילייע האָט אים איגנאָרירט און האָט זיך גענומען צו עקספערימענטירן." ("היסטאָריע אָוו סייענס" ז. 35).

אריסטאָטלס טעות איז באשטאַנען טיילוויז אין זיין פילאָזאָפיע; איב־גאנצן אין זיין "וויסנשאפט."

# קאפיטל 11

## די איבערגאַנגס צייט (עפּיקורעאניזם)

דעמאקריט האָט געזאָגט: "ס'איז ניטאָ קיין אנדער זאך אויף דער וועלט, אויסער אטאמען און זיי באוועגן זיך אין א ליידיקן רוים."

דער אויסצוג באלאנגט ניט נאָר סימבאָליש צום פּעריאָד, וואָס ווערט איצט באטראכט, נאָר אין א געוויסען זינען באלאנגט ער אויך פאקטיש צו דעם פּעריאָד; ערשט אין דעם פּעריאָד האָט דער מאַטעריאליזם געפונען נאָכפאָל־גער . . . דערפאר טאַקע איז די מאַטעריאליסטישע פילאָזאָפיע ניט באַטראַכט געוואָרן לויט דער צייט ווען אירע שאפער האָבן געלעבט, ווייל ניט זיי האָבן אויף איר געווירקט און ניט זיי האָבן געלאָזט דירעקטע יורשים נאָך זיך.

פּלאטאן דערמאָנט אינגאנצן ניט דעם מאטעריאליזם און אריסטאָטל דערמאָנט דעמאָקריטן עטלעכע מאָל נאָר אום צו דערקלערן פאר וואָס ער נעמט ניט אָן זיין שטאַנדפונקט און ווי ס'איז פריער באמערקט געוואָרן, איז גראד דעמאקריט געוועזן גערעכט און ניט ער . . . ערשט מיט צוויי הונדערט יאָר שפּעטער האָט זיך עפיקור דערמאָנט אינם מאַטעריאליזם און האָט זיך גענומען אים צו פארטיידיקן. ווען ער איצט באַטראַכט ווערן. אָבער פריער ווען געמאכט ווערן עטלעכע אלגעמיינע באמערקונגען.

פון פּלאטאנען און אריסטאָטלען זיינען געבליבן צוויי פילאָזאָפישע סיסטעמען, וואָס כאָטש זיי האָבן געהאט איין אויסגאנגס פּונקט און זיי זיינען געלאָפן אין דער זעלבער ריכטונג, זיינען זיי זיך אזוי ווייט צוגאנגען, אז זיי זיינען געוואָרן קעגנערישע סיסטעמען . . . צו זיין פּינקטלעך קען מען אייגנט־לעך ניט זאָגן, אז די סיסטעמען גופא זיינען געווען קעגנעריש איינער קעגן דעם צווייטן, נאָר די צוויי דענקער, פּלאטאן און אריסטאָטל, זיינען געווען אזוי פארשיידן, אז זיי האָבן די זעלבע פאקטן אינטערפּרעטירט פארשיידן און דער רעזולטאט איז געווען, אז די צוויי סיסטעמען זיינען געוואָרן קעגנעריש איינער צום צווייטן . . .

פּלאטאן איז געווען א מיסטיקער און א פּאָעט מיט א רייכער פאנטאזיע, האָט ער גענומען פאקטן און האָט פון זיי אויסגעדיכטעט א פאנטאסטישע אידייען וועלט און האָט מיט דער הילף פון דער אידייען וועלט אָפּגעלייקענט די רעאליטעט פון וועלכער ער האָט געשאפן די אידייען וועלט . . . אריסטאָטל, פון דער צווייטער זייט, איז געווען א קאלטער און געלאסענער דענקער, האָט ער גענומען די זעלבע פאקטן און האָט פון זיי פאָרמירט א פילאָזאָפישן סיס־

טעם, וואָס האָט געשטימט מיט די פאַקטן. אזוי האָט דער זעלבער אָנהויב און די זעלבע פאַקטן, געפירט צו צוויי קעגנערישע פילאָזאָפישע סיסטעמען.

פלאַטאָן און אריסטאָטל האָבן געשאַפן צוויי באַזונדערע פילאָזאָפישע אינסטיטוציעס אין וועלכע זיי האָבן דערקלערט זייערע פילאָזאָפיעס: פלאַטאָן האָט געשאַפן די אקאַדעמיע און אריסטאָטל האָט געשאַפן דעם ליצייאום. פלאַטאָנס אקאַדעמיע האָט עקזיסטירט גאַנצע ניין הונדערט יאָר און אריסטאָטלס ליצייאום האָט עקזיסטירט העכער פיר הונדערט יאָר און מערקווירדיק, ניט איינע פון די צוויי אינסטיטוציעס האָט פאַר דער גאַנצער לאַנגער צייט ארויסגעגעבן קיין איין ערשט־קלאַסישן דענקער, וועמענס נאָמען זאָל זיין באַקאַנט און וועמען מען זאָל ווען עס איז דערמאָנען. אויבן אויף קוקט עס אויס מאָדנע, עס קאָן אָבער לייכט דערקלערט ווערן. די ערשטע און דירעקטע סיבה איז געווען, וואָס ביידע דענקער האָבן געשאַפן גאַנצע סיסטעמען, איז ווען מען נעמט אָן די סיסטעמען פאַר אן אויסגאַנגס פונקט, בלייבט ניט קיין אַנדער זאַך צו טאָן, ווי צו אונטערפּרעטירן די סיסטעמען. די ערשטע איבטערפרעטירער זיינען געווען די לערער אליין. די וואָס זיינען געקומען נאָך זיי האָבן שוין געהאַט א פּאַרטיקע טראַדיציע צו אינטערפרעטירן די סיסטעמען. און ווי באַוואוסט זיינען קאָמענטירער זעלטן אליין שעפעריש. איבערהויפּט איז פאַר קאָמענטירער געווען שווער צו זיין שעפעריש אין א צייט, ווען צו אָננעמען די אויטאָריטעט פונם רבי'ן איז געווען נאַטירלעך, ווייל מען האָט געקוקט אויף צוריק און מען האָט אָנגענומען, אז די פאַרגאַנגענע דורות האָבן געוואוסט מער ווי מען ווייס איצט.

די צווייטע, די אומדירעקטע סיבה, איז, מעגלעך, געווען אסך א וויכטיקערע פון דער ערשטער. זי איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די גריכישע באַדינגונגען האָבן זיך געענדערט נאָך אריסטאָטלען. די גריכן האָבן פאַרלאָרן זייער פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט און אטען איז געוואָרן אן אָפענע שטאָט. אַ סך גריכן האָבן זיך צושפּרייט איבער דער אימפּעריע און אין אטען איז אריינגעקומען א פרעמדער עלעמענט. אין א קורצער צייט איז אפילו דער הויפּט קולטור צענטער איבערגעטראָגן געוואָרן קיין אלעקסאַנדריע אין מצרים.

ווען די גריכישע שטאַט־רעפּובליקן זיינען צושטערט געוואָרן, איז דער איינגעפונדעוועטער שטייגער לעבן מיט די אָנגענומענע טראַדיציעס און מנהגים, אויפגעלייזט געוואָרן. דאָס האָט געפירט צו דעם, אז די דענקער זאָלן זיך מער פאַרטראַכטן וועגן דעם זין פון מענטשלעכן לעבן און וויניקער זיך אינטערעסירן מיט אבסטראַקטע מעטאַפיזישע פּראָבלעמען. און אזוי ווי פאַר די גריכן איז דער אינטערעס פון שטייגער לעבן געווען מער אן אלגעמיין קולטורעלער, ווי אריין רעליגיעזער, זיינען די דענקער געווען די פאָרמירער פון א נייעם שטייגער לעבן. דאָס, דאַרף מען אָננעמען, איז געווען די הויפּט סיבה פאַרוואָס עפּיקורעאַניזם און סטויעציזם זיינען געוואָרן די הערשנדע פילאָזאָפיעס און די אקאַדעמיע און דער ליצייאום האָבן פאַרלאָרן זייער באַדייטונג.

מעגלעך, אז ס'איז דערפאַר וואָס דער הויפּט אינטערעס פון די גרינדער פון די צוויי שולן איז געווען צו געפינען א זין אין לעבן מיט דער הילף פון פילאָזאָפיע און ניט גלאַט צו פילאָזאָפירן, זיינען זיי ניט געווען קיין

אָריגענאַלע דענקער, נאָר אויסטייטשער פון עקזיסטירענדע פילאָזאָפישע באַגריפן: — זיי האָבן ניט געזוכט קיין אַלגעמיינע נייע אידייעס, זיי האָבן געזוכט א זין אין לעבן מיט דער הילף פון די עקזיסטירענדע פונדאַמענטאַלע אידייעס.

דאָס, איז מען בארעכטיקט צו אָננעמען, דערקלערט פארוואָס עפּיקור האָט זיך געווענדעט צו דעמאָקריטס מאַטעריאַליזם און האָט אים גענומען פאַרן פונדאַמענט פאַר זיין בנין, וואָס האָט געדאַרפט גיבן א זין אין לעבן.

איידער דער עפּיקורעאַניזם קען באַטראַכט ווערן, איז נויטיק זיך צו באַקאַנען מיטן מאַטעריאַליזם פונם פינפטן יאָרהונדערט, וועמענס שאַפער ס'איז געווען לוסיפּוס, וועגן וועמען מען ווייס כמעט קיין זאַך ניט, מען ווייסט אָבער, אז ער איז געווען דעמאָקריטס רבי.

דער תלמיד האָט אויף אַזויפיל אריבערגעיאָגט דעם רבי'ן, אז מען האָט אינגאנצן פארגעסן אינם רבי'ן און ווען מען רעדט איצט וועגן דער מאַטעריאַליסטישער פילאָזאָפיע, האָט מען אין זינען דעמאָקריטן. פאַרשטייט זיך, אַז די באַמערקונגען וועגן דער מאַטעריאַליסטישער פילאָזאָפיע וועלן געמאַכט ווערן לויט דעמאָקריטן. אָבער אויך פון זיינע ווערק זיינען בלויז פארבליבן פראגמענטן, זיין פילאָזאָפיע ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון די פראגמענטן צוזאַמען מיט דעם, וואָס מען געפינט ביי אנדערע וועגן אים, ספּעציעל ביי אריסטאָטלען, וואָס ציטירט אים עטלעכע מאָל.

ווי אַלע גריכישע דענקער, איז ער געווען א מעטאַפיזיקער און אַן אינטעלעקטואַליסט, וואָס האָט זיך פאַרלאָזט מער אויפן שכל, ווי אויף די חושים. פונדעסטוועגן איז ער געווען געגוג רעאַליסט און אויך געגוג עמפּיריקער, ער זאָל אָננעמען פאַר ריכטיק די אינפאָרמאַציע, וואָס מען קריגט פון דער זינלעכער דערפאַרונג. ער האָט, נאַטירלעך, איינגעזען, אז ניט אַלץ, וואָס מען קריגט דורך די חושים פון דער זינלעכער דערפאַרונג, איז אבסאָלוט אמת פאַר דער וועלט. אזוי איז ער געווען דער ערשטער, וואָס האָט באַמערקט, אז ניט אַלע קוואַליטעטן פון זאַכן זיינען גלייך רעאַל. — אייניקע קוואַליטעטן פון זאַכן זיינען אזוי פונדאַמענטאַל פאַר די זאַכן, אז מען קען ניט דענקען וועגן קיין שום זאַכן, וואָס זאָלן ניט האָבן די דאָזיקע אייגנשאַפטן, אָדער מען זאָל קענען אפטיילן די אייגנשאַפטן פון זאַכן אין אַלגעמיין. אַנדערע אייגנשאַפטן קענען יאָ אָפּגעטיילט ווערן פון זאַכן און מען קען דענקען פון זאַכן אָן זיי. די ערשטע קוואַליטעטן זיינען היסטאָריש באקאנט אונטערן נאָמען פּרימערע, אָדער קאַטעגאָרישע, קוואַליטעטן פון זאַכן. זיי זיינען פאָרמע, מאָס, פאַרהעלטעניש און אז. וו. די אנדערע קוואַליטעטן זיינען היסטאָריש באוואוסט אונטערן נאָמען סעקונדערע קוואַליטעטן, זיי באַשטייען פון קאָלירן קלאַנגען און אז. וו. די ערשטע, האָט דעמאָקריט אָנגענומען, באַלאַנגען אַן וועלכן עס איז צוגעפאַל צו די זאַכן גופא, די אַנדערע איז מען ניט געצוואונגען צוצושרייבן צו די זאַכן גופא.

ווי ווייט דעמאָקריט האָט זיך געהאַלטן אין דער טיילונג צווישן פּרימערע און סעקונדערע קוואַליטעטן, קען מען איצט ניט וויסן, צו וויניק פראַגמענטן זיינען פון אים פארבליבן, מען זאָל קענען רעדן גענוי וועגן זיין דערקענטעניש לערע. דאָס אָבער, וואָס מען ווייסט, צייגט, אז פאַר זיין צייט האָט ער גוט פאַרשטאַנען דעם פּראָבלעם פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש.

וועגן זיין מעטאַפיזיק ווייסט מען מער און די בעסטע אָפּהאַנדלונג וועגן איר געפינט זיך אין פּ. א. לאַנגעס "געשיכטע דאָס מאַטעריאַליזמוס", וועלן די באַמערקונגען געמאַכט ווערן לויט לאַנגען. ער פאָרמולירט דעמאָקריטוסעס מעטאַפיזיק אין זעקס פּאָסטולאַטן, אָדער כּללים. דריי כּללים זיינען אַזוי וויכ־טיק, אַז זיי זיינען געוואָרן א טייל פון מאָדערנעם וויסנשאַפטלעכן באַגריף וועגן מאַטעריע. די כּללים וועלן געגעבן ווערן ווי לאַנגע גיט זיי, זיי וועלן נאָר פאַרקירצט ווערן.

דער ערשטער פּאָסטולאַט איז, אַז קיין זאַך קען ניט קומען פון גאָר־ניט און אַז קיין זאַך קען ניט פאַרשווינדן אינגאַנצן. — אַלע ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אין זאַכן, באַשטייען פון אַ קאָמבינאַציע און פון א צעטיילונג פון אטאָמען.

אַזוי ווי אונטער אטאָמען האָט ער פאַרשטאַנען ניט טיילבאַרע איינ־הייטן, מיינט דער פּאָסטולאַט, אַז אַלע זאַכן אין דער נאַטור באַשטייען פון פאַרשיידענע קאָמבינאַציעס פון די דאָזיקע איינהייטן. זאַכן ווערן צופאַלן אויף איינהייטן, די איינהייטן קענען ניט פאַרניכטעט ווערן און קענען אויך ניט געשאַפן ווערן: — ווי איינהייטן עקזיסטירן זיי אייביק.

דער צווייטער פּאָסטולאַט איז, אַז קיין פּאַסירונג ווערט ניט פאַר־אורזאַכט פון זיך אַליין, נאָר איז אַ רעזולטאַט פון עפּעס, וואָס האָט די פּאַסירונג ארויסגערופן. דער פּאָסטולאַט מיינט, אַז אַלץ אין דער נאַטור איז דעטער־מענירט און אַז ס'הערשט אָרדענונג אינם גאַנג פון דער נאַטור און ניט קיין קאַפּריזן. — אורזאַך און פאָלג איז א פונדאַמענטאַלע אייגנשאַפט אין דער נאַטור.

דער דריטער פּאָסטולאַט איז, אַז אין דער נאַטור איז ניטאָ קיין אַנדער זאַך אויסער אטאָמען און זיי באַוועגן זיך אין א ליידיקן רוים. דאָס אי־בעריקע זיינען ניט מער ווי צייטווייליקייטן, וועלכע אנטשטייען און פאַרשווינדן און ווערן רעדוצירט צו אטאָמען און באַוועגונג אין רוים.

דער פערטער פּאָסטולאַט איז, אַז אטאָמען זיינען אומענדלעך אין צאָל (?) און זיינען פאַרשיידנאַרטיק אין פאָרמע. אין זייער שטענדיקן און אייביקן פאַלן אין רוים, פאַלן די גרעסערע אטאָמען שנעלער און קלאַפּן זיך אָן אין די קלענערע אטאָמען. פון דעם צוזאַמענשטויס פון די אטאָמען אַנט־שטייען פאַרשיידענע באַוועגונגען און פון אָט דער פאַרשיידנאַרטיקייט פאַר־מירן זיך וועלטן, וואָס אַנטשטייען און ווערן פאַרניכטעט איין וועלט נאָך דער אַנדערער. לויט דעם דאָזיקן פּאָסטולאַט קומט אויס, אַז דאָס פאַלן זעלבסט איז געגנוג סיבה, אַז פון די אטאָמען זאָלן אַנטשטיין און פאַרשווינדן וועלטן און אַז קיין אנדער פאַקטאָר איז ניט נויטיק און איז אויך ניטאָ . . .

דער פינפטער פּאָסטולאַט זאָגט, אַז די פאַרשיידנאַרטיקייט פון זאַכן אין דער נאַטור איז א רעזולטאַט פון די פאַרשיידענע אטאָמען, וועלכע נעמען אייזנטייל אין די זאַכן, פון זייער צאָל, זייער מאָס, פאָרמע, אָרדענונג און פון זייער צוזאַמענשטעל. די אטאָמען זיינען נאָר פאַרשיידן אין זייער מאָס, וואָג און פאָרמע אָבער ניט אין זייער קוואַליטעט. פאַקטיש קענען לויט דעמאָקריטן ניט זיין קיין קוואַליטאַטיווע אונטערשיידן, ווייל דאָס וואָלט מיינען א מין פּלוראַליזם; ער איז געווען א מאָניסט. — דער אונטערשייד אין דער נאַטור פון זאַכן קען באַשטיין בלויז פון אַן אונטערשייד אין פאָרמע, צאָל, מאָס, עס

קען אָבער ניט זיין קיין קוואַליטאַטיווער אונטערשייד.

דער זעקסטער און לעצטער פּאָסטולאַט איז, אַז די נשמה באַשטייט פון פיינע, גלאַטע און רונדע אטאָמען, פון אַזעלכע פון וועלכע פייער באַשטייט. די דאָזיקע אטאָמען באַוועגן זיך שנעלער פון אַלע אַנדערע אטאָמען און א דאַנק דעם וואָס זיי באַוועגן זיך איבער דעם גאַנצן קערפּער, קומען פאַר לעבנס דערשיינונגען און לעבן ווערט פּראָדוצירט. ("געשיכטע דאָס מאַטעריאַליז־מוס" זז. 20־12).

ווען מען באַטראַכט די פּאָסטולאַטן, זעט מען אַז דער ערשטער איז דער פונדאַמענט פון דער פיזיקאַלישער וויסנשאַפט. ער ענטהאַלט דעם געדאַנק, אַז מאַטעריע קען ניט פאַרניכטעט ווערן און ענערגיע קען ניט פאַר־לוירן גיין. — מען קען ניט פאָרמולירן קיינע רעגעלן ("געזעצן"), ווען מען נעמט ניט אָן, אַז מאַטעריע קען ניט פאַרניכטעט ווערן און אַז ענערגיע קען ניט פאַרלוירן גיין. דאָס באַווייזט, אַז דעמאָקריט האָט זיך דערטראַכט צו אַזאַ פונדאַמענטאַלן געדאַנק, וואָס איז פונדאַמענטאַל פאַר דער וויסנשאַפט ביזן היינטיקן טאָג (עס דאַרף באַמערקט ווערן, אַז פיזיקער ריידן איצט וועגן צו־שאָסענע עלעקטראָנען, וואָס "פאַרשווינדן" . . . די דאָזיקע ספּעקולאַציע איז נאָך דערווייל אויסער די גרענעצן פון דער וויסנשאַפט און מען קאָן נאָך וועגן איר גאָרניט זאָגן).

דער צווייטער פּאָסטולאַט — וועגן דעם דעטערמיניסטישן גאַנג פון פּאַסירונגען און אָרדענונג אין דער נאַטור — איז ער ניט נאָר פונדאַמענטאַל פאַר דער וויסנשאַפט, נאָר פאַרן דענקען אין אַלגעמיין. אַזוי גיך ווי מען הויבט אָן דענקען, נעמט מען אָן דעם באַגריף פון אָרדענונג, פּאַקטיש איז לאָגיק די לערע וועגן אָרדענונג. געוויס קען מען פאַנטאַזירן אויף וויפיל דאָס האַרץ גלוסט און מען דאַרף זיך ניט רעכענען מיט קיינע געזעצן וועגן אָרדענונג, אָבער הויבט מען נאָר אָן צו דענקען וועגן עפּעס, איז אָרדענונג איינגעשלאָסן אין דעם דענקען. פאַרשטייט זיך אַז דעמאָקריט האָט ניט געהאַט אין זינען דעם דענקען, נאָר אָרדענונג אין דער נאַטור: — אָרדענונג איבם דענקען ווערט אָנגענומען פון אַלעמען פאַר זעלבסט פאַרשטענדלעך.

דער דריטער פּאָסטולאַט, אַז ס'איז ניטאָ קיין אַנדער זאַך אין דער נאַ־טור, אויסער אטאָמען, וואָס באַוועגן זיך אין א ליידיקן רוים, איז דאָס ביז דער לעצטער צייט אָנגענומען געוואָרן פאַר פונדאַמענטאַל אין דער כעמישער ווי־סנשאַפט און ס'איז אָנגערופן געוואָרן די אַטאָמען לערע. איצט ווייסט מען, אַז דאָס, וואָס ווערט אָנגערופן אטאָמען אין דער כעמיע, ווערט געשפּאָלטן אויף קליינע טיילן. דאָס האָט ניט קיין שייכות מיט דעמאָקריטס "אַטאָמען":— זיין "אַטאָם" קען ניט געשפּאָלטן ווערן, ווייל ער האָט ניט אָנגעהויבן פון קיין קאָנקרעטן עפּעס, ווי די כעמישע וויסנשאַפט האָט אָנגעהויבן, ער האָט אָנ־געהויבן פון דעם אַבסאָלוט קלענסטן, וואָס קען ניט צעטיילט ווערן און אַזאַ אבסאָלוט קלענסטע מוז דאָך זיין . . .

אויף וויפיל די ערשטע דריי פּאָסטולאַטן זיינען באַגריפלעך פונדאַ־מענטאַל פאַר דער נאַטור, אויף אַזויפיל זיינען די אַנדערע דריי פּאָסטולאַטן ריינע פאַנטאַזיע; זיי האָבן קיין שום שייכות ניט מיט דער נאַטור און די גרעסטע פאַנטאַזיע זיינען די געבוירענע און פאַרשווינדענע וועלטן, וועלכע דאַרפן אנטשטיין און פאַרשווינדן א דאַנק דעם "פאַלן" פון די אַטאָמען. וואָס

ער האָט געמיינט מיט די וועלטן און ווי ער האָט זיי געבויט איז אינגאַנצן ניט פאַרשטענדלעך. די איבערגעבליבענע פראַגמענטן פון זיינע ווערק, דער־קלערן עס ניט.

אינגאַנצן צו צוזאַמענשטעלן זיין לערע קען מען איצט ניט, דאַרף מען טאָן וואָס מען קען. זאָגט ווינדלבאַם "צום באַדויערן איז ניט באַ־קאַנט ווי ער האָט דורכגעפירט די טעאָרעטישע פאַרהעלטנישן צווישן די צוויי פאָרמען וויסן (די פערצעפּציע פון דער וועלט און דעם דענקען וועגן איר), ווי ער האָט דערקלערט דאָס, וואָס איז לויט זיין טעאָריע א קוואַנטי־טאַטיווע פאַרהעלטעניש פון אטאָמען אין באַוועגונג, איז פאַר דער פערצעפּ־ציע געוואָרן א קוואַליטעט.

די אויפגאַבע פון זיין וויסנשאַפט איז געווען צו רעדוצירן אלע קוואַ־ליטאַטיווע פאַרהעלטענישן אין קוואַנטיטאַטיווע פאַרהעלטענישן (אונטער־שטראָכן פון ווינדלבאַנדן) און צו באַווייזן אין דעטאַל וועלכע קוואַנטיטאַטי־ווע פאַרהעלטענישן פון דער אבסאָלוטער רעאַליטעט פראָדוצירן קוואַליטאַ־טיווע כאַראַקטער אייגנשאַפטן פון דער רעאַליטעט פון דער פענאָמענאַלער וועלט." (זע "היסטאָריע און פילאָסאָפיע" ז. 110־111).

פשוט מיינט עס, אזוי ווי די דעמאָקריט'ס וועלט איז באַשטאַנען פון באַוועגנדע און פאַלענדע אַטאָמען, איז ווי האָט ער דערקלערט דעם פאַקט, וואָס די וועלט, ווי זי ווערט אויפגענומען דורך די חושים, האָט קאָלירן, קלאַנ־גען און אז. וו. וואָס דערשיינען אין דער פאָרמע פון קוואַליטאַטיווע אייגנ־שאַפטן. ווי אזוי האָט ער דערקלערט די אזוי אָנגערופענע סעקונדערע קוואַ־ליטעטן, ווען זיין וועלט האָט נאָר געהאַט פּרימערע קוואַליטעטן? דאָס ווייסט מען ניט; מען ווייסט אפילו ניט צי ער האָט עס פּרובירט צו דערקלערן, הגם מען ווייסט, אז א וועלכן עס איז אונטערשייד האָט ער געמאַכט צווישן די צוויי פאָרמען קוואַליטעטן.

אַז ער איז געווען א דענקער פון ערשטן ראַנג און אַז פאַר זיין צייט איז ער געווען א גרויסער וויסנשאַפטס מאַן, קען מען זען פון די טענות, וואָס מען האָט צו אים געהאַט אינם ניינצענטן יאָר הונדערט. צעלער זאָגט, אז שליירמאַכער און ריטער, האָבן אים באַשולדיקט, אז "זיין דענקען איז גע־ווען אַנטי־פילאָזאָפיש דערמיט, וואָס דער עמפּירישער מאָמענט האָט, לויט זייער מיינונג, ביי אים געהאַט די אויבערהערשאַפט איבערן ספּעקולאַטיוון מאָמענט . . . ער האָט ניט אנערקענט גאָט און האָט אָנגענומען, אז די נשמה איז קערפּערלעך." צעלער גיט פון זיין זייט צו "מעגלעך, אז דעמאָקריט האָט גענוצט מער מאַטעריאַל, ווי ער האָט געקענט באַהערשן מיט זיין וויסנשאַפט־לעכער טעאָריע. ער האָט געפאָרשט און האָט מער געפּרוּווט דערקלערן נאַטור דערשיינונגען, ווי זיינע פאָרלויפער האָבן עס געטאָן . . . אזוי איז מיט יעדן פילאָזאָף, וועלכער פאַראייניקט ברייטע באַאָבאַכטונגען מיט פילאָזאָפישע ספּעקולאַציעס. זאָל מען אים באַשולדיקן הלמאי ער האָט ניט פאַרנאַכלעסיגט די פּינקטלעכע און גענויע עקספּערימענטאַלע וויסנשאַפט און האָט פּרובירט באַזירן זיינע טעאָריעס אויף אקטועלן וויסן און האָט געוואָלט דערקלערן איינצעלהייטן? דאַרף מען ניט אָנעמען פאַר קיין מעלה און ניט באַטראַכטן פאַר א חסרון דאָס, וואָס ער האָט ארומגענומען א ברייטערע ספּערע פון פאָרשונג, ווי די פריערקע פילאָזאָפן; אָדער מען זאָל אים באַשולדיקן פאַרוואָס זיין

גרויסער דורשט האָט אים ניט געלאָזט פאַרנאַכלעסיקן קיין זאַך, ווי קליין, אָדער גרויס, זי איז ניט געווען." (פרי־סאָקראַטיק פילאָסאָפיע באַנד 2 ז. 297).

וועגן די דאָזיקע באַשולדיגונגען קען מען נאָר זאָגן, אַז דער חסרון איז באַשטאַנען אין דעם וואָס "די כלה איז צו שיין". — דעמאָקריט האָט באַנוצט צופיל וויסן צו דערקלערן זיין פילאָזאָפיע. ווען מען לייענט וועגן אַזאַ באַשולדיגונג, הויבט מען אָן צווייפלען אין אינטעלעקטועלן פּראָגרעס...

אָט דעם גרויסן דענקער און וויסנשאַפטלער, פון פינפטן יאָרהונדערט פ. קר. האָט מיט צוויי הונדערט יאָר שפּעטער עפּיקור גענומען פאַר זיין רבי'ן און וועגווייזער און האָט אים נאָכגעזאָגט, אַז "פון גאָרניט קען גאָרניט ארויס־קומען. אַלץ וואָס עקזיסטירט איז קערפּערלעך, דאָס איינציקע, וואָס איז ניט קערפּערלעך, איז ליידיקער רוים. אייניקע קערפּערס ווערן פאַרמירט פון קאָמבינאַציעס און אַנדערע זיינען אַזוינע פון וועלכע קאָמבינאַציעס ווערן פאַרמירט. די לעצטע זיינען ניט טיילבאַר און ניט ענדערנד . . . די אַטאָמען געפינען זיך אין שטענדיקער באַוועגונג, אייניקע פון זיי זיינען ווייט איינער פון דעם צווייטן און אַנדערע זיינען נאָענט און קאָמבינירן זיך . . . די אַטאָ־מען האָבן ניט קיין קוואַליטאַטיווע אייגנשאַפטן, זיי פאַרמאָגן מאָס, פאָרמע און וואָג... אין ליידיקן רוים איז ניטאָ ניט קיין אויבן און ניט קיין אונטן." (ציטירט פון פּ. ע. מור "העלעניסטיק פילאָסאָפיעס" ז. 47).

דעמאָקריט איז געווען א מעטאַפיזיקער, אָבער אפיקורוס, האָט גע־לעבט נאָך אַלעקסאַנדערס צייט, אין אָנהויב פון דער העלעניסטישער עפּאָכע, אים האָט מעטאַפיזיק ווייניק אינטערעסירט, ער האָט געזוכט א זין אין לעבן: — דער מאַטעריאַליזם האָט אים אויף אַזויפיל אינטערעסירט, אויף וויפיל ער האָט אים געקענט דינען פאַר א באַזיס פאַר א געזעלשאַפטלעכער מאָראַל. קראָפּאָטקין זאָגט: "אַזוי ווי ער האָט זיך פאָלשטענדיק אָפּגעזאָגט פון פּלאַטאָנס אריסטאָטלס באַזיס פאַר מאָראַל, האָט ער געזוכט אַזאַ פונדאַמענט, וואָס זאָל שטימען מיט זיין סענזועלן בליק אויפן לעבן: דעמאָקריט האָט אים געגעבן א באַזיס, וואָס האָט געשטימט מיט זיין אייגענעם בליק" (זע "עטיקס" זז. 103־106).

מען קען צווייפלען צי מען קען בויען א געזעלשאַפטלעכע מאָראַל אויפן פונדאַמענט פון דעמאָקריטס אַטאָמען לערע, מען קען אָבער זען ווי א סענזואַליסט, וועלכער זוכט פאַרגעניגנס אין לעבן זאָל זיין גענויגט צו נע־מען דעם מאַטעריאַליזם פאַר זיין אויסגאַנגס פונקט: מאַטעריאַליזם איז א לערע, וואָס איר באַזיס איז דאָס קערפּערלעכע, האָט עפּיקור געצויגן די קערפּערליכע ליניע פון אָנהויב ביזן סוף. ער זאָגט "די דאָזיקע מערקבאַרע און ממשותדיקע וועלט פון זאַכן, איז די איינציקע רעאַליטעט און דאָס איינ־ציקע, וואָס איז וויכטיק פאַר א מענטשן אין אַזאַ וועלט, איז זיינע אייגענע אוממיטלבאַרע געפילן. פאַרגעניגן פילן מיר און ווייטיקן פילן מיר אין אַלע פאָרמען. אַלע מענטשן זוכן פאַרגעניגן און ווילן אויסמיידן ווייטיקן. דאָס איז א פונדאַמענטאַלע נויטווענדיקייט פאַר זייער נאַטור. פאַרגעניגן באַשטייט פון אַן איינגענומער סענסאַציע, פון אַזאַ, וואָס מיר זוכן און ווייטיקן זיינען אַזוינע געפילן, וואָס מיר ווילן אויסמיידן. קינדער און אפילו חיות דעמאָנסטרירן, אַז דאָס נאָר וואָס געזאָגטע איז אַן אמת—קיינער קען אים ניט לייקענען." (דאָרט ז. 21).

דאָס, וואָס עפּיקור האָט דורך דעם אַרויסגעזאָגט, איז אַן אמת, וואָס קיינער וועט ניט לייקענען, אָבער דער פאַקט, וואָס מענטשן ווילן האָבן פאַר־גענִיגנס און זוכן אויסצומיידן ווייטיקן, זאָל דערהויבן ווערן צו דער הויך פון א מאָראַל פילאָזאָפיע און א געזעלשאַפטלעכן אידעאַל, ווייסט מען פון דערפאַרונג, אז אין אזוינע שטימונגען פאַלט מען אריין אין דער צייט פון א געזעלשאַפטלעכער דעגענעראַציע און געזעלשאַפטלעכער צופאַלונג, אין א צייט, ווען מענטשן פאַרלירן דעם גלויבן אין זייערע כוחות און אין די אידעאַלן אין אַלגעמיין, ווען זיי ווערן פאַלשטענדיק אנטוישט און אַלץ און אין אַלע־מען.

עפּיקור איז ניט געבליבן שטיין באַם בלויזן אָנווייזן אויף א פיזיאָ־לאָגישן אמת, ער האָט אים געפּריידיקט, ווי דעם העכסטן אידעאַל אין לעבן. ער זאָגט "איך לאַד אייך איין צו געניסן שטענדיקע פאַרגעניגנס און ניט צו פריידיקן טוגענדן, וועלכע צושטערן דעם געמיט־צושטאַנד מיט פוסטע צו־זאָגן און אינהאַלטסלאָזע האָפענונגען אויף אַן עפּעס, וואָס וועט קיינמאָל ניט קומען." (ד. 22).

דאָס איז שוין גאַרניט קיין לויבנסווערטיקע דרשה . . . פונדעסט־וועגן דאַרף מען דערפון ניט ציען קיין שלוס, אז עפּיקור האָט געפּריידיקט וואולגאַרע פאַרגעניגנס ווי אַן אידעאַל; אזוי ווייט איז ער ניט געגאַנגען. ער זאָגט "ווען מיר זאָגן, אז פאַרגעניגנס זיינען דאָס העכסטע אין לעבן, מיינען מיר ניט קיין פאַרגעניגנס פון א שיכור, אָדער פאַרגעניגנס, וואָס מען קריגט פון סענזועלע פאַרוויילונגען, מיר מיינען צו באַפרייען דעם קערפּער פון ווייטיקן און די נשמה פון אומרואיקייטן. ניט דער שטענדיקער טרינקען, די פאַרגע־ניגנס פון פרויען געזעלשאַפטן, אָדער סעודות פון פיש און אנדערע טייערע שפּייזן, וואָס געבן פאַרגעניגנס, נאָר אזוינע ניכטערע באַטראַכטונגען, ווי עקזאמענירן וואָס צו אויסקלייבן און וואָס צו אויסמיידן אום צו פאַרמיידן נשמה צוטומלעניש, וועלכע ברענגען ניט קיין אנדער זאך ווי אומרואיקייט." (לויט ד. לאַרשיעס ז. 27).

אָט דער אידעאַל פונם קליינעם באַלעבעסל, פונם קליינעם מענטשע־לע מיט די קליינע השגה'לעך, איז פון עפּיקורן דערהויבן געוואָרן צו א פּי־לאָזאָפיע און איז פון אים פאַרטיידיקט געוואָרן פילאָזאָפיש לויט דעמאָקריטס מאַטעריאַליזם . . .

אָבער, וועט מען פרעגן: וואָס פאַר א שייכות האָבן די געזעלשאַפט־לעכע פאַרגעניגנס פאַרוויילונגען מיט פילאָזאָפיע, אז מען זאָל שאַפן אַ פּי־לאָזאָפישע שיטה און דאָס לערנען? איז דער ענטפער, אז אין דער מאָדערנער צייט, ווען פילאָזאָפיע איז געוואָרן א ריין אקאַדעמישער קעגנשטאַנד, האָט עס געוויס ניט קיין שום שייכות, אָבער די גריכן האָבן באַטראַכט פילאָ־זאָפיע פאַר אַ וועגווייזער פון לעבן. פילאָזאָפירן האָט פאַר זיי געמיינט, ווי פאַרן אָריענט מיינט עס נאָך עד־היום־הזה, זוכן א וועג אין לעבן און צופּאַסן דאָס לעבן לויט דער אָנגענומענער פילאָזאָפיע. אזוי זיינען פאַרמירט גע־וואָרן פּיטאַגאָרעער פילאָזאָפישע געזעלשאַפטן, די סאָפיסטן האָבן אָנגענו־מען דאָס לעבן ווי עס איז און האָבן דאָס געפּריידיקט פילאָזאָפיש. סאָקראַט האָט געפּריידיקט זיין פילאָזאָפיע ווי א שטייגער פון לעבן, פּלאַטאָן האָט עס געטאָן אין זיין רעפּובליק און האָט עס אפילו געפּרואווט דורכפירן אין לעבן.

אזוי, אז עפּיקור האָט דערמיט קיין נייעס ניט אויפגעטאָן; דאָס נייע, וואָס ער האָט ארייגעפירט, איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט איבערגעטראָגן דעם שווער פּונקט פון דעם אינטעלעקט אויף די עמאָציעס. אז גליק באַשטייט ניט אין וויסן, וואָס איז פאר סאָקראַטן געווען א טוגנד, נאָר אין זוכן פארגעניגן און אויסמיידן ליידן. פאר אָט דער פילאָזאָפיע פון לעבן, איז דער מאַטעריאַליסטישער בליק געווען צוגעפּאסט. עפּיקור איז פילאָזאָפיש געווען אויסגעהאַלטן: אזוי ווי ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פונם אינטעלעקטואַליזם, ווי אַ מקור פון מענטשלעכן גליק, האָט ער זיך אויך אָפּגעזאָגט פונם אידעאַליזם אין דער פילאָזאָפיע אין אַלגעמיין; ער האָט פּשוט ניט געגלויבט אין דער אידעאַליסטישער פילאָזאָפיע. ער זאָגט "עס איז ניטאָ קיין צוקונפט-לעבן, עס איז ניטאָ קיין נשמה, וואָס איז ניט מאַטעריעל און וואָס זאָל אָנהאַלטן איר עקזיסטענץ נאָך דעם, ווען דער קערפּער ווערט צושטערט. דערפאר איז ניטאָ וואָס זיך צו זאָרגן וועגן דעם, וואָס ס'וועט פּאַרקומען נאָך דעם ווי מען וועט שטאַרבן; עס איז דאָס זעלבע ווי מען זאָל מורא האָבן פאר א חלום . . . טויט מיינט פאר אונדז, אז דער קערפּער ווערט צעפאַלן, ס'בלייבט פון אונדז ניט קיין זאַך: — איז ניטאָ וועגן וואָס זיך צו זאָרגן וועגן דעם, וואָס ס'וועט פּאַסירן נאָכן טויט." (פּ. ע. מור, דאָר 40-39).

אין דער וועלט, וואָס באַשטייט פון אַ קאָמבינאַציע פון אטאָמען און ניט פון קיין אַנדער זאַך, איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאר קיין געטער, פאר קיין נשמות און פאר קיין גייסטער אין אַלגעמיין. אָבער עפּיקור איז דאָך פאַרט געווען א גריך, האָט ער זיך פון דער מיטאָלאָגיע אינגאנצן ניט געקענט אָפּזאָגן. — האָט ער איבערגעלאָזט די געטער, נאָר אזוי ווי אין דער רוימלעכער וועלט האָט ער פאר זיי ניט געהאט קיין פּלאַץ, האָט ער באַשטימט, אַז זיי געפינען זיך אין "צווישן רוים" און האָבן ניט קיין אינטערעס און אויך ניט קיין שליטה אויף דער וועלט, וואו מענטשן געפינען זיך . . .

מען דאַרף אויך צוגעבן, אז אינגאנצן קיין אויסגעהאַלטענער מאַטעריאַליסט, ווי מען נעמט אָן, דעמאָקריט איז געווען, איז עפּיקור ניט געווען. זיינע אטאָמען זיינען ניט "געפאַלן" פאַרשיידן מעכאַניש, ווייל אייניקע זיינען לייכטער און אַנדערע זיינען שווערער (אריסטאָטל האָט אָנגעוויזן אויף דעמאָקריטס טעות, אַז אין אַ וואקאום פאַלן שווערערע אַטאָמען שנעלער: — זיי וואָלטן פאַלן מיט דער זעלבער שנעלקייט... דערפאר איז ער אריינגעפאַלן אין א גרעסערן טעות...) נאָר זיי האָבן באַזעסן "פרייהייט" און האָבן געקענט ענדערן זייער מאַרשרוט . . . די "פרייהייט" פון די אטאָמען האָט אים געגעבן א מעגלעכקייט צו לאָזן פרייהייט פאר מענטשלעכע האַנדלונגען. אויב ער איז אין דעם הינזיכט געווען פרייער פון זיין רבין, איז ער אין א צווייטן הינזיכט געווען שטרענגער פון אים. ער איז געווען אַן אויסגעהאַלטענער עמפּיריקער: — ער האָט אָנגענומען, אז דער אייציקער וויסן, וואָס מענטשן באַזיצן, איז דער עמפּירישער וויסן, וואָס קומט דורך די חושים פון דער זינלעכער דערפאַרונג. דער שכל, אָדער פאַרשטאַנד, האָט פון זיך אליין ניט קיין וויסן און האָט אויך ניט פון וואַנען אים צו נעמען, אויסער פון דערפאַרונג און אזוי ווי די חושים זיינען באַגרענעצט, איז דעם מענטשנס וויסן אין אַלגעמיין באַגרענעצט, ער קען נאָר וויסן טיילן פון דער וועלט, ער קען זי אָבער ניט וויסן אין איר גאנצקייט.

דערפאַר טאַקע איז עפּיקור ניט געווען פאַראינטערעסירט אין מעטאַפיזיק, איבערהויפּט האָט אים אינטערעסירט דער מענטש אין זיין געזעלשאַפטלעכער פאַרבינדונג.

ער האָט קולטיווירט פריינטלעכע באַציאונגען צווישן די מענטשן אין זיין פילאָזאָפישער געזעלשאַפט און האָט, ווי ס'זעט אויס, דערגרייכט א היפּש ביסל. זאָגט ריילי: "עס איז באַוואוסט, אַז די עפּיקורעישע געזעלשאַפטן האָבן זיך באַשעפטיקט מיט קולטיווירן פריינדשאַפט טעאָרעטיש און פּראַקטיש. זייער פריינטשאַפט האָט דערגרייכט צו אזא הויכער שטופע, אז א סך עפּיקורעער האָבן געאָפּפערט זייער פאַרמעגן פאַר פריינט. דאָס האָט פאַרשפּרייט א שטראַל פון ראָמאַנטיזם אויף זייער ניט סימפּאַטישן עגאָאיזם. עפּיקור האָט געקענט געפינען א דערקלערונג פאַר זיין מענטשלעכער שוואַכקייט, אז אזא קעגנזייטיקע מענטשלעכע פאַרבינדונג האָט אַלעמען פאַרזיכערט. פּאַקטיש אָבער האָט אַן אומענדלעכע איידלקייט אין זיין נשמה געפירט אים אַ סך ווייטער פון זיין פּראַקלאַמירטער לערע. זיין העדאָניזם (זוכן פאַרגעניגן און אויסמיידן ליידן) האָט געקענט לאָזן פּלאַץ פאַר פריינטשאַפט אַלס די גרעסטע גליקזעליקייט, וואָס מען קען קריגן אויפן גאַנצן לעבן. ווען ער האָט אָבער צוגעגעבן, אַז ס'איז וויכטיקער צו וויסן מיט וועמען מען האָט געגעסן און געטרונקען, ווי צו וויסן וואָס מען האָט געגעסן און געטרונקען, איז דאָס פּאַקטיש באַשטאַנען פון פאַרנאַכלעסיקן דעם קערפּער." (זע "מען ענד מאָראַלס" זז. 53־52).

דאָס באַווייזט, אַז דער עפּיקורעאַניזם איז ניט געווען אַזוי וואולגאַר, ווי מען דענקט געוויינטלעך, אָדער ווי מען האָט אים שפּעטער באַטראַכט.

ווען מען ווייסט, אז עפּיקורעישע געזעלשאַפטן האָבן עקזיסטירט פאַר א משך פון פינף הונדערט יאָר, ענטשטייען צוויי פראַגע: 1) ווי קומט עס וואָס דער עפּיקורעאַניזם האָט געהאַט אזא קנאַפּע ווירקונג אפילו אויף זיין צייט, אז אויסערן אפּיקורן, האָט ער ניט ארויסגעבראַכט קיין איין וויכטיקן דענקער ניט אין זיין צייט און ניט שפּעטער (מיטן אויסנאַם פון דעם רוימישן פּאָעט, לוקרעציוס); און 2) ווי קומט עס, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אַזאַ שלעכטן נאָמען הינטער זיך? דעם ענטפער אויף די פראַגן דאַרף מען זוכן אין דער עפּיקורעער שיטה גופא. מען מעג אָננעמען, אז די הויפּט סיבה איז געווען דאָס, וואָס דער עפּיקורעאַניזם איז געווען באַזירט אויף נעגאַטיווע, פּאָסטולאַטן, אָדער כללים און ניט אויף עפּעס פּאָזיטיוועס. דער עפּיקורעער פאַרגעניגן איז באַשטאַנען הויפּטזעכלעך אין אויסמיידן ליידן און וויסן ווי צו פאַרמיידן געפאַרן. אין פּראַקטיק האָט דאָס געמיינט שאַפן אייגענע געזעלשאַפטן און אויף דעם אופן אויסצומיידן דעם אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. און אויב מעגלעך, זיך אָפּזונדערן פון דער געזעלשאַפט און ניט צו פירן קיין פאַמיליע לעבן. — נעגאַציעס זיינען ניט פּראָדוקטיוו...

דעם עפּיקורעאַניזם האָט געפעלט א פּאָזיטיווער אידעאַל, וועלכן מען זאָל קענען פּריידיקן ווי א געזעלשאַפטליכן געווינס, ווי א באַרייכערונג פון דעם מענטשן אין דער געזעלשאַפט. ער איז געווען אָרעם און אָן פאַנטאַזיע אין זיין צוזאָג און אין זיין אינספּיראַציע. דער רעזולטאַט איז געווען, אז מיט דער צייט איז ער ווירקלעך געוואָרן וואולגאַר . . .

עפּיקור איז געווען א שטאַרקע פּערזענלעכקייט. ער האָט זיינע פּער־

זענלעכע אייגנשאפטן אויף אזוי פיל ארויפגעלייגט אויף דער באוועגונג, אַז זיינע שאפונגען זיינען פון זיינע נאָכפאָלגער פאר הונדערטער יאָרן באַ־טראַכט געוואָרן פאר הייליק; מען האָט זיך נישט דערלויבט צו אריינפירן קיין שום ענדערונג אין זיין לערע. זיינע ווערק זיינען באטראכט געוואָרן פאַר א הייליקער תורה, וואָס קען ניט געענדערט ווערן.

אזא באַציאונג צו אַ לערער און צו אַ לערע, פירט צו שטילשטאַנד, צו סטאַגנאַציע פון דער לערע. אָריגענאלע און פעאיקע מענטשן, קענען זיך נישט פארבינדן מיט אַזאַ באַוועגונג און ווען ס'טרעפט אז א פעאיקער מענטש שליסט זיך אָן אין אַזאַ באַוועגונג, פאַרלירט ער מיט דער צייט זיין שאַפנדן גייסט און ווערט א קאָמענטירער פונם לערער.

דאָס האָט געוויס ניט געטאָן קיין גוטס דעם עפיקורעאַניזם. נאָך ערגער האָט ער אָפּגעשניטן פונם אנטוויקלענדן קריסטנטום מיט זיין אָריענטאלן אַסקעטיזם. דער קריסטנטום האָט באַקעמפט דעם אַפיקורעאַניזם מער און שטאַרקער פון וועלכער ס'איז אנדער לערע. אַ גאַר גרויסן טייל פונם שלעכטן נאָמען, וואָס דער אַפיקורעאַניזם האָט ביזן היינטיקן טאָג, האָט ער צו פאַר־דאַנקען דעם קריסטנטום. אויך די אידן האָבן אים ניט געשאַנעוועט, ווי מען קען עס זען פון דעם וואָס דער נאָמען "אפיקורוס" ווערט באַטראַכט פאַר א שימף־וואָרט ביזן היינטיקן טאָג . . .

פאַקטיש איז דער אַפיקורעאַניזם ניט געווען ניט קיין פילאָזאָפיע און ניט קיין רעליגיע. ווי א פילאָזאָפיע איז ער געווען צו איינפאך און האָט ניט געהאט קיין שום פאַזיטיוועס, נאָר בלויזע נעגאציעס פון וועלכע מען האָט נישט געקענט פאָרמירן קיין פילאָזאָפיע. פאר רעליגיע איז ער געווען קאַלט, האַרט און אפילו וואולגאר, עס איז אין אים ניט געווען קיין אָנהאלט פון וועלכן מען זאָל קענען פאָרמירן א קולט.

ווי באַמערקט איז עקיפורעאַניזם געווען אַ לערע פון אַן איבערגאַנגס צייט, פון אַן עפּאָכע ווען די מענטשן האָבן פאַרלאָרן זייערע אידעאלן און זייער גלויבן אין אלגעמיין. שפּעטער, ווען דער קריסטנטום האָט זיך אנטוויקלט ווי אַ שטאַרקע רעליגיעזע באַוועגונג מיט א צוזאָג אויף אַן "אייביקן לעבן" פאַרן קליינעם פרייז ווי גלויבן אין קריסטוסן, האָט מען זיך אין אים אָנ־געכאַפּט ווי אין אַן אבן־טוב און דער עפיקורעאניזם איז אינגאַנצן אַראָפּגע־שווינקט געוואָרן פון דער וועלט־בינע און ער איז נאָר געבליבן אין דער שפּראך ווי א שימף־וואָרט, כאָטש אין דערווירקלעכקייט האָט ער אזא שלעכטן נאָמען ניט פאַרדינט.

# קאַפּיטל 12

## די איבערגאַנגס צייט (סטויעציזם)

דער סטויעציזם, וואָס איז אנטשטאַנען גלייכצייטיק מיטן עפּיקורעאַניזם, און וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן פון דער זעלבער סיבה, פון זוכן א זין אין לעבן, איז געווען א סך א טיפערע און ערנסטערע פילאָזאָפישע שיטה, ווי דער אַפּיקורעאַניזם. אמת, פילאָזאָפיש האָט אויך ער ניט אויפגעטאָן קיין נייעס, אויך ער האָט אפּערירט מיט אלטע באַגריפן. ער האָט אָבער די אלטע באגריפן אויסגעטייטשט אויף א נייעם אופן און ער האָט געמאכט אן ערענסטן פאַרזוך צו פאַרבינדן מענטשלעכע האנדלונגען מיטן גאַנג פון דער נאַטור און אויף דעם אופן שאַפן א נאַטוראַליסטישן באַזיס פאַר דער מענטשלעכער מאָראַל.

פילאָזאָפיש ווערט סטויעציזם באַטראַכט פאַר מאַטעריאַליזם און לויט דער שפּראַך פון די סטויעקער גופא ווערט עס געטאָן מיט רעכט, ווייל זיי האלטן, אז די מענטשלעכע נשמה איז פון דער זעלבער מאַטעריע וואָס דער קערפּער, אפילו גאָט, האלטן זיי, באַשטייט פון א מין מאטעריע . . .

דאָס איז מאַטעריאַליזם, און פונדעסטוועגן זיינען ניט אומגערעכט די, וואָס באַטראַכטן דעם סטויעציזם פאַר אַ פאָרמע פון פאַנטעאיזם; ער ענטהאַלט אין זיך באגריפן, וועלכע קענען פאר קיין פאל ניט פאררעכנט ווערן פאַר איינפאכע באגריפן פון מאַטעריאליזם.

אום צו ארויסברענגען דעם פאַנטעאיסטישן און אימאנענטן כאַראַקטער פון סטויעציזם וועט עלמער מור נאָכאַמאָל ציטירט ווערן. ער זאָגט "ציי לאָגיש אָדער ניט לאָגיש, האָט דער גרינדער פון סטויעציזם, זענע, דערגרייכט צו א פאָלקאָמענעם מאניסטישן באַגריף וועגן דעם אוניווערס . . . ער האָט פאר זיין אויסגאנגס פונקט גענומען די אלטע הילאזויאיסטישע פילאָזאָפיע, וואָס האָט אָנגענומען אן אורשפּרונגלעכן שטאָף פארן עצם פון דער גאַנצער נאַטור. דער שטאָף, האָט ער אָנגענומען, באזיצט די אייגנשאַפטן פון לעבן און צוזאמען מיט העראקליטן האָט ער דערקלערט, אז דער יסוד פון אַלע זאַכן אין דער נאַטור איז געווען פייער, אָדער אן עלעמענט, וואָס איז געווען ענלעך אויף פייער לויט זיין געלייטערטקייט און פליסיקייט.

ווען מען נעמט די דאָזיקע טעאָריע אויף אַן איינפאַכן אופן קלינגט זי מאָדנע פארן מאָדערנעם אויער, ווען מען איז באקאנט מיטן מאָדערנעם כעמישן באַגריף וועגן די אייגנשאפטן פון פייער. ווען אָבער מיר פּרובירן פארגעסן אונדזער וויסן וועגן כעמישע פּראָצעסן און מיר שטרענגען זיך אָן

און דענקען לויט דער טערמינאָלאָגיע פון די סטויעקער, באַקומט זענעס פיזישער יסוד א פאָרמע, וואָס איז ענלעך אויף קאַנטס נעבולער היפּאָטעזע און מיר קריגן דרך ארץ פאר אים אפילו דעמאָלט ווען מיר נעמען אים ניט אָן פאר ריכטיק. יעדנפאלס זעען מיר, אז דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד האָט עפּעס אויפגעטאָן ווען ער האָט געמאַכט דעם גרויסן שפּרונג פונם דואליזם פון דערפאַרונג צו דער מעטאַפיזיק פון אבסאָלוטן מאניזם". (דאָרט ז. 78).

דאָס איז ניט מאטעריאליזם אין דעמאָקריטס זין פון וואָרט, אין מאָדערנער טערמינאָלאָגיע קען עס באַטראַכט ווערן פאר א "נייטראַלן מאניזם", וואָס מאַניפעסטירט זיך פאַרשיידנארטיק. אז אזא מין געדאנק קען דעם סטויעסן נאַטור יסוד געגעבן ווערן באַשטעטיקט דער היסטאָריקער פון פילאָזאָפיע, צעלער, ווען ער זאָגט: "די וועלט, ווי דער מענטש, איז אין דער זעלבער צייט פאַלשטענדיק מאַטעריאל און איז פונדאַמענטאל געטלעך. יעדע זאך, וועגן וועלכער די חושים אינפאָרמירן אונדז, באַשטייט פון מאַטעריע, און בלויז מאטעריעלע זאכן קאָנען אויפנעמען און פאַראורזאכן אקטיוויטעט. קוואַליטעטן, קוואנטיטעטן, טוגענדן און ליידנשאַפטן, די נשמה, אַזוי גוט ווי דער קערפּער, גאָט און די שטערן, זיי אַלע אָדער זיי באַשטייען פון מאַטעריעלע פאָרמען, אָדער זיי זיינען פראָצעסן: — זיי אַלע אונטערשיידן זיך נאָר אינם גראַד פון זייער לויטערקייט. אין זייער פונדאמענטאלן עצם זיינען זיי איבעראל איינע און די זעלבע זאך." (זע "סטויאיקס עפּיקורעענס ענד סקעפּטיקס" ז. 12).

עס מיינט, אז אלץ מיט אלעמען אין דער נאַטור שטאַמט ארויס פון אָן עלעמענט, וואָס איז ענלעך אויף פייער און עס באזיצט אין דער זעלבער צייט אי די אייגנשאפטן פון מאַטעריע, אי די אייגנשאפטן פון לעבן און איז נאָך געטלעך דערצו.

ווען זענע האָט גענומען הערקלידס פייער פאר דער פונדאמענטאַלער סובסטאַנץ פון דער נאַטור, האָט ער געדאַרפט דערקלערן ווי די פאַרשיידנארטיקייט אין דער נאַטור איז ארויסגעקומען פון דעם דאָזיקן פייער. זיין דערקלערונג ווערט געגעבן ווערן ווי עלמער מור גיט זי. ער זאָגט: "אום צו דערקלערן די פארשיידנארטיקייט אין דער נאַטור, ווענדט זיך זענע צום עוואָלוציע פּראָצעס נאָך הילף. ער זאָגט: אין אָנהויב איז געווען פייער; די דאָזיקע פונדאמענטאלע סובסטאַנץ איז פּאָטענציעל אי אקטיוו, אי פּאסיוו. אַ דאַנק דעם געזעץ פון איר פּאסיוון פּרינציפּ ווערט זי האַרט און גראָב, זי ווערט אָפּגעטיילט פונם אקטיוון פּרינציפּ און אנטוויקלט זיך אין די פיר עלעמענטן פון דער פענאמענאלער וועלט: אין פייער, לופט, וואַסער און ערד. דער אקטיווער עלעמענט, אין זיין ניט געענדערטער פאָרמע, דרינגט דורך די האַרטע עלעמענטען אלס די שאפנדע, די פאָרמירענדע און די רעגירענדע ענערגיע פונם קאָסמאָס. אין די שיינענדע שטערן דערשיינט דער אקטיווער פּרינציפּ און א ניט פארפלעקטן פּראכט. ווען ער שטייגט אראָפּ נידעריקער, גייט ער דורך פארשיידענע ברואים און מאַניפעסטירט זיך אינם מענטשן אין א פסיכישער פאָרמע, ווי א נשמה אין חיות, ווי נאַטור אין פלאַנצן און ווי פאָרמע אין אומאָרגאַנישע זאכן." (דאָרט ז. 79).

אין דעם ציטירטן מערקט זיך א היבש ביסל אריסטאָטלס איינפלוס און נאַטירלעך, אַז דאָס דאַרף ניט באַטראַכט ווערן פאַר עוואָלוציע אינם מאָ־

דערנעם זין פון וואָרט; ניט זענע און ניט אריסטאָטל, האָט אפּערירט מיט
מאָדערנע עוואָלוציע באגריפן. מען דאַרף אָבער צוגעבן, אז יעדער איין
דענקער, וואָס האָט גענומען א פונדאמענטאלע סובסטאַנץ פאר זיין אויסגאנגס
פונקט, האָט באהאלטענערהייט און אומבאַוואוסטזיניק, אין זיין דענקען איינ־
געשלאָסן אן עוואָלוציע באגריף: — די אַנטוויקלונג פון פארשיידנארטיקייט
פון אַ פונדאמענטאלער סובסטאַנץ מיינט עוואָלוציע. אין דעם זינען געפינען
זיך עוואָלוציע געדאַנקען ביי הערаקלידן, ביי עמפּעדאקלען, אַריסטאָטלען און
נאַטירלעך, אויך ביי זענען געפינען זיך אזוינע געדאַנקען. וועגן זיין סוב־
סטאַנץ, דעם "פייער", זאָגט גילב. מאריי, אז בערגסאנט וויטאלער אימפּולס
איז פּאַקטיש דאָס זעלבע, ווי זענעס "פייער", וואָס איז געווען: — "דער
פּ ר י נ צ י פּ וואָס איז געווען איינגעשלאָסן אין אַלע באַוועגונגען און
וועלכן זיי האָבן אָנגערופן קאָסמאס, אָדער די אָרדענטלעכע וועלט. ווען מען
האָט אים גענומען פון אן אנדער שטאַנדפּונקט, איז ער באַשטאַנען פונם גע־
זעץ פון דער נאַטור . . . א נאַטור געזעץ, וואָס האָט געלעבט און וואָס איז
באַשטאַנען פונם לעבן גופא. מען האָט אים ניט געקענט אונטערשיידן פון
צוועק, עס איז געווען דער צוועק פונם גרויסן נאַטירלעכן פּראָצעס. ער איז
געווען ווי א פּאָראויסזעענדע און פּאָראויסדענקענדע קראפט, אָט ווי די
השגחה איז פאר אונדז . . .ווי א השגחה פּרינציפּ, אָדער ווי א פּאָראויסזעער,
ווערט ער באַטראַכט פאר א גאָט. דאָס איז דאָס נאָענטסטע וואָס סטויעקער
קומען צו א באַשטימטן פּערזענלעכן גאָט. אזוי ווי דער גאָט דאַרף אין א
געוויסן זין באַשטיין פון מאַטעריע, באַשטייט ער פון דער קלאָרסטער מאַ־
טעריע, וואָס ס'איז פאראן: — ער באַשטייט פון פייער, ניט פון קיין גע־
וויינטלעכן פייער, נאָר אזא, וואָס זיי האָבן אָנגערופן אינטעלעקטועלער פייער.
אַ פייער, וואָס געפינט זיך אינם וואַרעמען לעבעדיקן מענטשן און ניט אינם
קאַלטן טויטן מענטשן. א פייער, וואָס באַזיצט באוואוסטזיין, וואָס לעבט און
קאָן ניט פארניכטעט ווערן. דער דאָזיקער פייער, נאַטור, אָדער גאָט, געפינט
זיך אינם גאנצן באַשאַף." (זע "די סטויעק פילאָסאָפיע" זז. 41־40).

אום צו פארשטיין גענוי דאָס ציטירטע, דאַרף מען אין זינען האָבן
ווי די גריכן האָבן באַטראַכט די נאַטור. פאר זיי איז די נאַטור באַשטאַנען
פון א לעבעדיקן אָרגאניזם אין וועלכן פּאַסירונגען קומען פאָר מיט א צוועק
צו וועלכן ער שטרעבט. "נאַטור" איז ניט בלויז באַשטאַנען פונם פונדא־
מענט פון דער רעאַליטעט, ווי מען קוקט איצט אויף נאַטור אלס דאָס אור־
שפּרונגלעכע רויע פון וועלכן דאָס ווייטערדיקע קומט ארויס ווי אן אנטוויק־
לונגס פּראָצעס, נאָר אויך דאָס צו וועלכן דאָס "שטרעבונג" פירט. אָט די
"נאַטור" האָט זענע אָנגערופן "פייער" אין הערаקלידס זינען ווי א קראַפט
אָדער א רעגולירענדער פּרינציפּ. ער האָט דעמדאָזיקן פּרינציפּ אויך אָנ־
גערופן לאָגוס אינם זינען פון א קאָנקרעטער טענדענץ. און דערפאר, זאָגט
גילבערט מאריי "קאָן סטויעציזם אָנגערופן ווערן א פילאָזאָפיע, אָדער א רע־
ליגיע, ווי מען וויל. ער איז געווען א רעליגיע לויט זיין שטאַרקער און דער־
האַבענער ליידנשאפט און ער איז באַשטאַנען פון א פילאָזאָפיע, ווייל ער האָט
אלץ דערקלערט אויף א נאַטירלעכן אופן אָן אן איבערנאטירלעכער קראפט
אָדער דורך אן איבערנאַטירלעכן וויסן." ער זאָגט, אז סטויעציזם איז גע־
ווען דער גרעסטער סיסטעם פון אָרגאניזירטן דענקען אין דער גריכיש־

רוימישער וועלט און ער האָט, לויט זיין מיינונג, געהאט די גרעסטע ווירקונג פון וועלכער עס איז פילאָזאָפיע אין אַלגעמיין.

אום צו פארשטיין פארוואָס זיין ווירקונג איז געווען אזא שטאַרקע, דאַרף מען אין זינען האָבן, אַז ער איז געקומען אין דער גריכיש־רוימישער וועלט אין א צייט, ווען דער אַלטער שטייגער לעבן מיט די איינגעפונדעוועטע גלויבונגען און מנהגים, זיינען צושטערט געוואָרן אדאנק דער פון אַלעקסאנדערן געעפענטער וועלט און די צוזאמענמישונג פון פארשיידענע פעלקער.

די געבילדעטע וועלט האָט פארלאָרן דעם פונדאמענט פון אונטער אירע פיס און האָט זיך גענומען צו זוכן א שטיצפונקט אויף וואָס זיך צו אָנשפארן און אַ וועג אין וועלכן צו גיין אין לעבן, איז געקומען דער סטויעציזם און האָט איר געגעבן א "נאַטירלעכן" פונדאמענט און וועגווייזער, האָט זי זיך אין אים אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט.

אויפן פונדאמענט איז נאָר וואָס אָנגעוויזן געוואָרן, איצט דאַרף באַטראַכט ווערן דער וועגווייזער, מען דאַרף אָבער אין זינען האָבן, אז די טיילונג איז א מאָדערנע, פאר יענער צייט זיינען עס געווען צוויי אספעקטן פון איין דערשיינונג.

וועגן דעם סטויעציזם, ווי א וועג ווייזער, זאָגט סט. דזש. סטאָק אין זיין בוך "סטויעציזם": "אזוי ווי שכל איז די איינציקע זאך מיט וועלכער די נאַטור האָט געמאכט אַן אונטערשייד צווישן דעם מענטשן און אַלע אנדערע חיות, איז צו לעבן א ראַציאָנאַלן לעבן מיינט נאָכצעפאָלגן דעם גאנג פון דער נאַטור.

די נאַטור איז צו דער זעלבער צייט דער געטלעכער געזעץ און דער מענטשלעכער געזעץ, ווייל אונטערן מיין פון דער נאַטור פון א זאך ווערט ניט נאָר אָנגענומען דאָס וואָס מען געפינט אין איר, נאָר אויך דאָס וואָס איז אייביק פאסנד פאר איר און וואָס איז דער אבזיכט, אז זי זאָל מיט דער צייט ווערן.

צו זיין גליקלעך מיינט צו זיין טוגנדהאפט און צו זיין טוגנדהאפט מיינט צו זיין ראציאָנאַל און צו זיין ראַציאָנאַל מיינט צו נאָכפאָלגן דעם גאנג פון דער נאַטור, צו נאָכפאָלגן דער נאַטור מיינט צו זיין געהאָרכזאם צו גאָט." (זע ז. 48).

דאָס איז א דערקלערונג וועגן דער טעאָרעטישער זייט פונם סטויעשן וועג־ווייזער, וועגן דער פ ר א ק ט י ש ע ר זייט וועט געגעבן ווערן דאָס וואָרט א פאָר סטויעקער גופא. די צוויי וויכטיקסטע סטויעקער נאָך זענען זיינען געווען עפיקטעטוס, דער שקלאַף, וועמען די תלמידים האָבן אויסגעקויפט פון שקלאפעריי און מארקוס אורעליס, דער רוימישער קייסער. ביידענס שריפטן זיינען פארבליבן (מיט עפיקטעטוס׳עס שריפטן איז מען ניט זיכער צי זיי זיינען דירעקט זיינע), קען מען זיי ציטירן דירעקט. עפיקטעטוס זאָגט: " מענטשן ווערן ניט אומרואיק פון א שלעכטער איבערלעבונג גופא, נאָר פון זייער באַציאונג צו דער באטרעפענדער איבערלעבונג. דער טויט גופא איז ניט שרעקלעך וועגן דעם האָט מען א פּאָזיטיוון באַווייז, אז סאקראַט האָט זיך ניט געשראָקן פארן טויט. דער ווירקלעכער שרעק פארן טויט נעמט זיך פון אונדזער באגריף וועגן דעם טויט. אָט דער באַגריף פון טויט שרעקט אונדז. דערפאר איז ווען מיר ווערן געשטירט, מיר בעאומרו־

איקן זיך, אָדער מיר ערגערען זיך, דארפן מיר קיינעם ניט באַשולדיקן דער־פאר, אָדער האָבן צו עמיצן טענות, נאָר מיר דאַרפן באַשולדיקן זיך אַליין און האָבן טענות צו זיך אַליין. צו זיין מער פּינקטלעך. — מיר דארפן באַ־שולדיקן אונדזער אייגענעם בליק אויף דער דערשיינונג.״ אויף א צווייטן פלאַץ זאָגט ער: ״באַטראַכט נאָר דו, וואָס דארפסט באלד גע׳משפט ווערן, וואָס דו ווילסט אָפּהיטן און אין וואָס דו ווילסט זיין דערפאָלגרייך. אויב דו ווילסט אָפּהיטן א שכל, וואָס זאָל הארמאָנירן מיט דער נאַטור, ביסטו פאָל־שטענדיק זיכער, אז אַלץ וועט זיין גוט און האָסט זיך ניט וועגן וואָס צו זאָרגן. אויב דו ווילסט אָנהאַלטן דיין פרייהייט, וואָס איז דיין אייגנטום און דו ביזט דערמיט צופרידן, ווארום דארפסטו זיך זאָרגן? ווער איז דער באַלע־באָס איבער אָט די דאָזיקע זאכן? ווער קען זיי צונעמען פון דיר? אויב דו ווילסט זיין א באַשיידענער און ערנהאפטער מענטש, ווער קען דיר שטערן? אויב דו ווילסט זיך ניט שרעקן, אָדער ווערן באצווינגענד, ווער קען דיר בויטן, אז דו זאָלסט וועלן עפּעס, וואָס איז קעגן דיין פּרינציפּ: ווער קען דיך צווינגען צו אכטן עפּעס, וואָס איז קעגן דיין מיינונג? דער ריכטער קען ארויס־ברענגען אן אורטייל, וועלכן ער וועט האלטן פאר א שטרענגען, ער קען דיך אָבער ניט צווינגען, אז דו זאָלסט זיך דערשרעקן פארן אורטייל. ווען פאַר־לאַנגען און אָפּנויגונגען זיינען נאָר אין דיינע הענט, איז וואָס דארפסטו זיך זאָרגן?״

און מארקוס אוירעליס זאָגט: ״זאָל דער פירנדער און רעגירנדער טייל פון דיין נשמה ניט געשטערט ווערן פון דעם, וואָס ס׳קומט פאָר אין דיין קערפּער, צי עס איז פארגעניגן, אָדער ס׳איז ווייטיקן. זאָל זיך די נשמה ניט פאראייניקן מיט זיי; זאָל זיך די פירנדער טייל אָפּגרענעצן און באַגרענעצן פון די ווירקונגען פון יענע טיילן . . . זאָל עס דיר ניט אַרן צי דיר איז קאַלט אָדער ווארעם, ווען דו טוסט דיין פליכט, צי דו שטאַרבסט, אָדער דו טוסט עפּעס אנדערש . . . אויסערלעכע זאַכן באַרירן ניט דיין נשמה אויף קיין שום אופן ניט.״ (דע־וויט ״פראָם עפּיקטעטוס טו קרייסט״ זז. 77, 75, 73).

דער תמצית פון סטויעשן גליקלעך לעבן איז לויט די אויסצוגן: 1) אַז דער מענטש באַזיצט אן עפּעס, וואָס באַלאַנגט צו אים אַליין און וואָס קיינער קען דעם עפּעס פון אים ניט צונעמען. און אזוי לאנג ווי ער באזיצט אָט דעם עפּעס, קען אים קיינער ניט שטערן אין זיין גליק. דער עפּעס בא־שטייט פון זיין אייגענעם געמיט־צושטאַנד. מען קען מיט אים טאָן, וואָס מען וויל נאָר, מען קען אים אָבער ניט צווינגען צו ענדערן זיין געמיט צושטאַנד. דאָס איז זיין אן אייגנטום, אויף וועלכן קיין שום מאַכט קען ניט האָבן קיין שליטה. מען דאַרף הייסט עס נאָר באַשליסן זיך ניט צו קימערן וועגן וועלכע עס איז אויסערלעכע ווירקונגען, זיי קענען ניט ווירקן אויף דער נשמה, ווען מען לאָזט זיי ניט צו צו איר . . . פון דעם פאָלגט 2) אז מען דאַרף לעבן לויט דער נאַטור, וועט מען זיין גליקלעך . . . פאַקטיש האָט דאָס לעצטע געמיינט אזוי פארהארטעוועט ווערן קעגן די קערפּערלעכע שוואכקייטן, אז מען זאָל זיך ניט שרעקן פאר קיין שום ווייטיקן, אפילו ניט פארן טויט, ווייל דאָס אַלץ זיינען אויסערלעכע ענינים, וועלכע קענען ניט ווירקן אויף דער נשמה, ווען מען רינגלט זי ארום מיט די פּרינציפּן פון דער סטויעשער פּי־

לאָזאָפיע: — אזוי לאַנג ווי מען לעבט אין איינקלאַנג מיט דער נאַטור און מען פאָלגט די געבאָטן פון דעם סטויעשן אַרט דענקען, וועט מען זיין גליקלעך און מען וועט האָבן איביקע גליקזעליקייט . . .

פילאָזאָפיש איז דער סטויעציזם געווען פול מיט ווידערשפּרוכן; זיי־נע ווידערשפּרוכן האָבן זיך גענומען פון דעם, וואָס ער האָט געוואָלט זיין א פילאָזאָפיע, א רעליגיע און אַ באַזיס פאַר געזעלשאַפטלעכער מאָראַל אַלץ אין איינעם און פונדעסטוועגן זאָגט גילבערט מאריי, אז ער איז געווען דער גרעסטער סיסטעם פון אָרגאַניזירטן דענקען אין דער גריכיש־רוימישער וועלט.

עס קענען אָנגעגעבן ווערן עטלעכע סיבות פארוואָס אים איז געלונ־גען צו ווערן דער גרעסטער סיסטעם פון אָרגאַניזירטן דענקען און פארוואָס זיין ווירקונג האַלט אָן ביז דער לעצטער צייט.

אויף איין סיבה איז שוין פריער אָנגעוויזן געוואָרן און זי איז, וואָס ער איז געקומען אין א צייט ווען די געבילדעטע וועלט האָט פארלאָרן איר שטיצפּונקט און איז געווען גרייט זיך צו אָנכאַפּן אין וועלכער ס'איז לערע, וואָס וועט איר געבן א נייטיקן שטיצפּונקט פארן לעבן. דער סטויעציזם האָט איר געגעבן דעם שטיצפּונקט. דאָס פירט צו דער צווייטער סיבה, וואָס באשטייט אין זיין פאַנטעאיסטישן כאראקטער, וואָס שליסט אין זיך איין אַלץ, וואָס דער מענטש באגערט. פאַנטעאיזם, איז פריער דער ענגלישער דענקער, דר. שילער, ציטירט געוואָרן ווי ער ווייזט אָן, שטעלט צופרידן דעם מענטשנס באַגער דערמיט, וואָס דורך אים ווערט דער מענטש אַן אינ־טעגראַלער טייל פון דער נאַטור און ער קריגט דעם איינדרוק, אַז ער פאַר־שווינדט ניט, נאָר ער ווערט א טייל פון דער אייביקייט.

מענטשן ווילן ניט שטאַרבן. די שטאַרקייט פון רעליגיע נעמט זיך דערפון, וואָס זי זאָגט צו אייביקן לעבן. אין א צייט אָבער ווען די אַלגעמיינע רעליגיעזע באַגריפן ווערן אָפּגעשוואַכט, ווי דאָס האָט פּאַסירט אינם איבער־גאנגס פעריאָד, ווען די קלאַסישן גריכנלאַנד איז צושטערט געוואָרן, ווענדן זיך די דענקער צו דער נאַטור, זי זאָל ראַטעווען די מענטשן פונם אומ־פארמיידלעכן טויט.

דער סטויעציזם האָט געגעבן דעם בעסטן ענטפער אין יענער צייט, דערפאר האָט ער צייטווייליק געזיגט ביז ס'איז געקומען דער קריסטנטום און האָט געגעבן א מער צופרידנשטעלנדן ענטפער.

דאָס פירט צו דער דריטער סיבה, צו זענען, דעם שאַפער פונם סטויעציזם. ווען אים זאָגט ק. סענדערס "זענע, א סעמיט, וואָס איז, מסתמא, געווען אונטערן איינפלוס פון אינדישע באַגריפן, איז געווען א דיסציפּלי־נירטער אסקעט. ער האָט באַזעסן דעם פייער פון א נביא. ער איז אין דער זעלבער צייט געווען א ראַציאָנאַליסט און א רעליגיעז־גלויביקער. ער איז געווען דאגמאַטיש און פאַראדאקסאַל. מער פון אַלץ האָט ער ארייַנגעגעבן מאָראַלע שטאַרקייט צו א סקעפּטישער צייט. זייער ווייניק מענטשן האָבן געגלויבט און די מערסטע זיינען געווען אין שרעק פארן אומבאוואוסטן, זייער ווייניק זיינען געווען אנשטענדיק און דער ביז יענער צייט אָנהאַל־טונג אין א מאָראַלן לעבן איז פארשוואונדן . . . זענע האָט אויסגעלייזט די מענטשן פון שרעק און פון פארלאַנגען.

זיין גאנצע ענערגיע און אייפער האָט ער אוועקגעגעבן אויף צו ראַ־טעווען און באַפרייען שרעקעדיקע און פון ליידנשאַפטן געיאָגטע מענטשן. ער האָט אַפּעלירט צום ווילן אינם מענטשן א טייל פונם לעבן קען מען קאָנט־ראָלירן, דער טייל באַשטייט אינם מענטשנס אייגענעם געמיט צושטאַנד. צום איבעריקן דאַרף מען זיך באַציען מיט רעזיגנאַציע. אין דער וועלט הערשט א פירנדער שכל און ער האָט געלערנט מענטשן זיי זאָלן לעבן אין האַרמאָ־ניע מיט דער נאַטור, וואָס איז גוט און איז פאַרנונפטיק.״ (זע ״די איידיעלס אָוו איסט ענד וועסט״ ז. 135).

דער סטויעציזם, ווי מען קען זען, האָט געהאַט דעם ריכטיקן שאַ־פער, ער האָט באַזעסן די אייגנשאַפטן וואָס זיינען געווען נויטיק צו קענען פאַראייניקן א פילאָזאָפיע, א רעליגיע און א געזעלשאַפטלעכע מאָראַל.

דאָס פירט צו דער פערטער סיבה און זי איז, אז דער סטויעציזם איז געווען ווי אָנגעמאָסטן פאַר די רוימער פון יענער צייט, וואָס האָבן זיך נאָך ניט געהאַט באַפרייט פון גריכישער ווירקונג און זיינען געווען גרייט זיך צו צוהערן צו פילאָזאָפישע געדאַנקען. דאָס קען באַשטעטיקט ווערן דורך דעם פאַקט, וואָס די וויכטיקסטע סטויעשע דענקער פון דער רוימישער צייט זיינען געווען רוימער, ווי סענעקע, מאַרקוס אורעליס און אז. וו. אז. וו.

ווען מען רעדט וועגן די רוימער אין באַצוג צו סטויעציזם איז שווער צו זאָגן, וואָס איז געווען די סיבה און וואָס איז געווען דער רעזולטאַט. — צי ווייל די רוימער האָבן געהאַט די באַשטימטע כאַראַקטער שטריכן, צו וועלכע דער סטויעציזם האָט זיך געפּאַסט, זיינען זייער אַ סך פון זיי געוואָרן נאָכפאָלגער פונם סטויעציזם, אָדער פאַרקערט, ווייל דער סטויעציזם האָט זיך אין יענער צייט אזוי שטאַרק פאַרשפּרייט און די רוימער האָבן אים אָנ־גענומען, האָט זייער דענקען און אַלגעמיינע אַקטיוויטעט, אָנגענומען אַזאַ כאַראַקטער. ווער קען זאָגן, וואָס איז געווען די סיבה און וואָס איז געווען דער רעזולטאַט? מען דאַרף אָננעמען, אז אין דעם פאַל האָבןביידע פאַקטאָרן געווירקט אין האַרמאָניע צווישן זיך. סטויעציזם, וואָס איז ניט געווען קיין רוימישער פּראָדוקט, וואָס איז פאַקטיש באַשטאַנען פון א סינטעז פון פאַר־שיידענע געדאַנקען שטראָמונגען און האָט אין זיך ענטהאַלטן עלעמענטן, וואָס האָבן געקאָנט אַפּעלירן צו פאַרשיידענע מענטשן האָט מיט זיין פּאַנטע־איזם געקענט ווירקן אויף א דענקענדן גריך פילאָזאָפיש און אויך אים אריינ־פירן אין א רעליגיעזער שטימונג און צושטרייטן זיין סקעפּטישן געמיט און פון דער צווייטער זייט ווירקן אויפן רוימער מיט זיין נאַטוראַליזם פון פליכט, מוטיקייט און טוגנד.

דאָס וואָס ס׳איז פריער ציטירט געוואָרן פון עפּיקטעטוסן און פון מאַרקוס אורעליסן, ענטהאַלט אין זיך אַזויפיל פון דער דיסציפּלין און האַרט־קייט פון די רוימער, אז עס איז שווער צו צווייפלען, אז די רוימער זאָלן דער־פון ניט געווען באַאיינפלוסט ווערן. ווער קען זאָגן אויף וויפיל דער רוי־מישער געזעץ איז געווען א רעזולטאַט פונם סטויעשן אַרט דענקען, וואָס די רוימער האָבן איבערגענומען פון דער סטויעשער פילאָזאָפיע? אז ער האָט געהאַט א באַשטימענדע ווירקונג אויף די רוימער איז קיין פראַגע ניט: — באַגריפן פאַלן ניט אַראָפּ פון הימל, זיי זיינען א רעזולטאַט פון לערנען.

גילבערט מאַריי זאָגט, אַז דער פונדאַמענטאַלער שטריך פון גריכישן דענקען איז באַשטאַנען אין זוכן אַ זין אין לעבן; די גריכישע דענקער האָבן געזוכט דעם ״סומאַם באָנום״ (דאָס העכסטע גוטע אָדער דעם העכסטן גליק), צוליב וועלכן דאָס לעבן זאָל האָבן אַ ווערטפולן אינהאַלט. זיי האָבן געזוכט פילאָזאָפיש דאָס, וואָס זייער רעליגיע האָט זיי ניט געגעבן.

דעם סומאַם באָנוס האָבן אין איינער אָדער אין אַ צווייטער פאָרמע געזוכט אַלע גריכישע דענקער. מער פון אַלע האָבן אים אָבער געזוכט די דענקער פונעם איבערגאַנגס פּעריאָד, ווען די גריכן האָבן פאַרלאָרן זייער זעלבסטשטענדיקייט, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם שטייגער לעבן פון די קליינע שטאָטישע רעפּובליקן. פריער איז זייער סומאַם באָנום ביז אַ גרויסן גראַד געלעגן אין אויפהאַלטן די טראַדיציע און מנהגים, ווי די לאָ־קאַלע געטער און אַז. וו. האָט דאָך סאָקראַט פאַרלאָרן זיין לעבן דערפאַר, וואָס מען האָט אים באַשולדיקט אין וועלן אַריינפירן נייע מנהגים מיט נייע געטער אין אַטען (ער האָט עס ניט געלייקנט). ענלעכעס וואָלט געוווען פּאַסירן מיט אַריסטאָטעלען ווען ער וואָלט ניט געווען אַנטלויפן אין צייט פון אַטען. דער שטייגער לעבן גופא איז געווען דעם פאָלקס סומאַם באָנום, ווי ס׳איז נאַ־טירלעך פאַר אַ נאָרמאַל לעבנדן פאָלק.

ווען אָבער דער שטייגער לעבן איז צעשטערט געוואָרן און די פריער אויך שוואַכע רעליגיע האָט אינגאַנצן פאַרלאָרן איר שטיצפונקט, האָבן די האַלב פילאָזאָפישע און האַלב רעליגיעזע געזעלשאַפטן געקראָגן אַ סאָ־ציאַל רעליגיעזן כאַראַקטער און האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן.

דער סטויִציזם האָט געהאַט אַ ברייטערן און טיפערן אינהאַלט פון די אַנדערע לערעס דערפאַר, וואָס ער איז געווען באַזירט אויף אַ נאַטור פי־לאָזאָפיע, וואָס האָט געפונען אַ געטלעכע טענדענץ אינם גאַנג פון דער נאַ־טור און אין דער העראַאישער האַנדלונג פונם מענטשן, וואָס איז אויך באַ־טראַכט געוואָרן פאַר געטלעך און וואָס איז אויך אַרויסגעפלאָסן פונם נאַ־טירלעכן גאַנג (די אַלימפּישע שפּילן זיינען באַשטאַנען אין פאַרהערלעכן פיזישן כוח, טאַפּפערקייט און אויסדויער). דערפאַר, האָבן די סטויִקער גע־צויגן דעם שלוס, איז ווען אַ מענטש קען זיך אויף אַזויפיל באַהערשן, אַז ער קען באַצווינגען זיינע שוואַכקייטן און לעבן אַ ״נאַטירלעכן״ לעבן, דערגרייכט ער גליקזעליקייט. (סומאַם באָנום).

פאַקטיש האָט עס געמיינט, אַז אום צו דערגרייכן גליקזעליקייט דאַרף מען קולטיווירן העלדנמוט און מען דאַרף זיך נישט קימערן וועגן די אומ־באַקוועמלעכקייטן פון אויסערלעכע באַדינגונגען, וואָס קאָנען ניט האָבן קיין שליטה אויפן מענטשלעכן געמיט, זיי קענען אים ניט ברעכן, ווען דער מענטש לאָזט זיך ניט באַהערשן פון זיי. ווען מען לעבט לויט די כללים פון דער סטויִעשער פילאָזאָפיע און מען פאָלגט אויס די סטויִעשע געבאָטן, דערגרייכט מען אַזאַ נשמה גאַנצקייט, אַז מען ווערט ניט באַאומרואיקט פון די ניט גינסטיקע אויסערלעכע באַדינגונגען; מען דערגרייכט נשמה רועקייט און נשמה געלאַסנקייט אָט ווי די פריער ציטירטע סטויִקער האָבן עס גע־פּריידיקט.

דאָס אַלץ צו קענען דערגרייכן האָט זיך בלויז געפאָדערט איין ״קליינִיקייט״ און דאָס איז צו באַטראַכטן אַלע מענטשלעכע עמאָציעס, אַלע

מענטשלעכע געפילן פאר פונדאמענטאל שעדלעך און ווערטלאָז (זע סט. דזש. סטאק "סטויעציזם" ז. 43). די "קלייניקייט" איז אין דער ווירקלעכ־קייט באַשטאַנען אין דעם צו אויסוואָרצלען פון זיך אַלע מענטשלעכע געפילן און נאָכפאָלגן די געזעצן פון דער נאַטור, וואָס האָבן ניט קיין פּלאַץ פאר די מענטשלעכע "שוואכקייטן". די פּרייז, ווי מען קען זען, איז געווען א גאנץ הויכע, מען האט זי אָבער געדארפט באצאָלן, ווען מען האָט געוואָלט לעבן לויט דער סטויעשער פילאָזאָפיע.

מען קען לייכט זען, אז דער באדינג איז ארויסגעפלאָסן פונם סטוי־עציזם אויף א זעלבסט פארשטענדלעכן אופן: — מענטשן, וואָס זיינען שטרענג צו זיך, קענען ניט האָבן קיין רחמנות אויף א צווייטן.

אין אַלגעמיין איז דער סטויעציזם ניט געווען קיין לערע, וואָס האָט ארויסגעשטראָמט פון נאָבעלע געפילן. ער איז ניט געווען קיין רעזולטאט פון קיין שייכות'ן, ניט פון בין אדם למקום און ניט פון בין אדם לחברו; ער האָט אַרויסגעשטראָמט פון נאַטור געזעצן, אָדער פון אַ נאַטור גאַנג, וואָס האָט ניט געהאט קיין שום פּלאַץ פאר קיין יושר. מעגלעך, אז דערפאר, וואָס די רוימער זיינען אויף אַזויפיל געווען אונטערן איינפלוס פון דער סטויעשער לערע, האָבן זיי געשאפן א יורוספּרודענץ, זיי האָבן אָבער ניט געשאַפן קיין מאָראַל פילאָזאָפיע.

דער סך הכל פונם סטויעציזם איז, הגם ער האָט געהאט א סך גע־זונטע און פּרוכטבאַרע, געדאַנקען דורך וועלכע ער האָט באַווירקט דעם אַלגעמיינעם דענקען פון אַלע צייטן, האָט ער מיט זיין צוגאַנג צו די עמאָ־ציעס, וואָס זיינען דאָס מענטשלעכע אינם מענטשן, געפירט צו די אכזריות פון די רוימער און האָט דערמיט אומדירעקט א סך געהאָלפן דער קריסטע־כער "ליבע" צו באהערשן די וועלט.

דער סקעפּטיציזם, וואָס איז אנטשטאנען צוזאמען מיטן עפּיקורעאניזם און סטויעציזם, איז געווען אַן אבסאָלוטער; ער איז באשטאנען אין פאַלשטענדיקן צווייפלען אין אַלץ און אין אַלעמען. אזוי ווי אבסאָלוטער סקעפּטיציזם איז אויסשליסלעך נעגאַטיוו, קאָן ער ניט האָבן קיין שום פּאָזיטיווע ווירקונג, ער קען קיין זאך ניט אויפטאָן. האָט טאקע דער פּייראָניזם, ווי דער סקעפּטי־ציזם איז אָנגערופן געוואָרן, קיין זאך ניט אויפגעטאָן. דערפאר ווערט ער בלויז דאָ דערמאָנט, אָבער ריידן וועגן אים, ווי וועגן א פילאָזאָפיע, איז ניטאָ וועגן וואָס צו ריידן.

# קאפיטל 13

## אלעקסאַנדריער עפּאָכע

אײקליד זאָגט: ״עס איז ניטאָ קיין קע־ניגלעכער וועג וואָס פירט דירעקט צום פּאַלאַץ פון וויסן.״

ווען אַטען האָט פאַרלוירן איר פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט, איז א טייל פון איר באַפעלקערונג אוועק מיט אלעקסאַנדערס ארמיי און א טייל האָט עמיגרירט אין פארשיידענע פלעצער. קיין אַטען האָט אריינגע־דרונגען א פרעמדער עלעמענט. א דאַנק דער ענדערונג האָט זי פאַרלוירן איר חשיבות אין אירע אייגענע אויגן און ס׳האָט ניט גענומען לאַנג ביז זי האָט פאַרלוירן איר אַלגעמיין קולטורעלע באַדייטונג פאר דער וועלט. א נייער קול־טור צענטער איז אַנטשטאַנען אין אלעקסאַנדריע מצרים, אין דער נייער שטאָט, וואָס אלעקסאַנדער האָט אויפגעבויט. אין דעם נייעם צענטער איז אויך די קולטור געווען א נייע. אָבער פריער א פּאָר אַלגעמיינע באַמערקונגען.

אויף דער פראַגע: וואָס פאר א ראָלע שפּילט דער יחיד אין דער גע־שיכטע, איז נאָך ניט געגעבן געוואָרן קיין ענטגילטיקער ענטפער. א טייל היסטאָריקער נעמען אָן, אז דער גאַנג שאַפט געשיכטע; אנדערע האַלטן, אַז ער פירט בלויז דורך א היסטאָרישן פּראָצעס, וואָס וואָלט זיך סײַ ווי סײַ דורכגעבראָכן אין לעבן, אויב ניט אויף דעם אופן, איז אויף אן אנדער אופן. מען וועט אָבער געוויס ניט מאַכן קיין טעות, ווען מען וועט אָננעמען, אַז ביידע פאַקטאָרן זיינען געווען נויטיק פאר א באַשטימטן היסטאָרישן פּראָצעס, אַז ער זאָל פאָרקומען אויף דעם אופן, ווי ער איז היסטאָריש פאָרגעקומען, ווען אַ גאַניע האָט אויף אים געווירקט. די באַהויפּטונגען אז ״די צייט איז ניט געווען גינסטיק פאר אן ענדערונג, דערפאַר איז אים ניט געלונגען דורכצופירן קיין ענדערונג״ און ״די צייט איז געווען א גינסטיקע פאר אן ענדערונג, עס האָט זיך אָבער ניט באַוויזן דער נויטיקער פירער, וואָס זאָל געווען זיין פעאיק אריינברענגען אן ענדערונג״, זיינען ביידע ריכטיק: עס דאַרפן זיין גינסטיקע באַדינגונגען און עס דאַרף זיין דער פּאַסענדער מענטש, אַז א וויכטיקער גע־שיכטלעכער פּראָצעס זאָל דורכגעפירט ווערן אין לעבן.

אלעקסאַנדער מוקדן, האָט מען א רעכט צו זאָגן, איז געקומען אין דער ריכטיקער צייט, האָט עס דורכגעפירט א היסטאָרישע מיסיע: — ער האָט פארשפּרייט די גריכישע קולטור איבער דער אלטער וועלט. א היסטאָריקער זאָגט, אז אלעקסאַנדערן איז געלונגען דורכצופירן דאָס, וואָס אריסטאָטלען

האָט זיך ניט איינגעגעבן: עס איז אים געלונגען צו פֿאַרשפּרייטן די גריכישע קולטור איבער דער וועלט. ווען מען זאָל נעמען די באַהויפּטונג אינם זינען פֿון פֿאַרשפּרייטן דעם העלעניזם, איז זי ריכטיק, כאָטש פּאַקטיש האָט ער ניט געהאַט קיין חלק ניט אין דעם שאַפֿן און ניט אין דעם פֿאַרשפּרייטן די העלעניסטישע קולטור. דאָס איז פֿון אים געטאָן געוואָרן אויף אַן אומדירעקטן אופֿן דורך צושפּרייטן די גריכן איבער דער וועלט.

עס איז שוין פֿריער באַמערקט געוואָרן, אַז כאָטש די גריכן האָבן געהאַט א סך קאָלאָניעס, האָבן זיי ניט פֿאַרשפּרייט די גריכישע קולטור אויסער די גרעניצן פֿון די קאָלאָניעס. די גריכן האָבן זיך געהאַלטן איזאָלירט פֿון דער אַרומיקער באַפֿעלקערונג, וועלכע זיי האָבן באַטראַכט פֿאַר באַרבאַרן. געוויס איז פֿאָרגעקומען אַ טיילווייזע אַסימילאַציע צווישן די שכנותדיקע באַפֿעלקערונגען, זי איז אָבער ניט געווען גרויס גענוג, זי זאָל געווען קענען האָבן א ווירקונג אויף דער ארומיקער וועלט. אויף וויפֿיל די גריכן האָבן זיך געהאַלטן פֿאַר אַן אַריסטאָקראַטיש פֿאָלק, קען מען זען פֿון אַריסטאָטלס מיינונג וואָס הגם ער אליין האָט געשטאַמט פֿון אַ קאָלאָניע, האָט ער געהאלטן, אז די גריכן זיינען א העכערער טיפּ מענטש, וואָס באַזיצט העכערע גייסטיקע פֿעאיקייטן פֿון אַנדערע פֿעלקער, דערפֿאַר דארפֿן די אַנדערע פֿעלקר זיין גריכישע שקלאַפֿן אום די גריכן זאָלן ניט דאַרפֿן זיך באַשעפֿטיקן מיט קיין פֿיזישער אַרבעט און זיי זאָלן האָבן פֿרייע צייט צו פֿילאָזאָפֿירן . . .

אלעקסאנדער, ווי ס'זעט אויס, האָט ניט געהאט אָט די גריכישע גאוה: — ניט נאָר האָט ער צוזאַמענגעמישט די גריכן מיט זייערע שכנים, נאָר ער אליין האָט חתונה געהאַט פֿארן פּערסישן קעניגס טאָכטער: — דער גריכישער יחוס האָט ביי אים ניט געשפּילט קיין ראָלע. מעגלעך, אז דאָס איז געווען דערפֿאר, וואָס ער איז געווען א מאצעדאָניער, וואָס ס'האָט געמיינט א האַלבער גריך . . .

ווען ער האָט געמאכט זיין טריאומף מאַרש איבערן אָריענט, האָט ער אויפֿן וועג פֿארשפּרייט די גריכן און אויף דעם אופֿן האָט ער פֿאַרשפּרייט די גריכישע קולטור און מארשירנדיק צוריק, האָט ער מיט זיך מיטגענומען מענטשן פֿון פֿארשיידענע פֿעלקער און האָט אויף דעם אופֿן געבראַכט די בבל־אנישע און פּערזישע קולטורן אין די גריכישע פּראָווינצן ביז מצרים. דאָס אַלץ איז פֿון אים געטאָן געוואָרן אויף אן אומדירעקטן אופֿן און ניט אבזיכטלעך. זיין וויכטיגסטער אויפֿטו פֿונם קולטור היסטאָרישן שטאַנדפּונקט איז דאָס וואָס ער האָט אויפֿגעבויט די שטאָט אלעקסאנדריע אין מצרים, וואו דער קולטורעלער צענטער פֿונם העלעניזם איז געשאַפֿן געוואָרן.

ווען מען נעמט אלעקסאנדערן פֿון אָט דעם שטאַנדפּונקט, האָט ער דירעקט און אוממיטלבאר מער אויפֿגעטאָן פֿון אריסטאָטלען, ער האָט איבערגעפֿלאַנצט די גריכישע קולטור אויף נייע פֿלעצער. קיין צופֿיל קרעדיט דאַרף מען אים דערפֿאר ניט געבן, ווייל ניט ער האָט עס געטאָן אבזיכטלעך און ניט די העלעניסטישע קולטור האָט אויפֿגעטאָן ספּעציעלעס גרויסעס, מען זאָל זי קענען קעגנשטעלן דעם קלאַסישן גריכנלאנד . . . און אים איבערהויפּט פֿאַרגלייכן מיט אריסטאָטלס ווירקונג אויף דער וועלט איז אביסל צופֿיל אפֿילו פֿאר אלעקסאנדערן . . .

צי אלעקסאנדער האָט איבערגעפֿירט אידן קיין מצרים איז ניט זיכער,

קיין דירעקטע באַווייזן זיינען ניטאָ. עס הערשט נאָר א מיינונג, אַז ער האָט עס געטאָן. אויף א גרויסן מאַסשטאַב האָט עס געטאָן דער ערשטער פּטאָלאָ־מייער (סאָטור). נאָך זיין זיג האָבן זיינע סאָלדאַטן גענומען א סך אידן גע־פאַנגען און האָבן זיי געהאַלטן, אָדער פאַרקויפט, פאַר שקלאַפן, און הגם ער איז געווען א ליבעראַלער הערשער, האָט ער די אידן ניט באַפרייט: — ער האָט געהאַלטן, אַז מלחמה געפאַנגענע זיינען דאָס אייגנטום פון די סאָלדאַטן. ערשט זיין זון און נאָכפאָלגער, פּטאָלאָמיי פילאַדעלפוס, האָט באַפרייט די אידן פון שקלאַפעריי.

העלעניזם! אַ הויך קלינגענד וואָרט, עס ענטהאַלט אין זיך אַ גאָר גרויסן צוזאָג. א קליינינקייט: די גריכן האָבן באַהערשט די וועלט און האָבן גענומען צו פאַרשפּרייטן זייער קולטור איבער די שבעה ימים פון דער אַלטער וועלט. וואָס קען נאָך זיין מער ווי דאָס?

ווען מען באַקאַנט זיך מיט דער קלאַסישער גריכישער קולטור און מען גייט איבער זיך צו באַקאַנען מיטן העלעניזם, דערוואַרטעט מען די זעל־בע קולטור אינטערעסן און קולטור שאַפונגען, ווי אין קלאַסישן גריכנלאַנד. מען ווערט אָבער שנעל אנטוישט: דער העלעניזם, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ווי אַ קולטור באַוועגונג, האָט, אויסער אין אַלעקסאַנדריע, קיין שום פּערמאַנענטע קולטור ניט געשאַפן. עס האָט ניט גענומען לאַנג נאָך דעם גריכישן אַריינ־דרינגען אין די פאַרשיידענע פעלצער, אַז די גריכן זאָלן אינגאַנצן פאַר־שלונגען ווערן פון דער לאָקאַלער באַפעלקערונג און פון דער קולטור איז נאָר געבליבן איר אויסערלעכער טייל, ווי די שפּראַך, אָלימפּישע שפּילן און אַז. וו.

די קלאַסישע גריכישע קולטור איז ווי א קולטור ניט איבערגעפלאַנצט געוואָרן אויף קיין נייעם באָדן. דאָס מיינט, נאַטירלעך, ניט, אַז זי האָט ניט גע־האַט קיין ווירקונג אויף די נייע פעלצער; געוויס האָט זי געהאַט א לאָקאַלע ווירקונג אויף יעדן פּלאַץ, וואוהין דער העלעניזם האָט דערגרייכט. דאָס זיי־נען אָבער געווען קליינע לאָקאַלע ווירקונגען און אין די מערסטע פעלצער איז די ווירקונג געווען א צייטווייליקע, וואָס האָט הינטער זיך ניט געלאָזט קיין פּערמאַנענטן סימן. דאָס איז געווען איבעראַל, אויסער אין אַלעקסאַנדריע, וואו אַ פּערמאַנענטע העלעניסטישע קולטור איז געשאַפן געוואָרן. דערפאַר, איז ווען מען רעדט וועגן העלעניזם, האָט מען, הויפּטזעכלעך, אין זינען די שאַ־פונגען פון אַלעקסאַנדריע.

אַלעקסאַנדער האָט געשאַפן א גריכישע אימפּעריע, זי האָט אָבער ניט אָנגעהאַלטן לאַנג. נאָך זיין פריצייטיקן טויט איז די אימפּעריע צושפּאָלטן געוואָרן אויף עטלעכע טיילן און מצרים איז אריינגעפאַלן אין די הענט פון די פּטאָלאמעער, מאַצעדאָנישע גריכן, וועמען זייער היים האָט שוין אינגאַנצן ניט אינטערעסירט. זיי זיינען געווען העלענער און האָבן פאַרפלאַנצט דעם העלעניזם אין זייער נייער היים.

דער צופאַל האָט געוואָלט, אז ניט נאָר זאָלן די ערשטע דריי פּטאָ־לאָמעער קעניגן פון מצרים זיין קולטור מענטשן, נאָר אויך שטיקלעך שריפט־שטעלער, ספּעציעל זיינען עס געווען די ערשטע צוויי פּטאָלאמעער, סוטאר און פילאַדעלפוס. זיי האָבן זיך ארומגערינגלט מיט קולטור מענטשן און שוין דער ערשטער, פּטאָלעמיי סוטאר, האָט אָנגעהויבן פאָרמירן דעם אַלעק־סאַנדריער מוזייאום (די היים פאַר די מוזעס). ער האָט צוזאמענגעבראַכט

געלערנטע פון איבעראַל זיי זאָלן צוזאַמענקלייבן פאַרשיידענע ליטעראַרישע ווערק, זיי קאָפּירן און סיסטעמאַטיזירן אין אַן איינהייטלעכער פאָרמע. עס האָט ניט גענומען לאַנג און דער מוזייאום איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין אוניווערזיטעט מיט פיר פאַקולטעטן: ליטעראַטור, אַסטראָנאָמיע, מאַטעמאַטיק און מעדיצין.

די שריפטשטעלער און וויסנשאַפטלער, זיינען אויסגעהאַלטן געוואָרן פון דער רעגירונגס קאַסע. די רעגירונג האָט אויסגעבויט אַ ספּעציעלן גרויסן בילדונג מיט אַ גרויסן זאַל פאַר לעקציעס און שטודיר צימערן, אַזוי אַז אַלץ איז געווען באַזאָרגט אַז די שריפטשטעלער און וויסנשאַפטלער, זאָלן קענען טאָן זייער אַרבעט פון קאָפּירן, לערנען און פאָרשן ניט געשטערט פון קיין זאַך.

פון יעדן ווערק, וואָס האָט עקזיסטירט, האָט דער מוזייאום געדאַרפט האָבן אַ קאָפּיע. עס ווערט דערציילט, אַז פּטאָלאָמיי פילאַדעלפוס האָט געבאָרגט אין אַטען די ווערק פון די דריי טראַגיקער, פון עסקעלוסן, יוריפּעדוסן און סאָפאָקלן, אַז מען זאָל זיי קאָפּירן פאַרן מוזייאום. ווען מען איז פאַרטיק געוואָרן מיט איבערקאָפּירן די גאַנצע אַרבעט, האָט ער צוריק געשיקט די קאָפּיעס און די אָריגינעלע ווערק האָט ער געלאָזט אין מוזייאום און האָט די אַטענער אַקאַדעמיע באַלוינט מיט ניינציק טויזנט דאָלער פאַר די אָריגענאַלע ווערק . . .

אונטער אַזעלכע גינסטיקע באַדינגונגען האָט ניט גענומען לאַנג און אַ גרויסע ביבליאָטעק פון פריערדיקע שאַפונגען און נייע ווערק האָט זיך צוזאַמענגעקליבן אַרום דעם מוזייאום. אין אַ קורצער צייט איז די ביבליאָטעק געוואָרן די גרעסטע, וואָס די אַלטע וועלט האָט פאַרמאָגט. די ביבליאָטעק האָט עקזיסטירט העכער טויזנט יאָר, אַ טייל פון איר האָט פאַרברענט דער פּאַטריאַרך, טעאָפילוס אין 390 נ. קר. דאָס איבעריקע זאָל דער אַראַבער כאַליף אמאר פון זיבעטן יאָרהונדערט געווען הייסן פאַרברענען. וועגן דעם צווייפלט מען איצט, מען ווייסט, אַז אמאר איז געווען אַ געבילדעטער און פאַרהעלטנסמעסיק אַ טאָלעראַנטער מענטש, גלויבט מען ניט ער זאָל געווען אָרדערן צו פאַרברענען ביכער. מען גלויבט אויך ניט, אַז די קריסטלעכע פאַנאַטיקער, וואָס האָבן פאַר יאָרהונדערטן פאַרברענט יעדן בוך, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט, זאָלן געווען לאָזן די ביבליאָטעק אַזוי לאַנג עקזיסטירן . . . ווער עס האָט זי פאַרברענט, האָט פאַרניכטעט דעם גרעסטן קולטור אוצר פון דער אַלטער צייט. מען ווייסט אַפילו ניט ווי גרויס עס איז דער פאַרלוסט פאַר דער מענטשהייט. פון דעם, וואָס איז צופעליק געבליבן אין פאַרשיידענע פלעצער פון די שאַפונגען פון יענער צייט, ווייסט מען, אַז די שאַפונגען האָבן אין מצרים אָנגענומען אַן אַנדער כאַראַקטער פון די שאַפונגען אין גריכנלאַנד.

די גריכישע דענקער זיינען געווען פילאָזאָפן און מעטאַפיזיקער, זיי זיינען געווען בויער פון פילאָזאָפישע סיסטעמען און ווען די צוויי שולן זיינען אין אַטען פאַרמירט געוואָרן, האָבן די לערער אינטערפּרעטירט די סיסטעמען פון זייערע רביים. אַנדערש איז געווען די לאַגע אין אַלעקסאַנדריע; דאָרט איז פאַרמירט געוואָרן אַ מוזייאום מיטן צוועק צו צוזאַמענקלייבן די עקזיסטירענדע שאַפונגען, זיי קאָפּירן און קלאַסיפיצירן. דאָס האָט אַנטוויקלט

וויסענשאַפטלעכע אנאַליטיקער און קאָאָרדינירער פון פאַקטן, וואָס ס'האָט גע־מיינט, אַז זיי זיינען געוואָרן פאַרשער. אויף דעם אופן איז אנטשטאַנען אַ וויסנשאַפט אין אַלעקסאַנדריע. ליידער איז די ביבליאָטעק פאַרברענט גע־וואָרן און מען קען ניט וויסן וועגן אַלץ, וואָס ס'איז דאָרט אויפגעטאָן גע־וואָרן. וועגן דעם וואָס מען ווייסט וועלן געמאַכט ווערן עטלעכע באַמער־קונגען.

דער אָנהויב וועט געמאַכט ווערן מיט יוקלידן, דעם מאַטעמאַטיקער. ער האָט געעפנט אַ שול אין אַלעקסאַנדריע אין דריטן יאָרהונדערט פ. קר. וואו ער האָט געלערנט געאָמעטריע מיט תלמידים. זיין אינטערעס אין גע־אָמעטריע איז געווען אַזוי גרויס, אַז קיין אנדער זאַך האָט אים ניט אינטע־רעסירט. עס ווערט דערציילט, אַז זיינער אַ תלמיד האָט אים איינמאָל געפרעגט וואָס פאַר אַ נוץ מען האָט פון געאָמעטריע, האָט יוקליד אַרויסגענומען אַ קליינע מטבעה און האָט זי דערלאַנגט דעם תלמיד זאָגנדיק: "נאַדיר באַ־צאָלט, אויב דו ווילסט קריגן באַלוינונג פאַר לערנען"...

ער האָט געאַרבעט זיין גאַנצן לעבן אויף צוזאַמענשטעלן געאָמעטריע אין אַ סיסטעם און ווען ער איז מיט איר פאַרטיק געוואָרן, איז זי געווען אַזוי פּאַלקאָמען, אַז ביזן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט מען אין איר קיין זאַך ניט געענדערט. ער אַליין איז געווען אַ גרויסער עניו, האָט ער געהאַלטן, אַז ער האָט דערמיט ניט אויפגעטאָן קיין זאַך און דערפאַר האָט ער אפילו קיין הקדמה ניט געשריבן פאַר איר. אַזוי ווי ער האָט ניט געזוכט קיין כבוד, האָט ער אַ צווייטן אויך ניט געגעבן קיין כבוד און האָט קיינעם ניט דערמאָנט פון די וועלכע האָבן געאַרבעט אויף די טעאָרעמעס, אויסער ווען ער האָט זיך ניט געקענט אויסדרייען פון אַ נאָמען, ווען די טעאָרעמע האָט געטראָגן דעם נאָמען פון דעם מחבר, ווי פּיטאַגאָרס טעאָרעמע. וועגן אים דערציילט מען עס, אַז ווען פּטאָלאָמיי האָט אים געפרעגט צי מען קען ניט לערנען גע־אָמעטריע אויף אַ לייכטערן אופן, ווי פון זיינע עלעמענטן, האָט ער אים גע־ענטפערט, אַז ס'איז ניטאָ קיין דירעקטער קעניגלעכער וועג אין געאָמעטריע. מען נעמט אָן, אַז אויסער דער ביבל, האָט זיין געאָמעטריע געהאַט די גרעס־טע ווירקונג.

אין דעם זעלבן יאָרהונדערט, נאָך אביסל שפּעטער, האָט געלעבט אַרכימעד, וואָס איז געווען איינער פון די גרעסטע פיזיקער, וואָס האָט ווען עס איז געלעבט. מען זאָגט, אַז וואָלט ער ניט געווען אונטער דעם איינפלוס פון דעם אַריסטאָטעליאַנישן בליק אויף דער וועלט, וואָלט ער אין זיין צייט און ניט גאַליליי מיט צוויי טויזנט יאָר שפּעטער, געווען דער גרינדער פון דער פיזיקאַלישער וויסנשאַפט. ער איז אי געווען געניאַל גענוג צו קענען אַנטדעקן פיזיקאַלישע געזעצן, אי ער האָט געהאַט אַ ריכטיקן צוגאַנג צו פיזיקאַלישע פּראָבלעמען. ער איז אָבער געווען אונטער דער ווירקונג פון אַ פאַלשן אויסגאַנגס פונקט, האָט ער ניט ריכטיק אָפּגעשאַצט די באַדייטונג פון זיינע אַנטדעקונגען. ער האָט געשאַפן די הײדראָסטאַטישע וויסנשאַפט (דעם געזעץ פון וואַסער־דרוק); דעם באַוואוסטן אַרכימעדישן פּרינציפּ וועגן שווים־פאַרהעלטענישן פון זאַכן און די דענסיטעט פון שטאָפן. ער האָט אויס־גערעכנט דעם געזעץ פון לעווער, דעם אַזוי אָנגערופענעם גאָלדענעם געזעץ פון מעכאַניק, וואָס שליסט אין זיך איין צייט, דיסטאַנץ און קראַפט. ווען ער

האָט אַנטדעקט דעם געזעץ, האָט ער געזאָגט: "גיט מיר אַן אָנשפּאַר פּונקט און איך וועל אָפּרוקן די ערד פון דעם פּלאַץ", אַזוי דערציילט מען. אַז טעאָרעטיש וואָלט מען עס געקענט טאָן, איז קיין פראַגן ניט, צי מען וואָלט עס געקענט טאָן פּראַקטיש, איז אַ גאָר גרויסע פראַגע: לויט דעם גאָלדענעם געזעץ קען מען טאַקע מיט אַ קליינער קראַפט אויפהייבן אַ גרויסע מאַסע, עס וואָלט אָבער זיך געוויס געפאָדערט הונדערטער יאָרן אַרבעט צו קענען אָפּרוקן די ערד אויף איין סענטימעטער פון איר פּלאַץ . . . עס איז אָבער אײַנער פון די וויכטיקסטע מעכאַנישע געזעצן סײַ ווי סײַ.

עס זיינען פון אים פאַרבליבן צען ביכער וועגן פאַרשיידענע פאָרשונגען, מערסטנס מאַטעמאַטישע פאָרשונגען. אויף ווי ווייניק ער אַליין האָט געוואוסט וועגן דעם ווערט פון זיינע וויסנשאַפטלעכע אויפטועגנען, קען מען זען פון דעם, וואָס ער האָט פאַררעכנט פאַר זיין וויכטיקסטן אויפטו דאָס וואָס ער האָט אויסגעפונען די מאַטעמאַטישע פּראָפּאָרציע פון אַ צילינדער צו אַ ספער (זע ווהיטהאם "די היסטאָריע אָוו סייענס" ז. 41) . . . דאָס מיינט גאַנץ איינפאַך, אַז ער האָט ניט געהאַט דעם קלענסטן באַגריף וועגן דער אַקטועלער באַדייטונג פון זיינע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען. ווען מען נעמט אין אָנבאַטראַכט דעם אַריסטאָטעליאַנישן אויסגאַנגס פּונקט צוזאַמען מיטן פאַקט, וואָס אַרבעט איז געטאָן געוואָרן פון שקלאַפן, קען מען זען פאַרוואָס ער האָט ניט פאַרשטאַנען די אַקטועלע באַדייטונג פון זיינע אַנטדעקונגען.

אַריסטאַרכוס, זיין צייט חבר, האָט אויסגערעכנט, אַז די זון איז דריי הונדערט מאָל גרעסער פון דער ערד (זי איז העכער אַ מיליאָן מאָל גרעסער). ער האָט אָנגענומען, אַז די ערד דרייט זיך אַרום דער זון און ניט די זון אַרום דער ערד. ליידער איז זיין מיינונג ניט אָנגענומען געוואָרן און עס איז אָנגענומען געוואָרן היפּפּאַרקוסעס מיינונג, אַז די זון דרייט זיך אַרום דער ערד. היפּפּאַרקוס איז געווען אַ גרויסער געלערנטער, נאָר מיט דעם טעות האָט ער פאַרפירט די מענטשהייט ביז קאָפּערניקוס האָט אינם זעכצנטן יאָרהונדערט באַוויזן דעם טעות.

די פאַלשע געאָצענטרישע באַגרינדונג, אַז די ערד געפינט זיך אין צענטער און די זון און אַלע הימלישע קערפּערס, דרייען זיך אַרום איר, איז פאָרמולירט געוואָרן פון פּטאָלאָמייען (די פּטאָלאָמעעשע אַסטראָנאָמישע סיסטעם) אין אָנהויב פון צווייטן יאָרהונדערט. נ. קר. אַריבער דריי הונדערט יאָר שפּעטער פון היפּפּאַרקוסעס צייט.

אין אַרכימעדוסעס צייט אינם דריטן יאָרהונדערט פ. קר. האָט אין מצרים אויך געלעבט דער גרויסער געלערנטער, עראַסטאַטענוס (ער איז געווען דער ביבליאָטעקער פון דעם מוזייאום). ער האָט כמעט ריכטיק אויסגערעכנט ווי גרויס די ערד איז (אַ טעות אויף קנאַפּע צוויי הונדערט מייל). ווען מען לייענט ווי אַזוי ער האָט אויסגערעכנט די גרויס פון דער ערד דורך פאַרגלייכן די גרויס פון פאַרשיידענע שטנס, וואָס די זון וואַרפט פון זאַכן, ווערט מען ממש נשתומם פון זיין געניאַלן וויסנשאַפטלעכן דענקען . . .

ער האָט אָפּגעלאַכט פון דער גריכישער גאוה, וואָס זיי האָבן זיך געהאַלטן העכער פאַר אַנדערע פעלקער. ער האָט געזאָגט, אַז מענטשן דאַרפן געאורטיילט ווערן אינדיווידועל און ניט פון וועמען זיי שטאַמען אַרויס, אָדער צו וואָס פאַר אַ פאָלק זיי באַלאַנגען (ער אַליין איז ניט געווען קיין

גריך).

פאַרשטייט זיך, אַז די פאָרשונגען האָבן זיך אין מצרים ניט באַגרענעצט מיטן פיזיקאַליש־אַסטראָנאָמישן געביט, זיי זיינען געוויס ניט געווען קלענער אויף אַנדערע געביטן, וואָס זיינען געווען באַקאַנט אין יענער צייט. דער פיזיקאַלישער געביט איז אַ מער קאָנקרעטער און אַ מער אַלגעמיין באַקאַנטער, קען מען וועגן אים מער וויסן, ווי וועגן אַן אַנדער געביט. מען ווייסט אויך, אַז אין דער מעדיצין איז גאַר א סך אויפגעטאָן געוואָרן אין מצרים. עס איז גענוג צו דערמאָנען די צוויי באַקאַנטע דאָקטוירים פון יענער צייט הוראפעלוס און עראַסטאַטענוס, די ערשטע אַנאַטאָמיקער און פיזיאָלאָגן, וואָס האָבן דיסעקטעט מענטשלעכע קערפּערס. מען זאָגט, אַז זיי האָבן אפילו דיסעקטעט לעבעדיקע מענטשן . . . די רעגירונג האָט זיי געגעבן שווערע פאַרברעכער און זיי האָבן געמאַכט פאַרשיידענע פאָרשונגען אויף די פאַרברעכער לעבעדיקערהייט און האָבן זיי אפילו דיסעקטעט, פאַרוואָס, (אויב ס'איז אַן אמת) מען קאָן זיי קיין קאָמפּלימענטן דערפאַר ניט געבן . . . מען ווייסט, אַז די דאָקטוירים זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן אויסגעפונען די נערוון פון די ספּעציעלע חושים. מיט הוראפעלוס נאָמען ווערט אָנגערופען א פלאַץ אין קאָפּ. דאָס איז א באַווייז, אַז ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געשריבן וועגן דעם.

די עטלעכע אויסגערעכנטע וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען אין אַלעקסאַנדריע צייגן וואָס פאַר א פאָרשונגס ארבעט עס איז געטאָן געוואָרן אין מצרים און ווייזן אויך אָן אויפן כאַראַקטער, וואָס די פאָרשונגען האָבן אָנגענומען אין מצרים. נאַטירלעך, אַז ס'זיינען בלויז דערמאָנט געוואָרן עטלעכע וויסנשאַפטלעכע פאַקטן. ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז אין מוזייאום האָבן געפאָרשט הונדערטער מענטשן פאַר עטלעכע הונדערט יאָר, קען מען זיך פאָרשטעלן, אַז זיי האָבן אויפגעטאָן א היפש ביסל וויסנשאַפטלעכע ארבעט. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז די ביבליאָטעק האָט פאַרמאָגט איבער פיר הונדערט טויזנט פאַרשיידענע ביכער (אַנדערע גיבן אָן א צאָל פון העכער זיבן הונדערט טויזנט), זיי האָבן געוויס ענטהאַלטן אַן אוצר פון וויסנשאַפטלעכע פאַקטן.

ווען מען באַקאַנט זיך מיט די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אין אַלעקסאַנדריע אין יענער צייט, אַנטשטייט די גאָר וויכטיקע פראַגע: ווי קומט עס, וואָס אָט די אַלע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען האָבן ניט געהאַט קיין אַלגעמיינע ווירקונג אויף מצרים? ווי קומט עס, וואָס זיי האָבן ניט געבראַכט קיין ממשותדיקע רעזולטאַטן און האָבן אין אַלגעמיין ניט געווירקט אויפן אַלגעמיינעם לעבן פון מצרים? דער ענטפער איז, אַז ס'זיינען געווען א סך סיבות פאַרוואָס זיי האָבן ניט געהאַט קיין אַלגעמיינע ווירקונג אויף זייער צייט. עטלעכע סיבות וועלן אויסגערעכנט ווערן:

1) אויף איין סיבה איז שוין אַזוי אויך צופיל מאָל אָנגעוויזן געוואָרן, זי מוז אָבער נאָכאַמאָל דערמאָנט ווערן און דאָס איז דער גריכישער אויסגאַנגס פונקט צו קוקן אויף דערשיינונגען פון שטאַנדפּונקט פון פאַרוואָס. דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט האָט געשטערט ארכימעדוסן צו באַגרייפן די באַדייטונג פון זיינע אייגענע אַנטדעקונגען. ער איז, נאַטירלעך, ניט געווען קיין אויסנאַם . . .

דער גריכישער אויסגאַנגס פּונקט האָט פּשוט געשטערט צו קענען זען די פּראַקטישע באַדייטונג פון די וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען.

2) דאָס פירט צו דער צווייטער סיבה: — די שקלאַפן סיסטעם. ווען אַרבעט איז געטאָן געוואָרן פון שקלאַפן און די גאַנצע ווירטשאַפט איז געווען באַזירט אויף שקלאַפן אַרבעט און דער פרייער מענטש האָט ניט געטאָן קיין פיזישע אַרבעט און ס'איז נאָך געווען נידעריקער פון זיין ווירדע צו טאָן פיזישע אַרבעט (די רוימער האָבן ניט פּראַקטיצירט מעדיצין, ווייל ס'איז פיזישע אַרבעט, וואָס איז נידעריקער פון דער ווירדע פון אַ רוימער . . .), האָט ניט געקענט אַנטשטיין קיין פראַגע וועגן פּראַקטישע נוצן פון פאָרשונגען: — מען האָט זיך ניט געניוטיקט אין קיין פּראַקטישע נוצן. שקלאַפן זיינען געווען מער ווי מען האָט געדאַרפט, האָבן זיי געטאָן אַלע אַרבעטן, איז וואָס פאַר פּראַקטישע נוצן האָט מען געקענט האָבן פון די רעזולטאַטן פון וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען?

ווען הערא האָט אויסגעפונען דעם פּרינציפּ פון דאַמף מאַשינעס און פון סיפאָנען, איז צוליב וואָס האָט ער געדאַרפט מאַכן מאַשינעס, ווען שקלאַפן האָבן געטאָן די אַרבעט? פאַקטיש האָט מען אפילו ניט געדענקט וועגן קיין פּראַקטישע נוצן פון די דערפינדונגען. די פאָרשונגען זיינען געווען ריין אַקאַדעמישע. נאָך מער, די פיזיקאַלישע אַנטדעקונגען און דערפינדונגען, זיינען געווען ריין צופעליקע, זיי זיינען געווען אַ רעזולטאַט פון אַן אינטערעס אין געאָמעטריע, פון זוכן פּראָפּאָרציע אין זאַכן, אָדער פון אַן אַנדער רעכענונג און ניט פאָרקערט, נוצן מאַטעמאַטיק פאַר פּראַקטישע רעכענונגען. ווען מען האָט דורך רעכענונגען עפּעס אויסגעפונען, האָט מען עס ניט באַטראַכט פאַר אַ פיזיקאַלישער דערגרייכונג, נאָר פאַר אַ דעמאָנסטראַציע פון אַ מאַטעמאַטישן אמת. וועגן דער פיזיקאַלישער זייט פון דעם פּראָבלעם האָט מען אַפילו ניט געדענקט און מען האָט ניט געזוכט קיין נוצן פון אים. ניט נאָר האָט מען זיך פאַקטיש ניט געניוטיקט אין קיין טעכנישע דערפינדונגען, נאָר מען האָט פּסיכאָלאָגיש אפילו ניט געקענט דענקען וועגן זיי, ווען די גאַנצע ווירטשאַפט איז געווען באַזירט אויף אַרבעט פון שקלאַפן און דער פרייער מענטש האָט זיך אָפּגעטראָגן מיט פאַראַכטונג צו פיזישער אַרבעט ווי אַ באַשעפטיגונג וואָס פּאַסט נאָר פאַר שקלאַפן און ניט פאַר קיין פרייע מענטשן. אונטער אַזאַ פּסיכאָלאָגישן בליק קען זיך ניט אַנטוויקלען קיין נייגונג צו עקספּערימענטירן פאַר פּראַקטישע צוועקן און מען קען ניט דענקען וועגן אַנטוויקלען טעכנישע אינסטרומענטן; מען דאַרף זיי ניט און מען דענקט וועגן זיי ניט.

3) דאָס פירט צו דער דריטער סיבה, צום כאַראַקטער פון מוזייאום און די אַרבעט, וואָס איז אין אים געטאָן געוואָרן. דער מוזייאום איז ניט אַרויסגעוואַקסן געוואָרן פון די קולטור אינטערעסן, אָדער קולטור באַדינגונגען פון אַלעקסאַנדריע; ער איז געווען אַ רעזולטאַט פון קעניגלעכע קאַפּריזן, וואָס האָבן אַליין געהאַט קולטור אַספּיראַציעס און זיי האָבן זיך אַרומגערינגעלט מיט קולטור מענטשן, וואָס זיינען געווען פרעמדע אין לאַנד און האָבן ניט געהאַט קיין שום פאַרבינדונג מיטן לאַנד.

מענטשן, וואָס האָבן געהאַט קולטור נייגונגען, זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אין מוזייאום פון דער גאַרער וועלט; זייער אינטערעס איז געווען אַ ריין אַקאַדעמישער, אויף וויפיל זיי זיינען געווען ערנסט און ניט אַלע זיינען

געווען ערנסט . . . מען ווייסט, אז ס'האָבן זיך אהין צוזאמענגעקליבן אומזיסטע עסערס פון דער גאַרער וועלט, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין שום קולטור אינטערעסן, זיי האָבן איבערגעשריבן וואָס ס'האָט זיך געמאכט אבי זיי האָבן געהאַט א היים אומזיסט. ווי ס'זאָל ניט זיין, האָבען די מענטשן ניט געהאַט קיין שייכות צום לאַנד און ניט צו דער שטאָט און קיין פראַקטישע לאָקאַלע אינטערעסן האָבן זיי לגמרי ניט אינטערעסירט. פאַקטיש זיינען זיי אפילו ניט געקומען אין באַרירונג מיטן ארומיקן לעבן און מיט די לאָקאַלע אינטערעסן. זיי האָבן געאַרבעט גוט אָדער שלעכט, ווי ס'האָט זיך געמאַכט, אָדער ווי זייער נייגונג איז געווען, אָן וועלכער עס איז שייכות מיטן ארומיקן לעבן. דאָס אויסערלעכע לעבן האָט זיי ניט באַווירקט און זיי האָבן ניט געהאַט קיין ווירקונג אויף דעם אויסערלעכן לעבן. דאָס זיינען געווען צוויי וועלטן, וואָס האָבן צווישן זיך קיין מגע־ומשא ניט געהאַט.

4) דאָס פירט צו דער פערטער סיבה, צו דער באַפעלקערונג פון מצרים אין אלגעמיין און צו דער לאָקאלער באפעלקערונג אין אלעקסאנדריע. מצרים איז געווען א לאַנד מיט א גאַר אלטער קולטור, פאַקטיש מיט דער עלטסטער קולטור אויף דער וועלט. דאָס לאַנד האָט געהאַט אן איינגעפונדעווטען לעבנס שטייגער מיט פיקסירטע מנהגים, וואָס זיינען געבליבן ווי פריער אויך נאָכדעם, ווי די גריכן און אַנדערע פעלקער האָבן אריינגעדרונגען אהין. די פרעמדע ווירקונג איז נאָר אויסגעאיבט געוואָרן אויף אלעקסאנדריע, אָבער ניט אויפן אלגעמיין לאַנד. דאָס לאַנד איז געבליבן קולטורעל ניט באַרירט פונם פרעמדן עלעמענט. פאַרקערט, די גריכן האָבן זיך אסימילירט לויט די טראַדיציעס פון לאַנד און האָבן אַנגענומען דעם לאָקאלן שטייגער פון לעבן: די קעניגן האָבן חתונה געהאַט מיט זייערע שוועסטער לויט דעם מנהג פון די פרעהס און אז. וו.

אַלעקסאַנדריע גופא האָט זיך ניט אַנטוויקלט אויף אַ נאַטירלעכן אופן און האָט ניט געהאַט קיין באַשטימטע פיזיאָגנאָמיע, ניט קיין איינהייטלעכע באַפעלקערונג און ניט קיין איינהייטלעכן פיקסירטן שטייגער לעבן. זי איז געשאַפן געוואָרן לויטן קאַפּריז פון א קעניג, א דעספּאָט, וואָס האָט ניט נאָר באַשטימט איר כאראקטער, נאָר האָט איר אויך געגעבן א באַפעלקערונג. די גריכן זיינען געווען די הערשער, זיי זיינען שוין אָבער געווען העלענער און ניט קיין ווירקלעכע גריכן. א גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג איז געווען א אידישע, וואָס כאָטש זי האָט זיך שפּראַכלעך אסימילירט, איז זי געבליבן טראַדיציאָנעל אידיש. נאַטירלעך, אַז אין אַלעקסאַנדריע זיינען געווען אַ היפּש ביסל מצרים, אין אלגעמיין אָבער איז די שטאָט באַשטאַנען פון אן ערב־רב פון פארשיידענע אריענטאלישע פעלקער, וואָס זיינען זיך אהין צוזאמענגעלאָפן א דאנק דעם, וואָס ס'איז געווען דער וויכטיקסטער ים טראַקט און דער קאָמערציעלער צענטער פון דער וועלט.

די אלע פארשיידענע מענטשן גרופּן האָבן אין אלעקסאנדריע געפירט זייער אייגנארטיק לעבן, ווי אין זייער אלטער היים. זיי זיינען געווען צעטיילט און עס איז ניט געווען קיין איינהייטלעכער צענטראלער אינטערעס, וואָס זאָל זיי געווען פארבינדן אין אן איינהייט. אמת די אָפיציעלע שפּראַך פון לאַנד איז געווען גריכיש, אָבער דער איינציקער פאראייניגונגס פאַקטאָר איז ניט געווען גענוג, ער זאָל קענען געווען פאראייניקן די פארשיידענע

מענטשן און אין זיי אנטוויקלען אן איינהייטלעכן אינטערעס. אויף וויפיל אַט דער כאַאָטישער צושטאַנד איז געווען צעשטערענד באווייזט דער פאקט, וואָס אפילו די אָפיציעלע גריכישע שפּראַך איז פארגראָבט געוואָרן. שפּראַך פאַר־שער דערציילן, אז די שפּראַך איז מיט דער צייט פארגעסן געוואָרן און מען האָט גערעדט און געשריבן א באַרבארישן גריכיש פול מיט גרייזן. דאָס אַלעס באווייזט, אז דער מוזייאום און די ביבליאָטעק האָבן געהאט א קליינע קולטורעלע ווירקונג אויפן לאַנד.

5) די פינפטע און פיליכט וויכטיקסטע סיבה איז געווען די אנטוויק־לונג פון רוים אלס וועלט אימפעריע. פיגוראַטיוו גערעדט קען מען זאָגן, אז דער רוימישער סאָלדאט, וואָס האָט דערהרגעט ארכימעדן, האָט סימבאָליש געטויטעט די אלעקסאנדריער וויסנשאפט און אלץ, וואָס וואָלט אונטער אנ־דערע באַדינגונגען געקענט פון איר ארויסקומען . . . היסטאָריקער זיינען איינשטימיק אין דער מיינונג אז די רוימער האָבן ניט געהאט קיין אַלגעמיי־נע קולטור אינטערעסן, זיי זיינען געווען וועלט עראָבערער און וועלט באהער־שער, זייער לעבן און זייער גאנצע עקזיסטענץ, איז געווען באזירט אויף פירן מלחמות און אונטערדריקן פעלקער אונטער זייער יאָך. קולטורעל האָבן זיי נאָר אינטערעסירט ענינים, וואָס האָבן געהאט א שייכות צו וועלט הערשאפט, ווי בויען וועגן פאר לעגיאָנען, די מיליטער "קונסט", אדמיניסטראציע און יורעספרודענץ און ניט קיין אנדער זאך. ווי זאָגט א. גרעמיער אין זיין בוך "די ספּיריט אָוו ראָם" (דער רוימישער גייסט): עס איז קיינמאָל ניט געווען און עס האָט אויך קיינמאָל ניט געקענט זיין קיין געזעלשאפט פאר קולטור אינ־טערעסן אין רוים . . .

6) די זעקסטע סיבה איז געווען — דער מענטשלעכער געדאנק גופא, וואָס איז געפלאָסן אין אן אנדער ריכטונג; אין א ריכטונג, וואָס איז געווען קעגן וויסנשאפט און קעגן ראַציאָנאַלן דענקען אין אלגעמיין. וועגן דעם פאַ־דערט זיך אָבער א ספּעציעלע אָפּהאנדלונג און ווען זי וועט געגעבן ווערן, וועט שוין אויך באַרירט ווערן דאָס וואָס דער העלעניזם האָט יאָ אויפגעטאָן.

# קאַפּיטל 14

# די אידן

"הגיד לך אדם מה־טוב ומה יהוה דורש ממך כי אם־עשות משפט ואהבת חסד והצנע לכת עם־אלהיך" (מען זאָגט דיר, מענטש, וואָס איז גוט, און וואָס יהוה פארלאנגט פון דיר; נאָר טאָן גערעכטיקייט, ליב האָבן גענאָד און אומגיין שטיל פאר דיין גאָט) מיכה קאפּ. ו' שורה ח.

בראדיער זאָגט: "דאָס אידישע קעניגרייך איז ניט באַשטאַנען פון קיין אימפּעריע; עס האָט ניט געשאַפן קיין אייגענע ציוויליזאציע און פונדעסטוועגן קען מען מיט רעכט אָנרופן די אידן דאָס אויסדערוויילט פאָלק. עס האָט שטענדיק געקעמפּט פארן עקזיסטענץ; עס איז אונטערדריקט און געפאנגען געוואָרן פון פאַרשיידענע פעלקער. פון אומגליק און פון פּיין האָט עס געשאַפן א ליטעראטור און אַ רעליגיע, וואָס זיינען דערהאַבן און פּראכטפול און אויף וועלכע דער גלויבן פון דער וועלט איז באזירט." (זע "פּעדזשענט אָוו סיוויליזיישאָן" ז. 84).

ר. דיקסאָן זאָגט: "ווי אויף יחידים, אזוי ווירקט אויך אויף פעלקער געניאליטעט, פעאיקייט און אינטעלעקטועלער כוח. ווי אַן איינצעל מענטש, וואָס איז אָרעם און האָט ניט קיין פארבינדונגען, אויב ער איז נאָר פעאיק און האָט מוט, קען ער בייקומען שטערונגען און שטייגן צו דערפאָלג, אזוי קען אויך א פאָלק ווערן א פירער־פאָלק. דאָס הייפעלע אָרעמע און וואנדערענדע סעמיטן, די אידן, האָבן פאר זיך דורכגעבראָכן א וועג צו דער קליינער און אָרעמער פאלעסטינע; זיי האָבן זיך באַזעצט אויף שטיינערנע בערג און אין דער אָרעמער סביבה האָבן זיי אַרויסגעבראַכט אַ קולטור, וואָס איז, אמת, מאַטעריעל אָרעם, וואָס איז אָבער אזוי רייך אין געדאַנקען און אין באַגריפן, אז זי האָט געהאט א באַשטימענדע ווירקונג אויף דער וועלט" (זע "די בילדינג אָוו קאָלטשורס" ז. 277).

און קענאָן סטריטער פרעגט: "ווי קומט עס וואָס די מאָדערנע וויסנשאַפט איז אנטשטאַנען אין אייראָפּע אזוי גיך נאָך אזא לאנגער צייט פון באַרבאַריזם און זי איז ניט אנטשטאַנען צווישן די באַגאַבטע אזיאַטישע פעלקער? כאָטש זיי האָבן געהאַט אַן אַלטע טראַדיציע פון אַן אינטעלעקטועלן לעבן. און ער ענטפערט: "ווהייטהעד זאָגט, אז דער מיטלאלטערלעכער סכאָלאסטיציזם, וואָס האָט אינטערפּרעטירט דעם אידישן מאָנאָטעאיזם אין דער ליכט פון גריכישן ראציאָנאלן דענקען, האָט געפירט צו דער איבערצייגונג,

אַז גאָט איז ראַציאָנאַל דערפֿאַר איז זיין וועלט פֿאַרשטענדלעך. דאָס איז נאָר אַ האַלבע דערקלערונג; לויט מיין מיינונג האָט די אידישע באַהויפּטונג "וירא אלהים כי טוב" געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויפֿן אייראָפּעאישן דענקען" (זע "די בודא ענדי די קרייסט" ז. 49).

די אויסצוגן ווייזן אָן אויפֿן אידישן ביטראַג צו דעם אַלגעמיינעם דענ־קען; וועט געמאַכט ווערן אַ פֿאַרזוך צו זען ווי דער אידישער אַרט דענקען האָט זיך אַנטוויקלט.

דער מאָמענט ווען די אידן זיינען דערשינען אויף דער וועלט ארענע איז געוויי ניט באַקאַנט. מען נעמט אָן, אַז דאָס איז פֿאָרגעקומען אינם דריי־צענטן יאָרהונדערט פּ. קר. און עס האָט גענומען אַ פּאָר הונדערט יאָר ביז זיי האָבן זיך פֿאַראייניקט. מ. אסטור ווייזט אָן, אַז די דעשיפֿרירטע טאָוולען פֿון ראש־שאַמראַ שטימען מיט די תל־אל־אמאַרנאַ בריוו און אַז די שפּת כנען האָט מען שוין גערעדט אין יענער צייט. די אידן האָבן זיך שוין, וואַרשיינ־לעך, אָפּגעטיילט פֿון די כנענים (זע ייוואָ בלעטער אקט. 1938).

מען נעמט אָן, אַז די אידן האָבן ביסלעכווייז אריינגעדרונגען קיין כנען פֿון די ארומיקע סטעפּעס; ביסלעכווייז האָבן זיי באַזיגט די כנענישע באַפֿעל־קערונג און האָבן פֿאַרנומען דאָס לאַנד. (דאָס שליסט ניט אויס די טראַדיציאָ־נעלע מיינונג, אַז משה האָט אַרויסגעפֿירט אידן פֿון מצרים. וו. אָלברייט נעמט עס אָן פֿאַר אַ פֿאַקט; ער שליסט זיין ארגומענטאַציע מיט "פֿאַלגלעך וועלן מיר אָננעמען די היסטאָרישקייט פֿון משה'ן און זיין ראָלע אַלס דער שאַפֿער פֿונם יהוה'יזם").

די אידן, וואָס זיינען געקומען פֿון דער מדבר, האָבן באַטראַכט כנען פֿאַר אַ לאַנד אין וועלכן עס פֿליסט מילך און האָניק; פּאַקטיש איז עס געווען אַ קליין אָרעם לאַנד אָן פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן. שז. אדאַם סמיט זאָגט דאָס לאַנד "איז געווען אָן ערך 150 מייל לאַנג און פּערציק מייל ברייט פֿון ירדן צו מערב צו. דער קלימאַט איז געווען אַ טראָפּישער. נאָר אַ נאָמאַד, וואָס איז געקומען פֿון דער מדבר און אַ בלינדער פֿאַנאַטיקער, האָט עס געקאָנט באַ־צייכענען פֿאַר אַ שיין לאַנד . . . עס זיינען אין דעם ניט געווען קיין גרויסע טייכן און אויך ניט קיין גרויסע פּרוכטבאַרע שטיקער לאַנד. איבעראַל זיינען געווען שטיינער און זומפּן; נאַקעטע בערג און שטיינער צווישן וועלכע עס האָט זיך געפֿונען אַ גאָרטן אָדער אַ פֿעלד. קיין וועלדער זיינען אינם לאַנד אויך איצט ניטאָ. און די גרעסטע טייל פֿון יאָר זעט עס אויס ווי אַ חשכ'דיקע קאָמבינאַציע פֿון גרוי און ברוין. צום סוף ווינטער און אין אָנהויב פֿרילינג, ענדערט זיך אביסל די פּאַנאָראַמע; עס שפּראָצן ארויס בלומען און גרינע בלע־טער, וואָס דערפֿרישן דאָס אויג פֿונם טוריסט" (זע "היסטאָריע ענד דזשיאָג־ראַפֿיע אָוו די האָלי לענד" זז. 104, 99).

אין אָט דעם קליינעם און אָרעם לאַנד, האָבן כמעט אין דער זעלבער צייט מיט די אידן אריינגעוואָנדערט די פּלשתים פֿון כפתור (קריט?) און די פֿעניציער. זיי האָבן פֿאַרנומען די ים ברעגן און האָבן פֿאַרצוימט פֿאַר די אידן דעם דירעקטן צוטרעט צום ים. דאָס האָט פֿון זיי צוגענומען די מעגלעכ־קייט צו אַנטוויקלען אַ ים האַנדל. איז דאָס, ווי עס ווייזט אויס, ניט געווען גענוג, געפֿינט זיך כנען צווישן מצרים, אשור און בבל, וועלכע זיינען אין יע־נער צייט געווען די קעמפֿענדע אימפּעריעס פֿון דער וועלט, פֿלעגן זייערע

מארשירענדע ארמייען חרוב מאכן דאָס לאַנד פון צייט צו צייט . . . אָט דאָס איז עס געווען דאָס "ארץ זבת חלב ודבש" . . .

ווען די אידן זיינען דערשינען אויף דער וועלט ארענע, האָבן מצרים און בבל שוין געהאט אלטע קולטורן און ווילנדיק אָדער ניט ווילנדיק, זיינען זיי באַאיינפלוסט געוואָרן פון די דאָזיקע קולטורן. מיט מצרים איז די פארבינ־דונג, ווי ס'זעט אויס, ניט געווען אזא איינגע, ווי מיט בבל. פונדעסטוועגן דענקט דובנאָוו, אז די ענלעכקייט פון די עשרת הדברות אויף א שריפט פון מצרים איז ניט קיין צופעליקע און פראָפעסאָר יהודה און שז. ברעסטעד, גייען נאָך ווייטער פון דובנאָוון, און וואָס אַנבאַלאַנגט בבל איז די ווירקונג געווען א דירעקטע: האממוראביס געזעצן האָבן געהערשט איבער גאַנץ מעסיפּאָ־טאַמיע און הגם די אידישע געזעצן זיינען מילדערע און מער הומאנע, זיינען זיי אזוי ענלעך אויף האממוראביס געזעצן, אז מען קען ניט צווייפלען אין דעם איינפלוס . . . מען דאַרף ניט פארגעסן, אז אינם אָנהויב פון זייער געשיכטע האָבן זיך די אידן ניט איזאָלירט פון דער ארומיקער וועלט, ווי זיי האָבן עס געטאָן שפּעטער און דערפאר איז קיין צווייפל ניט, אז זיי זיינען באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער סביבה. דאָס מיינט אָבער ניט, אז זייער בייטראג צו דער וועלט, אויף וועלכן דאָס פריער ציטירטע זאָגט עדות, איז ניט זייער אן איי־גענער. דאָס זאָגן אפילו ניט זייערע ביטערסטע שונאים. דער בייטראג איז זייער אן אייגענער.

אזוי ווי דער אידישער דענקען הויבט זיך אָן מיטן תנ"ך און די אי־דישע ווירקונג אויף דער וועלט איז הויפּטזעכלעך פאָרגעקומען דורך דעם תנ"ך, וועט דער תנ"ך גענומען ווערן פארן אויסגאנגס פּונקט.

דער תנ"ך איז אזוי לייכט און אזוי פארשטענדלעך, אז יעדער איינער פאַרשטייט זיין אינהאַלט. טרעט מען אָבער צו אים צו קריטיש, געפינט מען גלייך אויס, אַז ער ענטהאַלט אין זיך אַ סך שוועריקייטן און אַ היפּש ביסל ווי־דערשפּרוכן . . . נאָך ערגער שנייט מען אָפּ פון די תנ"ך קאָמענטירער; זיי ווידערשפּרעכן זיך אויף אַזויפיל, אַז מען נוצט זיי פאַר אַ קלאַסישן ביישפּיל, ווען מען וויל אָנווייזן אויף ווידערשפּרעכנדע מיינונגען: "זיי ווידערשפּרעכן זיך אויף אזויפיל, ווי די קאמענטירער פונם תנ"ך" . . .

די ווידערשפּרוכן און שוועריקייטן פונם תנ"ך זיינען געשיכטלעכע און טעאָלאָגישע; זיי האָבן ניט קיין שייכות מיט קולטור געשיכטע, ווייל פאר קול־טור געשיכטע איז וויכטיק דער סאָציאַל עטישער באגריף פון א מעשה און ניט איר היסטאָרישער אמת, אָדער די טעאָלאָגישע אינטערפּרעטאציע: — אז אַ באַשטימטער באגריף האָט געהערשט אין א באטרעפענדער צייט זאָגט עדות די מעשה גופא אָן אונטערשייד צי זי ענטהאלט א היסטאָרישן אמת, אָדער זי באַשטייט פון א לעגענדע. א ביישפּיל וועט עס אילוסטרירן: אין תנ"ך ווערט דערציילט, אַז יפתח האָט געגעבן אַ נדר, אַז אויב גאָט וועט איבער־געבן די בני עמון אין זיינע הענט און ער וועט זיי באזיגן, וועט ער ברענגען פאר א קרבן צו גאָט דאָס ערשטע, וואָס וועט אים קומען אנטקעגן פון זיין הויז, ווען ער וועט זיך אומקערן צוריק זיגרייך. וועגן דעם וואָס עס וועט אים קומען אנטקעגן זאָגט ער ניט. פון דער דראַמאַטישער פאסירונג זעט מען, אז ער האָט אין זינען געהאט א חיה. אז זיין טאָכטער קען זיין די ערשטע, וואָס וועט אים קומען אנטקעגן, זעט מען, אז ער האָט ניט געדענקט. אזוי ווי אָבער

ער האָט זי ניט אויסגעשלאָסן פון דעם נדר, איז זי אומדירעקט און ניט באַוואוסטזיניקערהייט, איינגעשלאָסן געוואָרן אין דעם נדר. אַ נדר, זעט מען ווייטער, האָט געמוזט דורכגעפירט ווערן באין ברירה.

ווען יפתחן איז די טאָכטער געקומען אנטקעגן מיט טרומייטן און געזאנג, האָט ער צעריסן די קליידער, ער האָט געיאָמערט, דעם נדר האָט ער אָבער דורכגעפירט . . . און דאָס האָט ער געטאָן דערפאַר, וואָס לויטן הערשענדן ב אַ ג ר י ף האָט ער ניט געהאט קיין אנדער ברירה. ווען דער אינצידענט האָט פּאַסירט, אָדער ווען די לעגענדע איז געשאַפן געוואָרן, אויב ס׳איז נאָר אַ לעגענדע, האָט מען ניט געוואוסט, אַז מען קען מתיר זיין אַ נדר און מען איז ניט געצוואונגען צו ברענגען די טאָכטער פאַר אַ קרבן, ווען מען וויל עס ניט און ווען מען האָט אפילו זי ניט אין זינען געהאט ווען מען האָט געגעבן דעם נדר. עס האָט געדאַרפט הערשן אַ באגריף, אַז אַ נדר מוז דורכגעפירט ווערן אומבאדינגט צי מען האָט דאָס געמיינט, אָדער מען האָט עס ניט געמיינט. האָט מען געגעבן אַן אַלגעמיינעם נדר, שליסט ער אין זיך אַלץ איין און ס׳איז פאַרפאַלן לעולם ועד: — ס׳איז ניטאָ קיין וועג ווי אים צו מאַדעפיצירן.

אין אָט דעם געדאנקלעכן זינען וועלן עפּיזאָדן פונם תנ״ך באטראכט ווערן. דער אָנהויב וועט געמאכט ווערן מיט אַ פּרימיטיוועור מעשה פון שופטים; די מעשה איז פּרימיטיוו אי לויט איר שפּראַך און אי לויט איר אינהאַלט. זי וועט איבערגעגעבן ווערן פאַרקירצט אין אַ פרייער איבערדערציילונג. דער אינהאַלט פון דער מעשה איז, אַז אַ מאַן מיטן נאָמען מיכה האָט גע־גנבעט ביי זיין מוטער ״טויזנט מיט הונדערט זילבערשטיק.״ ווען ער האָט גע־הערט, אַז זיין מוטער האָט געשאָלטן דעם גנב, האָט ער זיך דערשראָקן פאַר דער קללה און האָט דערציילט דער מוטער, אַז ער האָט צוגענומען דאָס געלט. פאַר גרויס שמחה, וואָס דאָס געלט האָט זיך געפונען, האָט די מוטער ״גע־הייליקט דאָס געלט צו גאָט . . . אויף צו מאכן אַ געשניצט און געגאָסן בילד.״ זי האָט געגעבן אַ טייל פונם זילבער אַ גאָלדשמיד און ער האָט דערפון געמאכט אַ ״געשניצט און געגאָסן בילד״, וואָס איז געווען אין מיכה׳ס הויז צוזאַמען מיטן ״אפוד״ און די ״תרפים״ און מיכה האָט געמאכט ״אַ הויז פאַר גאָט״ און האָט באַשטימט איינעם פון זיינע זין פאַר אַ ״כהן.״

״אין יענע טעג איז קיין מלך ניט געווען אין ישראל, איטלעכער האָט געטאָן וואָס איז רעכט אין זיינע אויגען״. אַ יונגערמאַן אַ ״לוי״ פון ״דער משפּחה פון יהודה״ איז ארומוואנדערענדיק געקומען צו די געבערג פון אפרים אין מיכה׳ס הויז אַריין; האָט אים מיכה אָנגעשטעלט ער זאָל זיין ״דער כהן און פאָטער פון גאָטס הויז״.

דאָס איז איין טייל פון דער מעשה און איצט קומט דער צווייטער טייל. דער שבט דן, ווערט דערציילט, האָט ניט געהאט קיין נחלה ״צווישן די שבטים פון ישראל״, האָט ער געשיקט מענער, מרגלים, זיי זאָלן געפינען אַ פּלאַץ, וואו מען זאָל זיך קענען באַזעצן. די מרגלים זיינען פאַרבייגעגאַנגען מיכה׳ס הויז; זיי האָבן דערקענט דעם ״לוי״ און ער האָט זיי דערציילט וואָס ער טוט ביי מיכה׳ן. ווען זיי האָבן געפונען אַ קאָלאָניע, וואָס איז געווען באוואוינט פון צידונים און זיי האָבן באַשטימט, אַז מען קען זי לייכט באזיגן, האָבן זיי זיך אומגעקערט אַ היים און האָבן איבערגעגעבן ״פאַרוואָר גאָט האָט עס געגעבן

אין איירע הענט.״ זעקס הונדערט באַוואָפּענטע מענער האָבן זיך ארויסגע־לאָזט אין וועג צו דעראָבערן די קאָלאָניע. ווען זיי זיינען פאַרבייגעגאַנגען מיכהס הויז, האָבן די מרגלים זיי דערציילט וועגן ״גאָטס הויז.״ זיינען זיי אריין אין הויז און האָבן צוגענומען ״דעם אפוד, די תרפים און דאָס געשניצטע בילד.״ ווען דער ״לוי״ האָט פּראָטעסטירט, האָבן זיי אים געהייסן שווייגן און האָבן צו אים געזאָגט ״זיי פאַר אונדז א פאָטער און א כהן. איז דיר בעסער צו זיין א כהן ביי איין מענטשענס הויז, אָדער זיין א כהן ביי א שבט און ביי א משפחה אין ישראל? דער ״לוי״ האָט אָנגענומען דעם אָנבאָט און איז מיט זיי מיטגעגאַנגען. ווען מיכה און זיינע לייט האָבן פּראָטעסטירט, האָבן די בני דן זיי געז׳עצה׳ט צו אנטשוויגן ווערן און ניט מאכן קיין טענות און אויב ניט, וועלן זיי כאַפּן אַ געהעריקן פּסק.

די בני דן האָבן באַפאַלן די פרידלעכע צידונים און האָבן זיי אויס־גע׳הרגט ביז איין מענטשן. זיי האָבן פאַרברענט די שטאָט און האָבן אויפגע־בויט אַן אייגענע קאָלאָניע אויפן פּלאַץ. די מעשה פאַרענדיקט זיך אז ״די קינ־דער פון דן האָבן אויפגעשטעלט דאָס געשניצטע בילד, און יהונתן דער זון פון גרשום דער זון פון מנשה, ער און זיין זון, זיינען געווען כהנים באַם שבט דן, ביזן טאָג פון דעם גלות פון לאַנד, און זיי האָבן געהאַלטן אויפגעשטעלט באַ זיך דאָס געשניצטע בילד, וואָס מיכה האָט געמאכט, אַלע טעג וואָס דאָס הויז פון גאָט איז געווען אין שילו.״ (שופטים ק. 17, 18).

די מעשה איז איבערגעגעבן געוואָרן אין אָנהויב פון דער אָפּהאַנד־לונג וועגן די אידן דערפאַר, וואָס דער עפּיזאָד ענטהאַלט אַן אָנהויב פון דער קולטור געשיכטע פונם אידישן פאָלק און ער ווייזט אויך אָן ווי די אידן האָבן אריינגעדרונגען אין לאַנד כנען. געוויס קען מען אין א פרייער איבערדער־ציילונג פון א ביבלישער מעשה ניט איבערגעבן די אטמאָספערע פון דער פּאַסירונג און פון דעם קולטור היסטאָרישן שטאַנדפּונקט איז דאָס דאָך דער עיקר . . . ליידער קען מען ניט ציטירן קיין צוויי קאַפּיטלעך תנ״ך אינם אייגנאַרטיקן ביבלישן סטיל, מען מוז זיך צופרידנשטעלן מיט דער טרוקע־נער מעשה.

פאַרשטייט זיך, אַז ס׳איז ניט קיין אונטערשייד צי ס׳האַנדלט זיך וועגן א היסטאָרישער פּאַסירונג, אָדער וועגן א גאָר אַלטער לעגענדע. אין ביידע פאַלן איז דער אינהאַלט כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם אָנהויב פונם אי־דישן לעבן אין ארץ ישראל. מען זעט, אז דער עפּיזאָד איז פאַרשריבן גע־וואָרן א סך שפּעטער, ווי ווען ער זאָל געווען האָבן פּאַסירט; מען דאַרף אָבער צוגעבן, אז דער כראָניקער האָט אים איבערגעגעבן אזוי פּרימיטיוו, אָט ווי די פּאַסירונג זאָל געווען פּאַרקומען פאַר זיינע אויגן. די גאַנצע מעשה אָטעמט מיט פּרימיטיווער אַטמאָספערע.

אין דער מעשה לויפן פּאַראַלעל צוויי פאַרשיידענע פּאַסירונגען און זיי ביידע זיינען וויכטיק, אי די מעשה וועגן דנ׳ס נחלה פּראָבלעם, אי דער אינ־צידענט מיטן געשניצטן גאָט און אז. וו. כאָטש דנ׳ס עפּיזאָד קומט אין תנ״ך פאַר שפּעטער, וועט ער דאָ פריער באַטראַכט ווערן. מען זעט, אז דן איז נאָך געווען א באַמאדן שבט, וואָס האָט ניט געהאַט קיין נחלה און ווי ס׳זעט אויס, האָט ער אויך ניט געהאַט קיין ״גאָט״ . . . אמת דאָס ווערט ניט געזאָגט אויס־דריקלעך; מען האָט אָבער א רעכט צו אָננעמען, אז ער האָט ניט געהאַט קיין

שום פאָרשטעלונג וועגן גאָט און האָט ניט געהאַט קיין באַשטימטן אופן ווי צו דינען גאָט. אַז ער האָט געהאַט א באַגריף וועגן גאָט איז קיין צווייפל ניט. ווי ס׳זאָל ניט זיין, האָט ער צוגענומען א ״גאָט״ מיט גוואלד און מיטן געגנב׳טן ״גאָט״ האָט ער עטאַבלירט א רעליגיע אינסטיטוציע מיט א ״כהן״ און אז. וו.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם אופן ווי דן האָט געקראָגן זיין נחלה, ווייס מען פון יהושוען און פון שופטים, אַז אויף דעם אופן האָבן די אידן אין אַלגעמיין געקראָגן זייער נחלה . און וואָלט מען עס ניט געוואוסט, וואָלט מען זיך געדארפט משער זיין . דאָס איז אַלעמאָל געווען און ס׳איז נאָך איצט אויך דער אַלגעמיינער מעטאָד ווי צו עראָבערן לענדער. די אידן זיינען אין דעם היבזיכט ניט געווען קיין אויסנאם.

דער נחלה פּראָבלעם איז געווען אן איינפאכער און ער איז געלייזט געוואָרן אויף אן איינפאכן אופן: מען האָט אויסגע׳הרג׳ט די איינגעזעסענע באַפעלקערונג און מען האָט פאַרנומען איר פּלאַץ .

א סך קאָמפּליצירטער און פון קולטור היסטאָרישן שטאַנדפּונקט א סך וויכטיקער, איז די מעשה מיט ״גאָט״. ווי זי ווערט דערציילט קען מען זען, אַז אין דער צייט ווען דאָס זאָל האָבן פּאסירט, איז ביי די אידן ניט געווען קיין פאָלקאָמען אָרגאניזירטער געזעלשאפטלעכער לעבן און ס׳האָט אויך ניט עק־זיסטירט קיין באַשטימטער גאָט באַגריף: מען האָט געמאכט א געטשקע און א ״הויז פאר גאָט״ און איינעם פון די זין האָט מען געמאכט פאר א ״כהן״ אָדער מען האָט געדונגען א ״לוי״ ער זאָל דינען פאר א ״כהן״ (אָלברייט האלט אז א ״לוי״ איז מען געוואָרן דורך א נדר צו דינען גאָט און ס׳האָט ניט קיין שייכות מיט אָפּשטאַם. זע ״ארכיאלאדזשי ענד די רעלידזשאָן אָוו איזראעל״. ז. 109).

די מאָראלע אַטמאָספערע איז לויט דער דערציילונג א גאנץ נידעריקע: מיכה גנב׳עט ״זילבערשטיק״ ביי זיין מוטער; זי שעלט און ווען ער קערט איר אום דאָס געלט, מאַכט זי פון דעם א געטשקע און אַלץ איז ווייטער גוט. ווען דן באַ׳גזלט מיכה׳ן, ער נעמט ביי אים צו זיין ״גאָט״ מיט זיינע ארויסהעלפערס און לייגט פאָר דעם ״לוי״ ער זאָל ווערן א ״כהן״ ביי א גאנצן שבט ״האָט זיך דעם כהנס האַרץ דערפרייט, ער האָט גענומען דעם אפוד און די תרפים און דאָס געשניצטע בילד און איז אריין צווישן פאָלק״ . . . עס זאָל אים אָנהויבן צו אַרן וואָס דאָ איז פאָרגעקומען גנבה און גזלה, אָבער פאַרוואָס זאָל ער זיך דערפון נעמען צום הארצן, אז ״גאָט״ קימערט זיך ווייניק וועגן דעם: דן, ווערט געזאָגט, האָט מצליח געווען ״און זיי האָבן געהאלטן אויפגעשטעלט ביי זיך דאָס געשניצטע בילד, וואָס מיכה האָט געמאכט אלע טעג וואָס דאָס הויז פון גאָט איז געווען אין שילו״ . . . (דאָס איז ניט קיין אויסנאם דערשיינונג: האָט דאָך די מוטער רחל אויך גע׳גנב׳עט תרפים ביי איר פאָטער לבן און ווען ער איז נאָכגעלאָפן און האָט זיי געזוכט, האָט זי זיי באהאלטן אונטערן זאָטל און האָט געבעטן דעם פאָטער זי ניט צו באזוכן ווייל זי איז קראנק...)

די מעשה מיט דן און מיט מיכה, איז ווי צוגעשניטן פארן אָנהויב פון דער אידישער קולטור געשיכטע. געוויס איז עס ניט קיין קולטור אָנהויב; אָבער וועגן קיין ווירקלעכן אָנהויב ווייסט מען אין אלגעמיין ניט און די אידן האָבן אָנגעהויבן פונם פארטיקן: זיי זיינען אריינגעקומען אין א לאַנד, וואָס האָט געהאַט א קולטור, ווי מען קען עס זען פון דער מעשה און מען ווייסט

עס אין אלגעמיין.

די מעשה מיט גדעונ'ען געפינט זיך אין שופטים פריער, ווי דער עפּיזאָד מיט מיכה'ן. קולטור היסטאָריש באלאנגט זי צו א סך א שפּעטערדיקן פּעריאָד. אין דעם פאל זיינען די אידן דער אגריקולטורעלער עלעמענט, וועמען די נאמאדן, די מדינים און עמלקים, באפאלן. אין דער מעשה ווערט דערציילט ווען די תבואה איז געוואָרן צייטיק זיינען די מדינים און עמלקים באפאלן ווי די היישעריקן מיט זייערע אקסען און קעמלען און האָבן אלץ צוגענומען און פארניכטעט. "גדעון האָט געקלאפּט זיין ווייץ אין קעלטער, כדי אויסצובאַהאלטן זיך פון מדין." עס איז צו אים געקומען "א מלאך פון גאָט . . . און גדעון האָט דאָרט געבויט א מזבח צו גאָט." "גאָט האָט אים געהייסן צו צוּשטערן דעם מזבח, וואָס איז געשטאַנען פארן אָפּגאָט בעל. די בעל אָנהייגער האָבן אים געוואָלט הרגענען דערפאר, וואָס ער האָט צושטערט דעם מזבח און האָט אָפּגעהאקט דעם הייליקן בוים . . . זיין פאָטער, יואש, האָט אים געראַטעוועט פון טויט האלב דורך זיין מאַכט און האלב מיט זיין חכמה. ער האָט געזאָגט צו די בעל אָנהייגער "האתם תריבון לבעל אם־אתם תושיעון אותו אשר יריב לו יומת עד הבקר אים אליהם הוא ירב לו כי נתץ את מזבחו" (ווילט איר זיך קריגן פאר בעל? אָדער ווילט איר אים העלפן ווער עס וועט זיך קריגן פאר אים, וועט געטויט ווערן ביז אין דער פרי. אויב ער איז אַ גאָט, זאָל ער זיך אליין קריגן פאר זיך, וואָס מען האָט צובראָכן זיין מזבח).

ווייטער ווערט דערציילט, אַז ווען גאָט האָט אים געהייסן אַרויסגיין און קעמפן קעגן די נאמאדן, האָט ער זיך נישט געאיילט אים צו פאָלגן; ער האָט געפאָדערט באַווייזן פון גאָט, אז ער וועט אים העלפן צו באַזיגן די נאָמאדן. ער האָט אוועקגעלייגט א שטיקל וואָל אויף דר'ערד און האָט אויסגעבּנומען א תנאי מיט גאָט, אז מאָרגן אין דער פרי זאָל די גאנצע ערד זיין טרוקן און די וואָל אליין זאָל זיין נאס. ווען אזוי האָט פאסירט, איז ער נאָך אלץ ניט געווען צופרידן: ער האָט געפאָדערט, אז אין דעם צווייטן פרימאָרגן זאָל פּאָרקומען דאָס פארקערטע: די ערד זאָל זיין נאס און דאָס שטיקל וואָל זאָל בלייבן טרוקן . . . ווען אויך דאָס האָט פאַסירט, האָט ער צונויפגענומען א מחנה און האָט מיט זיי געוואָלט אָנפאלן אויף די נאָמאדן. איז אָבער "גאָט" ניט געווען צופרידן: די מחנה איז געווען א צו גרויסע און "גאָט" האָט געוואָלט צייגן א נס, ער האָט געוואָלט, אז גדעון זאָל באַזיגן די נאמאדן מיט אַ קליינער ארמיי . . . נאָך פארשיידענע סאַרטירונגען, וואָס זיינען זייער אינטערעסאנט פון קולטור היסטאָרישן שטאַנדפּונקט, זיי מוזן אָבער אויסגעלאָזט ווערן, איז גדעון געבליבן מיט דריי הונדערט מענטשן און מיט "גאָט'ס" הילף האָט ער באזיגט די נאמאדן און נאָכדעם איז ער געבליבן דער געזעצלעכער "שופט" ביי די אידן אויף זיין גאנצן לעבן. קיין דינאַסטי האָט ער ניט געוואָלט שאַפן. ער האָט געזאָגט "ניט איך וועל געוועלטיקן איבער אייך, און ניט מיין זון וועט געוועלטיקן איבער אייך, גאָט וועט געוועלטיקן איבער אייך." דאָס ווייטערדיקע קען אויסגעלאָזט ווערן. די יותם אלעגאָריע, אז נאָר א דאָרןבוים וויל הערשן און ניט קיין פּראָדוצירענדער בוים, איז זייער אַן אינטערעסאנטע, זי מוז אָבער אויסגעלאָזט ווערן.

די מעשה האָט אין זיך אלע סימנים פון אלטקייט; עס מערקט זיך אָבער די האנט פון א רעדאקטאָר וואָס האָט זי באַפּארבט אביסל. אין איר הוילער

פאַרמעג ענטהאַלט זי א דאָפּעלטן קאַמף, אן אינערלעכן און אויסערלעכן, וואָס די אידן האָבן געפירט פאר זייער עקזיסטענץ שוין פון דעם אָנהויב פון זייער געשיכטלעכן לעבן; א קאַמף צווישן מענטשן און צווישן געטער...

די אידן זיינען אין יענער צייט ניט געווען אָרגאַניזירט; ווען זיי זיי־נען באַפאַלן געוואָרן פון א שונא, איז אנטשטאַנען א פירער (״שופט״) און האָט זיי צייטווייליק אָרגאַניזירט. גדעון איז ניט געווען דער ערשטער ״שופט״; מיט זיין נאָמען איז פארבונדן אן עפּיזאָד, וואָס פון דעם קולטור היסטאָרישן שטאַנדפּונקט איז ער וויכטיק דערמיט, וואָס ער צייגט אָן אויף דער אַנט־וויקלונג פונם גאָט באגריף ביי די אידן און זיין קאַמף מיט די בעלים. עס זיינען געווען יהוה דינער און בעל דינער און א שטרייט איז צווישן זיי פאָר־געקומען. יהוה, ווי מען קען זען, איז געווען דער חשוב׳ערער גאָט — דער פירער איז געווען פון זיין צד . . . דערפאר איז אָבער בעל געווען דער לאָקאַ־לער גאָט, ער איז געווען דער באַלעבאָס איבער דער פּרוכטבאַרקייט פון לאַנד און ס׳איז געווען שווער אים צו באקעמפן. ווען עס איז געקומען אן עת צרה האָט מען זיך דערמאָנט אין יהוה ווען די געפאר איז אריבער, האָבן די לאָ־קאַלע געטער אים באזיגט .

דאָ איז וויכטיק צו באמערקן, אז נאָר אונטער פּאָליטעאיזם איז מעג־לעך צו געבן אַזאַ לאָגישן אַרגומענט, ווי יואש האָט געגעבן ״אם אלהים הוא ירב לו״, מאנאטעאיזם קען זיך נישט בארימען מיט אזא רעליגיעזער טאָלע־ראַנץ . . . מען קען זען, אז גדעונס צייט איז געווען א היבש ביסל ווייט פון מאָנאָטעאיזם; יהוה איז נאָך געווען א קליינער מיוחס, ער אליין קומט צו גדעונען און גדעון איז סקעפּטיש, ער פאָדערט באווייזן פון יהוה׳ן, אז ער קען, אָדער ער וועט טאָן דאָס, וואָס ער זאָגט צו. דאָס אַלץ זיינען סימנים, אז די מעשה איז א גאנץ אלטע.

די יפתח מעשה ענטהאַלט א ווייטערדיקן טראָט אין דער אידישער געשיכטע; עס האנדלט זיך שוין וועגן צוויי אָרגאַניזירטע שונאים. אמת יפתח איז ניט קיין אידעאַלער פירער, אָבער פאָרט א פירער, וואָס רעדט צום קעניג פון עמון אין נאָמען פון א פאָלק. מען נעמט אָן, אז זיינע אַרגומענטן באַלאַנ־גען צו א שפּעטערדיקן רעדאַקטער; עס האנדלט זיך אָבער וועגן אָן אָרגאַ־ניזירט פאָלק. דער נדר איז פריער באטראכט געוואָרן; עס איז א טראַגישע לעגענדע פון די קינדער יאָרן פונם אידישן פאָלק. זי צייגט, אז ברענגען קינ־דער פאר קרבנות איז אָנגענומען געוואָרן פאר נאַטירלעך.

די דבורה הנביאה פאסירונג, האַלט מען, באַשטייט פון איינעם פון די ערשטע פארזוכן, אויב ניט פונם ערשטן פארזוך, צו פאראייניקן די אידן אין זייער קאַמף קעגן די כנענים, וואָס זיינען געווען זייער ערשטער וויכטיקסטער שונא; מער קאָרעקט וואָלט געווען צו זאָגן, אַז די אידן זיינען געווען זייער שונא; זיי זיינען געווען די איינגעזעסענע צווישן וועמען די אידן זיינען גע־ווען צעשפּרייט אויף פארשיידענע פּלעצער. א קאַמף איז אנטשטאַנען צווישן זיי און די אידן. פון דעם אידישן זיג איז געבליבן דער פראַכטפולער שיר: ׳שמעו מלכים האזינו רזנים אנכי ליהוה אנכי אשירה אזמר ליהוה אלהי ישראל׳. אָט דער שיר איז געבליבן פאר אן אנדענק פון איינעם פון די ערשטע אידישע קאַמפן פארן עקזיסטענץ. מען האַלט, אז ער שטאַמט פונם עלפטן יאָרהונדערט. ווי שיין די דבורה הנביאה מעשה איז, אזוי ניט שיין איז די לעגענדע

וועגן שמשון הגיבור. די לעגענדע וועגן זיין געבורט, ווי אַזוי אַ געטלעכער מאַן זאָגט זיין מוטער אָן וועגן זיין קומען, און אַז ער וועט דארפן זיין א ״נזיר״, שטימט אינגאנצן ניט מיט זיינע האנדלונגען . . . פון דער לעגענדע לערנט מען דריי זאכן 1) אז נזירות איז אין יענער צייט באַשטאַנען בלויז פון אַן אויסערלעכער פאָרמע, וואָס האָט צו קיין זאך נישט פארפליכטעט. 2) אז די אידן זיינען געווען זייער נאָענט מיט זייערע שכנים. די איזאָלאציע האָט זיך אָנגעהויבן שפעטער און 3) די פלשתים האָבן אָנגעהויבן ווערן א מאכט און זיינען מיט דער צייט געוואָרן א גרויסע געפאַר פאר דער אידישער עקזיס־טענץ. (אלברייט האלט, אז די לעגענדע שטאַמט פונם 12טן יאָרהונדערט פ. קר.)

די עטלעכע פאסירונגען, אָדער לעגענדעס פון שופטים, צייגן אז די אַנטוויקלונג פון דעם אידישן פאָלק איז פאָרגעקומען אויף אַ לאַנגזאַמען אופן. דער אָנהויב איז געווען פון א זייער קליינער ניט אָרגאניזירטער גרופּע מענטשן, וואָס האָט געלעבט צעוואָרפן אויף פארשיידענע פלעצער; זיי זיינען בלויז געווען פאַרבונדן צווישן זיך דורך אַן אָנהויב פון אַ רעליגיעזן באַגריף. אין אַן עת צרה איז אנטשטאַנען א פירער און האָט זיי געראַטעוועט; זיי זיינען אָבער ווייטער געבליבן ניט אָרגאניזירט ווי פריער.

דאָס איז נאָר וועגן די מעשיות, וואָס זיינען איבערגעגעבן געוואָרן ביז איצט; שופטים פארענדיגט זיך מיט א מעשה, וואָס איז באקאנט אונטערן נאָמען פלגש בגבעה. דאָס איז א גאַנץ פארשיידענע מעשה; אין איר האנדלט זיך וועגן אַן אינערלעכער פאסירונג צווישן די אידן גופא, ווי א פארברעכע־רישע האנדלונג פון עטלעכע לומפּן האָט געפירט צו א בירגער קריג און ווי דער מאָראַלער פארברעכן, וואָס איז געשטיצט געוואָרן אומדירעקט פון א ״גאנצן שבט״ האָט שיר ניט פארניכטעט דעם ״שבט״ דורך די הענט פון דעם ״גאַנצן פאָלק.״

גרעץ זאָגט, אז די דערשיטערונג, וואָס דאָס פאָלק האָט איבערגעלעבט פונם פלגש בגבעה אינצידענט איז געווען דער סיגנאַל, וואָס האָט געפירט צו דער פאראייניקונג פון פאָלק. קענען געוויס זיין מיינונגס פארשיידנהייטן וועגן דער סיבה, אָדער סיבות, וואָס האָבן געפירט צו דער אָרגאַניזאציע פון די צע־וואָרפענע טיילן אידן; מען האָט אַ רעכט צו אָננעמען, אַז די דראָענדע געפאַר פון די פלשתים איז געווען אַ ווירקזאַמערע סיבה, ווי די פלגש בגבעה מעשה, אויב אפילו זי ענטהאלט אַן אמת . דובנאָוו צווייפלט אין איר היסטאָרישן אמת; ער האלט אז זי איז א לעגענדע .

אין קורצן באַשטייט די פלגש בגבעה טראַגעדיע אין פאָלגנדן: א מאַן מיט זיין קעפּס ווייב זיינען, פאָרנדיק אהיים, געבליבן נעכטיקן אין גבעה, וואָס האָט באַלאַנגט צום שבט בנימין. א מאַן פון גבעה האָט זיי איינגעלאַדן צו זיך אין הויז ביי אים צו איבערנעכטיקן. ביינאַכט האָבן זיך צוזאמענגעקליבן לומפּן און האָבן געפאָדערט פונם בעל אכסניה ער זאָל ארויסגעבן דעם אורח און זיי וועלן מיט אים טאָן, וואָס זייער הארץ גלוסט. דער בעל אכסניה האָט זיך ביי זיי געבעטן ניט צו פאַדעדן דעם אורח; ער האָט זיי פאָרגעלייגט צו געבן זיין אייגענע טאָכטער. זיי האָבן אָבער נאָר געוואָלט דעם פרעמדן מאַן. ענדלעך האָבן זיי איינגעשטימט זיך צו צופרידנשטעלן מיט דער קעפּס־ווייב. זיי האָבן זי געפייניקט די גאנצע נאכט און האָבן זי פריי געלאָזט אין דער פרי. זי איז

געקומען צום הויז און איז געפאַלן טויט באַם שוועל. ווען דער מאַן איז אַרויס־געקומען און האָט זי דערזען ליגן, האָט ער זי גענומען וועקן צו גיין אין וועג אַריין, (וועגן דער פּאַסירונג גופא האָט ער זיך, ווי ס'זעט אויס, ווייניק גע־קימערט...), ווען ער האָט אויסגעפונען, אַז זי איז טויט, האָט ער זי גענומען אַהיים אַ טויטע; ער האָט צעשניטן איר קערפּער אויף צוועלף טיילן און האָט זיי צושיקט צו די צוועלף שבטים און האָט זיי דערציילט, וואָס ס'האָט פּאַסירט מיט אים און מיט איר.

דאָס פאָלק איז פאַרציטערט געוואָרן פון דעם פאַרברעכן און האָט זיך צוזאַמענגעקליבן ווי איין מענטש און האָט געפאָדערט פון שבט בנימין צו אַרויסגעבן די לומפּן און דאָס פאָלק וועט זיי טויטן אום צו אויסראָטן דאָס פאַרדאָרבענע פון צווישן די אידן. ווען די בנימינער האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו אַרויסגעבן די לומפּן, האָט דאָס פאָלק מיט זיי מלחמה געהאַלטן און האָט אויסגע'הרג'עט כמעט דעם גאַנצן שבט. נאָר זעקס הונדערט מענער זיינען גע־בליבן לעבן פונם גאַנצן שבט. דאָס פאָלק האָט געשוואָרן, אַז קיין איד זאָל זיך ניט משדך זיין מיט די איבערגעבליבענע בנימינער.

נאָך דער פאַרניכטענדער מלחמה האָבן די אידן זיך אַרומגעזען, וואָס פאַר אַן אומגליק זיי האָבן אויף זיך געבראַכט; — זיי האָבן באַשטימט צו פאַר־שניידן אַ גאַנצן שבט פון ישראל. אַ שבועה איז אָבער אַ שבועה און מען קען זי ניט ברעכן . זיי האָבן געיאָמערט און געקלאָגט און האָבן ענדלעך זיך אַן עצה געגעבן ווי צו ראַטעווען דעם שבט און די שבועה ניט ברעכן. ערשטנס האָט איין שטאָט ניט געשיקט קיין מענער אין דער מלחמה קעגן בנימינ'ען; האָבן זיי גע'הרגעט יעדן מאַן און פאַרהייראַטע פרוי פון דער שטאָט, זיינען זיי געבליבן מיט פיר הונדערט מיידלעך און האָבן געהאַט פיר הונדערט ווייבער פאַר די בנימינער און צווייטנס האָבן זיי באַשטימט, אַז זיי קענען טאַקע די שבועה ניט ברעכן, די בנימינער קענען אָבער כאַפּן מיידלעך און מיט זיי חתונה האָבן . . . פלעגן די בנימינער לויערן אין די ווייַנגערטנער פון שילו, וואוהין מיידלעך פלעגן קומען טאַנצן און זיי פלעגן כאַפּן די מיידלעך און זיי נעמען זיך פאַר ווייבער. אויף דעם אופן איז דער בנימין פּראָבלעם גע־לייזט געוואָרן און קיין שבט איז ניט פאַרניכטעט געוואָרן .

גרעץ זאָגט, אַז די מאָראַלע דערשיטערונג פון פלגש בגבעה איז גע־ווען אַ סיגנאַל, וואָס האָט געפירט צו פאַראייניקונג פון די אידן און דובנאָוו זאָגט, אַז די מעשה האָט ניט קיין היסטאָרישן הינטערגרונט און דאַרף ניט אָנגענומען ווערן פאַר קיין היסטאָרישן אמת .

ווען מען באַטראַכט דעם טרויעריקן פלגש בגבעה אינצידענט קריטיש, זעט מען, אַז ניט נאָר ענטהאַלט ער ניט קיין איין פאַקט, וואָס זאָל צווינגען צו גלויבן, אַז ס'האַנדלט זיך אין אים וועגן אַ היסטאָרישן אמת, נאָר פאַרקערט; דער אינהאַלט גופא פירט צו צווייפלען צי דאָס האָט ווירקלעך פּאַסירט. מען האָט אַ רעכט צו אָננעמען, אַז מען האָט צו טאָן מיט אַ גאָר גאָר אַלטער לע־גענדע, פאַרשטייט זיך, אַז אויב דאָס האָט קיינמאָל ניט פּאַסירט, האָט עס ניט געקענט האָבן קיין ווירקונג אויפן גאַנג פון דער אידישער געשיכטע. לעגענ־דעס אָבער ענטהאַלטן אַ פּאָטענציעלע מעגלעכקייט פאַרן פאָלק אין וועלכן זיי ווערן געשאַפן און פאַר דער צייט אין וועלכער זיי זיינען געשאַפן געוואָרן; — זיי זיינען פּסיכיש און מאָראַליש, אין איינקלאַנג מיטן פאָלק און מיט דער

צייט.

ווען מען באַטראַכט אזעלכע לעגענדעס, דאַרף מען אין זינען האָבן, אז אין דער צייט ווען זיי זיינען פאָרמירט געוואָרן, זיינען די מענטשן ניט געווען צופיל קריטיש, אָדער שטרענג לאָגיש אויסגעהאַלטן און, נאַטירלעך, דאַרפן זיי ניט באַטראַכט ווערן לויט מאָדערנע באַגריפן: — מען דאַרף זיי נעמען קולטור היסטאָריש.

האָבנדיק דאָס אַלץ אין אויג, קען מען צוגיין צו דער לעגענדע און זי באַטראַכטן פון א היסטאָרישן פּערספּעקטיוו. דער ערשטער איינדרוק איז אַן אויסערגעוויינטלעך פיינלעכער ארום און ארום: — די מאָראַלע אטמאָס־פערע, אין וועלכער זי איז געשאַפן געוואָרן, איז א זייער נידעריקע. אפילו דאָס פאָלק, וואָס איז "אויפגעטרייסלט געוואָרן" און ס'האָט גענומען פירן א קאַמף פאר דער געזעלשאַפטלעכער מאָראַל "צו אויסראָטן פארדאָרבענהייט פון צווישן זיך", שטייט זייער אויף א נידעריקער מאָראַלער הויך: עס קען ניט ברעכן קיין שבועה, ווען אפילו ס'האַנדלט זיך וועגן ראַטעווען א גאַנצן שבט פון אונטערגאַנג (דאָס איז נאָך א באַווייז, אז זיי האָבן ניט געוואוסט פון קיין מתיר נדר זיין), עס הרגעט אָבער אויס א גאַנצע שטאָט מענער און פאַרהיי־ראַטע פרויען כלומרשט דערפאר וואָס די מענער זיינען ניט מיטגעגאַנגען אין דער מלחמה קעגן בנימינען, אָבער פאַקטיש אום זיי זאָלן האָבן מיידלעך פאר כלות פאר די בנימינער, וועמען זיי קענען ניט געבן זייערע אייגענע טעכ־טער, ווייל זיי האָבן געשוואָרן זיך ניט צו מתחתן זיין מיט זיי.

דאָס ווייזט אָן אויפן מאָראַלן באַגריף פונם "גאַנצן פאָלק." די אַלע אנדערע צדדים פון דעם זייער ניט סימפּאַטישן אינצידענט, שוין ניט רעכענען די לומפּן, שטייען א סך נידעריקער מאָראַליש פונם פאָלק: דער בעל אכסניה ווייל געבן זיין אייגענע טאָכטער צו די לומפּן און דער מאַן גיט זיי זיין פרוי, און בנימינער פירן א מלחמה מיטן גאַנצן פאָלק און גיבן ניט ארויס די לומפּן. און נאָך דעם אַלעמען, איז ווען מען נעמט די לעגענדע סימבאָליש, איז גרעץ גערעכט: — דער צענטראַלער פונקט פון דער לעגענדע באַשטייט פון אַ מאָראַלן פּרינציפּ; עס ווערט געפירט א קאַמף פאר מאָראַל. נאַטירלעך, אז די אינטערפּרעטאַציע פון דער מאָראַל איז אין איינקלאַנג מיטן באַגריף פון דער צייט ווען די לעגענדע איז געשאַפן געוואָרן. ווען מען נעמט די לעגענדע פון דעם שטאַנדפּונקט ענטהאַלט זי אין זיך אַן אָנהויב פונם שפּעטערדיקן אי־דישן ארט דענקען.

די מעשיות פון שופטים צייגן אָן אויף די ערשטע טריט פונם אידישן פאָלק; איצט וועלן געמאכט ווערן עטלעכע באַמערקונגען וועגן די ערשטע טריט פונם אידישן גאָט.

וועגן דעם אורשפּרונג און דעם כאראקטער פון די ערשטע פּאַזן פון רעליגיע זיינען אָנגעשריבן געוואָרן גאַנצע ביבליאָטעקן ביכער. צווישן די דאָזיקע ביכער פאַרנעמט די געשיכטע פון דער אידישער רעליגיע דעם ער־שטען פּלאַץ: — איז זי דאָך דער קוואַל פון די אנדערע צוויי וועלט רעלי־גיעס. און נאָך דער גאַנצער ארבעט ווייס מען זייער ווייניק וועגן די ערשטע טריט פונם אידישן גאָט. וואו די אידן האָבן געקראָגן יהוה'ן, דעם דרומדיקן גאָט פון דונער, איז נאָך אַן אָפענע פראַגע. די הערשענדע מיינונג איז, אז זיי האָבן זיך מיט אים באַקאַנט ארום דעם געגנט פון בארג סיני, אז זיי האָבן

אים געגומען ביי די קיניער, אָדער מדינים. די מיינונג וואַרט אויף א באַשטעטיקונג (ס'איז אויך פאַראַן א מיינונג, אז ער האָט זיך אנטוויקלט פון די לאָקאַלע געטער פון לאַנד כנען. זע וו. פ. באדע "די אַלד טעסטאַמענט אין די לייהט אָוו טודעי").

עס איז כמעט ווי זיכער, אז ער שטאַמט פון דער מדבר און אז ער איז געבאָרן געוואָרן ביי נאַמאַדן פאָלק. ער האָט געהאַט שוועריקייטן זיך צו צופאסן צו אן אגריקולטורעלער אטמאָספערע.

די כנענים, צווישן וועלכע די אידן האָבן ארייגעדרונגען, זיינען געווען אן אגריקולטור פאָלק און זיי האָבן אנטוויקלט א קולטור לויט די באגריפן פון אן ערדארבעטער פאָלק. ווי א פרימיטיוו קולטור פאָלק האָבן זיי געהאַט א נאַטור רעליגיע, וואָס האָט זיך אנטוויקלט לויט די לאָקאַלע באדינגונגען. זייערע געטער, ווי די געטער פון בבל אין אלגעמיין, האָבן געהאַט אן ענגע פאַרבינדונג מיט געשלעכט, אָט ווי די מערסטע נאַטור רעליגיעס פון אגריקולטור פעלקער, פאַר וועמען די פראָדוקטיוויטעט פון לאַנד און די פערטיליטעט פון חיות, איז דער וויכטיקסטער ענין. ביי כנענים און ביי די מעסיפאטאמיער אין אלגעמיין, איז די דאָזיקע פארבינדונג געווען א זייער ענגע. זי האָט געפירט צו דער הייליקער פראָסטיטוציע, וואָס אפילו די ניט צופיל מאָראַלע גריכן האָבן ניט געקענט פארדייען. די אידן, מיט זייער מאָראַלן מדבר גאָט, האָבן עס אינגאנצן ניט געקענט דולדן. מיטן קאַמף קעגן געשלעכט אין רעליגיע איז דער תנ"ך אָנגעפילט.

מיטן אידישן פרימיטיווסטן באַגריף וועגן גאָט באגעגענט מען זיך ביי מיכה'ן, פון וועמען דן האָט צוגענומען דעם גאָט און האָט אים עטאבלירט אין שילו. אין דער פארבינדונג זעט מען ניט דעם כאראקטער פון דער רעליגיע. מען זעט ניט קיין קרבנות קולט און ניט קיין קלעריקאַלן קלאַס. מען זעט נאָר אן אָנהויב פון אזא קלאַס.

אז אין יענער צייט האָבן די אידן פארהייליקט שטיינער, בוימער, וואַסער־קוואַלן און אז. וו. זעט מען פונם תנ"ך אויף שריט און טריט. אויך שפּעטער האָבן זיי געהאַט לעגיטימע געטלעכע סימבאָלן ווי קעלבער, "נחשתן", דעם "ארון", די "לוחות" און אז. וו. (וואָס די "לוחות" זיינען געווען איז אן אָפענע פראגע. אלפרעד בארטלעט ספּעקולירט, אז זיי זיינען מסתמא באַשטאַנען פון מעטעאָרן. זע "איי היסטאָריע אָוו היברו סיווילייזיישן").

דער מהלך צווישן מיכה'ס באגריף וועגן גאָט און גדעונס באגריף, אָדער דבורה הנביאה'ס, איז אזא גרויסער, אז ס'איז שווער צו זען ווי די אידן האָבן אים אזוי שנעל דורכגעמאכט. מען דאַרף אָבער ניט פארגעסן, אז שופטים באַשטייט נאָר פון קליינע רעשטלעך פון א היסטאָרישן פּראָצעס, וועלכע זיינען צוזאמענגעשטעלט און רעדאקטירט געוואָרן, מיט הונדערטער יאָרן שפּעטער נאָך דעם ווי דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען, אָדער אויב דאָס זיינען לעגענדעס, איז נאָך דעם ווי די לעגענדעס זיינען פאָרמירט געוואָרן. ס'איז מעגלעך, אַז די מיכה לעגענדע איז געבליבן אין איר אָריגינאַלער פאָרמע און די מעשיות וועגן גדעונ'ען און דבורה'ן, זיינען רעדאקטירט געוואָרן און שפּעטערדיקע באגריפן זיינען צו זיי צוגעגעבן געוואָרן. מען דאַרף אויך ניט פארגעסן, אז יהוה איז אין אָנהויב ניט געווען קיין צו גרויסער מיוחס ביי די אידן; ער האָט געדארפט פירן א קאַמף מיט אַנדערע געטער און לעבן בשלום מיט

די הויז געטשקעס, מיט די תרפים און ווי געזאָגט, זיינען די אידן ניט געווען קיין קעגנער פון געטלעכע סימבאָלן אין אָנהויב פון זייער געשיכטע: — דער קופערנער שלאַנג האָט עקזיסטירט ביז יחזקיהו׳ס צייט ״וואָרים ביז יענער צייט פלעגן די קינדער פון ישראל רויכערן צו איר און מען האָט זי גערופן נחשתן.״

דער קאַמף צווישן די געטער איז פאָרגעקומען אויף דער נאַציאָנאַלער ליניע, אָדער צו זיין מער פינקטלעך, אין אָט דעם קאַמף איז באַשטאַנען די נאַציאָנאַלע ליניע. יהוה איז אויף לעבן און טויט געווען א קעגנער פון די בעלים און די עשתרות, די געטער פון פעלקער צווישן וועלכע די אידן האָבן געלעבט. אין דער מאָדערנער שפּראַך און לויט מאָדערנע באַגריפן, קען מען זאָגן, אז די אידן האָבן געפירט א קאַמף פאַר זייער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ און דער קאַמף האָט זיך מאַניפעסטירט דורך דעם קאַמף קעגן די פרעמדע געטער: — לויט די געטער האָבן זיך פעלקער דיפערענצירט. די געטער האָבן באַשטימט די טעריטאָריעס פון די פעלקער, ווי מען זעט עס פון יפתח׳ס ענטפער צום קעניג פון עמון, ווי ער זאָגט אים ״יהוה, דער גאָט פון ישראל, האָט פאַרטריבן דעם אמורי פון פאַר זיין פאָלק ישראל און דו ווילסט אים ירשענען. ירשנסטו ניט דאָס וואָס כמוש דיין גאָט גיט דיר צו ירשענען.״ נאָך בולטער זעט מען דעם טערעטאָריאלן כאַראַקטער פון די געטער פון דוד׳ס באַקלאָגן זיך, אז שאול האָט אים פאַרטריבן ״פון זיין באהעפט אָן דער נחלה פון יהוה, אזוי צו זאָגן: גיי דין פרעמדע געטער.״ עס מיינט: וואו מען האָט זיך געפונען, דעם לאָקאַלן גאָט האָט מען געדאַרפט דינען. (למען האמת דאַרף צוגעגעבן ווערן, אז אלברייט האַלט ניט פון דער אינטערפרעטאַציע פון יהוה; ער האַלט, אז די אידן האָבן יהוה׳ן גלייך פון אָנהויב אָנגענומען פאַר א מין עקסטעריטאָריאלן און אין אַ געוויסן זין אַפילו, פאַר אן אוניווערסאַלן גאָט. ער טייטשט די נאָר וואָס געבראַכטע שטעלן אויס אויף אביסל אן אנדער אופן. דאָס איז אָבער אן ענין פאַר פאַכלייטע צו באַשטימען).

פאַרשטייט זיך, אז ווען יהוה האָט אויסגעקליבן די אידן פאַר זיין פאָלק און האָט זיי ״געגעבן״ דאָס לאַנד כנען, אויף וועלכן אן אנדער פאָלק האָט געלעבט און ס׳האָט געהאַט אן אייגענעם גאָט אָדער געטער, איז אנטשטאַנען א קאַמף צווישן די פעלקער און די געטער. דאָס אידישע פאָלק האָט געזיגט, ווייל דער אידישער גאָט האָט געזיגט.

דער קאַמף איז געווען א שווערער און א לאַנג דויערנדער דערפאַר, וואָס די אידן האָבן אריינגעדרונגען אין א לאַנד, אין וועלכן עס האָבן געהערשט באַגריפן, וועלכע האָבן זיך אנטוויקלט ארום די אינטערעסן פון אן אגריקולטור לעבן, מיט געטער, וואָס האָבן געהערשט איבער דער פּראָדוקטיוויטעט פון לאַנד און איבער דער פערטיליטעט פון די הויז חיות און די פעלקער האָבן געהאַט יום טובים, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט די פעריאָדישע קלימאַטישע ענדערונגען און אז. וו. קעגן דעם אלעמען האָבן די אידן געדאַרפט קעמפן.

ווען די אידן האָבן זיך באַזעצט אויפן לאַנד און זיינען געוואָרן ערד־ארבעטער, האָבן זיי איבערגענומען די זיטן, מנהגים און די באַגריפן, פון דער איינגעזעסענער באַפעלקערונג און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צו אסימילירן צווישן איר; זיי האָבן זיך אָבער ניט אויפגעלייזט ווי אן איינהייט. מען האָט

א רעכט צו אָננעמען, אַז זיי האָבן זיך ניט אויפגעלייזט דערפאַר, וואָס פירנדיק אַ קאַמף פאר זייער עקזיסטענץ, האָבן זיי זיך דערמאָנט אין זייער פארגאנגענ־הייט, זיי האָבן זיך דערמאָנט אין זייער גאָט און דעם בונד וואָס ער האָט גע־שלאָסן מיט זיי.

פארשטייט זיך, אַז ווען מען שטייט אויפן טראַדיציאָנעלן שטאַנדפונקט און מען נעמט אָן, אַז משה האָט ארויסגעפירט די אידן פון מצרים און אַז. וו. ווי, צום ביישפיל, פּראָפעסאָר אויסטערלי נעמט אָן (זע "היברו רעלידזשין"), האָט מען דאָ ניט קיין ספּעציעלן פּראָבלעם: — דער ברית יהוה קומט ארויס ווי א רעזולטאט פון דעם היסטאָרישן פּראָצעס אין איינקלאַנג מיט דער תורה. נעמט מען דאָס ניט אָן, דאַרף מען צוגעבן, אַז מען שטייט פאר אַן אָפענער פראַגע אין שייכות צום ברית יהוה. דאָס ענדערט ניט דעם פאַקט, אַז דער דאָזיקער באַגריף האָט געהאט א פּאָזיטיווע ווירקונג אויפן גאנג פון דער אידי־שער געשיכטע.

די צווייטע סיבה פארוואָס די אידן האָבן זיך נישט אויפגעלייזט, דאַרף מען אָננעמען, איז געווען די שטרענגע אידישע מאָראַלע מנהגים, און שענערער און ריינערער לעבן פון דער ארומיקער באַפעלקערונג, וואָס די אידן האָבן מיט זיך געבראַכט פון זייער פּרימיטיוון לעבן. די צוויי סיבות, וואָס זיינען פּאַקטיש צוויי אספּעקטן פון איין באגריף, האָבן געווירקט, אַז די אידן זאָלן אָנהאַלטן זייער אייגנארטיקייט ווי א באזונדער נאַציאָנאַלע גרופּע.

דאָ איז אַם פּלאַץ צו באַרירן דעם קרבנות קולט, וואָס איז ניט קיין ספּעציעלער אידישער קולט און אפילו ניט קיין אייגנארטיקער כנענישער קולט, נאָר אַן אַלגעמיינער קולט פון פּרימיטיווע רעליגיעס. דער קולט האָט צוויי אספּעקטן: אַן אַלגעמיינעם רעליגיע אספּעקט, און א ספּעציעלן סעמיטישן אספּעקט. דער אַלגעמיינער אספּעקט איז, אַז ווען מענטשן האָבן אָנגעהויבן דענקען וועגן געטער, וואָס הערשן איבער זיי און איבער זייערע לענדער, איז געווען נאַטירלעך, אַז זיי זאָלן דינען צו זייערע געטער אויף א ווירקזאַמען אופן, וואָס, דענקענדיק אַנטראָפּאָמאָרפיש, האָט עס געמיינט צו געבן די געטער א טייל פון דעם, וואָס די געטער גיבן זיי און דאָס האָט געמיינט א טייל פון אַלץ, אפילו פון זייערע קינדער (דעם בכור). דאָס איז ברעסטעד ניט גערעכט: דער מנהג פון קינדער קרבנות שטאַמט פון די פעניציער און ניט פון די אידן, ווי ער באַהויפּטעט.

דער ספּעציעלער סעמיטישער אספּעקט פון קרבנות איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די סעמיטן האָבן גע'חתמה'ט זייערע טראַנסעקציעס מיט א צייכן פון בלוט. לויט פּראָפעסאָר באראַנס מיינונג דערקלערט דאָס די חשיבות פונם קרבן, ער זאָגט, אַז א סעמיט וואָלט פאר קיין פאַל ניט געקענט פארשטיין ווי מען קען זיין א קעגנער פון קרבנות, ווען יעדער געזעלשאַפטלעכער אקט איז פון אים סאַנקציאָנירט געוואָרן דורך א צייכן פון בלוט. דער קרבן איז באַ־שטאַנען פון פאַראייניקן זיך מיט גאָט דורך דעם נפש (בלוט) פון דעם קרבן.

ווען די אידן זיינען אריינגעקומען קיין כנען, איז דער קרבנות קולט געווען דער מנהג המדינה. אויך מענטשלעכע קרבנות זיינען ניט געווען פרעמד אין לאַנד. דערהויפּט איז דאָס לעצטע געווען א פעניציער מנהג. די אידן האָבן אויך פון צייט צו צייט געבראַכט מענטשלעכע קרבנות און יהוה האָט זיך פון

זיי אינגאנצן ניט אָפּגעזאָגט, ווי די עקדת יצחק און די יפתח לעגענדע זאָגן אויף דעם עדות . מען באַגעגנט זיך אויך מיט העפטיקע פּראָטעסטן ביי די נביאים קעגן ברענגען מענטשלעכע קרבנות: — יהוה וויל זיי ניט .

דאָס פירט צו דער פראַגע צי די נביאים זיינען געווען קעגנער פון דעם קרבנות קולט אין אַלגעמיין. לויט א מאָדערנעם אויסדרוק קען מען זאָגן, אַז קיין פּרינציפּיעלע קעגנער פון קרבנות (אויסער מענטשלעכע) זיינען זיי ניט געווען, זיי האָבן באַקעמפט דעם מעטאָד צו פארגיטיגן נידערטרעכטיקייטן מיט קרבנות. זיי האָבן אין דעם געזען א טאָפּעלטע געפאר: — ערשטנס צו פארגיטיקן א געמיינע האנדלונג בין אדם לחברו דורך א קרבן בין אדם למקום און צווייטנס צו פארוואנדלען דעם קרבנות קולט אין לוסטיקע פארווייליונגען.

דאָ בעטן זיך א פּאָר באַמערקונגען: פּראָפעסאָר יהודה פארטיידיקט די מיינונג, אז די אידן זיינען געקומען קיין כנען מיט פארטיקע טיילן פון דער תורה, וואָס משה זאָל געווען האָבן געשריבן אין מצרים. ער באַגרינדעט זיין מיינונג אויף שפּראַכלעכע ענלעכקייטן צווישן העברייאיש און עגיפּטיש. וועגן דער באדייטונג פון די שפּראכלעכע ענלעכקייטן קענען נאָר פאכלייטע באַשטימען. זיין בוך און זיינע לעקציעס, האָבן דעם מחבר פון די שורות ניט איבערצייגט.

די צווייטע באמערקונג איז וועגן פּראָפעסאָר ברעסטעדס מצרים קאָמפּלעקס. דער גרויסער געלערנטער איז געווען אזוי שטאַרק פארליבט אין מצרים, ווי ער איז, ווי ס'זעט אויס, ניט געווען פארליבט אין די אידן (אויף קיין אנדער אופן קען ניט דערקלערט ווערן זיין אקטיווע קעגנערשאפט קעגן א אידישער היים אין ארץ ישראל). אין זיין בוך "די דאהן אָוו קאָנשיענס" (דער באַגינען פון געוויסן) האלט ער אין איין באווייזן, אז אַלץ מיט אַלעמען, וואָס ס'געפינט זיך אין תנ"ך, וואָס האָט א מאָראַלן ווערט, שטאָמט פון מצרים. ווי פון אונטער די נעגל זוכט ער אויס "ענלעכע" מעשיות אויף די מאָראַלע פּאַסירונגען אין תנ"ך און קומט ארויס מיט א טריאומף, אז די אידן האָבן ניט אויפגעטאָן קיין נייעס . . . אַי ווי קומט עס וואָס די אידן האָבן נאָר איבער־גענומען די מאָראַלע באַגריפן פון מצרים און ניט די מצרישע מנהגים, ווי דעם מתים קולט און אזוי ווייטער, וואָס וואָלטן געדארפט זיין די ערשטע צו איבערגענומען ווערן, וועגן דעם שווייגט דער גרויסער געלערנטער. אויך ער האָט ניט איבערצייגט דעם מחבר פון די שורות . . .

פון די עפּיזאָדן פון שופטים זעט מען ניט דירעקט, אז זיי (די עפּיזאָדן) זאָלן געווען זיין דער אויסדרוק פון אן איינהייטלעכן געדאנק. זיי זיינען צו־פיל פרימיטיוו און צו פארשיידן אין זייער אינהאלט, אז זיי זאָלן קענען זיין דער אויסדרוק פון אַן איינהייטלעכער סאָציאַלער פילאָזאָפיע. דער צוזאַמענ־שטעלער, אָדער רעדאקטאָר, פון שופטים איז שוין געווען באהערשט פון אַ סאָציאַלער פילאָזאָפיע. ער ווידערהאָלט "און די קינדער פון ישראל האָבן געטאָן (אָדער ווידער געטאָן) וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט, און זיי האָבן פארגעסן אָן יהוה זייער גאָט, און זיי האָבן געדינט די בעל־געטער און די אשרות. און דער צאָרן פון גאָט האָט געגרימט אויף ישראל און ער האָט זיי איבערגעענטפערט אין דער האנט פון . . . האָבן די קינדער פון ישראל געשריען צו גאָט, און גאָט האָט אויסגעשטעלט די קינדער פון ישראל א העלפער וואָס האָט זיי געהאָלפן" און אז. וו.

עס איז די אַלגעמיינע מיינונג, אַז דער לייט־מאָטיוו פאַר די עפּיזאָדן אין שופטים באַשטייט פון שפּעטערדיקע באַגריפן, וואָס זיינען צוגעשריבן געוואָרן צו פריערדיקע פּאַסירונגען. עס וועט אָבער געוויס ניט זיין פאַלש צו באַהויפּטן, אַז די פּאַסירונגען גופא האָבן אין זיך ענטהאַלטן די פאַקטן וואָס האָבן באַרעכטיקט די שפּעטערדיקע אינטערפּרעטאַציע. פון די פאַקטן גופא זעט מען, אַז ס'איז פאָרגעקומען אַ גרעסערער פון באַגריפן, וואָס די אידן האָבן איבערגענומען פון די כנענים צווישן וועלכע זיי האָבן אריינגעדרונגען, מיט באַגריפן וועלכע זיי האָבן געבראַכט מיט זיך פון דעם נאָמאַדן לעבן. (אַלבריייט האַלט ניט אַז די אידן זיינען געווען רעגעלע נאָמאַדן).

געוויינטלעך, ווען צוויי פעלקער מיט פאַרשיידענע קולטורן קומען זיך צוזאַמען, אַסימילירן זיך די אריינדרינגער צווישן די איינגעזעסענע; זיי נעמען איבער די מנהגים און פירונגען, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט אויפן אָרט אויף אַ נאַטירלעכן אופן און דינען באַשטימטע לאָקאַלע צוועקן. אויך די אידן האָבן זיך אַ היפּש ביסל אַסימילירט צווישן די כנענים, ווי מען קען עס זען פונעם תנ"ך אויף שריט און טריט. דאָס איז געווען נאַטירלעך, וואָס ס'איז ניט געווען נאַטירלעך, איז וואָס זיי האָבן זיך אינגאַנצן ניט אַסימילירט און אויפגעלייזט ווי אַנדערע פעלקער גרופּן האָבן זיך אויפגעלייזט אונטער ענ־לעכע באַדינגונגען.

דאָס וואָס יהוה איז געבליבן לעבן פון די אַלע אַנדערע אָרום פּופּציק געטער פון דער סביבה (זע היידן "ביאָגראַפיע אָוו די גאָטס"), איז אויב מען וויל קען מען זאָגן, ס'איז געווען ניט מער ווי אַ צופאַל, עס איז אָבער אויך מעגלעך, אַז ס'איז געווען דערפאַר, וואָס ער איז געווען אַ שטורעם און מלחמה גאָט, האָבן זיך די אידן אין אים געניטיקט. קיין צופיל וויכטיקייט דאַרף מען אָבער צום פאַקט גופא ניט צושרייבן; נאָר אַלעמען איז ער געווען ניט מער ווי אַ קלענישער גאָט, ווי די אַנדערע געטער. וואָס ס'איז וויכטיק איז דאָס וואָס ס'האָט זיך פון אים מיט דער צייט אַנטוויקלט. דאָס באַלאַנגט אָבער צום ווייטערדיקן גאַנג פון דער אידישער געשיכטע, וועט עס באַזונדערס באַ־טראַכט ווערן.

# קאַפּיטל 15

## שמואל דער אָרגאַניזירער פונם פאָלק

אין זיין בוך "אייטשיוומענט אָוו איז־ראעל" (ישראל'ס דערגרייכונג) רופט דוד יוסטאַן אָן אברהם'ען דער פאָטער פון פאָלק, משה'ן רופט ער אָן דער פאָרמירער פון פאָלק און שמואל'ן רופט ער אָן דער אָרגאַניזירער פון פאָלק און דער שאַפער פון זיין קאָנסטיטוציע.

ווען מען באַטראַכט די אידישע געשיכטע לויט דעם תנ"ך, איז די דאָ־זיקע קלאַסיפיקאַציע א ריכטיקע — אויך וואָס אַנבאַלאַנגט דער ווירקונג אויפן גאַנג פון דער אידישער געשיכטע איז די קלאַסיפיקאַציע א ריכטיקע. לויט משה'ס היסטאָרישער ווירקונג איז אחד העם גערעכט, ווען ער זאָגט, אז ס'איז נישט קיין אונטערשייד צי משה האָט ווירקלעך געלעבט, אָדער ניט; — היסטאָריש האָט ער געווירקט ווי ער ווערט פאָרגעשטעלט אין דער תורה.

די דאָזיקע מיינונג איז בלויז א ריכטיקע פון שטאַנדפּונקט פון וויר־קונג; טרעט מען אָבער צו צו געשיכטלעכע פּאַסירונגען פון דער פאַקטישער זייט קאָן מען זיך נישט באַגיין אָן כראָנאָלאָגיע: — כראָנאָלאָגיש זיינען אברהם און משה נאָך אלץ ניט קיין היסטאָרישע פּערזאָנען, פאַקטיש קאָן מען קיין איין פאַסירונג ניט פאַרבינדן מיט זייערע נעמען. אַנדערש איז דער ענין מיט שמואל'ן; אלץ וואָס ווערט דערציילט וועגן אים און וועגן זיין טעטיקייט, אָטעמט מיט כראָנאָלאָגיע. לויט קירפּאַטריקס "שמואל" (קעמברידזש בייבל) איז שמואל אַלט געווען צוועלף יאָר, ווען ער האָט "געהערט" גאָט'ס שטימע; ער איז אַלט געווען 22 יאָר ווען שילו איז געפאַלן; ער איז אַלט געווען 75 יאָר ווען ער האָט געקרוינט שאולן און ניינציק יאָר ווען ער איז געשטאָרבן. נאַ־טירלעך, אז די השערות דאַרפן ניט גענומען ווערן פאַר קיין פּינקטלעכע דאַטן; ס'איז אָבער זיכער, אַז ער האָט געלעבט אינם עלפטן יאָרהונדערט. פ. קר.

ווי לאַנג ס'האָט געדויערט פון מיכה'ס צייט ביז שמואל'ן ווייס מען ניט, דער אונטערשייד אָבער צווישן דעם אינהאַלט פון שופטים און פון "שמואל'ן" איז א גרויסער. אין שופטים הערשט דער צופאַל; די פאַסירונגען האָבן צווישן זיך ניט קיין פאַרבינדונג; זיי זיינען ווי צוזאַמענגעקליבענע לע־גענדעס. אין "שמואל" הערשט אייניקייט און אָרגאַניזאַציע; דער אינהאַלט איז כאַראַקטעריסטיש פאַר געשיכטלעכע פאַסירונגען.

גלייך אין אָנהויב טרעט מען אריין אין אַן אָרגאַניזירטן רעליגיעזן צענטער אין שילו; מען באַגעגנט זיך מיט א "משכן", א היים פאַר גאָט, מיט

א כהן גדול און מיט א קרבנות צערעמאָניאַל. מען ווייס ניט ווי דאָס אַלץ איז אַנטשטאַנען, ווי ס'האָט זיך אנטוויקלט און צי די אינפאָרמאַציע איז אויטענ־טיש. לויט אָבער דער גענויקייט און לעבעדיקייט פון די באַשרייבונגען, נעמט מען אָן, אז זיי זיינען פארשריבן געוואָרן ניט מיט קיין סך שפּעטער, ווי זיי האָבן, מעגלעך, פּאסירט. מען שטיצט זיך אויך אויף דעם, וואָס ס'ווערט גע־זאָגט "שמואל האָט געזאָגט דעם פאָלק דעם געזעץ פון דער מלוכה און פאַר־שריבן אין א בוך און אוועקגעלייגט פאר גאָט" (קאַפּ. 10, שורה 25). אויף ווי־פיל מען קאָן זיך אויף אזא באווייז פארלאָזן, איז נאַטירלעך, א פראגע. ווען מען לייענט "שמואל'ן" נאָך שופטים, זעט מען אָבער, אז א פּראָגרעסיווער פּראָצעס איז פאָרגעקומען אינעם אידישן לעבן.

דער בוך "שמואל א" הויבט זיך אָן מיט א פאָלקסטימלעכער מעשה ווי א ליידנדע פרוי, אן עקרה (חנה) בעט ביי גאָט אינם הויף פונם משכן, אז ער זאָל זיך אויף איר דערבאַרעמען און איר געבן א זון. זי זאָגט צו, אז זי וועט דעם זון הייליקן צו גאָט . . . עס ווערט ווייטער דערציילט, אז גאָט האָט זיך צוגעהערט צו איר תפילה און מיט דער צייט האָט זי געבאָרן א אינגל, וועמען זי האָט אַ נאָמען געגעבן שמואל: "כי מיהוה שאלתיו." ווען דער אינגל וואַקסט אונטער, גיט זי אים אריין אין גאָטס הויז און ער באַדינט עלי'ן, דעם כהן גדול. וועגן עלי'ן ווערט דערציילט, אז ער איז אַן אַלטער גאָט'ס־פאַרכטיקער מענטש. זיינע קינדער אָבער דערצאָרענען גאָט. זייערע זינד זיינען באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן פאר זיך צוגענומען דאָס בעסטע פלייש פון די טעפּ און האָבן אפילו ניט געוואַרט ביז ס'איז געדעמפּט געוואָרן . ווען מען האָט פּראָטעסטירט, האָבן זיי גענומען דאָס פלייש מיט גוואַלד . א "געטלעכער מאַן" איז שוין איינמאָל געקומען צו עלי'ן און האָט אים געזאָגט, אז גאָט צאָרענט און אז ער וועט זיך אָפּרעכענען מיט עלי'ס הויז. זיינע קינדער זיי־נען אָבער געווען שלעכטע און האָבן זיך נישט צוגעהערט צו דעם. שמואל האָט דאָס אַלץ צוגעזען; אים האָט ווי געטאָן דאָס האַרץ, ער האָט אָבער ניט געקענט העלפן. ער פערזענלעך איז געגאַנגען אין גאָט'ס וועגן.

גאָט האָט זיך צו אים "אנטפּלעקט" ווען ער איז נאָך געווען זייער יונג און האָט אים געזאָגט: "זע איך טו א זאך אין ישראל, אז איטלעכער וואָס הערט עס, וועלן קלינגען זיינעביידע אויערן. אין יענעם טאָג וועל איך מקיים זיין אויף עלי'ן אַלץ וואָס איך האָב גערעדט וועגן זיין הויז, פון אָנהויב ביזן סוף. וואָרים איך האָב אים געזאָגט, אז איך פאר'משפט זיין הויז אויף אייביק פאר די זינד, וואָס ער האָט געוואוסט, אז זיינע זין ברענגען א קללה אויף זיך און האָט זיי ניט געווערט."

גאָט האָט זיין סטראשוניק דורכגעפירט: — די פלשתים האָבן מלחמה געהאַלטן מיט די אידן; און אזוי ווי זיי זיינען געווען א סך שטאַרקער פון די אידן, האָבן זיך די אידן דערשראָקן און האָבן מיט זיך מיטגענומען דעם "ארון", עס האָט אָבער ניט געהאָלפן . די פלשתים האָבן זיי צעשלאָגן; זיי האָבן פארכאפּט דעם "ארון" און האָבן צעשטערט דעם רעליגיעזן צענטער פון שילו.

די באַשרייבונג איז אזא פּרימיטיווע און גאָט'ס אָנקלאגע קעגן עלי'ס זין אין אזא קליינלעכע אז כאָטש זי דארף באַטראַכט ווערן פאר א לעגענדע איז זי כאראקטעריססטיש פאר א זייער אַלטער צייט. ווען דער באגריף וועגן

גאָט איז געווען אזא פרימיטיווער, אַז ער האָט זיך נוקם געווען אין דעם כהן גדולס הויז פאַר דור דורות (און האָט צעשטערט זיין צענטער.) פאַר דער "זינד", וואָס מען האָט ביי אים צוגענומען דאָס בעסטע פלייש.

היסטאָריש האַלט מען פאַר זיכער, אַז א מלחמה איז פאָרגעקומען צווישן די פלשתים און די אידן, אַז די פלשתים האָבן פאַלשטענדיק באַזיגט די אידן און האָבן זיי אויף אַזויפיל אונטערדריקט, אַז אפילו שפעטער, אין שאולס צייט, איז ניט געווען קיין איין שמיד ביי די אידן, אַז זיי זאָלן ניט קענען מאכן קיין שווערדן. ווען מען האָט געדאַרפט שאַרפן אַן אקער־אייזן, האָט מען געדאַרפט גיין צו די פלשתים. (וועלהויזן דענקט, אַז דאָס איז ניט ריכטיק, ס'איז איבערטריבן. ז. "איזראעל ענד דזשודיע" ז. 40).

היסטאָריקער נעמען אָן, אַז דאָס איז געווען איינער פון די קריטישסטע מאָמענטן פון דער אידישער געשיכטע; די אידן האָבן געהאַלטן ביי אונטערגיין איידער זיי האָבן נאָך אָנגעהויבן צו לעבן. שמואל האָט זיי געראַטעוועט דורך דעם, וואָס ער האָט זיי אָרגאַניזירט פּאָליטיש און האָט זיי געגעבן א קעניג און דורך דעם, וואָס ער האָט געשאַפן א נביאים אינסטיטוציע און אַן אקטיוון רעליגיעזן אויפבראַוז.

אַז שמואל האָט אויסגעקליבן שאולן פאַר א קעניג צווייפלט מען ניט; וועגן דעם אופן ווי ער האָט אויסגעקליבן דעם קעניג, איז מען ניט אינגאַנצן זיכער. דובנאָוו גלויבט ניט, אַז שמואל האָט געהאַלטן די רעדע וועגן דעם קעניג, וואָס ווערט צו אים צוגעשריבן; ער האַלט אַז די דאָזיקע רעדע איז געשריבן געוואָרן שפּעטער ווען מען האָט שוין געוואוסט ביי די אידן וועגן די פּירעכצן פון קעניגן. ער האַלט פאַרקערט, אַז די אונטערדריקטע אידישע לאַגע אונטער די פלשתים האָט שמואלן איבערצייגט, אַז נאָר אָרגאַניזירט אונטער אַ קעניג וועלן די אידן האָבן אַ מעגלעכקייט צו קענען זיך קעגנשטעלן קעגן די פלשתים. נאַטירלעך, אַז דאָס איז ניט מער ווי אַ מיינונג.

לויט דעם פריער אָנגעגעבענעם חשבון האָט געדויערט העכער פופציק יאָר פון דער צייט, וואָס שילו איז געפאַלן, ביז שמואל האָט געקרוינט שאול'ן פאַר קעניג. אין דער צווישן צייט האָבן די אידן ניט געהאַט קיין צענטער און ניט קיין אָפיציעלן פירער. שמואל איז געווען א "נביא" (טרעפער), א שופט און א פירער; ער האָט אויך "געשאָכטן" איבעראַל (ער האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון א כהן). זיין וויכטיקסטער אויפטו איז אָבער, לויט אייזיק הירש ווייס, געווען די גרויסע רעפאָרמע: ער האָט געשאַפן א "שולע פאַר נביאים".

ווען מען זאָל אָננעמען זיין ביאָגראַפיע פאַר אויטענטיש, קען מען זען, אַז זיין דערפאַרונג אין שילו האָט אים ניט אינספּירירט מיט צופיל באַגייסטערונג פאַר א קרבנות צענטער אונטער דער הערשאַפט פון כהנים . . . געוויס איז ער ניט געווען און האָט אויך נישט געקענט זיין, קיין קעגנער פון קרבנות ברענגען; נעמט מען אָבער זיין דערפאַרונג פאַר אויטענטיש, קען מען זען, אַז פאַר אים און פאַר זיין אַלגעמיינער טעטיקייט, איז געווען כאַראַקטעריסטיש צו סטימולירן א נבואה אקטיוויטעט און ניט די אָפיציעלע כהנים אינסטיטוציע מיט "אהיים פאַר גאָט" . . . לויט דער טעאָריע פון וואַרשיינלעכקייט האָט מען א רעכט צו גלויבן, אַז דאָס, וואָס ווערט געזאָגט וועגן זיין נביאים אינסטיטוציע, איז אין אַלגעמיינע שטריכן היסטאָריש ריכטיק.

פון די באַשרייבונגען וועגן די וואנדערענדע נביאים זעט מען, אז דאָ האנדלט זיך וועגן א רעליגיעזן פּסיכאָז, וואָס האָט אָנגענומען א סאָציאלן כאַראקטער: — גרופּעס מענטשן האָבן ארומגעוואנדערט פון פּלאץ צו פּלאץ אין אן עקזאלטירטן צושטאַנד אונטער דער ווירקונג פון מוזיק און האָבן "נביאות געזאָגט." זיי האָבן זיך אויסגעטאָן נאַקעט און זיינען געלעגן נאַקעט א גאנצע טאָג און א גאנצע נאכט. דאָס מיינט פאקטיש אז די "נביאים" זיינען אריינגעפאַלן אין א רעליגיעזער היסטעריע .

אין אלגעמיין איז א רעליגיעזע היסטעריע, ווי היסטעריע אין אלגעמיין, ניט קיין געזונטער צושטאַנד; אונטער די באדינגונגען אָבער, וואָס די אידן האָבן זיך געפונען, האָט אזא עקזאלטירטער צושטאַנד געקענט האָבן א גוטע ווירקונג אויפן אידישן לעבן פון יענער צייט; ער האָט זיי דערמוטיקט און געראַטעוועט פון אונטערגאנג .

מען האָט א רעכט צו צווייפלען אין א סך פּרטים פון די דאָזיקע באַשרייבונגען; מען האָט אָבער א רעכט צו אָננעמען אָן צווייפל, אז שמואל איז אַ היסטאָריש־כראַנאַלאָגישע פּערזענלעכקייט און אז מיט זיין לעבן און טעטיקייט, איז פארבונדן א נאציאָנאל־רעליגיעזע אויפלעבונג. מען קען אפילו זאָגן, אז וועגן דעם אלעמען האָט מען פאקטישע באווייזן: די געשריבענע אידישע געשיכטע האָט זיך אָנגעהויבן אין א קורצער צייט נאָך אים און די דאָזיקע געשיכטע איז פארקניפּט און פארבונדן מיט דער אויפלעבונגס אקטיוויטעט, וואָס איז פארבונדן מיט זיין נאָמען.

וועגן דער צייט פאַר אים, האָט מען לעגענדעס וועגן ניט אָרגאַניזירטע גרופּעס מענטשן, וועלכע האָבן ניט קיין באַשטימטן קולטורעלן פּנים, און גלייך נאָך אים האָט מען אַ ביאָגראַפיע פון דוד המלך, וואָס איז געווען דורכאויס א יהוה׳סטיש רעליגיעזער איד און מיט וועמענס לעבן און טעטיקייט, עס איז פארבונדן א נאַציאָנאלער אויפבלי, וואָס האָט פאָרמירט דעם ווינקלשטיין פון דעם אידישן ארט דענקען. פון דעם האָט מען א רעכט צו זאָגן, אז דער שמואל פּעריאָד האָט אָנגעצייכנט דעם כאראקטער, וואָס דאָס אידישע דענקען האָט אָנגענומען אינם לויף פון דער ווייטערדיקער אידישער געשיכטע.

געוויס קען מען ניט וויסן וואָס פאַר א באַגריף שמואל האָט געהאט וועגן גאָט; אויב די מעשה מיט עמלק׳ן ענטהאלט אין זיך אן אמת, אַז "גאָט" האָט זיך "אָפּגעקערט" פון שאולן פאַר דער "זינד", וואָס ער האָט "געשווינט אגגן און די בעסטע פון די שאָף און די רענדער", איז עס אַ זייער פּרימיטיווער באַגריף און שאול ווערט פאָרגעשטעלט אין א סך א שענערער ליכט פון שמואלן.

וועגן שמואלס ערשטע טריט, אָדער וועגן די טריט פון וועלכן עס איז ערשטן נביא, וועלכע האָבן געפירט צו עטישן מאנאטעאיזם, איז שווער עפּעס צו זאָגן. פּראָפעסאָר ניימארק פּרובירט אָנצוצייכענען די ליניע, ווי דער סעמיטישער טרעפער איז אונטער דער ווירקונג פונם אידישן גאָט באַגריף פארוואנדלט געוואָרן אין א נביא און א שליח פון א מאָראלן גאָט. צופיל קלאָר און צו איבערצייגענד איז אָבער די דאָזיקע ליניע ניט: צופיל איז ביי פּראָפעסאָר ניימאַרק׳ן דער וואונטש דער פאָטער פון געדאַנק.

פון שמואלס לעבנס אקטיוויטעט צוזאמען מיט דער "נביאים באוועגונג"

האָט מען א רעכט צו ציען א שלוס, אז אין זיין צייט איז פאָרגעקומען א מין רעליגיעזער אויפברוז אין דער פסיכיק פון טיילן פונם אידישן פאָלק, וואָס האָט אָנגעצייכנט א וועג פאר זיין ווייטערדיקן גאנג.

ריין פסיכאָלאָגיש האָט מען א רעכט צו ציען דעם שלוס; די אידן האָבן זיך געפונען אויף א שייד וועג: אָדער אונטערגיין, אָדער זיך אינערלעך פארצעמענטירן און אָנהאלטן אן עקשנות'דיקן לעבן און שמואל האָט גע־האלטן אין אין פריידיקן דאָס לעצטע, האָבן זיי אים געפאָלגט און זיי זיינען געבליבן לעבן אויפן איינציקן אופן, ווי זיי האָבן געקענט בלייבן לעבן, וואָס ס'איז באַשטאַנען אין זיך "באהעפטן מיט גאָט."

ווען מען זאָל אפילו אָננעמען, אז דאָס וואָס ווערט צוגעשריבן צו אים, איז היסטאָריש ניט גענוג אויטענטיש, אז ס'זאָל קענען באַטראַכט ווערן פאר געשיכטע, איז מען עס געצוואונגען צו טאָן לויטן ווייטערדיקן גאנג פון דער אידישער געשיכטע. דאָס אַלץ גיט א רעכט צו אָננעמען, אז ער האָט אָרגאַ־ניזירט דאָס פאָלק ארום יהוה, דעם נאַציאָנאלן גאָט, און האָט אָרגאניזירט דאָס פאָלק פאָליטיש און האָט אים געגעבן פריער איין קעניג און נאָכדעם א צווייטן, ווען דער ערשטער האָט אים ניט צופרידנגעשטעלט. אז ער האָט ווירקלעך געשפּילט די גרויסע ראָלע, וואָס ס'ווערט צו אים צוגעשריבן ,באַשטעטיקט דער פאקט, וואָס צוויי ביכער פונם תנ"ך טראָגן זיין נאָמען . . . דאָס איז גע־וויס ניט קיין צופאל.

ווי גרויס שמואלס ווירקונג איז ניט געווען אויפן גאנג פונם אידישן פאָלק, איז קיין צווייפל ניט, אז דוד המלכ'ס ווירקונג איז געווען א סך א גרע־סערע, אויב ניט קיין טיפערע. דאָס קען מען אורטיילן פון דעם, וואָס זיין ביאָ־גראפיע ווערט איבערגעגעבן מיט אַלע דעטאַלן. עס איז ניט קיין אונטערשייד צי די ביאָגראפיע איז ריכטיק אין אירע דעטאַלן, כאָטש ס'איז ניטאָ קיין סיבה פאַר וואָס מען זאָל אין איר צווייפלען (אין זיין צייט איז שוין דער פעניצישער אלף־בית געווען און פאקטן פונם אידישן לעבן זיינען שוין דירעקט רעקאָר־דעט געוואָרן). אָבער אויב אפילו זי איז ניט קיין אויטענטישע, איז דער פאַקט גופא, וואָס ס'איז פון אים פארבליבן א פאָלשטענדיקע ביאָגראפיע, א באוויז, ווי וויכטיק ער איז געווען אין די אויגן פון פאָלק. ס'האָט פון אים געשאַפן אַ ביאָגראַפיע.

אין דודן האָבן זיך פאראייניקט א קאָמבינאַציע פון א פעאיקן אָרגאַ־ניזאטאָר און א נאָך פעאיקערן מיליטער מענטש און אן איבערגעגעבענעם יהוה דינער. דאָס וואָס שמואל האָט געטאָן אויף א קליינעם מאַסשטאַב, און מער טעאָרעטיש, ווי פראקטיש, האָט דוד געטאָן אויף א גרויסן מאסשטאַב און אויף א פראקטישן אופן.

נאָך דעם ווי ער האָט באַזיגט די פלשתים און האָט געראַטעוועט דאָס פאָלק, האָט ער געבראַכט דעם "ארון פון גאָט" אין "געצעלט" און האָט פראָק־לאמירט די אָפיציעלע יהוה הערשאפט איבער זיין פאָלק, די אידן. די באַ־שרייבונג פון דער פראָצעדורע, ווי מען האָט געפירט דעם "ארון", ווי מען האָט טרומייטעט און דוד האָט געטאַנצט, פאר וואָס זיין ווייב "מיכל, די טאָכטער פון שאול . . . האָט אים פאראכטעט אין איר הארצן." און דוד האָט "געבענטשט דאָס פאָלק אין דעם נאָמען פון גאָט פון צבאות", באווייזט, אז אין דעם פראָ־צעס איז פאָרגעקומען א רעליגיעזע רעסטאווראציע אין וועלכע ער יהוה איז

אָפיציעל פּראָקלאַמירט געוואָרן פאַרן נאַציאָנאַלן גאָט.

דוד׳ס באַגריף וועגן יהוה, וואָס איז געווען דער אַלגעמיינער באַגריף פון זיין צייט, איז געווען פון א נאַציאָנאַל־טערעטאָריאַלן גאָט, ווי ער באַקלאָגט זיך, ווען שאול פאַרטרייבט אים, אַז ער שיקט אים דינען צו פרעמדע געטער, וואָס ס׳מיינט אַז, אין וועלכן לאַנד מען געפינט זיך, דעם טערעטאָריאַלן גאָט דאַרף מען דינען.

דער באַגריף וועגן גאָט איז אין אַלגעמיין ניט געווען קיין צו געהויבענער און געוויס ניט קיין נאָבעלער. עס ווערט דערציילט, אַז ווען מען האָט געפירט דעם ״ארון״, און די ״רינדער האָבן אים אַראָפּגערוקט . . . האָט עזה אויסגעשטרעקט זיין האַנט צום ארון פון גאָט . . . און גאָט האָט אים דאָרטן געשלאָגן.״ (שמואל ב. קאַפּ. 6, שורה 6). א גאָט וואָס טויטעט א מענטשן דערפאַר, וואָס דער מענטש האָט געוואָלט פאַרהיטן, אַז זיין ״ארון״ זאָל ניט אַראָפּפאלן פון וואָגן, אַזאַ גאָט איז ווייט פון א גערעכטן און מאָראַלן גאָט . . .

דאָס איז יהוה׳ס טונקעלע זייט; ער האָט אָבער אויך געהאַט א ליכטיקע און א גאָר ליכטיקע זייט טאַקע אין פאַרבינדונג מיט דוד׳ן און דאָס איז אין שייכות צום בת־שבע אינצידענט . פאַר זיך מאַכט דער דאָזיקער אינצידענט ניט קיין אנגענעמענעם איינדרוק; ווען מען נעמט אים אָבער אין פאַרבינדונג מיט דער צייט און פונם שטאַנדפּונקט פון א קעניג, א דעספּאָט, ענטהאַלט ער אין זיך דעם מאָראַלן פונק, וואָס האָט זיך מיט א פּאָר הונדערט יאָר שפּעטער צעפלאַקערט אינם מאָראַלן פייער פון די נביאים. די מעשה איז א גאַנץ איינפאַכע: א קעניג, א דעספּאָט, האָט דערזען א שיינע פרוי און האָט זי גענומען צו זיך. ביי אַן אנדער פאָלק וואָלט דאָס געווען דער אָנהויב און דער סוף: — דער דעספּאָט וואָלט אָדער צוגענומען די פרוי פאַר זיך, אָדער ער וואָלט זי אומגעקערט צו איר מאַן. איןביידע פאַלן וואָלט קיינער ניט געוואַגט קיין איין פּיפּס צו טאָן. אָבער ניט ביי די אידן. דוד האָט געשיקט נאָך איר מאַן, וואָס איז געווען אין מלחמה און האָט אים געהייסן גיין א היים צו זיין פרוי, ווען דער מאַן האָט אים ניט געפאָלגט (איין קליינִיקייט: ניט צו פאָלגן דעם קעניג), האָט ער אים צוריקגעשיקט מיט אַ בריוו צום גענעראַל, ער זאָל אים אוועקשטעלן אויף א געפערלעכן פּלאַץ אום ער זאָל געהרגעט ווערן. ערשט ווען דוד האָט אויסגעפונען, אַז איר מאַן איז געפאַלן אין שלאַכט, האָט ער פאַר זיך גענומען בת־שבע פאַר אַ פרוי. און דאָ קומט ערשט דאָס וויכטיגסטע: נתן הנביא קומט און דערציילט אים א מעשה אין גאָט׳ס נאָמען וועגן א רייכן מאַן, וואָס האָט שאָף און רינדער און ווען א גאַסט איז צו אים געקומען, האָט ער גענומען דעם אָרעמאַנס איינציקע שעפעלע און האָט עס געשאָכטן פאַרן גאַסט. דוד ווערט דערצאָרנט און שרייט אויס: דער מאַן פאַרדינט דעם טויט פאַר אַזאַ נידערטרעכטיקייט . זאָגט אים נתן ווער דער רייכער מאַן איז געווען, אַז דאָס איז ער אַליין. די פאַרדינטע שטראָף וועט ער ניט קריגן, נאָר דאָס קינד, וואָס וועט געבאָרן ווערן פון דער זינדיקער ליבע, וועט שטאַרבן און דערמיט וועט זיך דער אינצידענט ענדיקן.

מעגלעך, אַז דאָס אַלץ איז ניט מער ווי א לעגענדע; פאַרן מאָראַלן באַגריף, וואָס איז אין דעם איינגעשלאָסן, איז ניט קיין אונטערשייד צי עס האַנדעלט זיך וועגן אווירקלעכער פּאַסירונג, אָדער וועגן א לעגענדע; וויכטיק איז דער באַגריף גופא און די צייט ווען דער באַגריף איז אַנטשטאַנען און אַנטשטאַנען

איז ער געוויס ניט קיין סך שפּעטער פון דוד׳ס צייט (נאָטירלעך, אויב מען נעמט אָן אז ס׳האנדלט זיך בלויז וועגן א לעגענדע).

ווי אזוי מען זאָל ניט נעמען דעם בת־שבע אינצידענט, בלייבט זיין מאָראַלער כאראקטער דער זעלבער: — גאָט באפרייט אפילו דוד׳ן ניט פון מאָראַלע אחריות. (דער נביא, ווי מען קען זען, שפּילט אַ מאָראַלע ראָלע; נאָך בולטער קען מען זען דעם נביא׳ס מאָראַלע ראָלע אין פארבינדונג מיט דעם ״חלום״, אז דוד זאָל ניט בויען קיין בית המקדש פאר גאָט).

אין די דאָזיקע אינצידענטן ווייזט זיך ארויס די טענדענץ, וואָס דער אידישע ארט דענקען האָט אָנגענומען גלייך פון אָנפאנג און די מאָראַלע ראָלע, וואָס די אידן האָבן דורך זייערע נביאים צוגעשריבן צו גאָט. די דאָזיקע מאָראַל האָט זיך אָנגעהויבן צו פאָרמירן צוזאמען מיט דער אנטוויקלונג פון דער אידישער געשיכטע. זי איז ניט געקומען קיין פארטיקע מיט אמאָל דורך א נביא.

דוד איז געווען א שטאַרקע פּערזענלעכקייט, האָט ער אריינגענומען די גאנצע הערשאפט אין זיינע הענט; ער איז אָבער צו דער זעלבער צייט גע־ווען א שטרענגער יהוה דינער, האָט ער זיך צוגעהערט צום נביא, וואָס ער זאָגט אין גאָט׳ס נאָמען. שלמה המלך, זיין יורש־עצר, האָט געליטן פון דער שוואכקייט, וואָס ס׳ליידט א צווייטער דור, וואָס קריגט א רייכע ירושה און פארלעבט זי. אמת ער האָט אָרגאניזירט דעם אַפּאַראַט פון שטייערן און פון צוואנג־ארבעט, קיין גרויסער אויפטו איז עס ניט געווען.

פון קולטור היסטאָרישן שטאַנדפּונקט איז שווער עפּעס צו זאָגן וועגן שלמה׳ן און וועגן זיין הערשאפט. אלץ וואָס ס׳איז פארבונדן מיט זיין נאָמען און מיט זיין צייט, איז איבערטריבן; ער פארדינט געוויס ניט דעם נאָמען חכם, מיט וועלכן די לעגענדע האָט אים באקרוינט. עס ווערט אין אלגעמיין אָנגענומען, אז דעם בית המקדש האָט ער געבויט ווי א פּאלאץ־טעמפּל און ניט ווי אַ פאָלקס־אינסטיטוציע; דעם נאַציאָנאלן כאראקטער האָט דער בית המקדש ערשט געקראָגן א סך שפּעטער פון זיין צייט. די דאָזיקע מיינונג ווערט באַשטעטיקט דורך דעם פאקט, וואָס ירבעם׳ען האָט זיך לייכט איינגע־געבן צו אָפּשפּאַלטן די צען שבטים און פאר זיי שאפן אנדערע רעליגיעזע צענטערן מיט קעלבער און אז. וו.

קיין נביאים ווערן ניט דערמאָנט אין פארבינדונג מיט שלמה׳ס הער־שאפט; ווי ס׳זעט אויס, האָבן זיי ניט געהאט קיין פּלאץ אין זיין הערשאפט־סכעמע. קיין צו שטרענגער יהוה׳סט איז ער אויך ניט געווען; וואָלט ער עס געווען, וואָלטן קיין טעמפּלען פאר קיין אַנדערע געטער פאר זיינע ווייבער ניט געווען פארבונדען מיט זיין נאָמען. דער חלום, אז גאָט האָט זיך צו אים באַוויזן און וואָס ער האָט אים געזאָגט, איז געוויס געווען עמיצענס א חלום און ניט זיינער . . . וואָס ס׳איז װארשיינלעך ריכטיק, איז אז ער האָט רואי־נירט דאָס קליינע אָרעם לאנד מיט זיינע גרויסע אמביציעס צו זיין ״מיט לייטן גלייך״ און דאָס האָט געפירט צו דער שפּאלטונג צווישן די שבטים גלייך נאָך זיין טויט. (וואָס אָנבאלאנגט זיינע קאָמערציעלע פארבינדונגען, זעט מען ניט אז זיי זאָלן געווען האָבן וועלכע ס׳איז ווירקונג אויפן אידישן לעבן, אויסער אים פארגרעסערן און פארשטאַרקן. אפילו דער צוטרעט צום ים, וואָס ער האָט ערָאָבערט און די שיפן, וואָס ער האָט געבויט מיטן גאָלד וואָס זיי האָבן גע־

בראכט פון "אופיר", זעט מען ניט זאָל געווען האָבן א ווירקונג אויפן אידישן היסטאָרישן לעבן.)

פון שמואל הנביא ביז אליהו הנביא האָט געדויערט אן ערך הונדערט און פופציק יאָר. פאַר דער צייט איז פאָרגעקומען א פולשטענדיקע ענדערונג אינם אידישן פאָלק. פון א הייפעלע אונטערדריקטע מענטשן, וואָס האָבן גע־האלטן ביי אונטערגיין, האָבן זיך אנטוויקלט צוויי קעניגרייכן. אמת ניט קיין גרויסע קעניגרייכן; זיי זיינען געווען א היפש ביסל ווייט פון אימפעריעס. אָבער אין פארגלייך מיטן צושטאַנד פון שמואלס צייט, זיינען עס געווען צוויי קעניגרייכן.

מען האָט א רעכט צו אָננעמען, אז דער צעוואָקס איז ניט געווען קיין נאַטירלעך אינערלעכער, אז ביז אַ גאָר גרויסן גראַד איז צוגעקומען אַן אויס־סערלעכער עלעמענט, וואָס האָט זיך אסימילירט צווישן די אידן. די אידן גופא זיינען נאָך נישט געווען פאָלשטענדיק פאַרמירט און זיי האָבן זיך נישט איזאָלירט פון דער ארומיקער באַפעלקערונג, ווי זיי האָבן עס געטאָן שפּעטער און זיך אסימילירן צווישן זיי האָט ניט געדאַרפט זיין צו שווער.

עס איז ניט נאָר פאָרגעקומען א פאַרגרעסערונג אין צאָל אידן, נאָר אָן ענדערונג אינם לעבן אין אלגעמיין. פון א האלב נאמאדן און האלב אגריקול־טורעלן שבט, וואָס האָט געוואוינט צעוואָרפן איבערן לאַנד, זיינען געוואָרן קעניגרייכן מיט קאָמערציעלע שטעט. געוויס איז דאָס רוב פון דער באַפעל־קערונג געווען אַ דאָרפיש־אַגריקולטורעלע, אפילו מיט אַ צומיש פון נאמאדן; עס זיינען אָבער אויך געווען קאָמערציעלע שטעט מיט א שטאָטישן לוקסוס לעבן.

די וויכטיקסטע ענדערונג איז פאָרגעקומען אין דער רייכער שומרונער קעניגרייך אין צפונדיקן טייל פון לאַנד. דער קעניג אחאב האָט חתונה געהאט פאַר אַ צידונער פרוי, איזבל, וואָס האָט געשטאַמט פאַר אַ העכערער קול־טורעלער אטמאָספערע, וואָס איז געווען מער אמביציעז פון אים און ווי ס'זעט אויס, האָט זי אויך געהאט א שטאַרקערן כאראקטער פון איר מאַן. זי האָט זיך גענומען צו איינפירן די צידונישע מנהגים, וואָס זיינען געווען אימפּאָ־זאנטער פון די אידישע מנהגים. עס דאַרף אָבער באַמערקט ווערן, אַז ווען מען רעדט וועגן אידישע מנהגים פונם ניינטן יאָרהונדערט פ. קר. דאַרף מען אין זינען האָבן, אז כאָטש פאָרמאָל איז יהוה געווען דער נאַציאָנאלער גאָט פוןביידע קעניגרייכן, האָט עס פאַקטיש זייער ווייניק געמיינט: ערשטנס האָט יהוה זעלבסט נאָך נישט געהאַט קיין פיזיאָנאָמיע, אפילו ניט אין יהודה, א פשיטאָ שוין אין שומרון, וואו ער האָט געדולדעט צוויי קעלבער צענטערן . . . צו זיין א יהוה דינער האָט אין יענער צייט נאָך צו זייער ווייניק פאַרפליכטעט. צווייטענס זיינען ניט אַלע אידן געווען יהוה דינער: מען האָט געדינט צו ווע־מען ס'האָט זיך געמאַכט און מען האָט ניט צופיל איבערגעקליבן. אזוי אז די צידונער איינפירונגען האָבן ניט געמיינט קיין רעוואָלוציאָנערע איבערקע־רעניש אינם לעבן פון די שומרונער אידן. ס'איז אָבער עפּעס פאָרגעקומען, וואָס טראָגט מער דעם כאראקטער פון א רעוואָלוציע, ווי פון איינפירן פרעמ־דע מנהגים; מעגלעך, אז ס'האָט געהאלטן דערביי, אז דער שומרונער אידנטום זאָל זיך געווען אויפלייזן צווישן די צידונער. דאָס וואָס ס'ווערט דערציילט, אַז איזבל האָט אויסגע'הרג'עט די יהוה נביאים און עובדיהו האָט באַהאַלטן

יהוה נביאים אין צוויי הײלן, שטימט מער מיט רעוואָלוציע ווי מיט רעליגיע. דערצו איז נאָך צוגעקומען דער שטרייט פונם האלב נאמאדישן און האלב אַג־ריקולטורעלן דאָרף קעגן דער קאָמערציעלער שטאָט.

דער דאָרף איז אין אַלגעמיין קאָנסערוואַטיוו, פאַר אים איז דאָס שטאָ־טישע נייע ניט מאָראַליש מיט דעם אַליין, וואָס ס'איז ניי. מען דאַרף אָבער צוגעבן, אַז אין אַלגעמיין איז דער דאָרף ווירקלעך מאָראַלישער פון דער שטאָט און זיין קעגנערשאַפט קעגן דעם שטאָטישן אויסגעלאַסענעם לעבן, איז פונם מאָראַלן שטאַנדפונקט א באַרעכטיגטע.

אין אָט דער שטרייטענדער אטמאָספערע איז אריינגעפאַלן דער האלב לעגענדארער און האלב היסטאָרישער, אליהו הנביא און זיין קאמף און דער קאַמף פאַר זיין נאָכפאָלגער, אלישע, פאַרנעמען אַכציק זייטן פון מלכים אלף און בית . . . עס ווערן אָנגעגעבן צאָלן פון הונדערטער "נביאים." דער קאמף פירט צו אַ רעוואָלוציע, וואָס אלישע פירט דורך קעגן דער אחאב דינאַס־טיע און יהוא, א פאַנאַטישער יהוה נאָכפאָלגער, פארכאַפט די רעגירונג און הרג'עט אויס אלע בעל דינער און יהוה קומט ארויס זיגרייך .

וועגן דעם שטרייט אויף לעבן און אויף טויט זאָגט ראָבערטסאָן סמיט "אחאב האָט נאָכגעפאָלגט שלמה המלכ'ס ביישפיל, ווען ער האָט חתונה גע־האַט מיט איזבלן און האָט פאַר איר אויפגעבויט אַ טעמפל, ווי שלמה האָט געטאָן פאַר זיינע פרעמדע פרויען . . . אחאב אליין האָט ניט בדעה געהאט צו אויפגעבן יהוה'ן. אין דעם קען מען זיין זיכער. די קאָנפליקטן מיט אליהו'ן האָבן אין זיינע אויגן ניט אויסגעקוקט ווי א קאָנפליקט צווישן יהוה'ן און בעלן . . . פון דעם שטאַנדפונקט פון נאַציאָנאַלער פאָליטיק איז די פארניכ־טונג פון אחאבס הויז געווען אַ טראָט אין דער ריכטונג פון נאַציאָנאַלן אונ־טערגאַנג." (זע "די פראָפעטס אָוו איזראַעל" זז. 77־76).

פון דער צווייטער זייט האלט דוד יוסטאן, אז די צידונישע מנהגים זיינען געווען א נאציאָנאַלע געפאר, ווייל, ס'האָט געהאלטן, אז בעל זאָל פאַר־נעמען יהוה'ס פלאַץ. צו באַשטעטיקן זיין מיינונג ברענגט ער דעם פאקט, אַז די נביאים האָבן ניט געקעמפט קעגן די קעלבער אין די טעמפלען. יהוה האָט זיך איינגעלעבט מיט זיי און זיי זיינען ניט געווען קיין געפאר פאר אים. ווי עס זעט אויס איז דוד יוסטן גערעכט; עס איז ווירקלעך געווען א געפאר פאר די ישראל'ער אידן.

אויף וויפיל אליהו הנביא'ס קאמף קען באַטראַכט ווערן אין ראַציאָ־נאַלע גרענעצן פונם קולטור היסטאָרישן שטאַנדפונקט, ענטהאלט ער דריי מאָמענטן: — דער קאַמף פון מדבר נאַטור לעבן קעגן דער ציוויליזאציע; דער קאַמף פון יהוה'ן קעגן בעלן און דער מאָראַלער קאמף קעגן פארדאָרבנ־הייט אין אַלגעמיין. פונם מאָדערנעם שטאַנדפונקט זיינען עס דריי באַזונדערע ענינים. פאר יענער צייט איז עס געווען אייַן קאמף. דער וויכטיקסטער אינצי־דענט פון יענעם שטרייט איז די מעשה מיטן וויינגאָרטן, וואָס אחאב האָט געוואָלט ק ו י פ ן ביי נבות'ן און ער האָט אים ניט געוואָלט פארקויפן, עס זעט אויס, אז אין די גרענעצן פונם אידישן געזעץ האָט דער קעניג ניט געקענט צווינגען נבות'ן ער זאָל אים פארקויפן זיין וויינגאָרטן. דער אידי־שער קעניג איז געווען מאכטלאָז, אָבער ניט זיין צידונישע פרוי: — זי האָט זיך אַן עצה געגעבן אפילו אינם אידישן לאנד .

זי האָט פאַבריצירט אַ קלאָגע קעגן נבות'ן, אַז ער האָט "געלעסטערט גאָט און דעם מלך"; אירע ריכטער האָבן אים פאַראורטיילט צום טויט און אחאב האָט געקראָגן דעם ווייַנגאָרטן אָן אַ גראָשן געלט. ווען אליהו הנביא האָט דאָס דערהערט, איז ער אוועק קיין שומרון און האָט באַגעגנט אחאב'ן און האָט אים געזאָגט אין פּנים אַרייַן "אַזוי האָט גאָט געזאָגט, האָסט גע־הרג'עט און ווילסט אויך ירשענען ? . . . אויף דעם זעלבן אָרט, וואו די הינט האָבן געלעקט דאָס בלוט פון נבות'ן, וועלן די הינט לעקן דייַן בלוט".

אַזוי ווי וועגן אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט אליהו הנביא און מיט זייַן טעטיקייט, אַזוי קען מען אויך וועגן דעם ניט זאָגן צי עס איז אויטענטיש אמת, אָדער ס'איז לעגענדע. מען קען אָבער זאָגן, אַז ס'שטימט מיטן גייסט פון די שפּעטערדיקע נביאים.

דאָס פירט צו די נביאים, וועלכע ווערן באַצייכנט מיטן נאָמען שריפט־נביאים. מען רופט זיי אָן שריפט נביאים דערפאַר, וואָס זייער נבואה איז געבליבן פאַרשריבן מער אָדער ווייניקער ריכטיק ווי זיי האָבן נביאות געזאָגט. אָבער איידער זיי וועלן באַטראַכט ווערן בעטן זיך אַ פּאָר באַמער־קונגען וועגן דער תורה, וואָס איז ביז איצט אפילו ניט דערמאָנט געוואָרן און וואָס וועט אויך שפּעטער ניט באַטראַכט ווערן. עס זייַנען פריער דערמאָנט געוואָרן דער אידישער געלערנטער פּראָפעסאָר יהודה, אַלברעכט און דער געלערנטער גייסטלעכער, וו. אויסטערלי, אַז זיי פאַרטיידיקן דעם טראַדי־ציאָנעלן שטאַנדפּונקט, אַז משה האָט געשריבן די תורה. זיי זייַנען ניט די איינציקע היסטאָריקער, וואָס פאַרטיידיקן דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט, אַ סך אַנדערע פאַרטיידיקן אים. דער אַמעריקאַנער געלערנטער געאָגראַף, האַנ־טינגטאָן, גייט נאָך ווייטער פון זיי; ער ברענגט באַווייַזן, אַז די צען מכות קענען דערקלערט ווערן אויף אַ נאַטירלעכן אופן לויט די פיזישע באַדינגונגען פון מצרים פון יענער צייט.

וועגן אָט די אַלע אומדירעקטע און, פּילייכט ניט באַוואוסטזיניק, צו־געטראַכטע באַווייַזן, קען מען נאָר זאָגן, אַז זיי באַשטייען פון מעגלעכקייטן, אַז אַזעלכעס האָט געקענט פּאַסירן; — קיין באַווייַזן, אַז דאָס איז היסטאָריש פאָרגעקומען זייַנען זיי ניט. דערפאַר מוז אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו משה'ן און צו זייַן טעטיקייט, דערווייל בלייבן אין דער בחינה פון לעגענדע . . . מען קען אָבער צוגעבן, אַז ביז מיט אַ דור צוריק איז אַלץ, וואָס איז געזאָגט גע־וואָרן וועגן דער שטאָט טרויע באַטראַכט געוואָרן פאַר לעגענדע און איצט ווייס מען, אַז אַם ווינציקסטנס דער פאַקט גופא וועגן דער היסטאָרישער עק־זיסטענץ פון אַזאַ שטאָט איז ניט קיין לעגענדע. דאָס זעלבע קען, מעגלעך, אין דער נאָענטסטער צוקונפט פּאַסירן מיט משה'ן און מיט דער תורה;— דאָס וואָס ווערט איצט באַטראַכט פאַר לעגענדע וועט, מעגלעך, באַווייַזן ווערן, אַז ס'ענטהאַלט אַ היסטאָרישן אמת.

לויט דעם וואָס מען ווייסט וועט אין דער אַרבעט נאָכגעפאָלגט ווערן דער קריטישער שטאַנדפּונקט, וואָס ווערט אַלגעמיין אָנגענומען, און דאָס איז, אַז דער ערשטער טייל פון דער תורה איז באַקאַנט געוואָרן אין מלכות ישראל אינם ניינטן יאָרהונדערט פ. קר. אַז דער טייל איז, וואַרשיינלעך, באַשטאַנען פון די עשרת הדברות און פון אַ טייל פון משפּטים.

אין זייַן בוך "דער אַלטער טעסטאַמענט אין דער ליכט פון דעם איצ־

טיקן וויסן" (די אַלד טעסטאַמענט אין די לייהט און טודעי) באַווייזט דער געלערנטער ארכיאָלאָג און טעאָלאָג, וויל. באַדע, ווי די צען געבאָטן און די אַנדערע געזעצן, זיינען, מעגלעך, אנטשטאַנען אונטער די באַדינגונגען אונטער וועלכע די אידן האָבן געלעבט אין יענער צייט. זיינע דערקלערונגען לייגן זיך אויפן שכל, אָבער אויך זיי זיינען השערות און זיי דאַרפן ניט גענומען ווערן פאַר קיין היסטאָריש פאַקטן.

א צווייטע ווארייאַציע פון א טייל פון דער תורה, נעמט מען אָן, איז מיט הונדערט יאָר שפּעטער דערשינען אין יהודה. מיט א צייט שפּעטער זיי־נען ביידע וואַריאַציעס פאַראייניקט געוואָרן אין איין בוך אין וועלכן עס לויפן פּאַראַלעל כמעט צוויי וואַריאַציעס פון די זעלבע פּאַסירונגען.

דברים, גלויבט מען, איז געשאַפן געוואָרן אין יאשיהוס צייט, אָדער אביסל פריער און מען האָט דעם בוך געפונען אין יאשיהוס צייט. פאַרשטייט זיך, אַז אויך דאָס איז ניט מער ווי א השערה. עס איז אָבער קיין צווייפל ניט, אַז ווען עס איז אין יענער צייט זיינען געשאַפן געוואָרן, אָדער עס זיינען אנטדעקט געוואָרן, טיילן פון דער תורה. ווען אָבער די דאָזיקע טיילן זיינען אַנטשטאַנען און ווי אַזוי זיי זיינען אנטשטאַנען איז דערוויילע נאָך אַן אָפענע פראַגע. עס זעט אויס, אַז ביז יאשיהוס צייט האָט די תורה ניט געשפּילט קיין וויכטיקע ראָלע אינם לעבן פונם אידישן פאָלק.

פּראָפעסאָר דוד ניימארק שטימט מיט אָט דעם נאָר וואָס געזאָגטן אין אַלגעמיין איין. ער נעמט אָבער אָן דרייוועדס טיילונג, וואָס איז א סך א מער קאָמפּליצירטע, ווי די נאָר וואָס געגעבענע. נאַטירלעך, אַז אויך ער גיט צו זיינע אייגענע השערות. דאָס איז פאַר תנ"ך פאָרשער אומפאַרמיידלעך; יעדער איינער פון זיי פירט אריין עפּעס אַן ענדערונג אין דער קלאַסיפיקאַ־ציע, אָדער אין דער אינטערפּרעטאַציע: — אָן דעם וואָלטן זיי קיין תנ"ך פאָר־שער ניט געקענט זיין .

געוויס גלויבט זיך ניט, אַז משה איז אַ לעגענדאַרע פּערזענלעכקייט, אַז ער איז א פּראָדוקט פון עמיצענס פאַנטאַזיע. דאָס לייגט זיך ניט אויפן שכל; אָבער אַזוי לאַנג ווי ס'זיינען ניטאָ קיין דירעקטע באַווייזן, וואָס זאָלן אים פאַרבינדן מיט אקטועלע פּאַסירונגען אויף וועלכן מען זאָל קענען אָנווייזן דירעקט און אוממיטעלבאַר בנוגע צו צייט און פּלאַץ, מוז וועגן אים, ווי וועגן ישו הנוצרי, די פראַגע בלייבן אַן אָפענע. מען קען נאָר זאָגן וועגן זיי ביידן, אַז לויט דער טעאָריע פון וואַרשיינלעכקייט, האָבן זיי ביידע געלעבט און האָבן געווירקט אויף וועלכן ס'איז אופן. דאָס איבעריקע איז, העכסט וואַרשיינ־לעך, לעגענדע, ווייל וואָלט עס ווירקלעך געווען געשיכטלעך אמת אין אַלע היבזיכטן, וואָלטן אין ביידע פאַלן געווען מער באַשטימענדע באַווייזן, ווי מען האָט וועגן זיי פאַקטיש.

# קאַפּיטל 16

## עמוס

„אַ לייב האָט געבריליט
ווער זאָל ניט מורא האָבן?
גאָט דער האר האָט גערעדט
ווער זאָל ניט נביאות זאָגן?"

ווען רענאַנס באַוואוסטער מיינונג, אַז נאָר א פאָלק, וואָס האָט געלעבט אין א מדבר, האָט זיך געקאָנט דערטראַכטן צו אן איינציקן אבסטראקטן גאָט, זאָגט שיילער מעטיוס „אָזאַ גענעראליזאַציע וואָלט געקאָנט האָבן א ווערט, ווען מען זאָל זי מאָדיפיצירן מיט די פאקטן, אז די אידן האָבן ניט געלעבט אין קיין מדבר, אז זיי האָבן ניט געהאָט קיין ספעציעלע אריגענאַליטעט פאר רעליגיע און אַז זיי האָבן ניט דערפונדן דעם מאָנאָטעאיזם. וואָס מיר זעען פון דער אידישער געשיכטע איז א פּראָצעס ווי פון א קלענישער רעליגיע האָט זיך אנטוויקלט א מאָנאָטעאיזם אונטער דער ווירקונג פון לערער פון רעליגיע, וואָס זיינען באקאנט אונטערן נאָמען נביאים" (זע „די גראַט אָוו די איידיע אָוו גאָד").

רענאנס טעות, אויב ס'איז ניט געווען קיין בייזוויליקייט, איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט גערעדט וועגן א מאנאטעאיזם אין אלגעמיין און האָט דעם מאָנאָטעאיזם דערקלערט ווי א רעזולטאַט פון א מאנגל אין אן עסטעטישן געפיל ביי די אידן א דאנק דעם, וואָס זיי האָבן געלעבט אין א מדבר, האָט זיך ביי זיי ניט אנטוויקלט דער חוש פאר שיינקייט און פאר פאַרשיידנארטיקייט.

אין רענאנס אורטייל וועגן (אָדער קעגן) די אידן ליגט די עוולה ניט אויף אזויפיל אינם פאלשן אָנהויב פון לעבן אין א מדבר, ווי אין זיין עסטעטישער אינטערפּרעטאציע פון רעליגיע בכלל און דערהויפט אינם שייכות צום אורשפּרונג און כאראקטער פונם אידישן אָרט דענקען.

וואָס אָנבאלאנגט דעם אידישן ביישטראג צום אלגעמיינעם דענקען פון אייראָפּע, איז ניט וויכטיק וואו און ווי אזוי די אידן האָבן זיך דערטראַכט צום מאנאטעאיזם; וויכטיק איז דער עטישער מאָמענט אין זייער מאָנאָטעאיסטישן באגריף. מען קאָן צוגעבן, אז די אידן זיינען ניט געווען אריגענאל אינם אחדות הבורא באגריף, מען קאָן צוגעבן, אז אכנאטאן האָט שוין גע־

האָט איינגעפירט א מאָנאָטעאיזם אין מצרים אין 1400 יאָר פ. קר. נאָר די מצרים האָבן אים ניט אָנגענומען. ווען אפילו מען גיט דאָס אלץ צו, האָט דאָס ניט קיין שום שייכות מיטן אידישן בייטראג צום אלגעמיינעם דענקען, ווייל ניט אינם מאָנאָטעאיזם אַן און פאר זיך ליגט דער אידישער בייטראג צום דענקען, נאָר אין דעם עטישן מאָמענט אינם מאָנאָטעאיזם. וועגן אָט דעם אידישן בייטראג זאָגט זש. פוט מור "דער אידישער מאָנאָטעאיזם איז ניט דערגרייכט געוואָרן דורך פאסטולירן אייניקייט אין דער נאַטור, אָדער דורך א ספעקולאציע וועגן אן איינהייטלעכער עקזיסטענץ — ניט דורך ווויסנשאפט און ניט דורך פילאָזאָפישער ספעקולאציע — נאָר דורך א באגריף וועגן איינהייטלעכקייט פון דער מאָראלער אָרדנונג אין דער היסטאָריע פון דער וועלט, וואָס איז פון זיי אידענטיפיצירט געוואָרן מיט גאָטס ווילן און מיט זיין צוועק" (זע "דזשודאאיזם" באנד 1 ז. 115).

דער אידישער אויסגאנגס פונקט איז ניט געוועזן קיין עסטעטישער, ניט קיין וויסנשאפטלעכער און ניט קיין פילאָזאָפישער, נאָר ער איז געוועזן א ריין עטישער. דאָס מיינט, אז דער אידישער בייטראג צום דענקען איז ניט באַשטאַנען אין ארויסברענגען א מאנאטעאיזם פאר זיך, נאָר אין פאסטולירן א מאָראלן סדר אין דער פירונג פון דער וועלט. דער בייטראג איז באַשטאַנען אין ארויסברענגען דעם געדאנק, אז גאָט, דער שאפער און פירער פון דער וועלט, איז איינהייטלעך, גייסטיק, הייליק און מאָראליש; ער פאָדערט פון די אידן און פון אלע מענטשן, זיי זאָלן גיין אין זיינע וועגן. אין אָט דעם צוגאָב צום אלגעמיינעם דענקען ליגט דער אידישער בייטראג.

אינם אָנהויב פון זייער געשיכטלעכן לעבן זיינען די אידן, ווי זייערע שכנים סעמיטן, געוועזן הענאטעאיסטן; ווי די פעלקער, וואָס האָבן זיי ארומגערינגלט, האָבן זיי געגלויבט אין א נאציאָנאל טערעטאָריאלן גאָט. עס ווערט דערציילט אין דער תורה, אז די אידן (די אבות) האָבן געשלאָסן א בונד מיט יהוה'ן (אָדער ער מיט זיי), אז זיי וועלן אים באַטראַכטן פאר זייער גאָט און זיי וועלן אים דינען און ער זאָל זיי האלטן פאר זיין פאָלק און זאָל זיי באַשיצן. דאָס איז הענאטעאיזם. פון דעם אָפיציעלן בונד ציט מען דעם אויספיר, אַז יהוה איז ביי די אידן ניט ארויסגעוואקסן פון די בעלים, פון די נאַטור געטער, נאָר אז זיי האָבן אים ערגעץ געקראָגן א פארטיקן. וואו זיי האָבן אים גענומען ווייס מען ניט; מען נעמט אָן, אז זיי האָבן אים געקראָגן פון א מדבר פאָלק. ער האָט אלע אטריבוטן פון אַ גאָט פון א וואנדערנדן און קעמפענדן מדבר פאָלק. זיינע מדבר אייגנשאפטן, צוזאמען מיטן באגריף וועגן דעם בונד, ווערן אָנגענומען פאר די באַווייזן, אז די אידן האָבן אים געקראָגן א פארטיקן. ווייל, זאָגט מען, מיט קיין אייגענעם גאָט שליסט מען ניט קיין בונד און א גאָט, וואָס איז ארויסגעוואקסן פון אן אגריקולטורעלער סביבה, האָט ניט קיין מדבר אייגנשאפטן.

אויף וויפיל די באַווייזן קאָנען אָנגענומען ווערן פאר זיכער און באַשטימט קאָנען נאָר פאכלייטע באַשטימען. איז טאַקע פאראן א צווייטע מיינונג, אַז די אידן האָבן יהוה'ן אליין דערצויגן. עס הערשט א מיינונג, אז די עשרת הדברות און משפטים זיינען די אָריגענאלע תנאים פונם בונד פון די אידן מיט יהוה'ן. אָבער אזוי ווי וועגן אלע אָנהויבן פון געשיכטלעכע פראָצעסן, אזוי איז אויך וועגן דעם אָנהויב די מיינונג ניט קיין איינשטימיקע. א צוויי־

טע מיינונג איז, אַז די תנאים זיינען פּאַקטיש אַ סוף פון אַ פּראָצעס און ניט זיין אָנהויב.

אַזוי ווי די תנאים פונם בונד באַשטייען פון מאָראַלע געבאָטן, נעמט מען אָן, אַז זיי האָבן געהאַט אַ באַשטימענדע ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פונם אידישן אָרט דענקען; אַז דער באַגריף וועגן אַ מאָראַלן בונד האָט באַשטימט דעם כאַראַקטער פונם אידישן דענקען. מען דאַרף צוגעבן, אַז די דאָזיקע מיינונג ענטהאַלט אין זיך אַ גרויסן אמת. דער באַגריף וועגן אַזאַ מאָראַלן בונד צווישן די אידן און זייער גאָט האָט געוויס געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויפן אופן פונם אידישן דענקען.

עס וואָלט אָבער געווען ניט ריכטיק צו נעמען איין פאַקטאָר פון דער אידישער געשיכטע, ווי וויכטיק דער דאָזיקער פאַקטאָר זאָל ניט זיין, און אָננעמען, אַז ער האָט באַשטימט די אַלגעמיינע טענדענץ פונם אידישן דענקען, ווען מען ווייס, אַז די טענדענץ פון דער גאַנצער אידישער געשיכטע איז געפּלאָסן אין דער מאָראַלער ריכטונג.

ווען מען פּאָלגט נאָך דעם פּראָצעס פון דער אידישער געשיכטע פון איר אָנהויב אָן, האָט מען אַ רעכט צו ציען דעם שלוס, אַז דער בונד באַגריף איז געווען אַ רעזולטאַט פונם אידישן אָרט דענקען, וואָס מערקט זיך שוין אין דעם לעגענדאַרן טייל (אָדער וואָס ווערט נאָך באַטראַכט פאַרן לעגענדאַרן טייל) פון דער געשיכטע, ווי אין שופטים, צום ביישפּיל.

ווי ס'איז אָנגעוויזן געוואָרן אין דער אָפּהאַנדלונג וועגן די פּאַסירונגען אין שמואל'ס צייט, האָט מען אַ רעכט צו אָננעמען, אַז ווען ניט די מאָראַלע טענדענץ פון דעם אידישן אָרט דענקען גלייך אין אָנהויב פון דער אידישער געשיכטע, וואָלטן די אידן, מעגלעך, געווען אונטערגעגאַנגען נאָך איידער זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אַלס אַ פאָלק. די מאָראַלע, אָדער גייסטיקע טענדענץ, אין זייער דענקען האָט זיי געגעבן מוט און כוח צו קענען ווידערשטיין פאַר אַ לאַנגער צייט די גאָר ניט גינסטיקע באַדינגונגען פון זייער גורל און נאָך, דערצו ווי אַ רעזולטאַט פון דעם ניט זייער גינסטיקן לעבן, מיט דער צייט פון זיך אַרויסברענגען די נביאים.

נאָך די אַלגעמיינע באַמערקונגען קען מען צוטרעטן צו באַטראַכטן די אַזוי אָנגערופענע שריפט נביאים. ווען מען גייט צו צו זיי קריטיש און מען נעמט עמוס'ן פאַרן אויסגאַנגס פּונקט, איז שווער צו גלויבן, אַז ער איז געווען דער ערשטער שריפט־נביא, וואָס איז אַרויסגעקומען מיט אַ וויי־געשריי פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט אין נאָמען פון יהוה'ן, דעם מאָראַלן גאָט. לויט זיינע רייפע געדאַנקען און לויט זיין ראַפינירטער שפּראַך, האָט מען אַ רעכט צו גלויבן, אַז ס'זיינען געווען אַ סך נביאים פריער פאַר אים, נאָר זייער וויי־געשריי איז ניט פאַרבליבן און זייער איז יאָ פאַרבליבן. נאָר דערפאַר, וואָס זיין וויי־געשריי איז דער ערשטער, וואָס איז פאַרבליבן, ווערט ער אָנגענומען פאַרן ערשטן שריפט־נביא.

עמוס דערקלערט וואָס אים האָט געשטויסן צו ווערן אַ נביא; ער זאָגט „אַ לייב האָט געברילט — ווער זאָל ניט מורא האָבן? גאָט דער האַר האָט גערעדט — ווער זאָל ניט נביאות זאָגן?" מען קען זען, אַז פאַר אים איז נביאות זאָגן באַשטאַנען פון אַ מין קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו, וואָס מען מוז פאָלגן באין ברירה . . . אַזאַ שטאַרקער געפיל און אַזאַ טיפע איבערצייגונג,

אנטשטייען ניט פון זיך אליין, זיי זיינען א רעזולטאַט פון אן אטמאָספערע, וואָס איז פול מיט אזוינע געפילן און איבערלעבונגען. די דאָזיקע אטמאָספערע דערפילט מען גלייך אין אָנהויב פונם "כה אמר יהוה"; מען דערפילט זי פון זיינע נביאות וועגן דעם גורל, וואָס דערוואַרט די פארשיידענע פעלקער פאַר זייערע פאַרברעכנס קעגן די שוואַכע און הילפלאָזע. דער "אַזוי האָט גאָט געזאָגט: איבער דריי פאַרברעכן און איבער פיר", וואָס ווידערהאַלט זיך מיט יעדער שטראָף, וואָס גאָט האָט צוגעגרייט פאַרן פאַרברעכן פונם באַטרעפנדן פאָלק, שאַפט אויך איצט די שטימונג, וואָס האָט באַהערשט עמוס'ן. זיין ווייגעשריי איז אזוי ענלעך אויף אליהו הנביא'ס שטורם־שטימונגען, אז מען איז ממש געצוואונגען צו אָננעמען, אז דאָס, וואָס ווערט אין תנ"ך איבערגעגעבן וועגן אליהו הנביא'ס טעטיקייט, ענטהאַלט אין זיך א היסטאָרישן אמת טראָץ דעם, וואָס ס'איז פון אים ניט פאַרשריבן געוואָרן און טראָץ דעם, וואָס ס'איז צוזאַמענגעמישט מיט א היפּש ביסל לעגענדארישעס.

צי אליהו הנביא איז געווען א היסטאָרישע פּערזענלעכקייט, אָדער א פּראָדוקט פון פאָלקס פאַנטאַזיע, איז עמוס'עס נבואה סיי־ווי־סיי א פּראָדוקט פון אָט דער טענדענץ פונם אידישן דענקען.

עמוס'עס נבואה, וואָס ווערט באַטראַכט פאַר אן אויטענטישער שאַפונג פונם אכטן יאָרהונדערט פ. קר., איז געוויס ניט קיין אָנהויב פון ליטעראַרישער שאַפונג ביי די אידן. ווען ער זאָגט: "גייען דען צוויי צוזאַמען, סיידן זיי האָבן זיך צונויפגערעדט, ברומט דען א לייב אין וואַלד, ווען ער האָט ניט קיין פאַרצוקונג? לאָזט ארויס א יונג לייב זיין קול פון זיין וואוינאָרט, סיידן ער האָט עפּעס געכאַפּט? פאַלט א פויגל אויף דער ערד אין א פּאַסטקע, ווען ער האָט ניט קיין שטרויכלונג? גיט זיך א פּאַסטקע א הויב פון דער ערד, ווען כאַפּן האָט עס ניט געכאַפּט? בלאָזט א שופר אין שטאָט, און דאָס פאָלק זאָל זיך ניט שרעקן? קומט אן אומגליק אויף אַ שטאָט און גאָט האָט עס ניט געטאָן?" איז אָט דאָס ארויסגעזאָגט געוואָרן אין אזא פּראַכטפולער פאָרמע און איז אזוי גראַנדיעז אין אינהאַלט, אז ס'קען פאַר קיין פאַל ניט באַטראַכט ווערן פאַר אן אָנהויב פון ליטעראַטור, אָדער פון קולטור אין אַלגעמיין.

די פאָרמע באַלאַנגט צו ליטעראַטור קריטיק; דאָ איז וויכטיק דער אינהאַלט. דער צענטראַלער געדאַנק פונם ציטירטן איז, אז קיין שום פּאַסירונג קומט ניט פאָר, וואָס גאָט זאָל עס ניט באַשטימען. די ווידערהאָלונגען וועגן דער קאַוזאַלער פאַרבינדונג צווישן פּאַסירונגען אקצענטירן דעם צענטראַלן געדאַנק, אַז אַלץ ווערט באַשטימט פון גאָט מיט א מיין און דער מיין איז, נאַטירלעך, אן עטישער, ווען אפילו עמוס זאָגט עס ניט ארויס. דאָס דאַרף גענומען ווערן פאַר זעלבסטפאַרשטענדלעך, ווייל דאָס איז געווען דער אידישער אויסגאַנגס פּונקט, וועלכן עמוס ברענגט ארויס.

דאָס פירט צו דער פראַגע צי עמוס איז געווען א מאָנאָטעאיסט. עס איז א מאָדנע פראַגע, ווען מען ווייס, אז ער איז אין זיין דענקען געווען דער אוניווערסאַלסטער צווישן די נביאים. זאָגט טאַקע פּראָפעסאָר פאָולער אין באַצוג צו עמוס'ן "ווען דער אידישער גאָט באַשטראָפט פארשיידענע פעלקער פאַר מאָראַלע פאַרברעכנס, ווערט ער זייער ריכטער. אויב עמוס איז לויט זיין דענקען ניט געווען קיין פאָלשטענדיקער מאָנאָטעאיסט, האָט ער געוויס אריבערגעטראָטן די גרענעצן פון הענאָטעאיזם." עס מיינט, אז פּאַקטיש דאַרף

מען אים באטראכטן פאר א מאַנאָטעאיסט.

פּראָפעסאָר ניימארק רעדט א סך וועגן עמוס'עס אוניווערסאַליזם און וועגן זיין יהוה'זם אויפן חשבון פון אלוהיזם. ער זאָגט אָבער ניט צי עמוס איז געווען א מאָנאָטעאיסט, אָדער ניט.

דר. מאקדאָנאַלד, וואָס איז שטאַרק באַגייסטערט פאר עמוס'ן, זאָגט נאָר, אז עמוס איז אויף אזויפיל געווען היימיש מיט גאָט, כאָטש זיין גאָט איז אַזאַ בייזער, אז מען קריגט דעם איינדרוק, אז ער טראָגט זיך ארום מיט גאָט אין קעשענע . אויך ער זאָגט ניט וואָס פאר א באגריף עמוס האָט געהאט וועגן יהוה'ן.

די ביידע דענקער זאָגן ניט צי עמוס איז געווען א מאָנאָטעאיסט לויט זיין דענקען דערפאר, ווייל פון זיין נבואה קען מען ניט ציען קיין פאָלשטענ־דיקן שלוס וועגן זיין באגריף וועגן גאָט. עמוס'עס גרויסקייט אָבער, ווי די גרויסקייט פון די נביאים אין אַלגעמיין, ליגט ניט אינם מעטאפיזישן גאָט באַגריף, צו וועלכן זיין דענקען האָט אים געפירט, נאָר אינם עטישן געפיל פון וועלכן זיין דענקען האָט זיך אָנגעהויבן.

עמוס איז געווען א פּאסטוך, ער איז געווען א נאטור מענטש טראָץ דעם וואָס לויט זיין וויסן וועגן פעלקער און לענדער, האָט מען א רעכט צו גלויבן, אז ער איז אויך געקומען אין דירעקטער בארירונג מיט דער וועלט, קעגן וועלכער ער האָט אזוי העפטיק רעוואָלטירט. און רעוואָלטירט האָט ער קעגן איר ווייל, ווי מען זעט, האָט זי ניט געשטימט מיטן באגריף פון גע־רעכטיקייט, וואָס האָט געהערשט אין זיין פּרימיטיווער סביבה.

אז דאָס איז געווען די סיבה פון זיין פּראָטעסט זעט מען פון זיין נבואה; צו דעם דארף מען נאָך צוגעבן, אז קוקן אויף צוריק און פארהערליכן די פארגאנגענהייט איז אן אלגעמיין מענטשלעכער שטריך און איז זייער כאַ־ראַקטעריסטיש פארן פּרימיטיוון מענטשן, פאר וועמען טראדיציע איז געזעץ און ענדערונג איז זינד. ביי די אידן האָט זיך דער דאָזיקער שטריך אין יענער צייט מאַניפעסטירט דורך דער רכב'סטישער צוריק צו דער מדבר באַוועגונג, וואָס איז אנטשטאַנען נאָך פריער פאר עמוס'עס צייט און די דאָזיקע פּרי־מיטיווע געזעלשאפט האָט נאָך עקזיסטירט אין ירמיהוס צייט. צי עמוס האָט געוואוסט וועגן די רכב'סטען, קען מען ניט וויסן, אז ער איז באווירקט גע־וואָרן פון אזא אטמאָספערע זעט מען פון זיין פּראָטעסט קעגן דעם אומגע־רעכטן שטאָטישן לעבן.

פארוואָס ער איז מיט זיין פּראָטעסט ארויסגעקומען אין מלכות ישראל און ניט אין זיין היים אין יהודה, קאָן מען ניט וויסן. מעגלעך, אז ס'איז געווען ניט מער ווי א צופאל; עס איז אָבער אויך מעגלעך, אז ס'איז געווען דערפאר, וואָס אזוי ווי מלכות ישראל איז געווען גרעסער, רייכער און מער אנטוויקלט פון דער אגריקולטורעלער יהודה, האָבן זיך די געזעלשאפטלעכע פארשיידנהייטן, מיט זייערע סאָציאל־עקאָנאָמישע אונטערשיידן, אין איר א סך בולטער ארויסגעוויזן, ווי אין דער אָרעמער און פּרימיטיווער מלכות יהודה. עס איז דאָך אַ פאַקט אַז די רעוואָלוציאָנערע נביאים, אליהו און אלישע, האָבן נאָך פריער פון זיין צייט דורכגעפירט א דינאסטיע איבערקערעניש, טייל־ווייס צוליב דער סיבה. ווען ער, דער ערלעכער נאטור מענטש, איז געקו־מען קיין מלכות ישראל און האָט דערזען די פארשיידענע ענדערונגען און דער

עיקר די אומגערעכטיקייט און די פאַרדאַרבנהייט פון דער שטאָטישער ציוויליזאַציע, איז ער אַרויסגעקומען מיט אַ פייערדיקן פּראָטעסט קעגן אַלץ און אַלעמען אינם נאָמען פון דעם מאָראַלן גאָט, וואָס האָט גערעדט דורך זיין געוויסן.

דאָס ליגט זיך אויפן שכל; עס דערקלערט אָבער ניט דעם כאַראַקטער פון זיין נבואה אין אַלגעמיין: האָט ער דאָך פּראָטעסטירט קעגן עוולות און אומרעכטן, וועגן וועלכע ער האָט בלויז געקאָנט הערן און ניט זען, ווייל זיי זיינען פאָרגעקומען צווישן פעלקער וואוהין זיין אויג האָט ניט געקענט צוקומען. מען מוז צוגעבן, אַז אין באַצוג צו נבואה שטייט מען פאַר אַ דערשיינונג, פאַר וועלכער מען דאַרף בויגן דעם קאָפּ מיט נאַטירלעכער פּיעטעט; זי לאָזט זיך לייכט ניט דערקלערן.

עס איז ניט פאַרשטענדלעך ווי אין אַ צייט, ווען אויפן נאָענטן מזרח זיינען די געטער געווען העניאַטעאיסטישע, וועמענס הויפּט אויפגאַבע ס'איז געווען צו באַשיצן די פעלקער, וואָס האָבן זיי געדינט און מיטן יחיד פון אַ פאָלק האָבן זיי ניט געהאַט קיין צופיל שייכות, זאָל זיך ביי די אידן אַנטוויקלען אַזאַ טיפער מאָראַלער באַגריף וועגן אַ גאָט, וואָס פון איין זייט שטייגט ער אַריבער די נאַציאָנאַלע און טעריטאָריעלע גרענעצן און פון דער צווייטער זייט נעמט ער זיך אָן פאַר די קריוודעס, וואָס מען באַגייט קעגן יחידים, מיט וועמען ער דאַרף ניט האָבן קיין שייכות.

דאָס איז אין אַלגעמיין ניט פאַרשטענדלעך; וואָס אָנבאַלאַנגט אָבער עמוס'ן איז ווי מען זאָל אים ניט אינטערפּרעטירן און ווי אַזוי מען זאָל נישט דערקלערן זיין באַגריף וועגן גאָט, איז זיין גאָט שוין אוניווערסאַל דערמיט אַליין, וואָס ער באַשטראָפט פעלקער און יחידים פאַר אַלגעמיינע עוולות. אמת, גאָט זאָגט צו די אידן: "נאָר אייך האָב איך דערקענט פון אַלע משפחות פון דער ערד, דעריבער וועל איך אייך שטראָפן פאַר אייערע זינד." ער זאָגט אָבער אויך "זיינט איר דען מער ווי די קינדער פון כושים, איר קינדער ישראל, זאָגט גאָט, איך האָב טאַקע אַרויסגעבראַכט ישראל פון מצרים, אָבער אויך די פּלשתים פון כפתור און ארם פון קיר." אַזוי קאָן בלויז ריידן אַן אוניווערסאַלער גאָט און ניט קיין טעריטאָריאַלער גאָט.

אַז עמוס'ס באַגריף וועגן יהוה'ן איז געווען מער ווי פון אַ נאַציאָנאַלטעריטאָריעלן גאָט זאָגט עדות זיין קאָסמאָלאָגיע. ער זאָגט דער גאָט "וועלכער בויט אין הימל זיינע אויבערקאַמערן און גרונטפעסט זיין געוועלב אויף דער ערד; וואָס רופט די וואַסער פון ים און גיסט זיי אויס אויפן געזיכט פון דער ערד." דאָס אַלץ קאָן טאָן אַן אוניווערסאַלער גאָט און ניט קיין לאָקאַלער גאָט. צי עמוס האָט יאָ געוואוסט וועגן די אימפּליקאַציעס, וואָס זיינען געווען איינגעשלאָסן אין זיין באַגריף וועגן גאָט, אָדער ער האָט ניט געוואוסט, האָט זיין באַגריף סיי־ווי געפירט צום עטישן מאָנאָטעאיזם, דורך וועלכן דער באַגריף וועגן גאָט און וועגן דער וועלט זיינען געענדערט געוואָרן.

דאָס איז געווען דער גורל, וואָס איז אויסגעפאַלן אויף די אידן און דער עיקר אויף די נביאים צו אויפטאָן פאַרן אַלגעמיינעם דענקען. דעם ביי־טראַג פון די אידן צום אַלגעמיינעם דענקען קען ביי זיי קיינער ניט צונעמען; ער איז זייער בייטראַג ווי מען זאָל אים ניט אינטערפּרעטירן און ווי אַזוי מען זאָל אים ניט דערקלערן.

עמוס'עס עטישער געפיל, ווי אַן איבערלעבונג, זיין ווײ־געשריי פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט אין נאָמען פונם מאָראַלן גאָט, וועלכער קען ניט און וועט ניט פאַרשווייגן קיין אומגערעכטיקייטן, איז פאָלשטענדיק קלאָר און פאַרשטענדלעך, ווײל מען אָבער נעמען עמוס'ן ריין טעאָלאָגיש־קאָנצעפּציעל, אפילו אָן וועלכער ס'איז מעטאַפיזיק, וואָס ניט ער און ניט קיין אנדער נביא (אויסער פילייכט ישעיה דער צווייטער) האָט געהאַט, איז זיין באַגריף וועגן גאָט ניט קיין קלאָרער. די צוויי פריער דערמאָנטע פילאָזאָפישע אינטערפּרעטירער פון נבואה, פּראָפעסאָר ניימאַרק און דר. מאַקדאָנאַלד, ווידערשפּרעכן זיך אין זייערע מיינונגען וועגן עמוס'עס באַגריף פון גאָט. עמוס דערמאָנט, אַז ער האָט געזען גאָט פינף מאָל און אַ זעקסטן מאָל זאָגט ער אפילו וואו גאָט געפינט זיך און נאָך דעם אַלעמען קען מען זיך ניט פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ באַגריף ער האָט געהאַט וועגן גאָט, מען קען עס זיך ניט פאָרשטעלן דערפאַר, ווייל ער אַליין, זעט מען ניט, זאָל זיך געווען פאָרשטעלן גאָט.

לויט פּראָפעסאָר ניימאַרקס מיינונג האָט זיך עמוס ניט געקענט פאָרשטעלן גאָט, ווייל דער אידישער דענקען "האָט אויסגעשלאָסן דעם געשלעכט מאָטיוו פון דער ספערע פון הייליקן, האָט ער דורך דעם באַפרייט גאָט פון וועלכן ס'איז קערפּערלעכן באַגריף" (זע "די פילאָסאָפיע אָוו די בייבל" ז. 33).

די מיינונג איז אַן אינטערעסאַנטע, ס'וואָלט זיך געוואָלט זי אָננעמען, פּראָפעסאָר ניימאַרק גייט אָבער אַ סך ווייטער ווי די פאַקטן דערלויבן. פון תנ"ך זעט מען ניט, אַז דאָס זאָל געווען זיין די באַשטימענדע סיבה פאַר וואָס די נביאים האָבן ניט פאָרגעשטעלט גאָט אין אַ קאָנקרעטער פאָרמע, און וואָס אָנבאַלאַנגט עמוס'ן האָט ער דאָך ניט פּראָטעסטירט קעגן דעם גאָלדענעם קאַלב פון בית־אל.

ווען מען טראַכט זיך אַריין אינם אידישן אַרט דענקען, זעט מען אַ מער דירעקטע סיבה פאַרוואָס די נביאים האָבן ניט קאָנקרעטיזירט גאָט, ווי די וואָס ניימאַרק גיט אָן. די סיבה איז אַ מער פּסיכאָלאָגישע ווי אַ לאָגישע: —דער אידישער אַרט דענקען איז אין אַלגעמיין געווען מער אַ פּסיכיש־עמאָציאָנאַלער, ווי אַ לאָגיש־ראַציאָנאַלער, די אידן האָבן זיך מער אָריענטירט לויטן אויער ווי לויטן אויג אין זייער שייכות צו גאָט. זיי האָבן געהערט גאָטס וואָרט אין דער טיפעניש פון זייער נשמה, און זיי האָבן פּסיכיש עמאָציאָנעל רעאַגירט. דעריבער איז ניט זיי האָבן זיך גענויטיקט און ניט זיי האָבן געהאַט פון וואָס צו פאָרמירן אַ בילד: — נבואה איז באַשטאַנען פון אַ פּסיכישער איבערלעבונג, איז זי ניט געווען דעקאָראַטיוו (נאַטירלעך, אַז דאָס דאַרף גענומען ווערן רעלאַטיוו). ווי באַוואוסט האָט די העבּרעאישע שפּראַך אפילו ניט געהאַט קיין טערמינען צו קענען אַבסטראַאירן איבערלעבונגען.

אין אַלגעמיין באַלאַנגט נבואה צו דער פּסיכאָלאָגיע פון עמאָציעס, ביי די אידן איז זי געווען אַ רעזולטאַט פון אַ קאָנפליקט צווישן דעם געפיל פאַר גערעכטיקייט, וואָס איז געקומען אין צוזאַמענשטויס מיטן ניט גערעכטן געזעלשאַפטלעכן לעבן (לויט דער פּרווידיסטישער טערמינאָלאָגיע קען מען זאָגן, אַז נבואה איז באַשטאַנען פון אַ מין סובלימאַציע פון אָט דעם קאָנפליקט).

גלייך אין אָנהויב פון זייער געשיכטע זיינען די אידן אַריינגעבראַכט געוואָרן אין באַדינגונגען וואָס האָבן אויף זיי געווירקט אויף אַזאַ אופן, אַז זייער ענערגיע האָט בלויז געקענט אויסגענוצט ווערן אין דער רעליגיעז־מאָ־

ראַלער ריכטונג. צי זיי האָבן באַזעסן אַן אָריגינאַלע אייגנשאַפט, וואָס האָט זיי געשטויסן אין דער מאָראַלער ריכטונג, איז אַן אָפֿענע פֿראַגע, זייער לאַגע איז אָבער געווען אַזאַ, אַז זיי האָבן זיך בלויז געקענט אַנטוויקלען אין דער ריכטונג, האָבן זיי זי אָנגענומען און מיט דער צייט האָבן זיי אַרויסגעבראַכט די נביאים.

פאַרשטייט זיך, אַז מיטן געזאָגטן ווערט ניט געמיינט צו פּאָסטולירן אַ וועלכן ס'איז מוז פאַר דער געשיכטע, אַז די אידן, צום ביישפּיל, האָבן אונטער זייערע באַדינגונגען געמוזט אַרויסברענגען דעם עטישן מאָנאָטעאיזם. אויף וויפֿיל מען איז באַקאַנט מיט געשיכטלעכע פּראָצעסן, זעט מען ניט זיי זאָלן אין זיך איינשליסן וועלכע ס'איז מוזן. די אידן האָבן אויך געקענט אונ־טערגיין אויפֿן זעלבן אופן, ווי אַנדערע פֿעלקער זיינען אונטערגעגאַנגען און זאָלן פֿון זיך קיין זכר ניט האָבן איבערגעלאָזט. ווען זיי זיינען אָבער אונטער די באַדינגונגען געבליבן לעבן און האָבן אַרויסגעבראַכט די נביאים מיטן עטישן מאָנאָטעאיזם און זייער מאָראַלן שטייגער לעבן, דאַרף עס באַטראַכט ווערן ווי אַן עמערגענטע דערשיינונג פאַר וועלכער מען דאַרף בייגן דעם קאָפּ מיט נאַטירלעכער פּיעטעט: — דעם פאַקט קען מען לייכט ניט דערקלערן.

ריין פאָרמאַל קען דאָס נאָר וואָס געזאָגטע דינען פאַר אַ דערקלע־רונג פון נבואה, אָבער ניט סאָציאַל־פילאָזאָפיש און געוויס ניט סאָציאַל־פּסי־כאָלאָגיש, קען אַזאַ דערקלערונג צופרידנשטעלן: עס ווילט זיך געבן אַ קאָנ־קרעטע דערקלערונג, כאָטש מען פילט, אַז אויך זי איז ניט צופרידנשטעל־לענד . . . וועלן געמאַכט ווערן עטלעכע באַמערקונגען וואָס זאָלן דינען פאַר אַ דערקלערונג.

אונטער סאָציאַלער פילאָזאָפיע, ווערט פאַרשטאַנען, דער אָרט דענ־קען וואָס אַ פאָלק אַנטוויקלט און וואָס ווערט דער לייט־מאָטיוו פון זיין היס־טאָרישן לעבן. אַזוי האָט מען פאַר זיך די אינדישע סאָציאַלע פילאָזאָפיע לויט וועלכער די אינדישע פעלקער לעבן. די כינעזישע סאָציאַלע פילאָזאָפיע און אַז. וו. די אָפּהאַנדלונג וועגן די אידן, ווי זי ווערט דאָ געגעבן, באַשטייט פון אַ פּאַרזוך צו אָנווייזן אויף די הויפּט־שטריכן פונם אידישן אָרט דענקען פון וועלכן דער אידישער שטייגער לעבן איז דער רעזולטאַט.

פון דעם סאָציאַל־פילאָזאָפישן שטאַנדפּונקט פּרעזענטירט מיט זיך נבואה ניט קיין ספּעציעלן פּראָבלעם: זי באַשטייט פון איינעם פון די רינגען, זאָל זיין פונם וויכטיקסטן רינג, פון דער קייט פונם אידישן אָרט דענקען. מער קאָמפּליצירט איז נבואה פונם סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט. עס האַנדלט זיך וועגן דער פּסיכאָלאָגיע פון מיסטיציזם און דאָס איז ניט קיין צו לייכטער ענין.

עס וועט נאָר געמאַכט ווערן אַ פאַרזוך צו דערקלערן די פּסיכאָלאָגיע פון נבואה, אָבער ניט מער ווי אַ פאַרזוך. עס איז נאָר וואָס געזאָגט געוואָרן, אַז נבואה באַלאַנגט צו דער פּסיכאָלאָגיע פון די עמאָציעס, זי דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַ לייזונג פון אַ קאָנפליקט וועלכער מאַניפעסטירט זיך אויף אַ מיסטישן אופן דורך "אַנטפּלעקונג."

פּסיכאָלאָגיש מיינט "אַנטפּלעקונג", אַז די נביאים זיינען אַריינגע־פאַלן אין אַ פּסיכיש־עקזאַלטירטן צושטאַנד און זיי זיינען אויף אַזוויפיל אי־בערוועלטיגט געוואָרן פון זייערע אינערלעכע איבערלעבונגען, אַז זיי האָבן

געהערט ווי גאָט רעדט צו זיי און זיי האָבן אים אפילו געזען מיט די אויגן, הגם ניט צו קלאָר. עס מיינט איינפאַך, אַז זייערע איבערלעבונגען זיינען געווען אַזוינע שטאַרקע, אַז זיי האָבן אַרויסגעבראַכט האַלוציאַנאַציעס. דאָס זיינען עס די "אנטפלעקונגען."

אזעלכע שטאַרקע עמאָציאָנעלע איבערלעבונגען זיינען כאַראַקטעריס־טיש פאר מיסטישע נאַטורן. זיי ווערן היפּנאָטיזירט פון זייערע איבערלעבונגען און זיי נעמען אָן, אַז גאָט האָט זיך צו זיי אנטפלעקט און האָט זיי געגעבן באַ־שטימטע באפעלן, וועלכע זיי מוזן אומבאַדינגט אויספאָלגן. די פּסיכאָלאָגיע פון מיסטיציזם איז איצט פאַרשטענדלעך; מען ווייס, אַז מיסטישע איבערלעבונגען קאָנען קולטיווירט ווערן און ארויסגעבראכט ווערן אויף פארשיידענע אופנים. פונדעסטוועגן זיינען מיסטיקער אפילו איצט זיכער, אז דער וויסן, וואָס זיי קריגן דורך די דאָזיקע איבערלעבונגען, איז אַן אבסאָלוט אמת׳ער, אז ער קומט דירעקט פון גאָט. די איבערצייגונג נעמט זיך דערפון, וואָס די עמאָציע ווירקט אוממיטלבאר אויף דער פּסיכיק און זי איז אזוי שטאַרק, אַז אפילו העכסט געבילדעטע מענטשן (עדינגטאָן, צום ביישפּיל) נעמען די איבערלע־בונג אָן פאר אַן אבסאָלוטן אמת, פאר אַ קאַטעגאָרישן באַפעל אין וועלכן מען קאָן ניט צווייפלען.

עס איז נוצלאָז צו פּרוּאוון איבערצייגן אַ מיסטיקער, אַז ער מאַכט אַ טעות אינם כאַראַקטער פון זיין איבערלעבונג, פאַר אים איז זי מער אמת׳דיק, ווי אַלץ אין דער וועלט. זי ווירקט אויף אים ווי אַ היפּנאָטישער באַפעל און זי באַשטייט טאַקע פון אַ זעלבסט־היפּנאָז.

אז די איבערלעבונגען פון די נביאים זיינען באַשטאַנען פון אזא מיס־טישן כאַראַקטער איז קיין צווייפל ניט; זיי האָבן זיך אָבער אונטערשיידט פון אנדערע מיסטיקער מיט דעם, וואָס זיי האָבן ראַציאָנאַליזירט זייערע איבער־לעבונגען; זיי האָבן זיי אָביעקטיוויזירט און האָבן פון זיי געשאַפן אַ סאָציאַל־עטישע לערע. זיי האָבן זיך נישט "באהעפט" מיט גאָט עמאָציאָנאַל־סוביעק־טיוו, ווי די קריסטלעכע מיסטיקער האָבן זיך באהעפט דורך "ליבע" צו גאָט און זיינען געוואָרן עראָטיש און אויך ניט ווי די בודיסטישע מיסטיקער, וואָס אטראָפירן זיך און פאַלן אַריין אין אַ נירוואַנע צושטאַנד.

דערפאַר וואָס די נביאים האָבן סובלימירט זייערע איבערלעבונגען און אַ סאָציאַל־עטישער ריכטונג, האָבן זיי געשאַפן דעם עטישן מאָנאָטעאיזם און זיינען געוואָרן די עטישע וועג־ווייזער פאַר דער ציוויליזירטער מענטש־הייט און טאַקע דערפאַר האַלט זיך בערגסאָן צוריק "פון צורעכענען די נביאים צו די מיסטיקער פון דער אַלטער וועלט." פון זיין שטאַנדפּונקט איז בערגסאָן גערעכט (זיין שטאַנדפּונקט וועט דערקלערט ווערן אין פארבינדונג מיט זיין פילאָזאָפיע). די וועלט אָבער האָט ניט אָנגענומען זיין שטאַנדפּונקט: — זי באַטראַכט די נביאים פאַר די העכסטע עטישע לערער פון דער מענטש־הייט און די קריסטלעכע מיסטיקער ווערן אפילו פון אַ סך טעאָלאָגן און פון אַלע פּסיכאָלאָגן, באטראכט פאר היסטעריקער און ניט מער.

# קאַפּיטל 17

## י ש ע י ה

„און עס וועט זיין אין די ענד פון די טעג,
פעסט וועט שטיין דער באַרג פון גאָטס הויז
אויבן אָן פון די בערג,
דערהויבן איבער אַלע הויכע ערטער,
און עס וועלן שטראָמען צו אים אַלע פעלקער,
און עס וועלן גיין אַ סך פעלקער און וועלן זאָגן:
קומט לאָמיר ארויפגיין צו דעם בארג פון גאָט,
צו דעם הויז פון גאָט פון יעקב;
און זאָל ער אונדז לערנען פון זיינע וועגן,
און לאָמיר גיין אין זיינע שטעגן;
וואָרים פון ציון גייט ארויס לערנונג,
און גאָטס וואָרט פון ירושלים;
און ער וועט משפטן צווישן די פעלקער
און אנטשיידן פאר אַ סך אומות,
און זיי וועלן שמידן זייערע שווערדן אויף אַקעראַייזנס
און זייערע שפּיזן אויף צווייגמעסערס.
אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק וועט ניט אויפהויבן אַ שווערד,
און מען וועט מער ניט לערנען מלחמה.“

איידער ישעיה וועט באַטראַכט ווערן
וועלן געמאכט ווערן עטלעכע באמערקונגען וועגן הושע'ן. הושע איז דער ליבלינגס נביא פון די קריסטלעכע טעאָלאָגן, ער איז זיי טייער דערפאַר, וואָס ער רעדט אין נאָמען פון גאָט פון ליבע, וועמענס באציאונג צו די אידן איז ניט באַזירט אויף קיין געזעצלעכער שייכות. דאָס דאַרף זיין אָן אָנדייט אויף ישו הנוצרים ליבע און ס'זאָל מיינען, אז דער קריסטנטום איז דער אמת'ער יורש פון די נביאים און ניט דער אידנטום, וואָס האָט ניט אָנגענומען קריס־טוסעס „ליבע.“

דאַרף מען צוגעבן, אז ליבע איז אַ העכערע קאַטעגאָריע פון געזעץ; מען דאַרף אָבער אויך ניט פאַרגעסן, אז וואָס אָנבאלאַנגט דעם שורש פון דער ליבע, זיינען הושע און ישו הנוצרי ביידע געווען אידן און זייער בייטראַג צו דער וועלט איז אַ ריין אידישער . . . וואָס אָנבאלאַנגט דער קריסטלעכער „ליבע“ האָט דער קריסטנטום נאָכגעפאָלגט אויגוסטינס אינטערפּרעטאַציע

און ניט ישו הנוצרים און זיך בארימען מיט אויגוסטינס "ליבע" דארף מען זיין א בעלן . . .

עמוס'עס געזעץ איז געווען שטרענגער און א סך גרויזאמער פון הושע'ס ליבע, פונדעסטוועגן האָט הושע ניט דערגרייכט די אנערקענונג צווישן תנ"ך פאָרשער און נביאים פאַרעהרער, וואָס עמוס האָט דערגרייכט. ער האָט עס ניט דערגרייכט דערפאַר, וואָס אין זיין נבואה פעלט עמוס'עס פאַרנעם, זיין גרויסקייט און גאַנצקייט. און דער עיקר אונטערשייד צווישן זיי איז, וואָס אים פעלט דער וויי־געשריי פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט, וואָס איז דער הויפּט מאָטיוו פון עמוס'עס נבואה. עמוס פאָדערט גערעכטיקייט פון מענטש צו מענטש אינם נאָמען פון א מאָראַלן גאָט, וועלכער פאָדערט די דאָזיקע גערעכטיקייט און הושע רעדט וועגן אן אבסטראַקטער פּלאַטאָנישער ליבע פון גאָט צו זיין פאָלק און פאַר וועלכער דאָס פאָלק דאַרף אים דינען. ווען דאָס פאָלק דינט אים ניט ווי ער וויל, רוגז'ט ער זיך און פאַרטרייבט דאָס פאָלק פון זיך . . . אמת, אויך לויט עמוס'ן פאַרטרייבט גאָט זיין פאָלק און ער טוט עס נאָך אויף א שטרענגערן אופן דערצו. ביי עמוס'ן איז אָבער גאָטס מאָטיוו אזא נאָבעלער, אז מען פאַרגיט עמוס'ן זיין שטרענקייט און מען געדענקט דאָס נאָבעלע . . . עמוס איז געווען א סאָציאַלער נביא, ער האָט געקעמפט פאַרן אונטערדריקטן מענטשן און הושע איז געווען א ריין רעליגיעזער נביא; ער האָט זיך אָנגענומען גאָטס קריוודע הלמאי מען דינט אים ניט.

פאַרזעט מען אָט דעם גרויסן און פונדאַמענטאַלן אונטערשייד צווישן זיי, איז נאָך אַלץ עמוס אוניווערסאַל גרויס און הושע איז באַגרענעצט און וואַקלדיק. דאָס דערקלערט דעם אונטערשייד פון דער באַציאונג צו די צוויי נביאים. דאָס מיינט אָבער ניט, אז הושע האָט ניט זיינע פאַרדינסטן פאַרן אידישן אַרט דענקען, געוויס האָט ער זיי. טראָץ דעם וואָס דער קריסטנטום האָט געמאַכט א טרויעריקן וויץ פון דער געטלעכער ליבע, איז ווען מען לייענט "איך וועל זיין ווי טוי פאַר ישראל, ער וועט בליען ווי א לילי און ער וועט שלאָגן וואָרצלען ווי דער לבנון. עס וועלן זיך שפּרייטן זיינע צווייגן, זיין פּראַכט וועט זיין ווי אן איילבערטבוים, און א ריח וועט ער האָבן ווי דער לבנון. זיי וועלן ווידער וואוינען אין זיין שאָטן, זיי וועלן האָדעווען קאָרן, און וועלן בליען ווי א ווייַנשטאָק, זיין דופט ווי דער וויין פון לבנון", פילט מען א ליבלעכע ווארעמקייט אין די ווערטער, וואָס די צייט האָט ניט אָפּגעקילט . . . ליידער שטערט דער געשלעכט מאָמענט אָפט צו קענען זען זיינע קלאָרע געדאַנקען, ווי זיין קאַמף קעגן די קעלבער און קעגן די בעל געטער אין אַלגעמיין.

זיין באַגריף וועגן יהוה'ן איז געווען א העניאָטעאיסטישער. ער זאָגט: "און איך בין יהוה דיין גאָט זינט דעם לאַנד מצרים, און קיין גאָט זאָלסטו ניט קענען א חוץ מיר און ניטאָ קיין העלפער אן אנדערער פון מיר (דאָס לעצטע קלינגט מאָנאָטעאיסטיש). איך האָב דיך דערקענט אין מדבר, אין א לאַנד פון טריקעניש." אויך ער, ווי עמוס, איז ניט צופרידן פון דער ציוויליזאַציע און ער האָט געבענקט נאָך דעם מדבר.

הושע רעדט אין גאָטס נאָמען, ער גיט נאָר איבער וואָס גאָט האָט אים געהייסן זאָגן, ער דערמאָנט ניט קיין זעאונג. פון דעם דאַרף מען אָננעמען, אז

קיין צו שטאַרקע חזיונות האָט ער ניט געהאַט.

נאָך די עטלעכע באַמערקונגען קען מען איבערגיין צו ישעיה הנביא.
ער האָט געזען אַ סך מער פון זיינע פאָרלויפער; ער איז געווען רייפער, טאַ־לאַנטירטער און האָט פאַרשטאַנען מער פאַר זיי.

רענאַן זאָגט: ״ישעיה איז געווען דער גרעסטער געניע פון אַ ראַסע פון גיגאַנטן. ער האָט ניט פאַרמירט די אידייעס וועגן דעם אידנטום; ער איז ניט געווען זיין דערפינדער; ער איז אָבער געווען זיין קלאַסישער געניע. די סעמיטישע שפּראַך האָט דורך אים דערגרייכט איר העכסטן אויסדרוק. זיין סטיל איז די פאָלקאָמענהייט אליין; מאכמעד דערגרייכט ניט צו אים. ישעיה שרייבט ווי אַ גריך: אידייעס און ווערטער שטייגן ביי אים ביז דער העכסטער הויך פון זייער צערטלעכקייט. העכער פון אים איז ניטאָ וואוהין צו שטייגן.״ (זע ״היסטאָריע אָוו די פיפּל אָוו איזראעל״ ב. 4, ז. 409). רענאַן רעדט וועגן ישעיהן אין דער שפּראַך פון אַ פארליבטן, איז נאַטירלעך, אז ער זאָל ריידן אין סופּערלאַטיוון (גוזמאות). עס איז אָבער די אַלגעמיינע מיינונג פון וואָרט־קינסטלער און פון שפּראַך מבינים, אז ווען מען באַגרענעצט זיך אפילו נאָר מיט ישעיה׳ס שפּראַך, מיט איר פאָרמע און מיט איר ריטם; מיט איר סימ־באָליק, אַלעגאָריעס און מעטאָפאַרן; ווען מען נעמט נאָר אין באַטראַכט זיין פאַנטאַזיע, פּאַטאָס און שוואונג, האָט מען פאַר זיך איינעם פון די גרעסטע וואָרט קינסטלער פון דער וועלט ליטעראַטור.

פאַרשטייט זיך, אז מען קען ניט און מען דאַרף ניט איגנאָרירן די אַל־געמיינע מיינונג וועגן דער קינסטלערישער פאָרמע פון ישעיה׳ס נבואה, אָבער ניט ישעיה און ניט נבואה אין אַלגעמיין, דאַרפן באַטראַכט ווערן פונם קונסט שטאַנדפּונקט, ווי גרויס זייער קינסטלערישע זייט זאָל ניט זיין. די גרויסקייט פון די נביאים ליגט ניט אינם קינסטלערישן אופן ווי זיי האָבן אַרויסגעזאָגט זייער נבואה, נאָר אין דעם וואָס זיי האָבן געזאָגט. ווער ישעיה באַטראַכט ווערן לויט דעם אינהאַלט פון זיין נבואה.

ישעיה הויבט אָן זיין נבואה מיט אַ וויזיע: ״עס איז געווען אין דעם יאָר, ווען דער מלך עזיהו, איז געשטאָרבן. האָב איך געזען גאָט זיצט אויף אַ טראָן אַ הויכן און דערהויבענעם, און זיין זוים פילט אָן דעם היכל. שרפים שטייען אין דער הויך פאַר אים: זעקס פליגלען האָט יעדער איינער. מיט צוויי פאַרדעקט ער זיין פּנים, און מיט צוויי פאַרדעקט ער זיינע פיס, און מיט צוויי פליט ער. און איינער רופט דעם אנדערן און זאָגט: הייליק, הייליק, הייליק איז גאָט פון די חיילות, פול איז די גאַנצע וועלט מיט זיין גלאַנץ . . .

האָב איך געזאָגט: ווי איז מיר, איך בין פאַרלאָרן! ווייל אַ מענטש מיט טמא ליפּן בין איך, און צווישן אַ פאָלק מיט טמא ליפּן זיץ איך, וואָרים דעם קעניג, גאָט פון די חיילות, האָבן מיינע אויגן געזען.

איז צוגעפלויגן צו מיר איינער פון די שרפים, און אין זיין האַנט איז געווען אַן אָנגעגליטער שטיין, וואָס ער האָט מיט אַ פייערצווייג גענומען פון מזבח, און ער האָט צוגערירט און האָט געזאָגט: אָט האָט דאָס אָנגערירט אויף דיינע ליפּן, און אָפּגעטאָן האָט זיך דיין שולד, און דיין זינד און איך האָב געהערט דעם קול פון גאָט, ווי ער זאָגט: וועמען זאָל איך שיקן און ווער פון אונדז זאָל גיין: און איך האָב געזאָגט: אָט בין איך, שיק מיך. האָט ער געזאָגט: גיי און זאָלסט זאָגן צו דעם דאָזיקן פאָלק: הערן זאָלט איר הערן,

אָבער ניט פאַרשטיין, און זען זאָלט איר זען, אָבער ניט מערקן. מאַך פעט דאָס האַרץ פון דעם דאָזיקן פאָלק, און זיינע אויערן מאַך שווער, און זיינע אויגן פאַרקלעפּ, טאָמער וועט ער זען מיט זיינע אויגן, און הערן מיט זיינע אויערן, און זיין האַרץ וועט פאַרשטיין, און ער וועט זיך אומקערן, און גע־היילט ווערן. האָב איך געזאָגט: ביז וואַנען גאָט? און ער האָט געזאָגט: ביז אַז שטעט וועלן זיין וויסט אָן אַ באַוואוינער, און הייזער אָן מענטשן" און אַז. ווייטער.

די פּעסימיסטישע און צאָרנדיקע נבואה, וואָס איז אַ טייל פון ישעיה׳ס ערשטן אַרויסטריט, נעמט מען אָן, דירעקט אויס אַ דערמאָנונג פון אַן איבער־לעבונג פון דער צייט ווען דער מלך עזיהו האָט געלעבט ווי אַ מצורע אָפּגע־זונדערט פון דער מלוכה און יהודה האָט איבערגעלעבט אַ שווערן קריזיס. די נבואה דריקט מיט זיך אויס אַ שווערע פּעסימיסטישע שטימונג, וואָס איז אין ישעיהן אַרויסגערופן געוואָרן דורכן טרויעריקן מאָמענט.

פאַר דער אָפּהאַנדלונג איז מער וויכטיק זיין וויזיע, ווי די איבערלע־בונג, וועלן די באַמערקונגען זיך באַגרענעצן אויף דער וויזיע.

פּראָפעסאָר פאולער זאָגט אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן דער גריכישער רעליגיע, אַז אַ גריך וואָלט ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין פאַרוואָס מען קען ניט זען גאָט און בלייבן לעבן. פאַר אים וואָלט עס מיינען אַ באַרבאַרישער באַגריף וועגן גאָט, און פון זיין שטאַנדפּונקט וואָלט ער געווען גערעכט:— ער איז געווען גוט באַקאַנט מיט זיינע געטער; ער האָט אויף זיי געקוקט, ווי אויף עלטערע ברידער, העכסטנס האָט ער זיך צו זיי באַצויגן ווי צו אַ פאָטער: אביסל מיט אָפּשיי און אביסל מיט אכטונג. דערפאַר וואָלט דער אידישער באַגריף וועגן גאָט אין זיינע אויגן אויסגעקוקט באַרבאַריש. איצט ווייסט מען, אַז דער גריכישער באַגריף וועגן זיינע געטער איז געווען אַ פּרימיטיווער און ישעיה׳ס באַגריף וועגן גאָט איז געווען אַ גאָר הויכער.

דער אונטערשייד צווישן דעם גריכישן געטער באַגריף און דעם אידישן גאָט באַגריף איז אַ וועזנטליכער. די באַגריפן זיינען אַזוי פאַרשיידן, אַז זיי קענען אפילו ניט פאַרגליכן ווערן. דער גריכישער באַגריף איז געווען אַ ריין גשמיותדיקער, זייערע געטער זיינען מענטשן־ענלעך. אמת, זיי זיינען געווען שטאַרקער, פעאיקער פון מענטשן און זיינען געווען אומשטערבלעך. זיי זיינען אָבער געווען, אַזוי צו זאָגן, ערדיש און זייערע אינטערעסן זיינען געווען ערדישע.

דער אידישער באַגריף וועגן גאָט האָט זיך אַנטוויקלט אין דער גייס־טיקער ליניע. זייער גאָט איז געווען איבערנאַטירלעך, ריין מאָראַליש און אַנדערש פון מענטשן. אמת ישעיה האָט "געזען גאָט זיצט אויף אַ טראָן אַ הויכן און אַ דערהויבענעם און זיין זוים פילט אָן דעם היכל." מער ווי דאָס האָט ער גאָט ניט געזען. ער האָט געהערט שרפים רופן איינער צום צווייטן: "הייליק, הייליק, הייליק איז גאָט פון צבאות, פול איז די גאַנצע וועלט מיט זיין פּראַכט." פאַר אָט דער הייליקייט האָט זיך ישעיה אַזוי שטאַרק דער־שראָקן, ווייל ער אליין האָט זיך געפילט זינדיק; ער האָט געדאַרפט געלייטערט ווערן, ער זאָל זיך קענען געפינען נאָענט צו גאָט און ניט געשעדיקט ווערן פון זיין הייליקייט. דאָס איז דער קאַרדינאַלער פונקט פון זיין גאַנצער נבואה. אַזוינע פּסיכישע איבערלעבונגען אַנטשטייען געוויינטלעך אין אַ רעליגיעזן

צושטאַנד, וואָס איז פארבונדן מיט די עמאָציעס פון שרעק און האָפענונג און זיי פירן צו מיסטישן דענקען, צו א חשבון הנפש און צו אן איבערשאַצונג פון די אַלגעמיינע באגריפן פון לעבן.

אזוינע געפילן, דארף מען אָננעמען, האָבן געפירט די נביאים צו אינטערפרעטירן זייערע איבערלעבונגען אויף אן איבערנאטירלעכן אופן און האָבן זיי געפירט צום באגריף פון אן איבערנאטירלעכן גאָט. זיי האָבן זיך דערפילט אין דער אָנוועזנהייט פון א הייליקייט און האָבן זיך דערשראָקן ווייל זיך אליין האָבן זיי באטראכט פאר זינדיק.

געוויס איז איצט שווער צו זאָגן, וואָס עס זיינען געווען די אקטועלע סיבות, וואָס האָבן געשטויסן די נביאים צו א דענקען, וואָס האָט געפירט צו אן ענדערונג וועגן דעם באגריף פון גאָט. מעגלעך, אז פּראָפעסאָר ניימארק איז אמווינציקסטנס טיילווייז גערעכט ווען ער זאָגט אז דער געשלעכט מאָ־מענט אין דער בבלשער רעליגיע האָט געווירקט זיי זאָלן באפרייען גאָט פון וועלכער ס'איז קערפּערלעכער פאָרמע, טראָץ דעם וואָס אין תנ"ך גופא ווערט אויף דעם ניט אָנגעוויזן. דער פאקט גופא וואָס דער אידישער אַרט דענקען איז אין אַלגעמיין געווען אן אינטראָספּעקטיווער, דאָס וואָס זיי האָבן זיך מער אָריענטירט אויפן אויער, ווי אויפן אויג, איז געוויס געווען א מער פונדאמענ־טאַלע סיבה ווי וועלכע עס איז אנדער סיבה, ווי מ'זאָל ניט אָננעמען, שטייט מען פאר אן עמערגענטער דערשיינונג, פאר וועלכער מען דארף בויגן דעם קאָפּ מיט נאַטירלעכער פּיעטעט.

ישעיה'ס נבואה, דורך וועלכער גאָט האָט זיך צו אים "אַנטפּלעקט", איז פאָרגעקומען אין הויף פון בית המקדש, ער האָט געזען גאָט זיצן אויף זיין טראָן אין היכל. דאָס מיינט, אז די אַטמאָספערע פון בית המקדש האָט אים אריינגעבראכט אין א מיסטישער שטימונג און די וויזיע איז געקומען.

פון דעם האָט מען א רעכט צו ציען דעם שלוס, אז ער איז ניט גע־ווען קיין קעגנער פונם קרבנות קולט (אויך עמוס האָט "געזען" גאָט באַם מזבח) און פאָלגלעך איז ער ניט געווען קיין קעגנער פון די כהנים אַלס די אָפיציעלע גאָט דינער.

דאָס זען גופא מיינט לאָקאַליזירן גאָט אויף וועלכן ס'איז אופן, אָבער אזוי ווי ער זאָגט ניט גענוי וואָס ער האָט געזען, קען מען ניט וויסן ווי ער האָט זיך אים פאָרגעשטעלט. (די אטריבוטן, וואָס ווערן צוגעשריבן צו גאָט אין שמות ל״ד, דערקלערן נאָר זיינע באַציאונגען צו מענטשן, אים אליין דער־קלערן זיי ניט).

דער אטריבוט הייליק, וואָס ישעיה באנוצט איז א טייל פון יעדער רעליגיע, ער באנוצט אים אָבער אין א סך א העכערן זין ווי געוויינטלעך, האָט ער דערמיט דערהויבן גאָט צו א העכערער מדרגה און האָט פארגרעסערט די מחיצה צווישן גאָט און דעם מענטשן: דער מענטש דארף געלייטערט ווערן איידער ער קען זיך דערנעענטערן צו גאָט, וואָס איז א גאָט מיט וועמענס פראכט די גאנצע וועלט איז אָנגעפילט. א גאָט, וואָס פילט אָן די וועלט מיט זיין פראכט, איז ניט קיין לאָקאַלער גאָט, אפילו ווען מען קען אים "זען" אין "היכל." ער הערשט איבער דער גאנצער נאַטור און איז אויך אנדערש פון איר.

די איבערלעבונג, פון וועלכער די וויזיע מיטן רוחניות'דיקן גאָט

באַגריף איז, ווי געזאָגט, אַ מיסטישע, זי באַלאַנגט צו דער פּסיכאָלאָגיע פון מיסטיציזם און זי באַשטייט פון אַן איבערוועלטעגונג פון די עמאָציעס, וואָס פירט אָפט צו עקסטאַז. די טענות אָבער, מיט וועלכע ישעיה איז אַרויסגעקומען אינם נאָמען פון גאָט, זיינען לאָגיש־ראַציאָנאַלע: — מיט זיי איז אוועקגעלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פונם אידישן אַרט דענקען. ישעיה זאָגט אין גאָטס נאָמען אינם ערשטן קאַפּיטל: „הערט איר הימלען און פאַרנעם דו ערד, וואָרים גאָט האָט גערעדט: קינדער האָב איך דערצויגן און אויפגעבראַכט, און זיי האָבן ווידערשפּעניגט אין מיר. אַן אָקס ווייס זיין באַזיצער און אַן אייזל די קאָרעטע פון זיין באַלעבאָס. ישראל ווייס ניט, מיין פאָלק קוקט זיך ניט אום.

וויי, זינדיק אומה, פאָלק מיט פאַרברעכן באַשווערט, זאָמען פון שלעכטע טוער, קינדער פאַרדאָרבענע פאַרלאָזט האָבן זיי גאָט, געלעסטערט דעם הייליקן פון ישראל . . . הערט דאָס וואָרט פון יהוה, איר פירער פון סדום, פאַרנעמט די לערנונג פון אונדזער גאָט, איר פאָלק פון עמורה. צו וואָס טויג מיר אַזויפיל שלאַכטאָפּפער, זאָגט גאָט. איך בין זאַט מיט בראַנדאָפּפערס פון ווידערס" און אַז. וו. גאָט דערקלערט דורך זיין נביא פאַרוואָס ער וויל דאָס אַלץ ניט; עס איז דערפאַר, וואָס „אייערע הענט זיינען פול מיט בלוט"; און ער דערקלערט דורך זיין נביא וואָס ער וויל פון זיי, ער זאָגט: „וואַשט זיך, רייניקט זיך, טוט אָפּ אייערע שלעכטע מעשים פון אַנטקעגן מיינע אויגן, הערט אויף שלעכטס טאָן, לערנט גוטס טאָן, זוכט רעכט, שטיצט דעם באַרויבטן, נעמט זיך אָן פאַרן יתום, פאַר דער קריוודע פון דער אלמנה."

דאָס זיינען קלאָרע דבורים: דער עטישער גאָט וויל ניט קיין קרבנות פון פאַרבלוטיקטע הענט. ער רופט הימל און ערד פאַר עדות, אַז ער האָט אויפגעבראַכט קינדער זיי זאָלן גיין אין „זיינע" וועגן, וואָס ס'מיינט, זיי זאָלן זיין מאָראַליש אין זייערע האַנדלונגען צווישן זיך, און זיי טוען אַלדעס בייז און נאָכדעם פאַרגיטיקן זיי אים מיט קרבנות. דאָס וויל ער ניט . . .

גאָט'ס טענה איז אַזאַ גערעכטע לאָגיש, אַז מען הויבט אָן צו פאַרשטיין פאַרוואָס בערגסאָן, דער אַנטיראַציאָנאַליסט, האַלט זיך צוריק פון צו באַטראַכטן די נביאים צווישן די מיסטיקער פון דער וועלט: — זייער גאָט איז אַ צופיל ראַציאָנאַלער, טויג ער ניט. כאָטש מען קען ניט לייקענען, אַז ער איז אַ מאָראַלער.

גאָט רופט די אידן צו אַ משפּט און לאַדט איין עדות (הימל און ערד) זיי זאָלן הערן זיינע טענות צו זיין פאָלק: — דער נביא שרייט אויס אין גאָטס נאָמען: „קומט לאָמיר זיך דורכריידן, זאָגט גאָט. אויב אייערע זינד וועלן זיין ווי קאַרמין, וועלן זיי ווייס ווי שניי ווערן . . . אויב איר וועט וועלן און וועט צו הערן, וועט איר עסן דאָס גוטס פונם לאַנד." וואָס מער קען מען פאַרלאַנגען פון אַן עטישן גאָט?

ישעיה'ס געשריי פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט איז אַזוי ענלעך אויף עמוס'עס געשריי, אַז אויבן אויף קען מען ניט באַמערקן דעם אונטערשייד צווישן זיי, און כאָטש דער אונטערשייד איז ווירקלעך ניט קיין קאַרדינאַלער, איז ער אַ זייער וויכטיקער פונם שטאַנדפּונקט פון דער אַנטוויקלונג פונם אידישן דענקען אין דער עטישער ריכטונג. פון עמוסן האָט אַרויסגעשריען אַ פּראָטעסט פון דער נאַאיווער פּרימיטיווּויטעט און האָט זיך אויסגעדריקט אין

אַ צאָרן, וואָס האָט ניט געוואוסט פון קיינע גרענעצן און פון קיינע רפואות פאר די אידן: זיי זיינען שלעכט און מוזן פארניכטעט ווערן.

אזוי ווי ער אליין איז ארויסגעקומען פון דער פרימיטיווער אָרעמ־קייט, זיינען זיינע פסיכישע טריט אזוי בולט, אז מען קען זיי ממש נאָכפאָלגן (זע חיים שויס "די נביאים"). אנדערש איז מיט ישעיה הנביא; ער אליין איז געווען א ירושלימער און איז געווען א קרוב למלכות, עס מיינט, אז ער גופא האָט באַלאַנגט צו דעם פריווילעגירטן קלאַס פון דער געזעלשאַפט. אין זיין פאַל האָט ניט דער עקאָנאָמישער און ניט דער פסיכאָלאָגישער פאקטאָר, גע־ווירקט; און ווען ע ר איז ארויסגעקומען מיט א געשריי פאר סאָציאַלער גערעכטיקייט אינם נאָמען פונם מאָראַלן גאָט, וואָס וויל ניט מען זאָל אים ברענגען קרבנות און וויל אפילו ניט מען זאָל קומען אין "זיין הויף", אויב מען טוט אומרעכט, האָט מען א רעכט צו אָננעמען, אז ער האָט עס געטאָן דערפאַר, וואָס די דאָזיקע מאָראלע באגריפן זיינען שוין אין זיין צייט געווען א טייל פונם אידישן דענקען אין אלגעמיין.

מעגלעך, אז טאַקע דערפאר, וואָס פאר אים איז עס ניט געווען קיין פערזענלעך סוביעקטיווע פראגע, נאָר אן אלגעמיין מאָראלע פראגע, איז ער ניט אריינגעפאלן אין קיין פעסימיסטישער שטימונג ווי עמוס, פאר ווען ס'איז געווען א סוביעקטיווער ענין, איז אריינגעפאלן . . . דאָס איז מעגלעך, ער איז אָבער געווען אַן אָפּטימיסט אין אַלגעמיין און ווי ס'זעט אויס, איז ער געווען א מילדער מענטש, דערפאר איז אויך זיין גאָט מילד און ראציאָ־נאַל . . . זיין גאָט וויל האלטן א דין תורה מיט זיין פאָלק; ער איז גרייט אים צו פאַרגעבן אַ סך, אַבי ער זאָל ווערן לייטיש און גיין אין דרך הישר. דערביי איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן אַז אין דעם מאָמענט איז ניטאָ קיין באַשול־דיגונג קעגן די אידן, אַז זיי דינען צו אַנדערע געטער. פאַרשטייט זיך אַז פון דעם וואָס ס'איז ניטאָ קיין אָנקלאַגע, קען מען ניט ציען קיין שום פּאָזיטיווע שלוסן. גלייך אינם צווייטן קאַפּיטל איז שוין פאַראַן "און אָנגעפילט געוואָרן איז זיין לאַנד מיט אָפּגעטער; צום ווערק פון זייערע הענט טוען זיי זיך בוקן, צו וואָס זייערע פינגער האָבן געמאַכט".

פאר דער קרוין פון ישעיה'ס נבואה ווערן פון אלעמען באַטראַכט זיינע "משיח" פּאָראויסזאָגונגען; וואָס באַשטייען פונם באוואוסטן "והיה באחרית הימים", ווי ער איז ציטירט געוואָרן אין אָנהויב פונם קאפיטל און וואָס ווערט פארענדיקט מיט "הויז פון יעקב, קומט און לאָמיר גיין אין דעם ליכט פון גאָט" און דער עיקר דאָס עלפטע קאפיטל אין וועלכן ער זאָגט: "און אן ארויסשפּראָץ וועט ארויסקומען פון דעם שטאַם פון ישו און א צווייג וועט ארויסוואקסן פון זיינע וואָרצלען און עס וועט רוען אויף אים דער גייסט פון גאָט, דער גייסט פון חכמה און פארשטענדיקייט, דער גייסט פון עצה און פון גבורה, דער גייסט פון דערקענונג און פון גאָטספאָרכטיקייט. און זיין שפירונג וועט זיין דורך גאָטספאָרכטיקייט, און ניט נאָך דער זעאונג פון זיינע אויגן וועט ער משפט'ן, און ניט נאָך דער הערונג פון זיינע אויערן וועט ער אנטשיידן און ער וועט משפטן מיט גערעכטיקייט די אָרעמע, און ער וועט אנטשיידן מיט יושר פאר די גערדיקטע פון לאַנד, און ער וועט שלאָגן דאָס לאנד מיט דער רוט פון זיין מויל, און מיטן אָטעם פון זיינע ליפן וועט

ער טויטן דעם שולדיקן, און גערעכטיקייט וועט זיין דער גורט פון זיינע לענדן, און געטריישאפט דער גייסט פון זיין דיך.

און א וואָלף וועט וואוינען מיט א לעם, און א לעמפּערט וועט הויערן מיט א ציגעלע, און א קאלב און א יונגלייב און א פעטע בהמה וועלן זיין אינ־איינעם, און א קליין אינגל וועט זיי פירן. און א קו און א בער וועלן זיך פיטערן, צוזאַמען וועלן הויערן זייערע קינדער, און א לייב וועט ווי א רינד עסן שטרוי, און א זויג־קינד וועט זיך שפּילן אויפן מויל פון א שלאנג, און אויף דער נאָרע פון א גיפטשלאנג וועט אן אנטוואוינט קינד לייגן זיין האנט. זיי וועלן ניט שלעכטס טאָן און ניט פארדארבן אויף מיין גאנצן הייליקן בארג: וואָרעם די ערד וועט זיין פול מיט דער הייליקייט פון גאָט, ווי די וואסערן באַדעקן דעם ים."

דאָס איז דער משיח טרוים פון איינעם פון די גרעסטע און שענס־טע בעלי חלומות, וואָס האָבן געלעבט אויף דער וועלט. נאָר א פאָלק, וואָס איז געווען פארשיכורט פון א גלויבן אין אן אבסאָלוט גערעכטן מאָראַלן גאָט, האָט געקענט פון זיך ארויסגעבן אזא געניאלן בעל חלומות, ווי ישעיה הנביא איז געווען, און נאָר א פאָלק, וואָס טראָגט אין זיך אן אומענדלעכן קוואל פון גייסטיקע כוחות, האָט געקענט באַזיצן אזא הויכע מאָראל און אזא גרענעצלאָזן אָפּטימיזם, ווי ישעיה הנביא האָט באַזעסן, און וואָס האָט אים געגעבן דעם גלויבן אין אָט דעם "והיה באחרית הימים."

גאנצע ביבליאָטעקן ביכער זיינען אָנגעשריבן געוואָרן צו דערקלערן דעם מיין פון ישעיה'ס משיח חלומות, א גאנצע טעאָלאָגיע איז פון דער קריסטלעכער וועלט געשאַפן געוואָרן, וואָס האָט זיך געשטיצט און שטיצט זיך אויך איצט אויף דעם נאָר וואָס ציטירטן, אויך איצט האלטן טעאָלאָגן אין איין שרייבן און אין איין דרשענען וועגן דעם אָן א סוף . . .

נידעריקער וועט געגעבן ווערן א גאנץ פּראָזאַאישע, אָבער העכסט ראַציאָנאלע, דערקלערונג פונם קריסטלעכן טעאָלאָג, שז. אדאם סמיט, וואָס כאָטש זי שאקירט אין אָנפאנג, לייגט זי זיך אויפן שכל, אַז דאָס האָט ישעיה געמיינט מיט זיין משיח נבואה. ניט נאָר אָבער האָט היסטאָריש די דאָזיקע פּראָזאַאישע דערקלערונג ניט געווירקט אויפן דענקען פון דער וועלט, נאָר אפילו איצט, ווען מען נעמט זי אָן פאר דער ריכטיקער אינטערפּרעטאציע פון ישעיה'ס מיין, פארמינדערט זי ניט די באַדייטונג פון דער נבואה אויך אין איר ברייטערן אספּעקט.

וואָס די אקטועלע סיבה זאָל ניט געווען זיין, וואָס האָט ביי ישעיהן ארויסגערופן די דאָזיקע נבואה, איז ווען מען רעדט וועגן איר ווירקונג, איז מען ניט פאראינטערעסירט אין דער פאקטישער זייט, נאָר אינם אידעאליזם און ראָמאַנטיזם, וואָס איז צוזאַמענגעוועבט מיט מיסטיציזם. אזא קאָמבינאַ־ציע פון געדאַנקן־שטרעמונגען, וואָס זאָל אויסגעדריקט ווערן אויף אַזאַ גראַנדיעזן אופן, איז אן אויסנאַם אין דער וועלט ליטעראַטור.

ישעיהן, ווי די אנדערע נביאים, האָט זיך איינגעגעבן צו פאראייניקן אָט די אלע געדאַנקענשטרעמונגען, דערפאר, וואָס ער האָט זיך געפונען אונ־טער דער ווירקונג פון אן אומענדלעכן גלויבן, אז אין יענער צייט וועט די ערד "זיין פול מיט דער דערקלערונג פון גאָט, ווי די וואסערן באדעקן דעם ים . . ."

אויף דער פראַגע: פון וואַנען האָט זיך צום אידישן פאָלק געגומען דער כוח צו קענען אויסהאַלטן די שווידערלעכע צוויי טויזנט יאָר גלות־לעבן? קען מען געפינען אַן ענטפער אין ישעיהס "והיה באחרית הימים" — און עס וועט זיין אין די ענד פון די טעג און אז. וו. אָט דער גרענעצלאָזער אָפּטימיזם, אַז וואָס ס'זאָל ניט פּאַרקומען אויף דער וועלט, וועט דאָס גוטע ענדלעך זיגן, האָט דעם אידישן פאָלק געגעבן כוח צו קענען איבערטראָגן די אַלע איבער־מענטשלעכע ליידן און אָנהאַלטן לעבן מיט דער האָפענונג, אַז דאָס גוטע וועט נאָך אַלעמען מיט דער צייט זיגן.

איצט צו דער ריין פּראַזאַאישער דערקלערונג. שז. אדאם סמיט ווייזט אָן אויף דעם, וואָס איז ניט קיין נייעס, אַז ישעיה, ווי אַלע נביאים, האָט גע־דענקט קאָנקרעט, ער האָט אין זינען געהאַט פּערזאָנען און פּאסירונגען פון זיין צייט. די וויכטיקסטע פּערזענלעכקייט איז געווען דער קעניג און ער האָט געטראָגן דעם נאָמען דער געזאַלבטער (משיח). סמיט זאָגט, אַז דער טערמין משיח מיינט אין תנ"ך: גאָטס אגענט, כהן גדול, גאָטס קעניג, דער יורש־עצר און ער גיט צו, אַז ישעיה האָט אין זינען געהאַט אַ נאַטירלעכן מענטשן. ער זאָגט ישעיה האָט "ניט געזאָגט ער איז, נאָר ער וועט אָנגערופן ווערן דער וואונדערלעכער עצה־געבער, דער אייביקער פאָטער און דער פרינץ פון שלום. ישעיה מאכט אין ערגעץ ניט קיין דאגמאטישע באהויפּטונג, אז ער איז געט־לעך. ס'איז אינגאנצן ניט באגרייפלעך, אַז ישעיה, וואָס איז געווען אַ נביא פון גאָטס אייניקייט, זאָל געווען אין זינען האָבן אַ צווייטע געטלעכע פּערזענ־לעכקייט, וועלכע ער דערמאָנט מער קיינמאָל ניט" (זע אייזזע אַ 2 ז. 40) עס מיינט, אַז ישעיה האָט מיט זיין נבואה ניט אין זינען געהאט ישו הנוצרי . . . סמיטס ארגומענט קעגן קריסטלעכע טעאָלאָגן איז זיין אַן אייגענער עניַן, דאָ איז וויכטיק, דאָס וואָס ער נעמט אָן, אַז ישעיה האָט פּשוט אין זינען גע־האט יחזקיהן, ווען ער האָט געהאָלפן צו דערציען און וואָס איז געגאנגען אין גאָטס וועגן.

עס איז שווער צו גלויבן, אַז דער ניכטערער ישעיה, ווען ס'איז גוט געווען באקאנט די טרויעריקע אידישע לאגע, זאָל קאָנען געווען פאנטא־זירן, אַז אין דער גאָר נאָענטער צוקונפט וועט פּאַרקומען אַזאַ ענדערונג אין דער וועלט און די אידן וועלן מיט אמאָל אין איר פאַרנעמען אזא וויכטיקן פּלאַץ ווי ער האָט פאַראויסגעזאָגט פאר זיי. סמיט איז אָבער ניט דער איינ־ציקער, וואָס נעמט אָן, אַז מיט דער פּרעכטיקער נבואה האָט ער אין זינען גע־האט יחזקיהן, אויך גרעץ האַלט פון דער מיינונג. ער האַלט אַז "דאָס פאָלק, וואָס איז געגאנגען אין דער פינצטערניש, האָט דערזען אַ גרויסע ליכטיקייט, די וואָס זיינען געזעסן אין לאַנד פון טויט שאָטן, אויף זיי האָט די ליכטיקייט געשיינט. האָסט געמערט דאָס פאָלק, האָסט געגרייסט זיין פרייד; זיי פרייען זיך פאר דיר, ווי די פרייד באם שניט . . . וואָרים אַ קינד איז אונדז געבאָרן געוואָרן, אַ זון איז אונדז געגעבן געוואָרן, און די הערשאַפט איז אויף זיין אקסל, און מען רופט זיין נאָמען פלא־יועץ־אל־גבור אבי־עד־שר־שלום; צו מערן די הערשאַפט, און צו שלום אָן אַ שיעור, אויף דעם טראָן פון דוד, און אויף זיין מלוכה; זי צו באפעסטיקן און זי אונטערלענען מיט רעכט און מיט גערעכטיקייט, פון אַצינד ביז אייביק; דאָס אָננעמען זיך פון גאָט פון צבאות טוט דאָס דאָזיקע", אַז דאָס אַלץ באשטייט פון ישעיהס אַ באגריסונג צו

יחזקיהס ארויפטרעט אויפן טראָן.

געוויס איז שווער צו גלויבן, אז די פּרעכטיקע נבואה וועגן דעם צווייג פון ישוס שטאָם, אויף וועמען עס וועט "רוען דער גייסט פון גאָט, דער גייסט פון חכמה און פון פארשטענדיקייט; דער גייסט פון עצה און פון גבורה, דער גייסט פון דערקענונג און פון גאָטספאָרכטיקייט" און אז. וו. אז דאָס אַלץ זאָל געווען באַשטיין פון א באגריסונג פון יחזקיהס ארויפטרעט אויפן טראָן און אַז ער וועט עס דארפן דורכפירן אָט די ווירקלעך גוטלעכע רעפאָרמען? מען דאַרף אָבער אויך אין זינען האָבן, אז כאָטש ישעיה איז געווען א ראַציאָנאַליסט לויט זיין דענקען, איז ער געווען א קינסטלער און טרוימער, לויט זיין טעמפּעראמענט. ער האָט זיך אויך געקענט אוועקלאָזן פליען אויף די פליגלען פון זיין פּאָעטישער פאנטאזיע. מעגלעך, אז דאָס אַלץ איז באשטאַנען פון שטימונגען פון א טעמפּעראמענטפולן דיכטער, וואָס ווי א באראמעטער, צייגן זיי אָן אויף זיינע איבערלעבונגען. זיין קינסטלער טעמפּעראמענט ווייזט זיך בולט ארויס דורך די ליכט און שטן פון אָפּטימיסטישע און פּעסימיסטישע שטימונגען פון זיין נבואה, וואָס פאָלגן איינע נאָך דער אנדערער אָן אן אויפהער.

ער איז אָבער ניט געבליבן שטיין ביי זיינע דיכטערשע פאנטאזיעס פון א באחרית הימים, ער האָט מיט אַלע זיינע קרעפטן געפּרואווט זיי צו פאַרווירקלעכן. זיין רופן די אידן צו א דין תורה מיט גאָט, זיין "וואשט זיך, רייניקט זיך, טוט אָפּ אייערע שלעכטע מעשים פון אנטקעגן מיינע אויגן" און אז. וו. זיינען רופן פון אַ פּראַקטישן רעפאָרמער און ער ווערט טאקע אָפּט אָנגערופן דער רעפאָרמער. געוויס איז יעדער נביא געווען א רעפאָרמער, נבואה באַשטייט פון א רוף פאר ענדערונג. ישעיה איז אָבער געווען אי א טעאָרעטישער, אי א פראקטישער רעפאָרמער, ער האָט איינטייל גענומען אינם געזעלשאפטלעכן לעבן און די רעפאָרמען, וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן דורך יחזקיהן, זיינען פון אים אינספּירירט געוואָרן. ווען מען לייענט איצט "און ער (יחזקיה) האָט געטאָן וואָס איז רעכטפארטיק אין די אויגן פון גאָט, אזוי ווי אַלץ וואָס זיין פאָטער דוד האָט געטאָן. ער האָט אָפּגעטאָן די במות, און צעבראָכן די זיילשטיינער, און אָפּגעהאקט די אשרה. און ער האָט צעהאקט די קופּערנע שלאנג, וואָס משה האָט געמאכט; ווארום ביז יענע טעג פלעגן די קינדער פון ישראל רייכערן צו איר, און מען האָט זי גערופן נחושתן" (מלכים ב. קאפּ. יח), דאַרף מען אין זינען האָבן, אז ישעיה האָט אין דעם געהאט א גרויסן חלק, אויב ניט דעם גרעסטן חלק.

צו פארשטיין דעם באַדייט פון דער רעפאָרמע און דער עיקר ווי ישעיה האָט זי פארשטאַנען, דאַרף מען פארגלייכן דעם גאָט באגריף פון א דינער צו בעלים און די "במות", פאר וועמען גאָט איז דער האר פונם באַשטימטן פּלאץ און ווען מען דינט אים, ברענגט ער שפע אין דער פּראָדוקטיוויטעט פון לאנד און אין דער פערטיליטעט פון חיות און ווען ס'האנדלט זיך וועגן דעם גאנצן שבט "העלפט ער אים צו מנצח זיין דעם שונא", מיט ישעיהס באגריף וועגן א מאָראלן גאָט, וועמענס אטריבוטן זיינען ריין רוחניותדיקע, ווי דער "גייסט פון חכמה און פארשטענדיקייט, דער גייסט פון עצה און גבורה און אז. וו." און ער פאָדערט ניט קיין קרבנות, נאָר מען זאָל גיין אין "זיינע וועגן", ווי אויפהערן טאָן שלעכטס, טאָן גוטס, זוכן רעכט, שטיצן דעם באַרויבטן, זיך אננעמען פארן יתום, פאר דער קריוודע פון דער אלמנה.

דער אונטערשייד צווישן די צוויי באַגריפן איז אזא גרויסער, אַז ס'איז שווער צו גלויבן, אז די צוויי באגריפן האָבן עקזיסטירט אין דער זעלבער צייט. ערשט ווען מען נעמט אין באַטראַכט אָט דעם אונטערשייד צווישן די באגריפן וועגן גאָט און זיינע פאָדערונגען פונם מענטשן, וואָס ישעיה האָט געהאַט און וואָס זיין צייט האָט אין אלגעמיין געהאט, קען מען פארשטיין וואָס פאר א גרויסע גייסטיקע רעפאָרמע ער האָט זיך אונטערגענומען צו אריינפירן אינם אידישן לעבן פון זיין צייט. בלויז אין דער ליכט פון אָט דעם פאַרגלייך קען מען פאַרשטיין דעם פולן מיין פון: "און עס וועט זיין אין ענד פון די טעג, פעסט וועט שטיין דער בארג פון גאָטס הויז אויבן אָן פון די בערג, דערהויבן איבער אלע הויכע ערטער. און עס וועלן שטראָמען צו אים אלע פעלקער, און עס וועלן גיין אַ סך פעלקער און וועלן זאָגן: קומט, לאָמיר ארויפגיין צו דעם באַרג פון גאָט, צו דעם הויז פון גאָט פון יעקב: און זאָל ער אונדז לערנען פון זיינע וועגן, און לאָמיר גיין אין זיינע שטעגן; וואָרעם פון ציון גייט ארויס לערנונג, און גאָטס וואָרט פון ירושלים." צו אזא גייסטיקער הויך האָט די וועלט אפילו ביז איצט ניט דערגרייכט.

ווען מען איז אונטערן טראדיציאָנעלן איינדרוק, אז ישעיהס נבואה וועגן די "ענד פון די טעג", באַשטייט פון חלומות וועגן "משיח" צייט, וואָס פארן מאָדערנעם מענטשן מיינט עס ניט מער ווי א פראָדוקט פון אַ פּאָעטישער פאַנטאַזיע און מען באקאנט זיך מיט דער גאַנץ פּראָזאַאישער דערקלערונג, אַז דאָס איז באַשטאַנען פון פּראָגראם פאר א רעפאָרמע אינם אידישן לעבן פון ישעיהס צייט, איז דער ערשטער איינדרוק א שאָקירנדער, מען פילט ווי א באַליידיגונג; עפּעס ווי מען איז אראָפּגעפאלן פון הימל אויף דער ערד . . . מען פילט א מין חילול השם: — אזא פּרעכטיקע נבואה געמאכט צו קליין געלט .

ווען מען בארואיקט זיך און מען לאָזט צו דעם געדאַנק, אז די דאָזיקע נבואה איז באַשטאַנען פון האָפענונג פאר א ראדיקאלער ענדערונג אינם לעבן אין דער נאָענטער צוקונפט, איז וואָס פאר א באַציאונג מען זאָל ניט האָבן צו רעליגיע אין אלגעמיין, דערפילט מען א רעליגיעזן ציטער אין אלע אברים און מען דערפילט ווי אויסצורופן צוזאַמען מיט ישעיהן: — הייליק, הייליק, הייליק.

עס איז לייכט צו פאנטאזירן וועגן ענדערונגען אין דער ווייטער צוקונפט, מיט וועלכער מען האָט ניט קיין רעאַלע שייכות; וועגן אזעלכע פאנטאזיעס טראכט מען: וואָס פאר א נאָבעלער טרוימער איז דער דאָזיקער געניאלער פּאָעט געווען, מען דאַרף עס אָבער ניט נעמען ערנסט. נעמט מען אָן, אז דאָס איז ניט געווען גלאַט קיין פאנטאַזיע פון א געניאלן דיכטער, נאָר א פונדאמענטאַלער באגריף ווי צו לייזן קאָנקרעטע סאָציאלע פּראָבלעמען, מיינט עס, אז דעם נביא'ס אינהאלט איז ביז א באַשטימטען גראד, אם ווינציקסטן, געווען א טייל פונם אידישן דענקען; עס מיינט, אז אזוינע פּסיכישע איבערלעבונגען זיינען געשאַפן געוואָרן אין אן אַטמאָספערע, וואָס האָט געהאט פלאַץ פאַר זיי: — ישעיה'ס ווערט אויף דעם אופן א פּראָדוקט — פונם אידישן דענקען און פילן פון זיין צייט. אין אָט דעם געפיל פאר הייליקייט ליגט דער אידישער ביטראג צום דענקען פון דער וועלט.

נאָך שאָקירנדער איז אויפן ערשטן אויגנבליק שז. אדאם סמיט'ס אינטערפּרעטאציע פון דעם טייל פונם "און עס וועט זיין אין די ענד פון די טעג",

וואָס דערקלערט וואָס פאַר ענדערונגען, עס וועלן פאָרקומען אין דער נאַטור פון ווילדע חיות און אַז מענטשן וועלן אויפהערן פירן מלחמות צווישן זיך:
— אויך די נבואה זאָל געווען באַשטיין פון אַ „פּראַקטישער" לייזונג פון אַ גע־פערלעכן צושטאַנד אין ארץ ישראל, וואו ווילדע חיות האָבן זיך פאַרמערט און זיינען געוואָרן אַן ערנסטע געפאַר פאַרן מענטשן. ישעיה, וואָס האָט באַ־זעסן אַן אומענדלעכן גלויבן אין דער גערעכטיקייט פון דעם מאָראַלן גאָט, האָט מיט דער פּראַכטפולער נבואה איבערגעגעבן זיין גלויבן, אַז גאָט וועט אין גיכן ענדערן דאָס שלעכטע אין דער נאַטור אויפן בעסטן אופן אום דער מענטש זאָל קענען לעבן אין אַ שענערער און בעסערער וועלט און זאָל קענען געניסן פון אַלדאָס גוטס.

פאַרשטייט זיך, אַז אויך דער מענטש וועט ווערן אַ בעסערער און אַ שענערער און נאַטירלעך, אַז ער וועט מער ניט פירן קיין מלחמות, ער וועט פאַרוואַנדלען זיינע שפּיזן און שווערדן אין אַקעראייזנס און שניידמעסערס און שלום און גערעכטיקייט וועט הערשן אויף דער וועלט . . . דערפאַר איז בית יעקב קומט לאָמיר גיין אין דער ליכט פון גאָט.

קאָן מען זיך פאָרשטעלן עפּעס שענערס, אָדער בעסערס פון דעם, וואָס דער געניאַלער דיכטער און גרויסער אידעאַליסט, האָט געהאָפט און האָט געחלומט פאַר דער גאַנצער וועלט און דער עיקר פאַר די אידן, אין דער נאָ־ענטער צוקונפט? עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס די נביאים זיינען געוואָרן די אינספּיראַציע פונם בעסטן טייל פון דער מענטשהייט פון אַלע צייטן: — קיין שענערע און העכערע אידעאַלן, ווי זיי האָבן געפּריידיקט פאַרן מענטשן דאָ אויף דער וועלט, זיינען ניטאָ און עס קענען אויך ניט זיין.

# קאַפּיטל 18

## ירמיהו

פאַרשאָלטן דער טאָג
וואָס איך בין אין אים געבאָרן געוואָרן!
דער טאָג וואָס מיין מוטער האָט מיך געבאָרן
זאָל ניט זיין געבענטשט!
פאַרשאָלטן דער מענטש וואָס האָט מיין פאָטער
די בשורה געבראַכט; אזוי צו זאָגן:
א אינגל איז דיר געבאָרן געוואָרן;
פרייען דערפרייען האָט ער אים!
יענער מענטש זאָל ווי די שטעט
וואָס גאָט האָט איבערגעקערט און ניט דערבאַרעמט;
און ער זאָל הערן די יללה אין דער פרי,
און א געשריי אין מיטן טאָג;
פאַרוואָר ער האָט מיך ניט געטויט אין טראַכט.
אַז מיין מוטער זאָל מיין קבר זיין,
און איר טראַכט אייביק טראָגיק,
נאָך וואָס גאָר בין איך פון טראַכט אַרויס
צו זען מאַטערניש און קומער,
און אויסגיין אין שאַנד זאָלן מיינע טעג?

ירמיהו איז געווען דער טראַגישסטער
פון אַלע נביאים; צוויי מאָל האָט געהאַלטן דערביי מען זאָל אים טויטן און
ער איז ווי דורך א נס ניצול געוואָרן פון טויט. נאָך א פּאָר מאָל האָט ער גע־
ראַטעוועט זיין לעבן דורך באַהאַלטן זיך אין צייט. מען האָט אים געשלאָגן,
געוואָרפן אין תפיסה; מען האָט אים אָנגעטאָן א צוים, און ער, ווי א פייער־
שפייענדער באַרג, האָט אָנגעהאַלטן זיין פלאַם־פייערדיקע נביאות.

וואָס האָט געוואָלט אָט דער אומגליקלעכער מענטש פון דעם נאָך
מער אומגליקלעכן פאָלק? ווען מען באַקאַנט זיך מיט זיין שווידערלעכער
נבואה, ווייס מען ניט מיט וועמען מען זאָל האָבן מער מיטלייד, צי מיט אים,
צי מיטן נאָך מער אומגליקלעכן פאָלק, וועמענס אומפאַרמיידלעכן שווידער־
לעכן גורל ער האָט פאָראויסגעזאָגט? מען האָט מיט זיי ביידע מיטלייד.

פון ירמיהון קען מען שטודירן די פסיכאָלאָגיע פון נבואה מער ווי פון וועלכן ס'איז אנדערן נביא. פונם אויבן ציטירטן קען מען זען, אז ער האָט ניט געוואָלט זיין קיין נביא: — ער האָט געשאָלטן דעם טאָג אין וועלכן ער איז געבאָרן געוואָרן און איז באַשטימט געוואָרן צו זיין א נביא. ער האָט זיך אָבער ניט געקענט העלפן, ווייל גאָט אליין האָט אים ״אויסגעקליבן״ צו זיין א נביא, ווען ער איז נאָך געווען זייער יונג. ער זאָגט: ״און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר אזוי צו זאָגן: אײדער איך האָב דיך אין מוטער־לייב געפורעמט, האָב איך דיך דערקענט, און איידער דו ביסט פון טראכט ארויס, האָב איך דיך געהייליקט א נביא פאר די פעלקער האָב איך דיך געמאַכט. האָב איך געזאָגט: ווי גאָט דו האר, איך קאָן דאָך ניט ריידן וואָרים איך בין א אינגל, האָט גאָט צו מיר געזאָגט: זאָלסט ניט זאָגן איך בין א אינגל, נייערט אומעטום, וואו איך וועל דיך שיקן זאָלסטו גיין, און אלץ, וואָס איך וועל דיר באפעלן זאָלסטו ריידן. זאָלסט ניט מורא האָבן פאר זיי; וואָרים איך בין מיט דיר דיך מציל צו זיין, זאָגט גאָט.און גאָט האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט און צוגערירט צו מיין מויל, און האָט צו מיר געזאָגט: אָט האָב איך געגעבן מיינע ווערטער אין דיין מויל, זע, איך האָב דיך געשטעלט היינטיקן טאָג איבער די פעלקער און איבער די קעניגרייכן, אויסצורייסן און איינצעוואָרפן, און אונטערצוברענגען און צו צעשטערן, צו בויען און צו פלאנצן.״

אָט די דאָזיקע עמאָציאָנאַלע איבערלעבונג, וואָס ער האָט געהערט אין דער אינערלעכקייט פון זיין באוואוסטזיין, דערקלערט די מיסטיק פון נבואה און נאָך מער דערקלערט זי ירמיהו׳ס נבואה. נאָך אזא טיפער איבערלעבונג, איז וואָס מען זאָל צו אים ניט געווען טאָן ער זאָל אויפהערן זאָגן נביאות, וואָלט ניט געהאָלפן: — זיין שליחות, צו וועלכער גאָט האָט אים געשיקט, האָט ער געמוזט דורכפירן באין ברירה . . . נבואה איז פאר אים, ווי פאר אלע נביאים (ווי די לעגענדע וועגן יונה בן אמתי, וואָס האָט ניט געקענט אנטלויפן פון זיין גורל), געווען א קאטעגאָרישער אימפעראַטיוו, א מוז, וועלכן מען מוז דורכפירן באין ברירה; וואָס די קאָנסעקווענצן זאָלן ניט זיין פאַר אים, אָדער פאַר וועמען עס איז.

אָט דער קאָטעגאָרישער מוז, וואָס איז געווען א רעזולטאַט פון אן עקזאלטירטן צושטאַנד, וואָס אנטשטייט געוויינטלעך אין א באַשטימטער רעליגיעזער אַטמאָספערע, א דאנק וועלכן דער מיסטיקער ״באהעפטעט״ זיך מיט גאָט, אָדער גאָט ״אנטפלעקט״ זיך צו אים און דיקטירט אים ווי צו האנדלען, איבערוועלטיקט אזוי דעם מיסטיקער, אז וואָס מען זאָל צו אים ניט טאָן און אים צוריקהאלטן פון אויספירן זיין שליחות, וועט עס ניט העלפן. דעם דאָזיקן קאטעגאָרישן באפעל וועט ער דורכפירן אונטער אלע באַדינגונגען . . .

ווען מען קוקט אויף צוריק און מען באַטראַכט די נביאים קריטיש, זעט מען, אז זייער טראַגעדיע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי זיינען פאַרכישופט געוואָרן פון די העכסטע מאָראלע אידעאלן, וואָס זיינען אן אייביקע אינספיראַציע פאַר די שענסטע גייסטער פון דער מענטשהייט, אינם נאָמען פון דעם אלעמהעכסטן גאָט און די דאָזיקע מאָראלע אידעאָלן האָבן זיי פאַרבונדן מיטן גורל פון דעם הייפעלע אידן אין זייער באציאונג מיט דער ארומיקער וועלט, מיט וועלכער די דאָזיקע אידעאָלן האָבן קיין שום שייכות ניט

געהאַט און די נביאים האָבן פאקטיש געשאָטן זאלץ אויף די אָפענע אידישע וואונדן. אין דעם איז געלעגן ביידנס טראַגעדיע, זייערע און דעם פאָלקס.

ירמיהו האָט ניט געזען און האָט נאַטירלעך, לויט זיינע באגריפן און זיין ארט דענקען, ניט געקענט זען די טראגישע איראָניע, וואָס איז געווען אייגעשלאָסן אין זיין נבואה, אַז נבוכדנאצר, דער דינער פונם בבלשן גאָט, מארדוק, איז עס יהוה׳ס קנעכט און ער פירט עס אויס יהוה׳ס ווילן. דאָס איז דאָס טראַגי־קאָמישע פון זיין נבואה.

אין ירמיהוס נבואה הערשט זיין פערזענלעכער מאָמענט אזוי שטאַרק, זיין אָנקלאַגע קעגן די אידן איז אַזאַ שאַרפע און שווערע, אַז ווען מען נעמט דאָס אלץ צוזאַמען מיט די צרות, וואָס ער האָט געליטן, קריגט מען דעם איינ־דרוק, אז די אידן זיינען געווען פארדאָרבן ביזן ביין, אז זיי האָבן כשר פאַר־דינט די גרויזאָמע באַהאַנדלונג, וואָס זיי האָבן געקראָגן פון נבוכדנאצר׳ס הענט.

פארשטייט זיך, אז דאָס איז אן אבסורד פונם ריינסטן סאָרט: נבוכדנאצר׳ס צעשטערנדע מלחמות האָבן נישט געהאַט קיין שום שייכות מיטן אידישן רעליגיעזן און מאָראַלן לעבן. ירמיהוס אָריענטאַציע אויף בבל איז צופעליק געווען א ריכטיקע און די אָריענטאַציע פון די הערשענדע קרייזן איז צופעליק געווען א פאלשע און האָט זיך אויסגעלאָזט טראַגיש פאר די אידן. אין אָט דער אָריענטאַציע איז ער געווען גערעכט, אָבער טאָקע בלויז אין דער אָריענטאַציע און ניט מער. אין זיינע פארשיידענע אָנקלאגעס קעגן די אידן, איז ער איינגאנצן געווען אומגערעכט: פאַקטיש זיינען די אידן פונם רעליגיעזן שטאַנדפונקט, וועלכער האָט. נאטירלעך, ניט געהאַט קיין שום שייכות מיט דער פאָליטישער סיטואַציע, געווען מער גערעכט פון גאָט.

ירמיהו האָט געלעבט אין יאשיהוס צייט, ווען מען האָט אין בית המקדש געפונען דעם ספר (דברים?) און יאשיהו האָט דורכגעפירט א גרינט־לעכע יהוה רעסטאָווראציע: — גאָט האָט זיך ניט געהאט וואָס צו באַקלאָגן אויף די אידן. אָבער ירמיהו איז געווען באַהערשט פון אַזעלכע עמאָציעס, איבער וועלכע ער האָט ניט געהאט קיין שום קאָנטראָל.

איידער ירמיהוס בייטראג וועט באטראכט ווערן, וועלן געמאַכט ווערן אַ פּאָר באַמערקונגען וועגן מיכהן און וועגן חבקוקן. מיכה איז געווען ישעיהס א צייט חבר; לויט זיין נבואה איז ער געווען ענלעך אויף עמוס׳ן. ווי עמוס האָט ער באַלאַנגט צום אָרעמען פויערן קלאַס און ווי עמוס׳עס נבואה, איז זיין נבואה געווענדעט קעגן די רייכע אונטערדריקער, וואָס האַלטן אין איין טראַכטן ווי צו בארויבן דעם אָרעמאן; ער איז געווען מער סוביעקטיוו פון עמוס׳ן, ווייל, ווי עס זעט אויס, איז ער געווען א קרבן פון אזא אונטערדריי־קונג. ער איז אזוי פארביטערט, אז ער זאָגט פאַראויס, אז גאָט וועט צע־שטערן זיין אייגענע היים איבער דער פארברעכערישער האנדלונג פון די רייכע קעגן די אָרעמע.

פונם שטאַנדפונקט, וואָס נבואה ווערט דאָ באַטראַכט, איז ניטאָ קיין אויסערגעוויינטלעכע נייעס אין זיין נבואה; אויסער דעם, וואָס אים האָט זיך איינגעגעבן צו פאָרמולירן א געדאַנק, וואָס גאָט דערוואַרט פון מענטשן, וואָס באַשטייט פון איינעם פון די געלונגענסטע אויסדרוקן, וואָס זיינען ווען עס איז געמאכט געוואָרן און דערפאר ווערט דער זאץ גאנץ אָפט גענומען פאר א

מאָטאָ פאַר דער העכסטער פאָרמע פון מענטשלעכקייט. די מאָטאָ איז: "מען האָט דיר געזאָגט, מענטש, וואָס עס איז גוט, און וואָס גאָט פאָדערט פון דיר: נאָר טאָן גערעכטיקייט, און ליב האָבן גוטסקייט, און שטיל און באַשיידן אומ־צוגיין מיט דיין גאָט." פון א רעאַליסטישן שטאַנדפונקט, פונם שטאַנדפונקט פון מענטשלעכן לעבן אויף דער וועלט, און ניט פון שטאַנדפונקט פון מלכות שמים אויף "יענער וועלט", איז דאָס עד היום הזה דאָס העכסטע צו וואָס דער מענטש קען שטרעבן.

חבקוק ווערט אָנגערופן דער סקעפּטיקער צווישן די נביאים. ער איז געווען אַן אויסנאָם צווישן די נביאים דערמיט, וואָס אַנשטאָט צו שטראָפן די אידן אין גאָטס נאָמען, האָט ער זיך גאָר געווענדט צו גאָט מיט א פּאָר הארבע שאלות; ער פרעגט גאָט "ביז וואַנען, גאָט, וועל איך רופן, און דו וועסט ניט הערן? שרייען צו דיר גוואַלד, און דו וועסט ניט העלפן? פארוואָס לאָזטו מיך זען אומרעכט און קוקסט צו אומגליק? און רויב און גזלה זיינען פאַר מיר, און עס איז קריג, און שטרייט הויבט זיך אויף."

עס הערשט א מיינונג, אז זיין "סקעפּטיציזם" האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס ער האָט צוגעזען, אז דער געצנדינערישער מנשה, וואָס האָט געטאָן "אַלץ וואָס ס'איז געווען שלעכט אין גאָטס אויגן", האָט געהערשט 55 יאָר און איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט, און יאשיהו, וואָס האָט איינגעפירט די יהוה׳סטישע רעסטאַווראַציע, איז דער׳הרגט געוואָרן פון פרעה־נכה . . . חבקוק זאָל האָבן געזען דאָס, וואָס ירמיהו האָט ניט געזען . . . פארשטייט זיך, אז דאָס איז בלויז א השערה.

איצט וועט ירמיהוס בייטראג באַטראַכט ווערן: ווי די אנדערע נביאים, וועט אויך ער באַטראַכט ווערן פון דעם שטאַנדפונקט פון דער אַר־בעט און ניט לויט זיין אַלגעמיינעם בייטראג.

נביאים ווערן כאראקטעריזירט לויטן הויפּט שטריך פון זייער נבואה: עמוס׳ן רופט מען אָן דער נביא פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, הושע׳ן דער נביא פון ליבע און ישעיהן רופט מען אָן דער נביא פון הייליקייט און דער רעפאָרמער, און ירמיהו ווערט אָפט אָנגערופן דער עטיש־קאָסמאָלאָגישער מאָנאָטעאיסט און דער נביא דער אינדיווידואַליסט.

דאָס זיינען צוויי באזונדערע כאראקטער־שטריכן. דער קאָסמאלאָגי־שער שטריך ווערט צו אים צוגעגעבן דערפאַר, וואָס ער איז געווען דער ער־שטער, וואָס האָט באַטראַכט יהוה׳ן פונם קאָסמאָלאָגישן שטאַנדפונקט, אַלס דער באַשאַפער פון דער וועלט אין אַלגעמיין. דאָס, נעמט מען אָן, האָט ער גע־לערענט פון בבל מיט וועלכער די אידן זיינען אין זיין צייט געקומען אין נאָ־ענטער באַרירונג. ער זאָגט וועגן יהוה׳ן: "ער האָט געמאכט די ערד מיט זיין כוח; ער האָט באַפעסטיקט די וועלט מיט זיין חכמה און האָט מיט זיין פאר־שטענדעניש די הימלען פארשפרייט."

עס איז א סך א ברייטערער און טיפערער באגריף וועגן יהוה׳ן, ווי די פריערדיקע נביאים האָבן געהאט וועגן אים. פונם קאָסמאָלאָגישן מאָמענט גייט ירמיהו איבער צום עטישן מאָמענט און ער זאָגט אין גאָטס נאָמען: "בין איך דען א גאָט פון נאָענט און ניט א גאָט פון דער ווייטן? צי קען זיך פאר־באָרגן א מענטשן אין פארבאָרגענישן, אז איך זאָל אים ניט זען? זאָגט גאָט. בין איך ניט פול די הימלען און די ערד? זאָגט גאָט .

פאר אַט דער עטישער קאָסמאָלאָגיע רופט פראָפעסאָר ניימארק אָן ירמיהו'ן עטיש־קאָסמאָלאָגישער מאַנאָטעאיסט. ער איז געווען דער ערשטער נביא, וואָס האָט אויסגעברייט יהוה'ס הערשאַפט איבער דעם גאַנצן קאָסמאָס און האָט אים דערוווייטערט פון מענטשן. און כאָטש גאָט האָט אויסגע־שטרעקט זיין האַנט און האָט אָנגערירט ירמיהוס מויל, קריגט מען פון ירמיהון ניט קיין קאָנקרעטע פאָרשטעלונג פון גאָט, אויסער זיין קאָסמאָלאָגישער מעכ־טיקייט. פראָפעסאָר ניימארק רעדט א סך וועגן דעם פארוואָס ירמיהו דער־מאָנט ניט קיין מלאכים. זיינע ספעקולאַציעס זיינען זייער אינטערעסאַנט, זיי זיינען אָבער צו געוואַגטע, ווייל פונם ניט דערמאָנען, קען מען ניט ציען קיין פּאָזיטיווע שלוסן.

ירמיהו איז געווען אַן עקסטרעמער מענטש, איז געווען נאַטירלעך, ער זאָל זיין עקסטרעם אין זיינע באַשולדיגונגען קעגן די אידן. ער זאָגט: "וואַנ־דערט אום אין די גאַסן פון ירושלים, און זעט אָקאָרשט און ווערט געוואָרע, און זוכט אין אייערע מערק, אויב איר וועט געפינען א מענטשן, אויב ער איז דאָ וועך עס טוט גערעכטיקייט, ווער עס זוכט אמת, און איך וועל אים פאר־געבן. אפילו ווען זיי זאָגן: אזוי ווי גאָט לעבט! שווערן זיי פונדעסטוועגן פאַלש . . . אזוי האָט גאָט געזאָגט: שטייט אויף די וועגן און זעט, און פרעגט אויף די אַלטע שטעגן, וואו איז דער וועג צום גוטן, און גייט אויף אים, און געפינט אַן אָפּרו פאר אייער זעל."

מער ווי די נביאים פאר אים, איז ער געווען קעגן דעם מעטאָד צו פארגיטיקן אומגערעכטיקייטן מיט קרבנות. ער זאָגט אין גאָטס נאָמען: "איך האָב ניט גערעדט מיט אייערע עלטערן און האָב זיי ניט באַפוילן אין דעם טאָג וואָס איך האָב זיי ארויסגעצויגן פון לאַנד מצרים, וועגן בראַנדאָפּפער אָדער שלאַכטאָפּפער, נאָר בלויז דאָס דאָזיקע וואָרט האָב איך זיי באַפוילן, אזוי צו זאָגן: הערט צו מיין קול און איך וועל אייך זיין צום גאָט און איר וועט מיר זיין א פאָלק, און איר זאָלט גיין אין אַל דעם וועג וואָס איך באַפעל אייך, כדי אייך זאָל זיין גוט."

דאָס פירט צו ירמיהוס קאָנפליקט מיט די הערשער פון לאַנד פאר־וואָס אייניקע רופן אים אַן עקסטרעמער אינדיווידואַליסט און אַנדערע רופן אים אַן "דער ערשטער גרויסער אפיקורוס."

דער גוט באַקאַנטער ארכיאָלאָג און טעאָלאָג, וו. פ. באַדע, דערקלערט די שאַרפקייט פון ירמיהוס קאָנפליקט מיט די הערשער פון לאַנד מיט דעם, וואָס אין זיין צייט האָבן די אידן נאָר וואָס אָנגענומען א געשריבענעם קאָדעקס (דברים?) און האָבן אָנגעהויבן אויספאָלגן די טויטע בוכשטאַבן פון א ריטואַל: —די לעבעדיקע נבואה איז געקומען אין קאָנפליקט מיטן טויטן ריטואַל פונם בוך.

עס איז ניט נויטיק צו זאָגן, אז אין באַדען רעדט דער קריסטלעכער טעאָלאָג, וואָס האַלט אַן אויג אויף ישו הנוצרי... דאָס קען זען אַפילו אַ בלינדער; ווען מען לייענט אָבער וועגן דעם משפט פון די הערשער, כהנים און "נביאים" קעגן ירמיהון (ירמיהו קאַפּ. 26), ווי מען באַשולדיקט אים אין פאַלשע נביאות, פאר וואָס מען האָט לויט דברים באַשטימט טויט שטראָף, איז מען געצוווּנגען צו גלויבן, אז באַדע איז ניט אינגאַנצן אומגערעכט . . .

ירמיהוס "פאַלשע" נבואה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט

פאַראויסגעזאָגט, אַז ירושלים וועט באַזיגט ווערן דורך נבוכדנאצרן און אַז גאָטס "היים" וועט צעשטערט ווערן (פאַרוואָס דאָס איז באטראכט געוואָרן פאַר פאַלשער נבואה איז שווער צו זאָגן; ניט אנדערש, אַז דער גלויבן, אַז גאָט וועט זיין "היים" ניט צעשטערן, איז געווען אזא שטאַרקער, אַז דער גלויבן גופא איז אָנגענומען געוואָרן פאַר א באַווייז, אַז ירמיהוס נבואה איז פאַלש...) נאָך דער פאַקט, וואָס מיכה האָט מיט הונדערט יאָר פאַר אים ענלעכעס פאַר־אויסגעזאָגט און ער איז ניט באַשטראָפט געוואָרן, האָט געראַטעוועט ירמיהון פון טויט.

אז ירמיהו איז געווען אַן איינגע׳עקשנטער אינדיווידואַליסט, וואָס האָט נישט געמאַכט קיינע קאָמפּראָמיסן, זאָגט עדות זיין גאַנצע נבואה און דער עיקר טאקע דאָס זעקס און צוואַנציגסטע קאַפּיטל.

וועגן זיין אינדיווידואַליזם זאָגט אויסטערלי: "ווי ווייט מיר ווייסן, איז ירמיהו געווען דער ערשטער ניט נאָר צווישן די אידן, נאָר אין אַלגעמיין, וואָס איז געשטאַנען פּנים לפנים צו זיין גאָט, אָפּגעטיילט און אפילו קעגן דעם פאַלק, צו וועלכן ער האָט באַלאַנגט. ווי ס׳זעט אויס, איז ער געווען אויסגע־שלאָסן פון צו קענען דינען גאָט צוזאַמען מיטן פאָלק אין בית המקדש, דערפאַר איז ער געווען געצוואונגען צו בלייבן אין פּערזענלעכע פאַרהעל־טענישע מיט גאָט, וועמען ער האָט אנטפּלעקט פאַר זיך אליין. צו קענען אָפּשאַצן דעם הערצאיזם פון דעם דאָזיקן זייער טראַגישן מענטשן, דאַרפן מיר אין זינען האָבן, אַז ער האָט ניט געקענט דענקען פון א רעליגיעזער שייכות נאָכן טויט. די גאַנצע דראַמע פון זיינע פאַרהעלטענישע מיט יהוה האָט זיך געמוזט אָפּשפּילן אויף דער בינע פון לעבן . . . אויף וויפיל מיר ווייסן, איז ירמיהו געווען דער ערשטער פון אַלע מענטשן וואָס האָט אליין געלעבט מיט זיין גאָט און די וועלט איז פון אים אויסגעשלאָסן געוואָרן; ער איז אינם אבסאָלוטן זינען דער פאָטער פון אינדיווידואַליזם אין רעליגיע; — ער איז דער שאַפער פון פערזענלעכער רעליגיע." (זע "היברו רעלידזשאָן" זז. 220־219).

צו דעם ציטירטן דאַרף מען אייגנטלעך קיין זאך ניט צוגעבן, מען קען בלויז זאָגן, אז ס׳איז לייכט צו זיין א מארטירער, ווען מען גלויבט, אַז פאַרן "ביסל" ליידן אויף דער וועלט, וועט מען קריגן אייביקן גן־עדן אויף "יענער וועלט." אָבער צו זיין א מארטירער, ווי ירמיהו איז געווען, ווען ער האָט ניט געוואוסט פון קיין עולם הבא, האָט זיך געפאָדערט אומענדלעכער קוראַזש און אַן אבסאָלוטע זיכערקייט אינם אמת פון זיין נבואה . . .

צי ירמיהו איז געווען גערעכט אין זיין קאַמף קעגן אַלץ און קעגן אַלע־מען אינם נאָמען פונם גערעכטן גאָט, וואָס האָט גערעדט דורך זיין געוויסן אָדער ניט (ווי פריער באַמערקט איז ער בלויז געווען גערעכט אין זיין אָריענ־טאַציע און ניט מער.) איז ער סיי־ווי־סיי איינער פון די גרעסטע און טראַגישסטע העלדן פון דער מענטשלעכער געשיכטע, כאָטש זי איז אזוי רייך מיט מאַרטירער.

וואָס אָנבאַלאַנגט אינדיווידואַליזם אין רעליגיע, גיט אפילו אויס־טערלי צו, אז די אידן האָבן ניט געדאַרפט וואַרטן אויפן קריסטנטום. אז ער זאָל אים איינפירן; ער גיט צו, אז ירמיהו האָט אים "איינגעפירט מיט 600 יאָר פאַרן קריסטנטום, הגם ישו הנוצרי און פאול זיינען אויך געווען אידן"...

געוויס איז דער אינדיווידואַליזם אַרויפגעצוואונגען געוואָרן אויף ירמיהו'ן דורך זיין קאַמף קעגן דער הערשענדער מיינונג פון זיין סביבה:— דער דאָזיקער קאַמף האָט אים געפירט צו אָנהויבן דענקען "אז אין יענע טעג וועט מען מער ניט זאָגן: די פאָטערס האָבן געגעסן זויערע ווייַנטרויבן, און די ציין פון די זין זייַנען האַיליק. נייערט יעדער איינער וועט פאַר זיין זינד שטאַרבן; יעדער מענטש, וואָס עסט זויערע ווייַנטרויבן, זיינע ציין וועלן האַיליק ווערן.

א סך, זייער א סך, איז קריטיקירט געוואָרן די טעאָריע וועגן קאָלעק־טיוון דענקען פון די פראַנצויזישע אַנטראָפּאָלאָגן (עמיל דארקהיים, לעווי בראָל און אז. וו.) אז זי מיינט שפּאַלטן דעם עוואָלוציע פּראָצעס אינם מענטש־לעכן דענקען און אז. וו. מען קען ברענגען אזוי פיל טעאָרעטישע אויסזע־צונגען וויפיל דאָס הארץ גלוסט, וועלן זיי אַלע צוזאַמען ניט האָבן די שטאַנדהאַפטיקייט צו קענען זיך קעגנשטעלן קעגן די אַקטועלע היסטאָרישע פאַקטן: — עס איז מערקווירדיק ווי דער אידישער אַרט דענקען איז געווען א "קאָלעקטיווער" וואָס אָנבאַלאַנגט יהוה'ן און זיין באַציאונג צו זיין פאָלק. דער דאָזיקער "קאָלעקטיווער" דענקען איז געווען אזוי שטאַרק, אַז אפילו די נביאים וואָס האָבן אזויפיל געקעמפט פאַר סאָציאַלע גערעכטיקייט אינם נאָ־מען פונם גערעכטן גאָט, וועלכער קען ניט און וועט ניט פארשווייגן קיין אומ־רעכט, אפילו זיי זייַנען אויף אזויפיל געווען אונטערן איינפלוס פון אָט דעם אַרט דענקען, אז זיי האָבן ניט איינגעזען, אז דער "גערעכטער גאָט" שטראָפט דעם אומשולדיקן יחיד פאַר די זינד פונם כלל און ער שטראָפט דעם אומ־שולדיקן כלל פאַר די זינד פון זיינע הערשער . . . דער גאָט, וואָס וועט ניט פארגעבן, ווען מען באַרויבט דעם אָרעמאַן און דעם שוואַכן, די אַלמנה און דעם יתום, איז אין זיין שטראָף אינגאַנצן ניט אויסקלייבעריש: — ער באַ־שטראָפט אגולנע אַלעמען פאַר די זינד פון יחידים און וואָס ס'איז נאָך ער־גער, איז דאָס, וואָס ער באַשטראָפט גלייך דעם פאַרברעכער און זיין קרבן, דעם רויבער און דעם באַרויבטן, דעם זינדיקן און דעם ערלעכן און אז. וו. ווען אשור, וואָס איז געווען "די רוט פון זיין צאָרן" האָט באַזיגט מלכות ישראל און האָט פאַרטריבן די צען שבטים אין גלות, האָט ער פאַרטריבן אַלע גלייך: — די שולדיקע און די אומשולדיקע . . . דאָס זעלבע האָט גע־טאָן נבוכדנאצר "זיין קנעכט" . . . און גאָט איז געבליבן גערעכט . . . עס האָט זיך געפאָדערט ירמיהוס פערזענלעכער קאַמף און ליידן, ער זאָל איינ־זען, אז עפּעס איז ניט שלום ושלוה מיטן "פאָטערס עסן זויערע ווייַנטרויבן און דעם זונס ציין זאָל ווערן האַיליק".

לאַנגזאַם און פּאַמעלעך האָט זיך אַנטוויקלט דער עטישער מאָנאָ־טעאיזם ביז ער האָט דערגרייכט די אינדיווידועלע באַציאונג צווישן גאָט און מענטש; די אַנטוויקלונג איז אָבער פאָרגעקומען אינם אידנטום גופא, ניט אויסער אים. דער אינדיווידואַליזם האָט זיך אָנגעהויבן מיט ירמיהו הנביא און ניט מיט ישו הנוצרי, הגם אויך ער איז געווען א איד.

# קאפיטל 19

## ישעיה דער צווייטער

"ווער האָט דערפאַרשט דעם גייסט פון גאָט?
און ווער איז זיין בעל־עצה וואָס האָט אים צוגעוויזן?
מיט וועמען האָט ער זיך גע'עצה'ט,
וואָס האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין,
און געלערנט דעם וועג פון גערעכטיקייט?
. . . און צו וועמען קענט איר צוגלייכן גאָט?
און וואָסער געשטאַלט קענט איר אים נאָכשטעלן?
. . . הויבט אויף אין דער הויך אייערע אויגן
און זעט: ווער האָט באַשאַפן די דאָזיקע?
. . . פארוואָס זאָלסטו זאָגן, יעקב, און זאָלסט ריידן, ישראל,
פאַרבאָרגן איז מיין וועג פון יהוה,
און פון מיין גאָט איז מיין משפט אוועק.
ווייסטו דען ניט; צי האָסטו ניט געהערט?
יהוה איז דער אייביקער גאָט,
דער באַשאַפער פון די עקן פון דער ערד.
. . . איך בין דער ערשטער, און איך בין דער לעצטער,
און חוץ מיר איז ניטאָ קיין גאָט".

די קרוין פון נבואה באַלאַנגט צו יע־נעם אומבאַקאַנטן נביא, וואָס האָט געלעבט אין בבל מיט א דור שפּעטער פון יחזקאלן (צוליב איינהייטלעכקייט אין אינהאַלט ווערט ער פריער באַ־טראַכט). צו דעם אומבאַקאַנטן נביא, וועמען מען רופט מיטן נאָמען ישעיה דער צווייטער, באַלאַנגען די לעצטע 26 קאַפּיטלעך פון ישעיה (40־66. איי־ניקע האַלטן אביסל ווייניקער קאַפּיטלעך). לויטן אינהאַלט האָט דער נביא געלעבט אין דער צייט, ווען כורש, דער קעניג פון פּערסיע, האָט באַזיגט בבל און האָט געשאַפן די פּערזישע אימפּעריע.

אַז די 26 קאַפּיטלעך באַלאַנגען ניט צו ישעיהן צווייפלט קיינער ניט, וואָס נעמט דעם תנ"ך קריטיש; עס צווייפלט אין דעם ניט אפילו דער זייער רעליגיעזער ש"ז. אדאַם סמיט, וואָס האָט נעבאַך עגמת נפש פון דעם טעות, וואָס די "גאָספּעלס" האָבן געמאַכט און האָבן זיי באַטראַכט פאַר ישעיהס

נבואה . . . ער טרייסט זיך נאָר דערמיט, וואָס ישו הנוצרי דערמאָנט ניט די קאַפּיטלעך. וואָלט ״ער״ זיי געווען דערמאָנט, וואָלטן זיי, לויט זיין מיינונג, געמוזט באַטראַכט ווערן פאר ישעיהס נבואה . . . עס דאַרף מיינען, אַז ״זיין״ שווייגן וועגן זיי, דערלויבט צו צווייפלען אין דער מיינונג פון די ״גאָספּעלס״ . . . שז. אדאם סמיט גיט אָפּ פּופציק זייטן פון דעם אריינפיר צום צווייטן באַנד וועגן ישעיהן צו באַווייזן פאַרוואָס מען קען ניט צורעכענען די זעקס און צוואַנציק קאַפּיטלעך צו ישעיה הנביא:

דער ערשטער און דער באַשטימענדער באַוויז, איז דער אינהאַלט גופא, אין וועלכן דער נביא־פּאָעט באַזינגט כורש׳ס אויפשטייגן צו מאַכט און זאָגט פאַראויס, אַז כורש וועט באַפרייען די אידן פון גלות און וועט זיי לאָזן גיין צוריק אהיים קיין ארץ ישראל.

פאַרשטייט זיך, אַז נאָר א נאַאיווו רעליגיעזער מענטש קען זיך אָנ־האַלטן אין אַ מיינונג, אַז ישעיה, וואָס האָט געלעבט מיט אַן ערך 150 יאָר פריער, ווען די אידן האָבן נאָך געוואוינט אין ארץ ישראל און האָבן געפירט א קאַמף קעגן אשורן אין וועלכן ער האָט אַקטיוו אנטייל גענומען, האָט אין דער זעלבער צייט באַגריסט כורש׳ס אויפשטייגן צו מאַכט און האָט באַזונגען דעם צוריקקער פון בבל . . . אפילו שז. אדאם סמיט, וואָס באַטראַכט ישו הנוצרי פאר גאָט און אַז ישעיה דער צווייטער האָט פאַראויסגעזאָגט זיין קו־מען . . . אפילו ער קען דאָס ניט אָננעמען, ווייל אויסער דער פאַקטישער זייט, שטימט עס, לויט זיין מיינונג, מיטן גאַנצן כאראקטער פון תנ״ך און דערצו איז דער דענקען פונם אומבאַקאַנטן נביא פּאָעט אַן אַנדערער און דער אינ־האַלט איז א פאַרשיידענער, פון ישעיה הנביא׳ס דענקען. אפילו די שפּראַך איז, לויט זיין מיינונג, אינגאַנצן אַן אנדערע פון ישעיה׳ס שפּראַך.

בלויז אַזאַ רעליגיעזער מענטש, ווי שז. אדאם סמיט, נויטיקט זיך אין אומדירעקטע באַווייזן צו דעם אינהאַלט צו באַשטימען, אַז די לעצטע 26 קאַ־פּיטלעך זיינען ניט געשריבן געוואָרן פון ישעיה הנביא, פאר א ווייניקער רע־ליגיעזן מענטשן, אָדער פאר א ניט רעליגיעזן, איז דער אינהאַלט באַשטי־מענד: ישעיה איז טאַקע געווען א נביא, אָבער וואָס ס׳וועט פּאַסירן מיט 150 יאָר נאָך אים, האָט ער ניט געוואוסט . . . פאַר אַזאַ איינעם איז שווער צו פאַר־שטיין ווי א רעליגיעזער מענטש אפילו, אויב ער האָט נאָר א חוש פאַר רעאַ־ליטעט, קען צושרייבן די דאָזיקע קאַפּיטלעך צו ישעיהן, ווען דער אומבאַ־קאַנטער נביא רעדט מיט אזא ענטוזיאזם און מיט אזא פּאַטאָס, וועגן כורש׳ס שטייגענדער מאכט , ווי די פּאַסירונגען קומען פאַר פאַר זיינע אויגן. ער רעדט מיט אזויפיל ענטוזיאזם און באַגייסטערונג, מיט אזויפיל האָפענונג וועגן די לויפענדע פּאָליטישע געשעהענישן, אַז נאָר איינער, וואָס לעבט זיי אליין איבער, קאָן אזוי ריידן. וועגן דער אידישער נאָענטער צוקונפט רעדט ער מיט אזויפיל האָפענונג און ענטוזיאזם, אַז מען קריגט דעם איינדרוק, אַז זיינע געפילן און איבערלעבונגען, זיינען א רעזולטאַט פון א מאַסן פּסיכאָז, וואָס האָט באַהערשט די אידן פון זיין צייט און אַז ער דריקט אויס דעם פּסיכישן צושטאַנד פון גאַנצן פאָלק .

ער הויבט אָן מיט ״טרייסט, טרייסט מיין פאָלק, זאָגט אייער גאָט, רעדט צום הארץ פון ירושלים און רופט צו איר, אַז זי האָט דערפילט איר צייט, אַז אָפּגעצאָלט איז איר פאַרברעך, אַז זי האָט געקראָגן פון גאָטס האַנט

טאָפּל פאַר אירע זינד. א קול רופט: ראַמט אָפּ פון מדבר דעם וועג פון יהוה, גלייכט אויס אין דער וויסטע א שטעג פאַר אונדזער גאָט. יעטווידער טאָל זאָל דערהויבן ווערן, יעטווידער באַרג און הויך, זאָל דערנידערט ווערן; און דאָס קרומע זאָל ווערן גלייך, און די באַרגקייטן פּלוין. און דער כבוד פון גאָט וועט אַנטפּלעקט ווערן, און אַלע לייבער אין איינעם וועלן זען, וואָרעם דאָס מויל פון גאָט האָט גערעדט." דער נביא־פּאָעט ווערט אינספּירירט און היפּנאָטיזירט פון זיינע אייגענע ווערטער און שרייט אויס מיט ענטוזיאַזם: "זינגט איר הימלען—און פריי זיך דו ערד, און ברעכט אויס איר בערג אין א געזאַנג, וואָרים גאָט האָט געטרייסט זיין פאָלק, און זיינע אָרעמע טוט ער דערבאַרעמען" .

אפילו איצט רופט דער "נחמו, נחמו עמי יאמר אלהיכם, דברו על־לב ירושלים" ארויס א ציטער איבער אַלע אברים; מען פילט, אז עפּעס גראַנדיעז־שטוינענדעס קומט פאָר; די וואָרע, וואָס דער נביא־פּאָעט מאַכט, איז אזא גרויסע, אז כאָטש גאָט אַליין וועט אראָפּשטייגן פון זיין וואָוין־פּלאַץ. "אי־בער דעם צירקל פון דער ערד" און וועט גיין פון פאָראויס פאַר משיח'ן . . . און אויב ער אַליין וועט ניט גיין, וועט ער נאָך אַמאָל שיקן משה'ן און ער וועט שפּאַלטן דעם ים און וועט באַווייזן אַנדערע נסים באַם אויסלייזן דאָס פאָלק ישראל פון גלות .

דאָס איז דער איינדרוק, וואָס מען קריגט פון דער וואָרע. פאַקטיש איז אָבער דער ענין א גאַנץ פּראָזאַאישער: כורש, דער פּערזישער קעניג, וואָס האָט געהאַלטן אין צעשטערן די אין יענער צייט שוין צעפוילטע בבלשע אימפּעריע און האָט געבויט זיין אייגענע אימפּעריע, האָט זיך באַנוצט מיט א קאָנסטרוקטיוון מעטאָד אין באַצוג צו די אונטערדריקטע פעלקער, ער האָט זיי באַפרייט און האָט געלאָזט אויפבויען זייערע צעשטערטע היימען (למען האמת דאַרף געזאָגט ווערן, אז ניט איבעראַל איז ער געווען א בויער: ער האָט צעשטערט קרעזעסעס לידיער מלוכה און האָט אומדירעקט פאַרניכטעט די אייאַנער היים פון דער גריכישער פילאָזאָפיע. און וואָלט זיין נאָכפאָלגער, קסערסעס, געווען באַזיגט גריכנלאַנד, וואָלט ער געוויס געווען פאַרניכטעט די גריכישע קולטור.)

ווען כורש האָט זיך דערנעענטערט מיט זיין זיגרייכער אַרמיי צו בבל, איז דער נביא־פּאָעט אַזוי באַגייסטערט געוואָרן, זיין פּאָעטישע פאַנטאַזיע האָט זיך אַזוי צעשפּילט, אז זי איז אפילו אַריבער די גרענעצן פון דיכטונג . . . ער שרייט אויס מיט באַגייסטערונג "ראַמט אָפּ אין דער מדבר דעם וועג פאַר גאָט, גלייכט אויס אין דער וויסטע אַ שטעג פאַר אונדזער גאָט . . . זינגט איר הימלען און פריי זיך, דו ערד און ברעכט אויס איר בערג אין געזאַנג, וואָרים גאָט האָט געטרייסט זיין פאָלק" .

די געזאַנגען זיינען אַזוי פּרעכטיק שיין, אז די היסטאָריע מעג דעם נביא־פּאָעט פאַרגעבן, פאַר דעם וואָס ער האָט אַזוי קאָלאָסאַל איבערטריבן... פון דער צווייטער זייט, ווען מען פאַרגעסט וועגן דעם טרויעריקן לעבן, וואָס די אידן האָבן געפירט אונטער דער פּערזישער הערשאַפט און מען דענקט וועגן דעם אידישן בייטראַג צום דענקען וואָס אומדירעקט איז עס געווען אַ רעזולטאַט פון כורש'ס זיג, האָט מען א רעכט צו באַשטימען, אז דער נביא־פּאָעט האָט גאָרניט איבערטריבן .

לויטן אינהאַלט ווייס מען ווען דער נביא־פּאָעט האָט געלעבט, מען איז אָבער ניט זיכער מיטן וואו ער האָט געלעבט; מען נעמט אָן, אַז ער האָט געלעבט אין בבל, עס איז אָבער פאַראַן א מיינונג, אַז ער האָט געלעבט אין מצרים.

דאָס וואָס פון דער נבואה גופא קען מען ניט וויסן געניי וואו ער האָט געלעבט, איז א באַווייז ווי ווייניק ער איז געווען פאַרבונדן מיט זיין וואוין־פּלאַץ. ווי ס'זעט אויס האָבן אים די לאָקאַלע לעבנס אינטערעסן אינגאַנצן ניט אינטערעסירט.

ער איז פאָלשטענדיק געווען באַהערשט פון דער אידייע וועגן גאָט און וועגן דער מיסיע; וואָס ער האָט באַשטימט פאַר זיין אויסדערוויילט פאָלק. זיין גאַנצע נבואה איז באַהערשט פון דעם געדאַנק.

דער אידישער אַרט דענקען איז געווען אויסשליסלעך א רעליגיעזער. די נביאים האָבן אַלעמאָל גענומען גאָט פאַר זייער אויסגאַנגס פּונקט און האָבן דורך אים דערקלערט אַלע פּאַסירונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין זייער סביבה. זיי האָבן ניט געהאַט דעם קלענסטן באַגריף וועגן א נאַטורא־ליסטישן דענקען. זיי וואָלטן אַזא דענקער נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין; פאַר זיי וואָלט אַזא דענקען אויסגעזען ווי צו צווייפלען אין גאָט און אַזא געדאַנק וואָלט זיי קיינמאָל אפילו ניט געקענט אַרויפקומען אויפן זינען.

ווען די אידן האָבן געלעבט אין זייער אייגן לאַנד, האָבן זיי געהאַט פאַרשיידענע אינטערעסן מיט וועלכע אויך די נביאים האָבן זיך באַשעפטיקט: ווי די פּאָליטישע לאַגע, די סאָציאַל־עקאָנאָמישע לאַגע, דער קרבנות ריטואַל און נאַטור פּאַסירונגען. דאָס אַלץ האָט געדאַרפט דערקלערט ווערן פונם שטאַנדפּונקט פונם עטישן גאָט, וועלכער איז אַבסאָלוט גערעכט.

אין גלות האָט זיך די לאַגע געענדערט; א סך פּראָבלעמען זיינען אָפּ־געשטופּט געוואָרן אין הינטער גרונט און אַנדערע האָבן געפאָדערט א נייע אָפּשאַצונג, אַזוי אַז דער באַגריף וועגן גאָט און זיין באַציאונג צו זיין פאָלק, האָט געדאַרפט געענדערט ווערן. זאָגט טאָקע שז. פּוט מור, אַז דער אומבא־קאַנטער נביא־פּאָעט איז געווען דער טעאָלאָג צווישן די נביאים "זיין באַגריף וועגן גאָט איז געווען א סך א טיפערער, א ברייטערער און א רייפערער פון דעם באַגריף פון פריערדיקע נביאים. ניט נאָר רעדט ער אין גאָטס נאָמען, נאָר ער אינטערפּרעטירט גאָט. ער ברענגט אַרויס גאָטס אַלמעכטיקייט אין דער געשיכטע דורך דעם פאַקט, וואָס ער איז געווען אַלמעכטיק אַלס באַשאַפער און פירער פון דער וועלט . . . דער דאָזיקער נביא באַקעמפט ניט קיין אַנדערע געטער, ער לייקנט אין גאַנצן, אַז זיי עקזיסטירן." (זע "די ליטעראַטשור אָוו די אָלד טעסטאַמענט" ז. 158).

עס מיינט, דער נביא גיט ניט איבער גאָטס וואָרט, נאָר ער כאַ־ראַקטעריזירט און אינטערפּרעטירט אויך גאָט גופא. ער זאָגט "ער (גאָט) איז דער ערשטער און דער לעצטער און אויסער אים איז ניטאָ קיין אַנדער גאָט." דער נביא לאַדעט איין מענטשן זיי זאָלן מיטגיין מיט אים אין די פעלד־צער, וואו מען מאַכט געטשקעס און זאָלן זיי אַליין זען מיט זייערע אייגענע אויגן און זיך איבערצייגן אין דעם ווי לעכערלעך עס איז צו דינען צו בילדער, וואָס ווערן געמאַכט פון מענטשלעכע הענט (דאָס נעמט שז. אַדאַם סמיט אָן פאַר א באַווייז, אַז דער אומבאַקאַנטער נביא־פּאָעט האָט געלעבט אין בבל;

—דאָרט האָט מען געמאַכט א סך געטשקעס). דער נביא שרייט אויס מיט פּאַ־טאָס: "וועמען קענט איר צוגלייכן צו גאָט? און וואָס פאַר א בילד קענט איר אים קעגנשטעלן?" דאָס פירט אים צו אָנווייזן אויף גאָטס אינטעלעקטועלן און גייסטיקן כאַראַקטער און ער טוט עס דורך דער פאָרמע פון א פראַגע. ער פרעגט רעטאָריש: "ווער האָט אויסגעפאָרשט גאָטס גייסט? און ווער איז זיין בעל־עצה? מיט וועמען האָט ער זיך געהאַלטן אן עצה, וואָס האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין דעם וועג צו גערעכטיקייט?"

ער עצה'ט מענטשן צו קוקן אויף די הימלען און באַטראַכטן די וועלט, וואָס איז גאָטס באַשאַף. ער זאָגט: "ער איז דער באַשאַפער פון די עקן פון דער וועלט. גאָט קען מען ניט זען, מען קען זיך פאָרשטעלן זיין גרויסקייט דורך דער וועלט, וואָס ער האָט באַשאַפן."

דאָס אַלץ איז טעאָלאָגיע פון העכסטן גראַד און שז. פּוט מור איז גע־רעכט ווען ער באַטראַכט אים פאַרן ערשטן טעאָלאָג. דער גאָט פון דעם נביא־פּאָעט איז אן אוניווערסאַלער; ער איז דער באַשאַפער פון דער וועלט און איז דער אַלמעכטיקער הערשער איבער אַלץ און איבער אַלעמען. עס דאַרף אָבער אונטערשטראָכן ווערן פון דער וועלט: פון קיין אנדער וועלט האָט דער נביא־פּאָעט ניט געוואוסט.

אָט דער אוניווערסאַלער אַלמעכטיקער און עטישער גאָט, דער באַ־שאַפער פון אַלץ מיט אַלעמען אויף דער וועלט, האָט עס אויסגעקליבן די אידן פאַר זיין פאָלק צווישן אַלע פעלקער, זיי זאָלן אים דינען און זאָלן גיין אין זיינע וועגן . . . אמת, ער האָט זיי פאַרטריבן אין גלות, ווען זיי האָבן געזינ־דיקט קעגן זיינע געבאָטן; דאָס האָט ער אָבער געטאָן, לויט ווי דאַרמשטעט־טער טייטשט אויס דעם נביא־פּאָעט, כדי "ער זאָל קענען אריינגעבן זיין גייסט אין די אידן און זאָל דורך זיי באַקאַנען די פעלקער פון דער וועלט מיט זיין גערעכטיקייט." (זע "די פּראָפעטס אָוו איזראַעל" ז. 98).

דאָס איז די מיסיע טעאָריע, וואָס פּאַסט זיך און וואָס איז היסטאָריש צוגעפּאַסט געוואָרן צום נביא־פּאָעט . . . איצט, ווען לויט דעם נביא־פּאָעט, זיינען די אידן אָפּגעקומען פאַר זייערע זינד און זיינען געלייטערט געוואָרן, וועט גאָט זיי צוריקברענגען א היים און וועט זיי מאַכן פאַר די גייסטיקע פי־רער פון דער גאַנצער מענטשהייט. דער נביא ווערט באַגייסטערט פון זיין אייגענער אידייע און ער שרייט אויס מיט באַגייסטערונג אין גאָטס נאָמען: "אָט איז מיין קנעכט, וואָס איך לען אים אונטער, מיין אויסדערוויילטער וואָס מיין זעל באַגערט. איך האָב ארויפגעטאָן מיין גייסט אויף אים, א משפּט פאַר פעלקער וועט ער ארויסלאָזן; ער וועט ניט שרייען, און ניט הילכן, און ניט לאָזן הערן אין גאָט זיין קול. און אן איינגעבראָכן שטעקן וועט ער ניט צוברעכן, און א טונקעלן קנויט וועט ער ניט פאַרלעשן; לויט דעם אמת וועט ער ארויס־לאָזן א משפּט. ער וועט ניט מיד ווערן און ניט געבראָכן ווערן ביז ער וועט טאָן אויף דער וועלט גערעכטיקייט, און אינזלען וועלן וואַרטן אויף זיין תורה. אזוי האָט געזאָגט גאָט דער האר, וואָס האָט באַשאַפן די הימלען און האָט זיי אויסגעצויגן, וואָס האָט אויסגעשפּרייט די ערד מיט אירע שפּראָ־צונגען, וואָס גיט אָטעם דעם פאָלק אויף איר, און א גייסט די וואָס גייען אויף איר: — איך גאָט האָב דיך גערופן אין גערעכטיקייט, און איך וועל אָננעמען דיין האַנט און דיך היטן, און דיך מאַכן פאַר א בונד מיט די פעלקער, פאַר

א ליכט פון די אומות.

"שטיי אויף, לייכט אויף, וואָרים דיין ליכט איז געקומען, און די ליכט פון גאָט שיינט אויף דיר. וואָרים זע, פינסטערניש וועט באדעקן די ערד, און אַ נעפּל די פעלקער, אָבער אויף דיר וועט אויפשיינען גאָט, און זיין פראכט וועט זיך ווייזן אויף דיר. און פעלקער וועלן גיין פאר דיין ליכט. און מלכים פאר דער הייליקייט פון דיין שיין . . . די זון וועט דיר מער ניט זיין פאר א ליכט און פאר העלקייט וועט דיר מער ניט שיינען די לבנה, נאָר יהוה וועט דיר זיין פאר אן אייביקן ליכט, און געענדיקט וועלן זיין די טעג פון דיין טרויער."

ווי פראכטפול און ענטציקנד איז די דאָזיקע נבואה, וואָס איז געזונגען געוואָרן פון איינעם פון די געניאַלסטע דיכטער פון דער וועלט! פון וואנען ס'האָט זיך צו אים גענומען אזא באַגייסטערונג און גאָט־פאר־שיכורונג, קען מען איצט ניט וויסן און מען קען עס אויך ניט פארשטיין. סיידן מען זאָל אָננעמען, אז פאר אים און פאר די אידן פון זיין צייט, זיינען די לויפנדע פאסירונגען געווען אן אָנזאָג פון א מין משיח צייט, אז גאָט וועט פאָלשטענדיק אויסלייזן די אידן פון גלות; עס וועט נעמען א סוף צו אלע זייערע ליידן און גאָט וועט זיי מאַכן פאר די גייסטיקע הערשער פון דער וועלט . . . דער נביא־פּאָעט איז אריינגעפאלן אין אן עקסטאַז און האָט דער־בליקט די געטלעכע הערשאפט אויף דער וועלט.

די נבואה ווערט פון קריסטלעכע טעאָלאָגן אָנגערופן: "גאָטס דינערס געזאַנגען" און זיי טייטשן די געזאַנגען אויס אלס אַן אָנזאָג אויף ישו הנוצרי'ס קומען, אז אונטער דער באַצייכענונג "מיין קנעכט" האָט דער נביא־פּאָעט גע־האָט אין זינען ישו הנוצרי.

שז. אדאם סמיט גיט אָפּ די דאָזיקע געזאַנגען צוויי קאַפּיטלעך פון זיין צווייטן באנד וועגן ישעיה הנביא; ער צווייפלט ניט, אז דער אַנאָנימער נביא־פּאָעט האָט מיט דער נבואה אין זינען געהאט ישו הנוצרי'ס קומען... (אז אן אָרטאָדאָקסישער קריסט זאָל ביי די נביאים זוכן א פּאַראויסזאָגונג וועגן ישו הנוצרי'ס קומען איז נאַטירלעך: — די גאַנצע קריסטלעכע טעאָלאָגיע, קען מען זאָגן, איז באַזירט אויפן תנ"ך . . . שז. אדאם סמיט איז אָבער ניט צופיל פארשטענדלעך: זיין צווייטער באנד איז פאקטיש סותר דעם ערשטן, אין וועלכן ער זאָגט אויסדריקלעך, אז דער אידישער מאָנאָטעאיזם האָט ניט גע־האָט קיין פלאַץ פאר קיין צווייטן גאָט, אפילו ניט פאר ישו הנוצרי ווי א צוגאָב צו יהוה . . . עס קומט אויס, אז דער ערשטער ישעיה איז געווען א ריינער מאָנאָטעאיסט און דער צווייטער ישעיה, וועלכער איז פאקטיש געווען מער מאָנאָטעאיסטיש פארן ערשטן, האָט געהאט פלאַץ פאר צוויי געטער . . . דאָס איז זייער מאָדנע; עס זעט אָבער אויס, אז צו פאָדערן פאָלשטענדיקע אויסגעהאלטנקייט פון א טעאָלאָג, מיינט צו פאָדערן פון אים ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון זיין טעאָלאָגיע: — לאָגיש שליסט אין זיך יעדע טעאָלאָגיע איין א ווידערשפּרוך).

פארשטייט זיך, אז ישעיה דעם צווייטנס נבואה האָט געהאט אזא שייכות מיט ישו הנוצרי, ווי ישעיה דעם ערשטנס נבואה. דאָס זעט אפילו איין פאַרויס סמיט (אויך א טעאָלאָג, אָבער ניט קיין אָרטאָדאָקס . . .) לויט זיין אויסטייטשונג מיינט דער נביא־פּאָעט מיט "מיין קנעכט" די כנסת ישראל

גופא . . . עס איז שווער צו זען וועמען אנדערש ער האָט געמיינט, ווען ער הויבט אָן מיט די אידן, דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך . . . מען דאַרף אָבער צוגעבן, אז צו קלאָר און אויסגעהאַלטן איז ער ניט.

דער אידישער דענקען איז אין אַלגעמיין געווען א קאָנקרעטער און עמאָציאָנעל־סוביעקטיווער. די אידן, ווי אַלע מזרח פעלקער, זיינען אין זייער דענקען געווען צוגעשמידט צום פאַקט, זיי האָבן זיך פון אים ניט געקענט באַפרייען און האָבן ניט געדענקט אויף קיין אבסטראַקטן אופן. דערפאַר איז ביז דער לעצטער צייט געווען אָנגענומען ווי אן אקסיאָמע, אז די אידן איז פאַלשטענדיק געווען פרעמד וועלכע ס'איז פילאָזאָפישע באַגריפן, וואָס באַשטייען פון אבסטראַאירטע באַגריפן, וואָס ווערן באַפרייט פון די פאַקטן און ווערן באַטראַכט ריין לאָגיש.

כאָטש די דאָזיקע מיינונג ווערט איצט רעווידירט, ווי ס'וועט אָנגעוויזן ווערן אין אן אנדער פאַרבינדונג, דאַרף מען צוגעבן, אז אין אַלגעמיין איז די מיינונג א ריכטיקע: פילאָזאָפירן ריין אבסטראַקט איז די אידן, לויט זייער דענקען, געווען פרעמד. דאָס איז הויפּטזעכלעך געווען דערפאַר, וואָס גאָט האָט זיך געפונען אינם צענטער פון זייער דענקען. ווען גאָט און אַלץ, וואָס האָט א שייכות צו גאָט, איז פון זיי געגומען געוואָרן פאַר זייער אויסגאנגס פונקט, איז זייער דענקען אויף א נאַטירלעכן אופן מאָדעלירט געוואָרן אין א רעליגיעז סאָציאַל־עטישער פאָרמע, וואָס קען ניט זיין אנדערש ווי קאָנקרעט.

עס איז אָבער מערקווירדיק, וואָס גאָט גופא, וועמען זיי האָבן אוועקגעשטעלט אינם צענטער פון זייער דענקען, איז פון זיי אינגאַנצן אבסטראַאירט געוואָרן. דער רעזולטאַט איז געווען, אז זייער גאַנצער דענקען איז טאַקע געווען א קאָנקרעטער, וואָס האָט געהאַט א שייכות מיט קאָנקרעטע ענינים, אָבער גאָט אַליין, וואָס איז אומדירעקט געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אָט דעם דענקען, ער גופא איז פון זיי אָנגענומען געוואָרן ריין אבסטראַקט. — ער, האָבן זיי אָנגענומען, קען ניט קאָנקרעטיזירט ווערן.

וואָס די סיבות זאָלן ניט געווען זיין פאַר אָט דער אנאָמאַלישער דערשיינונג, האָט מען פאַר זיך א פאַקט, אז די נביאים האָבן איינער נאָכן צווייטן אַלץ מער און מער אבסטראַאירט גאָט און האָבן אים פאָרגעשטעלט אין א ריין רוחניות'דיקער פאָרמע מיטן עטישן אטריבוט בראש .

דאָס העכסטע אין דעם אבסטראַאירונגס פּראָצעס האָט דערגרייכט ישעיה דער צווייטער און דערפאַר זיינען שז. פוט מור און דאַרמשטעטער גערעכט, ווען זיי באַטראַכטן אים פאַרן ערשטן אידישן טעאָלאָג.

אזוי ווי טעאָלאָגיע איז פילאָזאָפיע פון רעליגיע, איז אמווינציקסטנס דער נביא געווען א פילאָזאָפיש דענקענדער מענטש, כאָטש ער אַליין האָט געוויס ניט געהאַט דעם קלענסטן באַגריף וואָס פילאָזאָפירן מיינט. ווען ער זאָגט, אז גאָט קען מען ניט זען, מען דאַרף אים באַטראַכטן לויט דער וועלט, וואָס ער האָט באַשאַפן און וואָס ער פירט, גיט ער א רעליגיעז פילאָזאָפישן אַרגומענט, וואָס ווערט אויך איצט מיט דער זעלבער קראַפט גענוצט פון טעאָלאָגן, ווי ער האָט אים גענוצט.

פון טעאָלאָגישן שטאַנדפּונקט איז דאָס פיליכט דער וויכטיקסטער אויפטו פון ישעיה דעם צווייטן. פונם אידישן שטאַנדפּונקט, אָדער פונם

שטאַנדפּונקט פונם אידישן ביטראַג צום אַלגעמיינעם דענקען, באַשטייט זיין הויפּט אויפטו אין דעם, וואָס ער האָט פּראָקלאַמירט, אַז די אידן ניט קיין גרויסקייט און מעכטיקייט, ניט אַז זיי וועלן באַהערשן די וועלט אינם פיזישן זין פון וואָרט, נאָר אַז גאָט וועט "אויסשפּרייטן זיין גייסט אויף זיי און אַ משפּט צו די פעלקער וועט ער אַרויספירן . . . אינזלען וועלן וואַרטן אויף זיין תורה... פעלקער וועלן גיין פאַר זיין ליכט און מלכים (וועלן גיין) פאַר דער הייליקייט פון זיין שיין."

סימבאָליש גענומען און מעטאַפאָריש גערעדט, קען מען זאָגן, אַז די נבואה איז מקוים געוואָרן: — די אידן האָבן דורך די נביאים געגעבן דער מענטשהייט אַ באַגריף וועגן אַן עטישן, הייליקן און רוחניותדיקן אוניווערסאַלן גאָט, וועלכער פילט אָן די גאַנצע וועלט מיט זיין כבוד און פאָדערט פון דער מענטשהייט, אַז זי זאָל גיין אין זיינע וועגן.

ווען מען נעמט ישעיה דעם צווייטן אין דער ליכט פונם ביטראַג פון די פריערדיקע נביאים, האָט מען פאַר זיך די פונדאַמענטאַלע שטריכן פונם אידישן בליק אויף גאָט, וועלט און מענטש. אָבער ניט דאָס אידישע פאָלק גופא, ווי דער טרעגער פון דער סאָציאַל עטישער לערע, איז געווען פאָרמירט אין יענער צייט און ניט די תורה אין איר פאַרצווייגטער פאָרמע, ווי אַ גייסטיקע קאָנסטיטוציע פאַרן אידישן פאָלק און ווי אַ וועגווייזער פאַר דער מענטשהייט, איז געווען פאַרטיק. עס האָט זיך נאָך געפאָדערט אַ היפּשע צייט ביז דער טרעגער פון די אוניווערסאַלע גייסטיקע און עטישע ווערטן, זאָל רייף ווערן און די ווערטן גופא זאָלן אַרויסגעבראַכט ווערן אין זייער פולער פאָרמע און אין גאַנצן אינהאַלט.

אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען וועט באַטראַכט ווערן ווי דער פּראָצעס פון פאָרמירונג פונם אידישן פאָלק און ווי די אויסאַרבעטונג און אַדאָפּטירונג פון דער גייסטיקער קאָנסטיטוציע, זיינען פאָרגעקומען.

## קאַפּיטל 20

# די פאָרמירונג פונם אידנטום

דובנאָוו זאָגט ״די נביאים זיינען געווען באַזעלט מיט א דראַנג צו אריינברייינגען אין יעדער נשמה א טיפן רעליגיעזן באַוואוסטזיין — צו דער־הויבן יעדעס הארץ מיט מאָראַלע אספּיראַציעס — צו געבן יעדן איינעם א פּאָזיטיווע לערע פון לעבן; צו אינספּירירן יעדן איינעם פון פאָלק מיט נאָ־בעלע אידעאַלן. זייער ארבעט איז ניט פארלוירן געגאַנגען; זי האָט געהאַט א געהעריקע ווירקונג. לאַנגזאַם אָבער טיף איז דער אידעאַליזם אריינגעדרונגען אין דער אינערלעכקייט פונם מארך פון נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין. דער דאָ־זיקער באַוואוסטזיין איז געוואָרן שטאַרקער אין פארנעם פון יאָרהונדערט צו יאָרהונדערט און האָט זיך מאַניפעסטירט אין אן אויסערגעוויינטלעכער אייגנ־אַרטיקייט אינם ערשטן קריזיס, וועלכער איז באַוואוסט אונטערן נאָמען גלות בבל . . . אין משך פון צייט איז די ארבעט פון די נביאים, זייער גייסטיקע אַקטיוויטעט, געוואָרן אן אינטעגראַלער טייל פון דעם אידישן לעבן.״ (זע ״עסיי אָוו די פילאָזאָפיע אָוו היסטאָריע״ ז. 16).

און דר. קאַפּמאַן קאָהלער זאָגט: ״אַלע אָנהויבן זיינען פארהילט אין א טונקלקייט; טיף אין דער ערד אונטער דער אויבערפלאַך, באַהאַלטן פון אויג, אַנטוויקלט זיך א ניי לעבן. אין א שיינעם פרילינגס טאָג שפּראָצט מיט אַמאָל ארויס א ניי פלאַנץ . . . דאָס זעלבע קומט פאָר אין דער געשיכטע: גרויסע באַוועגונגען, וואָס שאַפן נייע עפּאָכעס, אַנטשטייען ווי מיט אַמאָל. אַזאַ פּראָצעס איז פאָרגעקומען אין די שטילע פיר הונדערט יאָר, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן מיטן גלות בבל און האָט אָנגעהאַלטן ביז דער עפּאָכע פון די חשמונאים. דאָס זיינען געווען יאָרהונדערטן ווען די זאָמען, וואָס האָבן גע־געבן א נייעם רעליגיעזן לעבן די אידן, זיינען געלעגן באַהאַלטן און ווי פּלוצ־לונג זיינען זיי דערשינען פאַר די אויגן. פאַקטיש האָבן זיי די גאַנצע צייט פון די קריזיס יאָרן זיך גענערט אין דער אינערלעכקייט פון פאָלקס נשמה און פּלוצלונג איז דאָס נייע פלאַנץ דערשינען ווי א נייע שפּראָצונג אין דער ליכט פון טאָג. אָט דער פעריאָד איז עס געווען די קינדער יאָרן פונם אידנטום.״ (זע ״ארידזשן אָוו סינאַגאָג ענד טשוירטש״ ז. 3)

עס איז ניטאָ קיין ספּעציעלע סיבה פארוואָס מען זאָל אָנהויבן די פאָר־מירונג פונם אידנטום מיט יחזקאלן; מען קען אָנהויבן פון דער רעסטאָוו־ראַציע אין יאשיהוס צייט, ווען מען האָט געפונען דעם ספר (דברים?), וואָס האָט געפירט צו דער רעסטאָוראציע; אָדער מען קען אָנהויבן פון עזרא

הסופר׳ס רעפאָרמע. מען וואָלט מיטן זעלבן רעכט געקענט אָנהויבן די פאַר־מירונג פונם אידנטום פון די חשמונאים . . . און געוויס קען מען אָננעמען, אז קאָפּמאַן קאהלער איז גערעכט ווען ער זאָגט, אז מען קען איבערהויפּט ניט ריידן וועגן קיין אָנהויב, ווייל יעדער פאַקטישער אָנהויב איז באהאלטן פון אויג און וואָס מען זעט באַשטייט פון אַ פּאַרטיקער דערשיינונג, וואָס האָט גע־נומען לאַנג צו פאַרמירט ווערן.

און נאָך דעם אלעמען זיינען היסטאָריקער פאַרט גערעכט, ווען זיי הויבן אָן מיט יחזקאלס נבואה: — אין זיין צייט איז פאָרגעקומען א ראַדיקא־לע ענדערונג אינם אידנטום, וואָס קען אָנגערופן ווערן דער וויכטיקסטער מאָ־מענט פון זיין געשיכטע.

זיינען דאָך די צען שבטים פארלוירן געגאַנגען אין אַן ענלעכן היס־טאָרישן מאָמענט. ווען די אידן זיינען אין בבל ניט אונטערגעגאַנגען איז עס געווען א דאַנק דער ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין זייער לעבן אין בבל אין יענער צייט. אָבער איידער די ענדערונג וועט באַטראַכט ווערן, דאַרפן געמאַכט ווערן עטלעכע באַמערקונגען וועגן די פארשוואונדענע צען שבטים.

ווען מען זאָגט די צען שבטים זיינען אונטערגעגאַנגען, קריגט מען דעם איינדרוק, אז די מלכות ישראל אידן זיינען באַשטאַנען פון פאַרמירטע אידן, וואָס האָבן געהאַט א באַשטימטע פיזיאָנאָמיע און א נאַציאָנאַל קולטורעלן אינהאַלט; נאָר ווען זיי זיינען פאַרטריבן געוואָרן אין גלות, איז די פיזיאָ־נאָמיע ביסלעכווייז אָפּגעווישט געוואָרן. דער אינהאַלט איז אויסגעלײדיקט געוואָרן און אין משך פון צייט האָבן זיי זיך אסימילירט צווישן די אנדערע פעלקער און זיינען פארשוואונדן פון דער היסטאָרישער אַרענע.

דאָס איז א פאַלשער באַגריף וועגן די צען שבטים: זיי זיינען ניט גע־ווען קיין פאַרמירטע אידן און זיי האָבן ניט געהאַט קיין נאַציאָנאַל־קולטורעלן אינהאַלט. זיי האָבן אַ ניט געהאַט קיין צייט ווען צו ווערן אידן און זיי האָבן ניט געהאַט קיין באַדינגונגען אונטער וועלכע זיי זאָלן געווען קענען פאַר־מירט ווערן אידן.

איידער דאָס אידישע פאָלק אין אלגעמיין האָט געהאַט צייט צו קריגן א באַשטימטע פיזיאָנאָמיע מיט א וועלכן ס׳איז קולטורעלן אינהאַלט, האָבן זיי זיך אָפּגעריסן פון שטאָם, פון דוד׳ס דינאַסטיע, וואָס איז מיט דער צייט גע־וואָרן דער עמבלעם פונם אידישן פאָלק און פונם בית המקדש, וואָס איז מיט דער צייט געוואָרן דער נאַציאָנאַל־רעליגיעזער אידישער צענטער; ירבעם בן נבט האָט פאַר זיי געמאַכט צוויי קעלבער־געטער צענטערן און זיי זיינען גע־ווען צופרידן . . . אמת, ווען די אחאב דינאַסטיע איז אוועק צו ווייט אין דער בעל ריכטונג, זיינען אנטשטאַנען ״נביאים״, יהוה קנאים און האָבן דורכגע־פירט א דינאַסטיע איבערקערעניש, וואָס האָט צוריק איינגעשטעלט דעם יהוה קולט אין שומרון. דאָס האָט אָבער קיין סך ניט געמיינט, עס איז געווען בלויז אַן ענדערונג אין דער פאַרמאַלער זייט פונם קולט: — אנשטאַט צו ברענגען קרבנות צו בעלן, האָט מען זיי געבראַכט אין יהוהס נאָמען. די קעלבער זיי־נען געבליבן.

די צען שבטים האָבן אַ ניט געהאַט קיין קלאָרן גאָט־באַגריף, אַ זיי האָבן ניט פאַרמירט קיין נאַציאָנאַלע טראַדיציע. ווען זיי זיינען פאַרטריבן געוואָרן אין גלות, האָבן זיי ניט געהאַט אין וואָס זיך אָנצוהאַלטן. דערצו האָט

אשור ניט נאָר פאַרטריבן די אידן, ער האָט אויך באַזעצט זייער לאַנד מיט אַן אנדער באַפעלקערונג; אַזוי אַז ווען אפילו די מלכות ישראל אידן וואָלטן געווען חלום׳ען וועגן אומקערן זיך צוריק אהיים, האָבן זיי שוין קיין היים ניט געהאַט וואוהין זיך צו אומקערן . . . און אויסער דעם איז די צייט, פון שומרונס פאַלן, ביז בבלס צוזאַמענברוך, ווען די אידן האָבן זיך געקענט צוריקקערן צוריק אהיים, געווען א צו לאַנגע; אַן ערך 180 יאָר. דאָס איז געווען צו לאַנג פאַר ישראל׳ער אידן צו אָנהאַלטן זייער אידישקייט, ווען זיי האָבן ניט געהאַט וואָס צו אנטהאַלטן. פונדעסטוועגן האָט מען א רעכט צו גלויבן, אַז מיט די צוריקגעקערטע אידן פון בבל זיינען אויך מיטגעגאַנגען ישראל׳ער אידן .

אויף דעם אופן זיינען, מעגלעך, פאַרשוואונדן די ישראל׳ער אידן. אנדערש איז געווען די לאַגע פון גלות בבל. די פאַרטריבענע אידן קיין בבל האָבן מיטגענומען מיט זיך זכרונות פון א פיר הונדערט יאָריקער הערשאַפט פון דוד׳ס דינאַסטיע, וואָס איז פאַרהייליקט געוואָרן דורך לעגענדעס אין גאָטס נאָמען; זיי האָבן מיט זיך מיטגענומען זכרונות פון פיר הונדערט יאָר בית המקדש, וואָס איז געווען א נאַציאָנאַל־רעליגיעזער צענטער אין וועלכן יהוה האָט געהאַט זיין היים און וואו א פיקסירטער ריטואַל, וואָס איז געווען דער אויסדרוק פונם רעליגיעזן לעבן, איז פאַרמירט געוואָרן. זיי האָבן מיט זיך מיטגענומען א נאַציאָנאַל רעליגיעזע ליטעראַטור, וואָס איז באַשטאַנען פון פיר, אויב ניט פון אַלע פינף טיילן פון דער תורה און א גרויסן טייל פון די נביאים, צוזאַמען מיט א לאַנגער געשיכטע, א פאַקטישע און א לעגענדאַרע. דאָס וויכטיקסטע וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגענומען, איז געוויס געווען די ווירקונג פון צוויי הונדערט יאָר נבואה, וואָס איז געוואָרן זייער עטישער פונדאַמענט .

און נאָך דעם אַלעמען דאַרף מען נאָך אַלץ ניט ציען קיין פאַלשן שלוס, אַז די אידן האָבן פאַרן גלות בבל מיט זיך פאַרגעשטעלט אַן אָרגאַניזירטע איינהייט. אויף וויפיל מען איז באַקאַנט מיטן אידישן לעבן פון יענער צייט, ווייס מען, אַז הגם זיי האָבן געהאַט גענוג פּאָטענציעלע גייסטיקע ענערגיע צו קענען צעמענטירט ווערן אין א נאַציאָנאַלער איינהייט, האָבן זיי נאָך אַזאַ איינהייט מיט זיך נישט פאָרגעשטעלט. זיי זיינען באַשטאַנען פון פאַרשיידענע טיילן מיט פאַרשיידענע לעבנס אינטערעסן. זיי האָבן געהאַט א רעגירנדן קלאַס, וועמענס הויפּט זאָרג איז געווען ווי צו צופרידנשטעלן די אימפּעריאַליסטישע מלוכות און וועלט־פאַרניכטער, פון יענער צייט, ווי מצרים, אשור און בבל. זיי האָבן געהאַט א קלעריקאַלן קלאַס מיט א בית המקדש, א "היים" פאַר יהוה׳ן. מען קען אָבער ניט זאָגן, אַז זיי האָבן געהאַט אַן איינהייטלעכן בליק אויף רעליגיע, אָדער אפילו אַן אַלגעמיין אָנגענומענע רעליגיעזע פאָרמע. זיי זיינען נאָך געווען אין דער פאָרמירונגס סטאַדיע. זייערע נביאים האָבן ניט נאָר געטרוימט פון א צייט, ווען מען וועט קענען פאַרווירקלעכן זייערע הויכע איבערמענטשלעכע אידעאַלן, נאָר זיי האָבן געוואָלט, אַז דאָס הייפעלע הילפלאָזע אידן זאָלן זיי אָננעמען טאַקע באַלד, גלייך אויפן אָרט און אויב זיי וועלן ניט פאָלגן, וועט יהוה אָנשיקן אויף זיי אַלערליי אומגליקן . . .
און צו לעצט האָבן זיי געהאַט א רויע מאַסע מענטשן, דאָס אַזוי אָנגערופענע פאָלק, וואָס איז אין זיין מערהייט באַשטאַנען פון א דאָרפישער אגריקולטור־

רעלער באַפּעלקערונג, וועלכע איז, ווי דובנאָוו ווייזט אָן, געווען קעגנעריש געשטימט קעגן וועלכער ס'איז נאַציאָנאַל רעליגיעזער רעסטאַווראַציע, ווייל די דאָזיקע דאָרפס אידן האָבן געוואָלט אָנהאַלטן זייערע לאָקאַלע "במות" וווּ זייערע רעליגיעזע צערעמאָניעס זיינען דורכגעפירט געוואָרן לויט די לאָקאַלע טראַדיציעס און מנהגים מדור דורות.

ווען די אַלע אידן מיט זייערע פאַרשיידענע אינטערעסן זיינען פאַרטריבן געוואָרן אין גלות, איז אין זיי פאָרגעקומען אַן ענדערונג, וואָס האָט ניט געקענט פאָראויסגעזען ווערן: — די היימישע נעגאַטיווע זייטן זיינען אָפּגעשוואַכט געוואָרן און די פּאָזיטיווע זייטן זיינען פאַרשטאַרקט געוואָרן. די קלאַסן טיילונג, מיט באַזונדערע אינטערעסן, איז אָפּגעווישט געוואָרן און אַן איינהייטלעך פאָלק, מיט אַן איינהייטלעכן אינטערעס, איז פאַרמירט געוואָרן. ווי אָט דער ענדערונגס פּראָצעס איז פאַקטיש פאָרגעקומען איז ניט אינגאַנצן באַקאַנט; פון דעם אָבער וואָס מען ווייס פונם אידישן לעבן פאַרן גלות און פון דער טענדענץ וואָס עס האָט אָנגענומען נאָך דעם גלות, ווען מען נעמט דאָס צוזאַמען מיט דעם וואָס מען ווייס וועגן די אידן אין בבל, קען מען פאָרמירן אַן אַלגעמיינעם באַגריף וועגן דעם ענדערונגס פּראָצעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין בבל.

ווען מען טרעט צו צו באַטראַכטן די אידן אין בבל, דאַרף מען אין זינען האָבן, אַז פאַקטיש זיינען פאָרגעקומען צוויי גלות'ן מיט אַ צווישן צייט פון עלף יאָר צווישן זיי. דער ערשטער גלות בבל איז פאָרגעקומען אין 597 פ. קר. ווען דער קעניג יהויכין איז פאַרטריבן געוואָרן מיט צען טויזנט אידן פון ירושלימער אַריסטאָקראַטיע (דובנאָוו), צווישן וועלכע ס'האָט זיך געפונען דער יונגער יחזקאל. די פאַרטריבענע האָבן אויף זיך געקוקט ווי אויף מלחמה געפאַנגענע; זיי האָבן געהאַפט און געשטרעבט צו אומקערן זיך וואָס גיכער צוריק אהיים. זיי האָבן אפילו אינטריגירט, אַז די אידן פון ירושלים זאָלן מאַכן אַן אויפשטאַנד קעגן בבל און אויף דעם אופן זאָלן זיי באַפרייט ווערן פון בבל און זיך צוריק אומקערן אהיים.

דער עלעמענט אידן איז ניט פּסיכאָלאָגיש און ניט פאַקטיש, געווען גענויגט זיך צו אַסימילירן מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג. נבוכדנאצר איז פאַרהעלטעניסמעסיק געווען מילד צו די פאַרטריבענע אידן; ער האָט זיי באַזעצט אין אַ געגנד, וואו זיי האָבן געלעבט אָפּגעזונדערט פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג און האָבן געלעבט זייער אייגענעם קולטורעלן לעבן. יחזקאל דערמאָנט עטלעכע מאָל וועגן עלטסטע פון פאָלק, וועלכע קומען צו אים צו הערן גאָטס וואָרט. דאָס באַווייזט, אַז זיי זיינען געווען פריי און האָבן געקענט קומען צו הערן "גאָטס וואָרט." קיין צופיל נחת האָבן זיי פון אים ניט געהאַט; ער, ווי ירמיהו אין ירושלים, איז געווען קעגן אַ צווייטן אויפשטאַנד און האָט פאָראויסגעזאָגט שוידערלעכע פאַסירונגען. זיין שוידערלעכע נבואה האָט אָבער געקענט פירן צו אַ חשבון הנפש און אונטער דער ווירקונג זאָל מען זיך באַהעפטן מיט יהוה'ן, דעם נאַציאָנאַלן גאָט. זיינע שטראָף־רייד האָבן געקענט וועקן חרטה געפילן אין די הערצער פון פאָלק.

די פייערדיקע שטראָף־רייד פון די נביאים אין אַלגעמיין, וואָס ווען מען נעמט אין באַטראַכט די הילפלאָזע לאַגע פון די אידן, זיינען זיי געווען גרויזאַם, האָבן אָבער דערמיט, וואָס זיי האָבן באַרעכטיקט גאָטס שטראָף, אים

געמאַכט חשוב׳ער אין די אידנס אויגן און זיי האָבן זיך נאָך מער באהעפט צו אים און האָבן געהאָפט אויף זיין חסד. אין דעם, אייגנטלעך, באַשטייט דער ״מיסטישער״ כח פון תשובה־טאָן.

אזוי ווי מיט יחזקאלס נבואה הויבט מען אָן די פאַרמירונג פונם אידנטום און אין דער נבואה איז פאַראַן אן איראַציאָנאַלער שטריך, דאַרפן געמאכט ווערן א פאָר באמערקונגען וועגן אים פערזענלעך.

מען באַגעגנט זיך פון צייט צו צייט מיט א מיינונג, אז יחזקאל האָט געליטן פון עפּילעפּסיע (דאָס פאַליקע). מען באַזירט די מיינונג אויף דעם, וואָס ער שרייבט עטלעכע מאָל, אז ווען ער האָט ״דערזען״ גאָט, אָדער ער האָט דערהערט זיין קול, איז ער געפאַלן מיטן פּנים צו דער ערד און א גייסט איז אין אים אריין . . . דאָס ווערט אויסגעטייטשט, אז ער האָט געקראָגן אַן אָנפאַל פון עפּילעפּסיע און איידער ער האָט פאַרלוירן דעם באַוואוסטזיין, האָט ער דערזען אָדער דערהערט דעם צייכן (אַרא), וואָס עפּילעפּטיקער קריגן געוויינטלעך איידער זיי פאַרלירן זייער באַוואוסטזיין. דאָס איז א טעות, וואָס איז, וואַרשיינלעך, צום ערשטן געמאכט געוואָרן פון איינעם, וואָס איז ניט געווען באַקאַנט מיט טראַנסן פון היסטעריקער (היסטערישער פאַרלוסט פון באַוואוסטזיין, זעלבסט היפּנאָז . . .) יחזקאל׳ס באַשרייבונג איז אַ קלאַסיש בילד פון זעלבסט־היפּנאָז און פון אַן עקסטאַז צושטאַנד, אין וועלכן ער האָט זיך אריינגעבראַכט דערמיט, וואָס ער האָט זיך שטאַרק קאָנצענטרירט אויף דער גאָט אידייע און אויף ״גאָטס וואָרט״, וואָס האָט געקלונגען אין זיינע אויערן (אודיטאַרע האַלוציאָנאַציע . . .) .זיין גאנצע נבואה שטיצט די דאָזיקע מיינונג און זיין ביאָגראַפיע דערקלערט זיין פּסיכישן צושטאַנד (פּראָפעסאָר פינקלשטיין זאָגט, אַז יחזקאל איז אַלט געווען אכצן יאָר ווען ער איז פאַרטריבן געוואָרן אין גלות. דאָס האָט באַשטימט זיין פּסיכישן צושטאַנד.) יחזקאלס פּסיכישער געמיט איז געווען א רעזולטאַט פון צוויי שטאַרקע געפילן, וואָס האָבן אים איבערוועלטיקט: איבערגעבנהייט צו גאָט און מורא פאַר זיין צאָרן. און מורא האָבן האָט ער געוויס געהאט פאַר וואָס: האָט ער דאָך אויף זיינע אייגענעביינער געפילט גאָטס צאָרן. און לויט דער אידישער לאַגע פון זיין צייט, האָט ער געהאט גענוג אורזאַך זיך נאָך מער צו שרעקן פאַר דעם צאָרן. אזוי ווי ער איז געווען א היסטעריקער, א טרוימער און האָט געהאט האַלוציאַנאַציעס, האָט ער ״געזען״ שווידערלעכע בילדער, וואָס נאָר אזא קראַנקע פאַנטאַזיע האָט זיך געקענט פאָרשטעלן.

דאָס דערקלערט די חזיונות פונם ערשטן טייל פון זיין נבואה; איצט דערקלערט מען זיי פּסיכאָלאָגיש. אָבער אין זיין צייט האָבן זיי געהאט א פּאָזיטיווע ווירקונג אויף די אידן: — זיי האָבן דערקלערט גאָטס האַנדלונגען און דערמיט האָבן זיי דערהויבן זיין חשיבות און האָבן אים אויך אוניווערסאַלירט, אז ער איז ניט נאָר א טעריטאָריאַלער גאָט פון ארץ ישראל נאָר ער איז אויך גאָט אין בבל . . .

ביז זיין צייט זיינען די געטער געווען טעריטאָריאַלע, אָדער נאַציאָנאַלע און די אָנגעהעריקייט צו אַ באַשטימטן גאָט האָט באַשטימט די נאַציאָנאַליטעט. ווען איין פאָלק איז באַזיגט געוואָרן פון אַ צווייטן פאָלק, איז זיין גאָט באַזיגט געוואָרן פונם באַטרעפענדן גאָט פונם זיגרייכן פאָלק. אפילו אין יהודה באַמערקט זיך אַזאַ טענדענץ פון צייט צו צייט: אחז און מנשה האָבן, אַלס

וואסאלן, אָנגענומען די רעליגיע פון די סאַוועדענע הערשער. פּראָפעסאָר פינקלשטיין נעמט אָן, אז יחזקאל׳ס ״זעאונג״ ווי אין בית המקדש דינען פרויען צו טאממעסן, א באשטימטן גאָט פון בבל, איז ניט געווען קיין פאנטאזיע, נאָר אז יחזקאל האָט עס, ווארשיינלעך, געזען מיט זיינע אויגן, ווען זיין פאָטער האָט אים מיטגענומען אין בית המקדש, ווען ער איז געווען יונג . . .

אזוי זיינען פעלקער אונטערגעגאנגען; ווען אָבער די נביאים האָבן געראָטעוועט יהוה׳ן פון אונטערגאַנג, האָבן זיי אויך געראָטעוועט דאָס אידישע פאָלק פון אונטערגאנג. יהוה׳ן האָבן זיי געראטעוועט דורך דעם, וואָס זיי האָבן אים טראנספאָרמירט פון אַ נאַציאָנאלן גאָט אין אן אוניווערסאלן עטישן גאָט, וואָס האָט באַשאַפן די וועלט און וואָס רעגירט איבער איר און אז עס איז איבערהויפּט ניטאָ קיין אנדער גאָט אויסער אים . . . זיי האָבן דערהויבן גאָט מיט זייערע פייערדיקע שטראָף רייד קעגן די אידן פאר זייערע ״גרויסע זינד״ און זיי האָבן די אידן פאָראויסגעזאָגט א זייער פינצטערן סוף.

דאָס האָט באַרעכטיקט גאָטס האַנדלונג אין די אויגן פון די אידן און האָט פארשטאַרקט זיין חשיבות; עס האָט געמיינט, אז ער איז ניט באַזיגט געוואָרן פון קיין שטאַרקערן גאָט, נאָר פארקערט, אזוי ווי זיי זיינען געווען זייער זינדיק, האָט ער אויף זיי אָנגעשיקט אשורן, וועלכער איז געווען ״די רוט פון זיין צאָרן״ און נבוכדנאצר׳ן, ״זיין קנעכט.״ שפּעטער אָבער, נאָך דעם, ווען זיי זיינען אָפּגעקומען פאר זייערע זינד, האָט ער זיי אויסגעלייזט דורך כורשן, וואָס איך האלט זיין רעכטע האנט צו מאכן אונטערטעניק פאר אים פעלקער. אזוי איז יהוה געבליבן גערעכט .

ווען ירמיהוס און יחזקאלס נביאות זיינען מקוים געוואָרן: — ירושלים איז געפאלן, דער בית המקדש איז פארברענט געוואָרן און יהודה איז פאר־טריבן געוואָרן קיין בבל, איז דאָס אלץ געווען א באַוויז, אַז די נביאים זיי־נען געווען גערעכט, אז גאָטס שטראָף איז געווען א גערעכטע און איצט, אויב מען וויל אויסגעלייזט ווערן פון גלות, דאַרף מען זיך אומקערן צו גאָט מיטן גאנצן הארצן און מען דאַרף גיין אין זיינע וועגן. און אָט דעם צוריקקער צו יהוה׳ן האָבן יחזקאל און נאָך אים ישעיה דער צווייטער, א סך ארויסגעהאָלפן. ווארשיינלעך זיינען זיי ניט געווען די איינציקע אין דער, וואָס דובנאָוו רופט אָן, באַנייאונגס ארבעט.

דובנאָוו זאָגט: ״ניט אין דער צושטערטער פון נבוכדנאצרן יהודה, וואו ס׳איז מערסטנטיילס איבערגעבליבן בלויז די אָרעמע דאָרף־באַפעלקערונג, נאָר אין לאַנד פון גלות — אין בבל, וואו ס׳האָט זיך געפונען די גייסטיקע און געבורט אריסטאָקראטיע פון פאָלק, — דאָרטן איז פאָרגעקומען יענער פּראָ־צעס פון גייסטיקער באַנייאונג, וועלכער האָט געראָטעוועט די נאַציע, נאָכן אונטערגאנג פון דער מלוכה. אָפּגעריסן פון זייער היימלאַנד און פונדעסט־וועגן פארבונדן מיט געמיינזאמע געפילן, גלויבונגען, מנהגים און האָפענונ־גען אויף דער צוקונפט, האָבן די יהודישע עמיגראַנטן צום ערשטן מאָל באַ־נומען די טיפע אידייע פון זייערע נביאים, אז דער הויפּט־כוח פון דער נאַציע ליגט ניט אין וואָפן, און ניט אין דער מלוכה און אפילו נישט אין דער טערי־טאָריע, נאָר אין גייסטיקער איינקייט. זיי האָבן געלעבט אויף די ברעגעס פון טייך פרת, ווי א פעסט־בונויפגעבונדענע משפחה, נישט צונויפמישנדיק זיך מיט די לאנד תושבים און אָפּהיטנדיק פאנאטיש זייער אייגנאַרטיקע קולטור.

אין דער פרעמד איז פארשאפט געוואָרן דער אינסטינקט פון נאציאָנאַלער זעלבסט דערהאַלטונג, און צווישן די געפאנגענע פון בבל האָט געהערשט א סך א גרעסערע אחדות, איידער פריער צווישן די איינוואוינער פון ירושלים. די גייסטיקע שאפונגס־קוואלן זיינען ניט נאָר ניט פארשטאָפּט געוואָרן, נאָר אדרבא, זיי זיינען פארשטאַרקט געוואָרן אין גלות. די געמיינדע אויטאָנאָמיע האָט פארביטן די געוועזענע מלוכהשע זעלבסטשטענדיקייט און די משפחה־עלטסטע האָבן פארנומען דעם ארט פון די פריערדיקע באאמטע. אין זעלבן גייסט האָט זיך אויך געמוזט ענדערן די רעליגיעזע אָרדענונג. אז ירושלים איז צושטערט געוואָרן און דער בית המקדש איז פארברענט געוואָרן, איז דער אָפיציעלער בית המקדש קולט מיטן צערעמאָניאל און קרבנות אָפּגעשאפט גע־וואָרן אפילו אין יהודה. ווער שמועסט שוין אין דער פרעמד האָט גאָר קיינער ניט געקענט טראכטן וועגן ברענגען צו יהוה קרבנות פון פי אָדער פון ערד־פרוכטן, וועלכע זיינען ניט אויפגעוואקסן אויפן באָדן פון כנען.

דער קולט פון די דריי גרויסע יום טובים: — פון תבואה־צייטיקייט, פון שניט און פון אראָפּנעמען די ווינטרויבן — איז געווען איינג פארבונדן מיטן לאַנדווירטשאפטלעכן לעבנס־שטייגער פון יהודה, און מחוץ פון אירע גרענעצן האָט ער פארלוירן זיין הויפּט באדייטונג. און אָט האָבן ביי די גע־פאנגענע דאָס אָרט פון די קרבנות פארנומען תפלה־פארזאמלונגען, און די פייערלעכע יאָר יום טובים האָבן באקומען א ריין היסטאָרישע באדייטונג, זיי זיינען פארוואנדלט געוואָרן אין געדענק־טעג פון גרויסע געשעענישן: פון יציאת מצרים און פון די וואנדערונגען אין מדבר. א באזונדער וויכטיקע באַ־דייטונג האָט באַקומען דער באַשיידענער וואָכן יום טוב שבת, ער איז געוואָרן א ״הייליקער טאָג״, דער נאַציאָנאַלער יום טוב. די רעליגיעזע פארזאמלונגען, וועלכע זיינען געוויינטלעך איינגעאָרדענט געוואָרן אין שבתים, פלעגן אויס־געפילט ווערן מיט תפלה, מיט לייענען די הייליקע ספרים און מיט הערן נביאישע פריידיקן. די מתפללים פלעגן זיך ווענדן מיטן פנים צו מערב, אין דער זייט פון ירושלים, ווי זיי וואָלטן אין גייסט זיך אריבערטראָגן צום צו־שטערטן בית המקדש״ (זע ״די וועלט געשיכטע פון אידישן פאָלק״ באַנד 1 זז. 327, 320).

אזוי באַשרייבט דובנאָוו דעם נאַציאָנאַליזירונגס פּראָצעס אין בבל און גרעץ זאָגט ״זיי (די בעסערע עלעמענטן פון פאָלק) זיינען געווען דער גרונט, אויף וועלכן עס האָט ענדלעך געמוזט זיך אויפבויען די אידישע צו־קונפט. זיי האָבן מיט זיך אין גלות געבראַכט זייער צווייטנס פאָטער־לאַנד— זייערע גייסטיקע קולטורעלע אוצרות, די רייכסטע זאַמלונג פון די הייליקע שעפּפונגען פון דעם אידישן גייסט. צווישן די דאָזיקע פארטריבענע האָבן זיך איינגעפונען די כהנים פון צדוקס הויזגעזינד, וועלכער האָט זיך אין פארלויף פון זיין פילהונדערט יאָריקן עקזיסטענץ קיינמאָל ניט פארשמוצט מיט דער שענדלעכער געצינדינערייִ. אָט די דאָזיקע כהנים האָבן מיט זיך מיטגענומען אין גלות דעם חומש, וועלכער האָט זיי געוויזן דעם וועג צו א הייליקן לעבן, צו וואָס זיי האָבן אליין געשטרעבט און אנדערע געלערנט צו שטרעבן.

ווייטער האָבן זיך צווישן זיי געפונען די לויים, די פארפאסער און דיכטער פון תהלים, וועלכע האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט אין גלות זאַמלונגען פון לויב מזמורים און תפלות״ (זע אידישע געשיכטע באנד 2 ז. 5 וואַרשעווער

אויפלאַגע).

ווען מען לייענט וואָס די צוויי היסטאָריקער זאָגן וועגן דער ענדע־רונג, וואָס איז פאָרגעקומען מיט די אידן אין גלות בבל, ווי זיי האָבן מיט אַמאָל זיך אָפּגעזאָגט פון זייער פאַרגאַנגענהייט און האָבן אָנגעהויבן צו גיין אויף א נייעם וועג, קריגט מען דעם איינדרוק, אז א נס זאָל האָבן געשעען מיט זיי אין בבל . . . אין דער ווירקלעכקייט איז די ענדערונג געווען א נאַטיר־לעכע, זי איז צוגעגרייט געוואָרן פון דער פונדאַמענטאַלער טענדענץ, וואָס דער אידישער דענקען האָט אָנגענומען אין משך פון דער געשיכטע ביזן גלות בבל. אין בבל האָבן נאָר די געענדערטע באַדינגונגען ארויסגעבראַכט מכוח אל הפועל דאָס, וואָס פּאָקטיש איז עס געווען צוגעגרייט פון פריער. פאַר־שטייט זיך, אז ס׳מיינט, אז אין בבל זיינען געווען באַדינגונגען, וואָס האָבן געמאַכט מעגלעך, אז דער ענדערונגס פּראָצעס זאָל פאָרקומען.

עס זעט אויס, אז א זייער וויכטיקער פאַקטאָר, אז אזא ענדערונגס פּראָ־צעס זאָל קענען פאָרקומען, איז געווען דאָס וואָס ס׳זיינען געווען צוויי גלותן קיין בבל מיט א צווישן צייט פון עלף יאָר צווישן זיי. אין דעם ערשטן גלות זיינען פאַרטריבן געוואָרן א גרויסער טייל פון דער גייסטיקער אריסטאָקראָ־טיע, וואָס האָט אויף זיך געקוקט ווי אויף צייטווייליקע מלחמה געפאַנגענע, וואָס האָט אָנגעהאַלטן א קולטורעלן לעבן און האָט דערמיט צוגעגרייט דעם באָדן פאַר די שפּעטער געקומענע. יחזקאל דערמאָנט פאַרזאַמלונגען פון די פירער, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין זיין הויז וואוהין די פירער זיינען געקומען צו הערן ״גאָטס וואָרט.״ די פאַרזאַמלונגען האָבן געקענט זיין די תפלה פלע־צער, וועגן וועלכע דובנאָוו רעדט.

בעטן צו גאָט און אים לויבן, איז ניט געווען קיין נייעס; אין בבל האָבן די תפלות אָנגענומען אַן אינטעסיווערן כאראַקטער; זיי האָבן געקענט באַשטיין פון א מין חשבון הנפש און זיי האָבן אין א געוויסן זין צייטווייליק פאַרביטן דעם קרבנות קולט.

ווען דער בית המקדש איז צעשטערט געוואָרן און די אידן זיינען פאַר־טריבן געוואָרן קיין בבל, זיינען זיי שוין געקומען אין א פאַרטיקער אטמאָס־פערע, און אזוי ווי נבוכדנאצר האָט זיי אָפּגעגעבן א באַשטימטן פּלאַץ, און האָט זיי געלאָזט לעבן זייער אייגענעם פרייעם לעבן, האָבן זיי אָנגעהאַלטן זייער לעבן לויט זייער אייגענעם אייגנאַרטיקן שטייגער .

ווען דער טרויעריקער טייל פון ירמיהו׳ס און יחזקאל׳ס נבואה איז מקוים געוואָרן האָבן די אידן געהאַט א רעכט צו גלויבן, אז די נבואה וועגן דער אויסלייזונג וועט אויך מקוים ווערן. דער דאָזיקער גלויבן און די האָפע־נונג, האָט זיי געגעבן מוט און ענערגיע זיך צו אָרגאַניזירן און צוזאַמענקלייבן די נאַציאָנאַלע אוצרות און אויסארבעטן א שטייגער פאַרן ווייטערדיקן לעבן.

יחזקאל איז צו מיסטיש לויט זיין אינהאַלט און צו סימבאָליש לויט זיין פאָרמע, אז מען זאָל פון אים קענען ציען אַלגעמיינע שלוסן. פונדעסט־וועגן רייסן זיך אפילו ביי אים ארויס ״זעאונגען״ וואָס צייגן אויף די ענדערונ־גען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין זיין דענקען נאָכן חורבן. ער זאָגט אין גאָטס נאָמען ״דרום זאָג נביאות איבער דער ערד פון ישראל, און, זאָלסט זאָגן צו די בערג און צו די טייכן, צו גראָבנס און צו טאָלן, אזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר: זע, אין מיין כעס און אין מיין גרימצאָרן האָב איך גערעדט, ווייל די

שאַנד פון די פעלקער האָט איר געטראָגן. דרום האָט גאָט דער האַר אזוי געזאָגט: איך הויב אויף מיין האנט (איך שווער) אויב די פעלקער פון רונד ארום אייך, זיי גופא וועלן ניט טראָגן זייער שאַנד און איר, בערג פון ישראל, וועט געבן אייערע צווייגן, און טראָגן אייער פרוכט, פאר מיין פאָלק ישראל, וואָרעם זיי זיינען נאָענט צו קומען, וואָרעם אָט קום איך צו אייך, און איך וועל זיך קערן צו אייך, און איר וועט באארבעט ווערן, און איך וועל מערן אויף אייך מענטשן, דאָס גאנצע הויז פון ישראל אין גאנצן; און שטעט וועלן באַזעצט ווערן, און חורבות וועלן אויפגעבויט ווערן און איך וועל מערן אויף אייך מענטשן און בהמות, און זיי וועלן זיך מערן און פרוכפּערן, און איך וועל אייך באזעצן, ווי אין פריערדיקע צייטן, און וועל אייך באגיטעקן מער ווי אין אייער אָנהויב, און איר וועט וויסן אז איך בין יהוה."

ווי מען קען זען האָט אפילו דער פארנעפּעלטער יחזקאל, אויף זיין טונקעלן שטייגער, געגעבן די אידן מוט און האָפענונג נאָכן חורבן. פונם נביא־פּאָעט, ישעיה דעם צווייטן, וואָס האָט געלעבט אין כורש'ס צייט, איז דאָך אָפּ־גערעדט: — זיין פאנטאַזיע האָט ניט געוואוסט פון קיינע גרענעצן. ער האָט די אידן פאָראויסגעזאָגט אזא גלענצענדע צוקונפט, אז יעדעס אידיש האַרץ איז געוויס אָנגעפילט געוואָרן מיט פרייד און מיט האָפענונג. אין אָט דער אַטמאָספערע, וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט האָפענונג און דערוואַרטונג, איז געווען לייכט צו שאפן און צו שמידן דעם גורל פון דעם אידיש ווייטער־דיקן לעבן: — בבל איז געווען דער קאלך־אויוועז, אין וועלכן דער רויער ארץ ישראל מאַטעריאל איז פארוואנדלט געוואָרן אין א גייסטיקן נאציאָנאלן בנין . . .

פּראָפעסאָר פינקלשטיין זאָגט "ווען מען באַטראַכט דעם גלות בבל ריכטיק, איז ער ניט בלויז געווען עפּאָכע־מאַכענד פאר דער געשיכטע פון די אידן, נאָר ער איז געווען עפּאָכע־מאכנד פאר דער ציוויליזאציע אין אל־געמיין. עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע, וואָס א גרויסע געזעלשאפטלעכע גרופּע האָט אָפּגעטיילט די פארבינדונג מיט גאָט פון דער פארבינדונג מיט פאָטער־לאַנד . . . דערמיט האָבן זיי עטאַבלירט דעם פּרינ־ציפּ, אז גאָט האָט ניט קיין ספּעציעלע היים אויף דער ערד, נאָר אז אלע פעלקער און אלע לענדער זיינען פאר אים גלייך." (זע "פאַריסעעס" ב. 2 ז. 443).

פאר א מאָדערנעם מענטשן איז שווער צו פאַרשטיין די פאָלשטענדיקע באַדייטונג פונם ציטירטן; דארף מען אָבער ניט פארגעסן דאָס, וואָס איז שוין אזויפיל מאָל ווידערהאָלט געוואָרן אין דער אָפּהאנדלונג, אז אויפן נאָענטן מזרח זיינען די געטער, פיגוראטיוו גערעדט, ארויסגעוואקסן פון דער ערד (נאַטור געטער) און זיינען מיט איר געבליבן פארבונדן. פון די נאַטור געטער זיינען ארויסגעוואקסן טעריטאָריעלע געטער, וואָס זיינען געוואָרן מלוכה געטער: — די פארבינדונג צווישן דעם פאָלק אין זיין גאָט איז געווען, אזוי צו זאָגן, א רוימלעכע. די אידן זיינען אין דעם ניט געווען קיין אויסנאַם; יהוה איז געווען דער גאָט פון ארץ־ישראל.

ווען אָבער די אידן זיינען פארטריבן געוואָרן קיין בבל, האָט זיך זייער פארבינדונג מיט גאָט געענדערט; זי איז געוואָרן אן עקסטעריטאָריאלע און א פּערזענלעכע פון יעדן אידן צו זיין גאָט. אמת ירמיהו האָט זיך שוין גע־

פונען אין א פערזענלעכער שייכות מיט גאָט, דאָס איז אָבער געווען אן אויס־נאַם. יחזקאל ווידערהאָלט דאָס, וואָס ירמיהו האָט געזאָגט, ער זאָגט עס אָבער אויף אן אנדער אופן. ער זאָגט: "און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אזוי צו זאָגן: וואָס איז מיט אייך וואָס איר זאָגט דאָס ווערטל אין לאנד, אזוי צו זאָגן; די פאָטערס האָבן געגעסן זויערע ווינטרויבן און די ציין פון די קינדער זיינען האַיליק. אזוי ווי איך לעב, זאָגט גאָט דער האר, אויב מען וועט מער ביי אייך זאָגן דאָס דאָזיקע ווערטל אין ישראל. זעט אלע נפשות זיינען מיינע, דער נפש פון דעם פאָטער, אזוי ווי דער נפש פון דעם זון, איז מיינער. דער וואָס וועט זינדיקן, דער זאָל שטאַרבן."

גאָט האָט אָנגעהויבן פירן זיינע חשבונות מיטן יחיד. ניט ווי אן אויס־נאַם, נאָר ווי א כלל. די נייע לעבנס באַדינגונגען פון די אידן, האָבן געפאָדערט צו האָבן א נייע שייכות מיט גאָט. אזוי ווי ניט דורך דעם לאנד, פון וועלכן זיי זיינען פארטריבן געוואָרן און ניט דורך דעם בית מקדש, וואָס איז צעשטערט געוואָרן, האָבן די אידן געקענט אָנהאַלטן זייער קאָנטאַקט מיט גאָט, האָבן זיי אים אָנגעהאַלטן דורך זיין תורה, וואָס איז אויך געוואָרן א היסטאָרישע פאר־בינדונג.

מען נעמט אָן, אז אויסער פיליכט דעם ספר ויקרא, איז דער מאַ־טעריאל פון דער תורה פון די אידן געבראַכט געוואָרן א פארטיקער קיין בבל. אויסער דער תורה האָבן זיי געבראַכט די נביאים און געוויס אויך אנ־דערע ספרים, ווי רעקאָרדן פון געשיכטע, וואָס ווערן דערמאָנט אין תנ"ך און וואָס זיינען שפּעטער פארלוירן געגאַנגען. אז טיילן פון דער תורה האָבן אויך פריער געשפּילט א וויכטיקע ראָלע, קען מען זען פונם רושם, וואָס דער געפונענער בוך (דברים?) האָט געמאַכט אין יאשיהוס צייט; ער האָט ממש פאר־אורזאַכט א רעוואָלוציע אין לאנד. פונדעסטוועגן וועט ניט זיין איבערטריבן, ווען מען וועט אָננעמען, אז דער וויכטיקסטער אויפטו פון גלות בבל איז באַ־שטאַנען אין צוזאמענשטעלן די תורה און זי פּראָקלאַמירן פאר דער קאָנסטי־טוציע, וואָס גאָט האָט געגעבן די אידן. די תורה האָט ביי די אידן אין בבל פאַרנומען דעם פּלאַץ פון ארץ ישראל מיטן בית המקדש. זי איז געוואָרן דער צענטראַלער אינטערעס פונם אידישן לעבן: — פארן גלות איז די פארבינ־דונג פון די אידן מיט גאָט געווען א גשמיות'דיקע (טעריטאָריע), אין גלות איז זי געוואָרן א רוחניות'דיקע (די תורה). ווי די דאָזיקע ענדערונג איז פאָר־געקומען אין בבל ווייס מען ניט, מען ווייס אויך ניט אויף וויפיל די ערשטע צוריקגעקומענע קיין ארץ ישראל האָבן געהאַט די נייע באַגריפן, וואָס האָבן פאַראייניקט די אידעאלן פון די נביאים, דעם געזעץ און ריטואל פון דער תורה, וואָס זיינען מיט דער צייט געוואָרן דער אידישער שטייגער לעבן.

מען ווייס אומגעפער ווען די תורה איז געוואָרן די אידישע קאָנסטי־טוציע, מען ווייס אָבער ניט ווען אירע פארשיידענע טיילן זיינען געשאַפן גע־וואָרן. געוויס זיינען זיי א סך עלטער אפילו פון דער צייט ווען זיי זיינען פארשריבן געוואָרן; מען ווייס אויך ניט וואָסער טייל אין איר איז היסטאָריע און וועלכער טייל איז ניט מער ווי לעגענדע.

מיט א פּאָר דורות צוריק איז מען געווען גענויגט צו אָננעמען, אז די תורה באַשטייט פון גאָלע לעגענדעס; עס האָט זיך אפילו געפונען א פּאָר־שער (מאורוס ווערניי), וואָס האָט זיך אונטערגענומען צו באַווייזן, אז זי איז

גאָר אויסגעטראכט געוואָרן פון עטלעכע מענטשן נאָכן גלות בבל. איצט איז מען גענויגט צו אָננעמען די צווייטע עקסטרעמע מיינונג, אז כמעט אלץ וואָס ס'געפינט זיך אין איר ענטהאלט אין זיך א היסטאָרישן פאקט. מען נעמט, צום ביישפיל אָן, אז אמרפל מלך שנער, איז אממוראבי און דאָס זאָל מיינען, אז אויך אברהם איז א היסטאָרישע פערזאָן. מעגלעך, אז די עקסטרעמע מיינונג איז א סך נאָענטער צום אמת פון דער פריעריקער מיינונג: — האָט מען דאָך אויסגעפונען אין דער לעצטער צייט, אז א סך גריכישע לעגענדעס ענטהאלטן א היסטאָרישן אמת, איז פארוואָס זאָל דאָס ניט זיין מעגלעך מיט אידישע לעגענדעס?

ווען מען טרעט צו צו דער תורה מיט דער הילף פון ביבל קריטיקער, ווי וועלהויזן, ראָבערטסאָן סמיט, דרייווער, דזשיימס ראָבערטסאָן, וו. פ. אָלברייט, פאוויס סמיט, דוד ניימארק און אז. וו. געפינט מען אויס, אז מען ווייס ווייניקער, ווי ווען מען פארלאָזט זיך אויף זיך אליין און מען ציט דירעקטע שלוסן פון דער תורה . . . אלע פאָרשער זיינען אָבער איינשטימיק, אז די תורה איז ניט קיין איינהייטלעכע שאפונג, אז זי איז א פראָדוקט פונם אידישן לעבן און פון אידישע באגריפן. דאָס מיינט אייגנטלעך, אז זי האָט ניט קיין אָנהויב אינם קאָנקרעטן זין פון וואָרט. ניט נאָר ווייס מען ניט פון קיין אָנהויב, מען ווייס אפילו ניט ווען די טיילן, וואָס זיינען פריער איבערגעגעבן געוואָרן מינדלעך, זיינען פארשריבן געוואָרן. לויט וועלהויזן און ראָב. סמיט'ן האָבן די אידן ניט געקענט שרייבן ביז דעם ניינטן יאָרהונדערט פ. קר. דזשיימס ראָבערטסאָן איז ניט איינפארשטאַנען מיט דער מיינונג, ער קען זי ניט אָננעמען דערפאר, וואָס די כנענים האָבן געקענט שרייבן מיט הונדערטער יאָרן פריער און בבל און מצרים האָבן נאָך געהאט א סך עלטערע ציוויליזאציעס. די אידן זיינען געווען זייערע שכנים און האָבן פון זיי געוויס געלערנט. און בארטעלעט זאָגט: "לויט סעטן איז דער כנענישער אלף־בית געבראכט געוואָרן פון די היקסעס קיין פאלעסטינע אינם אָנהויב פון 16טן יאָרהונדערט פ. קר. (דאָרט 96). די פראגע איז אן אָפענע.

די קאָדעקסן, דער ריטואל און דער באגריף וועגן דעם ברית יהוה, נעמט מען אָן, זיינען זייער אַלט און זיי זיינען שוין פסיכיש געווען א טייל פונם אידישן דענקען פאר בבל; עס מיינט, אז ניט נאָר זיינען די שריפטן געבראַכט געוואָרן קיין בבל, נאָר אויך די פסיכישע באציאונג צו זיי איז געבראַכט געוואָרן. געהייליקט איז אָבער די תורה ערשט געוואָרן אין בבל און דאָס איז געווען א רעזולטאט פונם גלות: — די אידן האָבן פארלוירן זייער היים און דעם בית המקדש, האָט די תורה פארנומען זייער פלאַץ.

דובנאָוו איז פריער ציטירט געוואָרן ווי ער ווייזט אָן אויף דער ענדערונג אין דער אָריענטאציע, וואָס איז פאָרגעקומען ביי די אידן אין בבל, ווי אַזוי היסטאָרישע דערקלערונגען וועגן דער באדייטונג פון יום טובים האָבן פארנומען דעם פלאַץ פון נאַטור סיבות און ווי אזוי דער שבת איז געוואָרן א זייער וויכטיקער טאָג א דאנק די וועכענטלעכע אסיפות, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן כדי צו תפלה טאָן און צו הערן גאָטס וואָרט. דובנאָוו ווייזט נאָר אָן אויפן פאקט, ער דערקלערט אים אָבער ניט. פראָפעסאר באראָן, אין זיין סאָציאלער און רעליגיעזער געשיכטע פון די אידן, באנוגענט זיך מיט א מיסטישן זאָץ, אז געשיכטע האָט ביי זיי פארנומען דעם פלאַץ פון נאטור.

מען קריגט דעם איינדרוק אז ס'איז עפּעס אויסערגעוויינטלעכעס פאָרגעקומען; אין דער ווירקלעכקייט איז אין דער ענדערונג נישט איינגעוויקלט קיין שום מיסטעריע; פאַקטיש איז די ענדערונג געווען א לאָגיש נאַטירלעכע: — ווען די תורה האָט פארנומען דעם פּלאַץ פונם לאַנד און פון דעם בית המקדש (צייטווייליק), האָט געשיכטע פארנומען דעם פּלאַץ פון נאַטור פּראָצעסן. מען דאַרף אָבער ניט פארגעסן, אז פאר די אידן זיינען די פּאַסירונגען פון דער תורה ניט געווען גלאַט קיין געשיכטע, נאָר פון גאָט געמאַכטע געשיכטע פאר זיין פאָלק, מיט וועמען ער האָט געמאכט א בונד לויט וועלכן ער האָט דאָס אַלץ געדארפט דורכפירן . . . דאָס מיינט, אז די געשיכטלעכע פּאַסירונגען זיינען באַשטאַנען פון ניסים, וואָס דארפן פארהייליקט ווערן דורך פייערונ־גען. דאָס, האָט מען א רעכט צו גלויבן, איז געווען די פּסיכאָלאָגישע זייט פון די געענדערטע יום טובים.

דאָ איז דער פּאַסענדער אָרט, וואו מען וואָלט זיך געדארפט אָפּשטעלן אויף משהן, אויף דער ראָלע, וואָס ער שפּילט אין דער תורה און אין דער אידישער געשיכטע. א סך, זייער א סך, היסטאָריקער באַטראַכטן משהן פאר א היסטאָרישער פּערזאָן; זיי האַלטן, אז אַלץ, וואָס איז פארבונדן מיט זיין טע־טיקייט, איז אזוי פּערזענלעך ביאָגראַפיש, אז לויט דער טעאָריע פון וואָר־שיינלעכקייט איז מען ממש געצוואונגען צו אָננעמען, אז דאָ האָט מען צו טאָן מיט א היסטאָרישער פּערזענלעכקייט. זאָגט דער זייער גרויסער געלערנטער און זייער ערנסטער פאָרשער, וו. פ. אָלברייט: "מיר נעמען אָן, אז קאָנפוציע איז געווען א היסטאָרישע פּערזענלעכקייט, וואָס האָט געלעבט אין א באַשטימ־טער צייט, כאָטש מיר האָבן ניט קיין דירעקטע באַווייזן וועגן זיין לעבן און טעטיקייט, ווייל אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט קאָנפוציאָניזם איז פּערזענלעך ביאָגראַפיש; מיר נעמען אָן, אז בודא איז געווען א מענטש, וואָס האָט גע־לעבט אין א באַשטימטער צייט, ווייל די היסטאָריע פון בודיזם איז ביאָגראַ־פיש און דאָס טוען מיר טראָץ דעם, וואָס מיר האָבן נישט קיין שום דירעקטע באַווייזן, אז אזא מענטש האָט ווירקלעך געלעבט. אויף דעם זעלבן סמך זיינען מיר ממש געצוואונגען צו באַשטימען, אז משה איז געווען א היסטאָרישע פּערזענלעכקייט, וואָס האָט געלעבט אין א באַשטימטער צייט: — אַלץ, וואָס עס געפינט זיך אין דער תורה איז אויף אזויפיל פארבונדן מיט משהן בי־אָגראַפיש, אז ס'איז אוממעגלעך צו אָננעמען, אז דאָס אַלץ איז לעגענדע . . ."

אנדערע היסטאָריקער, ווי פּראָפעסאָר יהודה און וו. אויסטערלי, צום ביישפּיל, גייען גאָך ווייטער פון אָלברייטן; זיי נעמען כמעט אָן דעם טראַדי־ציאָנאַלן שטאַנדפּונקט און נעמען משהן פארן אויסגאַנגס פּונקט. אויף אזויפיל האַלטן זיי אים פאר א היסטאָרישער פּערזאָן .

אַלע ארגומענטן, אז משה איז געווען א היסטאָרישע פּערזאָן און אז אַלץ וואָס איז פארבונדן מיט זיין פּערזאָן דארף גענומען ווערן פאר א היס־טאָרישן פאַקט, זיינען אזוי שטאַרק, אז ס'איז שווער זיי צו באַשטרייטן און זיי דארפן אויך ניט באַשטריטן ווערן. עס דאַרף אָבער געזאָגט ווערן, אז אזוי לאַנג ווי מען האָט ניט קיין אנדערע באַווייזן, ווי ארגומענטן מיינט עס פּאַק־טיש, אז די פראגע דארף בלייבן אָן אָפענע און מען דארףווארטן אויף באַ־ווייזן .

וועגן די ערשטע גואלים, די צוריקגעקערטע קיין ארץ ישראל פון

בבל, איז פאַקטיש ניטאָ וואָס צו זאָגן; די דריי נביאים, חגי, זכריה און מלאכי, זיינען אַזוי בלאָס און קאַלירלאָז, ווי דאָס אידישע לעבן פון זייער צייט איז געווען אין ארץ ישראל. נאָך ארום אכציק יאָר שפּעטער, ווען דער בית שני איז שוין געווען אַלט זעכציק יאָר, האָט עזרא הסופר געבראַכט די תורה פון בבל קיין ארץ ישראל (זע דובנאָוו "אַלגעמיינע אידישע געשיכטע" באַנד 1 ז. 368). צי ער האָט זי צוזאַמענגעשטעלט, צי עמיצער האָט עס געטאָן אונטער זיין אויפזיכט, צי ער האָט אפילו געהאַט אינגאַנצן די תורה, ווייס מען ניט (דאָ דאַרף געמאַכט ווערן אַ באַמערקונג, אַז לויט אַלברייטן איז עזרא געקומען קיין ארץ ישראל אַ סך שפּעטער; ער איז געקומען אַ סך שפּעטער פון נחמיהן. עס איז אויך פאַראַן אַ מיינונג אַז ער איז אינגאַנצן אַ לעגענדאַרעשע פּערזאָן).

דובנאָוו זאָגט אין דער פאַרבינדונג, אַז דער טערמין סופר שטאַמט פון בבל; סופרים זיינען אָנגערופן געוואָרן די גייסטלעכע פון בבל־טעמפּ־לען, וועמענס פונקציע עס איז געווען צו אָנשרייבן און איבערשרייבן תפלות. דאָס מיינט, אַז די אידן האָבן די סופר פּראָפעסיע איבערגענומען פון בבל און דערפאַר האָט מען פאַר זיך עזרא הסופר.

עזרא, וואָס איז געבאָרן געוואָרן און דערצויגן געוואָרן אין בבל, האָט אויסגעפונען וועגן דעם נידעריקן רעליגיעזן מצב פון די אידן אין ארץ ישראל, איז אום צו ראַטעווען זיי פון ווייטערדיקן זינקען און דערהויבן זייער רעלי־גיעז קולטורעלן מצב, האָט ער געשאַפן אַ באַוועגונג פאַרן צוריקקער קיין ארץ ישראל און דאָרט לערנען די אידן ווי צו גיין אין גאָטס וועגן.

פון דעם אָפיציעלן בריוו, וואָס דער פּערזישער קעניג, אַרטקסערסעס, האָט אים געגעבן (מען נעמט דעם בריוו אָן פאַר אויטענטיש) און די ברייטע רעכט, וואָס ער האָט אים געגעבן, זעט מען, אַז עזרא איז ניט געווען קיין אבי וועך. דער קעניג שרייבט אין זיין בריוו "פון אַרתחשסתא, דער מלך איבער מלכים צו עזרא הכהן, דער לערער פון דער תורה פון הימל . . . פון מיר איז דאָס געבאָט, אַז איטלעכער אין מיין קעניגרייך פונם גאַנצן פאָלק ישראל און פון די כהנים און לויים, וואָס זיינען ווילין צו גיין מיט דיר נאָך ירושלים, ווייל דו ביסט געשיקט געוואָרן פון דעם מלך און זיינע זיבן עצה־געבערס, כדי אויסצופאָרשן יהודה און ירושלים, נאָך דער תורה פון זיין גאָט, וואָס איז אין זיין האַנט. און אויך, אַרתחשסתא המלך, מאַך דאָס געבאָט צו אַלע אוצרות, וואָס אויף דער אַנדערער זייט פון טייך, אַז איטלעכע זאַך, וואָס עזרא הכהן, דער סופר פון דער תורה פון גאָט פון הימל, וועט פאַרלאַנגען פון אייך, זאָל געשווינדט געטאָן ווערן . . . און דו, עזרא, נאָך דער חכמה פון דיין גאָט, וואָס איז אין דיין האַנט, זאָלסטו אָנשטעלן סופרים און דיינים, וואָס זאָלן משפּטן דאָס גאַנצע פאָלק אויף יענער זייט טייך; אַלע וואָס קענען די תורה פון דיין גאָט און אַזעלכע וואָס קענען ניט, זאָלסטו איר זיי לערנען. און איטלעכער וואָס וועט ניט וועלן געשווינדט טאָן דעם געזעץ פון דיין גאָט און דעם געזעץ פון דעם מלך, דעם זאָל מען משפּטן לויט דעם דין, אָדער צום טויט, אָדער אים אוועקשיקן פון לאַנד, אָדער אים זיין פאַרמעגן אוועקנעמען; אָדער אים אין תפיסה אַריינזעצן" (עזרא ק. 7. ציטירט פון דובנאָוו דאָרט ב. 1. זז. 365־364).

פונם אינהאַלט פון בריוו, וואָס מען דאַרף אָננעמען אַז ער איז אינספּי־רירט געוואָרן פון עזראן, קען מען זען אין וואָס פאַר אַן עקסטרעמער ריכטונג

עס זיינען אוועק די אידן פון בבל; אזא פאַנאַטיזם האָט אין ארץ ישראל פארן גלות ניט געהערשט. ווי אזוי די דאָזיקע עקסטרעמע ריכטונג האָט זיך אנט־וויקלט ווייס מען ניט. ווען אָבער מען הויבט אָן פון דעם פאקט גופא, קען מען זען, אז אזוי גיך ווי די תורה מיט אירע חוקים און משפטים, איז גענומען גע־וואָרן פארן אויסגאנגס פונקט, האָט עס געפירט צו א באַשטימטן פאנאטיזם.

דער אידישער אַרט דענקען איז אלעמאל געווען א שטרענג רעלי־גיעזער; אָבער פארן גלות איז ער ניט געווען קיין פיקסירטער. ער האָט זיך געהאלטן אין פאָרמירן, האָט ער ניט געהאט קיין אלגעמיינע שטרענגע כללים; יעדנפאלס האָט ער זיי ניט געהאט ביז יאשיהוס רעסטאַווראציע. דאָס אלגע־מיינע געזעלשאפטלעכע לעבן איז געווען באהערשט פון דער פאָליטישער סי־טואציע און פונם בית המקדש ריטואל, און די נביאים האָבן אין אלגעמיין גערעדט אין אבסטראקטע טערמינען. געוויס האָבן זיי אויך פריער געהאט רעליגיעזע אויפבראזן; קיין אלגעמיינע כללים זיינען אָבער ניט געווען. אין בבל האָבן זיך די אידן צוגעפאסט צו א קאָנקרעטער פאָרמע און צו א תורה, וואָס איז געוואָרן דער קווינט עסענץ פון זייער לעבן און עקזיסטענץ. דאָס דערקלערט דעם פאנאטיזם.

דער אידישער דענקען איז אין בבל באהערשט געוואָרן פון צווי גע־פילן: פון א בייַנקעניש נאָכן פארגאנגענעם און פון א האָפענונג אויף דער צו־קונפט. דאָס בייַנקעניש האָט געפירט צו פארעהרלעכן די פארגאנגענהייט און פארהייליקן די היסטאָרישע געשעהענישן און די האָפענונג אויף דער צו־קונפט האָט געפירט צו פאָרמירן אַן אלגעמיינע פראָגראם פארן ווייטערדיקן לעבן. די ביידע געפילן האָבן זיך קאָנצענטרירט ארום דער תורה, וואָס איז באַטראַכט געוואָרן פאר דער קאָנסטיטוציע, וואָס גאָט האָט געגעבן צו זיין פאָלק לויט וועלכער עס דארף פירן דעם אלגעמיינעם לעבן.

מיט דער תורה אין איין האנט און מיטן אָפיציעלן בריוו אין דער צווייטער האנט, האָט ארום הונדערט און דרייסיק יאָר נאָכן גלות בבל עזרא, מיט פופצן הונדערט אידן, פארלאָזט בבל און איז געקומען קיין ארץ ישראל און האָט דורכגעפירט די באוואוסטע רעפאָרמע מיט, וואָס דובנאָוו רופט אָן, א דראקאנישן מיטל. ער האָט לויט דובנאָוו'ן "אויסגעפונען, אז די אָפּשוואַ־כונג פון רעליגיעז־נאַציאָנאַלן גייסט קומט צום אויסדרוק בא פארשיידענע שיכטן אין זייער געפערלעכע פאָרמען, און דער עיקר סיבה דערפון שטעקט אין די אָפטע חתונות צווישן יהודים און פרעמדשטאַמיקע", אום צו ענדערן דעם צושטאַנד, האָט ער צוזאמענגערופן א פארזאמלונג און "האָט זיי גע־מאָלדן זיין פאָדערונג אָפּצולאָזן די פרעמד־שטאַמיקע ווייבער און בכלל זיך אָפּצושיידן פון די פרעמדע . . . אין גיכן האָט אין ירושלים אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן, אונטער דער אָנפירערשאפט פון עזראן, א ראט פון משפחה עלטסטע, וועלכע האָבן געהאט די אויפגאבן צו באטראכטן אלע פאלן פון געמישטע חתונות און מיטהעלפן זייער אנולירונג . . . די פרעמדשטאַמיקע ווייבער צוזאמען מיט זייערע קינדער, זיינען דערווייטערט געוואָרן פון א סך אידישע משפחות" (אלגעמיינע געשיכטע באנד 1 ז. 366).

אָט דער דראקאנישער מעטאָד דארף ניט און טאָר ניט פארטיידיקט ווערן מיט קיינע ארגומענטן, אז עזרא'ס "רעפאָרמע" האָט געראַטעוועט דאָס אידישע פאָלק פון אונטערגאנג. דאָס אידישע פאָלק וואָלט מסתמא, געווען

בייגעקומען דעם לאָקאַלן אינצידענט אויף א מער הומאנעם אופן, וואָס ס׳זאָל אָבער שפּעטער ניט געווען פאַרקומען אינם אידישן לעבן, טאָר מען עזראַ׳ס מעטאָדע ניט באַרעכטיקן.

אין וואָס פאַר א לאַגע די אידן האָבן זיך געפונען אין ארץ ישראל פאַר עזראַ׳ס און נחמיה׳ס קומען, ווייס מען ניט גענוי. לויט דעם אָנגעגעבע־נעם חשבון האָבן זיך פון בבל צוריקגעקערט קיין ארץ ישראל 42,360 מענטשן. מען האָט א רעכט צו אָננעמען, אז צווישן די געקומענע קיין ארץ ישראל זיי־נען געווען מער בחורים, ווי מיידלעך: צווישן פּיאָנערן געפינען זיך שטענדיק מער מענער, ווי פרויען. ווען די אידן האָבן זיך באַזעצט אין לאַנד און האָבן גענומען פירן פאַמיליע לעבנס, איז געוואָרן א דוחק אין אידישע פרויען (מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אז די אידן זיינען געווען פּאָלעגאַמיסטן . . .) און ווען קיין אידישע פרויען זיינען ניט געווען, האָבן זיך די אידן מתחתן געווען מיט די כותים (שומרונער האלבע אידן); דער עיקר האָבן עס געטאָן די אזוי אָנגערופענע העכערע שיכטן פון פאָלק, וואָס זיינען אַלעמאָל מער גענויגט צו אסימילאַציע, ווי די פאָלקס־מאַסן. קיין צו גרויסע טראַגעדיע האָט אין דעם געוויס ניט געשטעקט; אָבער די צוויי פאַנאַטיקער, עזרא און נחמיה, האָבן עס באַטראַכט פאַר א טראַגעדיע און דער דראַקאַנישער מיטל איז געווען דער רעזולטאַט. אז קיין צו גרויסע טובה האָבן זיי די אידן פון יענער צייט ניט געטאָן זאָגן עדות די רעשטלאַך פון א פּאָגראָם אין וועלכן די טויערן פון ירושלים זיינען פאַרברענט געוואָרן און א טייל פון שטאָט איז פאַרניכ־טעט געוואָרן.

ווען מען לייענט וועגן דעם צושטאַנד פון די אידן אין יענער צייט און מען פאַרגלייכט אָט דעם צושטאַנד מיט ישעיה דעם צווייטנס נבואה, פאַרקלעמט דאָס הארץ: אזוינע גרויסע האָפענונגען און אזא קלעגלעכער רע־זולטאַט. אין דעם טרויעריקן צושטאַנד, וואָס די אידן האָבן זיך געפונען, האָט מען קולטורעל געקענט גאַנץ ווייניק אויפטאָן. ווייס מען טאַקע ניט צי עפּעס איז געשאַפן געוואָרן אין יענער צייט. דאָס איז עס געווען די צייט, ווען די כנסת הגדולה זאָל האָבן געווען פאָרמירט געוואָרן און זאָל האָבן געווען פונק־ציאָנירט פאַר א לאַנגער צייט. צי זי האָט פונקציאָנירט ווייס מען ניט, פּרקי אבות הויבט זיך אָן מיט: ״משה האָט געקראָגן די תורה פון באַרג סיני און האָט זי איבערגעגעבן יהושען; יהושע — צו די עלטסטע; די עלטסטע צו די נביאים און די נביאים האָבן זי איבערגעגעבן צו די מענער פון דער כנסת הגדולה . . . שמעון הצדיק איז געווען פון די לעצטע פון דער כנסת הגדולה.״

דובנאָוו גלויבט, אז ס׳איז מעגלעך, אז אין יענער צייט זיינען פאָרגע־קומען צוזאַמענפאָרן, צו באַטראַכטן אַלגעמיינע פּראָבלעמען און אז די צוזאַ־מענפאָרן ווערן עס באַצייכנט מיטן נאָמען כנסת הגדולה. עס איז אויך פאַראַן אַ מיינונג, אז אזוי ווי עזרא און נחמיה האָבן צוזאַמענגערופן א פאַרזאַמלונג צו ראַטיפיצירן די תורה פאַר דער פון גאָט געגעבענער קאָנסטיטוציע, האָט זיך פון דעם געשאַפן א מיינונג, אז אזא אינסטיטוציע, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען די כנסת הגדולה, האָט עקזיסטירט די גאַנצע צייט. וועלכע פון די צוויי מיינונגען איז א ריכטיקע ווייס מען ניט. אויב אָבער עס האָט יאָ עקזיסטירט אַ כנסת הגדולה, ווייס מען ניט וואָס זי האָט אויפגעטאָן.

יענער גאַנצער פּעריאָד ווערט אָנגערופן דער טונקעלער פּעריאָד פון

דער אידישער געשיכטע. דובנאָוו זאָגט: "וועגן דער אויסערלעכער לאַגע פון יהודה אין משך פון צווייטן יאָרהונדערט פון דער פערזישער הערשאפט זיינען צו אונדז דערגאנגען קארגע ידיעות. די לעצטע ביבלישע כראָניקעס ענדיקן זיך מיט דער עפאָכע פון עזרא און נחמיה. דערנאָך קומט אָן אין דער געשיכטע פון יהודה א טונקעלע תקופה, אין וועלכער מיר געפינען ניט קיין אויסערגעוויינלעכע פערזענלעכקייטן און ניט קיין גרויסע געשעענישן . . . אין די דענקמאלער און כראָניקעס פון אַנדערע פעלקער איז אויך כמעט קיין זכר ניטאָ וועגן דער דעמאָלסדיקער יהודה" (באנד 1 ז. 378).

און סאלאמאן שעכטער זאָגט: "איך וועל זיך דערלויבן צו מאכן אַן אַלגעמיינע באמערקונג און דאָס איז, אַז ס'איז ניטאָ קיין איין פעריאָד אין דער אידישער געשיכטע, וואָס זאָל אויף אזוי פיל זיין פאַלשטענדיק טונקל, ווי דער פעריאָד פון 450 ביז 150 פ. קר. אַלץ וואָס איז געבליבן פון יענער צייט באַשטייט פון עטלעכע אָרעמע באמערקונגען, וואָס יוזעפוס פלאוויוס מאַכט און אין וועלכע מען האָט א רעכט צו צווייפלען און עטלעכע נעמען, וועלכע ווערן דערמאָנט אין דברי הימים וועגן פערזאָנען, וואָס האָבן קוים געלאָזט וועלכן עס איז צייכן אויף דער געשיכטע" (זע סטודיעס אין דזשודאיזם באנד 2 ז. 43).

ווי קליין און אומבאדייטענד יהודה איז געווען אין יענער צייט קען מען זען פון דעם, וואָס דער גריכישער היסטאָריקער, הערראדאטוס, האָט אינם פינפטן יאָרהונדערט ארומגערייזט אין מזרח אזיע און האָט געקליבן מאַטעריאל פאר זיין געשיכטע, האָט ער פון די אידן נאָר געהערט ווי פון א שבט סיריער, וואָס זיינען זיך מל . . . מער האָט ער קיין זאך ניט געהערט וועגן זיי.

די ערשטע פערזישע קעניגן זיינען געווען פריינטלעך צו די אידן; שפּעטער איז די קליינע יהודה געוואָרן א טייל פון דער סירישער סאטראפּיע. דובנאָוו זאָגט, אז די סאטראפּן האָבן זיך נישט אריינגעמישט אין די אינערלעכע אידישע אנגעלעגנהייטן.

אָט דאָס האָט זיך אויסגעלאָזט פון די גרויסע אידישע האָפענונגען, וואָס זיינען אזוי גראנדיעז באזונגען געוואָרן פון דעם נביא-פּאָעט, ישעיה דעם צווייטן: פון אַלע האָפענונגען האָט זיך אויסגעלאָזט אַן אויסגעטריקנטער טייך מיט א מדבר ארום און ארום . . .

אינם פערזישן פעריאָד איז פאָרמירט געוואָרן די אידישע טעאָקראַטיע מיטן כהן גדול בראש. ווי אזוי זי איז פאָרמירט געוואָרן ווייס מען דירעקט ניט; אומדירעקט ווערט זי דערקלערט פון יחזקאל קויפמאן אין זיין "תולדות האמונה הישראלית." ער ווייזט אָן אויף דעם, וואָס איז אייגענטלעך ניט קיין נייעס, אז די טעאָקראַטיע, מיטן כהן גדול בראש, איז געווען א רעזולטאט פון דער פּאָליטישער הילפלאָזיקייט פון די אידן אונטער דער פּערזישער הערשאפט; ווען די אידן האָבן פארלוירן יעדע האָפענונג, אז זיי וועלן קריגן פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט, איז דער כהן גדול געוואָרן זייער פירער און הערשער.

ער ווייזט אָן, אז דער נביא יחזקאל דערמאָנט ניט וועגן קיין הערשאפט פון כהנים. אין זיין נבואה וועגן דער אידישער צוקונפט זעט ער א פירער פון בית דוד; ער ווייס ניט וועגן קיין פירער פון כהנים. יחזקאל דערמאָנט ניט קיין כהן גדול. קויפמאן ווייזט אָן, אז אין כורש'ס צייט, ווען די אידן האָבן

זיך צוריקגעקערט קיין ארץ ישראל פון בבל, איז זרובבל פון דוד׳ס דינאַס־טיע געווען דער פירער און יהושע בן יהוצדק, דער כהן קומט נאָך אים. דער נביא, חגי רעדט וועגן דעם פירשט זרובבל און כאָטש עזרא איז געווען א כהן, איז ער געווען א פירער אַלס סופר און ניט אַלס כהן; אויך נחמיה איז ניט געווען קיין כהן. ערשט שפּעטער, ווען די אידן האָבן פארלוירן אַלע האָפענונגען פאר פרייהייט, איז דער כהן געוואָרן זייער הערשער און די טע־אָקראַטיע האָט טריאומפירט (זע כרך ראשון, ספר שלישי ז. 689 און ווייטער).

און דובנאָוו זאָגט וועגן דער פאָרמירונג פון דער טעאָקראַטיע. —

"עזראס רעפאָרם, וועלכע האָט פּראָקלאַמירט די תורה אַלס קאָנסטיטוציע פון יהודה, האָט צוגעגרייט די געזעלשאַפט צו א טעאָקראַטישער פארוואַלטונג פאָרם. — אויב דאָס פאָלקס לעבן באַזירט אויף א רעליגיעזן קאָדעקס, אויף דער הייליקער שריפט, איז זעלבסטפארשטענדלעך, אז די פאָלקס פירונג דארף ליגן אין די הענט פון גייסטיקע שררות, און בראש פון דער פארוואַל־טונג דארף שטיין דער העכסטער צווישן זיי — דער כהן גדול פון ירושלימער בית המקדש . . . דער ירושלימער כהן־גדול ווערט דער אָפיציעלער פאָר־שטייער פון פאָלק, ער איז דער פארמיטלער צווישן לאַנד און דער פערסישער רעגירונג, וועלכע איז פארטראָטן אין דער פּערזאָן פון סירישן סאטראַפּ." (דאָרט זז. 398־399).

אזוי ווי מיט דעם קאַפּיטל ענדיקט זיך די אָפּהאַנדלונג וועגן דעם בייטראַג פון די נביאים צום אידישן דענקען בעטן זיך א פּאָר באַמערקונגען פארוואָס קיין אנדערע נביאים זיינען ניט באַרירט געוואָרן און די תורה איז אינגאַנצן ניט באַטראַכט געוואָרן. די נביאים זיינען בלויז באַטראַכט געוואָרן אום דורך זיי אַרויסצוברענגען דעם עטישן מאָנאָטעאיזם. פאר דעם צוועק זיינען נאָר געווען נויטיק עטלעכע מאָמענטן פון זייער דענקען; מער ווי דאָס, וואָס איז געזאָגט געוואָרן, איז ניט נויטיק פארן צוועק פון דער ארבעט. וואָס אָנבאַלאַנגט דער תורה, איז אפילו לויט יחזקאל קויפמאַנס מיינונג, דאָס מאָ־ראַלע אין איר פאָרמירט געוואָרן גלייכצייטיק מיט די נביאים, אויב אפילו אומאָפּהייניגיק פון זיי. אזוי ווי זיי זיינען מער אויסגעשפּראָכן און זיי האָבן אויך כראָנאָלאָגישע דאַטן, זיינען קיין ווידערהאָלונגען ניט נויטיק. און אי־בערהויפּט ווען מען רירט זיך צו צו דער תורה, האָט מען צו טאָן מיט ביבל קריטיק, וואָס איז אויסער די גרענעצן פון דער ארבעט און אויסער דער קאָמפּעטענץ פונם מחבר.

# קאַפּיטל 21

## אידישער פילאָזאָפישער דענקען

אויף דער פראַגע צי אידן האָבן גע־
דענקט ריין פילאָזאָפיש אין דער ביבלישער צייט, האָבן געענטפערט אויף א פאָזיטיוון אופן מיט ווערק פּראָפעסאָר דוד ניימארק און דר. דאַנקען מאַקדאָ־ נאַלד. דער ערשטער האָט אָנגעשריבן א ווערק אונטערן נאָמען "די פילאָסאָפי אָוו די בייבל" (די פילאָזאָפיע פון דער ביבל) און דער צווייטער האָט אָנגע־ שריבן א ווערק אונטערן נאָמען "די היברו פילאָסאָפיקל דזשיניוס" (דער אי־ דישער פילאָזאָפישער געניע) אין וועלכע זיי ברענגען ארויס דאָס פילאָזאָפישע אינם אידישן דענקען.

די צוויי דענקער אונטערשיידן זיך איינער פונם צווייטן ערשטנס דער־ מיט, וואָס פּראָפעסאָר ניימארק איז הויפּטזעכלעך פאַראינטערעסירט אין דער תורה און אין די נביאים און דר. מאַקדאָנאַלד איז הויפּטזעכלעך פאַראינטע־ רעסירט אין דער חכמה ליטעראַטור, ווי איוב, משלי און קהלת. אין א געוויסן זינען דערגענצן זיי זיך איינער דעם צווייטן. צווייטנס האָבן זיי פאַרשיידענע מיינונגען וועגן דעם אידישן פילאָזאָפישן דענקען. זייערע ביידנס מיינונגען וועלן דאָ געגעבן ווערן איידער די חכמה ליטעראַטור וועט דירעקט באַטראַכט ווערן.

די נביאים זיינען פריער באַטראַכט געוואָרן ווי זיי האָבן אנטוויקלט דעם אידישן רעליגיעזן באַגריף, דעם עטישן מאָנאָטעאיזם. אויף דער פראַגע צי קען זייער דענקען אָנגערופן ווערן פילאָזאָפישער דענקען, קען מען ענט־ פערן: ניין און יאָ, עס ווענדט זיך וואָס מען האָט אין זינען אונטער פילאָ־ זאָפישן דענקען.

דער אויסגאַנגס פּונקט פון די נביאים איז ניט געווען קיין פילאָזאָפי־ שער, ער איז ניט געווען קיין ריין לאָגיש־ראַציאָנאַלער, נאָר א רעליגיעז־ דאָגמאַטישער. זיי האָבן אָנגעהויבן זייער נבואה מיט אן אנטפּלעקונג און זיי האָבן פאַרטיידיקט דאָס, וואָס גאָט זאָל זיי געווען הייסן צו פאַרטיידיקן. דאָס מיינט, אז זייער דענקען איז ניט געווען קיין זעלבסטשטענדיק פרייער און אין דעם זינען איז ער ניט געווען קיין פילאָזאָפישער דענקען, וואָס דאַרף זיין פאָל־ שטענדיק פריי.

נעמט מען אָבער פילאָזאָפיע אין גאָר ברייטן זין פון וואָרט, שליסט זי אין זיך איין יעדן דענקען און טראַכטן וועגן פונדאַמענטאַלע פּראָבלעמען, זי שליסט אין זיך אויך איין רעליגיעזן דענקען. דעפינירט מען פילאָזאָפיע

אויף דעם אופן, געפינען זיך אין די נביאים א סך פילאָזאָפישע געדאנקען: — צו דערטראכטן זיך צו עטישן מאָנאָטעאיזם און אים דערקלערן, מיינט פילאָ־זאָפירן. באַטראַכט מען די נביאים פון דעם שטאַנדפונקט, האָבן זיי פארטיי־דיקט פילאָזאָפישע מיינונגען, כאָטש זיי האָבן ניט געוואוסט וואָס פילאָזאָפיע מיינט.

נאָך עפּעס: אויפן אָריענט ווערט אונטער פילאָזאָפיע פארשטאַנען פארטיידיקן א שטייגער לעבן, וואָס איז באזירט אויף א פונדאמענטאלן באַ־גריף וועגן דעם צוועק פון לעבן. אזוי רופט מען אָן דעם כינעזישן בליק אויפן לעבן מיטן נאָמען די כינעזישע פילאָזאָפיע, דעם אינדישן בליק אויפן לעבן, די אינדישע פילאָזאָפיע און אז. וו.

נעמט מען פילאָזאָפיע אינם זין פון א שטייגער לעבן, איז אַלץ, וואָס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן וועגן די אידן, באַשטאַנען פון אן אָנווייז אויף דער אנטוויקלונג פון דער אידישער פילאָזאָפיע, וואָס ס'מיינט פון אידישן שטייגער לעבן.

די נביאים האָבן ארויסגעבראַכט דעם עטישן מאָנאָטעאיזם און האָבן פאָרמירט דעם אידישן בליק אויף גאָט און אויף רעליגיע אין אַלגעמיין; די כהנים האָבן אנטוויקלט דעם ריטואל, פון וועלכן דער אידישער שטייגער לעבן האָט זיך אנטוויקלט און אינם פאָלק האָבן זיך אנטוויקלט געזעלשאַפט־לעכע פארהעלטענישן, וואָס האָבן ארויסגעבראַכט דעם אידישן בליק אויף גע־זעץ און אז. וו. ווי מען קען זען איז דער יאָ אָדער ניין אָפּהייגגיג פון דעם וואָס מען פארשטייט אונטערן טערמין פילאָזאָפיע. דאָס וואָרט וועט געגעבן ווערן די צוויי דענקער זיי זאָלן דערקלערן זייערע מיינונגען אין די גרע־נעצן פון זייער אייגענער דעפיניציע פון פילאָזאָפיע.

פּראָפעסאָר ניימארק הייבט אָן זיין פילאָזאָפיע פון די נביאים מיטן קאמף, וואָס די אידן, דער עיקר די נביאים, האָבן געפירט קעגן דעם גע־שלעכט פאקטאר אין רעליגיע.

ווי באוואוסט איז דער געשלעכט מאָמענט כאראקטעריסטיש פאר יעדער נאטור רעליגיע, וואו פּראָדוקטיוויטעט און פערטיליטעט שפּילט א זייער וויכטיקע ראָלע. ביי די כנענים און אין בבל אין אַלגעמיין, האָט דער געשלעכט מאָמענט פארנומען דעם אויבן אָן פון זייער רעליגיע. די אידן איז, ווי ס'זעט אויס, דער בעל און עשתרות קולט געווען פרעמד און פאַלגלעך איז ער געווען פרעמד זייער גאָט. דער קאמף צווישן די געטער איז אַנטשטאַנען אזוי גיך ווי זיי האָבן זיך באגעגנט.

מיט אָט דעם קאמף באַשעפטיקט זיך פּראָפעסאָר ניימארק אין זיין פריער דערמאָנטן בוך. ער האלט, אז אום צו באפרייען רעליגיע פון געשלעכט, האָבן זיך די נביאים גענומען צו באפרייען גאָט פון וועלכער ס'איז גשמיות־דיקער פאָרמע און דערמיט האָבן זיי אים באפרייט פון געשלעכט .

דאָס זאָל געווען זיין זייער אויסגאנגס פונקט. ווען מען נעמט דאָס אָן פאר ריכטיק, מיינט עס, אז דער אידישער רוחניות'דיקער גאָט דאַרף דאנקען פאר זיין עקסיסטענץ דעם אידישן פונדאמענטאלן מאָראלן באגריף, אָדער געפיל, אז רעליגיע און געשלעכט זיינען ניט קיין שותפים . . .

לויט פּראָפעסאָר ניימארקס מיינונג איז דער פּראָצעס צו באפרייען גאָט פון קערפּערלעכע אטריבוטן ביי די נביאים פאָרגעקומען אויף א באַ־

וואוסטזיניקן אופן. זיי זיינען געווען זיכער, אז אזוי לאַנג ווי מען וועט באַ־טראַכטן גאָט אין א קערפּערלעכער פאָרמע, וועט דער עשתרות קולט עק־זיסטירן ביי די אידן.

די מיינונג איז אן אינטערעסאנטע, עס וואָלט זיך זייער געוואָלט זי אָננעמען, ליידער זיינען זיינע באווייזן ניט צופיל איבערצייגנד. ביי די נביאים זעט מען עס ניט. מען זעט, אז זיי פירן א קאמף קעגן די נאַטור געטער, אז זיי שטעלן ניט פאַר גאָט אין קיין קאָנקרעטער קערפּערלעכער פאָרמע און אז זייער קאמף האָט געפירט צום עטישן מאָנאָטעאיזם. געוויס האָבן זיי געקעמפט קעגן געשלעכט אין רעליגיע, עס איז ביי זיי אָבער געווען א טייל פון זייער קאמף פאר מאָראל אין אלגעמיין, אָט ווי זיי האָבן געקעמפט קעגן מענטשלעכע קרבנות, קעגן גנבה און גזלה און אז. וו.

פּראָפעסאָר ניימארק נעמט איין נביא נאָכן צווייטן און ווייזט אָן ווי יעדער איינער פון זיי האָט געהאלטן אין איין באפרייען גאָט פונם קערפּער־לעכן בגד און ווי ענדלעך האָבן זיי דערגרייכט צום עטישן מאָנאָטעאיזם, וואָס איז א מעטאפיזישער באגריף. אין אלגעמיינע שטריכן איז זיין אנאליז א ריכטיקער און געוויס איז דער עטישער מאָנאָטעאיזם א מעטאַפיזישער באגריף (נאַטירלעך א טעאָלאָגיש־מעטאַפיזישער) וועגן א גאָט, וואָס איז למעלה מין השכל. אָבער, ווי פריער באמערקט, צי דאָס קען אָנגערופן ווערן פילאָזאָפירן, איז א פראגע פון דעפיניציע .

אויף דעם זעלבן אופן ווי ער ברענגט ארויס דעם פילאָזאָפישן גאָט באגריף פון די נביאים, באטראכט ער אויך אנדערע פונדאמענטאלע באגריפן, וואָס זיינען, לויט דער רעליגיעזער אויפפאסונג, פארבונדן מיטן עטישן מאָ־נאָטעאיזם. דער עטישער מאָנאָטעאיזם שליסט אין זיך איין א מאָראלע אָרדע־נונג אין דער וועלט אין אלגעמיין און דער עיקר אן עטישע באציאונג צווישן מענטשן. דאָס פירט אים צו פאסטולירן פיר פרינציפּן: נבואה, פרייער ווילן, שכר ועונש און א סובסטאַנציעלע מענטשלעכע נשמה. נבואה באטראכט ער ווי דער רמב״ם אויף א טראדיציאָנאל רעליגיעזן אופן, כאָטש ער באנוצט זיך מיט אַ מאָדערנער פילאָזאָפישער שפּראך: — ער נעמט אָן, אז גאָט האָט זיך בכבודו ועצמו אנטפּלעקט צו די נביאים. פרייער ווילן איז, לויט זיין מיינונג, איינגעשלאָסן אינם אידישן ארט דענקען: — דער ברית יהוה באגריף שליסט אין זיך איין דעם באגריף, אז דער מענטש איז פריי און קען האנדלען פריי. דער פאקט, אז די אידן האָבן געקענט שליסן א בונד מיט גאָט איז, לויט זיין מיינונג, א סימן, אז זיי האָבן אָנגענומען א פרייעם ווילן. (פילאָזאָפיש איז עס א קיילעכדיקער באווייז: — מען שליסט אין דער דעפיניציע איין דאָס, וואָס מען דארף דעפינירן).

וואָס אָנבאלאנגט דעם שכר ועונש פארן יחיד, זעט פּראָפעסאָר ניי־מארק די שוועריקייטן, וואָס די נביאים האָבן געהאט: עסכאטאלאגיע (תחית המתים, יענע וועלט און אז. וו.) האָבן, לויט זיין מיינונג, די נביאים אויסגע־מידן באוואוסטזיניק און מיט א כיוון: זיי האָבן געוואָלט אויסהיטן די אידן פון דעם מצרישן העסלעכן מתים קולט. אָבער אזוי ווי גאָט האָט געמוזט בלייבן גערעכט, האָבן זיי באַשטימט, אז יושרדיקע האנדלונג צום כלל איז העכער פון יושר פארן יחיד (זע ״די פילאָסאָפיע אָוו די בייבל״ ז. 54). ווען דער אי־דישער קאָלעקטיוו האָט אין בבל פארלוירן זיין פרייעם סטאַטוס, איז דער

שכר ועונש איבערגעטראָגן געוואָרן אויפן יחיד (השגחה פרטית . . .)

מען האָט א רעכט צו אָננעמען, אז א היפשער טייל פון אָט דעם באַ־שטייט פון מאָדערנער ראַציאָנאַליזאַציע, וועגן וואָס די נביאים האָבן ניט גע־האָט דעם מינדסטען באגריף. אָבער אזוי ווי פראָפעסאָר ניימארק איז גע־ווען א אידישער טעאָלאָג, האָט ער פארטיידיקט די אידישע טעאָלאָגיע. צו דעם דארף געמאכט ווערן א באמערקונג, אז דער באגריף וועגן השארת הנפש איז א שפּעטערדיקע דאגמע: — די נביאים האָבן זיך באַשעפטיקט מיט דער וועלט און מיטן רעאלן מענטשלעכן לעבן; ישעיה'ס "רוח", וועגן וועלכן פראָ־פעסאָר ניימארק רעדט, האָט געקענט מיינען, לופט, ווינט, אָטעם און לעבן, אָבער ניט גייסט אינם טעאָלאָגישן זינען.

דאָס איז דער תמצית פון פּראָפעסאָר ניימארקס פילאָזאָפיע פון די נביאים, אויף וויפיל ער האָט געקענט ארויסגעבראכט ווערן אין עטלעכע באַמערקונגען.

די פילאָזאָפיע פון דער חכמה ליטעראַטור ווערט מער אויספירלעך און מער פילאָזאָפיש, באטראכט פון דר. מאקדאָנאַלדן. אויך וועגן זיין פילאָ־זאָפיע וועלן געמאכט ווערן ניט מער ווי עטלעכע באמערקונגען. ער הויבט אָן מיטן אידישן באגריף וועגן גאָט, ער האלט, אז ס'איז א מער פילאָזאָפישער באַגריף, ווי מען נעמט אָן. ער זאָגט אז די אידן האָבן פארשטאַנען גאָט אין דער פאָרמע פון אן אבסאָלוטער פערזענלעכקייט אינם ריין אנטראָפּאָמארפישן זין פון וואָרט. לויט זיין מיינונג איז דאָס א העכערער באגריף וועגן גאָט, ווי דער באַגריף פון די גריכן און פון פילאָנען.

אין וואָס ס'באַשטייט די פילאָזאָפישע גרויסקייט פון גאָט, ווען מען באַטראַכט אים ווי אן אבסאָלוטע פערזענלעכקייט, זאָגט ער ניט. ער זאָגט נאָר, אז דוד המלך און עמוס האָבן געפילט, אז זיי געפינען זיך אין א די־רעקטער פארבינדונג מיט א קאָנקרעטן גאָט, זיי וואָלטן ניט אָנגעהויבן צו פארשטיין פילאָנס אבסטראקטן גאָט, וועלכן ער האָט אויסגעליידיקט פון יעדן אינהאלט .

דאָס אלץ איז אן אמת וועגן דעם אידישן גאָט באגריף און ס'שטימט ניט מיט דער קריסטלעכער נעאָ־פלאטאָנישער טעאָלאָגיע פון וועלכער דר. מאקדאָנאלד וויל באפרייען דעם קריסטנטום. ער איז איינער פון א סך מאָדער־נע קריסטלעכע טעאָלאָגן, וואָס שטרעבן צו פאראייניקן דעם קריסטנטום מיטן תנ"ך דירעקט און אים באפרייען פון דער העלעניסטישער טעאָלאָגיע.

עס איז אינטערעסאנט צו באמערקן ווי דער איד ניימאַרק האָט זיך געביטן מיט דער ראָלע מיטן קריסט מאקדאָנאלד. ניימארק שטרעבט מיט אלע זיינע כוחות צו דערנעענטערן גאָט צום נעאָ־פלאטאנישן באגריף און מאקדאָ־נאָלד וויל אים צוריק דערנעענטערן צום אלטן אידישן גאָט באַגריף. און מערקווירדיק, ביידע דענקער שטיצן זיך אויפן תנ"ך און ביידע אינטער־פּרעטירן אים פילאָזאָפיש . . .

דאָס איז ניט דער איינציקער אונטערשייד צווישן זיי; עס איז אפילו ניט דער הויפּט אונטערשייד צווישן זיי. דער הויפט אונטערשייד איז אין זייער מיינונג וועגן דעם עצם פון פילאָזאָפיע. פּראָפעסאָר ניימארק האלט פאר פילאָ־זאָפיע יעדן געדאנק פון וועלכן מען קען ציען פילאָזאָפישע שלוסן אָן אונטער־שייד צי לויט ראַציאָנאַלן דענקען, אָדער מיט דער הילף פון נבואה ("אינטו־

איציע"). דר. מאקדאָנאלד אָבער האלט, אז דער אופן ווי א געדאנק ווערט דערקלערט, באשטימט צי ער איז א פילאָזאָפישער אָדער ניט. פילאָזאָפישער דענקען איז פאר אים נאָר ראַציאָנאַלער דענקען און ניט קיין אַנדערער. דער־פאר טאַקע לייגט ער מער געוויכט אויף דער חכמה ליטעראטור, ווי אויף די פריערדיקע שאַפונגען. נאַטירלעך, אז ער האלט, אז אויך די פריעריקע אידישע שאַפונגען ענטהאלטן פילאָזאָפישע געדאנקען. אין אלגעמיין האלט ער, אז דער אידישער דענקען איז מער פילאָזאָפיש, ווי עס ווערט אין אלגעמיין אָנגענו־מען. ער האלט, אז צוויי סיבות האָבן גורם געווען מען זאָל ניט באמערקן דעם אידישן פילאָזאָפישן געניע. 1) דער אידישער געניע פאר רעליגיע און 2) די אייגנארטיקייט פון דער העברייאישער שפראַך.

דער אידישער געניע פאר רעליגיע איז, לויט זיין מיינונג, געווען אזוי גרויס, אז ער האָט פשוט פארטונקלט די פילאָזאָפישע געדאנקן, וואָס געפינען זיך אין זייערע שאפונגען. דערצו האָט די אייגנארטיקייט פון דער העברייאישער שפראך אינגאנצן פארשטעלט דעם פילאָזאָפישן מיין. דר. מאקדאָנאלד האלט, אז מען האָט אינגאנצן ניט פארשטאַנען די העברייאישע אויסדרוק פאָרמען און דערפאר האָט מען ניט אָנגעהויבן צו פארשטיין די אידישע שאפונגען. אז העברייאיש האָט ניט קיין ספּעציעלע ווערטער, פאר אזוינע באגריפן ווי באוואוסטזיין און געוויסן, מיינט עס ניט, אז די אידן האָבן ניט געהאט די דאָזיקע באגריפן גופא. זיי האָבן זיי, לויט זיין מיינונג, יאָ גע־האט, נאָר זיי האָבן די באגריפן אויסגעדריקט אויף אן אנדער אופן. ער צי־טירט פלעצער פון תנ"ך און אינטערפרעטירט זיי אזוי, אז זיי באקומען א פילאָזאָפישן מיין. אויף וויפיל ער איז גערעכט, אָדער ניט גערעכט, קענען נאָר תנ"ך עקספערטן באשטימען.

אויסער דעם באגריף וועגן גאָט, רעכנט ער אויס פיר פונדאמענ־טאַלע פילאָזאָפישע באגריפן, וואָס ער נעמט אָן, אז די אידן האָבן געהאט. זיי זיינען: 1) אז דער מענטש האָט באוואוסטזיניקייט און א געוויסן, 2) אז די נאַטור איז דינאמיש און ענדערנד, 3) אז לעבן באַשטייט פון א פונדאמענטא־לער רעאליטעט און 4) אז צו זינדיקן אָדער צו טאָן שלעכטס איז נאריש.

דער ערשטער פונדאַמענטאַלער פּרינציפּ ענטהאַלט דעם געדאַנק פון פרייעם ווילן. ווי פּראָפעסאָר ניימארק, שטרייכט ער אונטער דעם אידישן באַ־גריף וועגן פרייען ווילן, ער טוט עס אָבער אויף אַן אינטערעסאַנטן און אויף אַ דראמאטישן אופן. ער זאָגט, אז מיט זיין באַגריף וועגן פרייעם ווילן, איז דער איד געקומען אין דירעקטן קאָנפליקט מיטן אַלמעכטיקן גאָט: — גאָט מעג אים שטראָפן, זיין פרייהייט וועט ער אפילו ניט לאָזן בא אים צונעמען. דר. מאקדאָנאלד זאָגט: "טראָץ דער אבסאָלוטער פערזענלעכקייט (גאָט), וואָס געפינט זיך אינם הינטערגרונט פון לעבן, באזיצט דער מענטש א פרייעם ווילן. א באוויז דערפאר איז, אז אויב ער וויל פאָלגט ער אינגאנצן ניט גאָט און דערצאָרנט אים. געוויס שטראָפט אים גאָט פאר דעם, ער גיט אָבער ניט אוועק זיין פרייהייט: — ער איז אזוי פריי ווי גאָט אליין. אָט דער באגריף איז ביי די אידן געווען אזא זיכערער, אז ער איז באַטראַכט געוואָרן פאר זעלבסט־פארשטענדלעך. דער פרינציפּ, אז דער ווילן איז פריי און אז דער פארשטאַנד איז ניט אונטער גאָטס אומבאגרענצטער הערשאפט איבער דער וועלט איז א פארזיכערטער . . . גאָט מעג זיך זיין אן אומבאגרענעצטער הערשער און א

דאָמינירענדע פערזענלעכקייט; אָבער אויך מענטשן זיינען פערזענלעכקייטן, זיי האָלטן זייער גורל אין זייערע אייגענע הענט" (זע "היברו פילאָסאָפיקל דזשיניוס" זז. 2 און 15).

דער אידישער באגריף וועגן פרייעם ווילן איז פון דר. מאקדאָנאלד אָן ספק ארויסגעבראכט געוואָרן אויף א גאנץ קלאָרן אופן. ווי אָבער מען קען הארמאָנירן אָט דעם פרייעם ווילן מיט דער "אבסאָלוטער פערזענלעכקייט, וואָס געפינט זיך אינם הינטערגרונד פונם לעבן" איז גאָרניט קלאָר. ווי קען גאָט זיין דער אבסאָלוטער הערשער איבער אלץ און איבער אלעמען און דער מענטש זאָל צו דער זעלבער צייט באזיצן פרייעם ווילן? אויב דער מענטש איז פריי אין זיינע האנדלונגען, מיינט עס, אז גאָטס הערשאַפט איז באגרע־נעצט צו דער זעלבער פראָפּאָרציע, וואָס דער מענטש איז פריי. דאָס איז אן אַבסאָלוטער באדינג. צו באַשולדיקן מאקדאָנאַלדן פארן ווידערשפּרוך קען מען ניט, ווייל ס'איז א פונדאמענטאלער ווידערשפּרוך אין דער אידישער און אין דער קריסטלעכער טעאָלאָגיע . . .

דער צווייטער אידישער פּרינציפּ אָדער באגריף, אז אלץ אין דער נאַטור געפינט זיך אין א צושטאַנד פון שטענדיקער ענדערונג און ווערן, שטראָמט ארויס פונם באגריף פון דער געטלעכער פערזענלעכקייט, וואָס איז אקטיוו און שאפנד און ענדערט דאָס באשאַפענע. דער דריטער פּרינציפּ, אז לעבן איז א פונדאמענטאלע רעאַליטעט, געפינט זיך אין דער תורה און דער פערטער פּרינציפּ, אז זינדיקן איז נאַריש און שלעכט, איז איינגעשלאָסן אינם עטישן מאָנאָטעאיזם און אינם בונד, וואָס גאָט האָט געשלאָסן מיט די אידן.

לויט מאקדאָנאַלדן האָבן די אידן זיך דערטראכט צו די אלע פונדא־מענטאלע פּרינציפּן אויף א ראציאָנאלן אופן לויט דער לאָגיק פון זייער דענקען אָן דער הילף פון אנטפּלעקונג און פאקטיש אָפּט אפילו קעגן גאָטס ווילן, ווי די לעגענדע וועגן דעם עץ־הדעת זאָגט אויף דעם עדות. לויט זיין מיינונג האָבן צוויי סיבות געווירקט מען זאָל פארזען דעם אידישן ראצי־אָנאלן דענקען, ער ווייזט נאָר אָן אויף די סיבות, ער באהאנדלט זיי ניט. ער שטעלט זיך נאָר אָפּ אויף איין טערמין, וואָס ער זאָגט, אַז מען האָט אים שלעכט פארשטאַנען און דאָס האָט געשטערט צו קענען פארשטיין דעם אי־דישן ארט דענקען. דער שלעכט פארשטאַנענער טערמין איז חכמה, וואָס, לויט זיין מיינונג, באדייט איינגעבאָרענער פארשטאַנד, קלוגשאַפט, אינ־טעלעקט, דערפארונג און ראציאָנאלער דענקען. ווען מען זאָל לויט זיין מיי־נונג, אונטערשטעלן דעם פּאסנדן מיין פארן וואָרט חכמה אין פארשיידענע פלעצער פונם תנ"ך, וואָלט מען געקראָגן דעם ריכטיקן לאָגישן מיין פון די באַטרעפנדע פלעצער. פארשטייט זיך, אז דאָ האנדלט זיך נישט וועגן אן ענדערונג אין א מיין פון א טערמין, נאָר אין א געענדערטן באַגריף וועגן דער חכמה ליטעראטור, וואָס מאקדאָנאַלד באטראכט פאר א ריין אידישער שאפונג איידער זיי האָבן זיך נאָך באגעגנט מיט די גריכן.

דאָ בעט זיך א באמערקונג: מאקדאָנאַלד, דער קריסט, האָט אָנגעשריבן צוויי ווערק אין וועלכע ער באַמיט זיך צו באַווייזן, אז די חכמה ליטעראַטור באַשטייט פון ריין אידישע שאפונגען, וואָס די אידן האָבן געשאפן איידער זיי האָבן זיך באגעגנט מיט די גריכן. דר. א. שטיינבערג, דער איד, זאָגט, אז "פערזאָניפיצירטע "חכמה" פון משלי איז מסתמא א דירעקטער אויסטייטש

פון דער גריכישער "סאָפיע" און א שוטה וועגן "גאָטס וואָרט", וואָס דער־מאָנט אין הערהקלידס לערע וועגן "לאָגוס פייער" (אַלגעמיינע ענציקלאָפּ. ב. אידן ב. 166־164). ווי די היסטאָרישע פאקטן צייגן איז דער "גוי" מאקדאָ־נאלד געדעכט: — ס'איז אלגעמיין אָנגענומען, אז דער העלעניסטישער און קריסטלעכער "סאָפיע" באגריף שטאמט פון דער אידישער חכמה ליטעראַטור, וואָס איז שוין געווען א פארטיקע, ווען די אידן האָבן זיך באגעגנט מיט די גריכן און ניט "מסתמא" פארקערט.

די אלגעמיינע באמערקונגען וועגן דעם אידישן פילאָזאָפישן דענקען זיינען וויכטיק דערמיט, וואָס, ווי מען קען זען, געפינען זיך דענקער, וואָס האַלטן, אז ס'זיינען פאראן ריין פילאָזאָפישע געדאנקען אין די גאָר אלטע אידישע שאפונגען.

די ביז אהער געמאכטע באַמערקונגען דארפן דינען ווי אן ארייננפיר אין דער אָפהאנדלונג וועגן דער חכמה ליטעראטור, און כאָטש די דענקער וועלן ניט נאָכגעפאָלגט ווערן אין דער אָפהאנדלונג וועגן דער חכמה ליטע־ראַטור גופא, וועלן זיי צוריק ארייגעפירט ווערן צום סוף פון דער חכמה ליטעראטור אין די שלוס באמערקונגען.

עס זיינען ניטאָ קיין שום אָנווייזונגען ווען די חכמה ליטעראטור איז געשאפן געוואָרן. א סך נעמען אָן, אז זי איז פאָרמירט געוואָרן אינם טונקעלן פעריאָד פון דער אידישער געשיכטע און זי ווערט געווינטלעך באטראכט אין פארבינדונג מיט דעם פעריאָד. דאָס טוט מען דערפאר, וואָס מען נעמט אָן, אז וואָלט זי געשאפן געוואָרן אין אן אנדער פעריאָד פון דער אידישער גע־שיכטע, וואָלט מען עס געוואוסט. דערצו פאַסט זי זיך אויך פסיכאָלאָגיש אריין אין דעם פעריאָד.

פראָפעסאָר דזשאַסטראָוו האלט, אז די ווערק: איוב, שיר השירים און קהלת, זיינען, אויב ניט געשאַפן געוואָרן, געוויס צוזאמענגעשטעלט געוואָרן אינם דריטן יאָרהונדערט פ. קר. ער גיט אָן דעם פסיכאָלאָגישן מאָטיוו פאר זיין השערה, אז דאָס איז געווען די פאסנדסטע צייט פאר אזעלכע שאַ־פונגען (זע "די סאָנג אָוו סאָנגס" ז. 140). דערפאר ווערן זיי אויך אין דער ארבעט באטראכט אין פארבינדונג מיט דעם פעריאָד.

# I

## א י ו ב

דער אָנהויב וועט געמאַכט ווערן מיט איובן, וואָס מען דענקט, אַז ס׳איז דאָס ערשטע ווערק און מען באַטראַכט עס פאַרן וויכטיקסטן פון די איבעריקע שאַפונגען פון דער חכמה־ליטעראַטור.

מען נעמט אָן, אַז איוב איז געשאַפן געוואָרן אינם פערטן יאָרהונדערט פ. קר. און די וואָס האַלטן אַז ס׳איז אַ צוזאַמענגעשטעלט ווערק, נעמען אָן, אַז אין יענער צייט איז עס צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן. די פּאַרשער האַלטן, אַז דער פּראָלאָג און עפּילאָג זיינען אָדער פריער געשאַפן געוואָרן, אָדער זיי זיינען שפּעטער צוגעגעבן געוואָרן; זיי דענקען ניט, אַז די טיילן זיינען אַן אינטעגראַלער טייל פונם ווערק גופא, ווייל זיי פאַרמינדערן זיין ווערט דערמיט, וואָס זיי ציען עס אַראָפּ פון דער פילאָזאָפישער הויך און שטעלן אַוועק גאָט אין ניט קיין צו שיינער ליכט.

אין פּראָלאָג ווערט דערציילט, אַז אויף זיין יערלעכן צוזאַמענקונפט מיט די מלאכים באַרימט זיך גאָט פאַרן שטן מיט זיין טייערן און איבערגעגעבענעם קנעכט איוב׳ן, מיט זיין געטרייעם דינער. דער שטן ווערט ניט נתפּעל פון גאָטס באַרימעריי און בלייבט געטריי צו זיין צעשטערונג אַרבעט. ער זאָגט צו גאָט, אַז איוב׳ס איבערגעבענהייט איז ניט קיין אומזיסטע, זי איז ניט קיין פּלאַטאָנישע, נאָר אַן אויסגערעכנטע: — איובן לוינט זיך צו זיין גוט און פרום, ווייל גאָט האָט אים געגעבן אַלץ, וואָס זיין האַרץ האָט נאָר געגלוסט. זאָל אָבער גאָט פון אים אַלץ צונעמען און נאָך אַביסל פּלאָגן פיזיש דערצו, וועט איוב אָנהויבן צו ריידן אַנדערע רייד און וועט אויך אַנדערש האַנדלען. ער וועט אויפהערן זיין גוט און פרום.

גאָט לאָזט זיך איבעררייִדן פון שטן און גיט איבער איובן אין זיינע הענט, ער זאָל מיט אים טאָן וואָס ער וויל, נאָר ניט טויטן, און מען וועט זען ווי ער וועט האַנדלען.

גאָטס אָפּמאַך מיטן שטן איז גאָרניט קיין שיינער: ער גיט איבער זיין בעסטן קנעכט אין שטנס הענט, ער זאָל אויף אים עקספּערימענטירן דורך פּייניגונגען און ס׳זאָל אים אָנהויבן צו האַרן, וואָס זיין איבערגעגעבענער קנעכט ליידט די גרויזאַמסטע ווייטיקן און יסורים אומזיסט און אום נישט נאָר גלאַט צוליב אַן עקספּערימענט איבער אַן ערלעכן מענטשן.

איז דאָס נאָך ווייניק, איז ווען איוב קען ניט איבערטראָגן די שרעקלעכע ניט פאַרדינטע ליידן און ער קומט אַרויס מיט טענות קעגן גאָט פאַרוואָס ער פּייניגט אים, דערשיינט גאָט אין עפּילאָג אין אַ שטורעם־ווינט און באַרימט זיך פאַר איובן מיט זיין כוח און מיט זיין קאָסמישן אויפטו אין אַלגעמיין. און דערפאַר, הייסט עס, קאָן ער טאָן מיט זיין באַשאַף וואָס ער וויל

און איוב קאָן איבערהויפּט ניט וויסן זיינע ווענן און פאַרוואָס ער פאַרשאַפּט אים ליידן.

דאָס מיינט, אַז ניט נאָר אַרט גאָט ניט וואָס זיין בעסטער קנעכט ליידט אומזיסט און אומגישט, ווייל ער האָט אים איבערגעגעבן דעם שטן אין די הענט, נאָר ווען ער באַקלאָגט זיך, שיט ער (גאָט) זאַלץ אויף זיינע וואונדן מיט אומענדלעכע באַרימערײ, אַז אין זיין גרויסקייט און מעכטיקייט האָט ער זיינע אייגענע חשבונות אין וועלכע ניט מענטשלעכע ליידן און ניט קיין מאָ־ראַלע פּראָבלעמען אין אַלגעמיין, ווערן גענומען אין אַכט.

דאָס איז די איינציקע דערקלערונג, וואָס קען געגעבן ווערן אויף גאָטס באַרימערײ, ווייל עס איז אינגאַנצן ניט קיין פראַגע צי קאָן ער עס טאָן, צי האָט ער די מאַכט עס צו טאָן, איוב צווייפלט ניט אין זיין כוח צי ער קען עס טאָן. די פראַגע איז צי מ ע ג ער עס טאָן מאָראַליש, צי מ ע ג ער פייניקן אַן אומשולדיקן מענטשן, ווען ער אַליין האַלט פאַר פאַלשטענדיק ערלעך און איבערגעבן.

ס'איז שווער צו באַגרייפן ווי דער מחבר פון פּראָלאָג און עפּילאָג, האָט ניט געזען, אַז ער טוט גאָט א גאָר קליינע טובה פריער מיטן אָפּמאַך מיטן שטן און נאָכדעם מיט דער באַרימערײ וועגן זיין גרויסקייט און מעכטיקייט און זיין קאָסמישן אויפטו. געוויס קאָן מען זען, אַז דער מחבר איז געווען א גרויסער פּאָעט, ער האָט באַזעסן א גאָר רייכע פאַנטאַזיע; ער האָט פּשוט צעדריקט איובן מיט דער געטלעכער מעכטיקייט און האָט אים ממש גע־צוואונגען זיך צו שלאָגן על־חטא און זיך גאָר פאַרענטפערן פאַר גאָט מיט די ווערטער: "זע, ווינציק וואָס בין איך, וואָס קאָן איך דיר ענטפערן, איך טו אַרויף מיין האַנט אויף מיין מויל, איין מאָל האָב איך גערעדט, און וועל מער ניט ענטפערן, יאָ צוויי מאָל און וועל עס מער ניט טאָן."

אַז דער דאָזיקער פאַרענטפערן זיך פאַר גאָט שטימט ניט מיט דער אָנקלאַגע, איז קיין פראַגע ניט, קיין אַנדער ברירה האָט אָבער, לויטן אי־דישן באַגריף, דער מחבר ניט געהאַט. וואָס פאַר אַן אַנדער ענטפער האָט געקענט געבן א רעליגיעזער איד, ווען גאָט אַליין האָט זיך אַנטפּלעקט צו אים מיט זיין גאַנצער פּראַכט? קיין אַנדער ענטפער האָט ער ניט געקענט געבן, זיין גאָט האָט אָבער מאָראַליש פאַרלוירן און דער מחבר האָט עס ניט פאַרשטאַנען . . .

נעמט מען אָבער די פּאָעמע פילאָזאָפיש, זיינען דער פּראָלאָג מיטן עפּילאָג א ביי זאַך, וויכטיק איז פילאָזאָפיש דער עיקר וואָס באַשטייט פון דער דראַמאַטישער באַטראַכטונג וועגן דעם זין פון מענטשלעכן לעבן און פון מענטשלעכע ליידן. עס ווערט אין דער פּאָעמע געפרעגט צי ס'איז פאַראַן א זין אין לעבן און דערהויפּט צי ס'איז פאַראַן א זין אין מענטשלעכע ליידן; מיט אַנדערע ווערטער: עס ווערט געפרעגט צי ס'איז איבערהויפּט פאַראַן גע־רעכטיקייט אין דער פירונג פון דער וועלט.

איוב ענטפערט אויף די אַלע פראַגן מיט א קאַטעגאָרישן ניין: — ער זאָגט, אַז ס'איז ניטאָ קיין זין אין לעבן און געוויס איז ניטאָ קיין זין אין ליידן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס מיינט, אַז ס'איז ניטאָ קיין גערעכטיקייט אין דער פירונג פון דער וועלט. ער ווייס עס אויף זיכער דורך זיינע ליידן. ער ווייס, אַז ער ליידט אומזיסט און אומגישט און אַז זיינע טעג זיינען געציילטע,

און אז נאָך די אַלע לײדן װעט ער פאַרשװינדן אין דער אײביקײט און דאָס װעט זײַן זײַן סוף.

דאָס האָט געזאָגט א טיף רעליגיעזער מענטש, װאָס האָט ניט געצװײפלט אין גאָט און אין זײַן הערשאַפט איבער דער װעלט. ער האָט נאָר פּראָטעסטירט קעגן דער אומגערעכטער פירונג און פון דעם האָט ער געצױגן דעם שלוס, אַז ס'איז איבערהױפּט ניטאָ קײן גערעכטיקײט אויף דער װעלט. פאַרשטײט זיך, אַז װען קײן גערעכטיקײט איז ניטאָ, האָט דאָס לעבן בכלל און די לײדן בפרט, קײן שום זין ניט.

איוב מאַכט א קאַטעגאָרישע אָנקלאַגע, ער זאָגט: "איך בין אומשולדיק, מיך אַרט ניט מײַן נפש, מיר איז נמאס מײַן לעבן. עס איז אַלץ אײנס, דאַרום זאָג איך: דעם אומשולדיקן אַזױ װי דעם רשע פאַרלענדט ער. װען די רוט טײט פּלוצלונג, שפּאָט ער אויף דעם בעסטן פון די אומשולדיקע. די ערד איז איבערגעגעבן געװאָרן אין די הענט פון רשע, דעם פּנים פון אירע ריכטער פאַרדעקט ער, אויב ניט, װער דען איז דאָס?"

זײַן אױסגאַנגס פּונקט איז, װי מען קען זען, אַז אַזױ װי ער לײדט אומזיסט און אומנישט, איז דאָס א סימן, אַז גאָט קלײַבט ניט אויס װעמען צו שטראָפן, נאָר די רוט פון זײַן צאָרן פאַלט װאו ס'מאַכט זיך. ער מאַכט נאָך א שװערערע אָנקלאַגע קעגן גאָט, אַז ער (גאָט) שפּאַסט װען אומשולדיקע מענטשן האַלטן באַם גוססן. איוב זאָגט אױסדריקלעך, אַז גאָט האָט איבערגעגעבן די װעלט אין די הענט פון רשע און די ריכטער האָט ער געמאַכט בלינד, זײ זאָלן ניט זען קײן גערעכטיקײט. ער װײס, אַז זײַנע אָנקלאַגעס און באַשולדיגונגען זײַנען זײער ערנסטע, ער זעט אָבער ניט װי מען קען דערקלערן זײַנע לײדן אויף אַן אַנדער אופן.

ער גײט נאָך װײטער אין זײַנע באַשולדיגונגען קעגן גאָט: ער זאָגט: "אַז איך װאָלט זיך געװאַשן מיט שנײ־װאַסער, און גערײניקט מיט לױג מײַנע הענט, װאָלסטו דענסטמאָל אין א גרובן מיך אײַנטונקן — אַז מײַנע קלײדער װעלן זיך עקלען מיט מיר, װאָרום ניט א מענטש, װי איך, איז ער, איך זאָל אים ענטפערן, מיר זאָלן אינאײנעם צום משפּט גײן. ניטאָ צװישן אונדז קײן אַנטשײדער, װאָס זאָל לײגן זײַן האַנט אויף אונדז בײדן."

אײנפאַך מײנט עס: אַזױ װי גאָט איז מעכטיק, ער דאַרף קײנעם ניט אָפּגעבן קײן דין וחשבון פאַר זײַנע מעשים, טוט ער װאָס ער װיל און לאַכט זיך אויס פון מענטשלעכע לײדן. איוב איז אָבער א איד; ער באַנוצט מאָראַלע פּרינציפּן, רופט ער גאָט צום געריכט פון געװיסן. ער װענדט זיך צו גאָט און זאָגט: "דײַן האַנט דערװײטער פון מיר, און דײַן אימה זאָל מיך ניט שרעקן. און רוף איך װעל דיר ענטפערן, צי איך װעל רײדן און ענטפער דו מיר. װיפיל האָב איך זינד און חטאים? מײַן פאַרברעך און מײַן חטא לאָז מיר װיסן. פאַרװאָס פאַרבאַרגסטו דײַן פּנים, און רעכענסט מיך פאַר א שונא צו דיר? צי א געטריבן בלאַט װילסטו אָנשרעקן, און א פאַרטריקנטע שטרױ װילסטו נאָכיאָגן?"

איובס אָנקלאַגעס קעגן גאָט זײַנען זײער ערנסטע און דרײסטע; זײ רופן אַרױס די פראַגע: פון װאַנען האָט זיך צו א שטרענג רעליגיעזן אידן גענומען אַזא דרײסטקײט, אַז ער זאָל װאַגן אַרױסרופן גאָט אויף א דין תורה? רײן היסטאָריש איז שװער צו ענטפערן אויף דער פראַגע, װײל מען איז ניט

זיכער ווען די אידן האָבן געמאכט די אָנקלאגעס קעגן גאָט. מען ווייסט ניט גענוי ווען איוב איז געשריבן געוואָרן. (ס. שעכטער זאָגט, אז ס'זיינען פאַראַן מיינונגען, אז איוב איז געשריבן געוואָרן אזוי פרי ווי 1320 יאָר פ. קר. און אזוי שפּעט ווי 200 יאָר פ. קר.). אזוי ווי מען איז ניט זיכער מיט דער צייט ווען איוב איז געשריבן געוואָרן, אזוי איז מען ניט זיכער מיט דער צייט ווען די אַנדערע אָנקלאגעס זיינען געמאכט געוואָרן קעגן גאָט. מען ווייס ניט ווען די אָנקלאַגעס פון תהלים (קאַפּ. ע'ג, ק'ב, און אז. וו.) זיינען געמאַכט געוואָרן. די יאָמערן און אָנקלאגעס פון תהילים וועגן דעם ניט פאַרדינטן שוידערלעכן גורל זיינען ניט קלענער פון איובס אנקלאגעס; ער איז נאָך מער אויסגעהאלטן אין זיינע באשולדיגונגען קעגן גאָט.

ווען מען קאָן היסטאָריש ניט ענטפערן אויף דער פראַגע וועגן די אָנקלאגעס, קען מען אויף איר ענטפערן פּסיכאָלאָגיש. מען קאָן ניט ענטפערן ווען זיי זיינען געמאכט געוואָרן, עס איז אָבער לייכט צו ענטפערן פארוואָס זיי זיינען געמאכט געוואָרן. פּסיכאָלאָגיש, אויב ניט היסטאָריש, קאָן דער ענטפער זיין: — אינם ערשטן פּעריאָד פון דער אידישער געשיכטע זיינען ביי די אידן דערשינען נביאים, וואָס האָבן געפירט א קאמף פאר גערעכטיקייט אינם נאָמען פונם גאָט, וואָס פאָדערט פון זיין פאָלק צו גיין אין זיינע וועגן און טאָן גערעכטיקייט. דער מאָראלער גאָט האָט אין בבל געזיגט און די אידן האָבן אָנגענומען זיין תורה פאר זייער קאָנסטיטוציע.

אויב ניט פאקטיש, איז געוויס פּסיכאָלאָגיש, דער בונד צווישן יהוה און די אידן, געשלאָסן געוואָרן אין בבל. יהוה איז פון זיי אָנגענומען געוואָרן פארן מאָראלן אוניווערסאלן גאָט און גאָט האָט זיי דערפאר צוגעזאָגט הרים וגבעות. ווען אָבער פון די צוזאָגונגען האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזט און די אידן זיינען פארפאלגט און אונטערדריקט געוואָרן, איז געווען נאטירלעך, אַז ווי זיי האָבן פריער ארויסגעבראכט נביאים, וואָס האָבן אזוי געדונערט אינם נאָמען פון דעם מאָראלן גאָט, צו וועלכן די אידן האָבן זיך, נאטירלעך, אליין דערטראכט, זאָלן זיי אונטער די געענדערטע באַדינגונגען ארויסברייגען "סופרים", וואָס זאָלען דעמזעלבן מאָראלן געשריי ווענדן אין דער קעגנגעזעצטער ריכטונג, פון די אידן מיט א טענה צו גאָט. פּסיכאָלאָגיש איז דאָס דערזעלבער מאָראלער פּראָצעס, ער איז נאָר געווענדט אין דער פארקערטער ריכטונג: — פון די אידן צו גאָט. פארשטייט זיך, אז קעגן גאָט קען מען ניט נוצן די זעלבע שפּראך, וואָס ער האָט גענוצט קעגן די אידן און מען קען אויך ניט נוצן זיינע וואָרנונגען . . . דערפאר טאָקע פארענדיקן זיך די אָנקלאגעס אזוי, אז זיי קענען מאָראליש ניט צופרידנשטעלן. מען דאַרף אויך ניט פארגעסן, אז ווען די איוב פּאָעמע איז געשריבן געוואָרן און די אנדערע ענלעכע אָנקלאגעס זיינען געמאכט געוואָרן, האָבן די אידן ניט געהאַט קיין באַגריף וועגן א יענער וועלט, וואו דער שכר ועונש האָט פון גאָט געדאַרפט אויסגעטיילט ווערן. לויטן באגריף פון יענער צייט האָט ער געדארפט אויסגעטיילט ווערן אויף דער וועלט. דערפאר דער געשריי פארוואָס "צדיק ורע לו רשע וטוב לו."

איוב האָט פארלאָרן זיין מאָראלן שטיץ־פּונקט, ער הויבט ניט אָן צו פארשטיין וואָס ס'קומט פאָר מיט גאָט און מיט זיין באַציאונג צו מענטשן. ער באקלאָגט דעם מענטשנס גורל: "דער מענטש געבוירן פון א פרוי, האָט

קורצע טעג און זאָט פאַרדרוס. ווי א בלום קומט ער ארויס און ווערט פאַר־שניטן, און ער אנטלויפט ווי א שטן און באַשטייט ניט. און אויף אזעלכע האלסטו אָפן דיינע אויגן: און מיך ווילסטו ברענגען צום משפט מיט דיר? ווער קען מאַכן ריין פון אומריין? קיין איינער ניט. אויב זיינע טעג זיינען צו־געשניטן, די צאָל פון זיינע חדשים זיינען בא דיר. גרענעצן האָסטו אים גע־מאַכט וואָס ער קען ניט אריבער. קער זיך אָפּ פון אים, כדי ער זאָל האָבן רו, ביז ער וועט דערפילן ווי א גערונגענער זיין טאָג.

וואָרים פאר א בוים איז דאָ א האָפענונג, אז ער ווערט אָפּגעשניטן באַנייט ער ווידער, און זיין שפּראָץ הערט ניט אויף. אז אַלט איז דער ערד ווערט זיין וואָרצל, און אין שטויב שטאַרבט אָפּ זיין שטאָם, פון ריח און וואַ־סער בליט ער אויף, און לאָזט ריטלעך ארויס ווי א פלאַנצונג. אָבער א מאַן שטאַרבט און פאַלט אוועק, און פארגאַנגען דער מענטש, און וואו איז ער? וואסערן גייען אוועק פון ים, און א טייך ווערט אויסגעטריקנט און טרוקן, און דער מענטש לייגט זיך און שטייט ניט אויף; ביז קיין הימל וועט ניט זיין וועלן זיי זיך ניט אויפכאַפּן, און ניט אויפוואכן פון זייער שלאָף . . . אז א מענטש שטאַרבט וועט ער דען לעבעדיק ווערן?"

עס איז ניט נויטיק צו צוגעבן, אז אזוי רעדט ניט איינער וואָס האָט אַ באַגריף וועגן אַן עולם־הבא וואו שכר און עונש ווערט אויסגעטיילט. איוב און זיין צייט האָבן ניט געהאט דעם קלענסטן באגריף וועגן א יענער וועלט. די אידן האָבן דעם יענער וועלט און תחית המתים באגריף, אָנגענומען א סך שפּעטער, ווי איוב איז געשריבן געוואָרן, און זיי האָבן אים טאַקע אָנגענומען אום אויף דעם אופן צו לייזן דעם איוב פּראָבלעם.

עס איז וויכטיק צו באַמערקן, אז דער מחבר פון איוב האָט איינ־געזען דאָס, וואָס דר. מאקדאָנאלד און אלע טעאָלאָגן ווילן ניט, אָדער קע־נען ניט איינזען, אז דער איד האָט, לויט זיין דענקען, זיין פרייהייט גאָט ניט אוועקגעגעבן, פרייוויליק איז ער אין זיין דענקען קיין פאטאַליסט ניט געוואָרן. וואָס קומט אָבער ארויס פון זיין וועלן זיין פריי, ווען דער אלמעכ־טיקער גאָט האָט, ווי איוב זאָגט, זיין פרייהייט ביי אים צוגענומען: — גאָט האָט דעם מענטשנס לעבנס־טעג געשניטן, ער האַלט אים נאָר "ביז ער וועט ווי א גערונגענער דערפילן זיין טאָג." דער מענטש וויל טאַקע זיין פריי, גאָט אָבער לאָזט ניט זיין פריי .

דאָס דראַמאַטישע אין דער פּאָעמע קומט פאָר ווען איוב פארלירט מיט אמאָל זיינע זין און טעכטער, זיין האָב און גוטס און ווערט נאָך געשלאָגן מיט קרעץ (נאַטירלעך, אז ער ווייס ניט, אז גאָט האָט אים איבערגעגעבן אין שטנס הענט אריין, ער זאָל אויף אים עקספּערימענטירן), קומען זיינע פריינט אים טרייסטן. ווען ער הויבט זיך אָן צו באקלאָגן פאר זיי, אז ער ליידט אומ־זיסט, ער ווייסט אז ער האָט ניט געזינדיגט, איז אנשטאט אים טרייסטן, נע־מען זיי זיך אָן פאר גאָט, אז ער שטראָפט ניט אומזיסט און אומגישט, אז מסתמא האָט ער (איוב) געזינדיגט.

עס אנטוויקלט זיך א ויכוח, א מין דיסקוסיע צווישן איובן פון איין זייט און זיינע פריינט פון דער צווייטער זייט. אויסער דעם פּראָלאָג און עפּי־לאָג, באַשטייט דער אינהאַלט פון דער פּאָעמע פון דער דיסקוסיע (די אויסנאַ־מען, ווי דאָס 28 קאפּ. וועגן חכמה און דער שפּעטער צוגעקומענער פריינט

אליהוא ווערן באטראכט פאר צוגאָבן, וואָס האָבן ניט קיין שייכות מיט דער פּאָעמע). זיינע פריינט ארגומענטירן, אז גאָט שטראָפט ניט אומזיסט, אז ער האָט געוויס פארדינט די שטראָף און ער האלט אין איין טענה'ן, אז ער איז אומשולדיק, ער האָט ניט געזינדיגט.

זאָגט צו אים אליפז פון תימן: "דערמאָן זיך נאָר, ווער איז אומשולדיק אונטערגעגאנגען, און וואו זיינען רעכטפערטיקע פארטיליקט געוואָרן, ווערליק איך האָב געזען, איז די וואָס אקערן אומרעכט און זייען אומגליק, זיי שניידן עס." ער שיט זאלץ אויף א וואונד . . . און בלדד דער שוחי פרעגט אים בזה הלשון: "וועט דען גאָט פארדרייען דעם משפט? וועט דער אלמעכטי־קער פארדרייען די גערעכטיקייט? און אז. וו. יעדער איינער פון זיינע פריינט זאָגט זיך ארויס לויט זיין ריי און האלט איוב'ן אין איין באשולדיקן און האלט אין איין באוויזן גאָטס גערעכטיקייט אימער און שטענדיק, און איוב האלט זיי אין איין ענטפערן. צווישן אנדערע ארגומענטן זאָגט ער:

"איך ווייס אז אזוי איז עס — און ווי קען א מענטש גערעכט זיין קעגן גאָט? אז ער זאָל זיך וועלן קריגן מיט אים — וואָלט ער ניט געקענט ענטפערן איינס פון טויזנט. קלוג אין הארצן און שטאַרק אין כוח — ווער קאָן זיך עקשנען קעגן אים און ארויס גאנץ? דער וואָס רוקט איבער בערג און זיי מערקן ניט, ווען ער קערט זיי איבער אין זיין צאָרן, דער וואָס טרייסלט אויף די ערד פון איר אָרט, אז אירע זיילן ציטערן. דער וואָס הייסט דער זון און זי שיינט ניט, און די שטערן פאר'חתמעט ער, ער האָט אויסגעשפרייט די הימלען אליין, און ער טרעט אויף די הויכן פון ים. ער האָט געמאכט די בערנשטערן, דעם אריאָן און די זיבנשטערן, און די קאָמערן פון דרום. ער טוט גרויסע זאכן אזש ניט צו דערפאָרשן, און וואונדער אזש אָן א צאָל. אָט גייט ער מיר פארביי און איך זע אים ניט, און ער ציט דורך און איך מערק אים ניט. אָט כאפּט ער אוועק, ווער קאָן אים אָפּהאלטן? ווער קאָן אים זאָגן וואָס טוסטו? גאָט קערט ניט אָפּ זיין צאָרן, אונטער אים האָבן זיך געבויגן די העלפער פון רהב. קליינער מיינע ווערטער קעגן אים? וואָס אפילו איך זאָל גע־רעכט זיין, קאָן איך ניט ענטפערן, בעטן מוז איך בא דעם וואָס משפט מיך, אפילו איך זאָל רופן און ער זאָל ענטפערן, וואָלט איך ניט גלויבן, אז ער האָט פארנומען מיין קול. ער וואָס צורייבט מיך מיט שטורם־ווינט, און מערט מיינע וואונדן אומזיסט. ער לאָזט מיר מיין אָטעם ניט אָפּציען, נייערט ער זעטיגט מיך מיט ביטערנישן. אויב אין כח איז ער מעכטיקער, און אויב אויף א משפט, ווער קאָן מיך לאדן? אפילו איך זאָל זיין גערעכט, וועט מיין מויל מיך פארשעלטן. איך מעג זיין אומשולדיק, וועט ער מאכן קרום."

אזוי קומט דער ויכוח פאָר כמעט איבערן גאנצן בוך: זיינע פריינט האלטן אין איין באוויזן, אז גאָט איז גערעכט, ער שטראָפט ניט אומזיסט און ער האלט אין איין באשולדיקן גאָט פאר זיינע אומגערעכטע האנדלונגען און אז ער טשעפּעט זיך צום מענטשן גלאָט אין דער וועלט אריין. אין אָן ענטפער צו זיינע פריינט ווענדט ער זיך צו גאָט מיט זיינע פראגן. ער פרעגט: "וואָס איז דער מענטש וואָס דו האלטסט אים אזוי גרויס און וואָס דו האָסט אים שטענדיק אין זינען? און דו דערמאָנסט זיך אין אים יעדן פרימאָרגן און יעדע רגע פּרובירסטו אים אויס . . . איז האָב איך געזינדיקט, וואָס קאָן איך האָבן געטאָן דיר, דו היטער פונם מענטשן? פארוואָס האָסטו מיך

געמאכט פאר א ציל פון דיין אָנפאל? פארוואָס פארגיסטו מיר ניט מיינע זינד, שאפסט ניט אָפּ מיין פעלשונג? ווייל אָט באלד לייג איך מיך אין שטויב. און דו זוכסט מיר, בין איך שוין ניטאָ.״ איוב האָט נאָך א טענה צו גאָט, ער פרעגט: ״פארוואָס גיט ער ליכט דעם וואָס מאַטערט זיך, און לעבן די פארביטערטע אין געמיט? די וואָס ווארטן אויפן טויט, און ער קומט ניט, און זיי אקערן נאָך אים מער ווי נאָך אוצרות, די וואָס וואָלטן זיך פרייען מיט שמחה, וואָס וואָלטן קווענקלען, אז זיי וואָלטן געפונען דעם קבר״ און אז. וו.

ווען מען נעמט אין באטראכט די צייט ווען דאָס איז געשריבן געוואָרן, צייגן אָן די אלע פראגן וואָס ער פרעגט בא גאָט, די אָנקלאגעס וואָס ער מאַכט קעגן אים, אויף די ראנגלענישן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין א טיף רעליגיעזער נשמה, ווען אירע מאָראל־רעליגיעזע באגריפן זיינען געקומען אין א ווידערשפרוך מיט די פּאסירונגען פון לעבן.

אין אָט דעם קאָנפליקט צווישן א טיף פילנדער מאָראל־רעליגיעזער נאַטור און דער גאָרניט עטישער ווירקלעכקייט פונם לעבנס פּראָצעס, ליגט די גרויסע באדייטונג פון דער איוב פּאָעמע, דעם איוב פּראָבלעם. ווי פּראָפעסאָר דזשאסטראָוו זאָגט, אז ״באַ איובן איז אנטשטאַנען א ווידערשפרוך אין דער אנטוויקלונג פון דער אידייע וועגן גאָט אין דער עטישער ליניע״, אין דעם ראנגלען זיך פון א רעליגיעזער נשמה, וואָס האָט געוואָלט מאכן שלום צווישן זיין רעליגיעזן גלויבן מיט די פאקטן פון דערפארונג. די מחברים פון דעם בוך, איוב, כאָטש זיי זיינען געווען רעוואָלוציאָנערן, האָבן קיינמאָל ניט אריבערגעטראָטן די גרענעצן פון גלויבן. זיי האָבן נאָר פּראָטעסטירט, אז דער פּראָבלעם, מיט וועלכן איוב ראנגלט זיך, קאָן ניט דערקלערט ווערן מיט דער הילף פון די אָנגענומענע ארגומענטן, נעמלעך, אז ליידן זיינען א רעזולטאט פון זינד און אז די וואָס ווערן געשטראָפט, פארדינען די שטראָף.״ (זע ״די בוק אָוו דזשאב״ ז. 186).

איין קלייניקייט: די מחברים (ער נעמט אָן, אז איוב איז א צוזאמענשטעל) האָבן נאָר ניט געגלויבט, אז גאָט איז גערעכט און זיין משפּט איז גערעכט, אין גאָטס הערשאַפט אין אלגעמיין האָבן זיי יאָ געגלויבט. אָבער וואָס קומט ארויס פון גאָטס הערשאפט איבער דער וועלט, אויב דער פּרינציפּ פון גערעכטיקייט הערשט ניט אין איר? זאָל זיין אז גאָט איז גרויס און מעכטיק, ער קאָן טאָן וואָס ער וויל נאָר; אויב אָבער ער איז ניט באהערשט פונם געפיל פון גערעכטיקייט, פארלירט זיין געטלעכקייט איר גאַנצע באדייטונג, אָן דעם מאָראלן פּרינציפּ מיינט דער באגריף וועגן גאָט קיין זאך ניט: — א ניט גערעכטער גאָט, איז אינגאנצן ניט קיין גאָט . . .

מען קען זען, אז די פילאָזאָפישע באדייטונג פון דער פּאָעמע באַשטייט אין דעם, וואָס אויף אן איינפאכן און גאנץ קינסטלערישן אופן, ווערט אין איר באטראכט דער וויכטיקסטער פּראָבלעם פארן רעליגיעזן דענקער פון אלע צייטן, נעמלעך: וואָס איז דער זין פון לעבן בכלל און פון מענטשלעכע ליידן בפרט?ביידע פראגן זיינען פונדאמענטאלע, די צווייטע איז נאָר א מער וויכטיקע פאר דער ערשטער; אין איר ווערט גאָט געשטעלט צום משפּט — איוב פרעגט איינפאך באַ גאָט: — זאָל זיין איך האָב געזינדיגט, איז וואָס האָב איך דיר אזעלכעס געטאָן? און מער ווי דאָס, ער פרעגט צי דער אלמעכטיקער דארף איבערהויפּט היטן דעם מענטשנס יעדן טריט טאָמער באַ־

גייט ער א וועלכע ס'איז עוולה?

מיט דער לעצטער פראגע ווערט פאקטיש אָפּגעפרעגט דער געטלע־כער סדר פון דער וועלט, ווי ער ווערט פארשטאַנען פונם רעליגיעזן מענטשן און עס ווערט געטאָן אין אזא קאָנקרעטער און דרייסטער פאָרמע, אז די פראגע איז ברענענד איצט פארן רעליגיעזן מענטשן, ווי זי איז געווען מיט דריי און צוואַנציק הונדערט יאָר צוריק ווען זי איז אוועקגעשטעלט גע־וואָרן אין דער פּאָעמע.

עס איז ווירקלעך א גרויסער חידוש, וואָס אין דער אידישער שטרענג־רעליגיעזער אַטמאָספערע איז געשאפען געוואָרן א ווערק, וואָס צווייפלט אָפן אין גאָטס גערעכטיקייט און לייקנט פאקטיש אָפּ די גערעכטע פירונג פון דער וועלט.

דער כאראקטער פונם אינהאלט פון איובן, צוזאמען מיט די ניט אידי־שע נעמען אין דער פּאָעמע, האָט געפירט אייניקע פאָרשער צו צווייפלען צי ס'איז א אידישע שאפונג. ערנסט אָבער צווייפלט קיינער ניט, ווייל ווי זאָגט דזש. אדאם סמיט, אזא עטישער פּראָבלעם האָט אין דער אַלטער וועלט ניט געקענט אנטשטיין אין ערגעץ אויסער אינם אידנטום. דאָס עטישע אינם אידנטום, שטרייכט ער אונטער, שטאַמט פונם אָריגענאַלן אידישן קוואַל. (ז. "די לעגאסי אָוו איזראעל" ארייִנפיר).

פארשטייט זיך, אז דאָס איז ניט קיין באווייז, עס איז בלויז א מיינונג. פאקטיש אָבער זיינען ווירקלעך ניטאָ קיינע פּרעצעדענטן אויף איובן, אויסער וואָס ברעדסטעד האָט געפונען עפּעס "ענלעכעס" אויף איובן אין מצרים . . . אָבער אויף וואָס האָט ער ניט געפונען קיין "ענלעכעס" אין מצרים? רעכנט מען זיך טאָקע מיט זיין מיינונג ניט. איוב איז א טייל פון תנ"ך און באַלאַנגט צו אים.

אויף דער פראגע: ווי דערקלערט מען דעם אידישן ארויסטרעט קעגן גאָט, איז פריער געגעבן געוואָרן א פּסיכאָלאָגישער ענטפער, וואָס איינפאך מיינט ער, אז די אידן, וואָס האָבן זיך מיט זייער טיפן מאָראַלן געפיל דער־טראכט צום עטישן מאָנאָטעאיזם, האָבן מיט דער הילף פונם זעלבן געפיל איינגעזען, אז גאָטס פירונג איז גאָרניט אזוי כשר וישר, ווי ס'פּאסט פאר אן עטישן גאָט. און איינגעזען האָבן זיי עס, ווען פון זיינע הבטחות האָט זיך אויסגעלאָזט א בארג אש.

ווען מען טרעט צו צו איובן און צו די אנדערע אָנקלאגעס, פּסי־כאָלאָגיש, האָט מען זיי א רעכט צו באטראכטן ווי אן אנטיקלימאקס צו די שאַ־פונגען פון די נביאים. זיי קאָנען מיינען: — זע, ליבער גאָט, מיר האָבן אונד־זער טייל פון בונד דורכגעפירט ווי די תורה און ווי די נביאים האָבן פון אונדז געפאָדערט. מיר גלויבן אין דיר באמונה שלמה און מיר דינען דיך מיטן גאנצן הארצן, איצט, ליבער גאָט, וואו איז די גערעכטיקייט, וואָס דו האָסט צוגעזאָגט דיין פאָלק?

פארשטייט זיך, אז דאָס איז אן אינטערפּרעטאציע, און מען קאָן צו־געבן, אז טיילווייס איז עס א מאָדערנע אינטערפּרעטאציע. דער אידישער דענקען איז ניט געווען אויף אזויפיל אויסגעשפּראָכן אינטעלעקטועל, ווי ער איז דאָ אינטערפּרעטירט געוואָרן. אומבאוואוסטזיניק האָט עס אָבער, אומ־געפער, דאָס געמיינט.

די פּאָעמע איז א ריין אינדיווידואַליסטישע; אי די ליידן זיינען פון א יחיד, אי די אָנקלאַגע איז א פּערזענלעכע. דער אויסגאַנגס פּונקט איז אַן אינדיווידועלער. די ליידן פירן אָבער איוב׳ן צו גענעראַליזירן, אַז גאָט רעכנט זיך ניט מיטן מענטשן אין אַלגעמיין. אים אינטערעסירן ניט זיינע גוטע מעשים און ניט די שלעכטע; אַז ער האָט איבערגעגעבן דעם מענטשן צוזאַמען מיט דער וועלט אין די הענט פון שטן, ער זאָל מיט זיי טאָן, וואָס ער וויל. עס איז אויך מעגלעך, אַז דער צופאַל הערשט אין דער וועלט איבערהויפּט. דאָס איז זיין אויספיר.

עס איז פאַראַן א מיינונג, אַז וועגן איובן זיינען געשריבן געוואָרן מער אָפּהאַנדלונגען ווי וועגן וועלכן עס איז אַנדער ווערק. ס׳איז א סברה, אַז ס׳זיינען וועגן אים געשריבן געוואָרן פינף טויזנט ביכער. דאָס באַווייזט ווי הויך די פּאָעמע ווערט געשעצט (עס זיינען פאַראַן אַזוינע ענטוזיאַסטן, וואָס האַלטן די איוב פּאָעמע פאַרן וויכטיקסטן פּערל פון דער וועלט ליטעראַטור) און אויף וויפיל דער פּראָבלעם אינטריגירט דענקער און ביבל פאָרשער.

פאַרשטייט זיך, אַז די פאַרשיידנסטע מיינונגען זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן וועגן דער פּאָעמע און ניט נאָר זיינען די ליטעראַרישע אָפּשאַצונגען פאַרשיידן, נאָר אויך די פילאָזאָפישע און טעאָלאָגישע מיינונגען זיינען כמעט אומענדלעך פאַרשיידן. פונדעסטוועגן מעג מען אָננעמען, אַז דער דאָ אָנגעגעבענער פילאָזאָפישער מיין איז דער נאָענטסטער צום אמת (דערביי דאַרף אונטערשטראָכן ווערן, אַז איוב ווערט דאָ בלויז באַטראַכט לויט זיין צענטראַלן פילאָזאָפישן מיין און ניט מער). דאָס האָט מען א רעכט צו אָננעמען דערפאַר, וואָס די אינטערפּרעטאַציע שטימט ווערטערלעך מיטן אינהאַלט פון דער פּאָעמע און די אַנדערע אינטערפּרעטאַציעס באַשטייען פון פּירושים אויפן אינהאַלט. אויב אָבער קען מען פרעגן: ווען מען נעמט דעם אינהאַלט ווערטערלעך, איז ער דער אויסדרוק פון א יחיד, פון איובן, איז פאַרוואָס ווערט ער גענעראַליזירט ווי אַן אויסדרוק פון אידישן פּראָטעסט קעגן גאָטס האַנדלונג? פאַרוואָס ניט באַטראַכטן די פּאָעמע פאַר א צופעליקן אויסדרוק פון אַן איינצל מענטשן און ניט ציען קיין פילאָזאָפישע שלוסן אויפן באַזיס פון איר אינהאַלט? אויף דער פראַגע ענטפערט דזשאַן פ. גענונג אין זיין בוך וועגן איובן (די עפּיק אָוו די אינער לייף: די בוך דזשאב), אַז די אידן זיינען ניט געוועזן גלאַט קיין שאַפער פון אויסגעטראַכטער ליטעראַטור; זיי האָבן זיך ניט באַשעפטיגט מיט קיין אַבסטראַקטע אידייעס. זיי זיינען געוועזן סוביעקטיוו אין זייער דענקען. עס איז מעגלעך, אַז א לעגענדע וועגן אַן ערלעכן איובן האָט עקזיסטירט פאַר א לאַנגער צייט (זע יחזקאל קאַפּ. יד. שורה 14), האָט א געניאַלער דענקער דורך איר אויסגעדריקט די פילאָזאָפישע שטימונג פון זיין צייט.

דאָס לייגט זיך אויפן שכל. מען דאַרף נאָך צו דעם צוגעבן, אַז ליטעראַרישע שאַפונגען אין אַלגעמיין פאַלן אויך ניט אַראָפּ פון לופטערן הימל און זיי ווערן אויך ניט געשאַפן אין קיין וואַקאום, ספּעציעל אַנטשטייען קיין פּראָבלעמען ניט פון זיך אַליין, זיי זיינען א רעזולטאַט פון סביבה באַגריפן פון זייער צייט. דער איוב פּראָבלעם איז געוויס ניט קיין אויסנאַם פון דעם כלל. דערפאַר איז די גענעראַליזאַציע א באַרעכטיגטע.

איצט וועלן געבראכט ווערן אַ פּאָר אנדערע אינטערפּרעטאציעס און ס׳וועט אָנגעוויזן ווערן פאַרוואָס זיי קענען ניט אָנגענומען ווערן פאַר ריכ־טיק.

אין זיין עסיי ״איוב א פּאָעמע פון דעם אידישן פרייען געדאַנק״ ציט דר. זשיטלאָווסקי דעם שלוס, אז ״אין זיין פערזענלעכן פאל האָט ער (איוב) דערבליקט דעם גורל פון דעם מענטשן איבערהויפּט און זיין נשמה איז אויפ־געציטערט געוואָרן פון דעם שוידערלעכן אמת, וואָס האָט זיך פּלוצים אנט־פּלעקט פאַר זיינע אויגן. ער האָט זיך דערפילט ניט דעם איוב, אָט דעם באַ־שטימטן ליידענדן יחיד, נאָר דעם מענטשן, דאָס שפּילכעלע אין די הענט פון דער אלוועלטלעכער מאכט״ (בוך 1 ז. 213).

דר. זשיטלאָווסקיס אָפּהאנדלונג איז אָן אינטערעסאנטע און אין אל־געמיין איז זי א ריכטיקע. זיין פילאָזאָפישער שלוס קאָן אָבער ניט אָנגענומען ווערן דערפאַר, וואָס דר. זשיטלאָווסקי טראָגט איבער דעם מאָטיוו פון איובס רעאגירן פון זיינע פאַקטישע פיזישע ליידן אויף זיין, אזוי צו זאָגן, פילאָזאָפישן געדאַנק, אז ״זיין נשמה איז אויפגעציטערט געוואָרן פון דעם שוידערלעכן אמת״ און אז. וו. אז ניט זיינע ליידן האָבן ארויסגערופן זיין פּראָטעסט, נאָר דאָס, וואָס דער מענטש איז ״דאָס שפּילכעלע אין די הענט פון דער אלוועלט־לעכער מאַכט.״ דאָס זעט מען ניט פון דער פּאָעמע זאָל געוועזן זיין איובס אויסגאנגס פּונקט, און פּסיכאָלאָגיש האָט עס אויך ניט געקענט זיין פּשוט צוליב דעם פאַקט, וואָס עמאָציעס, וואָס קומען פון פיזישע ליידן, ווירקן שטאַרקער און טיפער פון אבסטראַקטע באגריפן וועגן דעם מענטשנס גורל אויף דער וועלט אין אלגעמיין. געוויס האָט איוב פון זיינע ליידן געצויגן טרויעריקע שלוסן וועגן דעם מענטשן גורל אויף דער ערד. דאָס זיינען אָבער געווען געצויגענע שלוסן און ניט זיין אויסגאנגס פּונקט, וואָס איז געווען א פּסיכיש סוביעקטיווער און ניט קיין לאָגיש אביעקטיווער.

וועגן דר. זשיטלאָווסקי׳ס אינטערפּרעטאציע מוז מען זאָגן, ווי ספּענ־סער האָט געזאָגט אין ענלעכן פאל ״עס איז א גרויסער פאַרדרוס, וואָס צוליב א קליינלינכן פאַקט מוז מען זיך אָפּזאָגן פון א גראַנדיעזער טעאָריע.״ פאַר׳ן פאַקט מוז מען בויגן דעם קאָפּ: — דערפאַר איז דאָ דר. זשיטלאָווסקי׳ס פילאָזאָפישע אינטערפּרעטאציע ניט אָנגענומען געוואָרן.

מער אויספירלעך וועט באטראַכט ווערן די טעאָלאָגישע אינטער־פּרעטאציע, זי וועט געגעבן ווערן לויט דער מאָדערניזירטער פאָרמע ווי זי ווערט באטראכט פון דזשיימס מקעקניע אין זיין בוך ״דזשאָב.״ ער באטראכט דעם פּראָלאָג פאַר א ריכטיקן ארייַנפיר און מיטן עפּילאָג פאַרענדיקט ער די דראַמע. נאַטירלעך, אז ער איז ניט דער איינציקער וואָס פאַרטיידיקט דעם ריין טעאָלאָגישן שטאַנדפּונקט. דער פריער דערמאָנטער געגנונג איז מער טעאָלאָגיש פון מקעקניען, ער פאַרוואַנדעלט איובן אין א צווייטן פּאולן און פירט אים דירעקט צום מלכות שמים . . . אויך קאַרפּעלעס נעמט אָן די אלגעמיינע טעאָלאָגישע אינטערפּרעטאציע, ער באטאָנט נאָר מער די ליטע־ראַרישע זייט ווי די טעאָלאָגישע זייט. די לעצטע איז פאַר אים א ביי־זאַך.

פון ליטעראַריש־פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט איז מקעקניעס אָפּ־האַנדלונג זייער אינטערעסאנט, ער באשעפטיקט זיך זייער א סך מיטן פּסי־כאָלאָגישן קאָנפליקט, וואָס קומט פאָר צווישן איובן און זיינע פריינט. דער

בוך איז געשריבן מיט גרויס פארשטענדעניש און טאקע אויך מיט טא־לאנט.

דאָס אַלץ, כאָטש ס'איז זייער אינטערעסאַנט פאר זיך, איז אויסער די גרענעצן פון דער אָפּהאַנדלונג. וואָס פאר דער ארבעט איז וויכטיק און צו־ליב וואָס ער ווערט דערמאָנט איז וואָס ער אינטערפּרעטירט גאָטס דער־שיינונג צום סוף פון בוך ווי אַ מיסטישע איבערלעבונג צו וועלכער איובן האָט געטריבן זיין אייגענע ארגומענטאציע (א סך מער אויספירלעך טוט עס געגנוג, אָבער ער טייטשט צו פיל אריין אין איובס ווערטער). לויט מקעקניעס אינטערפּרעטאציע איז ביסלעכווייז אין איוב'ס דענקען פאָרגעקומען אַ פּסי־כישע ענדערונג און "די אטמאָספּערע פון קראנקן־צימער איז פארביטן גע־וואָרן אויף דער פרייער הימעלשער לופט . . . ס'איז פאראן א געזונטע רע־טונג, ניט קיין פיזישע, נאָר א פּסיכישע און גייסטיקע . . . איוב "האָט דערזען א שטענדיקן לעבן, ער האָט דערזען דעם גאנצן לעבן." ביז דעם מאָמענט איז ער געווען איינגעשלאָסן אין זיך, ער האָט נאָר געטראכט וועגן זיין פינ־סטערן גורל, אָבער איצט איז ער ארויס אויף דער ברייטער וועלט און זיינע אַלץ אומפאסענדע געדאנקען האָבן געשוועבט איבער גאָטס גרויסן אוני־ווערס. ווי געהיימניספול קומען אין אים פאָר פּאסירונגען, ווי אומענדלעך זיינען זיינע כוחות, וואָס פאר אן אָרדענונג און שיינקייט, וואָס פאר א מיס־טעריע און פראכט איז איבעראל. גרויס, אומפארשטענדלעך גרויס, מוז זיין דער גאָט, וואָס האַלט דאָס אַלץ אין אָרדענונג און וואָס קאָנטראָלירט דאָס אַלץ. און אָט דעם ו ו ע זן אָט דער אומוויסענדער און אימפּאַטענטער איוב ארויסגערופן אויף א דין תורה. ער, דער מיקראָב אין דער גראנדיעזער סכעמע, וואָס ניט ער וויים וועגן דעם פּלאַן, אָדער וועגן דעם צוועק, האָט געהאַט די חוצפּה צו קריטיקירן און צו באשולדיקן. ער האָט געטראכט, אז גאָט איז ניט גערעכט, און אז ער אורטיילט ניט מיט גערעכטיקייט, אז וואָלט ער געווען אין גאָטס פּלאַץ וואָלט ער בעסער געטאָן. דאָס אַלץ האָט איובן פאַרשעמט און ער האָט זיך פארלאָרן." (ז. "דזשאב" זז. 124־123).

אָט די איבערלעבונג האָט אויף איובן אזוי געווירקט, אז ער האָט באַשטימט, אז גאָט איז גערעכט און זיין משפּט איז גערעכט . . . דאָס איז מקעקניעס שלוס.

וועגן דער אינטערפּרעטאציע קען מען זאָגן, אז ווען מען איז מיס־טיש געשטימט, קאָן מען בעאיינפלוסט ווערן פון דער אויסערגעוויינטלעך גוטער אָפּהאַנדלונג. ווען מען איז אָבער א ניכטערער ראציאָנאַליסט און מען ווערט ניט נתפּעל פון מיסטיציזם, אפילו ניט ווען מען מאָדערניזירט אים, קאָן מען די אינטערפּרעטאציע ניט אָננעמען פאר צוויי טעמים: 1) ווען דער צענטראַלער געדאנק פון דער פּאָעמע וואָלט געווען אינם עפּילאָג, וואָלט גאָט געדארפט ברענגען מאָראַליש באַרעכטיגטע און איבערציינגענדע ארגומענטן אין באצוג צו זיין דירעקטער האנדלונג קעגן איוב'ן און די מאָראַלע ווירקונג זאָל זיין אזא, אז איוב זאָל זי מענטשלעך קענען זען און דערבליקן גאָטס גערעכ־טיקייט און ניט גאָט זאָל זיך באַרימען מיט זיין כוח און מיט זיין קאָסמישן אויפטו און זאָל האָבן אייגענע חשבונות אין וועלכע ניט דער מענטש און ניט מאָראַל אין אַלגעמיין, שפּילן וועלכע ס'איז ראָלע. גאָט האָט ניט געבראכט קיין איין נייעם ארגומענט. אַלץ, וואָס ווערט געזאָגט אינם עפּילאָג, אפילו

דאָס, וואָס מקעקניע גיט פון זיך צו, האָט איוב אויך פריער געוואוסט און האָט עס אפילו אַליין געזאָגט, נאטירלעך אין אַן אַנדער פאָרמע. מען זעט ניט, אז גאָט זאָל עפּעס האָבן צוגעגעבן, וואָס וואָלט געקענט ווירקן אויף איובן ער זאָל ענדערן זיין בליק און זאָל דערזען די קאָסמישע פּראָצעסן אין אַן אנדער ליכט, ווי ער האָט זיי פריער געזען. דאָס זעט מען ניט.

איוב גאָטס דערשיינונג (אין וועלכער פאָרמע דאָס זאָל ניט געווען פאָרקומען) האָט קיין שום נייעס ניט צוגעגעבן, איז ווי קאָן מען אָננעמען, אז דער עפּילאָג ענטהאלט אין זיך דעם צענטראַלן געדאנק פון דער פּאָעמע, נעמלעך, אז גאָטס ארגומענטאציע האָט געווירקט אויף איובן ער זאָל איינזען, אז גאָט איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט? ווי געזאָגט, זיינען אינם עפּילאָג ניט צו געגעבן געוואָרן קיין שום מאָראלע פאקטן, וואָס זאָלען געווען קאָנען ווירקן אויף איובן ער זאָל פּסיכיש זיך ענדערן, און דערפאר קען מען די אינטערפּרעטאציע ניט אָננעמען.

אָבער אויסער דעם ווערט אינם עפּילאָג אינגאנצן איבערגעטראָגן דער שווער פּונקט פון דער פּאָעמע פון דער מאָראַלער ליניע אויף גאָטס מעכטיקייט און דערפאר קען ער טאָן וואָס ער וויל מיטן מענטשן. דאָס האָט אָבער ניט קיין שום שייכות מיטן איוב פּראָבלעם וועגן דעם זין פון מענטשלעכן לעבן און דערהויפּט וועגן דעם זין פון ליידן.

און דאָ קומט צו עפּעס זייער וויכטיקעס, וואָס איז צו שטוינען ווי טעאָלאָגן פארזעען עס און דאָס איז, אז ווען מען נעמט אָן, אז דער צענטראַלער פּראָבלעם פון דער פּאָעמע געפינט זיך אינם עפּילאָג, מוז מען אויך ארייננעמען דעם פּראָלאָג מיט גאָטס אָפּמאַך מיטן שטן . . . צו באַרעכטיקן גאָטס האנדלונג לויטן פּראָלאָג, קאָן, דוכט זיך, אפילו קיין טעאָלאָג ניט. ווי ס'זעט אָבער אויס איז דאָס וואָס טעאָלאָגן ווילן ניט זען, באמערקן זיי ניט . . .

וואָלט מען אפילו אַלע זייטיקע זאכן וועלן פארזען און אָננעמען מקעקניעס אינטערפּרעטאציע, שטייט ווי א ביין אין האלז דער פאקט, וואָס גאָטס דערשיינונג ענדערט אויף קיין האָר ניט דעם פונדאמענטאלן פּראָבלעם: — וואָס איז דער זין פון מענטשלעכן לעבן? און דער עיקר, וואָס איז דער זין פון מענטשלעכע ליידן? מען דאַרף אויך קיין איין מינוט ניט פארגעסן, אז איובס אָנקלאגע קעגן גאָט איז, אז ער שטראָפט אומשולדיקע מענטשן און אז אים קימערן ניט זייערע ליידן. די דאָזיקע אנקלאגע ווערט אינם עפּילאָג ניט באַשטריטן און ניט פארענטפערט. גאָטס דערקלערונג וועגן דער גרויס פונם אוניווערס און די באגרעניצקייט פונם מענטשן, האָט קיין שום שייכות ניט מיט דער פראגע: צי מעג ער (גאָט) מאַכן מענטשן ליידן אומזיסט און אומנישט? צי האָט ער א מאָראלע רעכט דאָס צו טאָן? אויף דער פראגע איז אינם עפּילאָג ניטאָ קיין ענטפער און פונם אידישן מאָראלן באגריף פון אן אבסאָלוט מאָראלן און גערעכטן גאָט, האָט גאָט אַליין אויף דעם ניט געקענט געבן קיין ענטפער.

מקעקניעס ארגומענטאציע, אז איוב האָט איינגעזען "ווי געהיימניספול קומען אין אים (אינם אוניווערס) פאר פאסירונגען, ווי אומענדלעך זיינען זיינע כוחות . . . ווי אומפארשטענדלעך גרויס מוז זיין גאָט, וואָס האָט דאָס אַלץ אין אָרדענונג און קאָנטראָלירט אַלץ. און אָט דעם ווי ע ז ן האָט דער אומוויסנדער און אומפאראנטוואָרטלעכער איוב ארויסגערופן אויף א דין־

תורה, ער, אָט דער מיקראָב אין דער גראַנדיעזער סכעמע, וואָס ניט ער ווייס וועגן דעם פּלאַן אָדער וועגן דעם צוועק, האָט געהאַט די חוצפּה צו קריטיקירן און צו באַשולדיקן" און אַז. וו.

דאָס אַלץ, וואָס מקעקניע זאָגט, קלינגט אַזוי קריסטלעך אויגוסטיניש, וואָס באַטראַכט די וועלט פון גאָטס שטאַנדפּונקט און האַלט דעם מענטשן פאַר פאַלשטענדיק זינדיק און פאַרדאַרבן, אַז וואָס גאָט זאָל מיט אים ניט טאָן, דאַרף עס גענומען ווערן פאַר אַ חסד, אַז מען קריגט דעם איינדרוק, אַז מקעקניע האָט עס אַרויסגענומען פון אויגוסטינס ווידוי . . .

איבן אויף זעט עס אויס מאָדנע, וואָס די צוויי עקסטרעמען, דר. זשיטלאָווסקי און מקעקניע (מער קאָרעקט איז מקעקניע און דר. זשיטלאָווסקי) באַגעגענען זיך אין זייערע אויספירן, הגם זייערע אויסגאַנגס פּונקטן און זייערע מאָטיוון זיינען פאַרשיידענע: — איוב פאַרלירט ביי זיי ביידן. עס דאַרף אָבער ניט וואונדערן, זייער צענטראַלער געדאַנק איז דער זעלבער דער־פאַר, וואָס זיי ביידע האָבן גענומען דעם פּראָלאָג פאַר זייער אויסגאַנגס פּונקט, הגם זיי האָבן אים באַטראַכט פאַרשיידן. אַז לויטן פּראָלאָג קען מען איובן באַטראַכטן אויף דעם אופן זאָגן עדות זייערע אָפּהאַנדלונגען. נעמט מען אָבער די פּאָעמע אין איר גאַנצקייט פונם שטאַנדפּונקט, ווי זי איז פריער באַטראַכט געוואָרן, פאַרלירט מקעקניעס אַרגומענטאַציע איר גאַנצע וואָג, ווייל לויטן אידישן דענקען אין דער ליכט פון די תנאים פון בונד, וואָס גאָט האָט גע־מאַכט מיט זיי, איז ניט נאָר געווען מעגלעך צו האָבן טענות צו אים, נאָר ס'איז געווען זעלבסטפאַרשטענדלעך: — האָט דאָך גאָט, לויט ישעיהן, אַרויס־גערופן די אידן צו אַ דין תורה און חבקוק און די בעלי התהלים האָבן צו אים געהאַט אַ היפּש ביסל טענות, איז פאַרוואָס זאָל עס איוב ניט קאָנען טאָן און פאַרוואָס האָט ער זיך אויף אַזויפיל געדאַרפט שלאָגן על־חטא, ווען גאָט איז פאָרט געבליבן אומגערעכט?

דאָס איינציקע וואָס מ'קאָן זאָגן לטובת מקעקניעס אַרגומענטאַציע איז, ווען מ'נעמט דעם פּראָלאָג אין באַטראַכט און מען פאַרגעסט זיך אינם עפּי־לאָג, קען מען זען, אַז דער שפּעטערדיקער קריסטלעכער באַגריף האָט שוין געהאַט זיינע פאָרטיידיקער אין דער איוב עפּאָכע. איוב אָבער אין אַל־געמיין, דאַרף גענומען ווערן און ווערט טאַקע גענומען פון דעם שטאַנדפּונקט, ווי ער איז דאָ באַטראַכט געוואָרן. נעמט מען די פּאָעמע פון דעם שטאַנד־פּונקט, איז צוריק מיט אַן ערך דריי און צוואַנציק הונדערט יאָר אין איר אוועקגעשטעלט געוואָרן אַ פּראָבלעם, אויף וועלכן טעאָלאָגן קאָנען אפילו איצט ניט געבן קיין צופרידנשטעלנדן ענטפער. אין אָט דעם אוועקשטעלן דעם פּראָבלעם אויף אַזאַ שאַרפן און הויך קינסטלערישן אופן, ליגט די באַ־דייטונג פון דער פּאָעמע איוב.

## II

# קהלת

אי לויטן אינהאלט, אי לויטן אלגעמיינעם כאראקטער, פארנעמט קהלת א צווישן פלאץ צווישן איוב און משלי; דערפאַר וועט קהלת באַטראַכט ווערן פאַר משלי, כאָטש משלי איז געוויס פריער צוזאמענגעשטעלט געוואָרן פאר קהלת. פאר דער אָפּהאנדלונג איז די אָרדענונג באקוועמער.

ווען קהלת איז געשאַפן געוואָרן ווייס מען ניט; מען נעמט געוויינטלעך אָן, אַז דאָס ווערק איז אָדער געשאַפן געוואָרן צום סוף פון דער פּערזישער הערשאפט, אָדער אינם אָנהויב פון דער העלעניסטישער עפּאָכע, וואָס ס'מיינט ארום דעם פערטן אָדער דריטן יאָרהונדערט פ. קר.

לויט דער טענדענץ איז קהלת ענלעך אויף דער עפּיקורעער לערע און מעגלעך, אז ס'איז געשאַפן געוואָרן אונטער דער ווירקונג פון עפּיקורעאַניזם; עס זיינען אָבער ניטאָ קיין דירעקטע באַווייזן, אַז ס'איז אַ פּראָדוקט פונם עפּיקורעאניזם. עס האָט געקענט געשאַפן ווערן אָן אַזאַ ווירקונג, ווען די באַדינגונגען האָבן געפירט צו אזא ארט דענקען. אזא סקעפּטיציזם האָט אויך געקענט אַנטשטיין ביי די אידן גופא, ווען פון די גלענצענדע נביאות האָט זיך אויסגעלאָזט א בארג אש און עס זיינען נישט געווען קיין שום האָפענונגען פאר קיין ליכטיקערער צוקונפט. אונטער די אידישע באַדינגונגען פון יענער צייט האָט מען געקענט אַריינפאַלן אין אַזעלכע יאוש שטימונגען אָן וועלכער ס'איז אויסערלעכער ווירקונג . פון בוך גופא זעט מען ניט קיין שום אויסערלעכע ווירקונג; דר. מאַקדאָנאַלד האַלט, אַז ס'איז אַ ריין אידישער פּראָדוקט. אזוי ווי זיין מיינונג איז א זייער אינטערעסאנטע, וועט זי בידעריקער געגעבן ווערן. דער אָנהויב וועט געמאכט ווערן פון דעם ווערק גופא.

אויך קהלת, ווערט פון פאָרשער אָנגענומען, איז ניט קיין איינהייטלעך ווערק, נאָר א צוזאמענגעשטעלטעס. פּראָפעסאָר דזשאסטראָוו האלט, אז ס'איז געשריבן געוואָרן פון דריי באזונדערע מחברים. איין מחבר האָט געשריבן דעם סקעפּטיש־פילאָזאָפישן טייל, א צווייטער מחבר, א גאָטספאָרכטיקער, האָט צוגעשריבן די רעליגיעזע פסוקים און אַ דריטער האָט גלאַט אַריינגעשטעלט משלים, צי ס'האָט זיך געפאסט צום ענין, אָדער ניט . קיין באַווייזן, וועלכע זאָלן שטיצן די מיינונג, זיינען ניטאָ; דזשאסטראָוו האלט אָבער, אז ס'איז ניט ווארשיינלעך, אז דער סקעפּטיקער זאָל אויך געווען שרייבן די רעליגיעזע פסוקים, וואָס זיינען א סתירה צו זיין פילאָזאָפיע און זאָל נאָך דערצו גלאַט אריינשטעלן משלים. דאָס איז, לויט זיין מיינונג, ניט ווארשיינלעך. אַן ארגומענט איז עס א גוטער, קיין באַווייז איז עס ניט; דארף די פראגע בלייבן אַן אָפענע.

די באַמערקונגען, וואָס וועלן געמאַכט ווערן, וועלן זיך הויפּטזעכלעך באַציען אויפן פילאָזאָפישן טייל פון בוך, פאר וועלכן דזשאַסטראָוו רופט אָן דעם מחבר מילדער, אָדער ראַפינירטער, ציניקער (דזשענטל סיניק.), וואָס דאָס מיינט: א לייכטער ציניזם, וואָס שאַקירט ניט צופיל.

דעם כאַראַקטער פונם אינהאַלט זעט מען גלייך פון אָנהויב פון בוך, ווען דער מחבר הויבט אָן מיט "די ווערטער פון קהלת דעם זון פון דוד'ן, דעם מלך פון ירושלים. נישטיקייט פון נישטיקייטן זאָגט קהלת, נישטיקייט פון נישטיקייט, אַלץ איז נישטיק. וואָס פאר א נוץ האָט דער מענטש פון זיין מי וואָס ער מיט זיך אונטער דער זון? א דור פאַרגייט און א דור קומט און די ערד באַשטייט אייביק. און די זון גייט אויף און די זון גייט אונטער, און יאָגט צו איר אָרט וואו זי גייט אויף. דער ווינט גייט קיין דרום, און פאַרדרייט זיך קיין צפון, רונד ארום רונד ארום גייט ער, און צו זיינע געדרייען קערט זיך אום דער ווינט. אַלע טייכן גייען צום ים און דער ים ווערט ניט פול. צו דעם אָרט וואוהין די טייכען גייען, אהין גייען זיי ווידער. אַלע ווערטער ווערן מיד, קיין מענטש קען עס ניט אויסריידן. דאָס אויג קען זיך ניט אָנקוקן זאַט, דאָס אויער קען זיך ניט אָנהערן פול. וואָס איז געווען דאָס וועט זיין, און וואָס איז געשען דאָס וועט געשען, און ניטאָ קיין נייעס אונטער דער זון. פאַראַן א זאַך וואָס מען זאָגט דערויף, זע דאָס איז א נייעס, איז עס שוין געווען אין אַלטע צייטן, וואָס זיינען געווען פאר אונדז. ניטאָ קיין זכר פון די פריערדיקע, און פון די שפּעטערדיקע, וואָס וועלן ערשט זיין, אויך פון זיי וועט קיין זכר ניט זיין, נאָך שפּעטער."

דער אָנהויב ענטהאַלט אין זיך דעם תמצית פון דער סקעפּטישער פילאָזאָפיע פון קהלת. איידער קהלת וועט באטראכט ווערן, דאַרף געמאַכט ווערן א באמערקונג וועגן דעם נאָמען גופא. דער מחבר רופט זיך קהלת און זאָגט, אַז ער איז דער "זון פון דוד, דעם מלך פון ירושלים". אַן אָנדייטונג, אַז שלמה המלך איז דער מחבר פונם ווערק.

דער מחבר האָט ביז א גרויסן גראַד דערגרייכט זיין וואונטש: — פאר א לאַנגער צייט איז שלמה המלך באטראכט געוואָרן פאַרן מחבר פון קהלת און ווי אומגלויבלעך דאָס זאָל ניט זיין, געפינען זיך אויך איצט אַלגע־מיין געבילדעטע מענטשן, וועלכע באַטראַכטן שלמה המלך פאַרן מחבר פון קהלת. פאַרשטייט זיך, אַז קהלת איז א פּען נאָמען, מען נעמט אָן, אַז דער נאָמען שטאַמט פונם וואָרט קהל, זיכער איז מען וועגן דעם ניט.

פאַרוואָס דער מחבר האָט באַהאַלטן זיין נאָמען און האָט אומדירעקט אונטערגעשטעלט שלמה המלכ'ס נאָמען, איז שווער צו זאָגן. עס ווערן געמאַכט אַ סך השערות וועגן דעם; די וויכטיקסטע השערה איז, אַזוי ווי אין יענער צייט האָט מען ניט געהאַט קיין באגריף וועגן א מחברס רעכט אויף זיין שאַ־פונג, מען האָט אדאַפּטירט פרעמדע ווערק, מען האָט צו זיי צוגעשריבן וואָס מען האָט געוואָלט, האָט מען אויך אונטערגעשריבן נעמען פון וויכטיקע פּער־זענלעכקייטן אויף אייגענע ווערק.

דער מחבר פון קהלת איז ניט געווען קיין עניו, באַשיידנהייט איז אים אינגאַנצן געווען פרעמד, האָט ער זיך געמאַכט פאר א קעניג פון ירושלים און פאַר דוד המלכ'ס אַ זון: — זאָל מען זיין אונטערן איינדרוק, אַז שלמה המלך איז דער מחבר פון קהלת . . . א צווייטע השערה איז, אַזוי ווי דער מחבר

האָט געלעבט אין א שטרענג רעליגיעזער אטמאָספערע, האָט ער ניט געוואָלט פאַרעפענטלעכן זיין נאָמען אויף אַזאַ ניט רעליגיעזן ווערק. פאַרשטייט זיך, אז דאָס זיינען ניט מער ווי השערות.

פון דעם פריער ציטירטן פון קהלת קען מען זען, אז דער מחבר איז געווען א געבילדעטער מענטש און א גוטער באָאבאכטער פון דער נאַטור און פון אירע דערשיינונגען. דער געדאַנק אָבער, אַז אין דער נאַטור איז ניטאָ קיין נייעס, אז אלץ קומט און פארגייט און אז די נאַטור דערשיינונגען דרייען זיך ווי אין אַ פאַרכישופטן קרייז, איז ניט געווען קיין נייער באַגריף, נאָר דער אלגעמיין הערשענדער באַגריף אין יענער צייט. מען באגעגענט זיך מיט אים אויך אין דער גריכישער פילאָזאָפיע; עס איז מעגלעך, אז די נאַטור דערשיינונגען גופא, מיט זייערע פעריאָדישע ענדערונגען: — די באַוועגונג פוו דער זון, פון דער לבנה און פון די שטערן און אויך סעזאָנע און אַטמאָספערישע ענדערונגען, האָבן געפירט צו אזא דענקען.

מעגלעך, אַז דער דאָזיקער באַגריף שטאַמט פון אינדיע; ער איז געוויס פאראנטוואָרטלעך פארן בודיסטישן פעסימיזם, פאר דער "קארמע" און אז. וו. באַם מחבר פון קהלת האָט דער באַגריף אַרויסגערופן טרויעריקע געדאַנקען וועגן דעם מענטשנס גורל אויף דר'ערד, וואו א דור פארשווינדט און א צווייטער דור פארנעמט זיין פלאץ, "ווארום וואָס ס'פאסירט מיטן מענטשן־קינד, פאסירט מיט דער בהמה, ווארום אלץ איז נישטיק.ביידע קומען אהין אין איין אָרט, ביידע זיינען פון שטויב און ביידע קערן זיך אום צו שטויב. ווער ווייס דעם גייסט פון די מענטשן־קינדער אויב ער גייט אַרויף אין דער הויך, און דער גייסט פון דער בהמה, אויב ער נידערט אונטן צו דער ערד."

ווי מען קען זען, אָפערירט קהלת אויסשליסלעך מיט ערדישע באַגריפן; ער ווייס ניט פון קיין יענער וועלט. ער דערמאָנט א רוח, אָבער א בהמה האָט אים אויך און ווער ווייס וואָס מיט אים פאסירט נאָכן טויט: מעגלעך, אז דער מענטש פארשווינדט אויפן זעלבן אופן ווי די בהמה און זיי ביידע האָבן דעם זעלבן סוף. די אומעטיקע געדאנקען וועגן דעם מענטשנס גורל אויף דער ערד, פירן אים צום שלוס, אַז "איך האָב איינגעזען, אַז ס'איז ניטאָ קיין בעסערס, ווי דער מענטש זאָל הנאה האָבן פון זיינע אויפטוען, ווארום דאָס איז זיין חלק, ווייל ווער וועט אים ברענגען אנצוקוקן, וואָס וועט זיין נאָך אים?"

איז די פראַגע: אין וואָס באַשטייט זיין חלק? וואָס זאָל דער מענטש טאָן, אום צו הנאה האָבן און זאָל קלייבן נחת "פון זיינע אויפטואונגען?" מיינט עס אפשר ער זאָל לערנען און זוכן חכמה? זאָגט אָבער דער מחבר "איך קהלת בין געווען א מלך איבער ישראל אין ירושלים, און איך האָב אָפּגעגעבן מיין האַרץ צו זוכן און צו פאָרשן מיט חכמה וועגן אלץ וואָס געשעט אונטער די הימלען . . . איך האָב געזען אַלע טועניש וואָס ווערן געטאָן אונטער דער זון. ערשט אַלץ איז נישטיקייט און ווינטיאָגעניש; אַ קרומקייט וואָס קען ניט אויסגלייכן און א פעלער וואָס קען ניט גוט געמאכט ווערן. איך האָב געטענה'ט מיט מיין הארצן אזוי צו זאָגן: "אָט האָב איך געהאט חכמה, אויך פארשטיין משוגעת און נארישקייט: — בין איך געוואָר געוואָרן אז דאָס אויך איז ווינטיאָגעניש. ווארום אין פיל חכמה איז פיל פארדרוס, און מערט מען קענטשאַפט, מערט מען ווייטיק". ווי מען קען זען האָט דער מחבר פון

קהלת ניט געליטן פון דער מידה פון באשיידנקייט: — ער איז געווען דער רייכסטער און קליגסטער מענטש אין ירושלים; אזוי זאָגט ער אליין . . . וועגן זיין רייכטום דארף מען אים גלויבן אויפן וואָרט, נאָר אז ער איז געווען גע־בילדעט און געוויס ניט קיין נאר, איז קיין שום ספק ניט. קיין צופרידנהייט האָט עס אים אָבער ניט געגעבן, ווייל "דאָס אויך איז ווינטיאָגעניש". דאָס האָט אים אפילו געטאָן שאדן, ווייל אין פיל חכמה איז פארדרוס און מערט מען קענטשאַפט, מערט מען ווייטיק. עס דאַרף מיינען, אַז חכמה און קענטענישן זיינען א קליינע מציאה, און ס'שאדעט ניט, ווען מען האָט זיי ניט צופיל.

איז וואָס איז וויכטיק? אפשר מאטעריעלער דערפאָלג אין אלגעמיין? זאָגט דער מחבר: "איך בין געווען גרעסער און האָב פארמאָגט מער פון אלע וואָס זיינען געווען פאַר מיר אין ירושלים, אויך איז מיר בייגעשטאַנען מיין חכמה . . . ערשט אלץ איז נישטיקייט און ווינטיאָגעניש און גאָרנישט קומט ארויס אונטער דער זון." איז וואָס זאָל מען טאָן? פיליכט פארברענגען און האָבן פיזישע פאַרגעניגענס? זאָגט אונדז דער מחבר: "איך האָב געזאָגט ביי מיר אין הארצן: קום אָקאָרשט, לאָמיך דיך פרואוון מיט פרייד, און האָב וואוילטאָג, ערשט דאָס איז אויך נישטיקייט. אויף געלעכטער האָב איך גע־זאָגט ס'איז משוגע, און אויף פרייד, וואָס טוט זי אויף? איך האָב אויסגעקלערט ביי מיר אין הארצן צו פארציען מיין לייב מיט וויין, אז אי מיין הארץ זאָל זיך פירן מיט חכמה, אי איך זאָל מיך האַלטן אין נאַרישקייט, ביז איך וועל זען וואָס איז בעסער פאַר די מענטשנקינדער, אַז זיי זאָלן טאָן אונטערן הימל די געציילטע טעג פון זייער לעבן". זיין שלוס איז: "אלץ איז נישטיקייט און ווינטיאָגעניש, און גאָרניט קומט אַרויס פון אונטער דער זון . . . דער חכם האָט זיינע אויגן אין קאָפּ, און דער נאַר גייט אין דער פינצטער. אָבער איך האָב באמערקט, איין טרעפונג טרעפט זיי אלעמען. און איך האָב געזאָגט ביי מיר אין האַרצן, אַזוי ווי עס טרעפט דעם נאַרן, אַזוי וועט מיר טרעפן, היינט נאָך וואָס דען בין איך געווען קליגער? און איך האָב געטענה'ט באַ מיר אין הארצן, אז דאָס אויך איז נישטיקייט. ווארים פון דעם חכם אזוי ווי פון דעם נאַר בלייבט ניט קיין זכר אויף אייביק, ווייל די קומענדע טעג וועט אלץ זיין פארגעסן, און ווי שטאַרבט דער חכם? אזוי ווי דער נאַר."

ניט קיין חכמה, ניט קיין רייכקייט, ניט קיין וואוילטאָג האָבן אים צופרידנגעשטעלט, ווייל אלץ פארשווינדט און פון קיין זאך בלייבט ניט קיין זכר: אלץ איז "ווינטיאָגעניש." אינם פערזענלעכן לעבן איז ניטאָ קיין שום זאַך, וואָס זאָל אין זיינע אויגן האָבן וועלכן ס'איז ווערט. איז די פראַגע: און וואָס איז מכוח דעם געזעלשאפטלעכן אינטערעס? איז אין אים פאראן עפּעס וויכטיקעס מיט וואָס ס'זאָל זיך לוינען צו באַשעפטיקן און דאָס זאָל ברייני־גען אלגעמיינע צופרידנהייט? ניין, אויך וועגן דעם סאָציאלן מאָמענט איז אונדזער מחבר פעסימיסטיש; ער דערקלערט פארוואָס:

"און נאָך האָב איך געזען אונטער דער זון: אין דעם אָרט פון גערעכ־טיקייט, דאָרטן איז אומרעכט, און אין דעם אָרט פון רעכטפערטיקייט, דאָרטן איז אומרעכט . . . און איך האָב געזען אַלע רויבערייען וואָס ווערן אָפּגעטאָן אונטער דער זון. און אָט זיינען טרערן פון די געדריקטע, און ניטאָ ווער זאָל זיי טרייסטן. דארום האַלט איך די טויטע, וואָס זיינען שוין געשטאָרבן, פאַר גליקלעכער פון די לעבעדיקע וואָס לעבן נאָך. און בעסער פון זייביידן איז

דעם וואָס איז נאָך ניט געבאָרן געוואָרן, וואָס האָט ניט געזען די שלעכטע מעשים וואָס ווערן אָפּגעטאָן אונטער דער זון. און איך האָב געזען יעדער מי און יעטווידער בריהשאַפט אין אַרבעט, אַז דאָס איז אויס קנאה פון איינעם צום אַנדערן. דאָס אויך איז נישטיקייט און ווינטיאָגעניש."

צו אַ שיינעם סך־הכּל איז קהלת געקומען וועגן דעם מענטשנס חלק אויף דר׳ערד: קיין איין ליכטיקן שטראַל זעט ער ניט אינם לעבן, ניט אינם אינדיווידועלן לעבן און ניט אין די געזעלשאַפטלעכע שייכות׳ן און זיין שלוס איז "בעסער איז דעם וואָס איז אינגאַנצן ניט געבאָרן געוואָרן." ווען אָבער מען לעבט שוין "אונטער דער זון", וואָס זאָל מען פאָרט טאָן? זיין ענטפער איז: "האָב איך מיך אומגעדרייט צו לאָזן מיין הארץ זיך מיאש זיין פון דער גאַנ־צער מי וואָס איך האָב מיך געמיט אונטער דער זון . . . אָט וואָס איך האָב איינגעזען: בעסער און שענער וואָלט געווען צו עסן און צו טרינקען און האָבן וואוילטיק פאר זיין גאַנצן מי וואָס ער האָט מיט זיך אונטער דער זון אין די געציילטע טעג פון זיין לעבן וואָס גאָט האָט אים געשאָנקען: ווארום דאָס איז זיין חלק." א שיינעם חלק האָט גאָט צוגעטיילט פאר דעם מענטשן. א זייער טרויעריקער סך־הכּל . . . געוויס קען מען ניט ציען קיין שלוסן וועגן דעם לעבן און געמיט צושטאַנד פון א פאָלק פון איין ווערק, דערהויפּט נאָך ווען מען ווייס ניט גענוי ווען ס׳איז געשריבן געוואָרן.

היסטאָריקער אָבער זיינען גענויגט צו אָננעמען, אַז די קהלת שטימונג איז כאַראַקטעריסטיש פאר דער צייט, וואָס מען נעמט אָן, דאָס ווערק איז געשריבן געוואָרן, פאר דער צייט, ווען פון אַלע חלומות האָט זיך אויסגעלאָזט א בארג אַש; ווען דאָס לעבן איז געווען גרוי, קאָלירלאָז און קיין שום שטראַל פון האָפענונג האָט זיך נישט באַוויזן אויפן פינצטערן האָריזאָנט פונם אידישן לעבן.

ווען מען נעמט קהלת פונם ריין פערזענלעכן שטאַנדפּונקט, האָט מען פאַר זיך אין דעם מחבר אַ מילדן ציניקער, וואָס פאַרשטייט דאָס לעבן און האָט פון דעם גענאָסן; אָבער איצט, אויף דער עלטער, ווען די עמאָציעס זיינען געוואָרן שוואַך און אטראַפּירט, קיין אידעאַלן און קיין גלויבונגען האָט ער ניט, איז ער אינגאַנצן אריינגעפאַלן אין א ביטול שטימונג און דאָס איינ־ציקע וואָס אינטערעסירט אים נאָך, איז א גוטער מאָלצייט איידער ער פאַר־לאָזט די וועלט אין וועלכער ער האָט ניט אויפגעטאָן קיין באַדייטענדעס און צו וועלכער ער האָט אייגענטלעך ניט קיין טענה, ווייל ווען "אַלץ איז נישטיק און ווינטיאָגעניש", איז וואָס פאר טענות קען מען האָבן?

דאָס איז דער פערזענלעכער און מעגלעך ס׳איז אויך דער ריכטיקער צוגאַנג צו קהלת. דער מחבר האָט אָבער ניט געלעבט אין קיין וואקאום; ער האָט געלעבט אין אַן אַטמאָספערע, פאַקטיש אין אַ שטרענג רעליגיעזער אַט־מאָספערע, איז וואָס איז זיין מיינונג וועגן דעם רעליגיעזן פאקטאָר? ער האָלט עס ניט פאַר קיין סוד און זאָגט זיך אָפן אַרויס, אַז "די צדיקים און די חכמים מיט זייערע מעשים זיינען אין דער האַנט פון גאָט, סיי ליבשאַפט, סיי שנאה: דער מענטש ווייס ניט, אַלץ ליגט זיי פאָראויס. אַלץ דינג פאר זיי אַלעמען. איין טרעף פאר דעם צדיק און פאר דעם רשע, פאר דעם גוטן און פאר דעם ריינעם, און פאר דעם אומריינעם; און פאר דעם וואָס שלאַכט א קרבן, און פאר דעם וואָס שלאַכט ניט; אַזוי דער גוטער, אַזוי דער זינדיקער, דער וואָס

שווערט און דער וואָס שייט זיך פון א שבועה. דאָס איז דאָס בייז און אַלץ וואָס געשעט אונטער דער זון. וואָס איין טרעף פאַר אַלעמען . . . איך האָב ווידער געזען אונטער דער זון, ניט די פלינקע געווינען דעם געוועט לויף און ניט די גבורים די מלחמה, און ניט די חכמים ברויט, און אויך ניט די פאַרשטענדיקע עשירות, און אויך ניט די וואוילקענענדיקע חן, נאָר צייט און צופאַל טרעפט זיי אַלעמען." אויף אן אנדער פלאץ זאָגט ער: "אַלץ האָב איך געזען אין מיינע נישטיקע טעג: פאראן א צדיק וואָס גייט אונטער אין זיין צידקות, און פאראן א רשע וואָס איז מאריך ימים אין זיין שלעכטיקייט."

דאָס אַלץ דערמאָנט זייער שטאַרק אין איוב'ן און ס'אנטשטייט די פראַגע: ווי האַרמאָנירט מען אָט די איוב־קהלת שטימונגען וועגן אַן אַמאָראַלן גאָט, מיטן מאָראַלן באגריף וועגן גאָט פון די נביאים? דער ענטפער איז: — אז מען קען זיי ניט האַרמאָנירן. מען האָט א רעכט צו גלויבן, אז די איוב־קהלת שטימונגען באַשטייען פון אן אנטיקלימאקס צו דעם מאָראַלן גאָט פון די נביאים. ווען זייער נבואה איז ניט מקוים געוואָרן און די אידן זיינען פאַרצווייפלט געוואָרן, זיינען די דאָזיקע שטימונגען געווען דער רעזולטאט פונם צווייפל. דאָס זיינען אָבער געווען די שטימונגען פון יחידים און דאָס בלויז פון אן איבערגאנגס מאָמענט און ניט קיין שטימונגען פונם כלל. אין אַלגעמיין איז דער אידישער דענקען ניט באאיינפלוסט געוואָרן פון די יאוש שטימונגען.

ס'וועט אָבער ניט זיין אויסער פלאץ זיך אָפּצושטעלן אויף א תנ"ך פאָרשער, וואָס אינטערפרעטירט דאָס אידישע דענקען אין דער ליכט פון די איוב־קהלת שטימונגען און כאָטש זיינע שלוסן זיינען להיפך צום אידישן פונדאמענטאלן דענקען, קען מען פונדעסטוועגן ניט זאָגן, אז ער איז אינגאַנצן אומגערעכט און דאָס איז דער פריער דערמאָנטער דר. דאנקאן מאַקדאָנאַלד. דער קריסטלעכער טעאָלאָג האָט גרינדלעך שטודירט די חכמה ליטעראטור און האָט פון איר געצויגן אייגנארטיקע שלוסן. ער באהאנדלט דעם אידישן אַרט דענקען אין צווי באזונדערע ביכער: "דער אידישער ליטערארישער געניע (די היברו ליטערארי דזשיניוס) און "דער אידישער פילאָזאָפישער געניע" (די היברו פילאסאָפיקעל דזשיניוס). דער ערשטער בוך איז אַ מער אויספירלעכער, אין אים באטראכט ער קהלת באריכות פון פארשיידענע שטאנדפונקטן. פאַר דער אָפּהאַנדלונג איז אָבער נאָר וויכטיק דער פילאָזאָפישער בליק, וואָס ער שרייבט צו די אידן; ווען דער דאָזיקער בליק געגעבן ווערן לויט זיין לעצטן ווערק, אין וועלכן די פילאָזאָפיע ווערט מער אויספירלעך באַטראַכט.

עס איז פריער אָנגעוויזן געוואָרן אויפן אונטערשייד צווישן זיין אינטערפרעטאציע פון דער פילאָזאָפיע פונם ביבלישן אידנטום און דער אינטערפרעטאציע פון פראָפעסאָר ניימארקן, ווי די צווי דענקער האָבן זיך געביטן מיט די ראָלן; ווי דר. מאקדאָנאַלד, דער קריסט, וויל באַפרייען גאָט פון דער פילאניש־נעאָפלאַטאָנישער אַבסטראַקציע און אים צוריקפירן צום פונדאַמענטאַלן אידישן באַגריף און פראָפעסאָר ניימאַרק, דער איד, האַלט אים אין איין נעאָ־פלאטאניש אבסטראאירן (פילאָזאָפיש איז, ווי ס'זעט אויס, פראָפעסאָר ניימארק געווען א מאָדערניזירטער פלאטאניסט). די פאקטן זעען אויס צו זיין אויף דר. מאקדאָנאלדס זייט, יעדנפאלס זיינען זיינע באווייזן מער איבערצייגנד, כאָטש זיינע שלוסן שטימען ניט מיטן אידישן טראדיציאָנעלן בליק

אויף גאָט.

עס איז פריער ארויסגעבראכט געוואָרן, אז לויט דר. מאקדאָנאלדן האָבן די אידן אַנטוויקלט אַ באַגריף וועגן גאָט, אַז ער איז אַן אַבסאָלוטע פּערזענלעכקייט. איצט וועט זיין מיינונג באטראכט ווערן אין דער ליכט פון איוב׳ן און קהלת׳ן, ווי זיי האָבן פארשטאַנען גאָט. דאָס וואָרט וועט געגעבן ווערן צו דר. מאקדאָנאלדן, ער זאָגט: ״די דאָזיקע פּערזענלעכקייט (גאָט) איז פאר זיי (די אידן) געווען די אבסאָלוטע סיבה און ענטגילטיקער פאקטאָר פון יעדער פּאסירונג. אויף אזויפיל איז קהלת געווען אַן אָרטאָדאָקסישער איד. די דאָזיקע פּערזענלעכקייט האָט אָבער אויפגעשטעלט א וואנט צווישן זיך און צווישן דער וועלט. די וואַנט איז באַשטאַנען פון דער סכעמע פון די זיך באַלאַנסירטע און קעגנגעזעצטע פּאסירונגען, וואָס קומען פאָר פון צייט צו צייט. די פּאסירונגען זיינען געווען אזוי אראנזשירט, אז זיי זאָלן זיך ארייַנפּאסן אין דער צייט ווען זיי קומען פאָר און זאָלן פאָרמירן אן איינהייטלעכן סיסטעם. דער צוועק פון דער סכעמע איז געווען צו פארבאָרגן גאָט און זיין אבזיכט פונם מענטשנס פאָרשענדן אויג, אזוי גוט ווי פון זיין אקטיוון דענקען״ (זע, ״די היברו פילאָסאָפיקל דזשיניוס״ ז. 85).

געוויס וואָלט קיין איין נביא ניט אָנגענומען דר. מאַקדאָנאַלדס סכעמע פאר זיין גאָט און געוויס וואָלט ער ניט אָנגענומען דר. מאַקדאָנאלדס סכעמע פאַר זיין געטלעכער אָרדענונג. נעמט מען אָבער גאָט ווי איוב און קהלת האָבן אים פארשטאַנען, איז דר. מאקדאָנאלד גערעכט. זאָגט דאָך קהלת: ״וואָס קומט אַרויס דעם טוער, ווען ער איז מיט זיך? איך האָב געזען דעם עסק וואָס גאָט האָט געגעבן די מענטשנקינדער זיך צו עסקן דערמיט, אַלצדינג האָט ער גע־מאכט שיין אין זיין צייט, אויך די וועלט האָט ער אריינגעטאָן אין זיין הארצן, אָבער אזוי אז דער מענטש קען ניט אויסגעפינען דעם באַשאַף וואָס גאָט האָט באַשאַפן פון אָנהויב ביזן סוף.״

דאָס ציטירטע איז פאקטיש דאָס זעלבע וואָס דר. מאקדאָנאלד זאָגט אין א מאָדערנער שפּראַך. נאָך שטאַרקער האָט דעם זעלבן געדאנק אויף זיין אייגנארטיקן אופן געזאָגט איוב. נאָך מער אמת׳דיק איז אין זייער ליכט זיין שלוס. ער זאָגט: ״פונדאַמענטאַל זיינען גאָט און מענטש אין אַ קאָנפליקט: צו קריגן וויסן וועגן דער וועלט, האָט דער מענטש געגעסן פונם עץ־הדעת און געטאָן האָט ער עס קעגן גאָטס ווילן. אויף דעם אופן האָט ער אויסגעפונען דעם אונטערשייד צווישן גוטס און שלעכטס און האָט אויפגעהערט צו זיין אַ ווילדע חיה...

זיין גאָט איז בכלל ניט געווען דער ריכטער פון דער ערד, א גאָט וואָס מוז זיין יושרדיק, נאָר ער איז געווען א פאָלשטענדיק א־מאָראַליש. אין דער וועלט פון דערפאַרונג האָט ער ניט געזען קיין סימן פון מאָראַלער הערשאַפט: — שלעכטס און גוטס זיינען פאַרגעקומען אָן וועלכן ס׳איז אונטערשייד... גאָט רעגירט טאַקע און קאָנטראָלירט די וועלט, אָבער פון די פּאסירונגען, וואָס קומען אין איר פאָר, קאָן מען זען גאָט׳ס אַמאָראַליטעט: ער פירט ניט די וועלט לויט דעם מאָראַלן פּרינציפּ. דאָס מיינט ניט אוממאָראַל, נאָר מען דארף זיין צוגעגרייט צו האנדלען אָדער מאָראַליש, אָדער אוממאָראַליש, לויט ווי די באַדינגונגען פאָדערן.״ (דאָרטן).

ריין פילאָזאָפיש איז דר. מאקדאָנאלדס אנאַליז א ריכטיקער, דער

אידישער גאָט פון דעם תנ"ך איז געווען א פערזענלעכער אבסאָלוטער הער־שער און איז פון צייט צו צייט געקומען אין קאָנפליקט מיטן מענטשן און מיט זיינע אינטערעסן. עס פאָדערן זיך אָבער צוויי רעזערוואַציעס צו דר. מאַק־דאָנאַלדס אינטערפּרעטאַציע פונם אידישן גאָט: — ערשטנס זיינען די אידן ניט געווען אויף אזוי פיל מעטאפיזיש געניגט, אז זיי זאָלן טראַכטן וועגן גאָט אין ריין אינטעלעקטועלע טערמינען. זייער דענקען איז אין אַלגעמיין געווען א מער פּסיכיש־עמאָציאָנעלער, ווי ריין לאָגיש־אינטעלעקטועלער: — זיי האָבן געדענקט מער מיטן הארץ ווי מיטן קאָפּ. געוויס זיינען זיי געווען ראַציאָנאַ־ליסטן אין באַצוג צום לעבן אין אַלגעמיין, זיי זיינען אָבער ניט געווען קיין מעטאַפיזיקער. צווייטנס איז דר. מאַקדאָנאַלד צופיל אַדוואָקאַט, ער אַרגומענ־טירט צופיל פאר זיין צד אויפן חשבון פונם צווייטן צד. ער האָט זיינע איי־גענע טעאָלאָגישע חשבונות, וואָס פירן אים צו אן אייגנאַרטיקער אינטער־פּרעטאַציע פון ישו הנוצרי. דאָס איז אויסער די גרענעצן פון דער אָפּהאנד־לונג.

ווען די חכמה ליטעראַטור איז געשאַפן געוואָרן, אָדער צוזאַמענגע־שטעלט געוואָרן, האָבן די אידן שוין געוואוסט וועגן באַשטימטע נאַטירלע־כע פּראָצעסן, ווי אויך וועגן הימלעשע קערפּערס. איוב רעדט וועגן פאַרשיי־דענע קאָסמישע פּראָצעסן און וועגן באשטימטע שטערן און זייערע באַווע־גונגען. קהלת רעדט וועגן מעטעראָלאָגישע ענדערונגען, וועגן דער באַווע־גונג פון די ווינטן און אז. וו. אזוי ווי די אַלע פּראָצעסן זיינען מער אָדער ווײ־ניקער פיקסירטע, איז לויט זייער דענקען אויסגעקומען, אז גאָט האָט זיי איינ־געפירט אין דער נאַטור. דאָס באַרעכטיקט אָבער ניט צו ציען דעם אַלגעמיי־נעם שלוס, אז לויט זייער דענקען, האָט גאָט זיך פאַלשטענדיק אָפּגעצוימט פון דער וועלט און האָט מיט איר אינגאנצן קיין שייכות ניט. געוויס זיינען פאַראַן אויסדרוקן וואָס מאַכן אזא איינדרוק; זיי דאַרפן אָבער גענומען ווערן אין רעלאַטיווען זינען און ניט אין אבסאָלוטן זינען ווי א קאָסמאָלאָגיע אָדער מעטאַפיזיק. דאָס איז אַביסל איבערטריבן באַ דר. מאַקדאָנאַלד'ן.

ווי ס'זאָל ניט זיין, איז דאָס ניט געוואָרן די הערשענדע אידישע מיי־נונג.

אין דער אָפּהאַנדלונג וועגן דער חכמה ליטעראַטור איז ביז איצט די "חכמה" גופא אויסגעלאָזט געוואָרן. אמת די דאָזיקע ליטעראַטור ווערט ניט אָנגערופן חכמה ליטעראַטור דערפאַר, וואָס אין אייניקע פּלעצער פיגורירט "חכמה" ווי אן עפּעס פאר זיך און ווי גאָטס אן ארויסהעלפערן; נאָר הויפּט־זעכלעך דערפאַר, וואָס די ליטעראַטור איז אין אַלגעמיין אַ ראַציאָנאַלע אין אונטערשייד צו נבואה, וואָס איז אן עמאָציאָנאַלע און "אינספּירירטע" ליטע־ראַטור. אין דעם זינען באַשטייט זי פון חכמה. די "חכמה" שפּילט אָבער אין דער ליטעראַטור א ראָלע פאר זיך, דאַרף מען זיך אויף איר אָפּשטעלן. דאָס, אַזוי צו זאָגן, חכמה'דיקע געפינט זיך אין איר אויף צוויי אופנים: אין דער פאָרמע פון משלים און ווי אן עפּעס פאר זיך. וועלן געמאַכט ווערן א פּאָר באַמערקונגען וועגןביידע פאָרמען. וואָס אָנבאַלאַנגט משלים געפינען זיי זיך הויפּטזעכלעך אין משלי, וואָס אי לויטן אינהאַלט, אי לויט דער צייט, וואָס מען נעמט אָן, דער גרעסטער טייל איז געשאַפן געוואָרן, וואָלט משלי גע־דאַרפט אָפּגעגעבן ווערן דאָס ערשטע פּלאַץ אין דער אָפּהאַנדלונג. עס איז

ניט געטאָן געוואָרן פאַר צוויי טעמים: 1) די משלים זיינען ניט דער עיקר פון דער אָפּהאַנדלונג, זיי זיינען א נעבן־זאַך, און 2) די "חכמה", ווי אַן עפּעס פאַר זיך, וועט פון משלי, פון איוב (קאַפּ. 28) און פון בן סירא באַטראַכט ווערן צוזאמען.

די משלים פון משלי, וואָס א טייל פון זיי שטאַמען וואַרשיינלעך נאָך פון שלמה המלכ'ס צייט, באַשטייען פון אַ פּראַקטישער לערע און פון כללים ווי צו האַנדלען אונטער באַשטימטע באַדינגונגען. א סך פון די דאָזיקע משלים זיינען געשריבן אין דער פאָרמע פון עצות פון אַ פאָטער צו זיין זון. אין זיי עצה'ט אים דער פאָטער ער זאָל זיין גוט און פרום און זאָל זיין אַ פּראַקטי־שער מענטש. און לויט דעם אידישן דענקען איז ראשית חכמה יראת יהוה, און דאָס מיינט צו זיין מאָראַליש.

אין אַלגעמיין זיינען די דאָזיקע חכמות זייער פּרימיטיווע און זיי זאָגן עדות וועגן די קינדער יאָרן פונם פאָלק, ווען זיי זיינען געשאַפן געוואָרן. משלי איז פול מיט די חכמות; זיי זיינען אויך צעוואָרפן אין קהלת. צופיל אָריגע־נאַלעס איז אין זיי ניטאָ; מען באַגעגענט זיך מיט ענלעכע משלים אין דער לי־טעראַטור פון די קינדער יאָרן פון אַנדערע פעלקער. פּראָפעסאָר ברעסטעד ברענגט ענלעכע משלים פון מצרים, וואָס זיינען א סך עלטער פון משלי.

קולטור היסטאָריש זיינען זיי וויכטיק דערמיט, וואָס זיי קענען דינען ווי אַ שליסל צו אויפעפענען די פּסיכישע און קולטורעלע טיר פונם פאָלק און מעגלעך מאכן צו אריינבליקן אין זיין נשמה. מען קען פון זיי לערנען א סך וועגן די באַגריפן פון דער צייט, וואָס זיי זיינען געשאַפן געוואָרן. עס איז אָבער שווער, אויב ניט אוממעגלעך, צו וויסן גענוי די צייט ווען זיי זיינען געשאַפן געוואָרן. פילאָזאָפיש איז זייער באַדייטונג א זייער קליינע.

מיט דער באַמערקונג קענען די משלים פאַרלאָזט ווערן און די "חכמה" וואָס האָט א ווירקלעכן פילאָזאָפישן ווערט, קען באַטראַכט ווערן אביסל מער אויספירלעך. דער אָנהויב וועט געמאַכט ווערן מיטן וואָרט חכמה גופא. די פראַגע איז צי האָבן די אידן דעם טערמין גענומען ביי די גריכן, וואו ער האָט פיגורירט אַלס לאָגוס, אָדער סאָפיע, אָדער ער איז זייער אַן אייגענער. ווי ס'איז פריער באַמערקט געוואָרן, האַלט א. שטיינבערג, אַז ער שטאַמט פון גריכנלאַנד. און דר. מאקדאָנאַלד האַלט, ער איז אַן אינטעגראַלער טייל פון דער העברייאישער שפּראַך פאָרמע און ער איז פון די אידן גענוצט געוואָרן אין פאַרשיידענע מיינען אַ סך פריער ווי די אידן האָבן זיך באַגעגנט מיט די העלענער. ער האַלט, אַז די חכמה שאפונגען זיינען אָריגענאַל אידישע און זיינען צוזאמענגעשטעלט געוואָרן איידער די אידן האָבן זיך באקאַנט מיטן העלעניזם.

ווי ס'זעט אויס, איז דר. מאקדאָנאַלד מער גערעכט פון שטיינבערגן. ברעסטעד זאָגט גאָר, אַז א סובסטאַנציאַליזירטע חכמה געפינט זיך אין מצרישע שאפונגען, וואָס זיינען עלטער פון די אידישע און אַלברייט זאָגט, אַז דער טערמין שטאַמט פון די אַלטע כנענים. ווי ס'זעט אויס האָבן זיך א סך פעלקער באַנוצט מיטן טערמין מיט אַן ענלעכן מיין פאַר די אידן און געוויס פאַר די גריכן.

דער אָנהויב פון דער סובסטאַנציאַליזירטער חכמה וועט געמאַכט ווערן מיט עטלעכע אויסצוגן. אין משלי ווערט געזאָגט: "חכמה שרייט אויף דער גאַס,

אין די מערק לאָזט זי אַרויס איר קול. אין עק פון רוישיקע גאָסן רופט זי, ביי די טויערגאַנג, אין שטאָט רעדט זי אירע רייד: ביז וואַנען איר פאַרנאַרטע וועט איר ליב האָבן נאַרישקייטן און די שפּעטער וועלן זיך גלוסטן געשפּעט, און די נאַרן וועלן פיינט האָבן וויסן, קערט זיך צו מיין מוסר, אָט וועל איך אויסגיסן מיין גייסט צו אייך, און וועל אייך מאַכן וויסן מיינע ווערטער. ווייל איך האָב גערופן און איר האָט ניט געוואָלט, אויסגעשטרעקט מיין האַנט און קיינער האָט ניט פאַרנומען, נאָר איר האָט געמאַכט צונישט מיין יעטווידער עצה און מיין מוסר האָט איר ניט געוואָלט, וועל איך אויך לאַכן אויף אייער בראָך, איך וועל שפּעטן ווען אייער שרעק וועט קומען, ווען עס וועט קומען אויף אייך נויט און אַנגסט. דענסטמאָל וועלן זיי מיך רופן, און איך וועל ניט ענטפערן, זיי וועלן מיך זוכן און וועלן מיך ניט געפינען. דערפאַר וואָס זיי האָבן פיינט געהאַט וויסן און האָבן גאָטס פאָרכטיקייט ניט אויסגעוויילט, ניט איינגעוויליגט צו מיין עצה, פאַראַכט מיין גאַנצן מוסר. דאַרום וועלן זיי עסן פון דער פרוכט פון זייער וועג, און מיט זייערע עצות זיך זעטן.

מיין זון אַז דו וועסט אָננעמען מיינע ווערטער, און מיין געבאָט וועסטו באַהאַלטן בא זיך, צו צוליינגן צו חכמה דיין אויער, בייגן דיין האַרץ צו פאַר־שטענדיקייט, נאָר בלויז צו שכל וועסטו רופן, צו פאַרשטענדיקייט אויפהויבן דיין קול, אַז דו וועסט זי זוכן ווי זילבער, און ווי נאָך אוצרות זי פאָרשן, דענסטמאָל וועסטו פאַרשטיין מורא פאַר גאָט און אַנערקענונג וועסטו געפי־נען דורך גאָט. וואָרים יהוה שיינט חכמה, פון זיין מויל איז וויסן און פאַר־שטענדיקייט. ער באַהאַלט פאַר די רעכטפאָרכטיקע הילף, אַ שילד פאַר די וואָס גייען מיט ערלעכקייט, און די וועגן פון זיינע פרומע באַהיט ער.

דענסטמאָל וועסטו פאַרשטיין גערעכטיקייט און רעכט און יושר אין יעטווידן גוטן טאָג. וואָרים חכמה וועט קומען אין דיין האַרצן, און וויסן וועט זיין זיס פאַר דיין זעל. קלוגשאַפט וועט אויפפּאַסן אויף דיר, פאַרשטענדי־קייט וועט דיך באַהיטן, דיך מציל זיין פון דעם שלעכטן וועג." דער אויסצוג דערמאָנט אינם שענסטן און בעסטן, וואָס די נביאים האָבן געפּריידיקט. דער אונטערשייד איז בלויז וואָס די נביאים האָבן עס געפּריידיקט אין נאָמען פון גאָט צו אַ פּרימיטיוון פאָלק וואָס האָט געדינט צו קעלבער און אין משלי רעדט דאָס פאָלק אַליין, וואָס האָט אַנערקענט און האָט אָנגענומען דעם מאָ־ראַלן גאָט פון די נביאים. זיי לערנען די חכמה צו זייערע קינדער.

ס'מיינט, אַז די דאָזיקע מאָראַלע באַגריפן זיינען שוין געוואָרן דאָס גייסטיקע אייגנטום פון פאָלק: עס איז זייער חכמה.

און ווייטער "גאָט האָט מיט חכמה געגרונדפעסט די ערד, ער האָט אויפגעשטעלט די הימלען מיט פאַרשטענדיקייט, דורך וויסן האָבן זיך די תהומען געשפּאָלטן, און די הימלען טריפן טוי. מיין זון, זאָל זי ניט אוועק פון דיינע אויגן, היט קלוגשאַפט און געשייטקייט, און זיי וועלן זיין לעבן פאַר דיין לייב, און חן אויף דיין האַלז. דענסמאָל וועסטו גיין אין זיכערקייט דיין וועג, און וועסט ניט אָפּשלאָגן דיין פוס. אַז דו וועסט זיך לייגן וועסטו ניט אייגנסטן, און וועסט ליגן און זיס וועט זיין דיין שלאָף."

אין איוב ווערט געזאָגט: "יאָ, פאַראַן אַ גרעבעריי פאַר זילבער, און אַן אָרט וואו גאָלד טוט מען לייטערן. אייזן ווערט פון דער ערד גענומען און פון שטיין שמעלצט מען קופּער . . . אָבער חכמה פון וואַנען קען געפונען ווערן,

און וואו איז דער אָרט פון פאַרשטענדיקייט? קיין מענטש ווייס ניט איר ווערדע און זי געפינט זיך ניט אין לאַנד פון די לעבעדיקע. דער תהום זאָגט: ניט באַ מיר, און דער ים זאָגט ניט באַ מיר, פאַר איר קען ניט געגעבן ווערן פיינגאָלד, און זילבער קען ניט געוואויגן ווערן פאַר איר מקח. זי קען ניט אָפּגעשאַצט ווערן מיט אופיר גאָלד, מיט טייערן אָניקל און סאַפּערשטיין . . . מער פון קאָרעלן איז דער באַטרעף פון חכמה . . . טאָ פון וואַנען קומט די חכמה? און וואו איז דער אָרט פון פאַרשטענדיקייט? אַז זי איז פאַרהוילן פון יעטווי־דער לעבעדיקן . . . גאָט פאַרשטייט איר וועג, און ער ווייסט איר אָרט. ווא־רים ער קוקט ביז די עקן ערד, אונטערן גאַנצן הימל זעט ער. ווען ער האָט געמאַכט פאַרן ווינט א וואָג, און וואַסערן מאַרקירט מיט א מאָס, ווען ער האָט געמאַכט פאַר רעגן א געזעץ און א וואָג פאַר דונערגעוויטער, דענסטמאָל האָט ער זי געזען און זי באַרעכנט, זי אויסגעשטעלט און אויך זי אויסגעפאָרשט. און ער האָט געזאָגט צום מענטשן: זע מורא פאַר גאָט דאָס איז חכמה, און זיך אָפּקערן פון שלעכטס איז פאַרשטענדיקייט.

און בן סירא זאָגט: ״די גאַנצע חכמה קומט פון גאָט און איז מיט אים אייביק. ווער קען ציילן די זאַמד פון ים, די טראָפּן פון רעגן און די טעג פון אייביקייט; ווער קען אויסגעפינען די הויך פון הימל, די ברייט און טיף פון דער ערד און פון חכמה: חכמה איז באַשאַפן געוואָרן פריער פאַר יעדער זאַך און שכל איז עלטער פון דער אייביקייט; גאָט׳ס וואָרט איז דער קוואַל פון חכמה, און די וועגן פון חכמה זיינען אייביקע געבאָטן.

צו וועמען איז דער קוואַל פון חכמה אַנדעקט געוואָרן? און ווער ווייס אירע קלוגע וועגן? ס׳איז נאָך פאַראַן איין חכם פאַר וועמען מען האָט מורא און דאָס איז גאָט, וואָס זיצט אויף זיין טראָן. ער האָט חכמה באַשאַפן, ער האָט זי געזען, ער האָלט א רעכענונג פון איר און ער האָט זי אַריינגעגעבן אין אַלע זיינע שאַפונגען. זי געפינט זיך אין אַלע לעבעדיקע זאַכן לויט דער מאָס, וואָס ער האָט זיי איינגעטיילט חכמה. ער האָט זי געגעבן צו די, וואָס ער האָט ליב.״

די אויסצוגן פון די פאַרשיידענע שאַפונגען און ענלעכע פלעצער אין די באַטרעפנדע ווערק, קענען באַטראַכט ווערן פאַר מעטאַפאָרן, פאַר פּאָ־עטישע ליוב געזאַנגען צו חכמה; דאָס וועט אָבער ניט דערקלערן דעם פאַקט גופא, וואָס דריי פאַרשיידענע ווערק אָפּערירן מיט חכמה, ווי מיט אַן עפּעס און ווי גאָטס אַן אַרויסהעלפער. פּראָפעסאָר ניימאַרק האַלט, אַז די פילאָזאָפישע טיילן פון די באַטרעפנדע ווערק זיינען געשאַפן געוואָרן אונטער פלאַטאָנס ווירקונג און אַז ״חכמה״ מיינט. דאָס זעלבע וואָס פלאַטאָנס אידייע. ער מאַכט די דאָזיקע באַמערקונג פאַרבייגייענד און דערקלערט זי ניט. מען קען אָבער זען פון וואַנען די מיינונג שטאַמט: עס איז פאַראַן אַן אָרטאָדאָקסיש קריסט־לעכע סעקטע, וואָס באַזירט איר דאָקטרין וועגן קריסטנטומס דריי איינקייט אונטערן נאָמען ״סאָפיע״ (חכמה) אויף פלאַטאָנס אידייעס אויפן באַזיס פון דעם נאָר וואָס ציטירטן פון בן סירא. א רוסישער גייסטלעכער פון ״סאָפייער״ קלויסטער האָט אָנגעשריבן א בוך אין וועלכן ער דערקלערט די דאָזיקע פאַרבינדונג . . . דאָס קאָן געטאָן ווערן, צי אָבער בן סירא האָט דאָס געמיינט, איז אַן אָפענע פראַגע. די אַנדערע אויסצוגן קען מען פאַר קיין פאַל ניט אינ־טערפּרעטירן פלאַטאָניש.

דר. מאַקדאָנאַלד האָט אַ גאַנץ אַנדער מיינונג וועגן דער חכמה ליטעראַטור אין אַלגעמיין און וועגן דער "חכמה" ספּעציעל. אין אַ גרויסן קאַפּיטל אונטערן נאָמען "די אייביקע חכמה" זאָגט ער: "די אידן האָבן געשאַפן אַן אייגנאַרטיקע, שאַרפזיניקע און דערהויבענע דאָקטרין פון אן אַנאַלאָגיע צווישן גאָט, נאַטור און מענטש. אין איר ווערט חכמה אַ פּערזאָניפיצירטע און אויסדריקלעכע פּערזענלעכקייט, וואָס רעדט אין איר אייגענער אויטאָריטעט. זי איז אפילו ניט אָפּהייגיג פון גאָט און זי רעדט צו מענטשן דורך לעבנס דערשיינונגען און אפילו דורך דער טויטער נאַטור. חכמה איז לויט איר נאַטור ראַציאָנאַל; מענטשן, ווי די קרעאַציע פון חכמה, זיינען ראַציאָנאַל. די סטרוקטור פון דער וועלט, וואָס איז באַשאַפן פון חכמה און דורך וועלכער חכמה רעדט צו מענטשן, איז ראַציאָנאַל. חכמה פאַראייניקט צוזאַמען אַלע עקזיסטירענדע זאַכן. די וועלט איז גוט ניט נאָר ווייל עס איז גאָטס ווילן, נאָר ווייל זי איז געשאַפן געוואָרן פון חכמה" (דאָרטן ז. 49).

דר. מאַקדאָנאַלד טרייבט געוויס אַביסל איבער אין זיין מעטאַפיזישער אויסטייטשונג פון דער חכמה ליטעראַטור, אין דעם פאַל איז ער, דוכט זיך, מער גערעכט פון די אידישע פאָרשער, וואָס באַלד ווי זיי דערזעען אַ ראַציאָנאַלן געדאַנק צווישן אידישע שאַפונגען, שרייבן זיי אים צו צו גריכישער ווירקונג. מעגלעך אַז אין פּרטים זיינען די אידן געוואָרן באַאיינפלוסט פונם העלעניזם; די אַלגעמיינע אָריענטאַציע איז אָבער אַ אידישע און דערפאַר זייַנען די שאַפונגען אידישע.

דר. מאַקדאָנאַלד איז איבערהויפּט בייז פאַרוואָס מען זאָגט, אַז די אידן האָבן ניט געדענקט פילאָזאָפיש, ער פרעגט. "וואָס איז פילאָזאָפיע אויב ניט דענקען אַזוי קלאָר און ראַציאָנאַל ווי מעגלעך וועגן מענטשן און וועגן דער וועלט און די מענטשלעכע פאַרהעלטעניש צו דער וועלט. וויסן פון וואַנען מיר קומען און וואָס איז אונדזער גורל? (זע היברו ליטעראַרי דזשיניוס, ז. 172). ער האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו פאָרשן אַלע טיילן פון תנ"ך און באַווייזן, אַז דער אידישער דענקען איז געווען אַ ראַציאָנאַלער און מען איז פאַלשטענדיק באַרעכטיגט אים צו אָנרופן פילאָזאָפישער דענקען. געוויס איז דער אידישער אויסגאַנגס־פּונקט געווען אַ רעליגיעזער, די אידן האָבן ניט געהאַט דעם קלענסטן באַגריף וועגן נאַטוראַליזם. וועגן דעם איז קיין פראַגע ניט און דר. מאַקדאָנאַלד ווייסט עס און נעמט עס אָן. ער באַווייזט אָבער, אַז אין די גרענעצן פון זייער רעליגיעזן דענקען האָבן זיי אריינגעפירט ריין ראַציאָנאַלע געדאַנקען, וואָס זיינען אפילו אָפט געווען אין ווידערשפּרוך צו זייער רעליגיעזן אויסגאַנגס פּונקט.

מען דאַרף צוגעבן, אַז ווען מען לייענט איבער זיינע צוויי ווערק, מוז מען מיט אים אַ היפּש ביסל איינשטימען, כאָטש ניט אַלעמאָל קען מען מיט אים מיטגיין אויפן גאַנצן וועג. די אידן זיינען געווען ראַציאָנאַליסטן אויף זייער אייגענעם שטייגער און כאָטש זיי האָבן געגלויבט אין ניסים, איז, ווי ס'זאָגט אַ צווייטער קריסטלעכער פאָרשער אין אַ גאַנץ אַנדער פאַרבינדונג, זיינען זיי אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן געווען רעאַליסטן, און האָבן זיך ניט פאַרלאָזט אויף קיין ניסים, ווי די ערשטע קריסטן, צום ביישפּיל. אַזוי האָט זייער שטרייַנג רעליגיעזער גלויבן זיי ניט געשטערט צו אינטערפּרעטירן דערשיינונגען ריין ראַציאָנאַל. דר. מאַקדאָנאַלד ציטירט פאַרשיידענע

אויסדריקן פון תנ״ך און ער אינטערפּרעטירט זיי אזוי, אז זיי קריגן א פילאָזאָפישן מיין. אויף וויפיל די אלע אויסטייטשונגען זיינען ריכטיקע, איז שווער צו זאָגן. דער אידישער דענקען איז געווען א קאָנקרעטער און עמאָציאָנעל פּסיכישער און ניט קיין אבסטראקט ראציאָנאל לאָגישער. די אידן האָבן זייערע מיינונגען ארויסגעזאָגט אין פארבינדונג מיט האנדלונגען און האָבן זיי ניט אבסטראאירט, האָבן זיי אויך ניט געשאפן קיין טערמינאָלאָגיע פאר ריין לאָגישן דענקען. אז א טיילווייזער אמת איז פאראן אין זיינע ארויסגעזאָגטע מיינונגען, דארף מען אָננעמען פונם טערמין ״חכמה״, וואָס ווערט אָן צווייפל אין תנ״ך גענוצט אין פארשיידענע מיינען, און די סובסטאַנציאַליזירטע חכמה באַשטייט געוויס פון אַ פילאָזאָפישן באַגריף. די אידן האָבן אָבער דעם באגריף קאָנקרעטיזירט און חכמה איז פאר זיי געוואָרן אן עקזיסטענץ פאר זיך (צי זיי האָבן דעם באגריף גענומען א פארטיקן פון זייער סביבה, אָדער זיי האָבן אים אַליין געשאַפן, איז אַן אָפענע פראַגע; זיי האָבן אים אָבער געגעבן אן אייגענעם מיין, ווי ראשית חכמה יראת יהוה. דאָס איז א ריין אידישער באגריף).

אַז זיי האָבן די סובסטאַנציאַליזירטע חכמה פאָרגעשטעלט אַנאַלאָגיש צום מענטשלעכן פארשטאַנד אלס א זעלבסטשטענדיקן פרייעם אגענט, זעט מען פון דעם, ווי זיי גייען איבער פון חכמה ווי א סובסטאַנץ פאר זיך צו חכמה ווי א פונקציע אינם מענטשן און פארקערט, פון חכמה ווי א פונקציע צו חכמה ווי אַ סובסטאַנץ. אַזאַ איבערגאַנג איז פאַר זיי געווען מעגלעך דערפאַר, וואָס זייער דענקען איז געווען א קאָנקרעטער; זיי האָבן נישט געמאכט קיין אונטערשייד צווישן פונקציע און סטרוקטור ווי צוויי פארשיידענע פאקטאָרן.

אויף דער פראַגע: ווי האָבן די אידן, ווי שטרענגע מאָנאָטעאיסטן, געקענט קאָאָרדינירן די צוויי באַגריפן, אַ סובסטאַנציאַליזירטע חכמה, וואָס איז אַ פרייער און זעלבסטשטענדיקער אַגענט און וואָס האַנדעלט לויט אַן אייגענער איניציאַטיווע, מיטן איין אייציקן אבסאָלוטן גאָט? קען מען ענטפערן, אז זיי האָבן עס געטאָן אויפן זעלבן אופן, ווי זיי האָבן געגעסן פון עץ־הדעת טראָץ דעם, וואָס גאָט האָט זיי פארווערט צו עסען די פרוכט פון דעם בוים. געוויס זיינען זיי פילאָזאָפיש ניט געווען אויסגעהאלטן. פארוואָס אָבער זאָל מען פון זיי פאָדערן מער אויסגעהאלטנקייט ווי פון וועלכן עס איז מאָדערנעם טעאָלאָג, וואָס איז פילאָזאָפיש פאַר קיין פאַל ניט אויסגעהאַלטן?

די אידן זיינען געווען שטרענג רעליגיעז לויט זייער דענקען, זייער גאנצע קאָסמאָלאָגיע איז געווען א רעליגיעזע. צווייפלען אין גאָטס עקזיסטענץ און אין זיין אַלמעכטיקייט, האָבן זיי ניט געקענט פאַר דער גאַנץ פשוט'ער סיבה, וואָס גאָט איז געווען זייער אויסגאנגס פונקט און אָן זיין פירונג און אקטיוויטעט, וואָלט זייער וועלט צוזאמענגעבראָכן; זיי וואָלטן קיין וועלט ניט געהאַט נאָר אַ בלויזן כאַאָס. זיי האָבן אָבער אויך זיך באַטראַכט פאַר פרייע מענטשן, וואָס קענען אפילו מאַכן אַ קאָנטראַקט מיט גאָט, דערפאַר קענען זיי האנדלען אויף א זעלבסטשטענדיקן אופן. אנאלאגיש האָבן זיי אויך געקענט באַטראַכטן חכמה הגם זי איז גאָטס קרעאַציע, קען זי האַנדלען פריי.

דאָס נאָר־וואָס געצייגטע וועגן דעם אידישן קאָנקרעטן אַרט דענקען זעט אויס צו זיין א ווידערשפּרוך צום אידישן אבסטראקטן גאָט באגריף. דער ווידערשפּרוך איז שוין באריר געוואָרן אין אן אנדער פארבינדונג, דאָ וועט

בלויז צוגעגעבן ווערן, אַז דערפאַר ווערט דאָ אָנגענומען דר. מאַקדאָנאַלד׳ס אינ־טערפּרעטאַציע וועגן דעם אידישן גאָט באַגריף, אַז גאָט באַשטייט פון אַ פּערזענלעכקייט, און ניט פּראָפעסאָר ניימארקס אַבסאָלוטע אַבסטראַקציע. די אידן האָבן טאַקע ניט געזען גאָט און זיי האָבן ניט געהאַט קיין שום באַגריף וועגן אים אין קיין קאָנקרעטער פאָרמע, זיי האָבן אים אָבער באַטראַכט פאַר אַ טראַנסענדענטאַלער פּערזענלעכקייט און ניט אין קיין פאַנטעאיסטישער פאָרמע, ניט ווי פילאָן האָט אים פּלאַטאָניזירט אין אַ ליידיקער אידעאַלער אַבסטראַקציע. איוב זאָגט: ״אָט גייט ער מיך פאַרביי און איך זע אים ניט״.

דער באַגריף וועגן גאָט האָט זיך ביי די אידן פּאַקטיש פאַרענדיקט מיט ישעיה דעם צווייטן. די חכמה־ליטעראַטור האָט צום באַגריף קיין זאַך ניט צוגעגעבן אויסער אַן אַלגעמיינעם רייכערן קאָסמישן וויסן. די חכמה ליטעראַטור דאַרף אין אַלגעמיין באַטראַכט ווערן פאַר אַן אַבשלוס פונם אי־דישן פילאָזאָפישן דענקען און ניט פאַרן אָנהויב פון דעם פילאָזאָפישן דענקען.

נאָך דעם ווי די חכמה ליטעראַטור איז געשאַפן געוואָרן, איז אַ דאַנק דער שטורמישער באַגעגעניש מיטן העלעניזם און שפּעטער אַ דאַנק דער דערשיינונג פונם קריסטנטום, דער אידישער אופן פון דענקען אַוועק אין אַ ריכטונג, וואָס מען האָט אַ רעכט צו אָנרופן אַ דעפענסיווער דענקען. דאָס וועט באַהאַנדעלט ווערן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך.

# קאַפּיטל 22

## אידנטום: — אַ שטייגער לעבן

אייזיק הירש ווייס זאָגט: "ווי אַ פּליי־סענד וואַסער, ווי פון אַנהויב גלייך ווי ס'קומט אַרויס פון קוואַל, ציט עס זיך ווי אַ שמאָלער פּאַס, אָבער ביסלעכווייס ווערט עס אַלץ ברייטער און שטאַרקער, ביז עס ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ רוישיקן שטראָם, אַזוי איז גע־גאַנגען אַלץ ווייטער און ווייטער דאָס אויסטייטשן און דרש'נען די תורה. פון אָנהויב האָט עס זיך געפירט נאָר אויף אַ קליינעם מאַסשטאַב. דער פּשוטער זין פון די ווערטער — דאָס איז געווען דער אינהאַלט פון זייערע פאָרשונגען, מיט דער צייט אָבער האָבן זייערע למודים זיך פאַרמערט און אַנטוויקלט. פּירושים זיינען אויסגעוואַקסן אָן אַ צאָל און האָבן פאַנאַנדערגע־לאָזן פון זיך גרויסע צווייגן, מען האָט אָנגעהויבן אָפּצולערנען איין זאַך פון דער צווייטער און אַרויסציִען אַלץ מער שלוסן. די אַלץ ווייטער געצויגענע שלוסן האָבן שוין פאַרלאָרן דעם כאַראַקטער פון פּירושים, ווייל מען האָט אַרויסגעדרונגען ניט פון דעם עצם טעקסט פון דער תורה, נאָר אויף דעם גרונט פון ריין לאָגישע באַטראַכטונגען, פאַרגלייכענדיק איין טעקסט מיטן אַנדערן. פון אַזאַ אַריינטראַכטן זיך אין די געזעצן פון דער תורה און חקרנען זיך וועגן זיי, זיינען ביי זיי אַרויסגעוואַקסן פילע דעפיניציעס פון דערגענצונגען צו די פאַרשיידענע געזעצן פון מצוות, אַ חוץ דעם זיינען ביי זיי געווען ניט געשריבענע געזעצן און מנהגים, וואָס זיי האָבן געהאַט בקבלה פון פריער. דערצו נאָך האָבן זיי אַליין איינגעפירט נוצלעכע מנהגים, תקנות און באַ־שריינקונגען צו באַשיצן די אָריגינאַלע געזעצן, אַט די אַלע געצויגענע שלוסן, דעפיניציעס און דערגענצונגען, קבלות, תקנות און באַשריינקונגען, האָבן גע־גבן שטאָף פאַר לערנער און לערער" (זע "דור דור ודורשיו" א' קאַפּ. 8 ז. 185).

אַזוי באַשרייבט אייזיק הירש ווייס די טענדענץ, וואָס דאָס אידישע דענקען און שאַפן, האָט אָנגענומען אין דעם פּעריאָד פון דער אידישער גע־שיכטע, וואָס וועט איצט באַטראַכט ווערן.

היסטאָריקער נעמען אָן, אַז די אידן האָבן ניט צופיל גליקלעך געלעבט אונטער דער פּערזישער הערשאַפט, כאָטש די פּערזישע הערשער האָבן זיך נישט אַריינגעמישט אין זייער אינערלעכן לעבן. מען ווייסט אָבער ניט גענוי וואָס זיי האָט געפעלט, ווייל מען ווייס אין אַלגעמיין זייער ווייניק וועגן דעם אידישן לעבן אין דעם דאָזיקן פּעריאָד. דער רעזולטאַט פון דעם פּעריאָד איז

א זייער נעגאַטיווער; די אידן האָבן זיך כמעט ווי ניט אנטוויקלט אינם משך פון דעם פעריאָד ניט אין כמות און ניט אין איכות. דאָס איז א זיכערער באַ־וויז, אז קיין צו רייכן גייסטיקן לעבן האָבן זיי ניט געפירט. וואָלט מען געקענט באווייזן, אז די חכמה ליטעראַטור איז געשאַפן געוואָרן, אָדער זי האָט זיך אַמווייניקסטנס אַנטוויקלט אין דעם פעריאָד וואָלט דאָס געווען אַ באַווייז פאַר דער גייסטיקער אקטיוויטעט, וואָס איז פאַרגעקומען. דאָס קען אָבער ניט באוויזן ווערן, און אזוי שטייט מען פאר א פאַלשטענדיקן טונקעלן פעריאָד פון דער אידישער געשיכטע.

צוויי פאַסירונגען זיינען פון דעם פעריאָד געבליבן רעגיסטרירט, וואָס אי מען ווייס ניט צי זיי באַשטייען פון היסטאָרישע פאַקטן, אי מען קען ניט זיין באַגייסטערט פאַר זיי, אויב זיי זיינען פאַקטן. די אידן וואָלטן געוויס מוחל געווען דער געשיכטע, ווען זי וואָלט זיי ניט רעגיסטרירט.

די פאַסירונגען זיינען: די אסתר המלכה מעשה מיטן יום טוב פורים און אַן אינצידענט וועגן אַ כהן גדול, וואָס האָט דערהרג׳עט זיין אייגענעם ברודער אינם הויף פון בית המקדש, ווען ער האָט אויסגעפונען, אז דער ברו־דער אינטריגירט קעגן אים פארן פערזישן סאטראפּ, ער זאָל אים אראָפּזעצן פון כהן גדול אַמט און באַשטימען דעם ברודער אויף זיין פּלאַץ.

מען ווייסט ניט צי דאָס זיינען ווירקלעכע פאַסירונגען, אָדער לעגענ־דעס. איןביידע פאלן רופן זיי נאָר ארויס אומעטיקע געדאנקען וועגן דעם פעריאָד; עפּעס לערנען פון זיי וועגן יענער צייט קען מען ניט. דר. קאָפמאַן קאהלער איז אָבער אין אלגעמיין גערעכט, ווען ער זאָגט, אז קולטורעל איז יענער פעריאָד געוויס ניט אינגאנצן פארלוירן געגאנגען. אין יענעם פעריאָד, האָט מען א רעכט צו אָננעמען, איז דער אידישער לעבן, ווי א באַשטימטער שטייגער, פארצעמענטירט געוואָרן און די אידן זיינען געוואָרן גייסטיק רייף, אז ווען זיי האָבן זיך שפּעטער באגעגנט מיטן העלעניזם, זיינען זיי געווען שטאַרק גענוג צו קענען זיך שטעלן אין קאַמף קעגן אים.

די בעלי התלמוד פארגלייכן עזרא׳ס קומען קיין ארץ ישראל מיט משה׳ס ארויפגיין אויפן בארג סיני און נעמען די תורה . . . „ווייל ביידע האָבן געהאַט דעם זעלבן צוועק צו לערנען מיטן פאָלק תורה". (אייזיק הירש ווייס). דער פארגלייך איז א געלונגענער, כאָטש דאָס ערשטע איז א סימבאָל און עזרא, ווערט אָנגענומען, האָט געבראכט די תורה קיין ארץ ישראל און האָט זי דאָרט פארפלאנצט .

עזרא׳ס היסטאָרישער פארדינסט ליגט ניט אין דעם, וואָס ער האָט אָפּגע׳גט עטלעכע אידן פון זייערע שומרונער ווייבער, נאָר אין דעם, וואָס ער האָט ארייגעפירט אן ענדערונג אינם שטייגער לעבן פון די אידן אין ארץ ישראל. אמת דאָס נייע איז ניט געווען זיינס אן אייגנס; ער האָט עס גענומען אין זיין היים אין בבל. ער האָט עס אָבער געבראכט קיין ארץ ישראל און האָט עס איינגעפירט אין לעבן. (אויב ניט ער פערזענלעך, האָט דער פעריאָד גופא דעם פארדינסט).

אום צו אָפּשאַצן זיין אויפטו, דארף מען געדענקען די פונדאמענטאלע ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין די אידן אין בבל; ווי זיי האָבן געענדערט זייערע באגריפן און האָבן ארייגעפירט א נייע אָריענטאציע אין זייער דענקען: — אנשטאט וואָס פריער האָבן זיי זיך אָריענטירט אויפן לאנד און אויפן בית

המקדש, האָבן זיי אין בבל זיך אָריענטירט אויף דער תורה מיט אַן היסטאָרישער אינטערפּרעטאַציע פון די יום טובים. לויט דובנאָוו'ס מיינונג, איז אין בבל פּאַקטיש פאָרגעקומען א רעוואָלוציע אינם אידישן דענקען: — זייער באַציאונג צו גאָט און צו זייער אייגן לעבן איז געוואָרן אַן אַנדערע.

דאָס אַלץ האָט ערשט עזרא געבראַכט קיין ארץ ישראל; די פריער צוריקגעקומענע אידן האָבן אָנגעהאַלטן די אויסערלעכע צערעמאָניאַלע זייט פון דער רעליגיע און ס'זעט אויס, אז זיי זיינען נאָך געפאַלן נידעריקער א דאנק דעם ערב־רב, מיט וועלכן זיי האָבן זיך צוזאמענגעמישט אין ארץ ישראל. דאָס זעט מען פון די גרוסן, וואָס די אידן פון בבל האָבן פון זיי געקראָגן. פאַרקערט, די אידן פון בבל האָבן העכער געשטיגן גייסטיק, ווי עזרא און נחמיה זיינען עדות.

אין די ביכער "עזרא" און "נחמיה", זעט מען ווי די צוויי פירער האָבן אוועקגעלייגט דעם פונדאמענט פונם נייעם אידנטום; זיי האָבן צוזאמענגערופן א פאַרזאמלונג, אָדער פאַרזאמלונגען (כנסת הגדולה) און האָבן נאָך אמאָל געשלאָסן א בונד מיט גאָט דורך א שבועה און האָבן איינגעפירט מען זאָל לייענען די תורה רעגלמעסיק מיט אויסטייטשונגען. מיט גוטן אָדער מיט בייזן, האָבן זיי איינגעפירט אינם אידישן לעבן שטרענג רעליגיעזע מנהגים, און האָבן זיי אָפּגעטיילט פון דער ארומיקער באַפעלקערונג.

אזוי ווי די אידן האָבן ניט געהאַט קיין שום פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט און האָבן ניט געהאַט קיין פּאָליטישע אינטערעסן, האָבן זיי קאָנצענטרירט זייער גאנצע ענערגיע אויף דער רעליגיע.

פאַר הונדערטער יאָרן האָבן זיי געלעבט אָפּגעזונדערט פון דער ארומיקער וועלט אין א שטרענג רעליגיעזער אַטמאָספערע און זיינען געוועזן אָפּגעריסן פון די פּאַסירונגען פון דער ארומיקער וועלט. עס גלויבט זיך ניט, עס איז אָבער א פאַקט, אז אפילו די גרעסטע פּאָליטישע און קולטורעלע איבערקערעניש פון יענער צייט, וואָס איז געווען איינע פון די גרעסטע ענדערונגען פון אַלע צייטן, די צעשטערונג פון דער פּערזישער אימפּעריע דורך אַלעקסאַנדער מוקדון, איז קוים באַמערקט געוואָרן אין יהודה. זי ווערט איבערגעגעבן פון יוסף פלאַוויוס אין אַ לעגענדאַרער פאָרמע; ער דערציילט א לעגענדע, אז דער כהן גדול זאָל געוועזן קומען צו חלום אַלעקסאַנדערן מיט א צייט פריער און ווען אַלעקסאַנדער האָט באַוויזן סיריע און איז מיט זיין חיל געגאַנגען קיין ירושלים, איז ווען די אידן זיינען אים געקומען אנטקעגן מיטן כהן גדול בראש, האָט ער דערקענט דעם כהן גדול לויטן חלום און איז אראָפּ פונם פערד און האָט זיך צו אים גענומען בוקן. ווען די גענעראַלן האָבן זיך גע'חידושט, האָט ער זיי דערקלערט וועגן דעם חלום, וואָס איז, ווי ער זעט, מקוים געוואָרן.

ווען דר. ציריקובער גיט איבער די לעגענדע, גיט ער פון זיך צו, אַז פון "עזה ביז מצרים האָט אַלעקסאַנדערן גענומען ניט מער ווי פינף טעג צו קומען. אין אָט דער קורצער צייט האָט ער ניט געקענט אויך זיין אין ירושלים" און "מיר האָבן אין אַלגעמיין ניט קיינע ידיעות וועגן דעם גורל פון ארץ ישראל אינם משך פון די יאָרן, וואָס אַלעקסאַנדער האָט געפירט זיינע מלחמות אויפן מזרח" (זע "היהודים והיונים" זז. 101, 105).

דאָס איז איין מיינונג; פון דער צווייטער זייט נעמט אויסטערלי אָן

פאר א פאקט, אז אלעקסאנדער איז געווען אין ירושלים. לויט זיין מיינונג איז ניט ווארשיינלעך, אז דער מדרש זאל די מעשה געווען אויסטראכטן און אין אלגעמיין שטימט זי, לויט זיין מיינונג, מיט אלעקסאנדערס שטעלונג צו רע־ליגיע. נאטירלעך, אז ער נעמט ניט אן די לעגענדע. (ז. שזועס א. שזודא. דור. גריק פער. 16).

דובנאָוו זאָגט וועגן דעם פעריאָד, אז "די גרויסע פּאָליטישע איבער־קערעניש,וואָס איז פּאָרגעקומען אויפן אָריענט אינם 4טן יאָרהונדערט פ.ק.האָט זייער ווייניק געענדערט די אינערלעכע אָרדנונג אין יהודה. די טעאָקראַטיע, וואָס האָט זיך באפעסטיקט אין דער עפּאָכע פון דער פּערזישער הערשאפט, איז געבליבן ניט גערירט אויך אין דער צייט פון די פּטאָלאמייער. די מאַכט פון כהן גדול איז פאַרבליבן א ירושה מאַכט אין דער משפחה פון די בני צדק, די פרייהייט פון זעלבסטפארוואלטונג איז ווייזט אויס, אפילו נאָך פאַר־ברייטערט געוואָרן. פון די אָפּגעריסענע ידיעות, וואָס זיינען פאַרבליבן אין דער אַלטער ליטעראַטור, איז זייער שווער צו אורטיילן וועגן כאַראַקטער פון דער פּאָליטישער און גייסטיקער טעטיקייט פון די כהן גדולס פון אָט דער טונ־קעלער צייט. די טעאָקראַטיע האָט אַרויסגעגעבן סיי פּאָזיטיווע און סיי נע־גאטיווע טיפּן פון רעגירער" (דאָרט, ב. 2־27). דאָס איז כמעט אלץ, וואָס דובנאָוו דערציילט וועגן דעם אידישן לעבן פון דער פערזישער הערשאַפט ביז יהושע בן סיראס צייט אַרום 190 יאָר פ קר. פּאַקטיש מיינט עס, אַז פון נחמיהן ביז די חשמונאים, א משך פון דריי הונדערט יאָר, איז כמעט ווי ניט באַקאַנט דער געשיכטע. דאָס איז דער פעריאָד, וואָס קאפמאַן קאהלער רופט אָן "די זאַמען צייט" פונם נייעם אידישן רעליגיעזן לעבן, און ווי וועגן זאַמען, וואָס געפינען זיך אין דער ערד באַהאַלטן פון אויג, אַזוי טונקל איז אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו דעם פעריאָד.

עס איז נאָר געבליבן איין ווערק פון דער חכמה ליטעראַטור, וואָס מען ווייסט, אַז ס'איז געשאַפן געוואָרן צום סוף פון דעם פעריאָד און וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאר דער צייט ווען עס איז געשריבן געוואָרן. דאָס ווערק ווערט אָנגערופן בן סירא און איז געשריבן געוואָרן פון יהושע בן סירא אַרום 190 יאָר פ. קר. (עס איז פאַראַן אַ מיינונג, אַז ס'איז געשריבן געוואָרן מיט הונדערט יאָר פריער).

דאָס ווערק וועט גענומען ווערן פאַר אַן אויסגאַנגס פּונקט פאַר דער אָפּהאַנדלונג. עס דאַרף אָבער אונטערשטראָכן ווערן, אַז ס'וועט נאָר געניצט ווערן אין די גרענעצן פונם אינטערעס פון דער אַרבעט צו אַרויסברענגען דעם אידישן אַרט דענקען. קיין אַנדערע פּאַזן פונם ווערק וועלן ניט באַטראַכט ווערן.

יהושע בן סירא איז געווען א סופר, ער איז געווען אַ געלערנטער און אַ לערער אין ירושלים. זיין בוך באַשטייט פון חכמות, עצות און דערקלערונגען, וועלכע ער האָט, ווי ס'זעט אויס, פאַרשריבן פון צייט צו צייט. ער זאָגט אויס־דריקלעך, אַז ס'איז ניט קיין אָרגינאַלע אַרבעט, נאָר עס באַשטייט פון מיינונ־גען פון אַ "וויינטרויבן זאַמלער". ער איז אָבער ניט געווען קיין אַבי ווער, ער האָט אַרומגערייזט און איז געווען באַקאַנט מיט דער וועלט און האָט פאַרשטאַ־נען די מענטשלעכע נאַטור. לויט זיין צייט און לויט זיין סביבה, איז ער גע־ווען א פּראַקטישער מענטש.

ער איז געווען א שטרענג רעליגיעזער איד און אויף וויפיל מען קען

אורטיילן פון ווערק, איז ער געווען א קעגנער פונם העלעניזם, כאָטש ער דער־מאָנט אים ניט און דער אלגעמיינער לעזער קען ניט באמערקן קיין העלע־ניסטישן איינפלוס אויפן מחבר. ר. ה. טשארלס און דזש. פוט מור, זאָגן אז אַזאַ איינפלוס איז פאַראַן, ווייל בן סירא זאָגט, אז וויסן איז טוגנד און דאָס איז אַ גריכישער און ניט קיין אידישער באגריף.

פון דער צווייטער זייט זאָגן דר. מאקדאָנאלד און דר. ציריקובער, אַז בן סירא איז א ריין אידישע שאפונג. דר. ציריקובער זאָגט ״בן סירא האָט זיך אומגעקערט קיין ירושלים אן אָרטאָדאָקסישער איד אויף אזויפיל ווי ער איז געווען פריער. אין זיין בוך געפינען מיר ניט קיין סימן פון וועלכן עס איז איינפלוס פון גריכישן גייסט״ (זע ״היהודים והיונים״ ז. 185).

ער איז גערעכט: אי לויטן אינהאלט, אי לויט דער טענדענץ איז עס א ריין אידישע שאפונג. עס ווערן אין בוך באטראכט אידישע פראָבלעמען לויטן אידישן דענקען און לויט די אידישע באגריפן פון יענער צייט. דער אינהאלט איז אָבער אַזאַ פארשיידנארטיקער, אז ס׳איז שווער צו אָנווייזן אויף א באַ־שטימטן געדאנק און זאָגן, אז דאָס איז דער צענטראלער געדאנק פונם ווערק. ארטור פ. טיילאָר האָט אָנגעשריבן א בוך וועגן יהושע בן סירא (״די ויזדום אָוו דזשעזוס בן סירא״), אין וועלכן ער אנאליזירט און אינטערפרעטירט זיינע מיינונגען, ער מאכט אָבער ניט קיין פארזוך צו אריינברענגען וועלכע ס׳איז איינהייטלעכקייט צווישן זיי. ענלעכעס טוט סאלאמאן שעכטער אין זיין אָפּ־האַנדלונג וועגן בן סירא, כאָטש זיין פאָרשונג איז אַ מער ערנסטע. ער אַנאַ־ליזירט די מיינונגען לויטן אידישן דענקען און לויט די באדינגונגען פון יע־נער צייט, איז אין איר אויך ניטאָ קיין איינהייטלעכער צענטראלער געדאנק. שולדיק זיינען, נאָטירלעך, ניט די פאָרשער, נאָר דער כאַראקטער פונם ווערק. אויך דאָ וועלן געמאכט ווערן אלגעמיינע באמערקונגען, זיי וועלן געמאַכט ווערן לויטן שטאנדפונקט פונם אינטערעס פון דער ארבעט אין אלגעמיין.

דער אָנהויב וועט געמאכט ווערן מיט זיין באגריף וועגן גאָט. דאָס איז געווען און איז געבליבן דער אידישער אויסגאנגס פונקט. יהושע בן סירא זאָגט: ״ער (גאָט) האָט אַלץ באַשאַפן לויט זיין ווילן און מיטן כוח פון זיין וואָרט. מיר קאָנען זאָגן וועגן אים א סך זאכן, אינגאנצן אָבער קאָנען מיר אים ניט באנעמען. דאָס איינציקע וואָס מיר קאָנען זאָגן, איז אז ער איז אלץ. אונדזערע פעאיגקייטן זיינען צו באגרענעצט, מיר זאָלן קאָנען ארויסברענ־גען זיין גאנצע פראכט: ער איז גרעסער פון זיין באַשאַף (די וועלט) . . . ווען דו לויבסט גאָט, באגרענעץ זיך ניט: טו עס אָן א סוף. ווען דו וועסט עס אזוי טאָן, וועסטו נאָך אלץ אים ניט דערגרייכן מיט דיין לויב. ווער האָט אים געזען ער זאָל אים קאָנען באשרייבן? און ווער קען זיך פאָרשטעלן ווי ער זעט אויס? ווען דאָס וואָס מיר ווייסן וועגן אים, איז א סך ווייניקער פון דעם, וואָס מיר ווייסן ניט. מיר זיינען נאָר באַקאַנט מיט א טייל פון זיין באשאף . . . קיין שום וואָרט איז ניט פארבאָרגן פון אים און קיין שום געדאנק מיידט אים ניט אויס. ער האָט די דאָזיקע גראנדיעזע שאפונג (די וועלט) פאָרמירט מיט זיין חכמה. ער עקזיסטירט פון אייביק ביז אייביק; — מען קען צו אים קיין זאך ניט צוגעבן, אָדער עפּעס פון אים אראָפּנעמען״ (קאפּ. 43, 45).

דאָס איז א פאָלשטענדיקער טעאלאגישער באגריף וועגן גאָט, וואָס איז אן איין־סוף און דערפאר איז ווען מען איז נאָר באקאנט מיט אַ טייל פונם

געשאַפענעם, קאָן מען ערשטנס ניט האָבן קיין באגריף וועגן דעם גאַנצן, און געוויס קען מען ניט האָבן קיין באגריף וועגן גאָט, וואָס שטייגט אריבער דאָס פון אים געשאַפענע.

צו דעם פילאָזאָפישן באגריף גופא האָט דער מחבר פון בן סירא גע־קענט קומען אָן א גריכישן איינפלוס. פאקטיש איז דער דאָזיקער פילאָזאָ־פישער באגריף שוין פאר די אידן ניט געווען ביי אין זיין צייט. מען קען אים ארויסלייענען פון ישעיה דעם צווייטן, ער איז איינגעשלאָסן אין איינער אָדער אין א צווייטער פאָרמע אין איוב׳ן, מען קען אים אפילו געפינען אין משלי, אין תהלים און אויך אין קהלת. די פאָרמע אָבער אין וועלכער ער זאָגט ארויס דעם געדאנק, איז ניט קיין אידישע, זי קלינגט גריכיש.

ווען מען גיט צו, אז דער אופן פון דער מעטאפיזיק איז א גריכישער, זיינען די געדאַנקען וועגן בעטן גאָט אָן אן אויפהער, ריין אידישע: — דעם גריכישן מעטאפיזישן גאָט האָט מען אי ניט געדאַרפט לויבן, אי מען האָט פון אים קיין זאך ניט געקענט בעטן; ער האָט, לויט זיין כאראַקטער, ניט גע־קאָנט האָבן קיין שייכות מיט דער וועלט.

עס דארף נאָך צוגעגעבן ווערן, אז מען לייענט אָפט ארויס פון בן סירא׳ן מער פילאָזאָפיע, ווי ער גופא האָט מסתמא געמיינט. וואָלט ער ווירק־לעך געווען א מעטאפיזיקער אין זיין דענקען, וואָלט ער ניט געזאָגט: ״זוך ניט די זאכן, וועלכע רופן אין דיר ארויס וואונדער און זוך ניט דאָס, וואָס איז באהאַלטן פון דיר. פאָרש ניט קיין זאכן, וואָס זיינען איבער דיין כוח און טראַכט ניט וועגן דעם, וואָס דו קענסט ניט פארשטיין. דענק וועגן דעם וואָס דיר איז דערלויבט צו דענקען און זוך דאָס, וואָס ס׳איז פון דיר ניט פאר־באָרגן, און דו דארפסט זיך ניט באַשעפטיקן מיט קיינע ענינים, וואָס זיינען פון דיר פארבאָרגן. דערפאר וואָס מענטשן קומען אין בארירונג מיט מער זאכן, ווי זיי קאָנען פארשטיין, האָט די פאנטאזיע געפירט א סך מענטשן צו זינדיקע השערות, וואָס האָבן זיי אראָפּגעפירט פון דרך הישר״ (קאַפּ. 3).

אזוי רעדט ניט איינער, וואָס האָט א וועלכן ס׳איז געפיל פאר מע־טאפיזיק, פארקערט, אזוי רעדט א שטרענג רעליגיעזער מענטש, וואָס ווען ער באקאָנט זיך מיט מעטאפיזישע פּראָבלעמען, דערשרעקט ער זיך פאר זיי טאָמער וועלן זיי אים אראָפּפירן פון גלייכן וועג.

גענומען פאר זיך איז דאָס ציטירטע געוויס א ווידערשפרוך צום פריער ציטירטן, דארף מען אָבער אין זינען האָבן, אז ערשטנס זיינען די אידן ניט געווען קיין אויסגעהאַלטענע לאָגיקער אין זייער דענקען. פאר זיי זיך צו ווידערשפּרעכן איז ניט געווען אַזאַ הארבער ענין, ווי פאר די גריכן און צווייטנס, איז ווי פריער געזאָגט, מעגלעך, אז מען שרייבט צו בן סיראַן צו א טיפערן מיין, ווי ער אליין האָט אין זינען געהאט. דערביי דארף מען אין זינען האָבן סאלאמאָן שעכטערס ווארנונג, אז מען זאָל ניט אָננעמען אַלץ, וואָס בן סירא האָט געזאָגט פאר זיין אן אייגענער מיינונג, ער האָט אָפט ציטירט אן אָנגענומענע מיינונג אָן אַ וועלכער ס׳איז באמערקונג. געוויינטלעך איז ניט קיין אונטערשייד צי די ארויסגעזאָגטע מיינונג איז אן אָריגינאַלע, אָדער א גענומענע מיט וועלכער מען שטימט איין. בן סירא איז אָבער געווען א ״זאמ־לער פון וויינטרויבן״, דארף מען ניט זיין צופיל קריטיש צו אים.

נאָך גאָט קומט ביי אים, לויט דער וויכטיקייט, ״חכמה״. וועגן דעם

מיין און באדייטונג פון ״חכמה״ אין דער אזוי אָנגערופענער חכמה ליטעראַ־טור זיינען פריער געמאכט געוואָרן עטלעכע באמערקונגען, איצט וועט נאָר צוגעגעבן ווערן דאָס, וואָס איז דאָרטן ניט באהאנדלט געוואָרן.

אויך בן סירא האָט צוויי באַדייטונגען פאר חכמה, איין באדייטונג האָט א שייכות מיט געוויינטלעכע משלים, עצות און אָנווייזונגען ווי צו פירן זיך אין פּראקטישן טאָג טעגלעכן לעבן. אין דעם טייל איז ביי אים ניטאָ קיין שום נייעס. די ״חכמות״ זיינען כאראקטעריסטיש פאר א רעליגיעז־עטישן טעקסט בוך, וואָס האָט אין זינען געהאַט די אידישע יוגנט פון יענער צייט.

ווען מען באַטראַכט די דאָזיקע ״חכמות״ פון סאָציאלן שטאַנדפּונקט, קען מען פון זיי א סך לערנען וועגן דעם אידישן לעבן און וועגן די אידישע סאָציאַלע באגריפן פון יענער צייט. דאָס טוען פּראָפעסאָר שעכטער און דר. ציריקובר אין זייערע אָפּהאנדלונגען וועגן בן סיראס צייט. פאר דער ארבעט, וואָס האָט אין זינען די אנטוויקלונג פון אידישן ארט דענקען און ניט דעם סאָציאלן לעבן פאר זיך, זיינען וויכטיק די חכמה באַגריפן, וואָס האָבן א שייכות מיט גאָט און מיט מאָראַל אין אַלגעמיין. עטלעכע ביישפּילן פון דעם מיין פון ״חכמה״ וועלן געבראַכט ווערן און זיי וועלן באטראכט ווערן.

ער זאָגט ״חכמה איז איר אייגענע לויב און איז די פּראכט פון פאָלק. אין דער געזעלשאַפט פונם אלעמהעכסטן עפנט זי איר מויל; זי שטראַלט ארויס פון זיין אומענדלעכן כוח. זי זאָגט: — איך שטראַם ארויס פון דעם מויל פונם אלעמהעכסטן און איך באדעק די ערד ווי א טוי. איך וואוין אויף הויכע פלעצער און מיין טראָן איז אין די זיילן פון די וואָלקנס. איך רינגל ארום דעם קרייז פון הימל און איך שפּאַציר אין טיפעניש פון תהום. אין די כוואַליעס פון ים, איבער דער גאַנצער ערד און אין יעדן פאָלק און נאציאָן הערש איך. צווישן אלע האָב איך געזוכט און האָב געוואָלט בלייבן זייער ירושה; דער באַשאַפער האָט אָבער באפוילן און דער וואָס האָט געמאכט מיין געצעלט זאָל רוען האָט געזאָגט: זאָל דיין געצעלט זיך געפינען אין יעקבן און דיין ירושה זאָל זיין ישראל. ער האָט מיך באַשאַפן גלייך מיט דער וועלט און ביזן סוף פון די טעג וועל איך בלייבן. אין הייליקן געצעלט האָב איך אים געדינט און האָב זיך באַשעפטיקט אין ציון. אין דער באליבטער שטאָט האָט ער מיר געלאָזט רוען און אין ירושלים האָט געהערשט מיין אויטאָריטעט. איך האָב זיך איינגעוואָרצלט צווישן פאָלק, וואָס איז פארהערלעכט געוואָרן, אין דעם טייל וואָס איז געוואָרן דעם הארס ירושה און פאר יעדן פאָלק האָט ער באַשטימט א פירער, אָבער ישראלס פירער איז ער אליין.״

עס זיינען אין א פריעריקער פארבינדונג ציטירט געוואָרן אויטאָ־ריטעטן, וואָס ווייזן אָן, אז דער באַגריף וועגן חכמה אלס סובסטאַנץ פאר זיך, אלס אן עפּעס, וואָס האָט אן אייגענע עקזיסטענץ, האָט עקזיסטירט אי אין מצרים, אי אין כנען פון גאָר אלטע צייטן. ווי די פעלקער האָבן זיך פאָרגע־שטעלט די דאָזיקע עקזיסטענץ קען מען ניט וויסן, ווייל זיי אליין האָבן עס ניט געוואוסט געננוי.

עס איז אָבער זיכער, אז די אידן האָבן דעם חכמה באגריף ניט גע־נומען ביי די גריכן, ווייל אי זיי האָבן אים געהאט איידער זיי זיינען גע־קומען אין בארירונג מיט די גריכן און איידער די גריכן האָבן אים געהאט, אי די גריכן גופא האָבן אים גענומען ביי די פריעריקע פעלקער. דערצו

דארף מען צוגעבן, אַז וואו די אידן זאָלן דעם באַגריף ניט געוועזן נעמען האָבן זיי אים סיי־ווי־סיי פאַראידישט און האָבן אים אינטערפּרעטירט אויף איין אייגנאַרטיקן אופן: — פאַר זיי איז ראשית חכמה יראת יהוה געווען דער עיקר פון אַלע עיקרים און דעם עיקר האָבן זיי געוויס אין ערגעץ ניט געזוכט.

ווען מען האָט אין זינען דעם אידישן אויסגאַנגס פּונקט, מיטן אידישן סוביעקטיוו־עמאָציאָנעלן אַרט דענקען, אין וועלכן גאָט און מאָראַל האָבן גע־הערשט, איז אום ריכטיק צו פאַרשטיין דאָס פריער ציטירטע, דאַרף מען אָנ־הויבן פונם סוף, אַז פאַר יעדן פאָלק האָט ער באַשטימט א פירער, אָבער ישראלס פירער איז גאָט אַליין. "חכמה" געפינט זיך טאַקע איבעראַל "אין יעדן פאָלק און אין יעדער נאַציאָן." גאָט האָט אָבער דער "חכמה" באַפוילן, אַז "דיין געצעלט זאָל זיך געפינען אין יעקבן און דיין ירושה זאָל זיין ישראל."

אָט די חכמה, וואָס "שטראַלט אַרויס פון זיין אומענדלעכן כוח", וואָס "שטראָמט אַרויס פונם מויל פונם אַלעמהעכסטן" און "באַדעקט די ערד ווי א טוי", דאַרף זיך געפינען צווישן די אידן.

ווען מען נעמט ריין פילאָזאָפיש, איז דאָס ניט צופיל פאַרשטענדלעך, מען קען פון דעם ניט קריגן קיין שום קאָנקרעטען מיין; נעמט מען עס אָבער אין דער ליכט פון בן סיראס אַלגעמיינער מאָראַלער לערע, קען עס מיינען, אַז דער אידישער שטייגער לעבן איז דער בעסטער דערפאַר, וואָס גאָט אַליין נעמט אין אים אן אקטיוון אייבטייל. ער האָט דעם שטייגער לעבן באַשטימט פאַר די אידן און ער גיט אכטונג, אַז די אידן זאָלן אים ריכטיק דורכפירן. ער האָט זיי געגעבן א תורה און נביאים און ער גיט אכטונג זיי זאָלן גיין אין זיינע וועגן.

חכמה, מאָראַל און לעבנס שטייגער, האָבן זיך אינם אידישן אַרט דענקען פאַראייניקט. דאָס קען מען זען פון אַלע אידישע שאַפונגען און הויפּטזעכטלעך קען מען עס זען פון בן סיראס בוך. יהושע בן סירא איז אין עיקר געווען א מאָראַל פילאָזאָף לויט זיין בליק און א דערציער לויט זיין פּראָפעסיע. דאָס קען מען זען פון דעם ווי ער ווענדט זיך צו זיינע תלמידים און זאָגט: "דענקט ניט, אַז איר קענט אים (גאָט) אונטערקויפן מיט מתנות, ער וועט זיי ניט אָננעמען, און טראַכט ניט וועגן קרבנות, וואָס ווערן געבראַכט אויף אן אומגערעכטן אופן. דער אַלערהעכסטער איז דער ריכטער און ער לאָזט זיך ניט אָפּנאַרן: — ער וועט פון אייך ניט אָננעמען קיין זאַך, אויב איר האָט באַרויבט אן אָרעמאַן און ער וועט זיך צוהערן צו דער תפלה פונם באַ'גזלטן.

ווי איינער וואָס זאָל הרג'ענען א קינד אין זיין פאָטערס אויגן, אַזוי איז געגליכן דער וואָס ברענגט א קרבן פון אן אָרעמאַנס אייגנטום. דאָס ברויט פונם נויטבאַדערפטיקן איז זיין לעבן, דער וואָס באַרויבט אים איז א בלוט־זויגער . . . ווער וועט זיך צוהערן צו זיין תפלה? און ווער נויטיקט זיך אין זיין פאַסטן?"

בן סירא ווערט באַהערשט פון זיינע אייגענע עמאָציעס, ער נעמט אָן א דירעקטן טאָן און זאָגט: "מיין זון באַרויב ניט דעם אָרעמאַן פון זיין פּרנסה און לאָז דעם נויטבאַדערפטיקן לאַנג ניט וואַרטן. פאַרביטער ניט דאָס לעבן פונם הונגעריקן און דערצאָרן ניט קיין מענטשן ווען ער איז אין א נויט. פאַר־

מער ניט די ליידן פון אן אויפגערעגט האַרץ און גיב אים גלייך וואָס ער דאַרף. פאַראַכטע ניט דעם אונטערדריקטן אין זיין אומגליק און דריי ניט אוועק דיין קאָפּ פונם אָרעמאַן. קער ניט אוועק דיינע אויגן פון דעם, וואָס בעט ביי דיר עפּעס און גיב קיינעם ניט קיין געלעגנהייט ער זאָל דיך שעלטן. אויב איינער וועט דיך שעלטן ווען ער איז פאַרביטערט, וועט דער באַשאַפער זיך צוהערן צו זיין דערנידערונג . . . זיי א פאָטער צו יתומים און העלף זייער מוטער ווי איר מאַן האָט איר געהאָלפן. אז דו וועסט דאָס אַלץ טאָן, וועסטו זיין א זון פונם אלמעכטיקן און ער וועט דיך ליב האָבן מער ווי דיין מוטער האָט דיך ליב" (דאָרט).

סאלאמאן שעכטער זאָגט וועגן בן סירא, אז ער איז געווען א קאָנסער־וואטיווער מענטש און אן אָנהייננגער פונם אלטן שטייגער לעבן און אז די נביאים זיינען געווען זיינע לערער פון רעליגיע. צו דעם קען מען צוגעבן, אז דער וואָס זאָגט, אז דער עטישער קוואל האָט אויסגעטריקנט אינם אידנ־טום נאָך עזרא הסופר, איז ניט באקאנט מיט בן סירא (ער איז אויך ניט באַ־קאנט מיט הללן).

אין בן סירא געפינען זיך די געדאנקען פון די נביאים, מיטן אונ־טערשייד, וואָס די נביאים האָבן געשטראָפט די אידן אין גאָטס נאָמען און אין בן סירא איז זייער עטישע לערע א לימוד פאר דער יוגנט. עס מיינט, אז די אידעאלן פון די נביאים זיינען שוין אין זיין צייט געוואָרן א טייל פונם אי־דישן שטייגער לעבן. אַ לעבענס שטייגער איז אָבער ניט דאָס זעלבע, וואָס אן אבסטראקטער אידעאל: אינם פראקטישן לעבן גייט אריין א סך רוטינעס פראקטישעס, וואָס באשטייט פון טראדיציע און פון מנהגים. דאָס איז אומ־פארמיידלעך, דערהויפּט איז עס אומפארמיידלעך אין רעליגיע, וואו צערע־מאָניע פארנעמט אָפּט דעם פלאץ פונם עצם.

אז דער אידעאל פון די נביאים איז אין בן סיראס צייט שוין טייל־ווייז איינגעשלאָסן געוואָרן אין דעם אידישן שטייגער לעבן, באשטעטיגט דזש. פוט מור ווען ער זאָגט "מער פאָלקאָמען און מיט מער באַשטימטקייט ווי אין וועלכן עס איז אנדער ווערק פון דעם פעריאָד באווייזט אונדז בן סיראס בוך צו וואָס פאר א גרויסן גראד די העכערע אידעאלן און עטישע פרינציפּן פונם געזעץ פון די נביאים, זיינען אויסגעקליבן געוואָרן אויף א פאסנדן אופן, זיינען קאָאָרדינירט און אסימילירט געוואָרן פון די בעסטע גע־לערנטע און דענקער פון זיין צייט, אז זיי זאָלען געניצט ווערן פאַר דער דערציאונג פון דער יוגנט . . . די באדייטונג פון דעם דאָזיקן בוך איז אויך גרויס ווי א וועגדע פונקט. ער באווייזט אָן צווייפל, אז די עטיק פון די תנאים פונם 2טן יאָרהונדערט פון אונדזער צייט־רעכענונג איז געווען די זעלבע, ווי די טעאָלאָגיע און די עטיק פון די סופרים פונם אָנהויב פון צווייטן יאָרהונ־דערט פ. קר.

בן סיראס העברייאישער בוך איז געווען גוט באקאנט אין דער צייט פון די תנאים און אויך שפּעטער, מען האָט אים הויך געשעצט און מען האָט אים ציטירט מיט אַזאַ רעספּעקט ווי מען האָט ציטירט דעם תנ"ך. אין ערשטן יאָרהונדערט פון אונדזער צייט־רעכענונג האָט מען אָפּט געדארפט אונטערשטרייכן, אז דער בוך איז ניט קיין טייל פון די הייליקע שריפטן און אַז ער באלאנגט ניט צו זיי, אזוי הויך האָט מען אים געשעצט." (זע "דזשו־

דאַאיזם באַנד 1 ז. 40).

מור איז ניט דער ערשטער, וואָס האָט איינגעזען, אַז די קריסטלעכע היסטאָריקער, וואָס באַשעפטיקן זיך מיטן אידנטום פון יענער צייט צוליב זייערע קריסטלעכע אינטערעסן, האָבן ניט ריכטיק אָפּגעשאַצט דעם אידישן דענקען פון יענער צייט. ער איז איינער פון די וויכטיקסטע היסטאָריקער, וואָס האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו פאַרריכטן דעם טעות און ער, ווי מען קען זען, האָט גענומען בן סיראַן פאַר זיין אויסגאַנגס פונקט. ער באַ־ווייזט ווי בן סירא קען דינען פאַר א בריק, וואָס זאָל דירעקט פאַראייניקן דעם דענקען פון די נביאים פונם ערשטן פּעריאָד פון דער אידישער גע־שיכטע מיטן דענקען און שטייגער לעבן פונם צווייטן פּעריאָד פון דער אי־דישער געשיכטע, ווי ער ווערט אויסגעפּירלעך באַשריבן אינם בן סירא בוך.

אין דעם בוך געפינען זיך די פונדאַמענטאַלע שטריכן פון ביידע פּעריאָדן: — בן סירא פּאַרטיידיקט די מאָראַל פון די נביאים און דעם שטיי־גער לעבן, וואָס האָט זיך אַנטוויקעלט לויט דער תורה. פון אים, זאָל דערביי באַמערקט ווערן, קען מען זען ווי אַן אידעאַל פאַרלירט זיין יום־טוב׳דיקייט, ווען ער ווערט א טייל פון טאָג טעגלעכן לעבן און מען קען אויך זען ווי אין רעליגיע ווערט ניט באַמערקטערהייט פאַרוואַנדלט די בין אדם לחברו באַ־ציאונג אויפן בין אדם למקום שייכות.

דאָס פּראָזאַאישע פון טאָג טעגלעכן לעבן פאַרוואַנדלט יום טוב אין וואָך און פּסיכאָלאָגיש און נאָך מער עקאָנאָמיש ,איז לייכטער צו זיין פרום צו גאָט, ווי צו זיין גוט צו מענטשן. — אי עס קאָסט וויניקער, אי עס גיט מער נשמה צופרידנהייט.

דאָס דאַרף מען אין זינען האָבן ווען מען פאַרגלייכט בן סיראַן און די אַנדערע שפּעטערדיקע שאַפונגען, מיט די נביאים. די נביאים האָבן גע־פּריידיקט אידעאַלן, האָבן זיי אויסגעקוקט גאַלע יום טוב און די שפּעטער־דיקע דענקער האָבן געוואָלט אריינברענגען די אידעאַלן אין לעבן, זיינען זיי געבליבן באַם ריינעם וואָכעדיקן .

פרומקייט און תפלה פאַרנעמט א היפּש ביסל פּלאַץ אינם בן סירא בוך. דאָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין צייט נאָכן גלות בבל, נאָך עזראַ׳ן און נחמיה׳ן ווען די אידן האָבן פאַר הונדערטער יאָרן ניט געהאַט קיין פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט און זייער גאַנצער אינטערעס און ענער־גיע איז געווען קאָנצענטרירט אויף רעליגיע און רעליגיעזע ענינים. דערפאַר, דאַרף מען אויך אָננעמען, באַשעפטיקט ער זיך ניט מיט קיין פּאָליטישע פּראָב־לעמען, די אידן האָבן אין יענער צייט ניט געהאַט צוליב וואָס צו זיין פאַר־אינטערעסירט אין פּאָליטישע ענינים, ווען זיי האָבן ניט געהאַט קיין פּאָלי־טישע זעלבסטשטענדיקייט.

מען קען זען, אַז אים האָט דער ווידערשפּרוך צווישן גאָטס אַלמעכ־טיקייט און דעם מענטשנס פרייעם ווילן צו האַנדלען זעלבסטשטענדיק קעגן גאָטס ווילן, באַאומרואיקט, ווייל ער וואָרנט: ״זאָג ניט אַז דורך גאָט בין איך אראָפּ פון גלייכן וועג און טו ניט קיין שום זאַך, וואָס איז דיר דערווי־דער. זאָג ניט אַז ער האָט דיך פאַרפירט, ער וויל ניט קיין זינדיקע מענטשן. גאָט האָט פיינט אומווירדיקייטן און די, וואָס האָבן מורא פאַר אים, האָבן אויך ניט ליב קיין אומווירדיקייטן. ער אַליין האָט געשאַפן דעם מענטשן און

האָט אים איבערגעלאָזט אויף זיינע אייגענע אחריות. אויב דו ווילסט קענסטו פאָלגן זיינע געבאָטן און זיין ערלעך פאר דיין אייגענעם פארגעניגן. ער האָט פאר דיר אוועקגעשטעלט פייער און וואסער, דו קענסט טאָן וואָס דו ווילסט״ (קאפּ. 15).

דאָס איז דער ריכטיקער שטאַנדפּונקט פאר א רעליגיעזן מענטשן, ווייל אויב דער מענטש זאָל ניט זיין פריי אין זיינע האנדלונגען, נאָר דע־טערמינירט דורך אן אויסערלעכער קראפט (גאָט), וואָלט מען אים ניט גע־קאָנט האלטן פאראנטוואָרטלעך פאר זיינע שלעכטע מעשים, אזוי גוט ווי מען וואָלט אים ניט געדארפט באלוינען פאר זיינע גוטע מעשים.

פון בן סיראַ׳ן קאָן מען זען, אז דר. מאקדאָנאלד איז גערעכט, ווען ער זאָגט, אַז לויט זיין דענקען איז דער איד פריי; ער האָט זיין פרייהייט צו האנדלען ווי ער וויל אפילו צו גאָט ניט אוועקגעגעבן. געוויס קען אים גאָט שטראָפן, ווען ער פאָלגט ניט זיינע געבאָטן, ער האָט אָבער די פרייהייט צו קאָנען זיך קעגנשטעלן גאָטס ווילן און זאָל אים גאָט שטראָפן. נאטירלעך, אַז מען קאָן צו בן סיראַן ניט האָבן קיין טענה פארוואָס ער האָט ניט באמערקט דאָס, וואָס אלע טעאָלאָגן פון אַלע צייטן ווילען ניט, אָדער קאָנען ניט באמערקן, נעמלעך ,אז אויף וויפיל דער איד איז פריי אין זיינע האנדלונגען, אויף אזוי־פיל איז גאָט באגרענעצט אין זיין אלמעכטיקייט. דאָס איז צו א הארבער שלוס, אז טעאָלאָגן אין אלגעמיין זאָלן אים ווען, אָדער קאָנען ציען.

אויב דער מענטש איז פאָלשטענדיק פריי, ער קאָן טאָן וואָס ער וויל, אַנטשטייט פאַר בן סיראַ׳ן די פראַגע:—פאַרוואָס זאָל דער מענטש ניט זינדיקן אויב דאָס זינדיקן שאפט אים פארגעניגן? אויף דער פראַגע ענטפערט ער ״פריי זיך ניט מיט די פארגעניגנס פון די גאָטלאָזע; זיי וועלן ניט אוועק־גיין אין קבר איידער זיי וועלן באַשטראָפט ווערן״. פונם ענטפער, וואָס ער גיט אויף זיין אייגענער פראַגע, קען מען זען, אז בן סירא, ווי די נביאים פאר אים, האָט געדענקט אין טערמינען פון דער וועלט און ניט פון קיין אנדער וועלט. ער האָט דעם שכר ועונש פּראָבלעם אינטערפרעטירט אין די גרע־נעצן פון מענטשלעכן לעבן אויף דער וועלט און ניט אין קיין אנדער וועלט. אז ער האָט ניט געדענקט פון קיין יענער וועלט, קען מען אויך זען פון דעם וואָס ער פרעגט: ״ווער זאָל לויבן דעם אלמעכטיקן, די טויטע פון קבר אָדער די וואָס לעבן און קאָנען אָפּדאנקן? און ער ענטפערט: ״מיטן טויט ענדיקט זיך דאָס קאָנען דאנקען . . . דער וואָס לעבט און איז געזונט דארף לויבן גאָט.״ עס איז קלאָר, אז ער דענקט בלויז אין טערמינען פון דער וועלט.

עס איז שווער צו אָננעמען, אז יהושע זאָל אין זיין צייט ניט געווען וויסן וועגן א באגריף פון א יענער וועלט. אין זיין הקדמה אויף בן סיראַן (קעמבריטש בייבל) ציטירט אויסטערלי פארשיידענע שטעלן פון בוך צו ארויסברענגען וואָס פאר א מיינונג דער מחבר האָט געהאט וועגן דער פרא־גע און זיין שלוס איז, אז מען קען עס ניט באשטימען. פּראָפעסאָר פינקל־שטיין האלט, אז בן סירא האָט געוויס געוואוסט וועגן דעם באגריף פון אַ יענער וועלט און וועגן תחית המתים, נאָר ער האָט, צוזאמען מיט די צדוקים, אין דעם ניט געגלויבט. סאלאמאן שעכטער זאָגט, אז ס׳איז זיכער, אז אין זיין צייט איז די דאָזיקע דאגמע נאָך ניט געווען אלגעמיין אָנגענומען. אויך

ארטור טיילאָר האלט, אז ער האָט באַלאַנגט צו די צדוקים; ער מאָטיווירט זיין מיינונג מיט דעם, וואָס בן סירא האָט געגלויבט, אז דער מענטש באזיצט א פרייען ווילן. דאָס איז געווען דער שטאַנדפונקט פון די צדוקים. (פארשטייט זיך, אז ער איז געווען א פארלויפער פון די צדוקים).

וועגן בן סיראס מאָראַל־לערע פון מענטש צו מענטש זיינען פריער געבראכט געוואָרן עטלעכע ציטאַטן, נאָך א פּאָר בעטן זיך זייער שטאַרק מען זאָל זיי ברענגען. ער זאָגט אויף איין פּלאַץ: ״האָס ניט דיין שכן פאר דעם וואָס ער האָט דיר געטאָן שלעכטס און טו קיין זאך ניט מיט קיין שלעכטן אבזיכט.״ און אויף א צווייטן פּלאַץ זאָגט ער: ״פארגיב דיין שכן פאר דעם וואָס ער האָט דיר פארשאפט ליידן כדי דיינע זינד זאָלן פארגעבן ווערן ווען דו וועסט תפלה טאָן. מעג אַ מענטש האַסן א צווייטן און בעטן, אַז גאָט דער האַר זאָל אים מוחל זיין? ער האָט ניט קיין רחמנות אויף א צווייטן מענטשן, ווי ער אליין איז און ער וויל אז זיינע זינד זאָלן פארגעבן ווערן.״ (פאר. 28, 2, 3, 4).

נאָך דעם ווי ארטור טיילאָר ציטירט די דאָזיקע פּאראגראפן קאָמענטירט ער ״א מערקווירדיקער פּאַראויסזען פון קריסטוסעס לערע וועגן דער פליכט פון פארגעבונג ווי א באדינג פאר דער האָפענונג צו קריגן פארגעבונג פון גאָט״ (זע ״די וויזדאָם אָוו דזשעזוס בן סירא״ ז. 170). עס איז ווירקלעך מערקווירדיק ווי קריסטלעכע טעאָלאָגן קאָנען איבערדרייען א געדאנק אום קריסטוס זאָל בלייבן די שענסטע פערזענליכקייט פון אַלע מענטשן. אנשטאָט צו צוגעבן, אז די געדאנקען, וואָס ווערן צוגעשריבן צו אים, זיינען שוין פריער ארויסגעזאָגט געוואָרן פון אנדערע אידען זאָגען זיי, אז ״זיינע״ געדאנקען זיינען פאָראויסגעזען געוואָרן פון אנדערע .

יהושע בן סירא האָט געלעבט אין דער צייט ווען דאָס אידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם צערעמאָניאַל פון בית המקדש און דער כהן גדול איז געווען דער פירער, פארענדיקט ער דעם בוך מיט אַ באַגייסטערטער פּאָעמע וועגן אַ יום טוב צערעמאָניאַל אין בית המקדש, ער זאָגט: ״ווי דער מאָרגנשטערן אויף א פארוואָלקנטן הימל, ווי די לבנה, ווען זי דערשיינט אין איר גאנצקייט, ווי די זון, ווען זי באַשטראַלט א קעניגלעכן פּאַלאַץ און ווי א רעגנבויגן, וואָס שטראַלט ארויס פון א פּרעכטיקער כמארע, ווי בונטע בלומען אין די פרילינג טעג, ווי א ליליע לעבן אַ וואַסערפאַל . . . אזוי דערשיינט ער (דער כהן גדול) און די כהנים רינגלען אים אַרום, האַלטנדיק קרבנות צו גאָט אין זייערע הענט״ (קאַפּ. 50).

פון דעם ציטירטן קען מען זען, אַז דער מחבר איז פאַר קיין פאַל ניט געווען קיין קעגנער פון דעם קרבנות קולט. ווי ס׳זעט אויס איז דאָס ברענגען קרבנות צו גאָט אויף אזויפיל געווען א טייל פון דעם אידישן לעבן און דענקען, אז ס׳איז געוואָרן א טייל פון זייער פּסיכיק און דערפאַר האָבן זיי ניט געקענט זיין קעגן דעם קולט. פונדעסטוועגן באַגעגנט מען זיך אפילו ניט מיטן וואָרט קרבן ביז העכער האלב פונם בוך און ווען מען באַגעגנט זיך מיטן נאָמען, איז עס אויך אין א נעגאַטיווער פאַרבינדונג: — בן סירא וואָרנט מען זאָל זיך נישט וואַגן צו אויסקויפן מיט קיין קרבנות פאַר שלעכטס טאָן. גאָט וועט זיך צוהערן צו דער תפלה פונם באַ׳גזלטן און ער וועט ניט אָננעמען דעם קרבן פון אַ מאָראַל ברעכער .

יהושע בן סירא האָט, ווי די נביאים, געזען די נעגאַטיווע זייט פונם קרבנות קולט, אַז מענטשן האָבן געקענט דענקען, אַז זיי מעגן באַגיין אַלער־ליי עוולות און נאָכדעם וועלן זיי ברענגען אַ קרבן, וואָס וועט מכפּר זיין אויף זייערע זינד. וואָרנט ער זיי, אַז גאָט קען מען ניט אָפּנאַרן און אַז צו טאָן גוטעס איז וויכטיקער ווי צו ברענגען קרבנות צו גאָט.

אַרום און אַרום איז דאָס בן סירא בוך סאָציאַל־פּסיכאָלאָגיש אַ גע־זונט ווערק: די מאָראַל דערפון איז אַ טיפע און די רעליגיע איז אַן אויסגע־האַלטענע. עס איז פריי פון איובס פּעסימיזם און פון קהלתס ציניזם. פילאָ־זאָפיש איז עס ניט אַזוי טיף ווי די צוויי ווערק, כאָטש עס האָט אַ סך פּלעצער, וועלכע קענען אויסגעטייטשט ווערן ריין פילאָזאָפיש. ס׳איז אָבער מעגלעך, אַז מען לייענט אין די דאָזיקע פּלעצער מער אַריין, ווי מען לייענט פון זיי אַרויס.

גוסטאַוו קאַרפּעלעס איז גערעכט, ווען ער סומירט די באַדייטונג פון בוך, אַז ״לויט דער מאָראַלער ריכטונג שטייט דאָס בוך אין איין ריי מיט די בעסטע ביבלישע ווערק. אין זיין וועלט־אַנשויאונג ווייזט ער אפילו אַזאַ רייפ־קייט און ליבעראַלישקייט, וואָס אַזוינס באַגעגענען מיר ניט אַלע מאָל אין דער ביבל, און באַווייזט דעריבער אַן אַנטוויקלונג צו אַן אוניווערסאַלן מענטש־לעכן שטאַנדפּונקט... די דאָזיקע וועלט־אַנשויאונג האָט נאָך ווייניק אויפ־גענומען פון דעם גריכישן גייסט, זי שטייט לגמרי אויפן שטאַנדפּונקט פון דעמאָלסדיקן אידנטום, און דערווייטערט זיך ניט פון דעם אידנקרייז מיט וועלכן עס זיינען געווען דורכגעדרונגען די חכמים פון יענער צייט״ (זע ״די געשיכטע פון דער אידישער ליטעראַטור״ ז. 204).

דזש. פוט מור איז פריער ציטירט געוואָרן ווי ער ווייזט אָן, אַז די עטיק און די טעאָלאָגיע פון די תנאים פונם צווייטן יאָרהונדערט נ. קר. איז געווען די זעלבע, ווי די עטיק און די טעאָלאָגיע פון די סופרים אין אָנהויב פון צווייטן יאָרהונדערט פ. קר. ווי בן סירא באַווייזט עס. מען קען גיין אַ טראָט ווייטער און זאָגן, אַז פון בן סירא׳ן קען מען זען די עוואָלוציע פונם אידישן דענקען פון די נביאים צו די סופרים, צו די פּרושים און צו די תנאים... די נביאים האָבן געפּריידיקט אַ סאָציאַלע עטיק אינם נאָמען פון אַ מאָראַלן גאָט און אויף דעם אופן האָבן זיי אַרויסגעבראַכט דעם באַגריף פון דעם עטישן מאָנאָטעאיזם.

גלייכצייטיק מיט זיי און געוויס אונטער זייער ווירקונג, זיינען געשאַפן געוואָרן די פאַרשיידענע טיילן פון דער תורה. די טיילן זיינען געבראַכט גע־וואָרן קיין בבל און דאָרטן זיינען זיי פאַראייניקט געוואָרן און די תורה איז פון עזרא׳ן צוריק געבראַכט געוואָרן קיין ארץ ישראל אַ פאַרטיקע און איז פּראָקלאַמירט געוואָרן פאַר דער פון גאָט געגעבענער קאָנסטיטוציע צו זיין פאָלק.

ווען די תורה איז פון די אידן אָנגענומען געוואָרן פאַרן אָפיציעלן ברית יהוה, האָט זיך פּאַקטיש און פּסיכאָלאָגיש, געענדיקט דער פּעריאָד פון די נביאים: — ווי מען קען זען פון בן סירא׳ן האָט די תורה פאַרנומען זייער פּלאַץ.

סאַלאָמאָן שעכטער זאָגט: ״דאָס, וואָס נבואה האָט אויפגעהערט, דאַרף ניט פאַררעכנט ווערן פאַר קיין באַווייז פון גייסטיקער סטעריליטעט. בן

סיראַ׳ן האָט, מעגלעך, געפּעלט נבואה ווי אַ מעטאָד צו פּאָראויסזאָגן פּאַ־
סירונגען, אָבער ניט ווי א קוואַל פון רעליגיעזער אינספּיראַציע. דאָס האָט
ער געהאַט ״אינם בוך פונם בונד מיטן אַלמעכטיקן גאָט״, אין דער תורה,
וואָס אין זיינע אויגן איז זי געווען דאָס זעלבע וואָס חכמה, ווי די
מוטער פון שיינער ליבע, פון מורא, וויסן און פון הייליקער האָפענונג.״ ניט
נאָר איז זי ניט געווען קיין סיבה פון סטעריליטעט און סטאַגנאַציע, נאָר
חכמה (תורה) זאָגט וועגן זיך: ״איך וועל באַוואַסערן מיין גאָרטן און וויל אָנפילן
מיט וואַסער מיין גאָרטן־הויז. און זע! פון מיין שטראָם ווערט א טייך און פון
מיין טייך ווערט א ים״ (בן סירא ציטירט לויט ס. שעכטער׳ס ״דזשואיש לייף
אין די טיים אָוו בן סירא״ ב. 2 סטודי א. דזשוד. ז. 59).

דאָס פירט צו דער פראַגע וועגן דער שייכות פון לערנען תורה און
דעם קרבנות קולט אינם בית המקדש. פונם ווערק גופא זעט מען ניט אין
וואָס די דאָזיקע שייכות איז באַשטאַנען. סאַל. שעכטער באַשעפטיקט זיך
זייער א סך מיט דער שייכות און ער ברענגט אַרויס דעם געדאַנק, אַז ס׳איז
ניט געווען קיין שום קאָנפליקט צווישן די צוויי פונקציעס. אין בית המקדש
האָט זיך געפונען א בית המדרש. די סופרים האָבן פאַרהערלעכט די כהן
גדול׳ס, ווי די אָפיציעלע פאָרטרעטער פון פאָלק; זיי האָבן זיי אָבער ניט
באַטראַכט פאַר די גייסטיקע פירער: די לערער פון פאָלק זיינען געווען די
סופרים. דער בית המקדש איז געווען דאָס הייליקע פלאַץ פאַר אַלעמען און
אַלע האָבן באַטראַכט דאָס ברענגען קרבנות פאַר דער העכסטער פאָרמע פון
אויסדרוק פון הייליקייט; ווען די בתי מדרשים זיינען אָבער געווען די פלע־
צער וואו מען האָט געלערנט די תורה. אין ספר בן סירא זעט מען ניט קיין
קאָנפליקט צווישן די צוויי אינסטיטוציעס.

יהושע בן סירא האָט, נעמט מען אָן, געלעבט אין דער צייט, ווען
אנטיוכוס דער דריטער האָט באַזיגט מצרים און ארץ ישראל איז פון אים
אָפּגעריסן געוואָרן פון מצרים. די אידן האָבן באַגריסט אנטיוכוסעס זיג און
ער איז געווען פריינטלעך צו זיי. ער האָט זיי אפילו געגעבן געלט פון דער
רעגירונגס קאַסע צו רעמאָנטירן דעם בית המקדש און צו באַפעסטיקן די
שטאָט און די וואַסער לייטונג.

אַזוי ווי די באַציאונג צווישן די סיריער און די אידן איז געווען אַ
פריינטלעכע, האָט ניט גענומען לאַנג, אַז די העכערע שיכטן פון ביידע צדדים
זאָלן זיך דערנעהענטערן איינער צום צווייטן און דער אידישער צד האָט זיך
אָנגעהויבן צו העלעניזירן.

איינגאַנצן פריי פון וועלכער עס איז העלעניסטישער ווירקונג זיינען
אויך פריער די אידן ניט געווען. יוסף פלאַוויוס דערציילט וועגן יוסף בן טוביה,
דעם צינזן אויפזעער איבער סיריע אין דער צייט פון דער פּטלאַמייערשער
הערשאַפט, גאָרניט קיין שיינעם אויפטו. ער זאָגט וועגן אים, אַז ״דעם כהן
גדול׳ס אייניקל האָט זיך געוואָלט דעם גאַנצן קולט פון וויין און ווייב איינ־
פלאַנצן אויפן אידישן באָדן, און פאַר דעם צוועק האָט ער אין ירושלים איינ־
געפירט איינעם פון די דיאָנישע יום טובים . . . צוויי טעג זיינען געווידמעט
געוואָרן אויף שיכורן און אומציכט טרייבן . . . אָט דעם שיכורים יום טוב
האָט יוסף בן טוביה אויך אין ירושלים איינגעפירט״ (ציט. פ. גרעץ).

דער יוסף בן טוביה אינצידענט איז פאָרגעקומען אומגעפער פופציק

יאָר פאַר יהושע בן סיראס צייט. עס איז געוויס ניט געווען קיין איינציקע פּאַסירונג; מען קען גלויבן, אז ס'זיינען געווען ענלעכע העלעניסטישע איינ־צידענטן אינם אידישן לעבן פון יענער צייט; זיי זיינען אָבער געוויס ניט געווען קיין געוויינטלעכע דערשיינונגען. דאָס האָט מען א רעכט צו אָננעמען דערפאַר, וואָס בן סירא דערמאָנט זיי ניט מיט קיין איין וואָרט: — ער איז געווען אן אָרטאָדאָקסישער איד און עס גלויבט זיך ניט, אז ער וואָלט פאַר־שוויגן אַלגעמיינע גאָט־לעסטערונגען.

רמזים, וואָס קענען אויסגעטייטשט ווערן ווי אָנדייטונגען אויף הע־לעניזם, געפינען זיך דאָ און דאָרט אינם ווערק, אָבער טאַקע ניט מער ווי רמזים. דאָס ווערק אין אַלגעמיין איז א אידישעס.

ווי עס זעט אויס איז אזוי לאַנג ווי די אידן האָבן זיך געפונען אונטער די פּטאָלאָמייער, האָט דער העלעניזם ניט צופיל אריינגעדרונגען צווישן זיי. מצרים איז געווען אביסל ווייטלעך פון יהודה און דער פאַרקער צווישן זיי איז ניט געווען קיין צו איינגער. דערצו האָט זיך דער העלעניזם ניט צופיל צעבליט אין מצרים. מאַהאַפיע זאָגט "די פּטאָלאָמייער זיינען געוואָרן מצרים, די מצרים זיינען אָבער ניט געוואָרן קיין העלענער" (זע "די פּראָגרעס אָוו העלעניזם אין די אַלעקס. אימפּעריע" ז. 78). וואָס אָנבאַלאַנגט די מצרישע קולטן, האָבן זיי, ווי ס'זעט אויס, קיינמאָל ניט אפּעלירט צו די אידן.

דער סירישער העלעניזם איז אָבער געווען א מער אגרעסיווער (די סיבות זיינען הויפּטזעכלעך געווען פּאָליטישע) און מעגלעך, אז ער איז אויך געווען א מער סימפּאַטישער. וואָס די סיבות זאָלן אָבער ניט געווען זיין, האָט ניט גענומען לאַנג, אז די העכערע אידישע שיכטן זאָלן אָנהויבן צו איבער־נעמען העלעניסטישע מנהגים. די כהנים זיינען, ווי ס'זעט אויס, געווען די ערשטע, וואָס האָבן זיך אסימילירט. דאָס האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס זיי זיינען געווען פּריווילעגירטע לײדיקגייער און הגם זיי זיינען געווען די אידישע אריסטאָקראַטן, זיינען זיי ניט געווען די גייסטיקע פירער. פּראָפ. פינקלשטיין זאָגט, אז ס'זיינען געווען כהן גדול'ס, וואָס האָבן ניט געקענט לייענען די תורה און נאָר איין כהן גדול ווערט אָנגערופן צדיק.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם פאַרגלייך פון די אידן מיט די העלענער, ווען זיי האָבן זיך באַגעגענט, ווענדעט זיך אין דעם אָפּשאַצער: ווען גרעץ מאַכט דעם פאַרגלייך זיינען די אידן צדיקים און קדושים, וואָס האָבן די אויסגע־לאַסענע אכזרים, די העלענער, אונטערגעטראָגן דעם לויטערן באַלזאַם פון זייער עטיק און פון מעשים טובים, און ווען גיבאָנס, דער אַנטיסעמיט, מאַכט דעם פאַרגלייך, זיינען די העלענער די קולטור טרעגער, וואָס האָבן געבראַכט אַ קלאַסישע קולטור מיט אַ פּראַכטפולער מיטאָלאָגיע און אינפּאַזאַנטע אָלימפּישע שפּילן. די אידן, פון דער צווייטער זייט, זיינען געווען באַרבאַ־רישע מיזאַנטראָפּן, וועלכע האָבן געהאַסט און פאַראַכטעט די גאַנצע וועלט . . .

פאַרשטייט זיך, אז דער אמת געפינט זיך צווישן די צוויי עקסטרעמע מיינונגען. דער העלעניזם איז, מיט אַלע זיינע חסרונות, געווען א קולטור דערשיינונג פאַרן נאָענטן מזרח, ער איז באַשטאַנען פונם לייכטן, זאָרגלאָזן און שפּילעווודיקן טייל פון דער גריכישער קולטור און כאָטש ער האָט געהאַט זייער ווייניק פון דער אמת'ער גריכישער קולטור, איז אפילו אין דער פאַר־וואָסערטער פאָרמע, איז ער געשטאַנען אויף א העכערער מדרגה פון די

קולטורן פונם נאָענטן מזרח.

די אידן האָבן, פון דער צווייטער זייט, ניט געשאַפן קיין מאַטעריעלע ציוויליזאַציע; וואָס אָנבאַלאַנגט אָבער קולטור אינם גייסטיקן זין, גיבן איצט אַלע צו, אַז זיי האָבן געבראַכט אַ נשמה פאַרן גריכישן קערפּער. זיי האָבן געבראַכט דעם עטישן מאָנאָטעאיזם מיט אַ שטרענגען מאָראַלן לעבנס שטייגער. זייערע גייסטיקע ווערטן זיינען שפּעטער געוואָרן דער אידעאַל פון דעם בעסטן טייל פון דער מענטשהייט און זיי זיינען עס ביזן היינטיקן טאָג .

די צוויי קולטורן זיינען פאַלשטענדיק געווען פאַרשיידן איינע פון דער צווייטער און מען קען ניט וויסן וואָס פאַר אַ כאַראַקטער דאָס אידנטום וואָלט געווען אָנגענומען, ווען די ערשטע באַגעגעניש מיטן העלעניזם וואָלט געווען אַ פרידלעכע. דער צופאַל האָט אָבער געוואָלט, אַז דער קאַפּריזנער, אימפּולסיווער סירישער קעניג, אַנטיוכוס עפּיפאַנעס, וואָס אָט איז ער געווען אַ סטויעקער און אָט איז ער געוואָרן אַן עפּיקורייער, זאָל מיט גוואַלד זיך נעמען צו העלעניזירן אַלע זיינע אונטערטאַנען און די אידן צווישן זיי . . .

אום צו אַסימילירן די אידן, האָט ער איינגעפירט אין יהודה פאַרשיידענע העלעניסטישע מנהגים און האָט פאַרווערט די אידן צו דינען גאָט לויט זייער טראַדיציע. ווען ער האָט פאַרבאָטן די אידישע רעליגיע, איז דער כהן גדול אין זיינע אויגן געוואָרן אַ ציווילער אַדמיניסטראַטאָר, ווען ער מעג באַשטימען. נאָטירלעך, אַז ער האָט באַשטימט אַ העלעניסט וואָס איז אינגאַנצן קיין כהן ניט געווען.

עס איז אים געלונגען צו אונטערדריקן די אידישע רעליגיע פאַר אַ צייט, ענדלעך אָבער האָט עס געפירט צו דער חשמונאים רעוואָלוציע מיט די חסידים בראש. דאָס איז געווען דער אָנהויב; שפּעטער איז צו דער רעוואָלוציע צוגעשטאַנען דאָס אַלגעמיינע פאָלק.

דער קאַמף איז געווען אַ שווערער און דויערנדער און ווען די אידן האָבן מיט דער צייט געזיגט, האָט דער אידישער שטייגער לעבן געזיגט .

פונם אידישן שטאַנדפּונקט (אויך פונם אַלגעמיינעם קולטור שטאַנדפּונקט) איז דאָס געווען איינער פון די וויכטיקסטע זיגן פון דער אידישער געשיכטע. די וויכטיקייט פונם זיג איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דורך דעם קאַמף זיינען די אידן אויף אַזויפיל פאַרצעמענטירט געוואָרן אין זייער שטייגער לעבן, אַז זייער נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ איז פאַרזיכערט געוואָרן. דער היסטאָריקער שירער שרייבט וועגן דעם קאַמף, אַז "אידישע מאַסן האָבן גוט געוואוסט, אַז ווען אפילו דער העלעניזם זאָל טאָלערירן די אידישע רעליגיע, קענען סיי־ווי־סיי די אידעאַלן פון די סופרים ניט שלום מאַכן מיט אים. דערפאַר איז ווען די סירישע פאַרפאָלגונגען זיינען שוואַכער געוואָרן, האָט זיך די מאַיאָריטעט איבערגעגעבן מיטן גאַנצן האַרצן און מיט דער נשמה צו דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג" (זע "די דזשואיש פּיפּל אין די טיים אָוו קרייסט" ב. 1, ז. 239).

פונם אויסצוג קען מען זען, אַז שירער רעדט פון דער צייט ווען דער קאַמף איז אָנגעגאַנגען. מען מעג דאָס זעלבע אויך זאָגן וועגן דער צייט ווען דער קאַמף איז געוואונען געוואָרן. די אידן האָבן געפילט, אַויב מען קען ניט זאָגן, אַז זיי האָבן באַגריפן, אַז העלעניזם און אידנטום קענען ניט שטימען

צווישן זיך, האָבן זיי זיך אָפּגעטיילט פונם העלעניזם און האָבן זיך נאָך שטאַר־קער באהעפט צום אידנטום. די עקסטרעמע איזאָלאַציע, וואָס האָט זיך אנט־וויקלט נאָך דעם קאַמף, איז געווען א דירעקטער רעזולטאַט פון דעם קאַמף.

ווען דער קאַמף קעגן סיריע איז געוואונען געוואָרן, האָבן זיך די אייניקלעך פון די חשמונאים אָנגערופן מיט גריכישע נעמען, אָבער אויסער די נעמען איז ביי די ארץ ישראל׳ער אידן ניט געווען קיין צופיל העלעניס־טישעס. דער אידישער שטייגער לעבן איז שוין פארצעמענטירט געוואָרן. אין אָט דעם איז באַשטאַנען דער זיג פון די מכבייער קעגן דעם העלעניזם.

אויף וויפיל די אידן זיינען פארצעמענטירט געוואָרן נאָך דעם מכ־בייער זיג באווייזן די פארטיי ריכטונגען, וואָס זיינען אנטשטאַנען ביי די אידן. דאָס זיינען געווען פארטייען מיט אויסשליסלעך אידישע אינטערעסן און מיט א אידישן בליק אויפן לעבן.

דריי פארטייען זיינען אין יענער צייט אנטשטאַנען ביי די אידן: די צדוקים, די פרושים און די איסיים. ווען זיי זיינען אנטשטאַנען ווייס מען ניט גענוי. יוסף פלאוויוס באמערקט צופעליק, אַז ״אין דער צייט פון דער הער־שאַפט פון די חשמונאים זיינען געווען דריי סעקטעס ביי די אידן, וואָס האָבן געהאַט פארשיידענע מיינונגען. איין סעקטע איז אָנגערופן געוואָרן פרושים, די צווייטע צדוקים און די דריטע איסיים. די פרושים האָבן באהויפּטעט, אז אייניקע מענטשלעכע האנדלונגען זיינען דעטערמענירט און אנדערע מענטשלעכע האנדלונגען זיינען ניט דעטערמינירט. וואָס אָנבאַלאַנגט די האנדלונגען דענקען די פרושים, אז דער מענטש איז פריי. זיי קענען דעטער־מינירט ווערן, זיי זיינען אָבער ניט קיין רעזולטאַט פון דעטערמיניזם. די איסיים באַהויפּטן, אז אַלע מענטשלעכע האנדלונגען זיינען דעטערמינירט. לויט זייער מיינונג רעגירט דעטערמיניזם איבער אלע מענטשלעכע האנדלונגען און עס זיינען אינגאנצן ניטאָ קיין פרייע האנדלונגען. די צדוקים, פארקערט, לייי־קענען אינגאנצן אָפּ דעטערמיניזם; זיי האלטן, אז ס׳איז אן אויסגעטראכטע זאך. לויט זייער מיינונג זיינען אלע מענטשלעכע האנדלונגען פרייע. מיר אליין זיינען פאראנטוואָרטלעך פאר אונדזערע טאַטען, מיר קענען טאָן גוטעס אָדער שלעכטס, עס ווענדט זיך אינגאנצן אין אונדז.״ (אלטערטום ב. 33, ק. 8. פּ. 9).

דער פּאַראַגראַף איז ביי פלאוויוסן ניט פארבונדן ניט מיטן פּאַראגראַף, וואָס קומט פאר אים און ניט מיט דעם, וואָס פאָלגט נאָך אים. עס איז גלאַט אן אריינגעשטעלטער פּאראגראַף . . . מען נעמט אָן, אז ער האָט אים אריינ־געשטעלט צוליב זיין ווירקונג אויף דער גריכיש־רוימישער וועלט. זאָל זי וויסן, אז אויך בא אידן זיינען פאראן פילאָזאָפישע שיטות. די איסיים גיט ער אָפּ א ספּעציעלן קאַפּיטל אין די ״אידישע מלחמות.״

פאקטיש זיינען די אידישע פארטייען ניט באַשטאַנען פון קיין פי־לאָזאָפישע ריכטונגען, הגם זיי האָבן געהאַט מיינונגען, וואָס האָבן געקענט אָנגערופן ווערן פילאָזאָפישע. די איסיים זיינען באַשטאַנען פון א מיסטיש־אסקעטישער סעקטע, וואָס האָט געלעבט אָפּגעזונדערט פונם אלגעמיינעם אי־דישן לעבן. זיי האָבן געלעבט פון פיזישער ארבעט, הויפּטזעכלעך פון ערד־ארבעט און זיי זיינען געווען שטרענג מאָראַליש. אויפן אלגעמיינעם אידישן

לעבן האָבן זיי געהאַט אַ גאַנץ קליינע ווירקונג. זיי וואָלטן דאָ אינגאַנצן געקאָנט אויסגעלאָזט ווערן, נעמט מען אָבער אָן, אַז ישו הנוצרי איז פון זיי באַווירקט געוואָרן. אויב ניט ער, איז די ערשטע קריסטלעכע באַוועגונג פון ארץ ישראל. דערפאַר ווערן זיי דערמאָנט.

די צדוקים זיינען באַשטאַנען פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי פון דער הערשענדער אַריסטאָקראַטיע. זיי האָבן געשטרעבט צו פּאַרגרעסערן און פאַרשטאַרקערן דאָס אידישע פאָלק דורך עראָבערונגען און אין אַלגעמיין ווערן מיט לייטן גלייך. אינערלעך דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן זיינען זיי געווען קאָנסערוואַטיוו און אַפילו קלעריקאַליש. זיי האָבן אָנגענומען די תורה ווערטערלעך און האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון אַ פרייער אינטערפּרעטאַציע. דאָרט וואו די תורה זאָגט קיין זאַך ניט וועגן דעם טאָג טעגלעכן לעבן, קאָן מען זיך באַגיין אָן איר און האַנדלען לויט וועלטלעכע כללים. זיי האָבן געשטרעבט צו באַגרענעצן דאָס פעלד פון דער תורה אויף ריין רעליגיעזע ענינים און פירן דאָס אידישע לעבן אויף סעקולאַרע יסודות. זיי זיינען ניט געווען ליבעראַל, פּאַרקערט, זיי זיינען געווען קאָנסערוואַטיוו אין אַלגעמיין; זיי האָבן נאָר געשטרעבט צו באַשרענקען דאָס פעלד פון דער רעליגיע. פאָרמאַל זיינען זיי געווען די יורשים פונם אידישן דענקען ביז זייער צייט און האָבן געשטרעבט צו אָנהאַלטן דעם סטאַטוס קוואָ: רעליגיע זאָל בלייבן ווי פריער און ווען ס'איז נויטיק צו אויסברייטערן דאָס לעבן, זאָל עס געטאָן ווערן לויט וועלטלעכע פּרינציפּן און אינטערעסן.

מען קען לייכט זען ווי די צדוקים פּאַרטיי האָט געקאָנט ווערן אַסימילאַטאָריש: — קלעריקאַליזם און אַסימילאַציע ווידערשפּרעכן זיך ניט; זיי גייען אויך איצט אָפט האַנט און האַנט, ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט אויסקוקן .

די צדוקים פּאַרטיי איז ניט געווען קיין צו גרויסע און ווי ס'זעט אויס איז זי ניט געווען צופיל פּאָפּולער צווישן דעם אַלגעמיינעם פאָלק. דאָס איז דער אַלגעמיינער איינדרוק; מען שטיצט זיך אויף דעם, וואָס ווערט אָנגענומען פאַר אַ פאַקט, אַז דער קעניג אַלעקסאַנדער ינאי, וואָס אַליין האָט ער גערודפט די פּרושים, האָט גע'עצה'ט זיין ווייב, דער קעניגין אַלעקסאַנדראַ שלומית, זי זאָל מאַכן שלום מיט די פּרושים און זיי באַשטימען פאַר דער רעגירענדער פּאַרטיי. צופיל איז מען ניט זיכער צי די מעשה איז אַן אמת'ע, ס'איז אויך פאַראַן אַ מיינונג, אַז זי אַליין האָט געביטן די הערשאַפט פון די פּאַרטייען, ווייל שמעון בן שטח, וואָס מען נעמט אָן, איז געווען איר ברודער, איז געווען דער פירער פון די פּרושים און ער איז געוואָרן דער ראש פון סנהדרין. די מעשה וועגן אַלעקסאַנדער ינאי'ס צוואָה צו דער קעניגין ווערט איבערגעגעבן פון יוסף פלאַוויוס. (אַלט. 13).

וועגן די פּרושים קען מען ניט ריידן ווי בלויז וועגן אַ פּאַרטיי; פון זיי איז באַשטאַנען דער אַקטיווער טייל פונם אידנטום און זיי האָבן אין זיך ענטהאַלטן פאַרשיידענע ריכטונגען, צווישן וועלכע די ראַציאָנעלע ריכטונג (די לעגאַליסטישע) און די אַפּאָקאַליפּטישע ריכטונג (די מיסטישע), זיינען געווען די וויכטיקסטע (זע ל. גינצבורג "די רעלידזשן אָוו די פאַריסי" אינם בוך "סטודענטס, סקאַלערס און סיינטס" ז. 88).

ווען די פּרושים זיינען אָנטשטאַנען ווייס מען ניט; מען נעמט אָן, אַז אין אָנהויב זיינען זיי געווען אַ מין רעליגיעזער אָרדן, וואָס האָט זיך מיט

דער צייט אויסגעבריים אין א פּאָליטישער פּאַרטיי מיט א באַשטימטער נאַ־ציאָנאַלער טענדענץ. אייזיק הירש ווייס נעמט אָן גייגערס מיינונג, אַז זיי זיינען אנטשטאַנען אין עזראַ׳ס צייט, ווען די גאָר פרומע אידן האָבן זיך אָפּגעטיילט פון דעם פּראָסטן פאָלק, די אָפּזונדערונג האָט געפירט דערצו, אַז ״זיי פלעגן אויסמיידן צו האָבן וועלכע עס איז נאָענטע באַציאונג מיטן עם הארץ, ווי עסן מיט אים ביי איין טיש, אָדער געניסן זיין שפּייז, ווייל עמי הארצים זיינען ביי זיי ניט געווען באַגלויבט אין דעם פּרט, אַז זיי זאָלן היטן אָפּצוטיילן פון זייערע תבואות די חלקים, וואָס האָבן באַלאַנגט דעם כהן מיטן לוי, און דעריבער, האָבן זיי זייער שפּייז געהאַלטן פאַר ניט גע׳כשר׳טע״. (זע ״דור דור ודורשיו״ קאַפּ. 15).

אייזיק הירש ווייס דערקלערט די תקנות פון דער חברה, אַז זיי זיי־נען באַשטאַנען אין אָפּהיטן ריינקייט (טהרות) און פון אָפּט וואַשן די הענט. ווער עס האָט געוואָלט ווערן א מיטגליד פון דער חברה האָט געדאַרפט אויס־האַלטן צוויי עקזאַמענס וועגן ״ריינקייט.״ חברים האָבן נאָר געקענט זיין די וואָס האָבן באַלאַנגט צו דער פּרושים פּאַרטיי; פּרושים אָבער אין אַלגעמיין האָבן ניט געדאַרפט ווערן קיין חברים. צו די חברים אפּטיילונג האָבן נאָר באַלאַנגט די גאָר פרומע פון די פּרושים.

אום צו זיין בארעכטיקט צו ווערן א חבר האָט מען ניט געמוזט זיין קיין געלערנטער פון פריער; מען האָט נאָר געדאַרפט וועלן לערנען נאָך דעם ווי מען איז געוואָרן א חבר. דאָס דערקלערט ביז א גרויסן גראַד די אידישע טענדענץ צו לערנען תורה.

די מעשה וועגן די פּרושים חברה מיט זייער לערע וועגן ״ריינקייט״ גיט דעם פּסיכאָלאָגישן און מעגלעך, אויך דעם פאַקטישן הינטערגרונט פאַר דער כשר און טריף טראַדיציע פון דער אידישער רעליגיע.

דער טהרה און טומאה באַגריף אין אַלגעמיין איז ניט קיין ספּעציעל אידישער, מען באַגעגנט זיך מיט ענלעכע באַגריפן ביי אַלע פּרימיטיווע פעלקער, ער שטאַמט פונם טאַבו אין רעליגיע. דר. סינגער האָט אָנגעשריבן א בוך וועגן די טאַבוס אין דער תורה פון אנטראָפּאָלאָגישן שטאַנדפּונקט. ער באַווייזט, אַז ענלעכע אויף די אידישע טאַבוס געפינען זיך כמעט ביי אַלע פּרימיטיווע פעלקער; זיי זיינען אזוי אַלט ווי רעליגיע אין אַלגעמיין איז אַלט.

געוויס האָבן זיך אויך ביי די אידן די טאַבוס אָנגעהויבן צוזאַמען מיט דער רעליגיע. דר. סינגער זאָגט: ״אין אָנהויב זיינען די טאַבוס געווען באַגרענעצט אויף די גייסטלעכע, דורך עזראַ׳ס רעליגיעזער רעפאָרמע זיי־נען זיי אויסגעברייט געוואָרן אויפן גאַנצן פאָלק. ווען די פּרושים האָבן פאַר־לוירן דעם צוטרוי צו די קאָרופּטע גייסטלעכע פון זייער צייט, האָבן זיי די טאַבוס געמאַכט א סך שטרענגער און האָבן זיי נאָך מער אויסגעברייט״ (״טאַ־בוס אין די היברו סקריפּטשורס״ ז. 4). ווען מען נעמט א. הירש ווייסעס דערקלערונג וועגן דער פּרושים חברה מיט איר ״ריינקייט״ פּראָגראַם (און די נאָך שטרענגערע טאַבוס פון די איסיים) אין דער ליכט פון דר. סינגערס פאָר־שונג וועגן טאַבוס ביי פּרימיטיווע פעלקער אין אַלגעמיין, דערקלערן זיי דעם טאַבו און די אידישע איזאָלירונגס טענדענץ, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין עזראַ׳ס צייט, וואָס איז שטרענגער געמאַכט געוואָרן פון די חסידים אין דער חשמונאים עפּאָכע און איז נאָך ברייטער פאַרצווייגט געוואָרן דורך די פּרושים

און איז פון די תנאים געמאכט געוואָרן פאַרן הויפּט אינטערעס פון דער אי־דישער רעליגיע. אויף דעם אופן האָבן זיך די פאַרשיידענע טאַבוס אַנט־וויקלט.

ווען מען נעמט די פאַרשיידענע אידישע טאַבוס פאַר זיך אָן וועלכן ס׳איז היסטאָרישן פּערספּעקטיוו, מאַכן זיי גאָרניט קיין גינסטיקן איינדרוק אויף א מאָדערנעם מענטשן: — זיי האָבן קיין זין ניט. נעמט מען זיי אָבער אין זייער היסטאָרישער שייכות, איז כאָטש זיי מאַכן ניט קיין סימפּאַטישן איינדרוק, קריגן זיי אַמווינציגסטנס א זין, מען קען זיי פאַרשטיין.

פּראָפעסאָר פינקלשטיין האָט אָנגעשריבן א צוויי בענדיק ווערק וועגן די פּרושים (די פאַריסיס), אין וועלכן ער דערקלערט די טאַבוס פון סאָ־ציאַלאָגישן שטאַנדפּונקט ווי א רעזולטאַט פון א קאַמף צווישן שטאָט און דאָרף, דר. זשיטלאָווסקי דערקלערט די טאַבוס דורך א מין קלאַסן קאַמף (זע "די בית שמאי און די בית הלל"). די אַלע סיבות און א סך אַנדערע האָבן געוויס געהאַט די ווירקונג, וואָס מען שרייבט צו זיי צו; מען מעג אָבער אויך אָנהויבן פונם פאַקט גופא, וואָס די אידן זיינען געבליבן לעבן פאַר באַלד צוויי טויזנט יאָר, כאָטש זיי זיינען געווען צעוואָרפן איבער דער גאָרער וועלט. הויבט מען אָן דערפון, זיינען די טאַבוס געווען דער ווירקענדער פאַק־טאָר די גאַנצע צייט. שירער איז פריער ציטירט געוואָרן ווי ער זאָגט, אז די אידישע מאַסן האָבן גוט געוואוסט, אַז אויב אפילו דער העלעניזם זאָל גע־ווען טאָלערירן די אידישע רעליגיע, האָבן נאָך אַלץ די אידעאַלן פון די סופרים ניט געקענט שלום מאַכן מיט אים. אויב די מאַסן האָבן עס געוואוסט, האָבן עס די פּרושים אודאי געוואוסט, דערפאַר, האָט מען איצט א רעכט צו זאָגן, האָבן זיי די אידן איזאָלירט דורך טאַבוס .

ווען מען באַטראַכט די באַדייטונג פון די פּרושים פאַר דער גע־שיכטע, דאַרף מען ניט דענקען וועגן די טאַבוס, דעם לעגאַליזם, אין וועלכן זיי האָבן באַקליידט זייערע געדאַנקען, מען דאַרף אויך ניט דענקען וועגן זייער פּאָליטישער ראָלע אין ארץ ישראל, נאָר מען דאַרף אין זינען האָבן די אַלגעמיינע גייסטיקע ירושה, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט דער מענטשהייט. וועגן אָט דער ירושה זאָגט עס פּראָפעסאָר פינקלשטיין: "ווען מיר קוקן אויף צוריק אריבער די הונדערטער יאָרן, וואָס זיינען פאַרגאַנגען פון דער צייט, ווען אין ארץ ישראל האָבן זיך געהערט די קלאַנגען פון די שטרייטנדע סעקטן, קענען מיר א סך מער אָפּשאַצן די באַדייטונג פון די פּרושים פאַר דער וועלט, ווי ס׳האָבן עס געקענט טאָן זייערע פאַרטיידיקער אָדער קעגנער. מיר זעען אין דער פּרושים באַוועגונג אַן אויסדרוק פון דעם מענטשלעכן גייסט, וואָס האָט ענלעכע פּאַראַלעלן צווישן אַנדערע פעלקער און אין אַנ־דערע צייטן אויף דר׳ערד. פונדעסטוועגן איז די דאָזיקע באַוועגונג געווען אייגנאַרטיק דערמיט, וואָס זי איז געוואָרן דער פונדאַמענט פון דער גרעס־טער אינטעלעקטועלער געביידע פון דער וועלט: פון דער אייראָפּייאישער צי־וויליזאַציע. מיר קענען פאַרשטיין דאָס, וואָס זייערע קעגנער האָבן ניט געקענט אָפּשאַצן, און דאָס איז, אז די פּרושים האָבן רעפּרעזענטירט א טענדענץ צו אריינברייננגען די אויבערהערשאַפט פון דער טראַדיציע, וואָס האָט געהאַט אירע וואָרצלען אין נבואה, איבער דעם דעקאַדענטישן סינקרעטישן העלע־ניזם, וואָס האָט אין זיך פאַראייניקט די ערגסטע עלעמענטן פון דער גריי־

כישער און פערזישער ציוויליזאַציע" (זע "די פאַריסייס" ז. 99).

געוויס מוז די דאָזיקע מיינונג ניט אָנגענומען ווערן. ער איז גערעכט אין זיין אָפּשאַצונג וועגן דער ראָלע וואָס די פּרושים האָבן געשפּילט פאַר דער קולטור פון דער וועלט, ער איז אָבער אויך אויף אַזויפיל אומגערעכט אין זיין אָפּשאַצונג וועגן דער ראָלע פונם העלעניזם פאַר דער וועלט אין אַלגעמיין.

וואָס איז שייך דער ראָלע פון די פּרושים ווערט איצט דער זעלבער שטאַנדפּונקט פאַרטיידיקט פון א סך קריסטלעכע פאָרשער. ער ווערט פאַרטיידיקט פון דזש. פוט מור אין זיין ווערק "דזשודאַאיזם" און אויך פונם גייסטלעכן ה. דענבי אין זיין בוך "די דזשו ענד קריסטשיאַניטי" און אז. וו. ניט נאָר רעווידירט מען איצט די מיינונג פון די "גאָספּעלס" וועגן די פּרושים, נאָר פאָרשער פונם נייעם טעסטאַמענט זוכן דערקלערונגען פון וואַנען ס'האָבן זיך גענומען ביי די פאַרפאַסער פון די "גאָספּעלס" אַזוינע פאַלשע מיינונגען וועגן די פּרושים (זע דאָנאַלד רידל "דזשיזוס ענד די פאַריסייס און בענדזשאַמין בייקער "סטודיעס אין מעטהיו").

אין דער ליכט פון דער וויטערדיקער אידישער געשיכטע, קאָן מען זאָגן, אַז די פּרושים האָבן געפּילט, ווען מען קאָן ניט זאָגן, אַז זיי האָבן געוואוסט, אַז דער אידישער ביישטייער צום מענטשלעכן געדאַנק דאַרף אָנהאַלטן אין דער זעלבער פאָרמע און אין דער זעלבער ריכטונג, ווי ער איז געווען ביז זייער צייט. דער געפיל האָט זיי געשטויסן צו נעמען אויף זיך די אויפגאַבע פון איין זייט צו פאַרזיכערן די געשאַפענע ווערטן ווי א שטייגער לעבן און פון דער צווייטער זייט צו שאַפן מעגלעכקייטן פאַרן ווייטערדיקן גייסטיקן שאַפן.

דאָס ערשטע האָבן זיי דערגרייכט דורך דעם, וואָס זיי האָבן אָנגעהאַלטן די טראַדיציע, אַז דאָס גייסטיקע אינם אידישן לעבן איז וויכטיקער פונם מאַטעריעלן און כאָטש זיי זיינען געווען אָנהייגער פון א פּאָליטישער פּאַרטיי, האָבן זיי געהאַלטן, אַז צו באַרייכערן דעם אידישן גייסט איז וויכטיקער, ווי צו פאַרגרעסערן די אידישע טעריטאָריע; דאָס צווייטע האָבן זיי דערגרייכט דורך דעם, וואָס זיי האָבן פּראָקלאַמירט, אַז די "תורה שבעל פה" באַשטייט פון א "הלכה למשה מסיני". דאָס לעצטע וועט דערקלערט ווערן.

אויף וועלכן אופן א מנהג זאָל ניט אַנטשטיין, איז ווען ער ווערט א טייל פון אַ רעליגיעזן שטייגער לעבן, ווערט ער פאַרהייליקט אויפן זעלבן אופן, ווי די פונדאַמענטאַלסטע עיקרים פון דער רעליגיע. דער רעליגיעזער מענטש ווייס ניט, און איז אויך ניט פאַראינטערעסירט צו וויסן, ווי א מנהג איז אַנטשטאַנען. פאַר אים איז ער וויכטיק, ווייל ער איז א טייל פון זיין רעליגיע. עמאָציאָנעל פּסיכיש איז פאַר אים א מנהג אַזוי טייער און הייליק, ווי וועלכע ס'איז אַנדערע דאָגמע.

אין א צייט, ווען פאַסירונגען ווערן רעגיסטרירט שריפטלעך און מען לערנט רעליגיע פון ביכער, קאָן מען אויסגעפינען ווען א מנהג איז אַנטשטאַנען און מען קאָן אים אָפּשאַצן לויט דער פאַסירונג, מיט וועלכער ער איז פאַרבונדן. ווען אָבער דאָס לערנען איז הויפּטזעכלעך א מינדלעכע און די רעליגיע ווערט איבערגעגעבן דירעקט בירושה, בלייבן נאָר פאַקטן און אויך זיי בלייבן ניט צו פּינקטלעך; זייער ביאָגראַפיע ווערט אינגאַנצן פאַרלוירן.

ביי די אידן פון יענער צייט זיינען געווען מנהגים און טראדיציעס, וואָס מען האָט ניט געוואוסט ווען און ווי אזוי זיי זיינען אנטשטאנען, און אזוי ווי פאַרן רעליגיעזן מענטשן שטאַמען אַלע רעליגיעזע געבאָטן פון גאָט, שטאַמען נאַטירלעך, די הלכות פון גאָט. און דאָס האָט פאר די פרושים געמיינט, אז די "תורה שבעל פה" שטאַמט פון משהן און פון בארג סיני.

ווי דער געדאנק וועגן דער "תורה שבעל פה" איז פאקטיש אנטשטאַנען, ווייס מען ניט. אייזיק הירש ווייס זאָגט וועגן דעם, אז "געוויסע קאטעגאָריעס הלכות ווערן אָנגערופן מיטן נאָמען "הלכה למשה מסיני", דאָס מיינט צו זאָגן, אז די דאָזיקע הלכות שטאַמען דירעקט פון משה רבנו, וועלכער האָט זיי אראָפּגעבראכט פון בארג סיני. אָט וועגן די הלכות זיינען צווישן די, וואָס אינטערעסירן זיך מיט דער פראגע, שטענדיק געווען פארשיידענע מיינונגען. די מאמינים, וועלכע גלויבן מיטן גאנצן הארצן אין אלצדינג, וואָס זיי האָבן געהערט פון זייערע עלטערן, האלטן זיך אין דעם פרט ביי דעם טראדיציאָנעלן גלויבן פון זייערע עלטערן. זיי הויבן ניט אָן צו צווייפלען, אז די הלכות שטאַמען ווירקלעך פון סיני . . . פאר דעם פעסטן פארשווינדן אלע ספקות, און אן אנדער עקסטרעם שטעלט מיט זיך פאָר דער אָפּלייקענער. גאָר אמאָל זיינען עס געווען די צדוקים, שפּעטער די קאראַאימער און זייערע נאָכפאָלגער. אָט די אלע ווידער האָבן זיך ניט מטריח געווען נאָכצופאָרשן, אפשר זיינען דאָ אזעלכע באווייזן, וואָס צווינגען אונדז צו אנערקענען די עקזיסטענץ פון קבלה; אפשר זיינען סימנים פון איר עקזיסטענץ פאראן אין דער תורה גופא . . . ווי מיר האָבן שוין פריער געזען, איז עס א קלאָר באוויזענער פאקט, וואָס קיין איין קריטיק אין דער וועלט קען עס ניט אָפּלייקענען, אז זינט די געזעצן פון דער תורה זיינען פארשריבן געוואָרן, האָבן זיי געהאט פארשיידענע קבלות, וואָס אָן זיי וואָלטן אייניקע געזעצן פון דער תורה געווען אומפארשטענדלעך."

פון דעם ציטירטן קען מען זען, אז אייזיק הירש ווייס נעמט אָן, אז אמווינציגסטן א טייל פון דער תורה שבעל פה איז געגעבן געוואָרן פון גאָט צו משה'ן אויפן בארג סיני; ער חידושט זיך נאָר, ווי קומט עס, וואָס די סופרים דערמאָנען עס אפילו ניט מיט קיין איין וואָרט. ער האָט אָבער א גאַנץ גוטן תירוץ: פאר זיי, זאָגט ער, איז דאָס געווען א זעלבסט פארשטענדלעכע זאַך, האָבן זיי עס ניט געפונען פאר נויטיק צו דערמאָנען . . .

מעגלעך, אז פאר אן אָרטאָדאָקסישן טעאָלאָג איז דאָס א גוטער תירוץ: איינער אָבער, וואָס שטייט אויף א נאטוראליסטישן קולטור־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט האָט אַ בעסערן תירוץ. ער באַטראַכט די תורה שבכתב, ווי די תורה שבעל פה, פאר גלייכע פּאָלקס שאפונגען, וואָס דארפן דערקלערט ווערן לויט דער צייט, וואָס מען קען אָננעמען, אַז זיי זיינען געשאַפן געוואָרן.

מען דאַרף אָננעמען אז הלכה (אראמייאיש מנהג. א. ה. ווייס) איז אזוי אלט, ווי די תורה אין אלגעמיין איז אלט און איז געוויס אויך ביסלעכווייס פארהייליקט געוואָרן גלייכצייטיק מיט זייער אנטוויקלונג. פונדעסטוועגן דאַרף מען צוגעבן, אַז די פּרושים האָבן אַריינגעפירט אַ פונדאַמענטאַלע ענדערונג, אויב ניט קיין ווירקלעכערע רעוואָלוציע, אינם אידישן דענקען מיט דעם, וואָס זיי האָבן אָפיציעל אָנגענומען, אז די "תורה שבעל פה" באַשטייט פון א "הלכה למשה מסיני."

ריין לאָגיש געדענקט, איז די מיינונג, אַז גאָט האָט משה'ן געגעבן אויפן בארג סיני צוויי תורות, א תורה שבכתב, א געשריבענע תורה לויט וועלכער די אידן דארפן זיך פירן אין זייער אַלגעמיינעם לעבן און א צוויי־טע תורה, אַ תורה שבעל פה, א מינדלעכע תורה, וואָס זאָל אינטערפּרעטירן און דערגענצן די געשריבענע תורה, האָט דאָס געמוזט אויסקוקן און קוקט נאָך איצט אויך אויס ווי א ריינער אבסורד, וואָס קען ניט אָנגענומען ווערן פון קיין שום בר־דעת. ווען מען באטראכט דעם ענין לאָגיש מיט מאָדערנע אויגן, מוז מען סימפּאַטיזירן מיט די צדוקים און שפּעטער מיט די קאַראַאימער, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו גלויבן אין אַזאַ אבסורד, אז גאָט זאָל געווען טאָן אַזאַ ניט לאָגישע און ריין נארעשע זאך.

נעמט מען אָבער אָן דעם קולטור היסטאָרישן שטאנדפּונקט און מען באַטראַכט דעם ענין סאָציאַל־פּסיכאָלאָגיש, זעט מען, אז דער אויפטו פון די פּרושים האָט געהאט אזא קאָלאָסאַלע באדייטונג, אז מען קען אים ניט אי־בערשעצן; די תורה איז געווען פאַלשטענדיק פארענדיקט און פיקסירט; אין איר האָט מען ניט געקענט ענדערן אפילו ניט קיין איין זאַץ. ווען מען וואָלט געווען געבליבן נאָר מיט איר, ווי זי איז און מען זאָל זי געווען אָננע־מען ווערטערלעך, ווי די צדוקים און די קאראאימער האָבן זי אָנגענומען, וואָלט דאָס אידישע לעבן געווען פארגליווערט געוואָרן, ווי דאָס לעבן איז אין אינדיע פארגליווערט געוואָרן אונטער א שטייפן ניט ענדערענדן רעלי־גיעזן סיסטעם. די תורה שבעל פה, וואָס האָט אינטערפּרעטירט און מאָדע־פיצירט די תורה שבכתב, האָט געגעבן א מעגלעכקייט צו אויסטייטשן די געזעצן פון דער תורה אויף אזא אופן, אז זיי זאָלן זיך ארייַנפּאסן אין די געענדערטע באדינגונגען פון יעדער צייט און פון יעדן פּלאַץ פונם אידישן געשיכטלעכן לעבן. וואָס ס'איז אָבער נאָך וויכטיקער איז דער פאקט, וואָס מיטן נייעם געדאנק וועגן הלכה האָט זיך פאר די אידן געעפנט א נייער קוואַל פאר ווייטערדיקער גייסטיקער שאפונג און א ניי קאפּיטל פאר גייס־טיקער אקטיוויטעט.

געוויס דארף מען ניט זיין באגייסטערט פאר דער טענדענץ, וואָס דער אידישער דענקען און שאפן האָט אָנגענומען, ווי אייזיק הירש ווייס איז באגייסטערט. מען איז ניט געצוואונגען צו זיין אזוי באגייסטערט און מען זאָל אין דער זעלבער צייט קאָנען ריכטיק אָפּשאַצן דעם היסטאָרישן פּראָ־צעס; מען דארף אים נאָר באטראכטן אין זיין פארבינדונג און אים נעמען צוזאמען מיט זיין סביבה אין וועלכער ער איז אנטשטאַנען און אין וועלכער ער האָט היסטאָריש געווירקט. נעמט מען אים אין דער פארבינדונג ווייס מען, אז די אידן האָבן אנטוויקלט א שטייגער לעבן אין וועלכן מאָראַל, וואָס איז געווען באזירט אויף רעליגיע, האָט געשפּילט די הויפּט ראָלע. צו דער זעלבער צייט זיינען זיי געווען ארומגערינגלט פון א העלעניסטישער וועלט, וואָס האָט פארעהרליכט דאָס פיזישע אין לעבן. די אידישע גייסטיקע פירער זיינען געשטאנען פאר דער ברירה (צי באוואוסטזיניק אָדער ניט באוואוסט־זיניק איז ניט קיין אונטערשייד): אָדער אָננעמען דעם שטייגער לעבן פון דער ארומיקער סביבה און אויפגעבן דעם אייגענעם שטייגער לעבן און, נאַ־טירלעך, אויפגעלייזט ווערן, אָדער זיך ארומצוימען מיט רעליגיעזע טאבוס און אָנהאלטן דעם אייגענעם לעבן און שאפן. זיי האָבן אויסגעקליבן דאָס

לעצטע און דערמיט איז דער אידישער בייטראג צו דער וועלט געראטע־וועט געוואָרן .

ווארפט מען א בליק אויף צוריק און מען באטראכט דעם אויפטו פון די פרושים פון אברייטן היסטאָרישן פּערספעקטיוו, קאָן מען זאָגן, אז זייער אויפטו איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן געשעצט גייסטיקע ווערטן העכער פון פיזישע ווערטן און זיי האָבן זייערע אידעאַלן דורכגעפירט אין לעבן לויט זייערע באגריפן און מיט די מיטלען, וואָס זיי האָבן אין זייער צייט באַזעסן: אנשטאט זיך צו באַנוצן מיט פּאָליטישער פירערשאַפט אין דער צייט ווען די אידען האָבן נאָך געפירט א פרייעם זעלבסטשטענדיקן לעבן, זיינען זיי געוואָרן מלמדים און האָבן מיט די אידן געלערנט תורה, עבודה און מעשים טובים. אויף דעם אופן איז דער עם־הספר פאָרמירט געוואָרן (עס דארף צוגעגעבן ווערן, אז אין די לעצטע יאָרן פון דער אידישער כלומרשט־דיקער זעלבסטשטענדיקייט איז פאַרשן די תורה און דערקלערן מנהגים, גע־ווען א סך אַ זיכערערע באשעפטיקונג, ווי זיך צו באשעפטיקן מיט פּאָליטישע ענינים. אז דאָס איז געווען א גאָר ווירקענדער פאקטאָר אויף א סך פרושים, איז קיין צווייפל ניט).

די ענדערונג, וואָס איז פּאָרגעקומען אין אידישן דענקען און אויך אין לעבן, איז געווען אזא לאנגזאמע, אז מען מעג זאָגן, זי איז באַשטאַנען פון א גראדיקן עוואָלוציע פּראָצעס. העכסט ווארשיינלעך האָבן די פרושים זעלבסט ניט באמערקט ווי דער ענדערונגס פּראָצעס איז פאָרגעקומען און זיי וואָלטן געוויס ניט געקענט אָנווייזן אויפן מאָמענט ווען די ענדערונג האָט זיך אָנגעהויבן.

ווען מען וויל איצט אָנדייטן אויפן מאָמענט, קען מען נאָר פון איין זייט זאָגן, אז דער אָנהויב איז געווען אין עזרא הסופר׳ס צייט, אויב ניט נאָך פריער און אז אן אַקטועלער און ממשות׳דיקער אָנהויב איז פאָרגעקומען ווען די צדוקים זיינען פאַרשוואונדן פון דער אַרענע פון אידישן לעבן און דער שטאַנדפונקט פון די פרושים איז אָנגענומען געוואָרן פארן אידישן שטייגער לעבן.

איצט זיינען פאראן וויניק קריסטלעכע פאָרשער, וואָס זאָלן פאר־טיידיקן דעם געדאַנק, אַז דער אידישער שאַפונגס פּראָצעס איז באַגרענעצט מיטן ערשטן פעריאָד פון דער אידישער געשיכטע און אז שפּעטער איז דער שאַפונגס זאפט פון זיי אויסגעטריקנט געוואָרן און זיי זיינען פארדארט גע־וואָרן. זיי קאָנען איצט אזוי ניט דענקען דערפאר, וואָס ווי פּראָפעסאָר רידל (א קריסט) זאָגט: "די קריסטלעכע אפּאָלאָגעטיקער האָבן פאר זיך געהאט דעם פּראָבלעם צו דערקלערן דעם, פון זייער שטאַנדפונקט, מאָדנעם פאקט, וואָס א דאנק די פרושים איז דער מיטלאַלטערלעכער און מאָדערנער אידנטום געבליבן לעבן טראָץ דעם וואָס דער אידישער שטאַט איז פארניכטעט גע־וואָרן און דאָס האָט געדארפט מיינען, אז אַ דעקאַדענטישע באוועגונג האָט ארויסגעבראכט א געזונטן פּראָדוקט" (זע דזשיזוס ענד די פאריסיס ז. 5). מיט אנדערע ווערטער, די עקזיסטענץ פון די אידן, ווי א שאַפענדער עלע־מענט, האָט ענדלעך געצוואונגען קריסטלעכע פאָרשער צו רעווידירן זייער מיינונג וועגן דעם פרושים אידנטום.

געוויס פארטיידיקן איצט ניט די פּראָגרעסיווע קריסטלעכע פאָרשער

די טראַדיציאָנעלע קריסטלעכע מיינונג, אַז דער קריסטנטום האָט איבערגענו־מען די אידעאַלן פונם נביאים אידנטום און די אידן זיינען פאַרקראָכן אין אַ טעמפּן ווינקל און זייער שאַפנדער קוואַל האָט אויסגעטריקנט. פונדעסט־וועגן וועט ניט זיין אויסער פּלאַץ זיך אָפּשטעלן אויף די פראַגן: ערשטנס צי האָבן די אידן אָנגעהאַלטן זייער שאַפונגס פּראָצעס? און אויב יאָ, איז צווייטנס צי האָבן זיי אָנגעהאַלטן די זעלבע היסטאָרישע ליניע, אָדער זיי זיינען אוועק אין אַן אַנדער ריכטונג?

אום צו קענען געבן אַ ריכטיקן ענטפער אויף די פראַגן, דאַרף נאָכ־אַמאָל אָנגעוויזן ווערן אויפן אונטערשייד צווישן אַן אַבסטראַקטן אידעאַל און דער קאָנקרעטערווירקלעכקייט בכלל און דער עיקר צווישן אַן אַב־סטראַקט רעליגיעזן באַגריף און אַ טראַדיציאָנעלער רעליגיע אין לעבן. אַן אי־דעאַל באַשטייט פון אַן אַבסטראַקטן באַגריף, וואָס איז אַזוי צו זאָגן, ריי־נער גייסט. ווען אַן אידעאַל הויבט אָן צו פאַרווירקלעכט ווערן, ציט ער אויף זיך אַרויף אַ קערפּער אין דער פאָרמע פון אַ קאָנקרעטן שטייגער לעבן. ווען די פאַרוואַנדלונג פונם אידעאַל אין דער ווירקלעכקייט קומט פאָר, פאַר־שווינדט אָפּט דאָס ריינע אידעאַלע און אַ פּראָזאאישע ווירקלעכקייט פאַר־נעמט דעם פּלאַץ.

די דאָזיקע ענדערונג קומט פאָר מיט יעדן אידעאַל, זי איז אָבער אַ סך שאַרפער אויף דעם געביט פון רעליגיע, ווייל רעליגיע איז באַזירט אויף טראַדיציע, ריטואַל און אויף געטלעכער "אַנטפּלעקונג". אין דער פּראַקטיק מיינט עס, אַז רעליגיע איז באַזירט אויף דאָגמעס, וואָס אַ זיי דאַרפן אָנ־גענומען ווערן אָן וועלכע ס'איז פראַגן, אַ זיי דולדן ניט קיין שום ענדע־רונג.

ווען מען האַלט דאָס אַלץ אין אויג, קען מען צוגיין צו די פּרושים און באַטראַכטן די אויפגאַבן, וואָס זיי האָבן זיך געשטעלט און ווי זיי האָבן די דאָזיקע אויפגאַבן דורכגעפירט אין לעבן. די אויפגאַבן, וואָס זיי האָבן זיך געשטעלט, זיינען באַשטאַנען אין דעם, וואָס אַזוי ווי זיי האָבן געגלויבט, אַז אידנטום באַשטייט פון אַ שטייגער לעבן און ניט פון קיין טעריטאָריאַלער מלוכה, דאַרפן זיי אָנהאַלטן די אידישע גייסטיקע ווערטן און באַטירלעך אויף אָנהאַלטן שאַפן נייע ווערטן. (צי זיי האָבן זיך די אויפגאַבן געשטעלט באַ־וואוסטזיניק, צי ניט באַוואוסטזיניק, איז ניט קיין אונטערשייד).

די אויפגאַבן ענטהאַלטן אין זיך אויך דעם מעטאָד ווי זיי צו דורכ־פירן אין לעבן, נעמלעך: — אַזוי ווי דער אידישער שטייגער לעבן איז אַ רעליגיעזער, דאַרפן זיי זיך באַשעפטיקן מיט דערקלערן די געבאָטן, מנהגים און די טראַדיציעס פון דער רעליגיע. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז פאַר זיי ניט געווען קיין אויסגעשפּראָכענע פּראָגראַמע, נאָר אַ טענדענץ, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פונם אידישן לעבן און פון זייער בליק אויפן לעבן. אַזוי, דאַרף מען אָננעמען, איז דער היסטאָרישער פּראָצעס פון דער אידישער גייסטיקער אַנטוויקלונג פאָרגעקומען.

ווען מען נעמט דעם פּראָצעס, ווי ער האָט זיך אַנטוויקעלט היסטאָריש און מען באַטראַכט די פּרושים און די תנאים, וואָס זיינען געקומען נאָך זיי, פונם היסטאָרישן שטאַנדפּונקט, איז ניט איבעריק פאַרשטענדלעך דר. קלויזנערס באַהאַלטענער פאַרדראָס, וואָס איז איינגעשלאָסן אין זיין באַ־

קלאָגן זיך, אז „הלל, ווי אַלע רעדאַקטאָרן פון דער תורה, די סופרים, די פרושים פון עזרא׳ס צייט ביז זייערע היינטיקע נאָכפאָלגער, זעט ניט דעם אונטערשייד צווישן עטיק און רעליגיע פון איין זייט און צווישן טעאָריע און פראַקטיק פון דער צווייטער זייט. פאַר אים איז אַלץ געווען רעליגיע, צי „דו זאָלסט ליב האָבן א צווייטן ווי זיך אליין, אָדער דער פּראָבלעם פון ארויפליייגן די הענט . . .

דער זעלבער הלל, וואָס האָט פּראָקלאַמירט דעם פּרינציפּ „וואָס דו האסט מען זאָל טאָן צו דיר, זאָלסטו ניט טאָן צו קיין צווייטן", האָט פאָר־מולירט די זיבן כללים פון דרוש און האָט דערמיט אוועקגעלייגט דעם פונ־דאַמענט פארן גאנצן פּרושים אידנטום" (זע „דזשעזוס די נעזארין" ז. 225).

מערקווירדיק ווי דער חשוב׳ער געלערנטער זעט ניט די אויפגאַבע וואָס דער אידישער לעבן האָט געשטעלט צו די פּרושים, צו הלל׳ן און צו די שפּעטערדיקע תנאים (מען דאַרף עס צושרייבן צו דער ווירקונג פון די קריסטלעכע געלערנטע אויף אים, ווי מען קען עס טאַקע זען פון זיין בוך וועגן ישו הנוצרי), זיי אַלע דאַרפן ניט באַטראַכט ווערן לויט א פארגלייך מיט די נביאים און מיט ישו הנוצרי, ווי ער טוט עס. זיי דאַרפן באטראַכט ווערן ווי סאָציאַלע געזעצגעבער, אָדער מער פּינקטלעך, ווי געזעץ אויסטייטשער, וועלכע באַשעפטיקן זיך מיט א פּאַרטיקן שטייגער לעבן און זיי שטרעבן צו אריינפירן א באַשטימטע אָרדענונג אין אים און ניט זיי פארגלייכן מיט סתם טרוימער אידעאַליסטן, וואָס רעכענען זיך אינגאנצן ניט מיטן סאָציאַלן לעבן ווי ער איז.

ווען מען וויל זיך באנוצן מיט אנאַלאָגיעס, מיט פארגלייכן איין מענטשן צום צווייטן לויט זיין היסטאָרישן ביישטייער, דאַרף מען פאַרגלייכן הלל׳ן מיט אויגוסטינען, אָדער מיט טהאָמעס׳ן, מען קען אויך פארגלייכן אויגוסטינען און טהאָמעס׳ן מיט סעדיה גאון און מיטן רמב״ם און ציען שלוסן פון די פארגלייכן. עס איז ניט נויטיק צו זאָגן, אַז אין די פארגלייכן וועלן די אידישע דענקער זיין די געווינער פונם פארגלייך. פארגלייכן אָבער הלל׳ן מיט די נביאים און מיט ישו הנוצרי, מיינט פארגלייכן מענטשן, וואָס האָבן זיך געשטעלט פאַלשטענדיק פארשיידענע אויפגאַבן.

פונם פריער ציטירטן פון דר. קלויזנערן האָט מען א רעכט צו ציען דעם שלוס, אז ער זעט ניט איין דאָס, וואָס דזש. פוט מור זעט יאָ און דאָס איז, אז בן סירא „באוויזט אָן צווייפל, אז די טעאָלאָגיע און עטיק פון די תנאים פונם צווייטן יאָרהונדערט נ. קר. איז געווען די זעלבע, ווי די טעאָלאָגיע און עטיק פון די סופרים פון אָנהויב פונם צווייטן יאָרהונדערט פ. קר." דר. קלויזנער זעט אויך ניט וואָס זיין פריינט דענבי, דער ענגלישער איבערזעצער פון זיין בוך ישו הנוצרי, זעט און דאָס איז, אז „די פרושים זיינען געווען די מאָדערניסטן (אונטערשטראָכן פון דענבין) פון זייער צייט, זיי האָבן צוגעפּאַסט משה׳ס געזעצן צו דער נייער צייט. זיי זיינען וויכטיק דערמיט, וואָס זיי זיינען געווען נאַציאָנאַליסטן און זיי האָבן באטראַכט די טראַדיציעס פאַר זייער נאַציאָנאַלן אייגנטום: לויט זייערע באַגריפן איז די אידישע נאַציאָנאַלע אידענטיטעט געווען אָפּהייניגיג פון אָפּהיטן און פון פּראַקטיצירן משה׳ס געזעצן צוזאַמען מיט די טראַדיציאָנעלע אינטערפּרע־טאַציעס און צוגעבונגען" (זע „די דזשו ענד קריסטשיאַניטי" ז. 7).

אַט פון דעם פּראַקטישן שטאַנדפּונקט, וואָס די צוויי קריסטלעכע גע־לערנטע זעען אַזוי גוט, דאַרף מען באַטראַכטן דעם אויפטו פון די פּרושים און פון די תּנאים נאָך זיי. באַטראַכט מען זיי פון דעם שטאַנדפּונקט, דערזעט מען זיי אין אַ פאָלשטענדיק אַנדער ליכט, ווי דר. קלויזנער זעט זיי. (למען האמת דאַרף צוגעגעבן ווערן, אַז ניט איבעראַל פאָלגט דר. קלויזנער נאָך דעם אויסגעטראָטענעם וועג. אין זיין קאַפּיטל וועגן פילאָנען טרעט ער אַרויס קעגן דער אָנגענומענער מיינונג. (זע "פראם דזשעזוס טו פּאול" טייל 3 קאַפּ. 4). קריסטלעכע געלערנטע און אפילו גייסטלעכע, רעווידירן זייער מיינונג וועגן דעם אידישן בייטראַג צום אַלגעמיינעם דענקען, זיי באַגרענעצן אים שוין מער ניט מיט די נביאים, נאָר זיי גיבן צו, אַז אויך שפּעטער האָבן די אידן געשאַפן ווערטן, וואָס האָבן באַרייכערט די וועלט, מען דאַרף זיי נאָר אָפּשאַצן פונם געהעריגן פּערספּעקטיוו.

דאָס פירט צו דער פראַגע: צי די שאַפונגען האָבן אויף ווייטער אָנ־געהאַלטן די זעלבע ריכטונג, וואָס פריער. דער ענטפער איז יאָ און ניין; עס ווענדט זיך ווי מען קוקט אויף זיי. דער יאָ באַציט זיך אויפן וואונטש און אַב־זיכט פון די שאַפונגען. די אידן זיינען אויך אויף ווייטער געבליבן די טרע־גער פון די אידעאַלן פון די נביאים; פון די דאָזיקע אידעאַלן וואָלטן זיי זיך ניט געקענט אָפּזאָגן, ווען אפילו זיי וואָלטן געוואָלט. וועגן דעם קענען ניט זיין קיין צוויי מיינונגען. וואָס אָנבאַלאַנגט אָבער דעם אינהאַלט פון זייע־רע שאַפונגען, איז אַזוי ווי ער האָט געדאַרפט דינען אַ באַשטימטן שטייגער לעבן, איז ער געווען אַזאַ, וואָס די צייט און דאָס פּלאַץ האָבן געפאָדערט. ער איז ניט געווען און האָט אויך ניט געקענט זיין אַלעמאָל דערזעלבער נאָך דעם, וואָס די אידן האָבן שוין געהאַט אַ פאַרטיקע תּורה, אַ באַשטימטע הלכה און אַ פיקסירטן שטייגער לעבן.

מען קען זען, אַז די תּורה שבעל פּה מיט דער הלכה למשה מסיני, האָבן געגעבן אַ נייע ווענדונג דעם אידישן לעבן און שאַפן. אין דעם באַשטייט דער פּאַקטישער אויפטו פון די פּרושים; כאָטש דער כאַראַקטער און אויך אָפט די טענדענץ פון די שאַפונגען, זיינען ניט אַלעמאָל געווען אַזוינע, פאַר וועלכע מען קען באַגייסטערט ווערן. פאַר דער געענדערטער טענדענץ דאַרף מען אָבער ניט באַשולדיקן די אידן און געוויס ניט די פּרושים, נאָר די באַ־דינגונגען אונטער וועלכע די אידן האָבן זיך פון צייט צו צייט געפונען.

דר. קלויזנער זאָגט, אַז אין דער צייט פון די אומרוען אין די לעצטע הונדערט יאָר פאַרן חורבן זיינען אין יהודה אויסגע'הרג'עט געוואָרן העכער צוויי הונדערט טויזנט אידן. פאַר דער קליינער יהודה איז עס געווען אַ קאַ־טאַסטראָפאַלע צאָל. צו דער צאָל דאַרף מען נאָך צוגעבן דעם פאַקט, אַז צווישן די אומגעקומענע האָבן זיך געפונען די אַקטיווסטע און פּעאיקסטע מענטשן פון פאָלק. דער פאַרלוסט גופא האָט געמוזט האָבן אַ באַשטימטע ווירקונג אויפן דענקען, נאָך ערגער אָבער פונם דירעקטן פאַרלוסט איז געווען דאָס, וואָס דער שרעק און די מהומה, האָבן פאַרטריבן אַ סך מענטשן פון פּראַקטישן לעבן און זיינע אינטערעסן און האָבן זיי געשטויסן זיך צו באַשעפטיקן מיט ענינים, וואָס זיינען פּאָליטיש געווען זיכער. לעגאַליסטיק און אַפּאָקאַ־ליפּטיק זיינען געווען זיכערע ענינים — פאַר דער טעטיקייט האָט אפילו הורדוס ניט פאַרפאָלגט. און הלל האָט געלעבט אין הורדוס'עס צייט.

און נאָך דעם אַלעמען איז ווען מען שאַצט אָפּ דעם אויפטו פון די פּרושים ניט ווי די קריסטן האָבן אים ביז דער לעצטער צייט פאַלש אינטער־פּרעטירט, נאָר ווי ער ווערט איצט באַטראַכט, איז מען געצוויגט צו אָננעמען פינקלשטיינס מיינונג, אַז זייער בייטראַג צו דער קולטור פון דער וועלט איז געווען א קאָלאָסאַלער.

די אָפּשאַצונג הייגגט אויך אפילו איצט אָפּ א סך פון דעם אָפּ־שאַצער און דער הויפּט פון דעם אויסגאַנגס פּונקט צי איז ער א אידישער, אָדער א קריסטלעכער. דער אויסגאַנגס פּונקט הייגגט ניט אָפּ פון קיין קאַפּ־ריז אָדער פון מאַנגל אין וויסן, נאָר פון דעם אין וואָס מען איז ספּעציעל פאַר־אינטערעסירט צו אַרויסברייגגען און דאָ קומט פאַר א פונדאַמענטאַלע שיי־דונג פון די וועגן און ס'איז אפילו שווער צו זען ווי די וועגן קענען זיך צוריק צוזאַמענקומען אין דער פאָרמע. די אידישע דענקער זיינען פאַראינטערעסירט וואָס דער ווייטערדיקער אידישער דענקען האָט אָנגענומען און די קריסט־לעכע דענקער זיינען פאַראינטערעסירט אין דער אינטערפּרעטאַציע פון דעם דענקען פונם אידנטום פון יענער צייט, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן פון קריסטן. אָבער אַזוי ווי די טעאָלאָגן פון ביידע צדדים זיינען איצט א סך ווייכער ווי פריער, זיי מאַכן אָן ערנסטן פאַרזוך זיך צו דערנעענטערן, וועלן געגעבן ווערן אייניקע מיינונגען צו אַרויסברענגען אי דאָס אין וואָס זיי שטימען איין צווישן זיך, אי דאָס אין וואָס זיי אונטערשיידן זיך.

דער אָנהויב וועט געמאַכט ווערן מיט ל. גינצבורגס אָן אָפּהאַנד־לונג: "די רעליגיע פון די פּרושים." די אָפּהאַנדלונג איז וויכטיק דערמיט, וואָס זי באַשטייט פון א רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן אינם טעאָלאָגישן קלאַס פון האַרוואַרד אוניווערזיטעט, וואָס ס'מיינט פאַר קריסטלעכע טעאָלאָגן. ער הויבט אָן מיט דעם וואָס ער באַטראַכט פאַר א טעות, וואָס קריסטלעכע פאַר־שער זאָלן געווען מאַכן וואָס זיי האָבן אָנגענומען, אַז דער קריסטנטום האָט זיך אָנגעהויבן פונם אַפּאָקאַליפּטישן טייל פונם אידישן דענקען און ניט פונם אַזוי אָנגערופענעם לעגאַליסטישן טייל. וואָס אָנבאַלאַנגט דער אַפּאָקאַליפּ־טישער ליטעראַטור — איז ער זיכער, אַז ס'וועט ניט נעמען לאַנג און מען וועט זיך איבערצייגן, אַז זי באַשטייט ניט פונם אידנטום פון ישו הנוצרי'ס צייט און דאָס איז ניט געווען די אַטמאָספערע אין וועלכער ער און זיינע נאָכפאָלגער האָבן געלעבט און ער פאַרענדיקט, אַז דאָס וואָס איז געווען ביי אין דער דאָזיקער ליטעראַטור, איז ניט געווען אידיש און דאָס, וואָס איז געווען אידיש, איז ניט געווען ביי. וואָס אָנבאַלאַנגט אָבער די עיקרים פון קריסטנטום, שטאַמען זיי פון די פּרושים. די עיקרים זיינען לויט האַרנאַקן, דעם קלויסטער היסטאָריקער. 1) דאָס קומען פון גאָטס הערשאַפט (מלכות שמים), 2) גאָט, וואָס איז דער פאָטער און די גרענעצלאָזע ווערט פון דער מענטשלעכער נשמה און 3) די העכערע גערעכטיקייט און דער געבאָט פון ליבע. די דאָזיקע עיקרים, באַהויפּטעט ער, שטאַמען פון די פּרושים, די אידן האָבן זיי אָבער פאַרשטאַנען גאַנץ איינפאַך. מלכות שמים האָט געמיינט לעבן אויף דער וועלט. ער זאָגט "די אידייע פון מלכות שמים איז לויט די פּרושים ניט באַשטאַנען פון קיין עסכאַטאַלאָגיע און ניט פון קיין פּאָליטיק, נאָר פון גאָט'ס הערשאַפט אין האַרצן פון יעדן איינעם" (זע "סטודענטס, סקאָלערס, ענד סיינטס" ז. 96).

נאָכדעם ווי ער באַווייזט ווי דער משיח געדאַנק האָט זיך ביי די אידן אַנטוויקלט אויף אַ נאַטירלעכן אופן און ווי ער איז פאַרבונדן געוואָרן מיט דער אין יענער צייט גלאָראפיצירטער דורך דער לעגענדע דוד דינאַסטיע, ציטירט ער אַ גאַנץ אַלטע תפילה אין וועלכער ס'ווערט געזאָגט "אונדזער גאָט און דער גאָט פון אונדזערע עלטערן, הערש דו אין דיין פראַכט איבערן גאַנצן אוניווערס און ווער דערהויבן איבער דער ערד אין דיין כבוד און שיין אַרויס אין דיין פראַכט און אין דער עקסעלענץ פון דיין מעכטיקייט איבער אַלע איינוואוינער פון דער וועלט . . . גאָט דער האר פון ישראל איז דער קעניג און זיין הערשאַפט רעגירט איבער אַלץ. רייניק אונדזער האַרץ ס'זאָל דיר דינען מיט אמת, ווייל דו ביסט דער גאָט פון אמת", און ער קאָמענטירט "אין אָט דעם געפינען מיר ניט נאָר דעם אוניווערסאַלן אַספּעקט פון מלכות שמים, נאָר אויך דעם באַגריף פון רעליגיע, וואָס איז פריי פון דער אידייע, אַז זי דינט נאָר דעם אינטערעס פון יענער וועלט און ניט דווקא די אינטערעסן פון דער וועלט אין וועלכער מיר לעבן . . . די אַנטוויקלונג פונם אידישן רעליגיעזן דענקען ציילגט אָן אויף אַ שטאַרקער טענדענץ צו פעסטשטעלן, אַז דער צענטער פון רעליגיע איז ניט קיין געדאַנק וועגן אַ יענער וועלט, נאָר זי איז פאַרבונדן מיט עטאַבלירן לעבן פון די מענטשן אויף דער ערד. אין דעם זינען זיינען די סופרים און די רבנים, געווען די אמת'ע נאָכפאָלגער פון די נביאים . . . פון דעם קען מען זען, אַז דער העכסטער אידעאַל פון די פרושים איז געווען מלכות שמים אויף דער וועלט און ניט אויף יענער וועלט" (דאָרטן ז. 98־97). (ענליכעס זאָגט ס. שעכטער. זע קאַפּ. 7 "קינגדאָם אָוו גאָד" אין בוך "סאָם אַספּעקטס אָוו ראַביניק טעאָלאָדזשיע" ז. 97 און ווייטער). דאָס זאָגט ער וועגן דעם ערשטן עיקר פונם קריסטנטום, וועגן דעם מלכות שמים, ער באַווייזט, אַז פאַקטיש איז עס אַן אַלטער אידישער באַגריף וועגן גאָטס הערשאַפט איבער די אידן און איבער דער וועלט אין אַלגעמיין. נאַטירלעך, אַז לויט דעם אידישן באַגריף האָט עס געמיינט הערשאַפט אויף דער וועלט אין וועלכער מיר לעבן.

וועגן דעם צווייטן עיקר, גאָטס פאָטערשאַפט אין אַלגעמיין, זאָגט ער, אַז דאָס איז אינגאַנצן ניט קיין נייער באַגריף, אַז ביי די אידן האָט ער פיגורירט ווי אַן אַלגעמיינער באַגריף, אַז גאָט איז אַלעמענס פאָטער פשוט דערפאַר, וואָס ער האָט אַלעמען באַשאַפן. פאַר די אידן איז דער דאָזיקער באַגריף געווען אַזוי נאַטירלעך, אַז ער האָט פיגורירט ווי אַ פאָרמע פון דער שפּראַך גופא.

וועגן דעם דריטן עיקר, דעם געבאָט פון ליבע, ציטירט ער הלל'ס באַוואוסטע מאָטאָ: "דאָס וואָס דו ווילסט ניט, אַז מען זאָל דיר טאָן, זאָלסטו ניט טאָן צו קיין צווייטן."

ווי מען קען זען איז אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן דער רעליגיע פון די פרושים ניט נאָר פאַראַן דער קוואַל פון די עיקרים פונם קריסטנטום, אַז ער איז אַן אָרטאָדאָקסיש אידישער, נאָר אויך ווי די אידן האָבן די עיקרים אינטערפּרעטירט און אין דעם טאַקע ליגט דער אונטערשייד צווישן דעם אידנטום פון די פרושים און דעם קריסטנטום ווי ער איז אינטערפּרעטירט געוואָרן היסטאָריש און ווי ער ווערט אינטערפּרעטירט פון קריסטלעכע דענקער.

וואָס זיינע קריסטלעכע צוהערער האָבן געדענקט וועגן זיין לעקציע

קען מען דירעקט ניט וויסן; אומדירעקט ווייס מען עס יאָ פון אינטערפּרע־טאַציעס פון קריסטלעכע טעאָלאָגן. וועלן א פּאָר אינטערפּרעטאציעס געגעבן ווערן.

שעלער מעטיוס, וואָס מען דאַרף אָננעמען, אַז ער איז אזא אויטאָ־ריטעט פונם פּרימיטיוון קריסטנטום, ווי גינצבורג איז וועגן די פּרושים, האָט אָנגעשריבן א ווערק וועגן דער האָפענונג אויף משיח׳ן אינם נייעם טעסטאמענט (די מעסיאַניק האָפּ אין די ניו טעסטאמענט), אין וועלכן ער באַ־טראכט דיזעלבע פראגן, וואָס גינצבורג האָט באהאנדעלט. ער איז אָבער פאַר־אינטערעסירט אינם קריסטנטום ווי ער פאַרשטייט אים, ברענגט ער די אי־דישע אפּאקאליפּטישע ליטעראטור פון יענער צייט און באווייזט ווי די דאָ־זיקע ליטעראטור פירט דירעקט צום קריסטלעכן דענקען. ער וואָלט זיך גע־וויס ניט געקריגט מיט ל. גינצבורגן וועגן דעם באגריף, וואָס די פּרושים האָבן געהאָט וועגן מלכות שמים, ער וואָלט זיך, מעגלעך, אויך ניט געקריגט מיט אים הלמאי ער שטרענגט זיך אָן צו באווייזן, אז דער אפּאקאליפּטישער באַ־גריף איז ניט קיין ריין אידישער, כאָטש ער וואָלט מיט אים ניט איינגעשטימט. פון דער טענדענץ פון זיין ווערק זעט מען אָבער, אז ער וואָלט געזאָגט גינצ־בורגן, אז אין די גרענעצן פון אידישן וויטערדיקן דענקען, איז מעגלעך ער (גינצבורג) גערעכט. וואָס אָנבאלאנגט אָבער דעם היסטאָרישן קריסטנטום, פירט די אפּאקאליפּטישע ליניע צו אים און ניט די ליניע פון די לעגאליס־טישע פּרושים.

שעלער מעטיוס גופא הויבט אָן פונם פאקט, אַז דער משיח באגריף האָט זיך ביי די אידן אנטוויקלט אויף א נאַטירלעכן אופן. דער אידישער מלכות שמים האָט אין אָנהויב געמיינט, אז גאָטס טאָג וועט זיין דעמאָלט, ווען ער וועט שיקן זיין ״געזאלבטן״, וואָס וועט מיט זיין הילף באפרייען די אידן פון זייערע אונטערדריקער. ער גיט צו, אז דער באגריף וועגן גאָטס טאָג האָט הינטער זיך אָן אלטע אידישע היסטאָריע און ער האָט ניט געהאט די זעלבע באדייטונג פריער ווי שפּעטער. מיטן לויף פון דער צייט האָט ער אָנ־גענומען צוויי פאָרמען, א רעוואָלוציאָנערע פאָרמע, לויט וועלכער משיח האָט געדארפט מאכן א רעוואָלוציע קעגן דער הערשענדער מאכט און מיט גאָטס הילף באפרייען די אידן און א מיסטישע פאָרמע לויט דער אפּאקאליפּטישער ליטעראטור, ווי די אידישע באפרייאונג וועט קומען דורך אן ענדערונג אין דער וועלט גופא. די דאָזיקע פאָרמע פון דער משיח אידייע האָט אָנגענומען די קריסטלעכע וועלט און פאקטיש פארטיידיקט זי די מיסטישע פאָרמע ביזן היינטיקן טאָג.

ר. ה. טשארלס, וואָס ווערט באטראכט פאַרן וויכטיקסטן אויטאָריטעט פון דער אפּאקאליפּטישער ליטעראטור אין דער קריסטלעכער וועלט, בא־האנדלט די פראגן וועגן דעם יום הדין, דער משיח באוועגונג און וועגן יענער וועלט ביי די אידן אין יענער צייט מער אויספירלעך ווי ביידע, אי גינצ־בורג אי ש. מעטיוס. ער האָט גרינדלעך געפאָרשט די אפּאקאליפּטישע לי־טעראטור און האָט געשריבן א סך ווערק וועגן איר. ער איז אן אָרטאָדאָקסי־שער טעאָלאָג און מען קען זען פון זיינע מיינונגען וועגן דעם פּרימיטיוון קריסטנטום, אז ער וואָלט פאָלשטענדיק איינשטימען מיט ל. גינצבורגן וועגן דעם אידישן דענקען פון יענער צייט, אז די אידן האָבן אָט די אלע באגריפן

פארשטאַנען אין ריין ערדישן זינען. ער וואָלט אים אָבער געזאָגט, אַז דאָס איז ניט דער קריסטלעכער באַגריף.

ער זאָגט: "די קריסטלעכע האָפנונג אויף אַ נייעם הימל און אויף אַ נייער ערד ווערט ניט געשעפּט פון נבואה, נאָר פון דער אַפּאָקאַליפּטיק (מיסטישע סודותדיקע אַנטפּלעקונגען). — די נביאישע האָפענונגען אויף אַ געבענטשטער צוקונפט פאַרן פאָלק, ווי ריין און עטיש זיי זיינען געווען, זיינען געווען מאַטעריאַליסטישע. די נבואה פונם אַלטן טעסטאַמענט האָט דערוואַרטעט אַן אייביקע הערשאַפט פון משיחן אויף דער ערד, וואָס זאָל זיך אָנהויבן מיטן לעצטן יום הדין, אין דער אַפּאָקאַליפּטיק איז אינם באַגריף אָבער פאָרגעקומען אַ גראַדיקע טראַנספאָרמאַציע און די האָפענונג פון רעכטפאַרטיקע איז איבערגעטראָגן געוואָרן פון דער קעניגרייך פון מאַטעריאַלן גליק, צו דער גייסטיקער קעניגרייך אין וועלכער די מענטשן וועלן זיין ווי מלאכים און וועלן זיין חברים פון די הימלישע וועזנס. די דאָזיקע טראַנספאָרמאַציע פון די האָפענונגען פון די גלויביקע, פון דער ערדישער קעניגרייך אויף דער הימלישער קעניגרייך, איז פאָרגעקומען אַרום הונדערט יאָר פ. קר. אין דעם פּעריאָד האָט מען אָנגעהויבן צו באַטראַכטן די ערד אינגאַנצן פאַר אַ ניט פּאַסענדן פּלאַץ פאַר דער דאָזיקער קעניגרייך און אַ נייער באַגריף וועגן דער קעניגרייך איז אַנטשטאַנען און אַ סך האָבן באַהויפּטעט, אַז די הערשאַפט פון משיחן וועט נאָר זיין אַ צייטווייליקע און אַז דער צוועק פון דער קומענדער גערעכטיקייט איז ניט קיין צייטווייליקע קעניגרייך, אָדער אַ מילעניום (טויזנט יאָר פאַר קריסטוסעס הערשאַפט צו ענדערן די וועלט), נאָר דעם הימל גופא. דער און ענלעכע אַפּאָקאַליפּטישע באַגריפן, האָבן געשאַפן אַ נייגונג זיך צו פאַרפרעמדן פון דער וועלט. כאָטש די גלויביקע האָבן געלעבט אויף דער וועלט, האָבן זיי אָנגעהויבן צו פילן, אַז זיי באַלאַנגען ניט צו איר. אָט די שטימונג, וואָס שטאַמט פון דער אַפּאָקאַליפּטיק און ניט פון נבואה, ווערט אויסגעדריקט אין דעם נייעם טעסטאַמענט" (זע "די רעלידזשוס דעוועלאָפּמענט בעטווין די אָלד ענד די ניו טעסטאַמענט" זז. 20־19).

ער ציטירט אַ פּלאַץ פון ספר חנוך, וואָס ער באַהויפּטעט, אַז דער טייל שטאַמט פון דער צייט פון דער בהלה פון אַנטיאָכעס עפּיפאַנוסעס צייט, אין וועלכן דער מחבר זאָגט, אַז ווי די ערד זאָל ניט געריייניקט ווערן, וועט זי אַליין ניט קענען זיין קיין אָרענע פאַר דער אייביקער קעניגרייך. אויב די משיח קעניגרייך זאָל אייביק אָנהאַלטן און גאָט זאָל זיך געפינען צווישן די מענטשן, דאַרף זיין וואוין פּלאַץ און דאָס וואוין אָרט פון די הייליקע ניט זיין קיין ערדישע, וואָס קען דעגראַדירט ווערן, נאָר אַ הימלישע, וואָס קען ניט דעגראַדירט ווערן. דערפאַר וועט געשאַפן ווערן אַ ירושלים של מעלה" (דאָרט ז. 56. ספר חנוך ב. 1 זז. 100־88).

ער ציטירט פון די פאַרשיידענע אידישע אַפּאָקאַליפּטישע ווערק פון יענער צייט און ער רעזומירט זיין מיינונג, אַז "פון דער אידישער אַפּאָקאַליפּטיק האָבן מיר געקראָגן דריי גרויסע דאָקטרינען, הגם אין אַ רויער פאָרמע. די ערשטע דאָקטרין איז דער גלויבן אין אַ הייליקן צוקונפטיקן לעבן. די דאָזיקע דאָקטרין געפינט מען אינגאַנצן ניט אינם אַלטן טעסטאַמענט. די צווייטע דאָקטרין שליסט אין זיך איין די האָפענונג אויף אַ נייעם הימל און אויף אַ נייער ערד און די דריטע איז אַז דער סוף פון דער וועלט וועט זיין קאַ־

טאַסטראָפאַל.

די דאָזיקע דאָקטרינען פון דער אַפּאָקאַליפּטיק זײַנען פונם קריסטנטום איבערגענומען געוואָרן פונם אידנטום און זײַנען געוואָרן די אומ־פאַרניכטבאַרע עלעמענטן פונם קריסטלעכן גלויבן״ (דאָרט זז. 99־98).

ס׳איז שווער צו זען ווי מען קען ניט אײַנשטימען מיט טשאַרלעסן אין זײַן אינטערפּרעטאַציע פונם קריסטלעכן גלויבן אין א מלכות שמים אינם ווערטערלעכן זינען פון וואָרט, אי אינם אידישן באַגריף, וואָס כאָטש די פּרושים האָבן שוין אין יענער צײַט אָנגענומען דעם משיח געדאַנק און תחית המתים און אפילו א יענע וועלט, האָבן זיי דאָס לעבן אין אַלגעמײַן באַטראַכט אין ערדישע טערמינען ווי א שטײַגער לעבן.

אין אָט דעם אונטערשייד צווישן דעם פּרושים באַגריף פון יענער צײַט און אין דעם אַפּאָקאַליפּטישן באַגריף, וואָס דער קריסנטום האָט אָנגענו־מען, געפינט זיך דער אונטערשייד צווישן דעם אידנטום און דעם קריסטנטום. דאָס איז אויך אַזויפיל ריכטיק, אַז ס׳איז שווער צו זען פאַרוואָס און צוליב וואָס א איד זאָל עס ניט וועלן אַנערקענען.

וואָס אָנבאַלאַנגט דער טענדענץ פונם קריסטנטום, וועט זי באַטראַכט ווערן אין דער געהעריקער פאַרבינדונג. איצט וועט באַטראַכט ווערן דער אי־דישער פּרושים באַגריף וועגן די פראַגן.

ווען מען טרעט צו צו די פראַגן וועגן משיחן, תחית המתים און יענע וועלט, פונם אידישן שטאַנדפּונקט פון יענער צײַט, איז דער חידוש ניט וואָס די פּרושים האָבן אָנגענומען די דאָזיקע באַגריפן, נאָר ווי קומט עס וואָס זיי האָבן די דאָזיקע באַגריפן ניט אָנגענומען א סך פריער, ווען זיי האָבן אַזוי געהערשט צווישן די פעלקער, וואָס האָבן אַרומגערינגעלט די אידן. קיין צו־פיל דירעקטע אינפאָרמאַציע איז ניטאָ פון יענער צײַט און די אינפאָר־מאַציע, וואָס מען האָט, ווײַזט נאָר אָן ווי די באַגריפן זײַנען ענדלעך אָנגע־נומען געוואָרן פון די פּרושים און ניט פאַרוואָס זיי זײַנען פריער ניט אָנגענו־מען געוואָרן. טשאַרלס זאָגט, אַז די נביאים און די סופרים, וואָס זײַנען גע־קומען נאָך זיי, זײַנען געווען רעאַליסטן (ער נוצט דעם טערמין ״מאַטעריאַ־ליסטן״), זיי האָבן זיך באַשעפטיקט מיט קאָנקרעטע לעבנס פּראָבלעמען פון זייער צײַט און פון זייער סביבה. פון דעם דאַרף מען ציען דעם שלוס, אַז זיי האָבן פּשוט ניט געדענקט וועגן די פראַגן. ער זאָגט, אַז די פּאָר פּסוקים אין ישעיה, וואָס רעדן אין א ניט קלאָרער שפּראַך וועגן תחית המתים, זײַנען ניט זײַנע (אַרײַנגעשטעלטע) וועגן די דאָזיקע באַגריפן. ער שטימט אײַן מיט דער הערשענדער מיינונג, אַז די באַגריפן האָבן זיך אַנטוויקלט בײַ די אידן אויף אַ נאַטירלעכן אופן. דער משיח באַגריף איז געווען אַן אַלטער און האָט גע־מיינט א געזאַלבטער העלד, וואָס וועט ברענגען א ישועה אויף די אידן. מלכות־שמים האָט פּשוט געמיינט גאָטס־הערשאַפט אויף דער ערד און וועגן תחית המתים זאָגט גייגער, אַזוי ווי די צײַטן זײַנען געווען שלעכטע, די פּי־רער זײַנען געווען פאַרדאָרבענע, האָבן די פּרושים געזאָגט: ״די גײַסטלעכע וועלן אונטערגיין, א פירער וועט אַרויסקומען פון דוד׳ס הויז, דאָס פאָלק וועט אויפגעלעבט ווערן. דאָס נאַציאָנאַלע לעבן וועט צײַטיק מאַכן די פּרוכטן, נאָך וועלכע מיר בענקען אַזוי לאַנג. אָן אַ נ ד ע ר וועלט וועט קומען און מיר וועלן אין איר אײַנטייל נעמען.״ אַזוי ווי זיי אַליין האָבן אויך געוואָלט

האָבן דעם פארגעניגן פון א בעסערן לעבן . . . איז אויף דעם אופן אנטשטאנען דער גלויבן, אז אין דער צוקונפט וועט דער קערפער לעבעדיק ווערן." (זע "דזשודאאיזם ענד היס היסטאָריע" ז. 111).

דאָס איז א צו איינפאכע דערקלערונג, עס האָבן געווירקט אנ־דערע פאקטאָרן, וועלכע האָבן געפירט צו די געענדערטע באגריפן. דר. קלויזנער סומירט זיין מיינונג וועגן די פראגן, וואָס ער האָט באהאנדלט אין דריי באזונדערע ווערק: "מיט דער צייט וועלען די מתים אויפשטיין (א דורכ־אויס אידישער באגריף, וואָס איז אנטשטאנען פון א גריכיש פערסישער קאָמ־בינאציע וועגן דער אידייע פון אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה מיטן באַ־גריף וועגן משיח צייט). די רעכטפערטיקע וועלן לעבעדיק ווערן (און לויט א צווייטן בליק) אויף די גאָטלעסטערער, נאָך דעם ווי זיי וועלן געלייטערט ווערן דורך דעם פייער פון גיהנום . . . ערשט נאָכדעם וועט קומען דער עולם־הבא, ווען מען וועט ניט דארפן עסן און טרינקען, מען וועט ניט האָבן קיין קינדער. עס וועט ניט זיין קיין אייפערזוכט און ניט קיין שטרייטיקייטן, נאָר די רעכטפערטיקע וועלן זיצן מיט די קרוינען אויף זייערע קעפּ און זיי וועלן געניסן די ליכט פון דער שכינה." דאָס איז געווען דער אידעאל פון מלכות שמים, אָדער משיחס צייט אין ישו הנוצרים צייט" ("דזשיזוס אָוו נאַ־זארעט" ז. 400).

מער אויספירלעך שרייבט וועגן דעם טשארלס אינם פריער דער־מאָנטן בוך. אויך ער שטימט איין מיט די אידישע פאָרשער, אז ביי די אידן האָבן זיך די דאָזיקע באגריפן אנטוויקלט אויף א נאטירלעכן אופן און האָבן געהאט א שייכות מיטן ערדישן לעבן. ער ווייזט אָן, אז די באגריפן זיינען טיילווייס אנטשטאנען ווי אן ענטפער אויפן איוב און קהלת (שכר ועונש) פּראָבלעם. ערשט אין דער צייט פון אנטיאכוס עפּיפאנוס זיינען דערשינען די אפאקאליפּטישע ווערק, וועלכע האָבן פאָלשטענדיק געענדערט די באגריפן. ער האלט אָבער ערשטנס, אז דאָס זיינען געווען ריין אידישע באגריפן און צווייטענס אז זיי זיינען באַשטאַנען פון אַ העכערער מדרגה פון די באגריפן פון די לעגאַליסטישע באגריפן פון די פּרושים און נאטירלעך, אז דער קריסטנטום האָט מיט זיין ריין גייסטיקער יענער וועלט געפירט צו א העכערן רעליגיעזן באגריף פונם אידישן גייסט פון די לעגאַליסטישע פּרושים.

דאָ צוגייען זיך די וועגן: — די קריסטן האָבן "געענדערט די וועלט", ווי דאָס וועט דערקלערט ווערן אינם צווייטן באנד און דער אידנטום איז ווי פריער, אויך אויף ווייטער געבליבן א שטייגער לעבן אויף דער וועלט טראָץ דעם, וואָס די אידן האָבן אָנגענומען דעם גלויבן אין אַ לעבן נאָכן טויט.

אום צו איבערגעבען דעם אויפטו פון די פּרושים אין עטלעכע זאצן, וועט צוזאַמען מיט גייגערן געזאָגט ווערן, אַז זיי האָבן אריינגעפירט א רעפאָרמע אין דער אידישער רעליגיע: — זיי האָבן איבערגעטראָגן דעם שווער פונקט פונם צערעמאָניאל פון בית המקדש אויף לערנען און פאָרשן די תורה, וואָס אין יענער צייט האָט עס געהייסן אויפן שטייגער לעבן גופא. אזוי ווי דאָס לערנען איז געוואָרן דער הויפּט אינטערעס פון לעבן, זיינען לערער געוואָרן די פירער און וועג־ווייזער פונם אידנטום. די דאָזיקע רעפאָרמע האָט די אידן געגעבן א מעגלעכקייט און טאקע אויך כוח, צו קענען אריבערטראָגן דעם פּילפאכן היסטאָרישן חורבן און קענען אָנהאלטן א גייסטרייכן לעבן אין די פינצטערע און יאָמערפולע גלות יאָרהונדערטן.

# קאפיטל 23

## באַמערקונגען וועגן דעם אידישן דענקען אין דער תלמודישער עפּאָכע

אין פּרקי אבות ווערט געזאָגט אין הלל'ס נאָמען, אז ער האָט געזאָגט: "דער וואָס לערנט ניט די תורה איז ניט ווערט וואָס די ערד טראָגט אים, ווער עס זוכט ניט צו פארגרעסערן זיינע קענטעניש אין דער תורה, יענעמס לעבן ווערט פארקירצט. ווער עס לערנט ניט דעם אנדערן איז ווערט מען זאָל אים הרג'ענען" (פּרקי אבות א משנה יג).

אייזיק הירש קאָמענטירט אויף דעם, אז "דאָ וויזט ער אָן אויף צוויי באַזונדערע זאַכן, וואָס יעדערער, וואָס שטודירט די תורה דאַרף שטענדיק האָבן אין זינען: ער טאָר קיינמאָל ניט זאָגן, אז ער האָט שוין פיל געלערנט און דאָס איז פאר אים גענוג. עס דארף אים קיינמאָל ניט מיאוס ווערן צו לערנען, ווייל די תורה האָט ניט קיין גרענעץ, איר מאָס איז לייגנער פון דער ערד. ווען עמיצער הערט אויף צו לערנען תורה איז גלייך ווי ער הערט אויף צו לעבן. ווארים די תורה — דאָס איז דער אינהאַלט פון אונדזער לעבן, און דורך איר נאָר ווערן אונדזערע יאָרן פארלייגנגערט. צווייטנס, דער וואָס שטודירט די תורה איז נאָך ניט יוצא דערמיט וואָס ער לערנט אליין, אפילו ווען ער זאָל עס טאָן אָן אויפהער, ער איז אויך מחויב צו לערנען מיט אנדערע. ווער עס טוט עס ניט, יענער האָט זיך פארזינדיגט אנטקעגן געזעץ, און ער האָט דאָס ציל פון זיין לעבן פארשפּילט."

מיט זיין קאמענטאר וויל ווייס ווייכער מאכן די האמעטנע פאָרמע, וואָס ס'ווערט צוגעשריבן צו הלל'ן און נאָר איבערלאָזן זיין געדאנקלעכן איב־האַלט. אזוי ווי דאָס געזאָגטע פון הלל'ן איז פארשריבן געוואָרן א סך שפּעטער פון זיין צייט און אזוי ווי ער איז געווען א מילדער מענטש, האָט מען אַ רעכט צו אָננעמען, אַז ער איז נאָר פאַראַנטוואָרטלעך פאָרן געדאַנקלעכן איב־האלט און ניט פאר דער פאָרמע.

און דזש. פוט מור זאָגט "פון אלע רעליגיעס, וואָס האָבן געבליט אין דער רוימישער און פארטיער אימפּעריעס אין דער צייט פון אָנהויב פון קריסטנטום, איז נאָר דער אידנטום געבליבן לעבן. ער איז געבליבן לעבן, ווייל אים איז געלונגען צו אָנהאלטן די זעלבע פאָרמע פון גלויבן און מנהגים צווישן אלע אידן אין יעדן פּלאץ . . . דער גרונט פון דער איינהייטלעכקייט איז ניט אויף אזוי פיל געלעגן אין דער איינשטימיקייט אין פונדאמענטאלע

אידייעס, ווי אין די זעלבע מנהגים איבער דער גאנצער וועלט" (זע "דזשור־דאַאיזם" באנד 1 ז. 110).

אין די אויסצוגן געפינט זיך דער תמצית פון תלמודישן דענקען: הלל באטאַנט דעם זין פון אידישן לעבן און מור ווייזט אָן אויף דער פאָרמע פונם שטייגער לעבן. פאר די אידן זיינען דאָס ניט געווען קיין באזונדערע ענינים, נאָר צוויי אספעקטן פון א לעבן אין וועלכן מיטל און צוועק זיינען גע־וואָרן איינהייטלעך.

אין לעצטן קאפיטל איז אָנגעוויזן געוואָרן ווי ביסלעכוויס און ניט באַמערקטערהייט, איז דער אידנטום, ווי א שטייגער לעבן, פאָרמירט געוואָרן. א לאנגזאמער עוואָלוציע פראָצעס איז פאָרגעקומען אין זייער לעבן לויט וועלכן אין אָנהויב איז די תורה גופא, ווי גאָטס קאָנסטיטוציע, געווען אַ רעזולטאַט און ארום איר האָט זיך קאָנצענטרירט דער אידישער דענקען און שפעטער, ווען די געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן האָבן זיך מער אַנטוויקלט און האָבן זיך צעצווייגט, פארטייען און ריכטונגען זיינען אנטשטאַנען, האָבן די צוגעקומענע באגריפן אָנגענומען די פאָרמע פון תורה שבעל פה אלץ מער און מער און האָבן גענומען פאָדערן פאר זיך אַ פלאַץ אינם אידישן דענ־קען.

מען ווייס ניט גענוי וואו ס'איז אנטשטאַנען דער געדאנק פון תורה שבעל פה ווי א הלכה למשה מסיני; ער איז עלטער פון דער צייט ווען ער איז אָנגענומען געוואָרן פון די פרושים. עס איז קיין שום צווייפל ניט, אז פאר יענער צייט איז עס געווען א פראָגרעסיווער געדאנק; ער האָט באפרוכפערט דאָס אידישע לעבן און דענקען.

עס איז נאטירלעך, אז ווען נייע לעבנס פאָרמען ווערן פאָרמירט, זאָלן זיי פאר זיך פאָדערן אנערקענונג און ווען לויט דער געשריבענער אי־דישער תורה האָבן זיי ניט געקענט אנערקענט ווערן, האָבן די פרושים און די תנאים, זיי אויסגעטייטשט לויטן גייסט פון דער תורה און האָבן זיי דער־קלערט פאר הלכות למשה מסיני. אזא אויסטייטשונג איז ריכטיק און נאטירלעך פאר א סיסטעם, וואָס איז באזירט אויף א געשריבענער קאָנסטיטוציע און די תורה איז געווען די אידישע געשריבענע קאָנסטיטוציע.

אין ספּעציעלע ארבעטן וועגן דעם פּעריאָד פון דער אידישער גע־שיכטע, ווען דער תלמוד איז געשאַפן געוואָרן, ווערן אָנגעגעבן א סך סיבות פארוואָס דער אידישער דענקען און שאפן האָט אָנגענומען א כאראקטער, וואָס זעט אויס אזוי פארשיידן פון פריערדיקן דענקען און שאפן, אז קריסט־לעכע פאָרשער האָבן אָנגענומען, אז דער אידישער שאַפענדער גייסט האָט אינגאנצן אויסגעטריקענט; די אידן זיינען פאַרקראָכן אין א טעמפּן ווינקל פון אומפּרוכטבארקייט און דער אויפקומענדער קריסטנטום האָט איבערגע־נומען די אידישע ירושה און האָט אָנגעהאַלטן דאָס שאפן.

איצט גיבן א סך קריסטלעכע פאָרשער צו, אז דאָס איז געווען א טעות; זיי גיבן צו, אז די אידן האָבן אָנגעהאַלטן שאפן אין א געענדערטער פאָרמע און זיי ווייזן אפילו אָן, וואָס ס'האָט געפירט צו דער ענדערונג.

פארשטייט זיך, אז אידישע פאָרשער האָבן קיינמאָל ניט געהאַלטן און האַלטן איצט אוודאי ניט, אז די אידן האָבן ווען עס איז אויפגעהערט צו שאפן. זיי גיבן צו, אז אן ענדערונג אין דער פאָרמע פון שאַפן איז פאָרגע־

קומען, זיי ווייזן אָבער אָן, אַז זי איז געווען אַ פּראָדוקטיווע און ווי געזאָגט, איז זי געווען אַ רעזולטאַט פון אַ סך אינערלעכע און אויסערלעכע סיבות.

איצט, ווען מען קוקט אויף צוריק, דאַרף מען ניט באַגייסטערט זיין פאַר דער ריכטונג, וואָס דער אידישער דענקען און שאַפן האָט אָנגענומען, מען מעג אפילו באַדויערן, וואָס די באַדינגונגען האָבן געשטויסן די אידן אין דער דאָזיקער ריכטונג, מען דאַרף אָבער צוגעבן, אַז דער גייסטיקער אינ־טערעס, וועלכן זי האָט געבראַכט, האָט געראַטעוועט דאָס אידישע פאָלק פון אונטערגאַנג.

ווי געזאָגט האָבן געווירקט פאַרשיידענע סיבות, וואָס האָבן געשטויסן דעם אידישן דענקען אין דער באַשטימטער ריכטונג און אין ספּעציעלע אַר־בעטן דאַרפן זיי באַטראַכט ווערן. דאָס קען אָבער ניט געטאָן ווערן אין אַ קורצער אָפּהאַנדלונג, וואָס דאַרף זיך באַשעפטיקן מיטן רעזולטאַט און ניט מיט די סיבות. אינגאַנצן צו איגנאָרירן די סיבות קען מען אָבער אויך ניט, וועלן געננוי באַטראַכט ווערן אַ פּאָר, וואָס מען האָט אַ רעכט צו גלויבן, אַז לויט זייער ווירקונג זיינען זיי די וויכטיקסטע. די ערשטע איז די ווירקונג פון הלל'ן און די צווייטע איז דער קריסטנטום, אומדירעקט .

הלל, קען מען זאָגן, האָט אָנגעהויבן די ריכטונג פון וועלכער די משנה און די גמרא זיינען געווען דער רעזולטאַט. (זע י. מ. ווייס "היסטאָריע אָוו די היברוס סעקאָנד קאָמענוועלט" ז. 216).

געוויס האָט זיך מיט אים ניט אָנגעהויבן די תורה שבעל פה, עס זיינען געווען אַ סך לערער פאַר אים. מען נעמט אָן, אַז ער איז געקומען קיין ארץ ישראל פון בבל צו לערנען פון די אַרטיקע לערער. ביז אים איז אָבער די לערע געווען באַזירט אויף דער אויטאָריטעט פון די פריערדיקע לערער; מען האָט געדענקט ווי פריערדיקע לערער האָבן דערקלערט די הלכות און די דאָזיקע דערקלערונגען זיינען אָנגענומען געוואָרן פאַר אבסאָלוט ריכטיק. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט פאָרמירט כללים פאַר דרוש, לויט וועל־כע מען האָט געקענט ציען לאָגישע שלוסן פון די געזעצן גופא. וואָס אָנ־באַלאַנגט די זיבן כללים ("מדות"), וואָס ס'איז אָנגענומען, אַז ער האָט זיי פאָרמולירט, זאָגט ה. ל. סטראַק: "הלל האָט ניט דערפונדן די זיבן מדות, זיי באַשטייען נאָר פון אַ קאָמפּילאַציע פון די אָנגענומענע מעטאָדן פון באַ־ווייזן פון יענער צייט" (זע "אינטראָדוקשאָן טו די תלמוד ענד מדרש" 93).

אויב די אויפטועונגען, וואָס ווערן צו אים צוגעשריבן, זיינען ריכטיק, האָט הלל באַזעסן אַ וויסנשאַפטלעכן טעמפּעראַמענט; ער האָט געהאַט אַ נייגונג צו פאָרשן און זוכן דעם אמת און ווי ער איז פאַר זיך אָן אונטערשייד וואוהין דאָס דערקלערטע וועט אים פירן: — צי דאָס וועט אים פירן צו אַ מאָראַלן פּרינציפּ, אָדער צו אַ רעליגיעזער צערעמאָניע. אויף דעם באַקלאָגט זיך טאַקע דר. קלויזנער, "אַז הלל, ווי די רעדאַקטאָרן פון חומש, די סופרים, די פּרושים פון עזרא'ן און ביזן היינטיקן טאָג, האָט ניט באַמערקט קיין אונטערשייד צווישן עטיק און צווישן רעליגיע פון איין זייט און צווישן טעאָריע און פּראַקטיק פון דער צווייטער זייט. פאַר אים איז אַלץ געווען רעליגיע, צי דו זאָלסט ליב האָבן דיין שכן ווי זיך אַליין, צי דער פּראָבלעם פון ארויפליייגן די הענט . . . דער זעלבער הלל, וואָס האָט געמאַכט פּאָפּולער דעם פּרינציפּ "וואָס דו ווילסט ניט מען זאָל דיר טאָן, זאָלסטו ניט טאָן צו

דיין פריינט", איז אויך געווען דער מחבר פון די זיבן געזעצן פון דרוש, מיט וועלכע ער האָט אוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט פאַרן גאַנצן פרושים אידנטום."

דאָס וואָס דר. קלויזנער באַטראַכט פאַר א חסרון איז כאַראַקטעריס־טיש פאַר א וויסנשאַפטלעכן פאָרשער; ער מוז זיין נייטראַל צו מאָראַלע ווער־טען און צו סוביעקטיווע נייגונגען: — ער דאַרף לאָגיש נאָכפאָלגן די פאַקטן און די לאָגיק פונם דענקען, וואוהין זיי פירן איהם און ער דאַרף זיך נישט רע־כענען מיט זיינע פערזענלעכע סימפּאַטיעס.

מען דאַרף אָבער אויך ניט פאַרגעסן דעם כאַראַקטער פון אַנטפּלעק־טער רעליגיע; דער פונדאַמענטאַלסטער שטריך פון געבאָטן, וואָס קומען פון "גאָט", איז אז מען דאַרף זיי אויספאָלגן אָן אונטערשייד וואָס מען דענקט וועגן זיי. מען דאַרף אָננעמען, אז גאָט ווייס וואָס ער הייסט טאָן און מען דאַרף אים פאָלגן.

אויב הלל'ס מעטאָד האָט א חסרון, האָט אויך די וויסנשאַפט דעם דאָזיקן חסרון. אָבער אַנאַלאָגיש קען מען זאָגן: — ווי די וויסנשאַפט באַ־רייכערט דאָס לעבן מיט אירע רעזולטאַטן, אזוי האָבן אויך די תנאים באַ־רייכערט דעם אידנטום מיט דעם, וואָס דאָס לערנען, וואָס האָט געדאַרפט דינען דעם לעבן, איז א דאַנק דעם מעטאָד געוואָרן דער צוועק פונם אידישן לעבן. דער נאָבעלער צוועק צו לערנען און פאָרשן, האָט די אידן געגעבן איינ־טערעס צו קענען אָנהאַלטן לעבן. פאַר דעם קומט א דאַנק הלל'ן: ער האָט געשאַפן דעם מעטאָד ווי צו פאָרשן און האָט אויך אָנגעוויזן אויף דער ריכ־טונג ווי און וואָס צו פאָרשן.

די צווייטע סיבה, דער קריסטנטום, האָט געהאַט אַן אומ־דירעקטע ווירקונג אויפן כאַראַקטער פונם אידישן שאַפן פון יענער צייט און פון די ווייטערדיקע יאָרהונדערטן דורך דעם, וואָס כדי צו אונ־טערדריקן "ספרי מינים", איז דער פאַרבאָט צו פאַרשרייבן געדאַנקען, אָדער נייע שאַפונגען, געוואָרן א פאַנאַטישער געזעץ; דערהויפּט איז דער פאַרבאָט געווען קעגן פאַרשרייבן הלכות.

פון וואַנען ס'שטאַמט דער געדאַנק, אז די תורה שבעל פה טאָר ניט פאַרשריבן ווערן, ווייס מען ניט. ס'איז פאַראַן א מיינונג, אז ער האָט נאָך עקזיסטירט אין אַלעקסאַנדרא־שולמית'ס צייט. מען קען זאָגן, אז פּסיכאָלאָגיש האָט דער געדאַנק געהאַט א באַרעכטיגונג: — ווען גאָט אַליין האָט די הלכה געגעבן משה'ן מינדלעך, דאַרף זי ניט פאַרשריבן ווערן גאַנץ איינפאַך דער־פאַר, וואָס ווען מען וועט זי פאַרשרייבן, וועט זי דערמיט גופא באַטראַכט ווערן פאַר א טייל פון דער תורה קעגן גאָטס ווילן.

ווען ס'זיינען פאָרגעקומען די שטרייטיקייטן צווישן די פרושים און די צדוקים און צווישן די פאַרשידענע ריכטונגען צווישן די פרושים גופא, איז גע־ווען נאַטירלעך, אז אַ קעגנערשאַפט קעגן ניי פאַרשריבענע באַגריפן זאָל אַנט־שטיין. ווען די קריסטלעכע שאַפונגען האָבן אָנגעהויבן צו צירקולירן איז געווען מער ווי נאַטירלעך, אַז די קעגנערשאַפט קענען פאַרשרייבן עפּעס נייעס זאָל ווערן אַ פאַנאַטישע. פאַר יענער צייט זיינען די סיבות געווען וויכטיקע.

אייזיק הירש ווייס זאָגט, אז רבן גמליאל הזקן איז געווען דער ער־שטער, וואָס האָט אָפּגעפרישט דעם אַלטן איסור קעגן ספרים חיצונים. ער

דערציילט, אז ווען מען האָט אים געוויזן אַן איבערזעצונג פון ספר איוב, האָט ער אים געגעבן א מולער, וואָס האָט געאַרבעט דערביי, ער זאָל אים פאַרמויערן צווישן די ציגל. פון דעם אינצידענט ציט ווייס דעם שלום, אַז רבן גמליאל האָט געהייסן צו צוזאַמענקלייבן אַלע "פרעמדע" שריפטן און ער האָט זיי קאָנפיסקירט. ער דערציילט וועגן א פאַרזאַמלונג אין הויז פון חנניה בן חזקיה בן גרון, וואו "ס'איז דיסקוטירט געוואָרן די פראַגע וועגן שרייבן ביכער און מיט גרויס מאַטערנישׁ האָבן זיי נאָר דערלויבט אָנצושרייבן מגילות תענית. זיי האָבן געוואָלט קאָנפיסקירן דעם ספר יחזקאל, נאָר חנניה האָט אים געראַטעוועט" (דאָרטן ב. ב. 581).

און אַזוי, זאָגט ה. סטראַק, "האָט דער עם הסופר פאַר הונדערטער יאָרן ניט באַרייכערט זיין ליטעראַטור אפילו ניט מיט קיין איין בלעטל." טיילוויס אמווינציקסטנס האָט דאָס אידישע פאָלק צו פאַרדאַנקען דעם קריס־טענטום פאַר דער אַנאַמאַלישער דערשיינונג.

ווען מען נעמט אין אַנבאַטראַכט, אַז דער צוועק פון דער הלכה איז לכתחילה באַשטאַנען אין אינטערפּרעטירן דעם געזעץ אין שייכות צום אי־דישן שטייגער לעבן; אַז זי איז אָנגעהויבן געוואָרן אין א סנהדרין און דער־הויפּט, אַז פאַר הונדערטער יאָרן זיינען די הלכות דיסקוטירט געוואָרן אויף אויסווייניק און מען האָט זיך פאַרלאָזט אויפן זכרון צו געדענקען אַלץ, וואָס איינער האָט געזאָגט, און ערשט מיט הונדערטער יאָרן שפּעטער האָט מען עס אַלץ פאַרשריבן, קען מען פאַרשטיין דעם רעזולטאַט.

נאָך די עטלעכע באַמערקונגען קען מען איבערגיין און באַטראַכטן דעם תלמוד, וואָס איז די שאַפונג פון יענער צייט און פון יענע באַדינגונגען.

מיטן נאָר וואָס געזאָגטן, אַז דער תלמוד וועט באַטראַכט ווערן, איז ניט געמיינט געוואָרן, אַז די משנה און די גמרא וועלן אַנאַליזירט ווערן לויט זייער אינהאַלט. אַזאַ אַרבעט קען מען ניט טאָן אין איין קאַפּיטל און ס'איז סיי־ווי־סיי אויסער דער קאָמפּעטענץ פונם מחבר. וואָס ס'איז געמיינט גע־וואָרן, איז אַז דער תלמוד וועט באַטראַכט ווערן לויט זיין אַלגעמיינעם כאַ־ראַקטער און טענדענץ ווי א רעזולטאַט פונם אידישן לעבן און פון די באַ־דינגונגען פון דער צייט אין וועלכער עס איז געשאַפן געוואָרן. און אויך דאָס לעצטע וועט נאָר געטאָן ווערן אין די גרענעצן פון דעם אַלגעמיינעם אינ־טערעס צו אַרויסברענגען דעם אידישן אַרט דענקען, וואָס כאָטש ער איז גע־ענדערט געוואָרן אין דער פאָרמע, איז די אינערלעכע טענדענץ געבליבן די זעלבע ווי פריער.

צום תלמוד קען מען צוטרעטן פון צוויי שטאַנדפּונקטן: מען קען אים באַטראַכטן ווי א ליטעראַטור אָדער קולטור שאַפונג אין אַלגעמיין, ניט נע־מענדיק אין באַטראַכט צייט, פּלאַץ, באַדינגונגען, טענדענץ און אַבזיכט; מען קען צוגיין צו אים ווי צו א קולטור שאַפונג, וואָס ענטהאַלט אין זיך אינער־לעכע ווערטן, און מען קען צו אים צוגיין פון א קולטור היסטאָרישן שטאַנד־פּונקט, ווי צו א סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער שאַפונג פון אַ באַשטימטער צייט און ווי אַ פּראָדוקט פון אייגענאַרטיקע באַדינגונגען.

ווען מען נעמט דעם תלמוד ווי א שאַפונג פאַר זיך און מען פאַרגלייכט אים מיטן תנ"ך, ווי א שאַפונג, איז דער רעזולטאַט פון דעם דאָזיקן פאַר־גלייך ניט קיין גינסטיגער פאַרן תלמוד. מען טאָר אָבער ניט מאַכן אַזאַ פאַר־

גלייך, ווייל פאַרגלייכן קען מען נאָר זאַכן, וועלכע קענען געמאָסטן ווערן מיט דער זעלבער מאָס און ניט אַזוינע, וועלכע זיינען פאַלשטענדיק פאַרשיידן אין אַלע הינזיכטן.

דער תנ״ך איז געשאַפן געוואָרן אינם פאַרמאַטיוון פּעריאָד פונם אידישן פאָלק און ער שפּיגלט אין זיך אָפּ די קרעאַטיווע כוחות און די אידעאַלן, פון די גייסטיקע פאַרמירער פונם פאָלק. דער תלמוד, פון דער צווייטער זייט, באַשטייט פון דער פאַרקערפּערונג פונם סאָציאַלן שטייגער לעבן און פון אַן אויסטייטשונג פון די געזעצן און מנהגים צוזאַמען מיט מעשיות, לעגענדעס, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן פאַר יאָר הונדערטן. דער אינהאַלט, ווי די פאָרמע, איז אַזאַ, וואָס קען ניט אַפּעלירן צום אַלגעמיינעם געשמאַק פונם לעזער. די צוויי ערליי שאַפונגען טאָרן ניט פאַרגליכן ווערן.

דאָס פירט צום צווייטן שטאַנדפּונקט, צום קולטור היסטאָרישן שטאַנדפּונקט; עס פירט צו דערקלערן די באַדינגונגען אונטער וועלכע דער תלמוד איז געשאַפן געוואָרן; דעם צוועק, וואָס ער האָט געדאַרפט דינען און דעם צוועק, וואָס ער האָט היסטאָריש געדינט.

אויף דער פראַגע: וואָס איז דער תלמוד? זאָגן דייטש און שעכטער, אַז מען קען דירעקט ניט ענטפערן. ער ענטהאַלט אין זיך אַזויפיל פאַרשיידנאַרטיקן מאַטעריאַל און ענינים, אַז ער קען אויף קיין שום אופן ניט דעפינירט ווערן. עס איז, לויט זייער מיינונג, לייכטער צו זאָגן, וואָס דער תלמוד איז ניט, ווי צו זאָגן, וואָס ער איז. דער ניט באַשטייט אין דעם, וואָס ער איז ניט קיין פילאָזאָפיע און אפילו ניט קיין טעאָלאָגיע. אויסער דעם געפינט מען אין אים אַלץ, וואָס דאָס האַרץ גלוסט.

אַז די נאָר וואָס ארויסגעזאָגטע מיינונג איז אַ ריכטיקע, וועט באַשטעטיקן אַן אויסצוג פון דעם איטאָריטעט וועגן תלמוד, פון סאָלאָמאָן שעכטער. ער זאָגט ״אַלע מטושטשע פאַרשטעלונגען וועגן מעטאַפיזישע און טעאָלאָגישע פראַגן, מיט וועלכע מען באַגעגנט זיך צופעליק אין אַ דיסקוסיע אָדער אין אַ מעשה, זיינען ניט מער ווי אַ רעזולטאַט פון איינעמס אַ פאַנטאַזיע און פון אַ צופעליקער נייגונג פון אַ לערער . . . צו פּראָבירן צו פאָרמירן סיסטעמען, ווי אַ רבנישע טעאָלאָגיע, אָדער אַ רבנישע פילאָזאָפיע, פון די באַזונדערע און מען מעג צוגעבן, ניט פאַראַנטוואָרטלעכע אויסדריקן, מיינט זיך אָפּנאַרן. דאָס וואָס מען געפינט אין די דאָזיקע ספּעקולאַציעס וועגן דעם מהות פון גאָט, זיין חכמה און זיין גערעכטיקייט אין דער פירונג פון דער וועלט, איז פאַר קיין פאַל ניט קיין רעזולטאַט פון טיפן און דורכגעטראַכטן דענקען, אפילו ניט אין קיין איינציקן פאַל זיינען די דאָזיקע אידייעס געווען אַ פּראָבלעם פון פאָרזיכטיקן דענקען פון וועלכן עס איז רבי און געוויס זיינען עס ניט געווען קיין געצוויגענע שלוסן פון אַ שיטה. זיי זיינען באַשטאַנען פון צופעליקע באַמערקונגען פון די באַטרעפנדע רביים, פון אַ מאָמענטאַלער אינספּיראַציע, וואָס איז געווען מער אַ פּראָדוקט פון דער פאַנטאַזיע, ווי פונם פאַרשטאַנד. פון די פאַרשיידענע אַנטראָפּאָמאָרפישע פאָרשטעלונגען וועגן גאָטס פּערזענלעכקייט קען מען זען, אַז זייער באַגריף איז געווען אַ פּראָדוקט פון דער פאַנטאַזיע . . .

דאָס, וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן טעאָלאָגישע פראַגן, קען מיט דער זעלבער זיכערקייט געזאָגט ווערן וועגן פילאָזאָפישע פראַגן. עס איז ניטאָ קיין

שום פילאָזאָפיע אין תלמוד; עס זיינען בלויז פאראַן פארשיידענע צעוואָרפענע באַגריפן וועגן פילאָזאָפישע פראגן, וואָס א רבי האָט זיך דערלויבט צו שטעלן. עס פאסירט פון צייט צו צייט, אז ביי א רבי בליצט אויף א פילאָזאָפישע אידייע, וואָס אפילו ער אליין ווייס ניט ווי זי איז צו אים געקומען און ער גיט זי אויף און פארלאָזט זי אויף אַן אומשולדיקן אופן. ס'איז קיינמאָל קיין איינעם פון זיי ניט געקומען אויפן זין צו נאָכפאָלגן אזא אידייע און ציען פון איר שלוסן. זיי זיינען אין קיין שום זינען ניט געווען קיין פילאָזאָפן; נאָר זיי האָבן אויף אזויפיל גערעדט וועגן אלץ אין דער וועלט, אז ניט באוואוסטזיניגערהייט האָבן זיי פשוט ניט געקענט אויסמיידן פילאָזאָפיע" (זע "סטודיעס אין דזשודאַאיזם" באַנד 3 "אַן די סטודי אָוו די תלמוד" זז. 115־154).

די אידן זיינען אויך פריער ניט געווען קיין פילאָזאָפן, ווי די מזרח פעלקער וואָס האָבן זיי ארומגערינגעלט האָבן זיי גדענקט קאָנקרעט און זייענען געווען צוגעשמידט צום פאקט. זיי האָבן זיך פון אים ניט געקענט באַפרייען און דענקען ריין לאָגיש אבסטראקט. זייער דענקען איז אלע מאָל געווען א סוביעקטיוו עמאָציאָנאל פסיכאָלאָגישער און ניט קיין אביעקטיוו אבסטראקט לאָגישער. פונדעסטוועגן האָט מען אין זייערע פריערדיקע שאפונגען געקענט געפינען אזויפיל פילאָזאָפישע געדאנקען, אַז מען זאָל זיי אפילו צושרייבן אַן אייגענע פילאָזאָפיע. דאָס, זאָגט שעכטער, קען מען ניט טאָן מיטן תלמוד, טראָץ דעם וואָס ער איז געשאַפן געוואָרן נאָך דעם, וואָס די אידן האָבן זיך באַגעגנט מיט די גריכן .

די סיבות זיינען: דער שטורעם, וואָס די באגעגעניש מיטן העלעניזם האָט ארויסגערופן ביי די אידן, ווען אנטיוכוס עפיפאנוס האָט זיי מיט גוואלד געוואָלט העלעניזירן, האָט געפירט צו א העפטיקער קעגנערשאפט קעגן וועלכער ס'איז אויסערלעכער ווירקונג אויף זייער דענקען. דער קאמף פון די פרושים און די צדוקים, ווען די לעצטע האָבן געוואָלט סעקולאריזירן דעם אלגעמיינעם געזעלשאפטלעכן לעבן, באַגרענעצן די רעליגיע אויף ריין רעליגיעזע ענינים לויטן געשריבענעם בוכשטאַב פון דער תורה, האָט געשטויסן די פרושים אין דער קעגנגעזעצטער ריכטונג צו אינטערפרעטירן די תורה זי זאָל קענען צוגעפאסט ווערן צו די געענדערטע באדינגונגען. דער קאמף קעגן די עמי־הארצים, וועלכע די פרושים האָבן באַטראַכט פאר הפקר מענטשן מיט וועלכע מען טאָר ניט קומען אין קיין איינגער באַציאונג, ווי עסן ביי איין טיש, אָדער נוצן זייער שפייז, ווייל זיי היטן ניט אָפּ די דינים, האָט זיי געפירט צו מאכן אלץ נייע תקנות. די מהומה פון די לעצטע הונדערט יאָר פון דער כלומרש'דיקער אידישער זעלבסטשטענדיקייט, ווען די יורשים פון די חשמונאים האָבן זיך ניט געקענט צעטיילן מיט דער ירושה און ס'איז געווען אויף אזויפיל א לעבנס געפאר צו אנטייל נעמען אינם געזעלשאפטלעכן לעבן, אז די אידן האָבן זיך געבעטן ביי די רוימער, אז זיי זיינען זיי מוחל די כלומרשדיקע זעלבסטשטענדיקייט און זיי ווילן בעסער, אז די רוימער דירעקט זאָלן איבער זיי הערשן איידער די דאָזיקע יורשים און מען זאָל ניט זיין זיכער מיטן לעבן. אָט דער מהומה צושטאַנד האָט פארטריבן א סך גייסטרייכע מענטשן פון פראקטישע לעבנס אינטערעסן און ס'איז זייער מעגלעך, אז פאר הלל'ס איינזייטיקייט, איז שולדיק געווען דער כאָאָס פון זיין צייט. מער ווי אלץ איז פאר דער טענדענץ אין אלגעמיין געווען שולדיק

דער שפּעטער אַנטוויקלענדער קריסטנטום.

די אַלע פֿאַקטאָרן האָבן געשטויסן דעם אידישן דענקען אין אַ ריכ־טונג, וואָס האָט זיי פֿאַרפֿרעמדט פֿון וועלכע עס איז פֿילאָזאָפֿישע ספּעקולאַציעס. פֿונדעסטוועגן וואָלט געווען אַ טעות צוצושרייבן די טענדענץ, פֿון וועלכער דער תּלמוד איז געווען דער רעזולטאַט, צו אויסשליסלעך אויסער־לעכער און צופֿעליקער ווירקונג, ווען פֿאַקטיש איז ער אַ רעזולטאַט פֿון דער פֿונדאַמענטאַלער טענדענץ פֿונם אידישן דענקען, אין וועלכן דער עטישער מאָמענט איז דער הערשענדער. און וואָס זיינען נאָך אַלעמען מצוות אויב ניט קיין פֿירונגס געבאָטן, וועלכע גאָט האָט געגעבן צו זיין פֿאָלק.

ווען מען באַטראַכט דעם תּלמוד פֿון דעם שטאַנדפּונקט, איז ער אַ דירעקטער רעזולטאַט פֿונם דענקען, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער תּורה און מיט די נביאים. ער האָט אָנגענומען אַן אַנדער פֿאָרמע דערפֿאַר, וואָס ער איז געשאַפֿן געוואָרן אונטער אַנדערע באַדינגונגען און האָט געדאַרפֿט לייזן אַנדערע פּראָבלעמען. באַטראַכט מען דעם תּלמוד פֿון דעם שטאַנדפּונקט, און פֿון קיין אַנדער שטאַנדפּונקט קען מען אים, דוכט זיך, ניט באַטראַכטן, איז ס. שעכטער גערעכט, ווען ער הייבט אָן זיין אָפּהאַנדלונג וועגן דעם תּלמוד מיט עזרא הסופֿר. דאָס איז געווען דער מאָמענט, ווען ער האָט זיך פֿאַקטיש אָנגעהויבן.

ס. שעכטער צעטיילט דעם תּלמוד אויף די פֿאָלגענדע טיילן: די סופֿרים, איינשליסנדיק די אנשי כנסת הגדולה. ער גיט אָבער צו, אַז ס'איז ניטאָ קיין באַווייז, אַז זיי האָבן ווירקלעך עקזיסטירט. דער פּעריאָד פֿאַרנעמט 350 יאָר פֿאַר דער איצטיקער ערע. דער צווייטער פּעריאָד איז די צייט פֿון די "זוגות" (פּאָרן), ער רעכנט אויס פֿינף "פּאָר" אַזוינע וואָס האָבן כראָנאָלאָ־גיש געפֿאָלגט איינע נאָך דער צווייטער. די פּאָרן זאָלן געווען באַשטיין פֿונם נשיא (פּרעזידענט) פֿון סנהדרין און פֿונם אב בית דין (וויצע פּרעזידענט). די וויכטיקסטע פּאָר איז באַשטאַנען פֿון הלל און שמאי, וואָס זיינען געווען די לעצטע. דער פּעריאָד האָט פֿאַרנומען ביי הונדערט און צוואַנציק יאָר און האָט זיך פֿאַרענדיקט אַרום 30 יאָר פֿ. ק. נאָך די פּאָרן פֿאָלגן די תּנאים (לערער). שעכטער דערמאָנט פֿינף "דורות" תּנאים. ער הויבט אָן מיט בית שמאי און בית הלל און פֿאַרענדיקט מיטן שלוס פֿון דער משנה. דער פּעריאָד פֿאַרנעמט אַן ערך צוויי הונדערט יאָר. נאָך דעם קומען די אמוראים (רעדנער, אויס־טייטשער), זיי זיינען די שאַפֿער פֿון דער גמרא. אויך דעם פּעריאָד טיילט ער אויף פֿינף דורות (ירושלמי פֿיר דורות). אַזוי ווי אָבער דער תּלמוד איז געשלאָסן געוואָרן אינם זעקסטן יאָרהונדערט נ. קר. מיינט עס, אַז דער פּעריאָד האָט געדויערט פֿיר הונדערט יאָר, איז דער טערמין פֿינף "דורות" ניט ריכטיק, ער מיינט פּעריאָדן. די קלאַסיפֿיקאַציע איז ניט קיין פּינקטלעכע, אַ. ה. ווייס נוצט זי ניט און סטאַרק נוצט אַן אַנדער קלאַסיפֿיקאַציע.

די משנה דאַרף באַשטיין פֿון אַ מין פּירוש אויף דער תּורה און די גמרא דאַרף זיין אַ פּירוש אויף דער משנה. זיי ביידע און די ווייטערדיקע שאַפֿונגען, זיינען עס די תּורה שבעל פּה, וואָס גאָט זאָל זי געווען צוגעבן משהן צו דער תּורה שבכתב. פֿאַרשטייט זיך, אַז ניט גאָט האָט זיי צוגע־געבן און ניט זיי זיינען פּירושים אויף דער תּורה. דאָס זיינען ווייטערדיקע שאַפֿונגען, וואָס דריקן אויס דעם גייסט פֿון פֿריערדיקע שאַפֿונגען, נאָר אַ

דאנק די געענדערטע באדינגונגען, דעם געענדערטען שטייגער לעבן און נייע לעבנס אינטערעסען, זיינען זיי אזוי פארשיידן אין אינהאלט, פאָרמע און כאראקטער, אז ווען מען נעמט זיי באזונדער, קריגט מען דעם איינ־דרוק, אז זיי זיינען פונדאַמענטאַל פארשיידן פון פריערדיקע אידישע שאַ־פונגען.

דאָס אייגנארטיקסטע פונם תלמוד, דאָס וואָס האָט פאָרמירט זיין גאַנצן כאַראַקטער, איז דאָס וואָס זיין אַנטוויקלונג, אויב ניט אַנטשטייאונג, איז פאָרגעקומען, ווי פריער געזאָגט, אין א סנהדרין. דאָרט האָט ער געקראָגן די פאָרמע און טאקע אויך דעם אינהאלט, פון א געזעץ קאָדעקס. די אַלע אָנגענומענע תקנות צוזאמען מיט די ארגומענטן און אויסטייטשונגען, זיינען איבערגעגעבן געוואָרן מינדלעך פון דור צו דור פאר הונדערטער יאָרן און זיי זיינען ווייטער גע׳דרשנט געוואָרן און דאָס צוגעגעבענע איז ווייטער אי־בערגעגעבן געוואָרן מינדלעך ביז ענדלעך איז דאָס אַלץ פארשריבן געוואָרן צוזאמען מיט אַלע פּילפּולים, מיט צוגעגעבענע פארשיידענע מעשיות וועגן אַלץ און אַלעמען אין דער וועלט, וואָס איז נאָר עמיצן אין געדאנק איינגעפאַלן. דאָס אַלץ איז צוזאמענגעוואָרפן געוואָרן אָן א סדר און אָן א געהעריקן סיס־טעם און אָן א רעדאקציע און איז פאר׳חתמעט געוואָרן און דאָס פארטיקע איז דער תלמוד . . .

עס איז נאַטירלעך, אז אזא מין קאָלאָסאַלע צוזאמענגעקליבענע אר־בעט פון אזויפיל מענטשן פון פארשיידענע צייטן און פון אזויפיל ענינים, וואָס האָבן געדארפט דינען א ריטואַליסטישן און לעגאַליסטישן שטייגער לעבן, זאָל אין זיך ענטהאלטן א סך זאכן, וועלכע קענען ניט אפּעלירן צו א מאָדערנעם מענטשן. ווען מען באגעגנט זיך מיט אזוינע פּלעצער אינם תלמוד, דארף מען זיי באַטראַכטן לויט דער צייט, ווען זיי זיינען געשאַפן געוואָרן און מען דארף זיי פארגלייכן מיטן דענקען פון דער ארומיקער וועלט פון יענער צייט. ווען מען פארגלייכט זיי, זאָגט דער קלויסטער היסטאָריקער, קייס, "כאָטש ניסים האָבן געשפּילט א וויכטיקע ראָלע אין דער אידישער טראדי־ציע, האָבן די אידן זיך נישט פארלאָזט אויף קיין ניסים אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן. זיי האָבן געהאט אן אינטערעס אין לעבן צו שטודירן זייע־רע הייליקע ספרים, תפילה טאָן אין די בתי מדרשים, לערנען תורה שבעל פּה, וואָס זיי האָבן געקראָגן בירושה פון זייערע געלערענטע. די דאָזיקע קולטור־רעלע באדינגונגען האָבן פאר זיי געשאפן א מער געזונטן, א מער נאַטירלעכן וועג־ווייזער, (ווי די קריסטן), וואָס זאָל פאָרמולירן זייערע אידעאַלן און וואָס זאָל פאָרמירן זייערע כאראקטער" (זע "עקספּיריענס וויט די סופּערנעטשורעל אין די אורלי קריסטשן טיימס" ז. 10).

דעם פארגלייך דארף מען אין זינען האָבן ווען מען באגעגנט זיך מיט פּלעצער אין תלמוד, וואָס אפּעלירן ניט צום הארצן. מען דאַרף נעמען אין באַטראַכט דעם פּסיכישן צושטאַנד פון דער צייט, ווען דאָס, וואָס אפּע־לירט ניט, איז געשאַפן געוואָרן און הויפּטזעכלעך דארף מען אין זינען האָבן די כוונה, וואָס איז מעגלעך, באהאלטן אונטער אן ענין, וואָס מאכט איצט א מאָדנעם איינדרוק.

פּראָפעסאָר ל. גינצבערג דעמאָנסטרירט דאָס מיט דעם "ביצה שנולדה ביום טוב" פּראָבלעם. דער "פּראָבלעם" איז געוויס א מאָדנער, ער באקומט

אָבער אַן אַנדער אויסזען אונטער זיין אינטערפּרעטאַציע. ער זאָגט "די דיס־קוסיע וועגן דעם איי דרייט זיך ארום דער פראגע ווי ווייט דער פּרינציפּ פון אבזיכט קען באנוצט ווערן. די רביים האָבן, ווי די רוימישע יוריסטן, באַטראַכט האנדלונגען לויטן אבזיכט, וואָס מען האָט אין זינען געהאט. לויט דעם ביבלישן געזעץ דאַרף די שפּייז פאַר עסן יום־טוב צוגעגרייט ווערן מיט א טאָג פריער. האָט הלל פּראָגרעסיווע שיטה געהאלטן, אז אן איי, וואָס ווערט געלייגט אין יום טוב טאָרניט גענוצט ווערן, ווייל ס'איז ניט צוגע־גרייט געוואָרן מיטן מענטשנס אבזיכט און דאָס איז טראָץ דעם, וואָס די נאַטור האָט עס צוגעגרייט. עס איז געוויס זייער אן עקסטרעמער אורטייל ניט צו נוצן אן איי, וואָס איז געלייגט געוואָרן אין יום טוב און וואָס איז ניט צוגעגרייט געוואָרן אבזיכטלעך. ווי גרויס האָט אָבער אין זייערע אויגן געדארפט זיין די באַדייטונג פון אבזיכט פארן רעליגיעזן געוויסן פון די אידן, אז זי האָט געקענט אָננעמען אזא גראָטעסקע פאָרמע. קען מען אָנווייזן אויף א בעי־סערן קריטעריום פאַר דער אנטוויקלונג פון רעליגיע, ווי אויף דער באַדיי־טונג וואָס זי שרייבט צו צו אבזיכט, וואָס פאקטיש מיינט עס צו דענקען און צו פילן אין קעגנזאַץ צו בלויזער צערעמאָניאַלער פיזישער אקטיוויטעט" (זע "טהאט עס רעפלעקטעד אין האלוקהע" (הלכה) זז. 119־118. אין בוך "סטו־דענט, סקאלאר ענד סיינט").

ווי מען קען זען איז, אום צו פאַרשטיין דעם זין פון תלמוד, ניט גענוג צו נעמען א היסטאָרישן פּערספּעקטיוו און פאַרגלייכן דעם אידישן שאַפן מיטן אלגעמיינעם שאפן פון יענער צייט; מען דאַרף אויך וויסן די כוונה, וואָס געפינט זיך אָפט באהאלטן אין א הלכה. געוויס ענדערט די כוונה ניט די מאָדנעקייט פון דער הלכה אינם באַטרעפנדן פאַל, זי גיט אָבער, אָמוויב־ציקסטנס, צו א שטיקל לאָגיק צו דער באַטרעפענדער מאָדנער הלכה.

ווי אַזוי דער אידישער דענקען און שאַפן איז אַוועק אין דער ריכטונג, וואָס האָט געפירט צו אזעלכע מאָדנע הלכות, איז שוין פריער אָנגעוויזן גע־וואָרן; עס דאַרף נאָר צוגעגעבן ווערן, אַז ווען די אידן האָבן פאַרלוירן זייער זעלבסטשטענדיקן לעבן, זייער היים און זייער אָפיציעלע רעליגיעזע לעבנס פאָרמע און זיי האָבן זיך געדארפט צופּאסן צו אַ נייעם לעבנס שטייגער, איז דער איינציקער אופן ווי זיי האָבן געקענט בלייבן לעבן, געווען די פאָרמע ווי זיך צו איזאָלירן פון דער ארומיקער באפעלקערונג און ניט פארשלונגען ווערן פון איר. צי באוואוסטזיניק, אָדער ניט באוואוסטזיניק, האָבן די תנאים און נאָך זיי די אמוראים, נאָכגעפאָלגט די פּרושים און האָבן געהאלטן אין איין פאָרמירן "סיוגים" ארום דער תורה, וואָס פאַר זייער צייט האָט עס געהייסן ארום דעם אידישן לעבן, דאָס האָט זיי געראַטעוועט פון אונטערגאנג.

לויטן אינהאַלט ווערט דער תלמוד צעטיילט אויף צוויי טיילן: אויף הלכה, וואָס באַשטייט פון רעליגיעזע רעגעלן און געזעצן, ווי זיך צו פירן אין טאָג טעגלעכן לעבן און אויף אגדה, וואָס באַשטייט פון מעשיות, לע־גענדעס, פאַנטאזיעס, פאַבלען און משלים. דער אונטערשייד צווישן די צוויי טיילן וועט געגעבן ווערן לויט קאַרפּעלעסן; ער זאָגט "געזעץ און פרייקייט זיינען איןביידע ליטעראַרישע ריכטונגען געווען פאַרקערפּערט. אויב הלכה האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם געזעץ גופא, איז די אגדה געווען די פריי־הייט, וועלכע איז פון געזעץ רעגולירט געוואָרן און האָט אנטשפּראָכן די זיט־

לעכקייט.״ דאָס וואָס אין דער הלכה איז דער אויטאָריטעט פון געזעץ די שול, דאָס טרעט אין אגדה ארויס אלס די הערשאַפט פון דער פערזענלעכער מיינונג און פון דער זיטלעכקייט.״ דעריבער נעמט די הלכה ארום סיי די טראַדיציאָנעלע, דאָס וואָרט פון די שריפט־אויסטייטשנדיקע אָדער די אנטוויקלענדיקע הנחות, וועלכע גייען מינדלעך לעבן דעם שריפטלעכן געזעץ, סיי אויך די דיסקוסיעס, וועלכע זיינען ארויסגערופן געוואָרן באם פעסטשטעלן די דאָזיקע הנחות. פארקערט, די אגדה שפּארט זיך פריי אָן אויף דעם וואָרט פון ביבל, און ערקלערט עס דורך מעשיות, לעגענדן, משלים, עטישע און היסטאָרישע באַמערקונגען. פאר איר איז דאָס דאָזיקע וואָרט פון די שריפטן געווען ניט אזוי די לעצטע געזעצלעכע אינסטאנץ, ווי אין א סך א גרעסערער מאָס ״דער גילדערנער האקן, אויף וועלכן זי האָט אויפגעהאנגען די בונטע פּראכט פון איר געוועב״ . . . די הלכה האָט געדארפט באארבעטן דאָס געטלעכע געזעץ אין אלע ריכטונגען, כדי עס זאָל פעסט און אומבאַשעדיגט קאָנען ביישטיין אנטקעגן אלע שטורעמס פון דער צייט, און עס פעסטשטעלן ביז אין זיינע לעצטע קאָנסעקווענצן, ניט דאגה׳נדיק וועגן דער נויט און דער פּיין פון דער געגנווארט. אָבער די שיינע און הויכע אויפגאבע פון דער אגדה איז געווען צו טרייסטן און צו וועקן דאָס ליידנדע פאָלק, וואָס האלט ביי גייסטיקן און קערפּערלעכן אונטערגאנג. צו מוסרן און לערנען עס, פון דער שטראלענדער פארגאנגענהייט אָנזאָגן אים די משיחישע צוקונפט, די קעגנווארט גופא מיט איר גאנצן אינהאלט אויסצוטייטשן און פון די שריפטן צו דערוויזן, אז די קעגנווארט איז שוין לאנג אין גאָטס ראט באשטימט געווען. דעריבער האָט מען גאנץ ריכטיק פארגליכן די הלכה צו אן אייזערנער פעסטונג פון פאָלק ישראל, — פאר וועלכער יעדער איינציקער מיטגליד פון דעם שטאט איז גרייט געווען צו איינשטעלן זיך ביזן לעצטן טראָפּן בלוט, בשעת די אגדה ווייזט אויס פארן פארוואונדערטן בליק, ווי א לאבירינט פון בלומען־אלעען אינווייניק צווישן די מויערן״ (זע ״געשיכטע פון דער אידישער ליטעראטור״ זז. 184־183).

דער לייגגערער אויסצוג ענטהאלט ניט נאָר דעם אונטערשייד צווישן הלכה און אגדה, נאָר ער גיט זייער מיין און באדייטונג, אז פון איין זייט זיינען זיי פאָלשטענדיק פארשיידן און פון דער צווייטער זייט דערגענצן זיי איינע די אנדערע. באקלאָגט זיך אָבער פּראָפעסאָר גינצבערג, אז די פאָרשער וואָס באַשעפטיקן זיך מיט דער טעאָלאָגיע און מיט דער עטיק פונם אידנטום פון דער נאָך ביבלישער עפּאָכע האָבן באַזירט זייערע פאָרשונגען אינגאנצן אויף דער אגדה, וואָס, לויט זיין מיינונג באַשטייט זי ניט מער ווי פון צופעליקע מיינונגען און געדאנקען פון יחידים, זיי זיינען איינפאלן פון מאָמענט פון א געלערנטן, אָדער זיי זיינען אינגאנצן א פּראָדוקט פון פאָלקס פאנטאזיע. און ווי ער דריקט זיך אויס ״זיי האָבן אויפגעשטעלט א בנין אויף א זאמדיקן פונדאמענט.״ זיי האָבן איגנאָרירט די הלכה ווייל ס׳איז אין איר שווער צו אריינדרינגען און פון איר ארויסנעמען דעם תמצית. ער זאָגט אָבער, אז ״נאָר אין דער הלכה איז פּינקטלעך און פאָלקאָמען אויסגעדריקט דער דענקען און כאראקטער פונם אידישן פאָלק. געזעצן, וואָס רעגולירן דעם טאָג טעגלעכן לעבן פון מענטשן, מוזן זיין אזוינע, וואָס זאָלן אויסדריקן זיינע פארלאנגען, זאָלן הארמאָנירן מיט זיינע געפילן און זאָלן צופרידנשטעלן זיינע

אידעאַלן וועגן רעליגיע און זייַנע עטישע אַספּיראַציעס" (דאָרטן ז. 112).

דאָס איז זעלבסט פֿאַרשטענדלעך. ער האַלט, אַז די באַשולדיגונגען קעגן דעם תּלמוד, אַז ער איז לעגאַליסטיש, פֿאָרמאַליסטיש און אַז זייַן עטיק איז אַן אויטאָריטאַרע, אַ ריין פּראַקטישע, נעמט זיך פֿון דעם, וואָס מען נעמט אָן די פֿאָרמע פֿון דער הלכה פֿאַר איר אינהאַלט און פֿאַר איר אַבזיכט. מען פֿאַרגעסט איר צוועק: — די אידישע עטיק איז שוין געווען אַ פּאַרטיקע, זי איז שוין געווען אייַנגעשלאָסן אינעם אידישן שטייגער לעבן, האָט מען זי געדאַרפֿט פֿאַרצעמענטירן אויף אַ פּראַקטישן אופֿן. ער ברענגט אַ סך בייַשפּילן און ווייַזט אָן אויפֿן עטישן מיין פֿון דער באַטרעפֿענדער הלכה, הגם די פֿאָרמע פֿון דער הלכה צייגט דירעקט ניט אָן אויפֿן עטישן, וואָס איז אין איר אייַנגעשלאָסן. ער פֿירט אויס, אַז די עטיק איז געווען אייַנגעשלאָסן אינעם אידישן שטייגער לעבן גופֿא. גינצבערג, מעגלעך, טרייַבט איבער. אָט איז די מייַנונג פֿון אַ קריסט, דזש. פֿוט מור. ער האָט זיך אַזוי טיף אַרייַנגעטראַכט אינעם אידישן אַרט דענקען, אַז ס'איז אים געלונגען צו שאַפֿן אַ ווערק וועגן דעם אידנטום (דזשודאַאיזם), וואָס איז איינס פֿון די בעסטע ווערק, וואָס איז ווען עס איז געשאַפֿן געוואָרן וועגן דעם אידנטום.

דאָס ווערק איז קאָלאָסאַל און אויסערגעוויינטלעך געדאַנקענרייַך; עס וועט אָבער נאָר באַטראַכט ווערן זייַן מייַנונג וועגן דעם אידישן אַרט דענקען, וואָס איז באַזירט אויף אַנטפּלעקטער רעליגיע, אַז גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט צו די אידן און האָט זיי געגעבן געזעצן, וועלכע זיי דאַרפֿן היטן. ער ציטירט ויקרא (קדושים) און אַנדערע טיילן פֿון חומש און ווייַזט אָן אויף די מאָראַלע געבאָטן בין אדם לחברו, וועלכע גאָט זאָל געווען געבן די אידן ווי זיי זאָלן זיך פֿירן צווישן זיך. צווישן די דאָזיקע ראַציאָנאַלע געבאָטן, צו וועלכע מענטשן האָבן זיך געקענט דערטראַכטן לויט זייער אייגענעם שכל, געפֿינען זיך אויך געבאָטן "און אַז איר וועט שלאַכטן אַ פֿרידנאָפּפֿער צו גאָט, זאָלט איר עס עסן, אַז איר זאָלט באַוויליגט ווערן. אין דעם טאָג פֿון אייער שלאַכטונג זאָל עס געגעסן ווערן, און אויך אויף מאָרגן, און דאָס וואָס בלייַבט איבער אויפֿן דריטן טאָג, זאָל אין פֿייַער פֿאַרברענט ווערן . . . און דער וואָס עסט דאָס, וועט טראָגן זייַן זינד, וואָרעם אַ הייליקייט פֿון גאָט האָט ער פֿאַרשוועכט, און יענע זעל זאָל פֿאַרשניטן ווערן פֿון איר פֿאָלק." און ווייַטער: "מייַנע געזעצן זאָלט איר היטן. דייַן בהמה זאָלסטו ניט פּאָרן געמישט, דייַן פֿעלד זאָלסטו ניט פֿאַרזייען געמישט, און אַ בגד פֿון געמישטע געוואַנט, שעטנז, זאָל ניט אַרויפֿקומען אויף דיר."

דער פֿאַרבאָט ניט צו עסן דעם קרבן אויפֿן דריטן טאָג און ניט צו טראָגן קיין קליידער פֿון "שעטנז", האָט ניט קיין שייכות מיט קיין לאָגיק און געוויס ניט מיט קיין מאָראַל, און די דאָזיקע געבאָטן זייַנען געגעבן צוזאַמען מיט אַזוינע מאָראַלע געבאָטן, ווי דו זאָלסט ניט גנב'ענען, זאָלסט ניט גזלענען און אַז. וו. זיי אַלע מוזן גלייַך אויסגעפֿאָלגט ווערן ווי חקים באין ברירה . . . זאָגט מור "עס איז אויגנשייַנלעך פֿון די בייַשפּילן, אַז די תּורה באַרעכטיגט פֿאַר קיין פֿאַל ניט צו צוטיילן דעם געזעץ אויף צערעמאָניאַלן און מאָראַלן געזעץ, און צושרייבן צום לעצטן אייבּיקייט, אַ העכערע פֿליכט און באַטראַכטן דעם ערשטן פֿאַר ווייניקער וויכטיק אין גאָטס אויגן און דערפֿאַר איז אַ קליינע פֿליכט פֿאַרן מענטשן אים צו אויספֿאָלגן. די אידישע לערער האָבן גוט

געוואוסט דעם אונטערשייד צווישן געזעצן, וואָס דער אַלגעמיינער מענטש־לעכער פאַרשטאַנד און געוויסן אנערקענט אַליין אָן דער געטלעכער אַנט־פּלעקונג און "ווען זיי זאָלן ניט זיין פאַרשריבן לויטן געזעץ, וואָלטן זיי גע־דאַרפט פאַרשריבן ווערן אויפן באַזיס פון מענטשלעכן שכל"... זיי צו אונטער־שיידן פון אַזוינע געזעצן, וואָס לויט דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד זיינען זיי נוצלאָז. די תורה גיט דערפאַר צו "איך בין דער האר." איך, דער האר, הייס זיי אויספאָלגן און דו האָסט (לויט דער גמרא) ניט קיין רעכט צו האָבן אָן אייגענע מיינונג וועגן זיי. אידישע לערער זיינען נאָך געגאנגען וויי טער: יוחנן בן זכאי זאָגט וועגן דער פראַגע וועגן רייניקן אַ הויז מיט פרה־אדומה אַש, ווען עמיצער איז אין איר געשטאָרבן, ווי אויך וואשן מענטשן, וועלכע זיינען געקומען אין באַרירונג מיט אַ מת "טויט איז ניט מטמא און וואסער איז ניט מטהר. גאָט, דער אַלמעכטיקער קעניג, זאָגט: "איך האָב דיר געגעבן אַ געזעץ און דו האָסט ניט קיין רעכט זיך אָפּצוזאָגן פון אים."

דאָס איז דער לאָגישער שטאַנדפּונקט פון אַנטפּלעקטער רעליגיע. ער באַשטייט אין דעם, וואָס צו אויספאָלגן דעם צערעמאָניאַלן געזעץ אין אַלע זיינע ראַמיפיקאַציעס איז אומבאַדינגט נויטווענדיק. דער מענטש האָט ניט קיין שום רעכט צו זוכן וועלכע ס'איז חסרונות אינם געזעץ. ער טאָר זיך ניט אָפּזאָגן פון אים, אָדער אים ניט אויספאָלגן דערפאַר, וואָס ער זעט ניט קיין מאָראַלן גרונט אין אים. עס דאַרף אונטערשטראָכן ווערן, אַז אפילו אַזוינע געזעצן, וועלכע מיר רופן אָן מאָראַלע, ווערן אין אַנטפּלעקטער רע־ליגיע אויך געגעבן ווי חקים און זיי זיינען אַבלעגאַטאָריש ניט דערפאַר, וואָס מענטשן נעמען זיי אָן איינשטימיק פאַר גערעכטע, אָדער פאַר אומגערעכטע, נאָר אויסדריקלעך דערפאַר, וואָס זיי באַשטייען פון פאַרבאָטן. די העכסטע מאָראַלע פליכט פאַרן מענטשן איז צו אויספאָלגן גאָטס געזעצן אָן אונטער־שייד אין וואָס די געזעצן באַשטייען. די אונטערשיידן, וואָס מיר מאַכן איצט צווישן רעליגיעזע פליכטן צו גאָט און מאָראַלע פליכטן צו מענטשן, זיינען פון דעם שטאַנדפּונקט פון אַנטפּלעקטער רעליגיע אַ פאַלשע טיילונג פון אַן איינהייטלעכקייט, וואָס קען ניט צעטיילט ווערן" (זע "דזשודאַאיזם" באַנד 2 זז. 8־6 פאַרקירצט).

מור ווייזט אָן אויף אַ פונדאַמענטאַלן שטריך פון רעליגיע, וואָס איז באַזירט אויף געטלעכער אַנטפּלעקונג מיט געטלעכע געבאָטן. אין אַזאַ רע־ליגיע איז ניטאָ און עס קען אויך ניט זיין, קיין אונטערשייד פון איין געבאָט און אַ צווייטן געבאָט. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס צערעמאָניעס און מנהגים, זיינען עלטער אין רעליגיע פון מאָראַלע באַגריפן און ס'איז נאַטירלעך, אַז ווען די רעליגיע ווערט אינטערפּרעטירט ווי אַן אַנטפּלעקונג, זאָל זי מאָ־דעפיצירן אַלע אַנגענומענע צערעמאָניעס און מנהגים אין דער פאָרמע פון גאָטס געבאָטן. די אידן זיינען אין זייער רעליגיעזער אַנטוויקלונג ניט געווען קיין אויסנאַם; זיי האָבן געהאַט די צערעמאָניעס און מנהגים און האָבן זיי אינקאָרפּאָרירט אין זייער קאָדעקס ווי גאָטס געבאָטן. די ספּעציעלע באַדיי־טונג אָבער פונם אידישן דענקען, ווי מור שטרייכט עס אונטער, איז וואָס טראָץ דעם, וואָס זייער רעליגיע האָט אין זיך ענטהאַלטן דיזעלבע אייגנ־שאַפט, וואָס יעדער ענטפּלעקטע רעליגיע, איז "דער אידישער מאָנאָטעאיזם ניט דערגרייכט געוואָרן דורך פּאָסטולירן אַן איינִיקייט אינם גאַנג פון דער

נאַטור, און ניט דורך ספעקולאַטיווען דענקען וועגן איינהייטלעכקייט פון עק־זיסטענץ — ניט דורך וויסנשאַפטלעכער אָדער פילאָזאָפישער ספעקולאַציע— נאָר דורך דער איינהייט פון מאָראַלער אָרדענונג אין דער היסטאָריע פון דער וועלט, וואָס איז פון זיי אידענטיפיצירט געוואָרן מיט גאָטס עצם און מיט זיין צוועק״ (דאָרטן באַנד 1 ז. 115).

מען קען זען, אַז ער זאָגט דאָס זעלבע, וואָס ל. גינצבערג זאָגט, נעמלעך, אַז מען דאַרף זוכן די כוונה אינם אידישן דענקען. ווען מען דאַרף זוכן די כונה אין דעם ביבלישן דענקען, ווען ער איז לכל הדעות געווען באַ־הערשט פונם מאָראַלן פאַקטאָר, דאַרף מען זי נאָך מער זוכן אינם תלמודישן פעריאָד, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ קאָנקרעטן אופן פון לעבן און ניט פון קיין אבסטראַקטע אידעאַלן.

ווען מען טרעט צו צום תלמודישן פעריאָד פון שטאַנדפּונקט פונם אידנטום ווי אַ שטייגער לעבן, דאַרף דער פעריאָד צעטיילט ווערן אויף צוויי טיילן. דער ערשטער טייל הויבט זיך אָן מיט עזרא הסופר און ענדיקט זיך מיטן מאָמענט, ווען יוחנן בן זכאי האָט געעפנט די ישיבה אין יבנה. דער צווייטער פעריאָד הויבט זיך אָן מיט יוחנן בן זכאי און ענדיקט זיך מיטן אָנהויב פונם אַזוי אָנגערופענעם אַראַבישן פעריאָד, צו זיין מער קאָנקרעט, דאַרף מען זאָגן, אַז ער דויערט ביז סעדיה גאון׳ס צייט; מיט וועמען עס הויבט זיך אָן דער אידיש־אַראַבישער פעריאָד.

אין דעם ערשטן פעריאָד איז דער אידישער דענקען געווען אַ פּראָדוקט פונם לעבן גופא און פונם אופן ווי צו רעאַגירן אויפן לעבן; אין דעם צווייטן פעריאָד איז ער באַשטאַנען פון אַן אידעאַל און פון אַ פּראָג־ראַם ווי צו אויפהאַלטן דעם אידישן שטייגער לעבן אויף ווייטער. קאָנקרעט גערעדט קען מען זאָגן, אַז די סופרים און די פרושים פונם ערשטן פעריאָד האָבן אָנגעצייכנט דעם וועג, אויף וועלכן די תנאים און די אמוראים, פונם צווייטן פעריאָד, זיינען געגאַנגען.

דובנאָוו זאָגט, און טרעוואַס הערפאַרד, דער קריסטלעכער אינטער־פּרעטירער פונם פרושים אידנטום, שטימט מיט אים איין, אַז ״פאַרן יודאַ־איזם און זיין טרעגער — דעם אידישן פאָלק — האָט זיך געשטעלט אַ פראגע פון גרעסטער וויכטיקייט, שוין פיל יאָרהונדערטער, ווי די אידישע רעליגיע איז אין דער פּאַטענץ געווען אַן אוניווערסאַלע, אָבער אין דער ווירקלעכ־קייט אַ נאַציאָנאַלע, געפירט דערצו האָט די נויטיקייט צו צופּאַסן דעם אי־דעאַל צו דער ווירקלעכקייט, צו דער לאַגע פון די אידן צווישן די אַרומיקע פעלקער. דער אמאָליקער פּראָפעטיזם האָט טאַקע געהאַט דערהויבן די אַי־דישע רעליגיע צו דער מדרגה פון אַ וועלט־רעליגיע און דאָס אידישע פאָלק — צו דער מדרגה פון אַ פּריידיקער; מען האָט זיך אָבער געמוזט רעכענען מיטן פאַקט, אַז די אידישע מלוכה איז אַ צו שוואַכע מאַטעריעלע ראַם פאַר דער נאַציע — און וויל מען באַשיצן און באַוואָרענען דעם קיום פון דער נאַציע, איז דערצו נויטיק אַ שטרענגע רעליגיעז עטישע דיסציפּלין. די שפּעטערדיקע גייסטיקע פירער, פון עזרא׳ן ביז די פרושים, האָבן צוגעזען די קריזיסן פון דער אידישער מלוכה און האָבן פאַרשטאַנען, אַז די ריין עטישע דיסציפּלין איז ווייניק, זיי האָבן דעריבער צוגעגעבן צו איר די דיס־ציפּלין פון רעליגיעזן געזעץ פון ריטואַל. די פרושים האָבן אומאויפהער־

לעך געשמידט איין אייזערנעם פאַנצער פון דינים, וועלכער זאָל נישט מורא האָבן פאַר די פיילן פון דער גריכיש־רוימישער קולטור" (דאָרטן באַנד 2 ז. 497).

ענלעכעס נאָר אויף אַ סך אַ מאָדערנערן אופן זאָגט טראוועס הער־פארד אין זיין אָפּהאַנדלונג "די אפעקט אָוו די פאָל אָוו דזשערוזאַלעם אָפּאָן די קהעראַקטער אָוו די פאַריסייס" (די ווירקונג פון דעם חורבן פון ירושלים אויפן כאַראַקטער פון די פּרושים). פאַרוואָס אין דעם פאַל זאָל טראוועס הער־פארד זיין מער אידיש אין זיין דענקען פון דובנאָוו'ן איז ווירקלעך אַ חידוש . . .

אויסלאָזנדיק זיין אַביסל צו פאַרעלטערטן שטאַנדפּונקט און זיין ראַ־ציאָנאַליזאַציע, אַז די פּרושים האָבן אַלץ באַשטימט אויף אַ באַוואוסטזיניקן אופן, איז דובנאָוו גערעכט אין זיין מיינונג אַז די אַבסטראַקטע עטיק אַליין איז ניט געווען גענוג צו קענען אָנהאַלטן די גאַנצקייט און אייגנאַרטיקייט פון אידישן פאָלק אונטער די לויזע און זייער ניט צופרידענע פּאָליטישע באַדינגונגען פון יענער צייט. די צוימען פונם שטרענגען ריטואַל זיינען גע־ווען אַ נויטווענדיקער באַדינג פאַר דער אויפגאַבע. ווי ס'איז אָבער פריער אָנגעוויזן געוואָרן איז דער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס אין דער תּלמודישער ריכ־טונג פאָרגעקומען אויף אַ נאַטירלעכן אופן און איז באַשטאַנען אין דער פאַר־מירונג פונם אידישן שטייגער לעבן. דובנאָוו זאָגט ווייטער אויף אַ צווייטן אָרט, אַז אין דער צייט פון הורדוס'עס מהומה און שפּעטער, פלעגן די פּרושים "זיך האַלטן אין אַ זייט פון דער אויסערלעכער פּאָליטיק און האָבן זיך איינגאַנצן געווידמעט דער געזעלשאַפטלעך־גייסטלעכער באַפעסטיגונג פונם יודאַאיזם — דורך פאַנאַנדעראַרבעטן די רעליגיעזע געזעצגעבונג, און ווי עס פאַסירט געוויינטלעך, איז דער מיטל מיט דער צייט געוואָרן דער ציל פאַר זיך. אַ סך פּרושים זיינען פון פּראַקטישער געזעצגעבונג איבערגעגאַנגען צו ריין טעאָרעטישער אַרבעט אויפן געביט פון געזעץ און רעכט. וואָס ווייטער מען איז געווען פון פּאָליטישער טעטיקייט, אַלץ מער האָט דער טיף פון פּרושי־טעאָרעטיקער פאַרשלונגען דעם פּרושי פּראַקטיקער. עס בילדן זיך אויס אַ טיפּ לעגיסטן, וואָס ווירקן אונדירעקט אויף דער געזעלשאַפטלעכער אָרד־נונג אַ דאַנק זייער אויטאָריטעט פון געזעץ קענער" (דאָרטן 290). ער זאָגט ווייטער, אַז אין הורדוסעס צייט איז דער סנהדרין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין הויף ראָט און ער ציט דעם שלוס, אַז "אַזוי ווי די פּרושים האָבן זיך געהאַלטן ווייט פונם קעניגלעכן הויף, האָבן זיי אין יענער צייט מסתּמא ניט גענומען קיין אייגנטייל אין דעם רעגירונגס סנהדרין. די אייגנאַרטיקייט פון זייערע געלערנטע פאַרשער — די געזעץ־אויסטייטשער, האָט מחמת דעם געמוזט זיך קאָנצענטרירן אין אַ באַזונדער אינסטיטוציע. אַזוי איז אַנטשטאַנען די געלערנטע קאָלעגיע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט באַאַרבעטן פראַגן פון דער אידישער געזעצגעבונג אויפן סמך פון דער הייליקער קאָנסטיטוציע— פון דער תּורה און פון די הוספות פון "תּורה שבעל פּה". די דאָזיקע קאָלעגיע האָט זיך באַטראַכט פאַרן אמת געזעצלעכן סנהדרין, צום אונטערשייד פונם רעגירונגס־ראָט מיטן זעלבן נאָמען. די אָנפירער פון דער קאָלעגיע זיינען לכתּחילה געווען שמעיה און אבטליון און שפּעטער זייערע נאָכפאָלגער הלל און שמאי." (ז. 292).

ווי ס׳זעט אויס האָבן אין יענער צייט ווירקלעך עקזיסטירט צוויי גע־זעצגיבערעשע קערפּערשאַפטן מיטן זעלבן נאָמען סנהדרין. איין קערפּער־שאַפט איז געווען אַ פּאָליטישע, די צווייטע קערפּערשאַפט איז געווען אַ רע־ליגיעזע (זע ס. צייטלין "וואו קראַסיפייעט דזשיזוס." קאַפּ. 5 "די טו סנהדרינס"). וויכטיק איז, נאַטירלעך, דער אויפטו פונם רעליגיעזן סנהדרין און דערהויפּט פון הלל׳ן, ווי זיינע זיבן כללים פון דרוש און זיין אַלגעמיין עטי־שע אינטערפּרעטאַציע פון דער תורה. פון די תקנות, וואָס ווערן צוגעשריבן צו יענער צייט, קען מען זען, אַז די פּרושים און די תנאים נאָך זיי, האָבן זיך נישט גערעכענט מיטן אות פון דער תורה, נאָר מיט איר גייסט, אַז פּאַקטיש האָבן זיי ניט געלערנט די תורה, נאָר זיי האָבן זי אַזוי אויסגעטייטשט, אַז זיי האָבן געשאַפן תורה . . . זיי האָבן זי אינטערפּרעטירט לויט די לעבנס נויטן און ניט לויטן געשריבענעם וואָרט.

אַ דאַנק אָט דער גייסטיקער אַקטיוויטעט האָט זיך אַנטוויקלט אַ גייס־טיקע אַריסטאָקראַטיע, וואָס איז געוואָרן אַ זעלבסשטענדיקע גייסטיקע קראַפט אומאָפּהענגיק פונם ריטואַל אין בית המקדש, וואָס האָט געשאַפן אויסער אים און האָט געקענט אָנפירן אַ זעלבסטשטענדיקן לעבן אָן אים.

טרעוועס הערפאָרד זאָגט: "די פּרושים, ווי אַ קלאַס, האָבן געהאַט אַ זייער קליינעם חלק אין דער פּירונג פון בית המקדש סיסטעם, כאָטש דער ריטואַל איז אויסגעפירט געוואָרן לויט זייער בליק. דער ריכטיקער צענטער פון זייער רעליגיעזן לעבן איז געווען דער בית המדרש און די שול און ניט דער בית המקדש. זיי האָבן אַנטוויקלט אַ פאָרמע פון רעליגיע, וואָס האָט געקענט עקזיסטירן אָן אַ לאָקאַלן טעמפּל, אָן אַן אויסערלעכן ריטואַל און אָן אָפיציעלע גייסטלעכע: — אַ פאָרמע פון רעליגיע, וואָס האָט ניט געלייגט איר הויפּט געוויכט אויף "אויסערלעכע און דעקאָראַטיווע פאָרמען", נאָר אויף "אינערלעכן און גייסטיקן געניוס". דערפאַר, זאָגט ער ווייטער, "האָבן זיי געקענט איבערלעבן דעם חורבן און אָנהאַלטן זייער ווייטערדיקן גייסטיקן לעבן. ווען מען האָט געפרעגט ביי יוחנן בן זכאי וואָס וועט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון קרבנות און פון מכפּר זיין אויף זינד, האָט ער געענטפערט תפילה און צדקה וועלן פאַרנעמען דעם פּלאַץ פונם בית המקדש ריטואַל" (דאַרטן).

אָט די דאָזיקע גייסטיקע מעטאַמאָרפאָזע האָבן די אידישע געלערנטע און גייסטיקע פירער, דורכגעמאַכט אין דער צייט, ווען די אידן האָבן נאָך געהאַט זייער כלומרשטדיקע זעלבסטשטענדיקייט און דערפאַר האָבן זיי גע־קענט איבערלעבן די קאַטאַסטראָפע פון דער צושטערטער היים מיטן בית המקדש און בלייבן לעבן און אָנהאַלטן שאַפן ביזן היינטיקן טאָג.

אויף דער באַוואוסטער לעגענדע וועגן יוחנן בן זכאי׳ס ארויסגנבענען זיך פון ירושלים און ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר וועספּאַסיאַנען (וועלכער איז שוין פאַקטיש אין יענער צייט געווען אין רוים און טיטוס איז געווען דער מיליטערישער פירער) און דער לעצטער האָט אים געפרעגט, וואָס ער פאַרלאַנגט און זיין ענטפער איז געווען, אַז ער פאַרלאַנגט די דער־לויבעניש צו עפענען אַ שול אין יבנה און לערנען תורה, קאָמענטירן גע־שיכטע שרייבער, אַז דער שטאָלצער רוימער, וועלכער האָט פאַרשטאַנען נאָר איין תורה און דאָס איז געווען ווי צו פירן מלחמה און ווי צו הערשן איבער פעלקער (נאַטירלעך שאַפן געזעצן און אַז. וו.) האָט געמוזט קוקן מיט

ביטול אויפן אַלטן "בטלן", פאַר וועמען תורה האָט געמיינט לערנען לשמה . . .
ווען אָבער דער שטאָלצער רוימער וואָלט אויפגעשטאַנען איצט פון קבר און וואָלט אויסגעפונען, אַז זיין שטאָלצע אימפּעריע ליגט שוין אין אַש באַלד 1500 יאָר און די אידן לערנען נאָך אַלץ תורה, וואָלט ער געזען, אַז דער "בטלן" האָט געהאַט מער פאַרשטאַנד פון אים . . .

עס איז איצט זייער שווער צו נאָכפאָלגן דעם פּראָצעס ווי אַזוי צו לערנען ווי אַ מיטל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אויף לערנען ווי אַ צוועק פאַר זיך. די תורה שבעל פה איז פאַרשריבן געוואָרן מיט הונדערטער יאָרן שפּעטער, ווי די צו וועמען זי ווערט צוגעשריבן, האָבן געלעבט. לײַדער זײַנען די אַלע, וואָס האָבן איבערגעגעבן מינדלעך די לערע איינער צום צווייטן, געווען קנאַפּע היסטאָריקער; זיי האָבן זיך נישט גערעכנט ניט מיט צייט און ניט מיט פּלאַץ און האָבן צוזאַמענגעמישט מענטשן, פאַקטן מיט לעגענדעס אויף אַזאַ אופן, אַז ס'איז זיך שווער אין דעם צו אָריענטירן און אָפּטיילן די פאַקטן פון די לעגענדעס. זאָגט הערפּאַרד "געוויס לייענען מיר וועגן דעם בית שמאי און דעם בית הלל פון דער צייט פון אָנהויב פון דער איצטיקער ערא, מען דערקלערט אונדז, אַז די דאָזיקע צווישן זיך דעבאַטירענדע שיטות האָבן זיך געהאַמפּערט וועגן דער אינטערפּרעטאַציע פון דער תורה. אָבער ווי ווייניק האָט צו אונדז דערגרייכט דאָס, וואָס קען אפילו צוגעשריבן ווערן צו הללן, וועמעס רעפּוטאַציע איז געווען אַזאַ הויכע און וועמענס ווירקונג איז אָן צווייפעל געווען אַ גאָר גרויסע און ווער ווייס אויף וויפיל ווייניקער מיר קענען עפּעס צושרייבן צו שמאי'ן, אָדער אפילו צו זייערע גרויסע נאָכפאָלגער, אַלץ דאָס, וואָס האָט צו אונדז דערגרייכט אין זייער נאָמען. "אָבער", זאָגט ער "וועגן יוחנן בן זכאי האָט אָנגעהויבן צו לערנען אין יבנה, איז הגם ער האָט געוויס אָנגעהאַלטן דאָס לערנען ווי פריער, האָט עס איצט געהאַט אַן אַנדער באַדייטונג און אַן אַנדער ווירקונג. די ישיבה אין יבנה און שפּעטער די ישיבות אין אַנדערע שטעט, האָבן דורך שווערער אַרבעט און טיפן דענקען, געשאַפן אַ גרויסן אוצר פון פּאָזיטיווע באַגריפן, וועלכע האָבן דערקלערט גאָטס ווילן (ווי ער האָט זיך אַנטפּלעקט אין דער תורה) אין שייכות צו יעדער פאַסירונג פון טאָג טעגלעכן לעבן" (דאָרטן).

געניי קען מען טאַקע ניט וויסן ווי ס'איז פאָרגעקומען די ענדערונג, אַז אַ מיטל זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ צוועק און ווי אַזוי נייע "אינטערפּרעטאַציעס", וואָס זיינען פאַקטיש באַשטאַנען פון זעלבסטשטענדיקע שאַפונגען האָבן זיך ביסלעכווייס אַנטוויקלט. עס איז אָבער זיכער, אַז מיט יוחנן בן זכאי האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי קאַפּיטל אינם אידישן דענקען און שאַפן. דאָס נייע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס לערנען תורה, וואָס פאַקטיש האָט עס געמיינט זי אויסטייטשן און אין איר אַריינבאַרענגען אַ ברייטערן און אייגנאַרטיקן מיין, איז געוואָרן דער זין און צוועק פונם אידישן לעבן גופא. דאָס לערנען תורה און פאָרשן איר מיין, האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון בית המקדש צערעמאָניעס, פונם פּאָליטישן מלוכה לעבן און אפילו פון ארץ ישראל גופא.

דאָס מיינט ניט, אַז די אידן האָבן פאַרגעסן אין זייער פריערדיקן לעבן און אין זייערע אינסטיטוציעס, פאַרקערט, די אינטערעסן פון זייער פאַרגאַנגענעם לעבן זיינען געוואָרן דעם עצם פון זייער לימוד. אָבער זייער גאַנצע

גייסטיקע ענערגיע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אויף לערנען און אויסטייטשן און דאָס איז געוואָרן דער כוח, וואָס האָט אויפגעהאַלטן דאָס אידישע פאָלק ביזן היינטיקן טאָג.

דער צווייטער פּעריאָד האָט זיך אָנגעהויבן, ווען, ווי א. ה. ווייס גיט איבער, די מורא, אַז די תורה שבעל פּה זאָל נישט פאַרגעסן ווערן, א מורא, וואָס האָט דיקטירט יוחנן בן זכאיס אַלע האַנדלונגען, "האָט דורכגעדרונגען די הערצער פון די איבעריקע געלערנטע פון זיין דור און האָט אויפגעוועקט זייער גייסט, זיי זאָלן זוכן א וועג ווי אַזוי צו פאַרזיכערן די עקזיסטענץ פון דער תורה שבעל פּה, זי זאָל ניט פאַרגעסן ווערן און זאָל קענען ביישטיין אַנטקעגן אירע געגנער. די געלערנטע, וואָס זיינען פון דער קאַטאַסטראָפע געראַטעוועט געוואָרן, האָבן באַלד נאָכן חורבן אַזא וועג געפונען. די ערשטע זאַך האָבן זיי גענומען זאַמלען די הלכות, וואָס יעדערער האָט געהאַט אויפן קאָפּ, צוזאַמענשטעלן זיי אין א געוויסער אָרדנונג, כדי זיי זאָלן ניט פאַרגעסן ווערן. דערביי האָבן זיי זיך אָפּגעגעבן ניט נאָר מיט הלכות, וואָס זיינען גילטיק אין אַלע צייטן און אין אַלע ערטער, נאָר אויך מיט יענע הלכות, וואָס האָבן נאָכן חורבן ניט געהאַט מער קיין פּראַקטישע באַדייטונג . . . אַגב, כדי צו ענטקרעפטן די קעגנערשאַפט צו דער תורה שבעל פּה, האָבן זיי פאַר די וויכטיגסטע פּונקטן פון אַלע הלכות געזוכט צו געפינען א שטיצפּונקט אין דער געשריבענער תורה. צוליב דעם זיינען די דרוש מעטאָדן נאָך פיל מער ווי פריער פאַרבערייטעט געוואָרן . . . איר העכסטע מדרגה האָט די אויסברייטונג פון דרוש מעטאָדן דערגרייכט בא ר' עקיבא'ן און ר' ישמעאל'ן. עס האָט זיך זיי איינגעגעבן, דרשנ'דיק אויף זייער שטייגער די תורה, אָפּצולערנען פון איטלעכן פּאַסיקל איבער א וואָרט גאַנצע בערג הלכות. אויף אַזא אופן האָבן זיי באַ א גאַנצער מאַסע הלכות, וועלכע זיי האָבן פון פריער געהאַט בקבלה, אויפגעוויזן, אַז זיי שטאַמען פון תורות משה. פון איצטער אָן האָט זיך שוין די תורה שבעל פּה ניט גערעכנט פאַר א מין לערע פון די זקנים אָדער — ווי אירע קעגנער פלעגן זאָגן — עפּעס אַזוינס, וואָס מענטשן האָבן איינע די אַנדערע איינגערעדט. ווייבאַלד עס איז פאַר זיי באַוויזן געוואָרן, אַז זי האָט איר פונדאַמענט אין דער תורה, האָט זי ביי זיי אין די אויגן געקראָגן די זעלבע ווערדע, ווי די געזעצן און געבאָטן, וואָס שטייען אין דער תורה געשריבן . . . דאָס דרשנ'ען די תורה ווערט מיט אַמאָל אויסגעברייט ביז גאָר אָן א ברעג, עס דערגרייכט ניט נאָר סתם א העכערע מדרגה, נאָר די העכסטע פון זיין אַנטוויקלונג . . . מיר זעען דאָ פאַר אונדזערע אויגן אָט וואָס: מיט זייער פאַרלאָרן גיין פון זייער צייטווייליקער נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט איז ביי זיי די גייסטיקע ירושה, וועלכע זיי האָבן געהאַט פון זייערע עלטערן, ניט געגאַנגען פאַרלאָרן. פאַרקערט: איצט גראַד האָבן זיך אַלע בעסטע קרעפטן פאַראייניקט כדי די ירושה צו איינפונדעווען, באַפעסטיקן איר אונטערהאַלט, אויפהויבן איר פּרעסטיזש און פאַרהייליקן זי. די תורה שבעל פּה איז ביי זיי געוואָרן דאָס העכסטע ציל, אין וועלכן עס זיינען געווען פאַרטאָן זייערע געדאַנקען. אויף דעם האָבן זיי געאָפּפערט זייער אייגענס, אויף דעם האָבן זיי אָפּגעגעבן זייערע גאַנצע קרעפטן און זייער לעבן. די תורה איז געוואָרן זייער האָפענונג, אין איר האָבן זיי געזען זייער רוהם. דער וואונטש צו קולטיווירן די תורה, פאַרהיטן זי פון אַלע בייזע אָנשיקענישן וואָס די צייט ברענגט, פון

די שטיינער, וואָס קעגנער לייגן אָפּטמאָל אין וועג, אָט דער וואונטש איז ביי זיי דעמאָלט געוואָרן אַזוי שטאַרק און פעסט, אַז מיר געפינען ניט קיין גלייכן צו דעם ניט אין די פריערדיקע, ניט אין די שפּעטערדיקע צייטן" (זע דאָרטן באַנד 2 ז. 672־673).

דער אויסצוג איז געבראַכט געוואָרן דערפאַר, וואָס א. ה. ווייס באַשטעטיקט דאָס, וואָס איז נאָר וואָס געזאָגט געוואָרן וועגן דער ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין אידישן דענקען און אין לעבן פון יענער צייט. דער עיקר איז ער ציטירט געוואָרן דערפאַר, וואָס ער ברענגט אַזוי בולט אַרויס ווי דער טראַנספאָרמאַציע און דער סובלימאַציע פּראָצעס איז פאָרגעקומען, ווי דאָס לערנען, תפילה טאָן און טאָקע אויך מעשים טובים, האָבן ביי די אידן פאַרנומען דעם פּלאַץ פון די פריערדיקע סאָציאַל־פּאָליטישע און רעליגיעז צערעמאָניאַלע אינטערעסן.

ווען מען נעמט די דאָזיקע טראַנספאָרמאַציע און סובלימאַציע פּסיכאָלאָגיש און מען באַטראַכט דעם פּראָצעס אין דער ליכט פון דער צייט, ווען ער איז פאָרגעקומען; ווען מען האָט אין זינען, אַז אין אָט דער צייט, ווען די אידן האָבן ממש געאָטעמט מיט לערנען און אויך שאַפן תורה, אין דער צייט ווען זיי האָבן פריער געשאַפן די משנה און נאָכדעם די גמרא, האָט דער אַנטוויקלענדער קריסטנטום זיך באַשעפטיקט מיט "ענדערן די וועלט" און זי באַטראַכטן פון שטאַנדפּונקט פון "יענער וועלט" וואָס אין דער ווירקלעכקייט האָט עס געמיינט צו פאַרניכטן אַלע קולטור אוצרות, אויף וועלכע ער האָט נאָר געקענט אַרויפלייגן זיינע הענט; ווען מען נעמט דאָס אין אַנבאַטראַכט, קען מען זאָגן מיט רעכט, ווי איינזייטיק די אידישע שאַפונגען פון יענער צייט זיינען ניט געווען, זיינען זיי געווען דער איינציקער ליכטיקער שטראַל אויפן פינצטערן האָריזאָנט פאַר יאָהרהונדערטן. דאָס גיבן איצט צו אפילו קריסטלעכע פאָרשער.

אין יענער צייט, ווען די קריסטן האָבן געהאַלטן אין איין אַנטלויפן פון לעבן און א סך האָבן זיך אפילו פאַרפייניקט צום טויט דורך הונגער אום אויף דעם אופן צו דערגרייכן דעם "מלכות שמים", האָבן די אידן זיך באַשעפטיקט מיט א לערע פון לעבן און וועגן לעבן. דאָס באַשטעטיקט אַזאַ גוטער קריסט, ווי ריינאַלד ניעבער ווען ער זאָגט "עס דאַרף אונטערשטראָכן ווערן, אַז אין דער אידישער רעליגיע האָט דער טראַנסצענדענטאַלער גאָט ניט געמיינט צו אַנטלויפן פון כאַאָס פון דער וועלט. די וועלט איז פאַר זיי ניט געווען זינלאָז און ס'איז פאַר זיי ניט געווען נויטיק צו אַנטלויפן אין אַן איבערנאַטירלעכער וועלט אום צו ראַטעווען זיך פון פאַרצווייפלונג . . . דער אידנטום האָט ניט אַזאַ אונטערשייד ווי ריינע פאָרמע און פאַקטישע עקזיסטענץ, טוגנהאַפטער שכל און זינדיקער קערפּער" (זע "סייענס, פילאָסאָפיע ענד רעלידזשאַן" דריטע סימפּאָזיום ז. 271).

אין דער ליכט פון דער צייט און פון דער הערשענדער טענדענץ אין דער צייט, דאַרף מען נעמען די אידישע שאַפונגען פון יענער צייט. נעמט מען זיי אין אָט דער ליכט, איז ניט קיין אונטערשייד צו זיי באַשטייען פון א "ביצה שנולדה ביום טוב", פון אַ "השלח גט במדינות הים", אָדער פון אַ "שנים אוחזין בטלית" און אַז. וו. . . אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס ס'איז אין יענער צייט פאָרגעקומען אין דער אויסערלעכער וועלט, זיינען דאָס געווען

אַזויסן אין דער מדבר . . .

דאָס נאָר וואָס געזאָגטע קלינגט ווי אַפּאָלאָגעטיק און אין אַ געוויסן זינען איז עס אַפּאָלאָגעטיק; די פֿראַגע איז צו אינעם תלמוד איז פֿאַראַן דער פֿונדאַמענטאַלער עפּעס, וואָס פֿאַרמירט דעם פֿונדאַמענט פֿונעם תנ״ך? אויף דער פֿראַגע איז אינעם לעצטן קאַפּיטל געענטפֿערט געוואָרן מיט יאָ אין באַצוג צו דער פֿונדאַמענטאַלער טענדענץ פֿונעם אידישן דענקען און מיט ניין וואָס אַנבאַלאַנגט דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פֿונעם וויטערדיקן אידישן שאַפֿן.

אין דעם קאַפּיטל איז געמאַכט געוואָרן אַ פֿאַרזוך צו דערקלערן דעם יאָ מיטן ניין. אויב דער דאָזיקער פֿאַרזוך איז ניט קיין צופֿיל געלונגענער, איז די איינציקע פֿאַרטיידיגונג, וואָס דער מחבר האָט די, וואָס ער איז גע־צוואונגען צו קעמפֿן מיט געבאָרגטע וואָפֿן: — ער דאַרף ציטירן, דאָס וואָס אַנדערע זאָגן און דאָס ציטירטע דערגאַנצען מיט אַלגעמיינע באַמערקונגען . . . עס איז אָבער אויך שולדיק דער כאַראַקטער פֿונעם תלמוד, וואָס ווערט מיט רעכט אָנגערופֿן אַ ים. אפֿילו דער גרעסטער בקי אין תלמוד מוז זיך באַנו־גענען מיט אַלגעמיינע באַמערקונגען, רעזומירן דעם תלמוד קען מען ניט. אפֿילו דובנאָוו טוט עס. אין זיין פֿילאָזאָפֿישער עסיי וועגן געשיכטע זאָגט ער וועגן דעם תלמודישן פּעריאָד ״אין אָט דער אומענדלעכער פֿינצטערער נאַכט פֿון דער מיטעלאַלטער איז די ליכט פֿון געדאַנק גענערט און געהיט גע־וואָרן בלויז פֿון די אידן. דערפֿאַר דאַרף מען זיך נישט חידושן, וואָס זיי האָבן ניט געטראַכט פֿון קיין אַנדערע נאַציאָנען און זיי האָבן גענוצט די ליכט פֿאַר זיך אַליין . . .

דערפֿאַר איז ווען די אידן זיינען באַרויבט געוואָרן פֿון זייער פּאָלי־טישער היים, האָבן זיי געשאַפֿן אַ גייסטיקע היים פֿאַר זיך אַליין. אַ דאַנק דעם, וואָס זיי האָבן געדאַרפֿט אויספֿאָלגן די אַלע רעליגיעזע רעגעלן, וואָס דער תלמוד האָט פֿאַר זיי געשאַפֿן און וועלכע האָבן פֿאַרמירט זייער אינדיווי־דועלן אַזוי גוט ווי זייער געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, זיינען זיי פֿאַראייניקט גע־וואָרן אין אַ פֿעסט־פֿאַרבונדענער גאַנצקייט. דער אידישער גייסט — דער נאַ־ציאָנאַלער געפֿיל אַזוי גוט ווי דער אינדיווידועלער גייסטיקער שטרעבן — איז פֿאָלשטענדיק באַשעפֿטיגט געוואָרן מיט דעם שטרעבן פֿאַר פֿאַראייניגונג. די קאָפּ, דאָס האַרץ, די הענט, אַלע זיינע מענטשלעכע פֿונקציעס, האָט דער איד אונטערגעוואָרפֿן אונטער איין קאָנטראָל און האָט זיי געגעבן אַ פּיקסירטע פֿאָרמע אין די דאָזיקע פֿינף הונדערט יאָר אַרבעט. מיט פֿיינלעכער פּינקטלעכ־קייט האָט דער תלמוד אָנגעצייכנט אַלע רעגולאַציעס פֿאַר אַלע פֿאַסירונגען פֿון לעבן און ער האָט אין דער זעלבער צייט געגעבן גענוג שפּייז דעם מאַרך און דעם האַרץ. ער איז באַשטאַנען אי פֿון אַ רעליגיע, אי פֿון אַ וויסנשאַפֿט. דער איד איז פֿון אים באַזאָרגט געוואָרן מיט אַלע נויטיקייטן פֿון לעבן״ (זע ״דזשוּאיש היסטאָריע״: אַן עסיי אָוו די פֿילאָסאָפֿיע און היסטאָריע״ זז. 102־104).

דובנאָוו האָט געשריבן זיין פֿילאָזאָפֿישע עסיי איידער ט. הערפֿאַרד, דזש. פֿ. מור און אַז. וו. האָבן געוואָרפֿן אַ נייע שיין אויף די אויפֿטועכגען פֿון די פּרושים און פֿון די תנאים. זיין שטאַנדפּונקט איז אַביסל אַ פֿאַרעלטערטער. אין אַלגעמיין אָבער איז זיין אָפּשאַצונג פֿון תלמודישן פּעריאָד אַ ריכטיקע.

די תנאים און אמוראים, האָבן פּאַקטיש געדאַרפֿט שאַפֿן אַ פּראָגראַם

פאַר דער פירונג פון דעם טאָג־טעגלעכן לעבן פון די אידן און אויך געבן א אינהאַלט דעם לעבן. די דאָזיקע אידישע גייסטיקע פירער האָבן געדארפט זיין רעאַליסטן לויט דער צייט און לויט די באַדינגונגען און ניט קיין פריידיקער פון אידעאַלן.

ווען מען זעט, אז זיי באַשעפטיקן זיך מיט כשר און טריף, פליישיק און מילכיק, מיט כתובות און מיט גט'ן, דארף מען אין זינען האָבן, אז אין דעם איז באַשטאַנען דער אינהאַלט פונם אידישן לעבן פון זייער צייט. דער דאָזיקער אינהאַלט, וואָס מאכט אָפט א מאָדנעם איינדרוק אויף א מאָדערנעם מענטשן, האָט געראַטעוועט דאָס אידישע פאָלק פון אונטערגאַנג און צי באוואוסטזיניק, אָדער ניט־באַוואוסטזיניק, האָבן די שאַפער פונם תלמוד זיך באַשעפטיקט מיט דער נויטיקער רעטונגס ארבעט. און נאָך דעם אלעמען, איז ווען מען נעמט זייערע שאַפונגען אין דער ליכט פון אזוינע פאָרשער ווי דזש. פוט מור, ל. גינצבערג און אז. וו. זעט מען, אז זיי זיינען באזירט אויף די זעלבע עטישע באַגריפן, וואָס די נביאים האָבן געפריידיקט, זיי ווערן נאָר ארויסגעזאָגט אויף אן אנדער אופן און זיינען צוזאַמענגעמישט מיט פראקטישע ענינים. געוויס זיינען זיי ניט געווען קיין נביאים, זיי האָבן ניט געדונערט מיט קיין אבסטראַק־טע מאָראַלע אידעאַלן אינם נאָמען פון א מאָראַלן איינהייטלעכן גאָט, זיי האָבן עס אָבער אויך ניט געדארפט זיין, ווען דער מאָראַלער גאָט איז געוואָרן דער אינערלעכער טייל פון זייער לעבן, דענקען און פילן. מען האָט א רעכט צו זאָגן, אז פאר זיי זיינען די אידעאַלן פון די נביאים געווען זעלבסטפאַר־שטענדלעך; זיי האָבן נאָר געדארפט געפינען א מעטאָד ווי זיי דורכצופירן אויף א פראַקטישן אופן. דערפאַר האָבן זיי זיך באַשעפטיגט מיט וואָכעדיקע טאָג טעגלעכע ענינים, וואָס פאקטיש איז עס געווען מיט תורה, עבודה ומעשים טובים.

דאָס פירט צו דער גייסטיקער אטמאָספערע, וואָס איז ארייגעפירט געוואָרן אינם אידישן לעבן פריער מיטן שאפן דעם תלמוד און נאָכדעם מיט לערנען, פאָרשן און אינטערפּרעטירן דעם תלמוד. די דאָזיקע אטמאָספערע האָט געגעבן דעם אידישן פאָלק א ספּעציעלן כאראקטער, ער איז געוואָרן אן עם הספר, אַ פאָלק, וועמענס פונדאַמענטאַלער אינטערעס אין לעבן איז לערנען און פאָרשן די הייליקע ספרים. די דאָזיקע גייסטיקע אטמאָספערע איז אַ יש פאר זיך אן אונטערשייד אין וואָס דער אינהאַלט פונם לערנען און פאָרשן איז באַשטאַנען. די ישיבות זיינען געוואָרן די וויכטיקסטע אינס־טיטוציעס פארן אידישן פאָלק אין זיין גאנצער ווייטערדיקער געשיכטע. דאָס לערנען, וואָס זיי האָבן פארפלאנצט אין די מחות פון די אידן, איז געוואָרן זייער חיות פאר זייער גאנצן לעבן. דער אויפטו לאָזט זיך ניט מעסטן און וועגן, עס וועט אָבער ניט זיין איבערטריבן צו זאָגן, אז ער שטייגט אריבער יעדע מאָס און יעדע וואָג גאַנץ איינפאַך דערפאַר, וואָס די גייסטיקע אַמאָספע־רע איז געוואָרן די לופט פאַרן אידישן לעבן.

די אידן זיינען אין אלגעמיין ניט געווען קיין פילאָזאָפן און דער תלמוד ענטהאלט ניט קיין פילאָזאָפיע. ווען מען נעמט אָבער דעם טערמין פילאָזאָפיע אינם זין פון אָריענטאלע דענקער, אז פילאָזאָפיע באשטייט פון א שטייגער לעבן, קען מען זאָגן, אז די מאָראַלע און גייסטיקע ווערטן אין אלגעמיין, וואָס האָבן באהערשט דעם אידישן שטייגער לעבן, זיינען געווען א

רעזולטאַט פון דער ווירקונג פריער פון די שאַפער פונם תלמוד און שפּעטער פונם לערנען און אינטערפּרעטירן דעם תלמוד.

ווען דער תלמוד האָט אין אַלגעמיין געהאַט די גייסטיקע ווירקונג אויפן אידישן לעבן, וואָס אפילו קריסטלעכע פאָרשער גיבן איצט צו, אַז ער האָט געהאַט, איז אינגאַנצן ניט נויטיק צו ברענגען קיין ציטאַטן פונם תלמוד, אַז זיי זאָלן אין דעם איבערצייגן; די באַווייזן פונם אידישן היסטאָרישן לעבן, וואָס האָט זיך לכל הדעות געגערט אויפן תלמוד, זיינען דער בעסטער עדות, אַז ער האָט געהאַט די ווירקונג, וואָס ווערט צו אים צוגעשריבן. קיין מער איבערצייגנדע עדות קען מען ניט האָבן.

דערמיט וואָלט מען אייגנטלעך געקענט פאַרענדיקן דאָס קאַפּיטל. עס בעטן זיך אָבער פאַרט עטלעכע פּאַקטישע באַמערקונגען. אמת דער תלמוד איז אַזוי פאַרשיידנאַרטיק לויט זיין אינהאַלט, אַז מען קען אין אים געפינען וואָס מען וויל נאָר; מען דאַרף אָבער אונטערשיידן צווישן אַ צופעליקער באַמערקונג פון אַ תנא, וואָס ער האָט געמאַכט אונטער דער ווירקונג פון מאָמענט און וואָס וואָלט זיך ניט געפונען אינעם תלמוד, ווען ער וואָלט געווען געהאַט אַ גוטע רעדאַקציע און אַ מיינונג, וואָס כאַראַקטעריזירט דעם אידישן אַרט דענקען. פאַרשטייט זיך, אַז די לעצטע וועלן געבראַכט ווערן.

עס איז די אַלגעמיינע מיינונג פון תלמוד פאָרשער, אַז הלל האָט מער באַווירקט דעם תלמוד פון וועמען עס איז, וועלן עטלעכע פון זיינע מאָטאָס געבראַכט ווערן. עס ווערט צו אים צוגעשריבן, אַז ער האָט געזאָגט: ״טו ניט צו קיין צווייטען, דאָס וואָס דו וואָלסט ניט געוואָלט, אַז יענער זאָל דיר טאָן.״ אַזוי ווי ער האָט געלעבט פאַר ישו הנוצרי, איז ניטאָ זיך מיט וואָס צו יחוסן מיט אַן ענלעכן אויסדרוק, וואָס ס׳ווערט צוגעשריבן צום לעצטן כאָטש דער לעצטער איז דאָך נאָך אַלעמען אויך געווען אַ איד און האָט גענומען זיינע באַגריפן פונם אידישן דענקען. זיין צווייטע מאָטאָ איז געווען: ״דער וואָס זוכט זיין נאָמען צו גרויסן פאַרלירט זיין נאָמען, דער וואָס פאַרמערט ניט (זיין קענטעניש) פאַרמינדערט (זי)״, און זיין דריטע מאָטאָ: ״אויב איך אַליין בין ניט פאַר זיך, טאָ ווער איז פאַר מיר? און ווען איך בין בלויז פאַר זיך, וואָס בין איך? און אויב ניט איצט איז ווען?״ און ווייטער, זיין פערטע מאָטאָ: ״זונדער זיך ניט אָפּ פון כלל. — זיי ניט זיכער אין זיך ביז דעם טאָג פון דיין טויט, אורטייל ניט דיין מיט־מענטשן ביז דו וועסט ניט זיין אויף זיין פּלאַץ.״

וועגן יוחנן בן זכאי איז ניט נויטיק צו ברענגען וואָס ער האָט געזאָגט, דאָס, וואָס ער האָט געטאָן רעדט העכער פאַר ווערטער. עס איז געוויס געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר אים צו זאָגן: ״אויב דו האָסט געלערנט פיל תורה גיב זיך ניט קיין דאַנק דערפאַר, דען דערויף ביזטו געשאַפן געוואָרן״.

אַן ענלעכע מיינונג האָט געהאַט רבי אליעזר בן עזריה: ער האָט געזאָגט: ״וואו עס איז ניטאָ קיין תורה, איז אויך ניטאָ קיין מענטשלעכקייט . . . און וואו ס׳איז ניטאָ קיין קענטעניש, איז ניטאָ קיין פאַרשטאַנד.״ און רבן גמליאל האָט געזאָגט: ״מאַך דיין ווילן זיין (גאָטס) ווילן, כדי ער זאָל מאַכן דיין ווילן זיין ווילן; זיי מבטל דיין ווילן צוליב זיין ווילן, כדי ער זאָל מבטל זיין דעם ווילן פון אַנדערע צוליב דיין ווילן.״

פון די אויסצוגן, וואָס ענלעכע צו זיי וואָלטן געקענט געבראַכט ווערן

אָן א שיעור, קען מען זען ווי די תנאים האָבן אין זייער דענקען פאַראייניקט די מאָראַל פון די נביאים מיט די פּראַקטישע עצות פון דער חכמה ליטעראַטור און זיי האָבן דעם סינטעז געגומען פאַר זייער וועג־ווייזער אינם טאָג טעג־לעכן לעבן.

נאָך הלל און יוחנן בן זכאי, איז רבי עקיבא דער פּאָפּולערסטער תנא. אים ווערט צוגעשריבן, אַז ער האָט געזאָגט "אַלצדינג ווערט פאַראויסגעזען, אָבער פרייהייט איז געגעבן (יעדן איינעם)." דער אידישער באַגריף, אַז דער מענטש באַזיצט א פרייעם ווילן צו האַנדלען ווי ער וויל, אונטערשיידעט דעם אידנטום פונם קריסטנטום (דער קריסטלעכער באַגריף וועט באַטראַכט ווערן אין פאַרבינדונג מיט אויגוסטינען. ער האָט אינם קריסטנטום אריינגעבראַכט דעם רוימישן הערשער און שקלאַף באַגריף). סאַלאָמאָן שעכטער ברענגט א לעגענדע פון מדרש, אַז "ווען גאָט האָט באַשאַפן די וועלט, האָט ער אויפן צווייטן טאָג באשאפן די מלאכים מיט זייער נאַטירלעכער נייגונג צו טאָן גוטעס און זיי קאָנען פאַר קיין פאַל ניט זינדיקן. מיט א טאָג שפּעטער האָט ער באַשאַפן די חיות מיט זייערע אויסשליסלעכע חיה'שע פאַרלאַנגען. די צוויי עקסטרעמען האָבן אים אָבער ניט צופרידנגעשטעלט, אויב די מלאכים טוען מיין ווילן, האָט גאָט געזאָגט, איז עס נאָר דערפאַר, וואָס זיי קענען אַנדערש ניט האַנדלען. דערפאַר וועל איך שאַפן א מענטשן, וואָס וועט אין זיך איינ־שליסן די קאָמבינאַציע פון ביידן, אי פון מלאכים, אי פון חיות. ער וועט קע־נען טאָן גוטעס אָדער שלעכטעס לויט זיין אייגענער נייגונג." (זע "סאם אס־פּעקטס אָוו ראַביניק טעאָלאָדזשיע" ז. 81). די לעגענדע איז אַן אויסדרוק פונם אידישן באַגריף וועגן פרייעם ווילן.

דער מאָראַלער כאַראַקטער פונם תלמודישן דענקען דריקט זיך אָם בולטסטן אויס אין דער באַציאונג פון די תנאים צו פיזישער אַרבעט. די באַ־ציאונג מעג אָנגערופן ווערן א רעליגיעזע. עס ווערט געזאָגט: "א פיזישער אַר־בעטער איז וויכטיקער פון א גאָטספאָרכטיקן." עס איז אזוי אָנגעזאָגט געוואָרן די אידן צו אַרבעטן זעקס טעג, ווי צו רוען דעם זיבעטן טאָג, ווייל עס איז אָנ־געשריבן: "זעקס טעג ז א ל ס ט ו אַרבעטן און אויפן זיבעטן טאָג ז א ל ס ט ו רוען, דער וואָס אַרבעט ווירקט, אַז די שכינה זאָל רוען צווישן די אידן." מיט זיין אַרבעט איז דער מענטש א מיטשאַפער פון דער וועלט, ווייל ער העלפט דעם "קיום העולם." די בעסטע זאַך איז צו קאָמבינירן דאָס לערנען תורה מיט וועלטלעכער אַרבעט. די קאָמבינאַציע פאַרהיט פון זינד. לערנען און ניט אַרבעטן איז א פאַרלוסט, ווייל עס פירט צו זינד. לויט שעכ־טערן, פון וועמענס ווערק דאָס איז ציטירט, זיינען מער ווי א העלפט פון די רביים פונם תנאים פּעריאָד געווען באַלמעלאָכעס, ווי שניידער, שוסטער, שמידן און אז. וו.

די ציטאַטן נויטיקן זיך ניט אין קיין קאָמענטאַרן; זיי גיבן א באַגריף וועגן דעם גייסטיקן און מאָראַלן כאַראַקטער פון די אידישע לערער פון יע־נער צייט.

מיט נאָך א גרעסערן געפיל פון הייליקייט האָבן זיך די תנאים באַצויגן צו פאַמיליע לעבן, צו ברענגען קינדער אויף דער וועלט און זיי דערציען זיי זאָלן גיין אין גאָטס וועגן.

אין דעם צוגאַנג צו פאַמיליע לעבן איז פאַראַן א צווייטער וויכטיקער

אונטערשייד צווישן דעם אידנטום, ווי א שטייגער לעבן אויף דער וועלט און דעם פּאולישן און דערהויפּט, דעם אויגוסטינישן קריסטנטום. ווען דער אי־דענטום באשטייט פון א נאַטירלעכער אנטוויקלונג פון א פאָלק מיט א לעבנס שטייגער אין וועלכן מאָראַלע באַגריפן דאַרפן הערשן, האָט זיך דער קריס־טענטום אנטוויקלט מיט א נעגאַטיוון צוגאנג צום פאַמיליע לעבן. שוין פּאול האָט אין איינעם פון זיינע בריוו געשריבן צו זיינע נאָכפאָלגער, אז ס׳איז בע־סער זיי זאָלן, ווי ער, ניט הייראַטן און ניט פירן קיין פאַמיליע לעבן. שפּעטער איז צעלעבעסי און לעבן אָפּגעזונדערט פון דער וועלט אין א מאָנאַסטיר, אָדער גאָר אין א וואלד, געוואָרן דער העכסטער אידעאַל פונם קריסטנטום. טויזנטער, צענדליגער טויזנטער מאָנאַכן, באַקלאָגט זיך מיט פּאַרדרוס דער גלח מינס, האָבן זיך געצויגן אין די וועלדער אריין נאָך מיט צוויי הונדערט יאָר פאַר אויגוסטינען.

דער שפּעטערדיקער פאַרבאָט אויף הייראַט פון גייסטלעכע איז געווען א רעזולטאַט פון דער טענדענץ פונם קריסטנטום זיך צו אָריענטירן אויף ״יע־נער וועלט.״ די דאָזיקע ״הימעלשע״ אָריענטאַציע זעט מען בולט באַם זייער ערדישן אויגוסטינען, ווי ער האָט זיך זעלבסט באַקעמפט ביז דער ״הימל״ האָט געזיגט.

ווען מען נעמט דעם תלמודישן אידנטום אין דער ליכט פונם ענט־וויקלענדן קריסטנטום, זיינען די קריסטלעכע גייסטלעכע גערעכט, ווען זיי באַ־טיטלען אים מיטן נאָמען ״ערדישער.״ ער איז געווען ״ערדיש״, ער איז אָבער געווען גייסטיק לכל הדעות. ער איז באַשטאַנען אין לערנען תורה און אין דערקלערן די געזעצן פון דער תורה פון לעבן און וועגן לעבן. דאָס איז געווען דער עיקר פונם אידישן לעבן. דער דאָזיקער לעבן האָט אָבער געדאַרפט זיין א מאָראַלער, ווי דער מאָראַלער און אוניווערסאַלער גאָט האָט געבאָטן. אויך דאָס גיבן צו קריסטלעכע גייסטלעכע, ווי צום ביישפּיל, דער גייסטלעכער ג. ה. באקס ווען ער זאָגט ״פאַרן אידן איז ג אָ ט — דער ג אָ ט פון אברהם, יצחק און יעקבן, וואָס איז אויך דער שאַפער פון דער וועלט און דער פירער פונם אוניווערס — פונדאַמענטאַל א פּ ע ר ז ע נ ל ע כ ק י י ט, וואָס פאָדערט עטישע גערעכטיקייט. דער דאָזיקער באגריף וועגן גאָט איז א פונדאַמענטאַלער און ער איז קיינמאָל ביי זיי ניט פאַרטונקלט געוואָרן אפילו ניט דורך די קלענסטע קליינקייטן פון דער לעגאַליסטישער רעליגיע״ (זע ״אוירלי קריסטשיאַניטי ענד איטס רייוועלס״ ז. 58).

יאָ, איצט גיבן אפילו קריסטלעכע גייסטלעכע צו, אז דער תלמוד איז דער אויסדרוק פון דער זעלבער גייסטיקער טענדענץ פונם עטישן מאָנאָטע־איזם, ווי די פריערדיקע אידישע שאפונגען, אז ווי די תורה און ווי די נביאים, באַשטייט ער פון אַ רינג פון דער קייט פון דעם גייסטיקן קאַמף פונם אידישן פאָלק פאַר זיין עקזיסטענץ.

# זוכצעטל



# תיקון־טעות:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ז. 47 | ש. 28 | לעוו ברועל'ס | דאַרף זיין | לעווי־ברועל'ס |
| ז. 48 | ש. 31 | איינטערפּרעטירט | " " | אינטערפּרעטירט |
| ז. 54 | ש. 14 | שוטפּדיקן | " " | שותפותדיקן |
| ז. 56 | ש. 30 | אוניוערסיטעט | " " | אוניווערסיטעט |
| ז. 71 | ש. 12 | טגלת | " " | דגלת (חדקל) |
| ז. 72 | ש. 23 און ז. 81 | קשדים | " " | כשדים |
| ז. 79 | ש. 16 | מכל המנים | " " | מכל המינים |
| ז. 96 | ש. 4 | עלפן | " " | עלפטן |
| ז. 100 | ש. 20 | רעלעקטיוון | " " | רעפלעקטיוון |
| ז. 110 | ש. 14 | דער געדאַנק | " " | דעם געדאַנק |
| ז. 119 | ש. 21 | פיטאראַרעער | " " | פיטאגארעער |
| ז. 140 | ש. 9 און ז.297 | למעלה מין השכל | " " | למעלה מן השכל |
| ז. 232 | ש. 43 | כאַראַקטעריססטיש | " " | כאַראַקטעריסטיש |
| ז. 305 | ש. 8 | תהילים | " " | תהלים |
| ז. 358 | ש. 39 | מעסיוס | " " | מעטיוס |
| ז. 362 | ש. 6 | אײַזיק הירש | " " | אייזיק הירש ווייס |
| ז. 379 | ש. 26 | תורות משה | " " | תורת משה |